שמעון דובנאָוו

# די נייַסטע געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק

באַנד II

די תקופֿה פֿון דער ערשטער רעאַקציע
און פֿון דער צווייטער עמאַנסיפּאַציע
(1880 – 1815)

ייִדיש: נ. שטיף

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט
היסטאָרישע סעקציע
ווילנע / 1938

דער דאָזיקער באַנד איז געוואָרן אויסגעזעצט און מאַטריצירט,
איידער עס זײַנען אָנגענומען געוואָרן די אויסלייג־תּקנות פֿון ייִוואָ

Żydowski Instytut Naukowy (Jiwo)
Yiddish Scientific Institute (Yivo)

S. DUBNOW

Historia powszechna narodu żydowskiego
w dziesięciu tomach,
tom IX: Okres pierwszej reakcji i drugiej emancypacji

World History of the Jewish People
in ten volumes,
vol. IX: The Period of the First Reaction and Second Emancipation

PRINTED IN POLAND
„Drukarnia Wydawnicza", Wilno, Kwaszelna 23

שמעון דובנאָוו

# וועלט-געשיכטע פֿון יידישן פֿאָלק

פֿון די עלטסטע צײַטן ביז צו דער הײַנטיקער צײַט

אין צען בענד

באַנד IX

## די נײַסטע געשיכטע (1789—1914)

די תּקופֿה פֿון דער ערשטער רעאַקציע
און פֿון דער צווייטער עמאַנסיפּאַציע

ביבליאָטעק פֿון ייִוואָ

ווילנע / 1938

# אינהאַלט:

## די תקופה ערשטע רעאַקציע (1848—1815)

### קאַפּיטל I. די פּאָליטישע רעאַקציע און דער שטרייט פאַר גלייכבאַרעכטונג אין דייטשלאַנד



### קאַפּיטל II. די רעפאָרמאַציע און די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פון יודאַאיזם.



### קאַפּיטל III. בירגערלעכע אונטערדריקונג און דער קולטור־שטרייט אין עסטרייך.

## קאפיטל IV. די סיסטעם אונטערדריקונג אין רוסלאנד.



## קאפיטל V. די קלענערע יידישע צענטרן אין אייראפע און אין אנדערע ערטער.



# די תקופה צווייטע עמאנסיפאציע (1881—1848)

## קאפיטל I. די עמאנסיפאציע און ווי זי איז אויסגעפירט געווארן אין דייטשלאנד.



## קאפיטל II. די עמאנסיפאציע אין עסטרייך-אונגארן

## קאַפּיטל III. דער איבערגאַנג צו רעפאָרמעס אין רוסלאַנד



## קאַפּיטל IV. די קלענערע יידישע צענטרן.



## הוספות



## ביבליאָגראַפיע

# קאַפּיטל I

# די פּאָליטישע רעאַקציע און דער שטרייט פאַר גלייכבאַרעכטונג אין דייטשלאַנד.

## § 1. די יידנפראַגע אויפן ווינער קאָנגרעס.

אַריבער דרייסיק יאָר האָט אַ שווערע פּאָליטישע רעאַקציע געהאַלטן אייראָפּע אין קלעמען אַקעגן די צוויי קרעפטן פון אַ תקופה פריער: אַקעגן דער רעוואָלוציע און נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט. „רעסטאַווראַציע", צוריק צום אַלטן — דאָס איז געווען דער געשריי פון דער תקופה, ס'ווערן צוריק די אַלטע מלוכות און לענדער, ס'זעצן זיך צוריק אויף די טראָנען די „געזעצלעכע" מאָנאַרכן און פירשטן אומעטום, וואו דער שטורם פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק און מיליטערישע אימפּעריע האָט זיי איבערגעקערט. אין דעם הייטל רעסטאַווראַציע איז שוין געלעגן אַ פאַרטיקער קערן רעאַקציע. צוריק „צום טראָן און צו דער קירך", צוריק צום מאָנאַרכיזם, צוריק צו דער השפּעה פון דער קירך אויף מלוכה-ענינים — דאָס זענען די געבאָטן פון דער רעאַקציע: ס'זאָל ניט נאָר אויסגעראָטן ווערן די פּאָליטישע אידעען פון דער רעוואָלוציע אַליין, נאָר ס'זאָל אויך אויסגעראָמט ווערן יעדער שפּור פונם פרייעם גייסט, וואָס האָט באַהערשט אייראָפּע דאָס XVIII יאָרהונדערט. די דאָזיקע געבאָטן זענען געוואָרן דער יסוד פון דעם „הייליקן בונד", וואָס דריי מאָנאַרכן, — דער רוסישער, דער פּרייסישער און דער עסטרייכישער, — האָבן באַשאַפן בעת זיי האָבן אויפן ווינער קאָנגרעס פאַרזאָרגט אייראָפּע (1815). ס'האָט געהייסן פאַרן „הייליקן בונד", אַז רעליגיע איז ניט אָפּצוטיילן פון פּאָליטיק, אַז ס'פאַראַן איין „קריסטלעכע נאַציע" אויף דער וועלט און קריסטוס איז איר פירער. דער אידעאַל איז — אַ „קריסטלעכע מלוכה", פאַרווירקלעכן אַזאַ אידעאַל זענען באַרופן די אויפטוער פונם „הייליקן בונד", און זייערע נאָכקומער. צו דער אידעע פון אַ קריסטלעכער מלוכה האָט נאָך די רעאַקציאָנערע געזעלשאַפט צוגעגעבן אַ צוגאָב: אַ נאַציאָנאַלע מלוכה. נאַפּאָלעאָנס מלחמות און באַהערשן לענדער האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן פּאַטריאָטישן ברען ביי די אונטערייאָכטע פעלקער; און ס'האָט זיך פאַרשטאַרקט די נאַציאָנאַלע אידעע אין פּאָליטיק אָנשטאָט דער קאָסמאָפּאָליטישער אידעע

פריער. דער נאַציאָנאַליזם איז דאָ אָבער געווען אַ מלוכה=נאַציאָנאַליזם: די
שטאַרקערע נאַציע, די מלוכה=נאַציע זאָל באַרעכטיקט זיין צו דריקן, מיט גוואַלד
אַסימילירן שוואַכערע נישט=זעלבסשטענדיקע פעלקער אונטער איין דאַך. די
קריסטלעכע מלוכה האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם נישט=קריסט, די נאַציאָנאַלע
מלוכה — דעם פרעמדפאָלקישן; און היות ווי יידן זענען אומעטום געווען אַ
פרעמדע אמונה און אַ פרעמד פאָלק, האָבן זיי געזאָלט זיין צוויימאָל אַ קרבן פון
דער אייראָפּעאישער רעאַקציע. אין די דריי מלוכות, וואָס זייערע מאָנאַרכן האָ=
בן באַשאַפן דעם „הייליקן בונד", זענען געווען $^{9}/_{10}$ יידן פון גאַנץ אייראָפּע; פאַר
זיי איז דער נייער רעזשים, ריכטיקער — דער צוריק=אויפגעשטעלטער אַלטער
רעזשים, געוואָרן אַ קוואַל פון פיין און שאַנד. דער גייסט פון קריסטלעך=נאַציאָ=
נאַלער מלוכהשאַפט האָט געשוועבט איבער יענער תקופה, אַלצאיינס, צי האָט זיך
דאָס געהאַנדלט פון קעגן=עמאַנסיפּאַציע (אין דייטשלאַנד, דערהויפּט אין פּרייסן)
פון שענדלעכער רעכטלאָזיקייט (אין עסטרייך), אָדער פון אויסטערלישן פּיין (אין
רוסלאַנד פאַר די רעפאָרמען).

איידער נאָך פונם ווינער קאָנגרעס האָט זיך אויסגעשיילט דער „הייליקער
בונד" און פון דער רעסטאַוראַציע — אַ רעאַקציע, איז די יידנפראַגע באַהאַנדלט
געוואָרן אויפן ווינער קאָנגרעס און דאָ האָבן זיך אַרויסגעשטעלט פאַרשידענע
מיינונגען. די יידנפראַגע איז אויפגעקומען בעת מ'האָט באַהאַנדלט דעם פּראָ=
יעקט צו שאַפן אַ בונד פון דייטשע מלוכות מיט פּרייסן און עסטרייך אויבן=אָן
(מאַי 1895). דער ליבעראַל ווילהעלם הומבאָלדט, פון דער פּרייסישער דעלעגאַ=
ציע, האָט פאָרגעלייגט רעדאַקטירן דעם פונקט וועגן יידן אין דער קאָנסטיטו=
ציע פונם „בונד" אַזוי: „די וואָס האַלטן זיך ביי דער יידישער רעליגיע, ווערן
געגעבן אַלע געהעריקע רעכט, ווי ווייט זיי זענען יוצא אלע בירגער=פליכטן.
אין די לענדער, וואָס אַזאַ רעפאָרם שטימט דאָרט נישט מיט זייער קאָנסטיטוציע,
האַלטן די גלידער פונם „בונד" פאַר געווינטשן צו באַזייטיקן די דאָזיקע מניעה
ווי ווייט מעגלעך". די דעלעגאַטן פון פּרייסן און עסטרייך האָבן געשטיצט אַזאַ
רעדאַקציע; אומגעריכט האָבן זיך דאָ אויסגעגלייכט צוויי קאַנצלערס: דער לי=
בעראַל האַרדענבערג און דער רעאַקציאָנער מעטערניך, וואָס האָט אפילו נישט גע=
טראַכט ערנסט צו באַזייטיקן די מניעות פאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג אין עסט=
רייך. (מעטערניך האָט געוואָלט צוליב טון די ליבעראַלע פּראַזע יידישע
באַנקירן, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיי געשעפטן). אָבער ביירישע זאַקסישע
און אייניקע אַנדערע דייטשע דעלעגאַטן האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן אַזאַ פונקט,
וואָס איז זיי דאָך מאָראַליש מחיב די גלייכבאַרעכטונג, זאָל זיין אַפילו, אַז על
תנאי. האָבן אַנדערע געטוזט נאָכגעבן און מ'האָט פאָרגעלייגט דעם קאָנגרעס אַן
אַנדער רעדאַקציע וועגן יידן אין דער קאָנסטיטוציע: „די בונד=פאַרזאַמלונג
(צענטראַל=אָרגאַן פונם דייטשן בונד) וועט באַהאַנדלען די פראַגע, ווי אַזוי צו
פאַרבעסערן ווי ווייט מעגלעך מיט אַלעמענס הסכם די בירגערלעכע לאַגע פאַר

עטרואָנען פון יידישן גלויבן אין דייטשלאַנד און ווי אַזוי צו גאַראַנטירן זיי בירגערלעכע רעכט אין די בונד-מלוכות בתּנאי, זיי זאָלן טון אַלע בירגערלעכע פליכטן. יעדנפאַלס בלייבן זיי (יידן) ביז דעמאָלט ביי די רעכט, וואָס זיי האָבן שוין איצט אין די „בונד-מלוכות. אָבער אַזאַ פּשרה-רעזאָלוציע האָט אויך נישט צופרידנגעשטעלט אַ סך קאָנגרעס-דעלעגאַטן. אמת, דער ערשטער טייל פּונקט איז נישט מער ווי אַ צוזאָג און מ'קאָן דאָס נישט האַלטן אויך, אָבער אין צווייטן טייל שטייט שוין, אַז יידן ווערט געזיכערט די רעכט, וואָס זיי האָבן שוין איצט, ד. ה. וואָס זיי האָבן באַקומען פאַר דער פראַנצויזישער הערשאַפט, דערהויפּט האָט דאָס געאַרט די דעלעגאַטן פון די פיר „פרייע שטעט"; פראַנקפורט, האַמבורג, ליובעק און ברעמען: אַ פרעמדע מאַכט (די פראַנצויזישע) האָט ביי זיי מיט גוואַלד אויסגעריסן יידישע גלייכבאַרעכטונג, איצט האָבן זיי געמיינט פּטור ווערן פון פראַנצויזן מיט גלייכבאַרעכטיקטע יידן אינאיינעם. מ'האָט זיך אָנגעהויבן צו דינגען און דורכקומען הינטנאָרומער; — צו לעצט איז די דאָזיקע רעדאַקציע אַריין אין דעם „בונדעס-אַקט" (§ 16), נאָר מיט איין ענדערונג: אָנשטאָט „אין די בונד-מלוכות", זאָל שטיין „פון די בונד-מלוכות". דאָס הייסט, מ'זאָל קאָנען דעם פּונקט אויסטייטשן אַזוי: יידן ווערט געזיכערט די רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די בונד-מלוכות, ד. ה. פון די געזעצלעכע היימישע רעגירער אין יעדער לאַנד, נישט אָבער די רעכט, וואָס זיי האָבן געקריגן פון אַ דערווייליקער, פון אַ צייטיקער רעגירונג, וואָס האָט אַ צייט געהערשט דאָרט. נאָר היות פון „געזעצלעכע" רעגירערס הענט האָבן יידן באַקומען טיילווייז גלייכבאַרעכטונג ביז דעם ווינער קאָנגרעס נישט מער ווי אין פּרייסן און אין באַדן; הייסט דאָס אַז די עמאַנסיפּאַציע אין אַנדערע דייטשע לענדער קאָן בטל ווערן; דאָס אייגנטלעך האָבן געוואָלט די שונאים פון יידישער עמאַנסיפּאַציע.

די דעלעגאַטן האָבן געחתמ'עט די „בונדאַקטן" מיט דעם פּונקט 16 וועגן יידן דעם 10 יוני 1815, אָבער די, וואָס האָבן אַזוי געאַרבעט אויפן קאָנגרעס, מ'זאָל זיי נישט בינדן מיט יידישער גלייכבאַרעכטונג, האָבן נישט געוואָלט וואַרטן; און זיי האָבן נאָך פריער גענומען רעסט אַרירן ביי זיך יידישע רעכטלאָזיקייט. ברעמע האָט דערויף געהאַט געזאָגט: „ווי נאָר די קאַץ (נאַפּאָלעאָן) איז נישט געבליבן, זענען די מייז (די דייטשע רעגירע) געוואָרן בעל-הבית", און דאָס שטימט גאָר מיט דער לאַגע אין זיין געבוירן-שטאָט פראַנקפורט און אין די פרייעשטעט. ווי נאָר ס'איז אומגעפאַלן פראַנקפורטער גרויס-הערצאָגטום, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט באַשאַפן, האָט דער אַריסטאָקראַטישער סענאַט אין פראַנקפורט נעגעבן אָנצוהערנס יידן, אַז די גלייכבאַרעכטונג, וואָס יידן האָבן דערפאַר אַזוי טייער באַצאָלט 1), איז בטל געוואָרן צוזאַמען מיט דער פראַנצויזישער הערשאַפט (1814). דאָס אייגענע איז פאָרגעקומען אין האַמבורג אויך נאָכדעם ווי די פראַנ-

1) זע דעם פריערדיקן באַנד, § 33.

צויזן זענען אַוועק פֿון דאָרט. דער חלוק איז געווען נאָר דאָס, וואָס אין האַמ־בורג האָט דער סענאַט געהאַלטן, מ'זאָל לאָזן יידן גלייכבאַרעכטיקט, ווייל דאָס איז אַנוץ פֿאַר שטאָט בכלל, נאָר דאָ האָט זיך שטאַרק אַקעגנגעשטעלט די ביר־גערשאַפֿט; קריסטלעכע הענדלער האָט נישט געוואָלט, זייערע קאָנקורענטן יידן זאָלן זיין גלייכבאַרעכטיקט. נאָך שטאַרקער האָבן געהאַנדלט די דייטשע רעגירער אין ליובעק און אין ברעמען: זיי האָבן באַשלאָסן צוריק אויפשטעלן דעם ליב־האַרציקן אַלטן רעזשים און גאָר פֿאַרטרייבן יידן פֿון די שטעט. די איבערגע־שראָקענע יידישע קהילות אין די פריישטעט האָבן זיך געווענדעט צום ווינער קאָנגרעס, ער זאָל זיך פֿאַר זיי אָננעמען. פֿראַנקפֿורטער יידן האָבן געשיקט קיין ווין צוויי דעפּוטאַטן (איינער איז געווען יעקב ברוך, ליודוויג בערנעס פֿאָטער); זיי האָבן דערלאַנגט דעם קאָנגרעס אַ מעמאָראַנדום, אַ פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס מ'פֿאַרמעסט זיך אויף זייער גלייכבאַרעכטונג, וואָס האָט זיי אַזוי פֿיל געקאָסט געלט און בלוט (יידישע סאָלדאַטן אינם באַפֿריי־קריג) — (אָקט. 1814). יידישע קהלות אין האַמבורג, ברעמען און אין ליובעק האָבן געשיקט קיין ווין זייער אַדוואָקאַט ק. א. בוכהאָלץ; ער האָט דעמאָלט אַרויסגעלאָזט אַ בוך וועגן יידישער גלייכבאַרעכטונג (Über die Aufnahme der jüdischen Glaubensgenossen zum Bürgerrecht)

יידישע דעפּוטאַטן האָבן שטאַרק אַגיטירט אין פֿאַרשידענע קרייזן פֿונם ווינער קאָנגרעס, אגב אין איינעם זייער אַ זאַמלפּונקט, אין סאַלאָן ביי דער יידישער באַראָנעסע פֿאַני אַרנשטיין 1); זיי האָבן געפּועלט ביי ביידע פֿירער פֿונם קאָנגרעס—ביי האַרדענבערגן און ביי מעטערניכן. די לעצטע צוויי האָבן גע־שיקט אַ התראה די רעגירער אין די האַנזאַ־שטעט: נישט אָנרירן יידישע גלייכ־באַרעכטונג, וואָס דער קאָנגרעס האָט בדעה צו גאַראַנטירן צוליב דייטשן האַנדל און פֿינאַנסן; „מ'מוז זיך רעכענען מיט דער ווירקונג פֿון יידישע בענק", 2) (יאַנו־אַר־יוני 1815). אָבער די קריסטלעכע דעלעגאַטן פֿון די פריישטעט זענען נישט אָפּהענדיק געוואָרן; זיי האָבן געפֿירט זייער אַגיטאַציע אויף די זיצונגען פֿון דעם קאָנגרעס גופא; זיי זענען צוהילף געקומען דעלעגאַטן פֿון אַנדערע דייטשע מלוכות, וואָס האָבן אויך געוואָלט לויז ווערן פֿון יידישער גלייכבערעכטונג. מיר האָבן שוין געזען, אַז געוואונען האָבן אַנטיסעמיטן. די צווידייטיקע רע־דאַקציע פֿונם „יידישן" פּונקט (16 §) אין דער קאָנסטיטוציע האָט זיי פריי אויפ־געבונדן די הענט, מ'האָט זיך אָנגעהויבן אָפּרעכענען מיט יידן, דאָס מאָל „גאַנץ געזעצלעך". 3)

---

1) דאָרט, § 40

2) יענע יאָרן האָט זיך אַ גאַמען געמאַכט דאָס באַנקהויז פֿון די פֿראַנקפֿורטער ראָט־שילדס, וואָס האָט קרעדיטירט די רעגירונג.

3) אויספֿירלעכער וועגן דער יידנפֿראַגע אויפֿן ווינער קאָנגרעס — זע די ביילאַגע נומ. 1 צו דעם דאָזיקן באַנד.

## § 2. די יידנפיינטלעכע באַוועגונג איז דער ליטעראַטור און די עקסצעסן דאָס יאָר 1819.

די יידנפיינטשאַפט האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אין דייטשלאַנד, געשפּייזט זיך פון דער פּאָליטישער רעאַקציע און אליין ווידער פאַרפעסטעטס די לופט. דער דייטשער פּאַטריאַטישער ברען בעת דעם באַפריי־קריג האט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם עקלהאפטן שאָוויניזם, וואָס זוכט מער צו שאַדן דעם „פרעמדן". ווי צו העלפן זיך. דער דייטשער שאָוויניזם, האָט זיך געפינען זיין פאַר: די אידעע פון א „קריסטלעכער מלוכה", און ביידע האבן זיך אלאַז געטון אויף יידן. יידן זענען איצט געווען געהאסט שוין דערפאר, וואָס זיי האָבן געווינען פון דער רעוואָלוציע און האָבן באַקומען פרייהייט פון נאַפּאָלעאָן׳ס הענט; אַלע יידי־שע בלוטיקע קרבנות פאַר באַפרייען דייטשלאַנד האָבן נישט געקאָנט ׳אָפּוואַשן דעם דאָזיקן פלעק. ס׳האָט נישט געהאָלפן, וואָס „די פּאַן" פון דער יידישער גע־זעלשאַפט אין דייטשלאַנד האָבן זיך געמיט צו ווערן דייטשן, אַסימילירן זיך: דער „קריסטלעכער דייטשער" נאַציאָנאַליזם האָט באַדאַרפט האָבן, אויף וואָס אויס צובערענגען זיין איבערגרויסע ענערגיע: דער ייד איז געווען דערפאַר די בעס־טע זאַך.

קודם כל האָט זיך די דאָזיקע רעאַקציאָנערע געזינונג דערפילט אין טעאַטער און אין ליטעראַטור. די יאָרן 1815—1816 איז אויף דער דייטשער סצענע אויפגעפירט געוואָרן אַ נאַרישע קאָמעדיע מיט דעם נאָמען „די יידישע שול אָדער אונזער האַנדל", — אַ קאַריקאַטור אויפן יידישן לעבנסשטייגער. די דאָזיקע קאָמעדיע האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. וו אַ ו ר ם, אַן אַרטיסט אין דער מאָדע, האָט זיך געקרימט און געבראָכן אין דער פּיעסע, נאָכגעמאַכט דעם יידישן „זשאַרגאָן"; און דער קריסטלעכער עולם אין טעאַטער איז געקומען דערפון אין דער גרעסטער התפעלות. ישראל יאַקאָבסאָן (ער האָט זיך איבערגעקליבן קיין בערלין נאָכדעם ווי וועסטפאַלער קעניגטום האָט גע־פּלאַצט) האָט געפועלט דורך דעם קאַנצלער האַרדענבערג, מ׳זאָל פאַרווערן שפּילן די קאָמעדיע. אָבער דער פאַרבאָט האָט נאָך מער צערייצט דעם עולם: יעדן אָוונט האָט ער געליאַרמט אין טעאַטער, פאַרוואָס מ׳שפּילט נישט די פריי־לעכע פּיעסע. די מאַכט האָט געמוזט נאָכגעבן. וואורם מיט זיין טרופע האָט שטאַרק אויסגענומען אין אַלע גרויסע שטעט אין דייטשלאַנד.

דייטשע וויסנשאַפטלער זענען אויך נישט געשלאָפן, זיי האָבן גענומען שטורמען דעם „אינעווייניקסטן שונא" מיט שווערער אַרטילעריע. פון אייניקע אוני־ווערסיטעטן, נעסטן פון רעאַקציאָנערע אידעען, האָט זיך געלאָזט הערן, אַז ס׳איז שוין צייט אַ סוף צו מאַכן צו דער עמאַנסיפּאַציע. די ערשטע האָט דעם פאַרדינסט דערינען די בערלינער „היסטאָרישע רעכט־שול" (סאַוויניאַי), וואָס האָט געשמידט וויסנשאַפטלעך געווער פאַר דער פּאָליציי־מלוכה. אָנגעהויבן האָט

די אַנטיסעמיטישע ליטעראַרישע קאַמפּאַניע פרידריך ריוס (Rühs), פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין בערלינער אוניווערסיטעט. די יאָרן 1815—1816 האָט ער אַרויס, געלאָזט, אין צוויי אויסגאַבן, אַ ווערק „וועגן יידישע פּרעטענזיעס אויף צו זיין דייטשע בירגער" און האָט דאָ אַנגעווענדט די פּרינציפּן פון „אַ קריסטלעך-נאַציאָ- נאַלער" מלוכה. דער יסוד פון יעדער בירגער-געזעלשאַפט איז די אייניקייט אין שפּראַך, אין רעליגיע, אין נאַציאָנאַלע געפילן און שטימונגען. יידן זענען אַ נאַציע צעשפּרייט אויף דער גאָרער וועלט, מיט אַ באַזונדער רעליגיע, מיט אַ באַזונדער שאַרף-אויסגעשפּראָכענעם כאַראַקטער, ממילא קאָנען זיי נישט ווערן איינס מיט דער דייטשער בירגער-געזעלשאַפט. יידן האַלטן זיך פאַר „אתה-בחרתנו", זיי האָ- בן אַן אייגענע „רבנ'ישע אַריסטאָקראַטיע", האַלטן פון אייביק אָן פון האַנדל, נישט פון פּראָדוקטיווער אַרבעט. יידן קאָן נישט געגעבן ווערן קיין בירגער-רעכט, אין בעסטן פאַל קאָנען זיי האָבן רעכט פון אויסלענדער. מ'דאַרף זיי באַשטייערן מיט ספּעציעל אַ „יידישן שטייער", מ'דאַרף נאָרמירן זייער נאַטירלעכן צוואוקס, זייער צעשפּרייטן זיך אין דייטשלאַנד, זייער אַנטייל אין עקאָנאָמישן לעבן ס'שאַדט נישט, יידן זאָלן טראָגן דעם מיטלאַלטערישן צייכן אויף דעם אָנטון, אַ מי- „נאַציאָנאַל סטענגע", מ'זאָל זיי דערקענען. יידן האָבן איין וועג צו ווערן ביר- גער: זאָלן זיי ווערן קריסטן.

די דאָזיקע ווילדע תורה פון אַ נאַציאָנאַלער מלוכה איז געווען זייער צו דער צייט; ריוס ביכל האָט אויסגענומען; צו דעם פּאָפּולערן פּראָפעסאָר זענען צוגעשטאַנען מפרשים און נאָכזאָגער. פריס (Fries), אַ היידלבערגער פּראָפע- סאָר, איז פאַרגאַנגען נאָך ווייטער פאַר זיין בערלינער קאָלעגע. אין אַ פּאַמפלעט מיטן נאָמען „די יידישע געפאַר פאַר די דייטשנס וואויל און כאַראַקטער" (1816) זאָגט ער, אַז די נייע געזעצגעבונג „איז ווילד געוואָרן פונם הומאַניזם" פונם XVIII יאָרהונדערט, און דעריבער האָט מען געקאָנט באַגיין אַזאַ שרעקלעכן פע- לער, ווי אַריינעמען יידן אין דער בירגער-געזעלשאַפט. גערעכט איז די פאָלקס- מאַסע, וואָס זי האָט אינסטינקטיוו פיינט יידן, ווייל זי פילט אין זיי אַ פיינטלעכע נאַציע, וואָס איז פאַרדאָרבן נאָך פון די אָבות אָן און וואָס זי דעמאָראַליזירט אַנדערע. דער געלערנטער דייטש האַלט פונם „מאַסנאינסטינקט", נישט פונם „פאַר- ווילדעטן הומאַניזם"; ממילא ווייסט ער זיכער, ווי צו פאַרענטפערן די יידנפראַ- גע. דער לעצטער צוועק איז — פטור ווערן גאָר פון יידן; אַ מיטל דערצו איז — אָפּשוואַכן יידישע אַחדות דורך דעם, וואָס ביי יידן זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן קהלות און רבנים, מ'זאָל נאָרמירן יידישע חתונות צו פאַרמינערן די צאָל יידן, יידן זאָל מען פאַרטרייבן פון דערפער, שווערער מאַכן זיי דעם האַנדל, מאָנען אַ „טאָ- לעראַנץ-שטייער" און זיי אָנהענגען די געלע לאַטע אויפן אָנטון. פריס האַלט דאָס פאַר אַ מיטל צו ראַטעווען דייטשלאַנד פון יידן. זאָל אָבער דער דייטשער בונד אים נישט פאָלגן, אַזוי וועלן דייטשן „אין פערציק יאָר אַרום ווערן קנעכט ביי יידן".

צו די צוויי ערשטע פידלען אינם דייטשן אַנטיסעמיטיזם איז צוגעשטאַנען

אַ גאַנצע מחנה שרייבער און טינטלער, וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם ביכער-מאַרק
מיט פאַמפלעטן. די „דייטשיש-קריסטלעכע" אידעע האָט דעמאָלט אויסגעבראַכט נישט
חייניק נאַרישע האַס-רעדעס, בויך-סברות און פראַקטישע רעצעפּטן. צמאָל פלעגט
זיך אָבער הערן אַ פאַרנונפטיקע שטים אויך; אין דייטשלאַנד זענען נאָך געווען
מענטשן, וואָס האָבן נישט אויסגעטון זיך גאָר פון די הומאַניסטישע געבאָטן פונם
XVIII יאָרהונדערט. דער אַלטער יאָהאַן עוואַלד, אַ דייטשער געלערנטער
פאַסטאָר האָט זיך אָנגערופן אויף ריוס טעאָריע, אַז די דייטשיש-קריסטלעכע גע-
זעלשאַפט זאָל בעצם אין דער נאַטור זיין פיינטלעך צו יידן. דאָס יאָר 1816 האָט
ער אַרויסגעלאָזט אַ ווערק: „געדאַנקען ווי איינצוואָרדנען יידן אין קריסטלעכע
מלוכות" (קאַרלסרוהע); דאָס יאָר 1817 האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ צווייטע שריפט:
„דער גייסט פון קריסטנטום און פונם אמתן דייטשן פאָלק", — אַן ענטפער אויף
ריוס צווייט ווערק: „די רעכט פון קריסטנטום און פונם דייטשן פאָלק קעגן יידי-
שע פרעטענזיעס און קעגן זייערע אַדוואָקאַטן". עוואַלד האַלט, אַז די מלוכה דאַרף
אָנווענדן אפּוטרופּסות, ער גלייבט אָבער, אַז דורך „בילדונג" קאָן מען מאַכן פון
יידן נוצלעכע בירגער, ווי מיר זעען דאָס אין פראַנקרייך און אין אַנדערע לענ-
דער, וואו מ'האָט עמאַנסיפּ'רט יידן. נאָך שטאַרקער האָט געשריבן אַ בייערישער
פובליציסט קרעמער („יידן און זייערע גערעכטע פרעטענזיעס אין קריסטלי-
כע מלוכות"): אַ ייד איז נישט קיין פרעמדער, ער איז אַ תושב אין דער מלוכה
און פאַקטיש איז ער אין דער בירגער-געזעלשאַפט. די מלוכה איז מחויב צו באַ
פרידיקן זיינע גערעכטע פאָדערונגען, — ער זאָל קאָנען פריי אַנטוויקלען זיינע
כוחות און פעאיקייטן, די מלוכה דאַרף אים גלייכשטעלן אַקעגן געזעץ גלייך
מיט אַנדערע, אים צולאָזן צו אַלע אַרבעט-צווייגן, דרך ארץ האָבן פאַר זיין רע-
ליגיע, בײשטיין אים אין זיין פאַרמעג. די רעגירונג פון איר זייט קאָן, גע-
ווינטלעך, שטעלן יידן געוויסע פאָדערונגען און קאָנדיציעס, זי טאָר זיי אָבער
נישט דערנידעריקן, אויסשליסן זיי פון דער בירגער-געזעלשאַפט.

ווי אַזוי האָבן זיך יידן אָנגערופן אויף דעם ליטעראַרישן שטרייט, וואָס
איז זיי אַזוי נוגע געווען? מ'דאַרף זאָגן, אַז דער ווידערשטאַנד האָט נישט גע-
האַט די שטאַרקייט, וואָס דער אָנפאַל. יענע צייט האָבן נאָך דייטשע יידן נישט
געהאַט קיין גרויסע שטרייט-קרעפטן. בערנע האָט יענע יאָרן ערשט געשאַרפט
אַ מעסער קעגן דער דייטשער רעאַקציע בכלל און האָט געהאַלטן ערב אַוועק-
גיין פון יידן. ריסער איז נאָך געווען אַ ייִנגל. איז געבליבן די הכנעה'דיקע
אַפּאָלאָגעטן פון פרידלענדער-יאַקאָבסאָן'ס חדר. מיכאל העס, אַ לערער
אין פראַנקפורטער „פילאַנטראָפּין", האָט אַרויסגעלאָזט אַ ביכל „אַן אָפענע קריטיק
אויף פראָפעסאָר ריוס ווערק" (1816). מער איז ער זיך מתנצל, איידער ער
רייסט אַרונטער יענעמס מאַסקע: יידן האָבן געווײנטלעך אַסך חסרונות, אָבער-
גלויבן און שלעכטע זיטן; צי קאָן מען אָבער אין איינע צען יאָר פאַרריכטן,
וואָס הונדערטער יאָרן קנעכטשאַפט האָבן איבערגעפירט? זאָלן זיך די וואויל-

געשטימטע רעגירונגען ערנסט נעמען צו רעפאָרמירן יידן, — וועלן יידן גייסטיק, סאָציאַל אויפגעלעבט ווערן נישט צו דערקענען. ס. צימערן, אַ היידעלבערגער סטודענט, האָט אָפּגעענטפערט דעם היימישן אַנטיסעמיט פריס'ן: יידישע „פּאָליטישע" (נאַציאָנאַלע) אחדות איז אַ בבא-מעשה. דייטשע יידן האָבן שוין אָפן געזאָגט, אַז זיי ווילן געהערן גאָר צו דער דייטשער בירגער-געזעלשאַפט. זיי ווילן זיך אַרויסרייסן פון די קלעמען פון אַ „האַנדל-קאַסטע", וואָס דער אַלטער רעזשים האָט זיי דאָרט פאַרקוועטשט. זיי האָבן שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם יאָך פון רבנים און אָפּגעשלאָסנקייט. די פּובליציסטן פון „שולמית", י. וואָלף און ג. סאַלאָמאָן, האָבן פאַרטיידי'קט דעם „כאַראַקטער פון יודאַאיזם" קעגן ריוס און פריס אָנפאַלן (1817); זיי האָבן אָנגעוויזן דעם חלוק פונם אַלטן יודאַאיזם ביזן נייעם, דעם רעפאָרמירטן, וואָס האָט זיך שוין אָפּגערייניקט פון פּסולת.

אין שטרייט האָט זיך אַריינגעמישט אַ קריסטלעכער טעאָלאָג אַ ראַציאָנאַליסט, פּאַאולוס פון היידעלבערג, אַ באַגאַבטער שרייבער, וואָס האָט שפּעטער פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער פּובליציסטיק וועגן דער יידנפראַגע. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ בוך „מיינונגען פון קריסטלעכע און יידישע געלערנטע וועגן פאַרבעסערן די לאַגע פון אָנגעהעריקע צו דער יידישער אמונה" (1817) און האָט דאָ געזאָגט אַ ניי וואָרט. דאָס נייס איז, וואָס ער האָט אָפּגעוואָרפן די סקאַרבאָווע טענות און האָט אויפגעדעקט דעם אמת'ן תוך פון דער יידנפיינטשאַפט אַזויווי דער מחבר גופא באַנעמט דאָס. אַלע מאַכן איין גרינדלעכן פעלער: מ'רעדט תמיד פון גלייכבאַרעכטיקן דעם כלל יידן בירגערלעך אָדער פּאָליטיש, בעת ס'לאָזט זיך רעדן נאָר וועגן יעדן יידן באַזונדער, ער זאָל זיך בירגערלעך גלייכשטעלן: אויב דער אָדער יענער ייד קאָן זיך גלייכן לויט זיין דערציאונג און לעבנסשטייגער צו די בעסטע צווישן דייטשן, אויב ער איז פּאַקטיש גלייך מיטן דייטש, דאַרף ער געזעצלעך אויך באַגלייכט ווערן. דאָרט, וואו מ'איז אינעווייניק נישט גלייך, קאָן קיין רייד נישט זיין פון אויסנווייניק גלייך זיין. די מלוכה, וואָס וואָלט מיטאַמאָל גלייכבאַרעכטיקט אַלע יידן, וואָלט באַשאַפן אַ גוואַלדיקע סתירה צווישן געזעץ און לעבן. „דער דאָזיקער פעלער נעמט זיך דערפון, וואָס יידן גופא האַלטן זיך פאַר אַ באַזונדער פאָלק, כאָטש זיי זענען צעזייט צווישן אַנדערע פעלקער. ווען רעגירונגען ווענדן זיך צו יידן, מיט גוטס אָדער מיט שלעכטס, אַלס צו אַ גאַנצן קאָלעקטיוו, איז דערמיט שטיצן זיי נאָר אַזאַ יידישע אָפּגעשלאָסנקייט. טיילט אָבער אויס דעם יחיד פונם כלל און גיט יעדן רעכט אַזויווי ער פאַרדינט, וועט ווערן אויס יידישע אָפּגעזונדערטקייט און אַ ייד וועט געהערן צום יידנטום נישט מער ווי צום קריסטנטום". בכן פאָדערט פּאַאולוס פון יעדן יידן באַזונדער אַן עקזאַמען אויף בירגערלעכער און פּאָליטישער רעכטפעאיקייט: אַ ייד זאָל זיך קודם כל אויסטון פון זיין כלל, אויסוואָרצלען אין זיך אַלצדינג, וואָס שטימט נישט מיטן טיפּ דייטש. אַזאַ פאָדערונג, יידן זאָלן זיך

לחלוטין אסימילירן, איבערדרייסן גאָר מיט זייער נאַציאָנאַל-אייגנס, — שטאַמט אייגנטלעך פון דער קריסטלעך-נאַציאָנאַלער אידעע, פון דערזעלבער אידעע, וואָס האָט באַגייסטערט ריוס׳ן און זיינע מיטטוער אויף שאַרפערע אָנפאַלן.

די געהויבענע ביכער טעאָריעס האָבן אָפגעשפיגלט אַ וואָכעדיקע לעבנס-פּראַקטיק. דער דייטשער שאָוויניזם האָט אומברחמנותדיק אויפגעפרעסן אַלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט מענטשלעכקייט, גלייכקייט, פרייהייט. די אידעע פון אַ „דייטשיש-קריסטלעכער מלוכה" האָט אַלעמען פאַרדרייט דעם קאָפּ; זי האָט פאַרכאַפּט די דייטשע סטודענטנשאַפט, דאָ איז דאָס געוואָרן אַ געמיש פון ראָמאַנטישע חלומות פאַר אַלטע ריטערצייטן מיט אַן „אָפּאָזיציע" קעגן דער רעגירונג, וואָס בלייבט הינטערשטעליק אַקעגן האַסטיקן מורש פון „פּאַטריאָטיזם". די געמיינסטע רעאַקציע האָט זיך רעוואָלוציאָנעריש געשלייערט... אין אַזאַ שטיקנדיקער לופט פון מיטלאַלטערישע זומפּן האָט זיך ווידער געלאָזט הערן דער אַלטער דייטשער געשריי: העפּ — העפּ! פּריזומער דאָס יאָר 1819 איז דייטשלאַנד אויפגערעגט געוואָרן פון אַ פּאָליטישן מאָרד: אַ סטודענט זאַנד, פון דער יונגער פּאַטריאָטישער רעאַקציע, האָט דערהרגעט אין מאַנהיים אַ רוסישן דיפּלאָמאַט קאָצעבו, אַ פאַרטרעטער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע. רעגירונגען האָבן מיטאַמאָל באַקומען שרעק פאַרן שאָטן פון דעמאַגאָגיע און טעראָר און האָבן אָנגעהויבן ווילדעווען, שטיקן יעדע פּאָליטישע פרייהייט אין געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אין דרוקזאַכן. דער פאַרהאַלטענער שטראָם דייטשיש-קריסטלעכע לײַדנשאַפטן האָט זיך געזוכט אַן אויסוועג, ער האָט געזוכט וואו אויסצוברענגען זיין קריגערישע ענערגיע, און האָט געפונען: יידן.

אויגוסט דאָס יאָר 1819 האָט מען אויף די גאַסן אין אַ סך דייטשע שטעט געקאָנט צוזען מיטלאַלטערישע סצענעס, וואָס האָבן געקאָנט צופרידנשטעלן די עקזאַלטירטע ראָמאַנטיקער: מחנות בירגער און יונגען זענען פול געווען די גאַסן; מיט געשרייען hep-hep, Jude verreck האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער, געשלאָגן, פאַרניכטעט האָב און גוטס; אין אייניקע ערטער האָבן זיי גאָר פאַרטריבן די רואיגסטע יידן פון דער שטאָט. די פּאָגראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן אין בייערן. אין ווירצבערג האָבן סטודענטן-פּאַטריאָטן אויסגעפייפט און פאַרטריבן פון אוניווערסיטעט פּראָפעסאָר ברענדעל (ער האָט געשריבן אַ גוט וואָרט פאַר יידן); דאָס איז געוואָרן אַ פּאָגראָם-סיגנאַל (דעם 2-טן אויגוסט). אָרטיקע בירגער, דייטשע קרעמער, וואָס האָבן שוין לאַנג געשאַרפט די ציין אויף יידישע קאָנקורענטן, האָבן געבראָכן יידישע קראָמען, פאַרניכטעט סחורות. ווען יידן האָבן זיך געפּרובט ווערן מיט שטיינער, מיט שטעקנס, איז די באַנדע אַריין אין אַזאַ רציחה, אַז זי האָט גענומען שלאָגן און הרג׳ענען יידן. מ׳האָט אַרויסגערופן סאָלדאַטן, און זיי האָבן קוים אָפּגעשטעלט דאָס בלוטיקע געשלעג. אויף מאָרגן האָבן די בירגער אויסגעפירט ביי דער מאַ ט, מ׳זאָל פאַרטרייבן יידן פון ווירצבערג 400 נפשות האָבן געמוזט פאַסירן

זייערע וואוינונגען, זיי זענען געבליבן לאַגערן היגטער דער שטאָט און די דערפער אַרום. ענלעכע פּאָגראָמען זענען פאָרגעקומען אין בראָמבערג און אין אַנדערע בייערישע שטעט. פון דאָרט האָט זיך דאָס פּאָגראָם־פייער איבערגעוואָרפן אויף באַדן. אין די שטעט קאַרלסרוהע, היידעלבערג, מאַנהיים האָט מען אויך געקאָנט הערן: „העפּ־העפּ, אַ טויט צו יידן!"; קיין מאַסן־אָנפאַלן זענען אָבער דאָ נישט פאָרגעקומען, געליטן האָבן איינצעלנע יידן. אין היידעלבערג איז דאָס שיער נישט געקומען צו אַ געשלעג אין גאַס, די מיליציע האָט נישט געוואָלט שיצן יידן, עטלעכע פּראָפעסאָרן און סטודענטן, וואָס זענען נישט אַזוי ווייט פאַרסמט געווען מיט אַנטיסעמיטיזם, האָט מען צו פאַרדאַנקען, וואָס ס'איז נישט געקומען צו אַ שרעקלעכער בלוטבאָד.

אַ רעכטע נעסט פאַר פּאָגראָם־אַגיטאַציע איז געווען פראַנקפורט בײַ מאַין, דאָרט האָט נאָך געקאָכט דער שטרייט צווישן בירגער און יידן וועגן גלייכבאַרעכטונג. אָנגעהויבן האָט מען פון ברעכן שויבן אין יידישע הייזער און טרייבן יידן פון עפנטלעכע שפּאַציר־פּלעץ, צולעצט האָט דאָס דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז אַ ווילדע באַנדע אָנגעשטעלטע און מייסטערגעזעלן האָבן זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער און אין געשעפטן אין געטאָ, (דעם 10־טן אויגוסט). אַ סך יידן האָבן פאַסירט פראַנקפורט. ס'האָט זיך געקליבן אָפּפאָרן א נ ס ע ל ם  ר אָ ט ש י ל ד אויך, אַ שעף פון דער באַנקפירמע, וואָס האָט זיך גיך פאַרצווייגט אין גאַנץ אייראָפּע און האָט געהאַט אין די הענט די פינאַנסן נישט פון איין קעניגלעכער דינאַסטיע. דעמאָלט האָבן זיך פראַנקפורטער רעגירער נעכאַפּט, דערהויפּט די פירער פונם דייטשן בונד־סיים „בונדעסטאַג", וואָס פלעגט זיך צונויפקומען אין דער פרייער שטאָט ביים מאַין. ס'איז זיך צונויפגעקומען אַן עקסטרע־באַראַטונג פון דעם בונדעסטאַג, וואָס האָט געהאַט געלט־געשעפטן מיט רויטשילדן, און האָט באַשלאָסן איינשטעלן אָרדנונג מיט אַ מיליטער־מאַכט; דאָס איז געווען גענוג: ס'איז שטיל געוואָרן! די פריי־שטאָט האַמבורג האָט אויך מקיים געווען די מצוה פון פּאָגראָם־מאַכן; פריער נאָך האָט די שטאָט באַוויזן העלדנמוט: זי האָט אָפּגענומען ביי יידן די גלייכבאַרעכטונג. האַמבורגער האָבן דאָס געמאַכט מיט אַ סדר: אין געוויסע טעג (דעם 21–24 אויגוסט) האָבן זיי געבראָכן שויבן, באַליידיקט וואו נאָר מ'האָט געטראָפן אַ יידן, געטריבן יידן פון עפנטלעכע ערטער. יידן האָבן זיך געפּרובט אַקעגנשטעלן, אָבער דער סענאַט האָט זיי שטרענג באַפוילן „אויסמיידן געלעגנהייטן צו רייסערייען". שוואַכער איידער אומעטום האָט זיך די פּאָגראָם־שטימונג געלאָזט פילן אין פּרייסן; דעמאָנסטראַציעס זענען פאָרגעקומען אין דיסעלדאָרף, אין דאַנציג און אַנד. די רעגירונג האָט דאָ געהאַלטן רעאַקציע פאַר איר מאָנאָפּאָל און האָט אַליין פּראַקטיקירט אַן אַנטיסעמיטישן פּראָגראַם. אַנטיסעמיטן האָבן זיך נישט געקאָנט באַקלאָגן און האָבן נישט באַדאַרפט אָנקומען צו גאַסן־פּאָגראָמען: די מאַכט האָט דאָס אַליין געטון אין דער געזעצגעבונג.

די פּאָגראָם=באַוועגונג האָט צוגעגעבן מוט דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, זי איז אַרויס מיט אַ ווילדער גאַסן=שפּראַך. סוף יאָר 1819 איז אַרויס אַ פּאַמפלעט „יודענשפּיגעל" פון איינעם אַן „אַדעלמאַן" גונט=ראַדאָווסקי. דאָ איז געווען אָפן געזאָגט: ברעכט, שלאָגט! דער מחבר זאָגט וועגן זיך מיט שטאָלץ, אַז כאָטש „ער האַלט, אַז הרגענען אַ יידן איז קיין זינד נישט און קיין פאַרברעך נישט, נאָר איבערגעטרעטן אַ פּאָליציי=פאַרבאָט", פונדעסטוועגן איז אים ליבער אַנדערש צו קעמפן קעגן יידן. די נייע מעטאָדע איז: פאַרקויפן וואָס מער יידן צו ענגלענדער, זאָלן זיי שטעלן יידן צו דער אַרבעט אויף די פּלאַנטאַציעס מעבר לים אָנשטאָט נעגערס; דאָס רעשט ביסל יידן זאָל מען מסרס זיין. יידן זאָלן זיך נישט קאָנען מערן, יידישע פרויען זאָל מען אָפּגעבן אין שאַנד=הייזער; אין ערגסטן פאַל קאָן מען פון זיי פטור ווערן אין דייטשלאַנד מיט פּאָגראָמען און אַרויסטרייבן „אַזוי ווי פרעה האָט דאָס געטון, אָדער אונדזערע בירגער אין מייניגנען, וויורצבערג און פראַנקפורט". גונטס פּאַמפלעט איז געווען אַזוי העסלעך, אַז די פּרייסישע רעגירונג אַפילו האָט אים געמוזט קאָנפיסקירן. דאָס ביכל איז זיך פונדעסטוועגן שטאַרק צעגאַנגען, אַזוי ווי אַנדערע שרייבעכטסן פון דעם סאָרט, וואָס האָבן גערייצט די געמיינסטע אינסטינקטן ביים המון. יידנהאַס איז אַזוי ווייט געוואָרן מאָדע, אַז פאַסטאָר טערעמין, דער דייטשער איבערזעצער פון בייראָנס „יידישע מעלאָדיעס", האָט געמוזט נעבאַך זאָגן אויף זיך אַזאַ התנצלות אין דער הקדמה: „איך פאַרהאָף, אַז מיט דער דאָזיקער איבערזעצונג באַגיי איך קיין בייז נישט קעגן קריסנטנטום, מ'וועט מיך נישט חושד זיין, אַז איך האַלט פיל נישט איז מיט יידן". צו אַזאַ ווילדשאַפט איז דאָס געקומען אין דייטשלאַנד: קריסטלעך האָט דאָ געהייסן אַזוי גוט ווי יידנפיינטלעך... אין איין ביכל ווערט שטאַרק גערימט זאַנדס העלדנטאַט, און דאָ דערביי רעדט זיך פון אַקטיוון „קריסטלעכן האַס" צו יידן, ס'וועט שוין קומען פאַר יידן דער „יום=הדין". דאָס איז געוואָרן פון „קריסטליכער ליבע" אין האַרצן ביי דער „דייטשיש=קריסטלעכער" גיזעלשאַפט!

די געשעענישן דאָס יאָר 1819 זענען געווען אומגעריכט פאַר דער יידישער אינטעליגענץ; זי האָט זיך נישט געריכט, אַז אַנטיסעמיטן זאָלן אַזוי גיך איבערגיין פון ווערטער צו מעשים. דער אַלטער דוד פרידלענדער האָט זיך אָנגערופן נאָר אויף דער אַנטיסעמיטישער העצע אין דער ליטעראַטור, 1) נישט אויף די גאַסן=פּאָגראָמען. ער האָט געקרעכצט אויף די פאַרגאַנגענע צייטן פון הומאַניזם און האָט נישט געפונען צו זאָגן קיין איין וואָרט, וואָס זאָל אָנווייזן אַן אויסוועג אין דער איצטיקער לאַגע. די געוועזענע שטערן פון די יידישע סאַלאָנען, העניריעטע הערץ און רחל וואַרנהאַגן, האָבן קורץ פאַר די פּאָגראָמען זיך אויף לעצט אָפּגעזעגנט מיט יידן: זיי האָבן זיך געטויפט. דער פיין פונם

1) זיין ביכל הייסט „שרייבער פונעם 19-טן יאָרהונדערט רודפן יידן" (1820).

פֿאַרלאָזטן פֿאָלק האָט זיי געקאָנט פֿאַרשאַפֿן אַ ביטער געפֿיל, אָבער דאָ אויפֿן אָרט האָט מען זיך געפֿינען אַ טרייסט: פֿאָגראָמען „מאַכט נישט דאָס פֿאָלק (דאָס דייטשע): אַזוינע פּראָפֿעסאָרן, ווי ריוס און פֿריס, און אַנדערע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען מיט פֿאַראורטיילן האָבן דאָס פֿאָלק אויסגעלערנט נאָר צו שרייען: „העפּ-העפּ" (אַזוי שרייבט רחל וואַרנהאַגן אין אַ בריוו.) ס'איז געווען אַ מאַן, וואָס וואָלט דאַמאָלס באַדאַרפֿט זאָגן דאָס שטאַרקע וואָרט די ווילדע ריטער פֿון קריסטלעכער מאָראַל, דאָס איז געווען לודוויק בערנע, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פֿון פֿראַנקפֿורטער געטאָ. אָבער צו יענער צייט האָט שוין בערנע נישט געקאָנט ריידן אַלס ייד פֿאַר יידן: אַ יאָר פֿאַר די פֿאָגראָמען האָט ער זיך געטויפֿט, כּדי מיט פֿרייע הענט צו קעמפֿן פֿאַר פּאָליטישער פֿרייהייט. נישט קיין יידישער ווי האָט זיך געהערט ביים פֿייערדיקן טריבון דאָס יאָר פֿון דייטשלאַנדס שאַנד און יידישע אינקוויזיציע, נאָר אַ דייטשער רעוואָלוציאָנערער פּראָטעסט (זע ווייטער § 14). אָבער יידן האָבן זיך עפּיס אָפּגעלערנט פֿון דעם פֿינסטערן יאָר: אַ סך פֿיינערע נאַטורן, האָבן אָנגעהויבן נאָכצוקלערן. אַסך, וואָס זענען געווען פֿאַרכישופֿט פֿון דער דייטשער קולטור און זענען שוין געשטאַנען מיט איין פֿיס אויף יענער זייט, האָבן זיך צוריקגעכאַפּט, מ'האָט אָנגעהויבן וועלן קענען דאָס היסטאָרישע יידנטום, ס'איז געוואָרן אַ פֿאַרלאַנג אויפֿצומונטערן דאָס איצטיקע יידנטום. אַזאַ באַוועגונג האָט געבראַכט צו געוויסע רעזולטאַטן אין יידישן גייסטיקן לעבן; מיר וועלן דאָס ווייטער זען.

## § 3. דער שטרייט אין פֿראַנקפֿורט, קנעכטשאַפֿט אין די פֿריישטעט.

די דייטשע געזעלשאַפֿט האָט מלחמה געהאַלטן קעגן יידן, רעגירונגען האָבן אויך נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק; יעדע רעגירונג אין די דייטשע לענדער האָט געפֿירט דעם קריג אויף איר שטייגער. אָנגעהויבן האָבן די פֿריי-שטעט; זיי זענען נאָך אויפֿן ווינער קאָנגרעס באַשטאַנען אויף זייער רעכט צו האַלטן יידן אויף אַ קייט. די צווייידייטיקע רעדאַקציע פֿון פּונקט 16 אין די „בונדעס-אַקטן" האָט אויפֿגעבונדן די הענט פֿראַנקפֿורט און אַנדערע פֿריישטעט; זיי האָבן גענומען צוריק איינפֿירן יידישע רעכטלאָזיקייט אַזוי ווי זי האָט אויסגעזען פֿאַר די פֿראַנצויזישע „נייע מאָדעס". די קורצע צייט פֿרייהייט איז אָבער פֿאַר יידן נישט פֿאַרלאָרן געגאַנגען: דאָס זענען שוין געווען נישט אַמאָליקע דער שלאָגענע געטאָ-יידן, וואָס האָבן הכנעהדיק געטראָגן דעם יאָך, נאָר מענטשן, וואָס ווייסן שוין צו קעמפֿן פֿאַר רעכט. פֿראַנקפֿורטער יידן האָבן געוויזן, ווי אַזוי בייצושטיין זייער רע[illegible]. 10 יאָר האָט געדויערט זייער געראַנגל מיטן פֿראַנקפֿורטער סענאַט (1814-1824); ס'האָבן זיך אַריינגעלייגט: דער ווינער קאָנגרעס, דער בונד-סיים אָדער „בונדעסטאַג", יורידישע פֿאַקולטעטן, די פּרעסע.

אויסגעלאָזט האָט זיך מיט אַ פּשרה: מער געווונען האָט דער שטאַרקערער איי־
דער דער גערעכטער, אָבער ס'איז קלאָר געווען, אַז יידישע דערשלאָגנקייט
האָט זיך שוין געפּעלט אויף אייביק.

נאָכן ווינער קאָנגרעס האָט דער פראַנקפורטער סענאַט גענומען צוריק
איינפירן דעם אַלטן רעזשים פאַר יידן: צוריק די געטאָ, די נאָרם פאַר יידישע
חתונות, די באַגרעניצן אין פראָפעסיעס. די יידישע קהלה איז אַרויס מיט אַ
שטאַרקן פּראָטעסט. זי האָט דערלאַנגט דעם „בונדעסטאַג" אַ היפּשן מעמאָראַנדום
(נאָוועמבער 1816); דער פאַרשטעלטער מחבר פון דעם איז געווען לודוויק בער־
נע, דער קינפטיקער פלאַמפייער פון דעם „יונגן דייטשלאַנד". אין מעמאָראַנדום
ווערן געבראַכט וויכטיקע יורידישע און פּאָליטישע ראיות, וואָס באַווייזן, אַז
פראַנקפורטער סענאַט האַנדלט אומגערעכט קעגן יידן: ער איז מבטל הן דעם
יידישן אָפּמאַך מיטן געוועזענעם גזוצעלעכן רעגירער, הערצאָג דאַלבערג, הן
דעם אמתן זין פון דעם באַשלוס אין ווינער קאָנגרעס, אַז יידן בלייבן ביי זיי־
ערע רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען ביזן קריג. דער בונדעסטאַג האָט איבער־
געשיקט דעם מעמאָראַנדום דעם פראַנקפורטער סענאַט און געבעטן אַ דערקלע־
רונג. דער סענאַט האָט אָפּגעענטפערט (מאַי 1817) אויף אַלע יידישע „פּרעטענ־
זיעס": פראַנקפורטער שטאָט־רעגירער האָבן שטאָקאַלטע פּריווילעגיעס, דאָס יאָר
1616 האָבן זיי אויף דעם סמך געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט יידן, אַריינגעלאָזט זיי
קיין פראַנקפורט, אָבער אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל און מיט באַגרעניצטע רעכט.
אַ פרעמדע הערשאַפט האָט די לעצטע יאָרן געענדערט די דאָזיקע אָרדנונג,
איצט אָבער ווען די אָרטיקע מאַכט איז צוריק גילטיק, דאַרף צוריק גילטיק זיין
דער אַלטער אָפּמאַך אויך. צום ענטפער האָט דער סענאַט צוגעלייגט אַן „איי־
זערנעם" דאָקומענט: די מיינונג פונם יורידישן פאַקולטעט פון בערלינער אוני־
ווערסיטעט, מיט חתימות פון סאַוויניאי און אייכהאָרן, די פירער פון דער רעאַק־
ציאָנערער „היסטאָרישער רעכטשול". דער פאַקולטעט האָט געבראַכט אַזוינע
ראיות: אין מיטלאַלטער זענען יידן געווען „קאַמערקנעכט", (קסרים'ס קנעכט);
אין פראַנקפורט האָבן קסרים אָפּגעטרעטן זייער מאַכט אויף די דאָזיקע קנעכט
דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג; בכן קאָן די דאָזיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג
טון מיט יידן, וואָס זי וויל. ס'איז נישט אין דעם בונדעסטאַגס רשות צו מישן
זיך אין אַזאַ פראַגע, וואָרום דאָס איז אַן אינעווייניקסטער ענין אין דער פאַר־
וואַלטונג ביי דער פריישטאָט.

פראַנקפורטער קהלה האָט אָפּגעענטפערט אויף דער מיינונג פון בערלינער
יוריסטן, וואָס ווילן איינרעדן, אַז געטאָ און קנעכטשאַפט דאַרפן ווייטער עקסיס־
טירן, ווייל אונטערדריקער האָבן דערויף אַן אַלטע פּריווילעגיע. די קהלה האָט
דערלאַנגט דעם בונדעסראַט אַ צוגאָב צו איר ערשטן מעמאָראַנדום: אויב דער
סענאַט און זיינע יוריסטן פאַררופן זיך אויף געשיכטע, איז פאַרוואָס הויבן זיי
אָן פון מיטלאַלטערישע „קאַמערקנעכט", נישט פון פריערדיקע צייטן, ווען יידן

האָבן זיך געמעגט באַזעצן אין אַלטן דייטשלאַנד, אַלס פרייע בירגער פון דער רוימישער אימפּעריע? יידן האָבן זיך קיינמאָל נישט געהאַלטן נישט פאַר קיין קנעכט, נישט פאַר קיין לייב-אייגענע; אויף זיי האָבן געהאַט צו זאָגן קסרים, נישט קיין שטעט; בכן האָט הערצאָג דאַלבערג, דער געזעצלעכער איבערנעמער פון דער העכסטער מאַכט אין פראַנקפורט, געהאַט רעכט צו גלייכבאַרעכטיקן יידן. אַקעגן דער מיינונג פון בערלינער פאַקולטעט האָט די קהלה צוגעשטעלט אַ מיינונג פון גיסענער אוניווערסיטעט. דער בונדעסטאַג האָט רעכט צו מישן זיך אין דעם שטרייט, וואָרום ער דאַרף אַכטונג געבן אויף די בונדעס-אַקטן, און אין די דאָזיקע אַקטן איז פאַראַן אַ פונקט וועגן לאָזן יידן ביי זייערע רעכט אויך. דער סענאַט האָט ווידער אָפּגעענטפערט (אָקטאָבער 1817) מיט אַ פּלפּול: יידן זענען געוואָרן גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אין פראַנקפורטער גרויסה ערצאָגטום, וואָס איז געוואָרן אין נאַפּאָלעאָנס צייטן, נישט אין דער פריישטאָט פראַנקפורט; איצט איז אויס הערצאָגטום, ממילא איז אויס גלייכבאַרעכטונג, בכן איז די שטאָט-מאַכט ווידער בעל-הבית אויף יידן. 1)

דער בונדעסטאַג האָט אויסגעהערט ביידע צדדים און האָט איבערגעגעבן די זאַך אין אַ קאָמיסיע, זי זאָל באַהאַנדלען די פראַגע און דערלאַנגען אַ פּשרה צווישן די צדדים (1818). מ'האָט זיך אָנגעהויבן דינגען, וואָס פאַר אַ רעכט וואָלט די שטאָדט געקאָנט געבן יידן. די שטאָדט-רעגירער זענען באַשטאַנען אויף אַזאַ הסכם: יידן בלייבן אין שטאָט אַלס „שוצגענאָסן", די געטאָ ווערט גרעסער, ס'בלייבט אָבער: אַ נאָרם פאַר יידישע חתונות, באַגרעניצן אין פּראָפעסיעס און דער גאַנצער אַפּאַראַט, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף יידישער רעכטלאָזיקייט. די יידישע קהלה איז געוואָרן אויפגעבראַכט פון אַזאַ פאָרשלאַג און האָט שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן דעם: יידן ווילן זיך נישט אומקערן צוריק צום רעזשים פון „שוץ-יידן", אומעטום זאָל דאָס גיין פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט, נישט פאַרקערט. די פּשרה-קאָמיסיע פונם בונדעסטאַג האָט פאָרגעלייגט דעם סענאַט, ער זאָל נישט באַשטיין אויפן נאָמען „שוץ-יידן" און זאָל נאָכגעבן נאָך אין אייניקע פּרטים. אין סענאַט גופא איז וועגן דעם געווען פאַרשידענע מיינונגען. אַ ספּעציעלע סענאַט-קאָמיסיע האָט פאָרגעלייגט אַזוינע הנחות: פאַר יידן זאָל גילטן דער נאָמען „איזראַעליטישע בירגער", מ'זאָל זיי גרינגער מאַכן אין פּראָפעסיעס, ס'בלייבט אָבער אַ נאָרם פאַר חתונות. די יידישע קהלה איז גרייט געווען איינגיין אויף אַזאַ פּשרה, בתנאי דער סענאַט זאָל געבן נאָך אייניקע הנחות אין פּראָפעסיעס, דערהויפּט אָבער האָט זי געפאָדערט, אַז די פּשרה זאָל פערפעסטיקט ווערן אַלס

1) די דאָזיקע אַלע מעמאָראַנדומס און אָפּענטפערן זענען געווען נישט נאָר פאַר קאָנצעלאַריעס אַליין, נאָר פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. ביידע צדדים האָבן פּובליקירט זייערע מעמאָראַנדומס און די מיינונגען פון די פאַקולטעטן אין ספּעציעלע בראָשורן און פאַרשפּרייט פאַר אַגיטאַציע-צוועקן. וועגן דער פּאָלעמישער ליטעראַטור צו מעשה-פראַנקפורט זע די ביבליאָגראַפיע צום איצטיקן פּאַראַגראַף.

אַן אָפּמאַך צווישן צוויי צדדים, צווישן סענאַט און דער יידישער קהלה, נישט אַלס אַ רעגלאַמענט, וואָס דער סענאַט לאָזט אַליין אַרויס פון זיך און קאָן אים אַלע מאָל אָפּשאַפן. דער גאַנצער סענאַט האָט אָבער נישט צוגעשטימט נישט צו זיין אייגענער קאָמיסיע, וועגן דעם נאָמען „איזראַעליטישע בירגער" (יידן, הייסט דאָס, זענען דאָך נאָר בירגער!), נישט צו דער פאָדערונג פון דער יידישער קהלה, אַז דאָס זאָל זיין אַן אָפּמאַך, נישט די שטאָט-רעגירער זאָלן קאָנען טון, וואָס זיי ווילן. ביי דעם דינגען זיך איז דאָס געבליבן דאָס יאָר 1819, יענץ יאָר איז דאָס אגב געקומען צו גאַסן-אומרוען אין פראַנקפורט אויך.

פראַנקפורטער יידן האָבן געזען, אַז אַליין וועלן זיי דעם סענאַט נישט איבערשפאַרן, האָבן זיי זיך געווענדעט קיין ווין צום געוויסן מעטערניך'ן, דעם ראש וראשון אין דייטשן בונד, דעם אָפיציעלן היטער פון די „בונדעסאַקטן". פון ווין האָט מען געגעבן אָנצוהערן פראַנקפורטער סענאַט, אַז אויב ער וועט זיין איינגעשפאַרט און וועט דוקא באַשטיין אויף זיין יידנפיינטלעכער פּאָליטיק, נישט געקוקט אויף די „בונדעסאַקטן", וועט דער בונדעס ראַט אַליין פאַרענט-פערן די פראַגע. אויף דעם סענאַט האָט אָבער געווירקט נאָך אַ צד: פראַנק-פורטער בירגער האָבן ציטעריק אָפּגעהיט זייערע קרעמערישע אינטערעסן און נישט געוואָלט הערן פון קיינע הנחות יידן. אין איינעם אַ בירגערישן פאַמפלעט איז געזאָגט אַזוי: „זאָלן מיר נאָר אָננעמען דעם ליבעראַלן פּראָיעקט וועגן יידיש וואָרענרעכט און האַנדל, אַזוי האָבן מיר ביי זיך אַ פאַרטיק ניי-ירושלים; אין 20 יאָר אַרום וועלן אונזערע קינדער און אייניקלעך מוזן אָפּגעבן דרך-ארץ יידן, און מ'וועט אונז פאַריאָגן אין אַ ספּעציעלער קריסטנגאַס". מחמת דער דאָזיקער אַגיטאַציע האָט דער סענאַט זיך נישט צוגעהערט צו וויגער הזהרות און האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן אין קיין פּרט; די אונטערהאַנדלונגען זענען איבער-געריסן געוואָרן אויף אַ לענגערע צייט.

אָנגעהויבן האָבן זיך די אונטערהאַנדלונגען ווידער אָנהויב יאָר 1824, ווען די יידישע קהלה האָט ווידער געשטעלט דער קאָמיסיע ביים בונדעסטאַג די פראַגע: צי האַלט די קאָמיסיע מיט דעם פּאָזיטיוון קוק פון דער קהלה, אַז יידן זענען בירגער, נאָר זיי זענען מותר אַ טייל רעכט זייערע פון שלום-וועגן, אָדער די קאָמיסיע איז מסכים מיטן נעגאַטיוון קוק פונם סענאַט, אַז יידן האָבן קיין רעכט נישט, נאָר דער סענאַט גיט זיי געוויסע רעכט לויט אַן אָפּמאַך. דאָס-מאָל האָט די קאָמיסיע זיך געשטעלט קלאָר אויף יידנס צד: זי האָט געגעבן איר הסכם אויף דעם נאָמען „איזראַעליטישע בירגער", דער נייער יידנרעגלאַ-מענט זאָל זיין אַן אָפּמאַך, נישט קיין געזעץ (וואָרום ס'איז נישט מיגלאַך, אַז איין צד זאָל מאַכן געזעצן פאַרן אַנדערן צד). די קאָמיסיע האָט אויך געפאָדערט, דער אָפּמאַך זאָל וואָס גיכער צושטאַנדקומען, וואָרום איבער דער אומבאַשטים-טער לאַגע איז דאָס געקומען צו העסלעכע אָנפאַלן אויף יידן דאָס יאָר 1819. די קאָמיסיע האָט אויך איינגעזען, אַז 15 חתונות אַ יאָר אויף 3000 יידישע

נפשות אַזוי ווי דער סענאַט וויל „איז אומנאַטירלעך און אומאָראַליש״; דאָס מוז ברענגען צו אומזיטלעכקייט אָדער צו פעלשן אין געזעץ.

דעם בונדעסטאַג׳ס פּאַרמיטלעריי האָט איצט געהאַט אַ פּעולה. צווישן דער יידישער קהלה און דעם סענאַט איז געוואָרן אַן אויסגלייך. דער אויסגלייך איז פעסטגעשטעלט אין אַ רעגלאַמענט, וואָס דער בונדעסטאַג גאַראַנטירט פאַר אים (1 סעפטעמבער 1824): „איזראַעליטישע בירגער״ תושבים אין פראַנקפורט זענען אַ באַזונדער קהלה, זי באַטייליקט זיך נישט אין דער שטאָט-פּאַרוואַלטונג און האָט זיך איר אייגענע פירונג. יידן מעגן וואוינען אין דער גאַרער שטאָט, מעגן פאַרווערבן הייזער, אָבער נישט מער ווי צו איין הויז אויף אַ פאַמיליע, זיי מעגן מאַכן נישט מער ווי 15 חתונות אַ יאָר (דער דאָזיקער ווילדער פּונקט איז אינגיכן פאַרבעסערט געוואָרן, דאָס יאָר 1834 איז ער גאָר אָפּגעשאַפט געוואָרן). די צאָל יידישע הענדלער איז נאָרמירט (די נאָנטסטע צייט נישט מער פאַר 200 הענדלער); יידן טאָרן נישט האַנדלען מיט אייניקע זאַכן: מיט מעל, פרוכטן, באַהייצונג. אין 6 יאָר אַרום טאָרן יידן בעלי-מלאכות און פאַבריקאַנטן נישט האַלטן ביי זיך קיין קריסטלעכע אַרבעטער.

יידן זענען געוועזן מיד פון 10 יאָר ראַנגלען זיך, האָבן זיי געמוזט איינגיין אויף אַזאַ רעגלאַמענט, וואָס זאָל גילטן אָנשטאָט דעם אַקט עמאַנסיפּאַציע פריער. אָבער ווי נאָר יידן האָבן אויפגעהערט צו שטרייטן פאַר זייער רעכט און האָבן גענומען איינגיין אויף פשרות, האָבן זיי וואָס ווייטער געמוזט אַלץ מער נאָכגעבן. זיי האָבן נאָכגעגעבן איבריקס אין דער פראַגע וועגן קהלה׳שער זעלבסטפאַרוואַלטונג. דער סענאַט האָט אָפּגענומען ביי דער יידישער קהלה דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, און אַקעגן האָט ער זיך געלאָזט דאָס רעכט צו מישן זיך און האָבן אַ דעה אין דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. דער סענאַט האָט באַשטעטיקט אַזאַ סטאַטוט פאַר דער יידישער קהלה: דער סענאַט באַשטעטיקט גלידער פאַר דעם פאָרשטאַנד (קהלה-פאַרוואַלטונג); אויבן-אָן אין פאָרשטאַנד זיצט דעם סענאַטס אַ קאָמיסאַר; אָן דעם קאָמיסאַרס הסכם איז קיין באַשלוס פונם פאָרשטאַנד נישט גילטיק; דער קאָמיסאַר קאָנטראָלירט סיי די ווירטשאַפט פון דער קהלה, סיי די רעליגיעזע ענינים אויך, ווי ווייט זיי שטימען מיט מלוכה-געזעצן. געקומען איז צו אַזאַ העסלעכן מישן זיך אין אינעווייניקסטע יידישע ענינים מחמת דער שפּאַלטונג אין דער קהלה גופא צווישן אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן (זע ווייטער § 11): יעדער צד האָט געזוכט אַ פּראָטעקציע ביים סענאַט און האָט ממילא געמאַכט אַ פרעמדע, אַ פיינטלעכע מאַכט פאַר דעה-זאָגער איבער יידישע גייסטיקע ענינים. דערפון נעמט זיך, וואָס אין רעכטן ברען רעפאָרמאַציע-שטרייט אין דער קהלה (1839) האָט דער סענאַט געהאַט די העזה צו זאָגן מיט אַן אויטאָריטעטן טאָן: „ער איז תמיד גרייט זיך קעגנשטעלן קעגן אַלצדינג, וואָס באַליידיקט דאָס געוויסן פון גלויביקע איזראַעליטן און וואָס ענדערט דעם נוסח פון דאַוונען, ער

וועט אָבער שטיצן אַלצדינג, וואָס ס׳פאָדערט זיך פאַר אמת׳ער רעליגיעזער דערציאונג לויט דעם צושטאַנד פון פּראָגרעס היינטיקע צייט". „איזראַעליטישע בירגער" זענען אַזוי ווייט געפאַלן, אַז זיי האָבן געקאָנט דערלאָזן, פראַנקפורטער סענאַט, וואָס האָט יידן באַרויבט זייערע בירגער-רעכט, זאָל ווערן אַ שיצער פון יידישקייט לויט זיין גוסט נאָך! יידן האָבן אָבער דאָ נישט איינגעזען קיין שום באַליידיקונג פאַר זיך. דער היסטאָריקער יאָסט, אַן אָנגעזעענער טוער אין דער פראַנקפורטער קהלה יענע צייט, האַלט אַזאַ איינפיר פאַר „דורכאויס צוועקמעסיק".

אין פראַנקפורט האָט דאָס געדויערט 10 יאָר, איידער רעגירער האָבן גובר געווען יידישע גלייכבאַרעכטונג, אין אַנדערע פרייסטעט איז זיי דער „נצחון" אָנגעקומען גיכער. אין פראַנקפורט האָבן יידן כאָטש געקאָנט האָבן אַ טענה: זיי האָבן באַקומען גלייכבאַרעכטונג פון הערצאָג דאַלבערגס הענט, דער געזעצלעכער רעגירער יענע צייט; אָבער אין האַמבורג, ליובעק, ברעמען האָבן יידן באַקומען גלייכבאַרעכטונג פון פראַנצויזישע אָקופּאַנטנס הענט, ממילא האָבן זיי זיך נישט געקאָנט פאַררופן אויף ווינער „בונדעסאַקטן". דאָ האָט די פּרעפּאָזיציע (דאָס פירוואָרט) „פון" אין דעם פונקט 16 אין „בונדעסאַקטן" אנשטאט „אין" (§ 1) געגאָלטן אַזוי גוט, אַז יידישע גלייכבאַרעכטונג איז, אויס, יידן דאַרפן זיך אומקערן „אין זייער רו אַריין". אין האַמבורג איז פּאָליטיק איינגעשטאַנען ביי די קריסטלעכע סוחרים אין די הענט, וואָס בערנע האָט אויף זיי געזאָגט: זיי האַסן יידן „נישט ווייל זיי פאַרדינען דאָס, נאָר ווייל זיי פאַרדינען". דעריבער האָט מען געזען צו שטיקן יידן דערהויפּט אין עקאָנאָמישן פרט. יידן אין האַמבורג (כמעט 10 טויזנט נפשות) האָבן זיך נישט געטאָרט באַשעפטיקן מיט קיין צעך-מלאכות, אפילו, אַלס מייסטערגעזעלן און יינגלאַך אויך נישט; יידן האָבן נישט געטאָרט פאַרקויפן קיין שפּייזוואַרג לאחדים, נישט געטאָרט הויזירן. אין צאָך קוואַרטאַלן האָבן יידן נישט געטאָרט נישט וואוינען, נישט פאַרווערבן קיין נחלה. יידן האָבן נישט געטאָרט זיין קיין שניידער, קיין שוסטער אָבער קיין אַדוואָקאַטן, קיין דאָקטוירים אויך נישט. יידן-יוריסטן האָט מען נישט צוגעלאָזט צו אַדוואָקאַטור, יידן-דאָקטוירים האָבן נישט געקאָנט פריי פּראַקטיקירן. די גאַסן-דעמאָנסטראַציעס קעגן יידן דאָס יאָר 1819 האָבן געגעבן רעאַקציאָנערן אַ פאַרענטפערונג אויף זייער העסלעכער יידן-פּאָליטיק: יידן, הייסט דאָס, טאָר מען נישט גלייכבאַרעכטיקן, ווארום דאָס פאָלק האַסט זיי. דאָס יאָר 1830 איז אין האַמבורג אונטערן איינדרוק פון דער יולי-רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציע; דער המון איז דערביי באַפאַלן יידן. אַנטיסעמיטן האָבן דאָ איינגעזען אַ בעשטעטיקונג, אַז זייער פּאָליטיק איז ריכטיק. דאָס יאָר 1834 האָט אַ גרופּע יידישע טוער, מיט דעם יונגן פּובליציסט ריסער אויבן-אָן, דערלאַנגט אַ פּעטיציע דעם האַמבורגער שטאָט-ראַט, מ׳זאָל יידן צולאָזן צו מלאכות און צו אַדוואָקאַטור. די בירגער האָבן אַזוינס נישט גע-

וואָלט ליידן, האָבן זיי פּראָוואָצירט אַ געשלעג צווישן קריסטן און יידן און אַ טראַקטיר און אין גאַס (1835); נאָכדעם איז שוין געווען אַ תירוץ: מ׳קאָן נישט איבעררײַסן די געזעצן וועגן יידן „ביז ס׳וועט נישט רואיק ווערן". אין אַזאַ בירגער־קנעכטשאַפט האָט געמוזט שמאַכטן איינע פון די קולטורעלסטע יידישע קהלות אין דייטשלאַנד—ביז דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848.

נאָך גרינגער איז די רעגירער אָנגעקומען אַ נצחון איבער יידן אין די שטעט ליובעק און ברעמען. דאָ איז געווען אַן אויסרייד, אַז יידן האָבן זיך גאָר נישט געטאָרט באַזעצן אויף דער פאַרבאָטענער ערד. דער יידנפיינטלעכער סענאַט אין ליובעק האָט אויסגעטייטשט דעם פּונקט 16 אין די „בונדעסאַקטן" אַזוי ווי אים האָט געלוינט און האָט געהייסן אַלע 66 פאַמיליעס יידן, וואָס האָבן זיך „אומגעזעצלעך" אַליין באַזעצט דאָ, אַרויסקלייבן זיך פון דאַנען (סעפּטעמבער 1815). יידן זענען באַשטאַנען אויף זייער רעכט און האָבן נישט געוואָלט פאָלגן אַזאַ אוממענטשלעכן באַפעל; דעמאָלט האָט מען פאַר׳חתמ׳עט יידישע קראָמען און קאָנפיסקירט די סחורה (1816). זיי האָבן געמוזט פאַסירן די שטאָט, און באַזעצט זיך דאָ דערבײַ אין דעם ישוב מאָיסלינג, וואָס פון דאָרט האָבן זיי זיך פריער איבערגעצויגן קיין ליובעק. די פרייַשטאָט ברעמען האָט אויך אַזוי קיין לאַנגע שהיות נישט געמאַכט מיט איר „יידנפראַגע".

## § 4 דער נצחון פון דער רעאַקציע אין פרייסן (1830—1815)

דער וועגווייזער אין דער רעאַקציע אין דייטשלאַנד איז געווען פרייסן. דאָס לאַנד פון אַ הויכער גייסטיקער קולטור האָט שטענדיק געצויגן צו דער נידריקסטער פּאָליטישער קולטור: פריער צו אַבסאָלוטיזם, איצט צו דער ערגסטער מאָנאַרכיסטישער קאָנסטיטוציע. די גייסטיקע קולטור גופא פלעגט דאָ אָפט אַקעגנקומען דער רעאַקציע. אין דעם נייעם אוניווערסיטעט אין בערלין איז געבוירן געוואָרן די אידעאָלאָגיע פון אַ דייטשיש־קריסטלעכער מלוכה, וואָס האָט פאַרקנעכט דייטשלאַנד אויף 30 יאָר דורכאַנאַנד. סאַוויניי און אייכהאָרן, די רעאַקציאָנערע אויפטוער פון דער „היסטאָרישער רעכט־שול", האָבן דאָ גערעדט פון די קאַטעדערס אין אוניווערסיטעט, אָפט האָבן זיי זיך געלאָזט הערן פון מיניסטאָרישע קאַנצעלאַריעס אויך; צו דער דאָזיקער שול האָט געהערט פּראָפעסאָר ריוס אויך, וואָס האָט צעבלאָזן יידנפיינטשאַפט איבער גאַנץ דייטשלאַנד. די שטימונג ביי די דעה־זאָגערישע קרייזן־געזעלשאַפט האָט גאָר און גאָר הארמאָנירט מיט דעם קעניגס שטימונג: פרידריך ווילהעלם דער III האָט געהאַלטן, אַז דער באַפרייקריג און דער נצחון האָבן אים פריי געמאַכט פון אַלע ליבעראַלע הבטחות, וואָס ער האָט געגעבן דעם פאָלק די שלעכטע יאָרן פון פראַנצויזישער הערשאַפט. ווען מ׳האָט באַדאַרפט מונטערן דאָס פאָלק צו דער

„גרויסער פעלקער־שלאַכט״, האָט מען אים צוגעזאָגט איינפירן אַ פאַרלאַמענט־רעזשים ווי נאָר דער קריג וועט זיך אויסלאָזן. איצט, ווען דער קריג איז געווען אויס, האָט מען געהאַלטן אין איין אָפּלייגן דעם צוזאָג, און צולעצט איז מען אַרויס מיט אַ חוזק אויף פאַרלאַמענטאַריזם: מ׳האָט איינגעפירט פּראָווינציעלע לאַנדטאַגן, דערהויפּט פאַר דעם אַדעל און גייסטלעכע (1823). דער געטרייער היטער פונם „הייליקן בונד״, דער פרומער פּרייסישער קעניג, האָט ציטעריק געהיט זיינע אינטערעסן פון אַ מאָנאַרך — אַ זעלבסטהערשער קעגן פאָלק; אַלס אַ הויפּטמאַן פון אַ „קריסטלעכער מלוכה״ האָט ער געהיט אינטערעסן פון קריסטן קעגן יידן.

יידן האָבן איינגיכן דערפילט דעם דאָפּלטן יאָך רעאַקציע: אַלס פּרייסישע בירגער און יידן דערצו. דאָס געפאַלענע פּרייסן האָט דערהויבן יידן צו דער מדרגה בירגער; דאָס געהויבענע פּרייסן האָט געשטרעבט צו דערנידערן יידן כמעט צו דער פריערדיקער מדרגה רעכטלאָזיקייט. דער אַקט עמאַנסיפּאַציע דאָס יאָר 1812, וואָס מ׳האָט אויסגעריסן ביי אַ קעניג פון אַן אַרומגעפליקט פּרייסן, האָט נישט געפּאַסט מער פאַר אַ גליד פונם „הייליקן בונד״, פאַר אַ הערשער פון אַ גרויס־פּרייסן. פּרייסן האָט דאָס יאָר 1815 צוריק באַקומען אַלע אָנגעוואָרענע פּראָווינצן און אַסך נייע (טיילן פון זאַקסן, פון וואַרשעווער הערצאָגטום, פון וועסטפאַלן, און פון רייַנער פּראָווינצן). אין גאַנץ פּרייסן איז געווען 200.000 יידן. די רעסטאַווראַציע האָט געהאַט פאַר זיי איר פּראָגראַם. גלאַט צונעמען ביי פּרייסישע יידן די גלייכבאַרעכטונג, וואָס דערזעלבער קעניג האָט געגעבן, איז ניט מיגלעך געווען: מ׳האָט נישט געקאָנט מעיז זיין קעגן דעם פּונקט 16 אין די „בונדעס־אַקטן״, אַז יידן דאַרפן בלייבן ביי זייערע רעכט; האָט מ׳גן זיך אַן עצה געטון: פון דעם יאָר 1816 אָן פירט די פּרייסישע רעגירונג איין אַ חלוק פון אַלטע ביז נייע פּראָווינצן: אין די אַלטע פּראָווינצן גילט דער אַקט עמאַנסיפּאַציע פונם יאָר 1812; אין די נייע פּראָווינצן בלייבט די רעכטלעכע לאַגע, וואָס האָט געגאָלטן פאַר יידן דעם מאָמענט, ווען זיי זענען פאַראייניקט געוואָרן צו פּרייסן. און אַזוי ווי די נייע פּראָווינצן האָבן פריער געהערט צו פאַרשידענע מלוכות מיט פאַרשידענע געזעצן, פון מיטלאַלטערישע זאַקסישע געזעצן ביז ליבעראַלע פראַנצויזישע דעקרעטן, בכן האָבן אין פּרייסן געגאָלטן צוואַנציק פאַרשידענע סיסטעמען פאַר יידן. אין אייניקע ערטער האָט מען זיי געהאַלטן פאַר „מלוכה־בירגער״, אין אַנדערע — פאַר קוים „טאָלערירטע״ „שוציידן״, דאָ ערגיץ האָבן זיי גענאָסן אַלע בירגער־רעכט און אפילו אַ טייל פּאָליטישע רעכט אויך, און דאָרט האָבן זיי נאָך נישט געהאַט קיין מענטשלעכע רעכט, נישט געטאָרט פריי פאַרקערן און טון. ס׳זענען געווען יידן פּרייסישע בירגער (לויטן געזעץ פון יאָר 1812), פראַנצויזיש־פּרייסישע, וועסט־פאַלן־פּרייסישע, פּויליש־פּרייסישע בירגער (אין פּויזן) א. אַז. וו. אין די פּראָווינצן, וואָס מ׳האָט אָפּגענומען ביים געוועזענעם וועסטפאַלער קעניגטום, וואָס קעניג זשעראָם האָט דאָרט עמאַנסיפּירט יידן,

האָט מען געמוזט איבער די „בונדעסאַקטן” לאָזן יידן ביי גלייכבאַרעכטונג, אָבער ביסלעכווייז האָט מען דאָס גענומען פאַרשמעלערן: יידן האָט מען ראשית נישט צוגעלאָזט צום אָרטיקן לאַנדטאַג, צווייטנס האָט מען אָפּגעשאַפט די יידישע קהלה־אויטאָנאָמיע (די יידישע קאָנסיסטאָריעס). אין די ריין־פּראָווינצן, וואָס זענען צוגעקומען פון פראַנקרייך (קעלן, קאָבלענץ, אאַכן) האָט די פּרייסישע רעגירונג געהאַט אַ געזעצלעכן אויסרייד אָפּצושאַפן די גלייכבאַרעכטונג: דאָ האָט נאָך געגאָלטן נאַפּאָלעאָנס „שענדלעכער דעקרעט” פונם יאָר 1808, אַז די עמאַנסי־פּאַציע ווערט אָפּגעשאַפט אויף צען יאָר (זע פריערדיקן באַנד, § 24). דאָס יאָר 1818, ווען דער טערמין האָט זיך אויסגעלאָזט, האָט די פּרייסישע רעגירונג פאַרלענגערט דעם דעקרעט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. נאַפּאָלעאָן איז דאָ געווען פאַרהאַסט, אָבער זיין ערגסטער דעספּאָטיזם האָט דאָ געהאַט אַסך חן און מ'האָט דאָס גערן נאָכגעטון.

בכן זענען יידן אין פּרייסן געווען צעזעצט אין 20 שטייגן און אויף זיי האָבן געהאַט צו זאָגן 20 „יידן־קאָנסטיטוציעס”; אַ ייד האָט נישט געטאָרט איבער־ציען פון איין פּראָווינץ אין אַן אַנדערער: דאָרט גילט שוין אַן אַנדער קאָנסטי־טוציע (18 פעברואַר 1818). יידן הייסט דאָס זענען צוגעשמידט געוואָרן צו יע־דער פּראָווינץ באַזונדער. דערהויפּט זאָרג אָבער פונם פּרייסישן קעניג און פון זיין רעגירונג איז געווען צו רעגולירן די יידישע לאַגע אין קרוין־פּרייסן. די פּרייסישע קריסטלעכע מלוכה־טוער איז דאָ געלעגן אַ שטיין אויפן געוויסן: יידי־שע עמאַנסיפּאַציע פונם יאָר 1812. די צוגעאיילטע רעפאָרם האָט מען באַדאַרפט ווי ס'איז פאַרריכטן, אומענדערן אָדער טיילווייז אָפּשאַפן דעם עדיקט עמאַנסי־פּאַציע און דערביי יוצא זיין קעגן די „בונדעסאַקטן”, וואָס האָבן געהייסן, אַז יידן בלייבן ביי זייערע רעכט. בכן האָבן מלוכה־מענער אין פּרייסן געבראָכן דעם קאָפּ און באַוויזן אמתע קונצשטיק (פון יאָר 1813 אָן), ווי אַזוי מ'שווינ־דעלט מיטן געזעץ דורך פּירושים, „דערווייליקע תקנות”, צירקולאַרן. די גלייכ־באַרעכטונג ווערט דאָ אָפּגענומען שטיקלעכווייז, צומאָל זייער גראָב און העסלעך.

פריער האָט מען געמאַכט אויס מיט יידישע פּאָליטישע רעכט: דאָס איז גרינגער געווען צו טון, ווייל אין דעם עדיקט גופא איז געזאָגט געוואָרן, אַז פּאָליטישע רעכט זאָלן יידן באַקומען „מיט דער צייט”. מ'האָט נישט צוגעלאָזט יידן צו קיין מלוכה־שטעלעס, אַפילו אַזוינע, וואָס האָבן געדינט אין דער אַרמיי: מ'האָט זיך נישט געשעמט אָפן זאָגן, פאַרוואָס: „כאָטש אַזוינער און אַזוינער האָט זיך באַטייליקט מיטן גוטן ווילן אין די שלאַכטן די יאָרן 1813—1814 און האָט דאַריבער רעכט, מ'זאָל אים פאַרזאָרגן מיט אַ מלוכה־שטעלע, קאָן אים פונ־דעסטוועגן זיין רעכט נישט נוצן, ווייל ער געהערט צו דער יידישער „אמונה” (1826). יידישע ליבעראַלע פּראָפעסיעס האָבן געהאַט אויסצושטיין גענוג בזיונות: יידן־יוריסטן האָט מען נישט צוגעלאָזט אין אַדוואָקאַטן־שטאַנד, יידן־דאָקטורים

האָט מען נישט צוגעלאָזט צו שטעטישע און זעמסקע שטעלעס. יידן האָבן שוין פון לאַנג געמעגט זיין ראַטמענער אין די מאַגיסטראַטן, איצט האָט מען זיי נישט געלאָזט זיין קיין בירגערמייסטערס, וואָרום „פאַר אַזאַ שטעלע טויגן נאָר פערזאָנען, וואָס געהערן צו דער קריסטלעכער רעליגיע". גאָר פשוט האָט זיך די רעגירונג אָפּגעפּטרט מיטן פונקט, וואָס זאָגט, אַז יידן מעגן פאַרנעמען „אַקאַדעמישע און שול-שטעלעס". יידן וויסנשאַפטלער זענען דעמאָלט געווען גענוג, אייניקע זייערע (ווי, למשל, דער געוויסער יוריסט העגעליאַנער עדואַרד האַנס) האָבן געוואָלט באַקומען פּראָפעסאָרן-שטעלעס. די רעגירונג האָט זיך איבערגעשראָקן און האָט אָפּגעשאַפט דעם פונקט, וואָס האָט איר נישט געלוינט. דאָס יאָר 1822 האָט מען געמעלדעט, אַז „זיין מאַיעסטעט דער קעניג האָט אָפּגעשאַפט די פונקטן 7—8 פונם עדיקט דאָס יאָר 1812, אַז פּרייסישע יידן מעגן פאַרנעמען אַקאַדעמישע שטעלעס, ווייל ביים פאַרווירקלעכן די דאָזיקע פונקטן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט אומנאָרמאַלע פאַרהעלטנישן". וואָס איז דאָ געווען אומנאָרמאַל זעען מיר פון אַנדערע רעגירונגס-באַפעלן: דאָרט זאָגט מען אָפן, אַז אַזאַ און אַזאַ קאַנדידאַט אויף אַן אַקאַדעמישע שטעלע קאָן נישט צוגעלאָזט ווערן ביז ווי לאַנג ווי ער געהערט צו דער יידישער אמונה".

די דאָזיקע רדיפות אויף יידן-אינטעליגענטן האָבן געטראָפן אין אַ צייט, ווען זייער פאַרבונד מיטן פאָלק און מיט דער אמונה איז ביי זיי אַזוי אויך זייער שוואַך געווען, און דאָס האָט זיי געבראַכט צו שמד. אַזוינע שמד-פאַלן זענען דעמאָלט ווידער אָפטער געוואָרן, די בעסטע יידישע גייסטיקע קרעפטן זענען אומברחמנות'דיק אויסגעריסן געוואָרן פונם יידישן כלל. גענוג צו דערמאָנען אַזוינע דריי נעמען ווי בערנע, היינע און האַנס, וואָס האָבן זיך געטויפט יענע יאָרן (1818—1825), אום איינצוזען, ווי גרויס איז דער אָנווער, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט. חוץ תכלית-מאָטיוון איז דאָ געווען דער וויכטיקסטער מאָטיוו: „באַקומען אַן איינטריט-קאַרטע אין דער אייראָפּעישער געזעלשאַפט", ווי היינע האָט אַ נאָמען געגעבן דעם מין שמד. די „קריסטלעכע מלוכה" האָט זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט מיט אַזאַ שמד איבער נויט: זי האָט דווקא געוואָלט האָבן ערלעכע „גרים"-קריסטן. צו דעם צוועק איז דאָס יאָר 1822 געוואָרן אין בערלין „אַ געזעלשאַפט צו פאַרווערבן קריסטן צווישן יידן", נאָכגעטון דער לאָנדאָנער מיסיאָנערישער געזעלשאַפט. דער קעניג האָט גענומען די געזעלשאַפט אונטער זיין שוץ „איבער דעם געהויבענעם צוועק" אירן. אין סטאַטוט ווערט דער צוועק אויסגעטייטשט אַזוי: פאַרווערבן קריסטן צווישן יידן מיט איבערצייגונג און אויפקלערונג, „נישט מיט קיין תכלית-זאַכן אויף דער וועלט". ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז בעלנים אויף קריסטלעכער יענער וועלט איז צווישן יידן כמעט ווי נישט געווען; פאַרקערט, „די וועלט" האָט אַ סך זייער געשמעקט. דער מינדסטער קעניגלעכער דעקרעט, אָדער מיניסטערישער צירקולאַר,

וואָס האָט אָנגערירט יידישע רעכט, האָט צוגעשאַרט דער קירך אַ סך מער „קינדער״, איידער אַלע מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן צוזאַמען.

שמד־זיך אָדער דו ביסט אויסגעשלאָסן פון דער געזעלשאַפט — דאָס איז געווען די ברירה, וואָס די פּרייסישע רעגירונג האָט געגעבן אַ יידן. ס'איז קיין שפור נישט געבליבן פון דער פריערדיקער סיסטעם פּראָטעזשירן די אַסימילאַציע, וואָס האָט אַזוי פיל פאַרדייטשט יידן. די רעגירונג האָט אויסגעצייכנט געקענט די חולשות פון אַ געבילדעטן יידן: זיין האַרצבאַגער צו מאַסקירן זיין אָפּשטאַם, מ'זאָל אים האַלטן פאַר אַ דייטש, און האָט עקספּלואַטירט די דאָזיקע חולשות. אינטערעסאַנט זענען אין דעם פּרט צוויי באַפעלן. דאָס יאָר 1815, ווען די רעגירונג (האַרדענבערג'ס) האָט זיך נאָך נישט אָפּגעזאָגט פון איר פריערדיקער „אַסימילאַטאָרישער״ פּאָליטיק, איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אין יידישע פּעסער זאָל מען שרייבן „אַלטביבלישער״ אָדער „מאָזאַאישער גלויבנסגענאָסע״ (אַנשטאָט „יודע״) ד. ה. אַן „אָנשטענדיקערן״ טיטל, וואָס איז אַזוי געווען צום האַרצן דעמאָלטיקע פּראָגרעסיסטן פון פרידלענדערס חדר. אין 20 יאָר צוריק גיט דער קעניג אַרויס אַ באַפעל פּונקט פאַרקערט: „אויסמיידן״ אין אָפיציעלע אַקטן אַזעלכע אויסדריקן, ווי „אַלטביבלישער אָדער מאָזאַאישער גלויבנסגענאָסע״, מ'זאָל שרייבן פּשוט: „יודע״, „יודישע רעליגיאָן״ און דעסגלייכן (1836). אַזאַ באַפעל האָט שטאַרק אָנגערירט פאַרדייטשטע יידן, זיי האָבן זיך דערפילט באַליידיקט. איינער אַ בערלינער פאַבריקאַנט מעיער האָט זיך געווענדעט צום קעניג מיט אַ קלאָג־ביט, „ער זאָל זיך אָננעמען פאַר אים און פאַר זיינע גלויבנסגענאָסן, זיי זאָלן אומזיסט נישט באַליידיקט ווערן״. דער קעניג האָט געענטפערט, אַז קיין באַליידיקונג איז דאָס נישט, אַז דאָ איז מען אויסן נישט מער, ווי אומבייטן די „ניי־מאָדישע״ אויסדרוקן אויף אַלטע, קורצערע און גענויערע, און דאָס אויך נישט מער ווי אין אָפיציעלע פּאַפּירן. פּרייסישע באַאַמטע האָבן אָבער געטייטשט דעם קעניגס באַפעל אַ סך ברייטער, די געריכטן האָבן דעמאָנסטראַטיוו געשריבן אַן אַדרעס: „דעם יידן אַזוינעם און אַזוינעם״. די באַליידיקטע האָבן זיך געקלאָגט פאַרן יוסטיץ־מיניסטער, און יענער האָט געמוזט דערקלערן אין אַ ספּעציעלן צירקולאַר, אַז ס'איז לעפּיש צו שרייבן אַן אַדרעס: „דעם און דעם יידן״, אַזוי ווי ס'איז לעפּיש צו שרייבן: „דעם און דעם קריסט, אָדער טערק״; אָבער אין די אָפיציעלע אַקטן, וואו מ'מוז אָנווייזן די רעליגיע, פּאַסט שוין גיכער צו שרייבן „ייד״, „יידישע אמונה״: „דער דאָזיקער אוראַלטער נאָמען פונם פאָלק איז יעדנפאַל בכבודיקער און ריכטיקער, איידער דער נאָמען „אַ פּערזאָן פון משה'ס ביבלישער אמונה״ און דעסגלייכן אויפטוען פון דער נייסטער צייט, וואָס גיכער זענען זיי, די דאָזיקע אויפטוען, אַ באַליידיקונג, ווארום קיין ייד און בכלל קיין פאַרנונפטיקער מענטש וועט נישט זאָגן, אַז אין דעם נאָמען „יודע״ שטעקט עפּעס אַזוינס, וואָס מ'דאַרף פאַרקליידן מיט אַן אַנדער אויסדרוק״. אויב דער מיניסטער האָט דאָס געמיינט אויפריכטיק (מ'דאַרף

באָך דערבײַ אין זינען האָבן, אַז „יודע" הייכט אַזוי גוט „ייד" ווי „זשיד"!), איז דאָס אַ גערעכטער מוסר פֿאַר דעם אַסימילירטן דײַטשן ייִדן, וואָס האָט געהאַלטן אין אײַן אויסבאַהאַלטן זײַן אייגענעם איך.

די רעגירונג האָט אָבער ווײַטער אַרויסגעגעבן באַפֿעלן מיט אַ כּיון אויסצוטיילן ייִדן אַזוי ווי מ׳פֿלעגט דאָס טון אין מיטלאַלטער מיט דער „געלער־לאַטע". די יאָרן 1828 און 1836 זענען אַרויס באַפֿעלן, אַז ייִדן טאָרן נישט בײַטן זייערע נעמען אויף „קריסטלעכע", זיי טאָרן די קינדער זייערע בײַם געבוירן נישט געבן קיין „קריסטלעכע" נעמען; פּאָליציי זאָל שטרענג אַכטונג געבן, „אַז אַ אומאָרדנונג זאָל מער נישט פֿאָרקומען". אַסך ייִדן האָט אין דעם באַפֿעל געערגערט נישט דער מיטלאַלטערישער בײַגעשמאַק, נאָר דער פּראַקטישער רעזולטאַט: אַן אַסימילירטער ייִד האָט נישט געקאָנט פֿועלן בײַ זיך, אַז ער הייסט מאָזעס, נישט מאָריץ. נאָר דאָ האָט דײַטשע ייִדן צוגעשפּילט אַ גליק: פּאָליציי גופֿא האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט נעמען, וואָס שטאַמען פֿון דער ביבל און זענען פֿאַר ייִדן און קריסטן גלייך. דער ייִדישער געלערנטער צונץ האָט אין זײַן ווערק „וועגן ייִדישע נעמען" (1837) באַוויזן, אַז מ׳קאָן נישט אויסטיילן ייִדישע און קריסטלעכע נעמען באַזונדער, אַזוי ווײַט האָבן זיי זיך פֿאַרמישט אין מיטלאַלטער און די נײַסטע צײַט. די רעגירונג האָט געמוזט גרינגער מאַכן דעם פֿאַרבאָט: ייִדן טאָרן נישט געבן זייערע קינדער קיין נעמען, וואָס זיי „זענען פֿאַרבונדן מיט דער קריסטלעכער רעליגיע", אַ שטייגער פּעטער, באַפּטיסט, כריסטיאַן, כריסטאָפֿאָר (1841).

די פּרײַסישע רעגירונג איז געווען אויסגעהאַלטן רעאַקציאָנער אין איר באַנעמונג צו דער ייִדישער ר ע ל י ג י ע ז ע ר קהלה (פֿון קיין אַנדער קהלה האָט זי נישט געוואָלט וויסן). די רעגירונג האָט נישט רעפֿאָרמירט די קהלה (כאָטש זי האָט דאָס געהאַט צוגעזאָגט אינם עדיקט דאָס יאָר 1812), זי האָט נישט געגעבן דער קהלה קיין רעכט פֿון אַ יורידישער פּערזאָן. זי האָט זיך אָבער גראָב געמישט אין אירע אינעווייניקסטע אַנגעלעגנהייטן און האָט זיך אַפֿילו פֿאַרגינען אַכטונג געבן אויף ייִדישער פֿרומקייט. אַ טייל ייִדן רעפֿאָרמיסטן אין בערלין און אין אַנדערע שטעט האָבן געפּרוּווט רעפֿאָרמירן די גאָטדינסט אין דער סינאַגאָגע, האָבן אײַנגעפֿירט דרשות אויף דײַטש און קאָנפֿירמירן קינדער (זע ווײַטער § 10); האָט זיך אַרײַנגעמישט פֿרידריך ווילהעלם III צו שטיצן די היטער פֿון דער אַלטער ייִדישער פֿרומקייט. דאָס יאָר 1823 איז וועגן דעם אַרויס אַ שאַרפֿער דעקרעט: „מחמת דעם, וואָס אַ טייל פֿון דער היגער (בערלינער) ייִדישער קהלה האָט זיך צו מיר געווענדט, הייס איך נאָכאַמאָל, אַז ייִדן זאָלן אָפּריכטן זייער גאָטדינסט נאָר אין דער היגער (בערלינער) סינאַגאָגע און לויט דעם אַלטן מנהג, נישט אויפֿטון קיין נײַעסן אין פּרט פֿון שפּראַך, צערעמאָניעס, תּפֿלות, און נוסח; גאָר און גאָר אויפֿ׳ן אַלטן שטייגער. איך פֿאַרפֿליכט אײַך (די אָרטיקע מאַכט) שטאַרק אַכטונג געבן דערויף און נישט דערלאָזן אין

ערגיץ אין מיינע מלוכות קיין שום סעקטע צווישן יידן". די מאכט האָט שטרענג אויסגעפאָלגט דעם ברוגזדיקן באַפעל: זי האָט פאַרמאַכט רעפאָרמירטע סינאַגאָגעס, זי האָט פאַרווערט ראַבינערשע דרשות אויף דייטש, ד. ה. אויף דער שפּראַך, וואָס איז שוין ביי פּרייסישע יידן געוואָרן די אומגאַנגשפּראַך, זי האָט געטריבן די מאָדישע פּרעדיקער. אַזוי האָט די קלוגע פּרייסישע רעגירונג מיט איין האַנט געשלעפּט יידן אין קירך אַריין, און מיט דער אַנדערער פאַרפעסטיקט די זיילן פון אַלטן יידישקייט. דאָ דאַרף מען נישט איינזעען קיין שום סתירה: איןביידע פאַלן האָט זיך דאָ צווויסן געגעבן אַ בלינדע מגושמדיקע רעאַקציע, וואָס האָט געוואוסט נאָר איינס: היטן דעם אַלטן שטייגער, די „אַלטע פרומקייט", וואו נאָר זי האָט געקאָנט; דאָ איז געווען די גרעסטע מורא פאַר יעדער בייעס פאַר יעדן פרייען ריר.

## § 5. די אָפּגעפאַלענע רעאַקציע און דער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטונג (ריסער).

אין פּרייסן, ווי בכלל אין גאַנץ דייטשלאַנד, האָט די רעאַקציע אין מלוכהלעבן און אין דער געזעלשאַפט דערהויפּט געווילדעוועט די ערשטע העלפט פון דער תקופה, ד. ה. ביזן יאָר 1830. די יולי-רעוואָלוציע אין פראַנקרייך האָט עטוואָס אָפּגעריביקט די געשטיקטע פּאָליטישע לופט אין אייראָפּע; דאָס האָט זיך געלאָזט פילן אין פּרייסן אויך: די געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע האָט אָנגעהויבן אָפּצופאַלן. די געזעלשאַפט האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך, דער ברען פון אַ דייטשיש-קריסטלעכער מלוכה איז אָפּגעקילט געוואָרן; פעלקער האָבן אָנגעהויבן אויפצושטיין קעגן דעם פאַרהאַסטן „הייליקן בונד" פון רעגירער, ביסלעכווייז האָבן געגומען צייטיק ווערן קרעפטן פאַר דעם איבערקער דאָס יאָר 1848. יידן אין דייטשלאַנד זענען אויך מונטערער געוואָרן. ס'האָבן זיך באַוויזן נייע שטרייט-מענער, שטאַרקע, שטאָלצע, אָנשטאָט די אַלטע שתדלנים און הכנעהדיקע התנצלות-לייט פון דער פריערדיקער תקופה. אָנשטאָט די פרידלענדערס זעען מיר איצט די ריסערס. נעבן „יונג-דייטשלאַנד" זעען מיר יונג-ייד. די יאָרן, ווען דער פירער פון יונג-דייטשלאַנד, לודוויג בערנע, האָט געשטורמט אין זיינע „בריוו פון פאַריז" די פעסטונג פון דייטשער רעאַקציע, האָט גבריאל ריסער, דער פירער פונם יונגן יידישן דור, זיך געוואָרפן אין קאַמף קעגן דער רעאַקציע פאַר דעם כבוד און פרייהייט פון זיין פאָלק. ריסער איז געוואָרן דער וואָרטפירער און נביאה-זאָגער פון דער עמאַנסיפּאַציע.

גבריאל ריסער (1806—1860) איז געבוירן אין האַמבורג, די שטאָט פון יידישער קנעכטשאַפט; שוין פונם ערשטן טריט אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט ער דערפילט די גאַנצע ביטערקייט פון רעכטלאָזיקייט. אַליין אַ באַגאַבטער יו-

ריסט, וואָס האָט געקאָנט פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם פּאָסטן אין אַקאַדעמישן לעבן און אין דער אַדוואָקאַטור, האָט ער דערוועגן פאַר זיך אַן אײזערנע וואַנט סײַ דאָ, סײַ דאָרט: נישט צום אַדוואָקאַטור, נישט צו אַ קאַטעדער האָט מען אים נישט צוגעלאָזט. דער ייִנגערמאַן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף די בעסטע אידעאַלן פון אײראָפּעאישער קולטור, האָט שמערצלעך דערפילט די בײַטש פון קנעכטשאַפט. צו 24 יאָר האָט ער זיך פאָרגענומען: ער וועט פון קיין רו נישט וויסן ביז ווי לאַנג ייִדן וועלן נישט האָבן אויסגעקעמפט גלײַכבאַרעכטונג. מ'האָט אים נישט צוגעלאָזט אין אַדוואָקאַטן־שטאַנד, האָט ער זיך אַליין גענומען אַ העכערן באַרוף: ער איז געוואָרן דער אַדוואָקאַט פונם געפּלאָגטן פאָלק. ריסער האָט געוויזן נײַע וועגן אין קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע. אַליין אַ פאַרדײַטשטער אַסימילירטער ייִד, איז ער דאָך שאַרף אָנגעפאַלן אויף דער מגושמדיקער אַסימילאַציע, וואָס באַשטייט אין אָפּזאָגן זיך פונם ייִדישן כּלל און זאָל זײַן כמו אַ געצאָלט פאַר גלײַכבאַרעכטונג. זײַן קוק אויף דער זאַך זעען מיר שוין קלאָר אין זײַנע ערשטע צוויי ווערק: „וועגן דער לאַגע פון די אָנגעהעריקע צו משהס רעליגיע אין דײַטשלאַנד" (1830) און „די פאַרטיידיקונג פון ייִדישער גלײַכבאַרעכטונג קעגן ד"ר פּאַאולוס אָפּענטפער" (1831). די ערשטע בראָשור איז אַ פײַערדיקער אויפרוף צו קעמפן קעגן ייִדנהאַס פון וועגן די העכסטע אידעאַלן מענטשלעכקייט, וואָס סוף כּל סוף מוזן זיי דאָך גובר זײַן די רעאַקציע פון אַ קריסטלעך־דײַטשער מלוכה. ער לייגט פיר גרינדן אומעטום פאַריינען, זיי זאָלן ווירקן אויף דער רעגירונג און אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג צו דערלאַנגען גלײַכבאַרעכטונג. ער פאַלט שאַרף אָן אויף דעם טייל ייִדן אינטעליגענטן, וואָס קוקן אויף עמאַנסיפּאַציע נישט מער ווי אויף אַ תּכלית־זאַך, אויף די, וואָס שמדן זיך פון קאַריערע וועגן, „וואָס טוען אַ געלטשידוך מיט דער קירך", בפרט נאָך אויף די עלטערן, וואָס שמדן זייערע קליינע קינדער פון תּכלית וועגן; ער ברענט מיט פאַראַכטונג אַזאַ פּחדניש אָנטלויפן פונם באַלאַגערטן כּלל. ריסער רופט די יוגנט קעמפן פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט. „זאָלן אָן אויפהער שטרעבן צו פרייהייט מיט וואָרט און טאַט די אַלע, וואָס פילן שמערצלעך, אַז פרייהייט פעלט זיי, דערהויפּט אָבער מיר, די יונגסטע זין פון אַ יאָרהונדערט, וואָס זײַן אָטעם איז פרייהייט. מיר גלויבן, אַז גערעכטיקייט און גוטס זענען שטאַרק און וועלן סוף כּל סוף גובר זײַן,—דאָס איז אונזער משיח־אידעאַל. און לאָמיר זיך שטאַרק האַלטן פאַר דעם אידעאַל!"

זײַן שטעלונג צו דער ייִדישער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר פראַגע האָט ריסער באַוויזן אין דעם ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן דעם היידעלבערגער טעאָלאָג פּאַאולוס (§ 2). דאָס יאָר 1830 האָט פּאַאולוס ווידער געמאַכט אַן אָנפאַל אויף ייִדן, ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ בוך: „ייִדישע נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט" פאַר „רעגירונגען און לאַנדטאַגן פון אַלע מלוכות אין דײַטשלאַנד". פּאַאולוס האָט געדרונגען, אַז כּל זמן ייִדן האַלטן זיך בײַ זייערע רעליגיעזע דינים, וואָס זיי

זענען אַזוי גוט ווי נאַציאָנאַלע געבאָטן, זענען זיי אַ באַזונדער נאַציע און ממילא קאָנען זיי נישט זיין קיין מלוכה-בירגער, זיי קאָנען זיין נישט מער ווי „שוץ-בירגער". דערויף האָט ריסער אָפּגעענטפערט מיט דעם פריערדערמאָנטן צווייטן חערק געווענדעט צו „די געזעצגעבערישע אינסטיטוציעס אין דייטשלאַנד". די יידנפראַגע „איז נישט מער ווי אַ פראַגע פון רעליגיעזער פרייהייט", יידן זאָלן זיך מעגן אָפּן האַלטן ביי זייער אמונה, זיי זאָלן נישט דאַרפן אָנטון קיין מאַס-קע פון אַ פרעמדער הערשנדיקער רעליגיע צו געניסן בירגעררעכט. זענען מיר אַ נאַציע — איז וואו זשע איז אונזער פאָטערלאַנד? האָבן דען דייטשע יידן אַן אַנדער פאָטערלאַנד אויסער דייטשלאַנד? צי אַז מ'טרייבט זיי פון דאַנען, קאָנען זיי דען זיך קערן צו זייער אייגענער מלוכה, זי זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען? יאָ, יידן ז ע נ ע ן ג ע ו ו ע ן אַ נאַציע, אָבער זיי זענען שוין דאָס לאַנג אויס פון דער צייט אָן, וואָס די טורעמס פון ירושלים זענען אומגעפאַלן און דאָס פאָלק פון יהודה איז צעזייט געוואָרן איבער דער רוימישער אימפעריע. ריסער פאַררעכנט זיך און זייניקע צו דער דייטשער נאַציע, ער וואַרפט אָבער אָפּ מיט פאַראַכטונג די גאַראַנטיע פאַר דייטשישקייט — שמד, וואָס פאַאולוס פאָדערט פון יידן. „ס'איז פאַראַן נאָר איין טויף, וואָס באַהעפט צו אַ נאַציע, — דאָס איז די בלוט-טויף, ווען מ'פאַרגיסט צוזאַמען בלוט פאַרן פאָטערלאַנדס פרייהייט". ריסער פאַרענדיקט זיין בוך מיט אַ ליבגעזאַנג דעם גערמאַניזם: „מעכטיקע קלאַנגען פון דער ד ײ ט ש ע ר שפּראַך, לידער פון ד ײ ט ש ע פּאָעטן האָבן אָנגעצונדן און דערהאַלטן אין האַרצן ביי אונז אַ הייליק פייער פון פרייהייט.. מיר ווילן געהערן צום דייטשן פאָטערלאַנד. דאָס פאָטערלאַנד מעג און דאַרף מאַכן ביי אונז אַלצדינג, וואָס עס מאַכט ביי אַלע בירגער. מיר וועלן גערן אַלץ מקריב זיין פאַרן פאָטערלאַנד, אָבער נישט אונזער אמונה און ערלעכקייט, נישט דעם אמת און ערע, וואָרום דייטשע העלדן און דענקער האָבן אונז נישט געלערנט צו ווערן דייטשן מיט דעם זכות פון א ז ו י נ ע קרבנות". בכן האָט ריסער אָפּגעוואָרפן די עגאָאיסטישע אַסימילאַציע, ער האָט אָבער געהאַלטן פון אַ קולטורעלער צונויפשמעלצונג; ער האָט נישט פאַרגעזען, אַז אַפילו די ערלעכסטע, אידעאַליסטישע אַסימילאַציע איז פונקט אַזוי געפערלעך פאַרן כלל אַזוי ווי די פאַרקויפטע, דער בייט אויף גלייכבאַרעכטונג. שפּעטער איז ער נאָך אַמאָל געקומען צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע און גערעדט שוין קלאָרער.

אינגיכן האָט ריסער געהאַט די געלעגנהייט זיך איינשטעלן פאַר יידישע רעכט אין פ ר ײ ס ן. אָנהויב די 30-ער יאָרן האָט זיך די פרייסישע רעגירונג אַרומגעטראָגן מיט אַ נייעם פּראָיעקט צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע. אַ בערלינער באַאַמטער געהיימראַט ש ט ר ע ק פ ו ס האָט אויסגעלייגט דעם פּראָיעקט אין אַ בראָשור מיטן נאָמען: „וועגן דער באַנעמונג פון יידן צו קריסטלעכע מלוכות" (1833). דער נייער אויפטו איז געווען אַזוי: איינטיילן יידן אין צוויי קאַטעגאָריעס; רייכע און געבילדעטע זאָלן זיין בירגער אָבער אויך מיט געוויסע

באַגרענעצן אין בירגער-רעכט; אַלע איבעריקע יידן, דערהויפּט די מענגע קליינהענדלער, זאָלן זיין אין דער לאַגע פון „שוצבירגער", באַגרענעצט אַפילו אין עלעמענטאַרע רעכט אויך. אַזאַ פּראָיעקט, וואָס אין תוך הייסט דאָס, אַז דעם זכות בירגער שענקט מען אַ יידן פאַר געוויסע „פאַרדינסטן", האָט זייער געערגערט פּרייסישע יידן, וואָרום דאָס וואָלט געהייסן, אַז דער אַקט עמאַנסיפּאַציע פונם יאָר 1812 ווערט פּרינציפּיעל אָפּגעשאַפט, בעת ביז איצט האָט מען אים אָנגערירט נאָר אין דער פּראַקטיק. ריסער איז אַרויס מיט אַ פּראָטעסט קעגן דער רעגירונגס מיין; דאָס זאָל זיין פּונקט אַזאַ פאַרברעך ווי דאָס אָפּשאַפן דעם עדיקט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אין זיין צייטונג „Der Jude" (1832—1833) דורכאַנאַנד אַרטיקלען קעגן דער פּרייסישער רעגירונג, אויסגערעכנט אַלע אירע פאַרברעכנס קעגן געוויסן-פרייהייט, וואָס דער אַקט פונם יאָר 1812 האָט דאָס גאַראַנטירט, און האָט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק דעם רעכטלעכן און היסטאָרישן קוק פון דער רעגירונגס אידעאָלאָג שטרעקפוס. קעגן אַזאַ אידעאָלאָגיע איז אַרויס דער היסטאָריקער מ. יאָסט אויך און אַ קעניגסבערגער דאָקטאָר יאָהאַן יאַקאָבי, שפּעטער אַ ראַדיקאַלער טוער אין קאָנסטיטוציאָנעלן דייטשלאַנד. „ביז ווי לאַנג ביי אַ יידן ווערט אָפּגענומען אַפילו איין רעכט נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייד — אַזוי לאַנג איז ער אַ קנעכט", — אַזוי זאָגט יאַקאָבי אין זיין אָפּענטפער. יאַקאָבי פאָדערט אויך אַזוי ווי ריסער קעמפן אָן אויפהער ביז מ'וועט נישט דערלאַנגען דעם צוועק: „יידישע און קריסטלעכע בירגער זאָלן גלייך זיין".

דער שטורם, וואָס פּובליציסטן האָבן אויפגעהויבן, האָט געהאַט אַ פּעולה: די פּרייסישע רעגירונג האָט זיך נישט געקאָנט באַשליסן גילטיק מאַכן דעם פּראָיעקטירטן רעגלאַמענט פאַר דעם גאַנצן לאַנד; זי האָט אים טיילווייז איינגעפירט אין די פּוילישע פּראָווינצן, אין פּויזן; דאָרטן האָבן געוואוינט געדיכטע מאַסן יידן (ביז 80,000 נפשות), נאָך נישט אָנגערירט פון אַסימילאַציע. דאָס יאָר 1833 האָט די רעגירונג פאַרעפנטלעכט אַ „דערוויילינקן רעגלאַמענט", איינגעטיילט פּויזנער יידן אין צוויי קאַטעגאָריעס: איינע, וואָס „איז ווערט נאַטוראַליזאַציע", די אַנדערע, וואָס איז דאָס נישט ווערט. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע געהערן איינגעזעסענע און פאַרמעגלעכע, אָן אַ פלעק אויף זייער אויפפירונג, וואָס נוצן דייטש אין זייער געשעפט-פאַרקער; צו דער צווייטער קאַטעגאָריע געהערן איינגעזעסענע נאָר אומפאַרמעגלעכע. נאַטוראַליזירטע יידן געניסן כמעט דיזעלבע רעכט, וואָס פּרייסישע יידן לויט דעם אַקט פונם יאָר 1812, געוויינטלאַך מיט אַלע נייע פּרושים צום געזעץ. נישט נאַטוראַליזירטע טאָרן נישט וואוינען אין דערפער, זיי איז אויך פאַרווערט אַ סך פּראָפעסיעס, הענדלער אין די שטעט קאָנען זיך נישט צושרייבן צום סוחרים-שטאַנד. דערפאַר האָבן יידישע קהלות אין פּויזן „רעכט פון אַ קאָרפּאָראַציע", ד. ה. רעכט פון אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג מיט דער השגחה פון דער אַדמיניסטראַציע. מיליטערדינסט איז אין פּויזן נישט

קיין מיז פאַר יידן (אין קרוין־פּרייסן איז דאָס געווען אַ מוז שוין פון יאָר 1812 אָן), אָבער פּריווילעגיע, „וואָס טויגן מאָראַליש און פיזיש” צו דער דינסט, ווערן צוגעלאָזט צו דער אַרמעע. בכן האָט די פּרייסישע רעגירונג שוין געקאָנט צופרידן זיין: כאָטש אין איין טייל מלוכה קאָן זי זיך פרייען מיט איר ליבהאַרציקער סיסטעם סאָרטירן בירגער.

אַ שטאַרקע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג באַמערקט זיך אין פּרייסן נאָך פרידריך ווילהעלם III־טנס טויט: די ערשטע צייט, ווי זיין נאָכקומער פרידריך ווילהעלם דער IV־טער איז אַרויף אויפן טראָן (1840), האָבן זיך די ליבעראַלן געטרייסט מיט דער האָפנונג, אַז אינגיכן זאָל איינגעפירט ווערן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים. יידן האָבן אויך אַרויסגעקוקט אויפן נייעם קעניג; ער האָט געלאָזט פאַלן אַ פּאָר פריינדלעכע ווערטער צו יידישע דעפּוטאַציעס אין בערלין און אין ברעסלוי. אינגיכן אָבער האָט מען זיך דערזען אָפּגענאַרט. דער „געקרוינטער ראָמאַנטיקער”, וואָס האָט געטרוימט פון אַ פרום קריסטלעכער מלוכה, האָט געהאַט זיין אייגענעם קוק אויף דער יידנפראַגע. ער האָט געהאַלטן, אַז יידן זענען נישט נאָר אַ רעליגיע אַליין, נאָר אַ באַזונדערע אייגנאַרטיקע קאָרפּאָראַציע אויך, אָדער אַ היסטאָריש פאָלק, בכן דאַרף די מלוכה לאָזן דאָס פאָלק פריי אַנטוויקלען זיינע אייגענע כוחות, ד. ה. די מלוכה דאַרף יידן לאָזן אויפשטעלן זייער קהלה־אויטאָנאָמיש לעבן. אָבער פון אַזאַ ריכטיקן כלל האָט ער געצויגן אַ פאַלשן אויספיר: דער קולטורעל־אויטאָנאָמער יידישער קיבוץ טאָר זיך נישט באַטייליקן אין אַלע צווייגן אין פּאָליטישן לעבן, ווייל דאָס דאָזיקע לעבן איז אַ פּראָדוקט פון קריסטלעכער קולטור. יידן זענען פרעמדע אין דער מלוכה, קאָן מען זיי נישט צולאָזן צו קיין מלוכה־שטעלעס, מ'דאַרף יידן אַרויסלאָזן פון מיליטערדינסט אויך, וואָרום דאָס איז אויך אַ פּאָליטישע זאַך. דעם קעניגס פּלענער זענען געקומען צום געהיימען באַטראַכט אין דער רעגירונג, און זענען דערגאַנגען צו דער געזעלשאַפט אויך; עפּעס דערפון האָט מען געקאָנט זען אין דער פּרעסע, יידישע טוער האָבן דאָס באַהאַנדלט מיט גרויס אויפרעגונג. די קעמפער פאַר עמאַנסיפּאַציע זענען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט. די גאַנצע צייט האָט זיך די אַסימילירטע יידישע געזעלשאַפט געפילט באַרעכטיקט צו מאָנען עמאַנסיפּאַציע, ווייל יידן זענען דייטשן, נישט קיין באַזונדער אומה; איצט קומט דער קעניג און זאָגט, אַז יידן זענען אַ היסטאָריש־אָפּגעזונדערטע נאַציע, אָדער אַ „קאָרפּאָראַציע”! דעם קעניגס אויספיר איז געווען אין זייערע אויגן נאָך מער אַ באַווייז, אַז אַנדערש לאָזט זיך עמאַנסיפּאַציע נישט רעכטפאַרטיקן: אַ סימן דער קעניג האַלט יידן פאַר קיין דייטשן נישט, האַלט ער זיי פאַר קיין בירגער אויך נישט. דער פּראָיעקט אַרויסלאָזן יידן פון מיליטערדינסט איז געווען אַ שלעכטער אָנזאָג, אַ סימן, אַז מ'קלייבט זיך אָפּנעמען ביי יידן בירגעררעכט און מ'גרייט זיך צו פאָראויס אַ תירוץ.

בכן האָבן דייטשע יידן גענומען מאַכן אַ „פּאַטריאָטישן” פּראָטעסט; דער

אָרגאַניזאַטאָר פֿונם פּראָטעסט איז געווען ד״ר לודוויג פֿיליפּסאָן, דער ענערגישער רעדאַקטאָר פֿון דער „Allgemeine Zeitung des Judentums". פּאַרטרעטער פֿון 84 יידישע קהלות האָבן געחתמעט אַ פּעטיציע צום קעניג (פֿיליפּסאָנס אַרבעט), זיי האָבן זיך געבעטן נישט אָפּנעמען ביי יידן די פֿליכט און דעם כבוד צו דינען אין דער אַרמיי: „מיר וואָלטן געוואָרן אויס עכטע פּרייסן — אַזוי שרייבן זיי, — ווען מ׳זאָל פֿון אונז דורכאויס אַראָפּנעמען די פֿליכט צו דינען אין דער אַרמיי". הונדערטער יידישע קהלות האָבן געשיקט פּעטיציעס דעם קעניג, מ׳זאָל באַרואיקן די געמיטער; דאָס בעסטע מיטל דערצו איז פֿאַרווירקלעכן גלייכבאַרעכטונג (1841—1842). די רעגירונג האָט זיך געמוזט אָנרופֿן אויף דעם מבול פּעטיציעס. דעם 5 מאַי 1842 האָט דער אינערן-מיניסטער ראָכאָוו מיטגעטיילט פּאַרטרעטער פֿון בערלינער קהלה אין קעניגס נאָמען, אַז דער קעניג מיינט פֿאַרבעסערן, נישט פֿאַרערגערן די יידישע לאַגע, ס׳זאָלן אָפּגעשאַפֿט ווערן די שווערע באַגרעניצן אין עלעמענטאַרע רעכט, יידישע קהלות זאָלן אויך ווערן זעלבסטשטענדיקער. „אָבער, זאָגט דער מיניסטער, — „זיין מאַיעסטעט וויל האָבן, אַז אַזאַ פֿאַרבעסערונג זאָל שטימען מיט דעם וועזן פֿון אַ קריסטלעכער מלוכה. אין אַזאַ מלוכה איז נישט מעגלעך, אַז יידן זאָלן זיין אַדמיניסטראַטאָרס איבער קריסטן; בכלל זאָלן יידן נישט האָבן אַזוינע רעכט, וואָס קאָנען שאַדן אַ קריסטלעכער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג... יידן וועלן גאָר נישט אָנווערן, וואָס מ׳וועט אָפּשאַפֿן פֿאַר זיי די פֿליכט פֿון מיליטערדינסט, וואָרום זיי וועלן קאָנען אָנקומען אין דער אַרמיי פֿאַר פּריוויליקע". יידן האָבן אויסגעהערט נאָך אַ קנאַפּע טרייסט: די רעגירונג אַרבעט איצט אויס און וועט איינגיכן פֿאַרעפֿנטלעכן אַ נייעם „יידן-געזעץ". אַזוי איז דאָס געווען אויך: די מיניסטאָרישע קאַנצעלאַריעס האָבן געהאַלטן אין איין זאַמלען מאַטעריאַל און אָנפֿרעגן די פּראָווינציעלע מאַכט וועגן דער יידן-פֿראַגע.

די געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿרעגונג האָט נישט אויפֿגעהערט. חוץ פּעטיציעס באַווייזט זיך יענע צייט אַ מענגע בראָשורן און צייטונג-אַרטיקלען, מ׳הערט נישט אויף ליידענשאַפֿטלעך צו באַהאַנדלען די פֿראַגע וועגן גלייכבאַרעכטונג. דאָ האָט זיך ווידער געלאָזט הערן ריסער׳ס שטים. נאָוועמבער דאָס יאָר 1842 האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בוך „זאָרג און האָפֿנונג וועגן דער קינפֿטיקער לאַגע פֿון יידן אין פּרייסן"; אין דעם בוך האָט ער אויך באַרירט די יידן-פֿראַגע פֿון דער נאַציאָנאַלער זייט, אַזוויווי מיר זעען דאָס אין דעם קעניגס פּראָיעקט. דער תוך פֿון דעם דאָזיקן פּראָיעקט איז געווען אויסגעטייטשט אין איין אונטערגעזאָגט צייטונג-אַרטיקל; ס׳זאָל הייסן אַזוי: דער „מערקווירדיקער" היסטאָרישער פֿאַקט, וואָס יידישקייט האַלט זיך, נעמט זיך דערפֿון, וואָס אין יידישקייט זענען רעליגיע און נאַציע געקניפּט און געבונדן. דערפֿון איז געדרונגען, אַז פֿאַר יידישקייט איז געזונטער, דער דאָזיקער פֿאַרבאַנד זאָל בלייבן אויף ווייטער אויך;

די מלוכה דאַרף דעריבער נישט באַגיין קיין זאַך, וואָס זאָל ברענגען דערצו, אַז יידן זאָלן זיך פאַרשמעלצן מיט די פעלקער אַרום.

ריסער באַהאַנדלט אין זיין בוך אויספירלעך די דאָזיקע מיינונג. ער זאָגט אַזוי: ביז דאָ נישט לאַנג נאָך איז די אָפיציעלע טענה קעגן גלייכבאַרעכטונג געווען, אַז יידן זענען אַ באַזונדער נאַציע, דער אַנדערער צד, די שטרייטער פאַר עמאַנסיפּאַציע, האָבן געהאַט אַן אַרבעט צו באַווייזן, אַז אַ יידישע נאַציע איז אַ בבא־מעשה; איצט וויל גאָר די רעגירונג „דערהאַלטן די יידישע נאַציע". ס'איז אמת, אַז אַמאָל איז דאָס טאַקע געווען אַזוי: רעליגיע און נאַציע איז ביי יידן געווען איינס; מיט דער צייט אָבער „האָט זיך יידישקייט דערהאַלטן נישט מחמת דעם דאָזיקן פאַרבאַנד (מיט דער נאַציע), נאָר טראָץ אַזאַ פאַרבאַנד". יידישקייט האָט אויסגעהאַלטן אַלע קריזיסן אין דער געשיכטע דערפאַר, וואָס דער נאַציאָנאַלער חומר איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם רעליגיעזן גייסט, דער „אידעע פון געטלעכקייט". דער נאַציאָנאַלער גוף איז אָפּגעשטאָרבן ביים פאָלק, די נשמה — די רעליגיע איז געבליבן. אָן אַ לאַנד, אָן אַ מלוכה, אָן אַ שפּראַך איז קיין נאַציע נישט, דעריבער איז יידישקייט שוין לאַנג אויס נאַציע. פון מאַטעריעלע סימנים איז ביי יידן געבליבן נישט מער, ווי „שטאַמפאַרוואַנדשאַפט". אָבער דאָס איז נישט אַזאַ כח, וואָס זאָל קאָנען דערהאַלטן אַן אייגענעם סאָציאַלן און קולטורעלן שטייגער ביי אַ צעזייט פאָלק. אויב מ'האָט געקאָנט צוזעען אַזאַ אייגענעם אָפּגעשלאָסענעם לעבנסשטייגער ביים פאָלק, איז דאָס נישט דערפאַר, ווייל דאָס פאָלק האָט אַזוינס געוואָלט האָבן, נאָר בלית ברירה: פון אומעטום האָט מען יידן געטריבן, אָפּגעשטויסן, אין ערגיץ נישט צוגעלאָזט. דער „קאָרפּאָראַטיווער" (קהלה־אויטאָנאָמישער) שטייגער, וואָס מיר זעען צו ביי אַ טייל יידן נאָך איצט אויך, נעמט זיך פון יידישער רעכטלאָזיקייט, פון רדיפות; דאָס איז „אַ פלעקפוילקייט אינם יידישן לעבן". „אין דעם דאָזיקן קלאָגעדיקן רעשטל, וואָס לעבט נישט אויף זיין וועלט, זעט איר כלומרשט אַ געזונטן קערן צו דערהאַלטן די „מערקווירדיקע" לעבנסקראַפט פון יידישקייט!" ניין! אין גלות זענען מיר קיינמאָל נישט בייגעשטאַנען אונזער נאַציאָנאַל־וועזן. „דער שטרייט, וואָס אונז איז באַשערט צו פירן, איז קיינמאָל נישט געווען קיין שטרייט פון איין נאַציע קעגן דער אַנדערער. דאָ קעמפט אַ גערודפטע רעליגיע קעגן פאַנאַטיזם, דער פרייער גייסט קעגן גוואַלדטאַטן, מענטשלעכקייט און מאָראַל קעגן ווילדקייט. די רעגירונג זאָרגט צו דערהאַלטן די יידישע נאַציע, פאַרוואָס זשע זאָרגט זי נישט צו דערהאַלטן די פוילישע נאַציע, פאַרקערט, זי קעמפט קעגן דעם פוילישן פאָלק". זי טוט דאָס דערפאַר, ווייל פוילן זענען אַ לעבעדיקע נאַציע, אַ געפאַר פאַר דער מלוכה־איינהייט; מיט יידן אָבער, „מיט אַן אוממעכטיקן שאָטן פון אַ נאַציע, קאָן מען טרייבן אַ שפּיל". מ'זאָגט אונז, אַז מ'וויל נישט מיטהעלפן, מיר זאָלן זיך פאַרשמעלצן מיט דייטשן; זייער שיין, העלפט נישט, אָבער שטערט נישט אויך! צונויפשמעלצן וועלן מיר זיך ממילא,

חוץ אין רעליגיע-זאַכן. די דאָזיקע אַסימילאַציע וועט האָבן נאָך מער ווערט דערפאַר, וואָס מיר וועלן דאָס טון „מיטן גוטן ווילן". ריסער זאָגט צולעצט: ס'ווילט זיך גלויבן, אַז דער גאַנצער אומגערעכטער פּראָיעקט איז נישט מער, ווי אַ „פאַרשטעלטער עקזאַמען אויף בירגער-רייפקייט פאַר יידן". אויב דאָס איז אַזוי, האָבן מיר דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן אויפן בעסטן אופן; דער בעסטער באַווייז איז די פּראָטעסטן אין איין קול פון די קהלות קעגן אַרויסלאָזן יידן פון מיליטער-פליכט.

אַזוי האָט דער בעסטער יידישער פּובליציסט יענע צייט, דער פירער פון דעם עמאַנסיפּאַציע-שטרייט, פאַרענטפערט די נאַציאָנאַלע פראַגע. ער האָט איבערגעקערט דעם גאַנצן היסטאָרישן פּראָצעס מיטן קאָפּ אַראָפּ. וואָלט זיך רייסער טיפער איינגעטראַכט אין דער יידישער געשיכטע, איז וואָלט ער פאַרשטאַנען אַזאַ זאַך, אַז נישט דאָס נאַציאָנאַלע איז געווען אַ לבוש (אַ גוף) פאַר דער רעליגיע, ווי ער האָט געמיינט, נאָר פאַרקערט, די רעליגיעזע פּראַקטיק, די דיסציפּלין פון מנהגים און מצוות, וואָס איז געוואָרן אַ לעבנסשטייגער, איז געווען אַ הייטל אויף צו פאַרהיטן דעם קערן: דאָס נאַציאָנאַלע און דאָס אייגנטימלעכע. ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז דאָס יידישע-קהלה-לעבן איז געווען אַ טיפע באַדערפעניש פאַר דעם נאַציאָנאַלן גייסט, דער בעסטער סימן פון אַ לעבעדיקער נאַציע, נישט קיין „פלעק אויפן יידישן לעבן". ריסער'ס דור האָט זיך נישט געקאָנט מאָלן קיין „נאַציע" אָן אַ הייטל פון מלוכה און טעריטאָריע, זיי האָבן דעריבער געהאַלטן, אַז די אַסימילאַציע פון יידן איז שוין אַ זיכערער פאַקט. זיי האָבן זיך נישט בעקאָנט מאָלן, אַז פאַרשידענע נאַציעס זאָלן קאָנען עקזיסטירן אין איין מלוכה, אין אַ בירגערבונד. דערפון נעמט זיך, וואָס דער קעניג פון פּרייסן און דער קעניג פון יידישער פּובליציסטיק האָבן זיך געשפּאַרט נישט וועגן דער אידעע, נאָר וועגן פאַקט: איינער האָט געהאַלטן, אַז יידן זענען אַ נאַציע, דעריבער קאָנען זיי נישט זיין קיין גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אין אַ דייטשיש-קריסטלעכער מלוכה; דער אַנדערער האָט געטענהט, אַז יידן זענען נישט קיין נאַציע, נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע אין דער דייטשער נאַציע, ממילא האָבן זיי אַ גלייכע געוויכט אין דייטשער מלוכה. איינער האָט ריכטיק אָנגעוויזן אַ פאַקט, נאָר האָט געמאַכט דערפון אַ פאַלשן אויספיר, דער אַנדערער האָט געמאַכט אַ ריכטיקן אויספיר פון אַ צוגעקלערטן פאַקט. ס'איז געווען אַ טראַגיזם פון דער געשיכטע, וואָס אַ יידישער פּאַטריאָט האָט געמוזט פאַלש פאַרשטיין די יידישע היסטאָרישע אַנטוויקלונג, דאָס האָט געמוזט זיין אַזוי סיי מחמת זיין דייטשיש-אַסימילאַטאָרישער דערציונג, סיי מחמת דער סיסטעם צו פאַרטיידיקן זיינע „גלויבנסגענאָסן". אַנדערש האָט מען דאָס דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען.

## § 6 די פּרי=אָנזאָגער פון עמאַנסיפּאַציע, די רעזאָלוציעס פון די פּרייסישע לאַנדטאַגן און דער געזעץ פון דעם יאָר 1847.

די יאָרן 1843—1847 לאָזט זיך מערקן אין דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין פּרייסן אַ געוויסע ענדערונג לטובת עמאַנסיפּאַציע. די דאָזיקע ענדערונג איז פאַרבונדן מיט דער באַפרייִ=בעוועגונג ערב דער מערץ=רעוואָלוציע, זי האָט זיך געלאָזט פילן סיי אין דער פּאָליטישער ליטעראַטור, סיי אין די געגנט=לאַנדטאַגן. די צייט האָט מיטגעבראַכט, אַז דערזעלבער „באַאַמטער" שטרעקפוס, וואָס דאָס יאָר 1833 האָט ער אונטערגעזאָגט דער רעגירונג אַ פּראָיעקט „בירגער פונם צווייטן סאָרט" און געשראָקן דערמיט יידן, דער זעלבער שטרעקפוס האָט זיך אין צען יאָר אַרום אָפּגעטרייסלט פון זיין אייגענעם אויפטו. דאָס האָט ער געטון אין זיין „צווייט בוך וועגן דער שטעלונג פון יידן צו קריסטלעכע מלוכות" (1843); דאָ האַלט ער שוין פון גלייכבאַרעכטיקן יידן. אַ נייער גייסט פילט זיך אין דער דייטשער פּרעסע, וואָס זי האָט דעמאָלט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג.

אַ וויכטיקע ענדערונג לטובת יידן זעען מיר צו אין אייניקע פּראָווינציעלע פּרייסישע לאַנדטאַגן: די אַלטע נעסטן פון דער פּריציש=אָפּיציעלער רעאַקציע ווערן איצט אַ שטיק פאַר ליבעראַליזם. די יידן=שטרייטער פאַר עמאַנסיפּאַציע האָבן געווירקט און אויסגעפירט, מ'זאָל דאָ שטעלן די יידנפראַגע. אָנגעהויבן האָט זיך פון דער ריין=פּראָווינץ, דאָרט האָבן יידן שוין געהאַט פאַרזוכט עמאַנסיפּאַציע, דערנאָך האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין דעם „שענדלעכן דעקרעט", וואָס פּרייסן האָט אים פאַרלענגערט דאָס יאָר 1818 (§ 4). אין ריינער לאַנדטאַג זענען אָנגעקומען פּעטיציעס פון יידישע קהלות און אייניקע דייטשע שטאָט=דומעס, מ'זאָל אָפּשאַפן דעם „דערווייליקן" דעקרעט, וואָס איז אונטער דער צייט שוין געוואָרן אַ שטענדיקער, מ'זאָל יידן אומקערן גלייכבאַרעכטונג. זומער דאָס יאָר 1843 האָט דער לאַנדטאַג, דעמאָלט אין דיסעלדאָרף, באַהאַנדלט די פּעטיציעס און אָנגענומען אַ רעזאָלוציע (דעם 16=טן יולי): בעטן דעם קעניג אָפּשאַפן דעם שענדלעכן דעקרעט און „באַזייטיקן אַלע מניעות, וואָס שטערן צו גלייכבאַרעכטיקן יידן אין בירגערלעכן און אין פּאָליטישן פּרט מיט קריסטלעכע אונטערטאַנען גלייך". די דאָזיקע ערשטע שטים פון אַ פּראָווינציעלן „פאַרלאַמענט" לטובת גלייכבאַרעכטונג האָט פאַרשאַפט אַ גרויס התפּעלות אַלע יידן אין פּרייסן; ס'האָט זיך אַ שיט געטון דאַנק=אַדרעסן דעם לאַנדטאַג. היות ווי די צענטראַלע רעגירונג האָט זיך נישט צוגעהערט צום ריינער לאַנדטאַג, האָט זיך צו דער צווייטער סעסיע, אָנהויב יאָר 1845, ווידער אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע. קעלנער בירגער האָבן געשיקט דעם לאַנדטאַג אַ פּעטיציע, געבעטן „נאָך אַמאָל, אויפהויבן זיין שטים, בייצושטיין די הייליקע אינטערעסן פונם מענטשן=כלל, וואָס ווערן דאָ מיט די פיס געטרעטן מיט דעם אוממענטשלעכן באַהאַנדלען יידן; דער

לאַנדטאַג זאָל בײַשטיין מענטשלעכקייט און פרײַהייט, נאָך אַמאָל זיך משתדל זײַן בײַם קעניג פּאָליטיש און בירגערלעך גאָר צו גלײַכבאַרעכטיקן ייִדן, און בעטן ער זאָל גנעדיק וואָס גיכער באַפרידיקן די ביטע. דער רײַנער לאַנדטאַג האָט באַשטעטיקט זײַן פריערדיקע רעזאָלוציע (אָנגענומען מיט אַ מערהייט שטימען: 56 קעגן 16). סוף־כּל־סוף האָט זיך די פּרײַסישע רעגירונג אונטערגעגעבן: דער קעניג האָט אָפּגעשאַפט דעם „שענדלעכן דעקרעט" פאַר ייִדן אין רײַנער פּראָווינצן (מערץ 1845).

דער לאַנדטאַג אין די אַלטע פּרײַסישע לענדער האָט די זעלבע צײַט אויך אָנגענומען אַ פרײַנדלעכע רעזאָלוציע וועגן דער ייִדנפראַגע: דאָ האָט מען דאָס אויך צו פאַרדאַנקען פּעטיציעס פון ייִדן און קריסטן. אין דער רעזאָלוציע איז געשטאַנען: בעטן דעם קעניג, דער עדיקט פון יאָר 1812 זאָל גילטן פאַר גאַנץ פּרײַסן (ד.ה. פאַר די נײַע פּראָווינצן אויך, וואָס זענען צוגעקומען דאָס יאָר 1815), צולאָזן ייִדן צו אַקאַדעמישע און מלוכה־שטעלעס און געבן ייִדישע קהלותרעכט פון אַ קאָרפּאָראַציע. אין דער רעזאָלוציע איז נישט געזאָגט, אַז ייִדן זאָלן האָבן וואַל־רעכט אין די לאַנדטאַגן, אָבער דאָס אַפילו, וואָס דאָרט איז יאָ דערמאָנט, איז אויך צופיל פאַר פּרײַסישן ליבעראַליזם. אַן ענלעכע רעזאָלוציע האָט אָנגענומען בראַנדענבורגער לאַנדטאַג אויך; דאָ איז אויסגעקומען אויסצושטיין אַ ווידערשטאַנד מצד די אידעאָלאָגן פון אַ „קריסטלעכער מלוכה". ענלעכע רעזאָלוציעס מיט אייניקע אויסרעדענישן האָבן אָנגענומען די לאַנדטאַגן אין שלעזיע און אין פּויזן. אין דעם מייסטן טייל רעזאָלוציעס איז אָנגעטייט דער שנעלער קולטור־וואוקס בײַ ייִדן, דאָס שטימט נישט מיט בירגערלעכער גלײַכבאַרעכטונג. אָפּן קעגן עמאַנסיפּאַציע האָט זיך געשטעלט איין זאַקסישער לאַנדטאַג, דער רעאַקציאָנערסטער אין גאַנץ פּרײַסן.

אויף די אַלע רעזאָלוציעס פון לאַנדטאַגן האָט די רעגירונג געענטפערט, אַז זי אַרבעט נאָך אַלץ אויס אַ ספּעציעלן „ייִדן־געזעץ", זי האָט אָבער געגעבן אָנצוהערן, אַז דער קעניג האַלט נישט בײַ געבן ייִדן פּאָליטישע גלײַכבאַרעכטונג. צולעצט איז זי אַרויס מיטן געזעץ־פּראָיעקט. פאָרגעקומען איז דאָס פאַר פּרײַסן זייער פײַערלעך. פריזומער דאָס יאָר 1847 האָט מען אין בערלין צונויפגערופן אַ „פאַראייניקטן לאַנדטאַג", פאָרשטייער פון אַלע פּראָווינציעלע לאַנדטאַגן, כלומרשט אַ פּאַרלאַמענט מיט באַראַט־רעכט. צווישן אַנדערע פּראָיעקטן האָט מען דעם פאַראייניקטן לאַנדטאַג דערלאַנגט אַ פּראָיעקט פון אַ נײַעם ייִדן־געזעץ. ס׳זאָל הייסן אַזוי: פון איין זײַט זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דער אַקט עמאַנסיפּאַציע פונם יאָר 1812 אָן שום באַגרעניצן אין פּרט סוביעקטיווע רעכט; וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער עפנטלעכע און פּאָליטישע רעכט — זאָל אין דעם פּרט גילטן דער פּרינציפּ פון אַ קריסטלעכער מלוכה. די היציקע דעבאַטן אין בײדע קוריעס אין לאַנדטאַג, אין דער אַדעלשער און אין דער זעמסקער־שטעטישער, בעת מ׳האָט באַהאַנדלט דעם געזעץ־פּראָיעקט, האָבן באַוויזן, אַז די געזעלשאַפט איז שוין נישט אײנס מיט

דער רעאַקציאָנערער רעגירונג. געשטיצט די רעגירונג האָט נאָר די פּריצישע קוריע, אין דער שטעטישער קוריע האָט די רעגירונג געהאַט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע. מיניסטאָרן אייכהאָרן און טילע האָבן געטענהט, אַז מ'טאָר נישט צולאָזן יידן צו געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע אינסטיטוציעס, ווייל אין אַ קריסטלעכער מלוכה דאַרפן זיי זיין „אָנגעזאַפּט מיטן גייסט פון קריסטנטום". טילע האָט אַפילו פאַרגעבראַכט, אַז „דאָס פאָטערלאַנד ביי יידן איז ציון; אַזוי לערנט זיי זייער רעליגיע, קיין אַנדער פאָטערלאַנד קאָן אַ „ייד בעצם נישט האָבן". אַן אַנדער פאַרטרעטער פון דער רעגירונג האָט זיך אויסגערעדט נאָך אָפענער: יידן זענען פרעמדע אין אונזער לאַנד, און אַזוי וועט דאָס בלייבן ביז ווי לאַנג זיי וועלן בלייבן יידן". פּרייסישע יידן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן מיט זייער פּאַטריאָטיזם אַזוי ווי מיט אַ פּאַנצער, זענען שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן פון אַזעלכע רייד. ס'האָט זיך ווידער אַ שיט געטאָן פּראָטעסטן און פּעטיציעס וועגן גלייכבאַרעכטיגונג, געחתמעט אגב פון אַ סך ליבעראַלע קריסטן אויך. אין לאַנדטאג גופא האָבן די פירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי (קאַמפּהויזן, אויערסוואַלד און אַנד.) שאַרף קריטיקירט דער רעגירונגס פּראָיעקט. נאָך לאַנגע דעבאַטן און פּשרות האָט דער לאַנדטאַג אָנגענומען דעם „געזעץ וועגן איינאָרדנען יידן", דער קעניג האָט אים באַשטעטיקט (23 יולי 1847).

די דאָזיקע „קאָנסטיטוציע", וואָס האָט געזאָלט „פאַרפאָלקאָמען" דעם עדיקט פון יאָר 1812, איז אויך נישט דערגרייכט, און דאָס שאָדט נאָך מער דעם עדיקטדער ערשטער פּונקט הייסט אַזוי: „אונזערע יידישע אונטערטאַנען ווערט געגעבן אין אונזער גאָרער מאָנאַרכיע ביי גלייכע פליכטן גלייכע בירגעררעכט מיט אונזערע קריסטלעכע אונטערטאַנען, ווי ווייט אין דעם דאָזיקן געזעץ איז נישט אָנגעוויזן קיין אַנדערע נאָרמעס"; נאָך דעם הויבט זיך אָן אַ סדרה אויסנעמען: יידן ווערן צוגעלאָזט צו מלוכה־אַמטן און קאָמונאַלע שטעלעס בתנאי, אויב אַזוינע שטעלעס זענען נישט פאַרבונדן מיט געריכטלעכע, פּאָליציייִשע און אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס. אין אוניווערסיטעטן מעגן יידן זיין פּריוואַט־דאָצענטן און פּראָפעסאָרן פון מעדיצין, פילאָלאָגיע, מאַטעמאַטיק און נאַטורוויסנשאַפטן, „ווי ווייט דאָס איז נישט אַקעגן די סטאַטוטן" (פון די אוניווערסיטעטן); זיי טאָרן אָבער נישט זיין קיין דעקאַנען און רעקטאָרן און ווערן נישט צוגעלאָזט צום אַקאַדעמישן סענאַט. יידן אין דער אַרמיי טאָרן נישט זיין קיין אָפיצערן. יידן האָבן אויך נישט קיין וואַל־רעכט אין די לאַנדטאַגן. ס'איז געבליבן דאָס אַלטע איינטיילן יידן אין קאַטעגאָריעס נאַטוראַליזירטע און נישט נאַטוראַליזירטע אין פּויזענער גרויסהערצאָגטום, לויט דעם סטאַטוט פון דעם יאָר 1833. פאַר די אַלע באַגרעניצן אין בירגער־רעכט האָט מען יידן געגעבן אַ באַזונדער קהלה־קאָנסטיטוציע.

יידישע קהלות באַקומען, לויט דעם געזעץ פון יאָר 1847 רעכט פון „קאָרפּאָראַציעס" און יורידישע פּערזאָנען, זייער אויטאָנאָמיע איז אָבער גילטיק נאָר

פאַר גייסטיקע ענינים. מיט אַזעלכע „סינאַגאָגן־געמיינדעס" (אַזאַ נאָמען האָבן זיי איצט באַקומען) האָבן אַסימילירטע יידן געקאָנט צופרידן זיין: זיי אַליין האָבן מורא געהאַט פאַר אַ שאָטן פון נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. יעדע קהלה קלייבט אויס איר „פאָרשטאַנד" (פאַרוואַלטונג) און באַאַמטע: רבנים, לערער און ד. ג. די רעגירונג מישט זיך נישט אין יידישן רעליגיעזן לעבן, די קהלות גופא זאָלן אויסגלייכן צווישן זיך רעליגיעזע שטרייטיקייטן. קהלות מעגן האָבן איי־גענע שולן אָבער נאָר פאַר רעליגיעזן למוד; פאַר בילדונג־צוועקן בכלל דאַרפן יידישע קינדער לערנען אין קריסטלעכע שולן; אין אויסנאַם־פאַלן קאָן מען דער־לויבן אַ קהלה מאַכן אַן אָנהויב־שול פאַר יידישע קינדער מיט אַ בילדונג־פּראָ־גראַם. קהלות דעקן אַלע זייערע הוצאות פון אייגענע קוועלן, די רעגירונג גיט זיי קיין שטיצע נישט, זי האָט נאָר דעם קאָנטראָל איבער די קהלה־פינאַנסן. מיט לעגאַליזירן „סינאַגאָגן־געמיינדען" איז מען דאָ בכלל אויסן געווען נישט מער, ווי „דערהאַלטן אָרדנונג" ביי זיי, אָבער נישט פאַרפעסטיקן קיין אויטאָנאָמיע, אַסימילירטע יידישע טוער האָבן אַזעלכעס נישט פאַרלאַנגט אויך. דערפון נעמט זיך, וואָס דער גרונד־געדאַנק פונם געזעץ אין פּרט פון קהלה־וועזן איז צו דע־צענטראַליזירן די קהלה־פאַרוואַלטונג. אין דעם פּרט האָט די פּרייסישע רעגירונג איבערגענומען ווילהעלם הומבאָלדטס געדאַנק „צעשטערן די יידישע אחדות, פריערדיקער באַנד § 32); יידישע קהלות זאָלן זיין צעשטויבטע אָפּגעזונדערטע קעמערלעך אָן איין צענטראַלער אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיי אַלע פאַראייניקן. אי־בער דעם טעם האָט די רעגירונג אָפּגעוואָרפן די פראַנצויזישע קאָנסיסטאָריאַלע־סיסטעם: דאָרטן שמעקט מיט צענטראַליזאַציע, כאָטש בעצם זאָל אַזאַ צענטראַ־ליזאַציע זיין אַ געצייג ביי דער רעגירונג אין די הענט צו ווירקן אויף דער יידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. פונדעסטוועגן איז די פּרייסישע סיסטעם אָפּגעזונ־דערטע קהלות געווען וויניקער שעדלעך איידער די פראַנצויזישע אָפיציעלע צענטראַליציע: דאָ אין פּרייסן זאָל זיך די רעגירונג כלל נישט מישן אין קהלה־ענינים.

אַזוי איז אין פּרייסן באַשאַפן געוואָרן ערב רעוואָלוציע אַ נייער געזעץ אַ פּשרה צווישן רעגירערישן קאָנסערוואַטיזם און געזעלשאַפטלעכן ליבעראַליזם די רעוואָלוציע האָט דעם געזעץ גרינטלעך געענדערט, אָבער אין פּרט קהלה־שער זעלבסטפאַרוואַלטונג איז דער דאָזיקער געזעץ גילטיק געבליבן אין פּרייסן נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע אויך.

## § 7. דער שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע אין בייערן.

אויסער פּרייסן איז דער מערקווירדיקסטער שטרייט פאַר יידישער עמאַנ־סיפּאַציע יענע ציים פאָרגעקומען אין בייערן. אין בייערן איז געווען אַ גרויסע

יידישע מאַסע (50—60 טויזנט נפשות), די רעכטלעכע לאַגע איז דאָ געווען פאַר־שידן אין צוויי טיילן לאַנד. אין אַלט־בייערן האָט געגאָלטן דער עדיקט פון יאָר 1813, אַן אומדערבאַרעמדיקער „צוכטגעזעץ", וואָס האָט נאָרמירט די צאָל יידי־שע חתונות און יידישע באַפעלקערונג מיט דעם צוועק „ביסלעכוויז צו פאַרמי־נערן" די צאָל יידן[1]. אין די פאַלצער ריין־פּראָווינצן, וואָס זענען בייערן צוגע־קומען נאָך דעם באַפריי־קריג, איז געבליבן (לויט דעם געוויסן באַשלוס פונם ווינער קאָנגרעס) דער אַלטער פראַנצויזישער געזעץ וועגן גלייכבאַרעכטונג; מיט דער צייט האָט מען בײַ יידן ביסלעכוויז אָפּגענומען זייערע רעכט. דאָס יאָר 1818 איז אין קעניגטום בייערן איינגעפירט געוואָרן אַ קאָנסטיטוציע מיט פאַר־טרעטער פון שטאַנדן, יידן האָבן נישט געהאַט קיין וואַלרעכט אין „פּאַרלאַמענט" נישט אין אַלט־בייערן, נישט אפילו אין פאַלצער ריין־פּראָווינצן. יידן זענען גע־ווען ווי אבלים אויף דער קאָנסטיטוציע־שמחה. דאָסזעלבע יאָר האָבן יידן גע־קראָגן נאָך אַ באַליידיקונג: בײַ די מוניציפּאַלע וואַלן אין פיורט (יידן האָבן דאָרט אויסגעמאַכט אַ פינפטל באַפעלקערונג) איז אין מאַגיסטראַט נישט אויסגעקליבן געוואָרן קיין איין ייד, בעת אפילו בײַם אַלטן רעזשים פלעגן יידן דאָרט האָבן צוויי ראַטמענער. זיי האָבן זיך געקלאָגט פאַרן קעניג מאַקסימיליאַן יאָזעף, און יענער האָט באַפוילן, אַז אַזאַ „מאָדנע אויפפירונג" זאָל מער אין מוניציפּאַליטעט נישט פאָרקומען און יידן זאָלן האָבן אין מאַגיסטראַט אַ פאַרטרעטער בייצושטיין זייערע אינטערעסן: פיורטער יידישע קהלה איז געווען אַזוי גערירט, אַז זי האָט דערלאַנגט דעם קעניג אַ דאַנק־אַדרעס; דער געדאַנק איז, אַז „רעליגיע, די היי־ליקייט פונם הארצן, קאָן נישט אָפּטיילן מיט קיין וואַנט בירגער פון בירגער, דעם קעניג פון אונטערטאַנען". צולעצט שרייבן זיי: „אָ, ווען פעלקער זאָלן פאַר־שטיין דעם דאָזיקן אמת (אַז אַלע בירגער דאַרפן זיין גלייך), ווען זיי זאָלן אַזוי פילן און האַנדלען! דעמאָלט וואָלטן זיי זיך ברידערלעך געפּאַלן אין די אָרעמס, דער חלוק צווישן רעליגיעס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן נישט מער ווי אין גאָטדי־נען און אין געבעטהייזער. איזראַעליטן וואָלטן די ערשטע געהאַט פאַר זייערע קריסטלעכע מיטברידער אַ ברידערלעכן קוש".

אַזוי האָבן פירער פון בייערשע יידן אויסגעגאָסן זייער האַרץ פאַרן קעניג, גלייך דערמיט האָבן זיי אָבער געזוכט צו ווירקן אויף די געזעצגעבערישע אינ־סטיטוציעס אויך. אַפּריל דאָס יאָר 1819 זענען זיך אין מינכען צונויפגעקומען יידישע טובים (נאָטאַבלען) און האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס: זיך משתדל זיין פאַרן בייערישן לאַנדטאַג, אין דער נייער קאָנסטיטוציע זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אַ פונקט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטונג. ראַבינער ש. ראָזענפעלד האָט אין דעם זין צונויפגעשטעלט און דערלאַנגט דעם לאַנדטאַג „אַ מעמאָראַנדום צו דער געהויבענער שטאַנדן־פאַרזאַמלונג — וועגן דער לאַגע פון יידן און וועגן זייער ביר־

---

[1]) פריערדיקער באַנד § 34;

געראָלעכער איינאָרדנונג". דער מעמאָראַנדום איז אינגיכן באַוואוסט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט. מיונכענער קריסטלעכע סוחרים האָבן דערלאַנגט דעם לאַנדטאג אַ קעגן-פּעטיציע, געפאָדערט, אַז פאַר זייערע יידישע קאָנקורענטן זאָלן בלייבן גילטיק די אַלטע אויסנעם-געזעצן. די יידנפראַגע איז אויפגעקומען אין דער ליטעראַטור אויך. ליפּס, פּראָפעסאָר אין ערלאַנגען, האָט פאַרעפנטלעכט אַ בוך: „וועגן דער קינפטיקער לאַגע פון יידן אין דייטשע בונד-מלוכות" (מערץ 1819). ער באַטראַכט אויספירלעך די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט אָנפאַלן אויף יידן אין גאַנץ דייטשלאַנד, באַווייזט, אַז „ס'האָט זיך ווידער דערוועקט דער מיטלאַלטערישער האַס קעגן יידן" און קומט צו די זעלבע מאָטיוון, וואָס ריס און אַלע פּרייסישע אַנטיסעמיטן: שולדיק איז די אייגנאַרטיקע יידישע רעליגיע, וואָס זונדערט אָפּ יידן פון קריסטן, די איינזייטיקע יידישע עקאָנאָמישע אַרבעט און דעסגלייכן. ליפּס איז אָבער נישט מסכים מיט אַנטיסעמיטישע אויספירן: ער פאַרבויגט טיף דעם קאָפּ פאַר דעם היסטאָרישן נסיון, וואָס די יידישע נאַציע שטייט אויס, ער גלויבט, אַז יידן קאָנען זיך „אויסלייטישן", „אָפּרייניקן זייער רעליגיע און זיך צונויפשמעלצן מיט אונז" (דייטשן); ד. ה. יידן וועלן ווערן אויס נאַציע. אַ ליבעראַלע געזעצגעבונג זאָל נאָך זיין מיינונג נאָך גיכער ברענגען דעם דאָזיקן רעזולטאַט, איידער שטראָף-מיטל. ליפּס בוך האָט געמאַכט אַ רושם אויסער בייערן אויך. ביי דער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ האָט דאָס בוך שטאַרק אויסגענומען.

מאַי דאָס יאָר 1819 האָט זיך דער בייערישער לאַנדטאג אָנגערופן אויף דער יידישער פּעטיציע; ער האָט באַשלאָסן פאָרלייגן דער רעגירונג איבערזען דעם עדיקט פון יאָר 1813 מיט דעם צוועק צו פאַרברייטערן יידישע רעכט. דער קעניג האָט צוגעשטימט און האָט צוגעזאָגט, אַז דאָס אינערן-מיניסטעריום וועט זיך באַלד נעמען צו אַזאַ „רעוויזיע, וואָס איז שוין אָנגעמערקט פון פריער" און וועט צושטעלן אַ געהעריקן פּראָיעקט דעם לאַנדטאג צו דער נאָענטסטער סעסיע (דעם 22 יולי)... קיין צוויי וואָכן זענען נאָך נישט דורך, אַז אויף די גאַסן אין בייערישע שטעט האָט זיך געלאָזט הערן דער געשריי „העפּ-העפּ", אַ סיגנאַל צו פּאָגראָמען כמעט אין גאַנץ דייטשלאַנד (§ 2). אין ווירצבורג, אין באַמבערג און אין אַנדערע שטעט האָבן דייטשע קרעמער רואינירט זייערע יידישע קאָנקורענטן, דאָס זאָל ביי זיי הייסן אַ פּראָטעסט קעגן דער געפּלאַנטער גלייכבאַרעכטונג. חוץ דעם אַלגעמיינעם רעאַקציאָנער-פּאַטריאָטישן טשאַד, האָט אין דער בייערישער פּאָגראָם-באַוועגונג געשטעקט אַ קלאָרע אויסגערעכנטקייט: מ'איז אויסן געווען איבערשרעקן יידן און די רעגירונג מיט דער געפאַר פון אַ „פאָלקס-נקמה", אויב יידן זאָל געגעבן ווערן גלייכבאַרעכטונג. די העצער האָבן זייערס אויסגעפירט: די רעגירונג האָט אָפּגעלייגט די צוגעזאָגטע „רעוויזיע פונם עדיקט", און די יידישע געזעלשאַפט האָט נאָך אַ לאַנגע צייט נאָך דעם נישט געקאָנט קומען צו זיך פון דעם העסלעכן קלאַפּ, וואָס זי האָט באַקומען אָפּגעענטפערט אויף

דעם „ברידערלעכן קוש", וואָס זי האָט געהאַט גרייט פאַר „קריסטלעכע מיט־ברידער".

סוף יאָר 1821 זענען זיך אין מינכען ווידער צונויפגעקומען יידישע טובים און האָבן איבערגעגעבן דריי גלידער פונעם מינכענער קהלה־ראַט דערלאַנגען דעם קעניג אַ פּעטיציע וועגן „גלייכבאַרעכטיקן (יידן) אין רעכט און אין פליכטן". אין דער פּעטיציע איז פֿירגעבראַכט דער געדאַנק, אַז די פאַראַכטונג צו יידן ביי דער קריסטלעכער געזעלשאַפט שפּייזט זיך פון יידישער רעכטלאָזיקייט. די פּעטיציע־שרייבער בעטן אגב, מ'זאָל פאַרווערן צו דערמאָנען אין אָפיציעלע אַקטן אַזוינע באַליידיקנדיקע אויסדרוקן ווי „יודע" אָדער „שוך־יודע"; „איזראַעליטן זענען גרייט אויף די גרעסטע קרבנות" צו פאַרבעסערן זייער אינעווייניקסטן שטייגער ווי ס'פּאַסט פאַר איצטיקער ציוויליזאַציע. אָבער די רעגירונג האָט שוין נישט געהאַט קיין חשק זיך צוהערן צו יידישע פאָדערונגען. זי האָט פאָרגעהאַלטן מינכענער אַדמיניסטראַציע, וואָס יענע האָט דערלאָזט, אַז יידישע טובים זאָלן אויף זייער אַ פאַרזאַמלונג אַרויסזאָגן מיינונגען, וואָס „שטימען נישט מיט דער קאָנסטיטוציע"; די רעגירונג קאָן נישט דערלאָזן, אַז „די „יודענשאַפט" זאָל זיך האַלטן פאַר אַ קאָרפּאָראַציע". מאַי דאָס יאָר 1821 האָט דער פּרעזידיום פונעם לאַנדטאַג אָנגעפרעגט ביים מיניסטעריום, צי וועט דאָס אינגיכן האָבן פאַרטיק דעם צוגעזאָגטן געזעץ־פּראָיעקט וועגן יידן. דערויף איז געווען אַן ענטפער, אַז די רעגירונג „האַלט, אַז איצט איז קיין צייט נישט איבערצוזען דעם יידישן עדיקט"; פאַר יידן „זענען נאָך אָפן וועגן ביסלעכוויז צו אַריין אין בירגער־לעבן", אויב זיי וועלן ווייטער אויך באַווייזן פלייס אין דער „אָנגעהויבענער בילדונג". דאָס הייסט: זאָלן יידן זיך מיען פאַרדינען גלייכבאַרעכטונג שפּעטער, איצט קאָנען זיי דערויף נישט אויסשטעלן.

האָבן זיך יידן געמיט. אַ טייל האָט פאַסירט האַנדל און זיך גענומען פאַר מלאכה און ערדאַרבעט. מ'האָט פאַרדייטשט יידישע שולן סיי אין דער שפּראַך, סיי אין עצם לערנען. דייטשע גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן זענען פול געוואָרן מיט יידן; ס'האָבן זיך באַוויזן יידישע געלערנטע, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אָבער מלוכה־אַמטן און געזעלשאַפטלעכע שטעלעס זענען געווען פאַר יידן צו. צו דער צייט, ווען דאָס פּאָליטישע לעבן האָט ווידער אויפגעלעבט (1830), האָט שוין די יידישע געזעלשאַפט פאַרמאָגט גענוג ענערגיע צו פירן ווייטער איר שטרייט פאַר רעכט. דאָס יאָר 1831 האָבן יידישע קהלות אין פיורט, אַנסבאַך און ווירצבורג דערלאַנגט אַ פּעטיציע דעם בייערישן לאַנדטאַג; דאָרט האָט זיך שוין געהערט אַ פּראָטעסט־שטים: „50 טויזנט איינוואוינער אין דער מלוכה, וואָס טראָגן אַלע לאַסטן און טוען אַלע פליכטן מיט קריסטלעכע בירגער גלייך, פעלט נאָך אַלץ נישט אַליין בירגער־רעכט, נאָר די וויכטיקסטע, די הייליקסטע מענטשנרעכט אויך, און נאָר דערפאַר, ווייל זיי געהערן צו אַ רעליגיע, וואָס זי איז די מוטער פון קריסטנטום... 50 טויזנט איינוואוינער קרעכצן ביטער אונטער אַ לאַסט פון אום־

מענטשלעכע אומגערעכטע אויסנעם־געזעצן, וואָס נאָך פאַר 12 יאָרן האָט מען
צוגעזאָגט זיי אָפּשאַפן. ביי קיינעם קאָן מען נישט אָפּנעמען דאָס רעכט צו האָבן
אַ פאָטערלאַנד, צו אַנטוויקלען זיינע פיזישע און גייסטיקע קרעפטן, פאַרמאָגן
אייגנס, וואוינען אויף אַן אָרט, חתונה האָבן, דערציען קינדער און זיי לאָזן
בירושה אַ פאָטערלאַנד, אַ היים און אַ זיכערקייט, אַז זיי מעגן געניסן מענטשן־
רעכט. אָבער דאָרט, וואו מ'הייסט ווערן וואָס ווייניקער, וואו מ'טאָר זיך נישט
מערן, וואו מ'מעג וואוינען באַשטענדיק נישט מער ווי אין אייניקע ערטער, דאָרט
האָבן נישט אונזערע קינדער נישט קיין פאָטערלאַנד, נישט קיין אייגנס, נישט
קיין פראָפעסיע; דאָרט איז זיי אָנגעצייכנט צו פאַרזיצן, צו שמאַכטן אָן רעכט,
אומקומען פיזיש און מאָראַליש"...

אַ ספּעציעלע קאָמיסיע האָט באַהאַנדלט די אַלע פּעטיציעס; דעם 5־טן נאָ־
וועמבער 1831 זענען אין בייערישן לאַנדטאַג פאָרגעקומען היציקע דעבאַטן וועגן
דער יידנפראַגע. ד"ר לאַנג, דער באַריכטער פון דער קאָמיסיע, האָט געשטיצט
יידישע פאָדערונגען, געבראַכט וויכטיקע פּרינציפּיעלע מאָטיוון וועגן דעם עצם
חעזן פון אַ רעכטלעכער מלוכה, וואָס קאָן נישט צוזען ביי זיך, אַ טייל ביר־
גער זאָל זיין גערודפט. ער האָט פאָרגעלייגט דעם לאַנדטאַג אַ רעזאָלוציע: בעטן
דעם קעניג מ'זאָל באַלד נעמען איבערזען די געזעצן וועגן יידן און מ'זאָל
וואָס גיכער צושטעלן דעם לאַנדטאַג אַ געזעצפּראָיעקט לויטן פּרינציפּ, אַז אַלע
בירגער זענען גלייך אַ קעגן געזעץ. די מינדערהייט פון דער קאָמיסיע האָט
פאָרגעלייגט נאָך אַ רעזאָלוציע: „מ'זאָל באַפרידיקן יידישע גערעכטע פּרעטענזיעס
און פאַרגרינגערן זייער בירגערלעכע לאַגע", נאָר בתנאַי, אַז „די אָנגעהעריקע
צו משה'ס רעליגיע זאָלן זיך אָפּזאָגן פון תלמוד און זאָלן האַלטן זונטאָג אָנ־
שטאָט שבת". דער לאַנדטאַג האָט מיט אַלע שטימען קעגן איינעם אָפּגעוואָרפן
די דאָזיקע העסלעכע רעזאָלוציע, וואָס האָט געפאָדערט פון יידן, זיי זאָלן פאַר־
בויגן רעליגיעזע דינים אַ סילוק פאַר בירגעררעכט. איינער נאָכן אַנדערן זענען
אַרויס רעדנער צו פאַרטיידיקן גלייכבאַרעכטונג. דעפּוטאַט קולמאַן זאָגט: „מאַכט
די קאָנסטיטוציע פאַר גילטיק. אין דער קאָנסטיטוציע רעדט זיך פון גלויבן פריי, און
איר דערלאָזט רודפן יידן, דאָרט ווערט געזאָגט, אַז אַלע זענען גלייך אַקעגן גע־
זעץ, אָבער יידן זאָלן גלייך זיין נאָר אין פרט לאַסטן און פליכטן". די דעפּו־
טאַטן האָבן אָנגעוויזן, ווי שנעל ס'וואַקסט ביי יידן מלאכה און ערדאַרבעט אָנ־
שטאָט קליינהאַנדל, ווי ס'מערן זיך ביי יידן מענטשן מיט העכערער בילדונג פּע־
איק צו ליבעראַלע פּראָפעסיעס. דער לאַנדטאַג האָט איינשטימיק אָנגענומען לאַנג'ס
רעזאָלוציע און האָט דערויף באַקומען צוגעזאָגט פון דער רעגירונג, אַז זי וועט
„פירנעמען אַ גענעראַלע רעוויזיע אין די געזעצן און באַפעלן, וואָס זענען
נוגע יידן".

שטרייטער פאַר עמאַנסיפּאַציע זענען ביי זיך שטאַרק געהויבן געוואָרן
נאָך אַזאַ באַשלוס פונם בייערישן לאַנדטאַג. ריסער האָט וועגן דעם געשריבן אַ

באַהאַרצט אַרטיקל, אַז דער טאָג 5 נאָוועמבער 1831 וועט זיין פּונקט אַזאַ תקופה
אין דער עמאַנסיפּאַציע ביי דייטשע יידן, אַזוי ווי דער 27-טער סעפּטעמבער 1791[1]
ביי פראַנצויזישע יידן. די פרייד איז אָבער געווען צו פרי. די בייערישע רע-
גירונג האָט זיך אַזוי טיף אַריינגעלאָזט אין דער „רעוויזיע" פון „יידן-געזעץ",
אַז זי האָט פאַרגעסן אינם צוועק פון אַזאַ רעוויזיע. זי האָט אָנגעהויבן גראָבן
און פאָרשן נישט אַזוי פיל די יידישע סאָציאַלע לאַגע, ווי דאָס אינעווייניקסטע
יידישע לעבן, דאָס קהלה-וועזן און אפילו יידישע רעליגיעזע ענינים אויך. מיט
דייטשער גרינדלעכקייט האָט מען געהאַלטן אין איין זאַמלען מאַטעריאַל וועגן
אַלע פּרטים פונם יידישן לעבן; דאָס האָט אָפּגענומען דריי יאָר. ווען די רעגי-
רונג האָט שוין געהאַט די אַלע מאַטעריאַלן, איז זיי ערשט געבליבן שטייען אין
אַ „גרויסער פאַרלעגנהייט". ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין יידישע קהלות
קומט פאָר אַ שפּאַלטונג, אַז אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן פאַרשטייען יידישקייט
פאַרשידן. די רעגירונג האָט דעריבער געהאַלטן, אַז פריער, איידער אויסצואַר-
בעטן אַ געזעצפּראָיעקט וועגן גלייכבאַרעכטיגונג, דאַרף מען זיך קלאָר מאַכן,
ווי לאָזט זיך רעאָרגאַניזירן צעשפּאָלטענע יידישע קהלות. די רעליגיעזע
שפּאַלטונג אינעווייניק אין די קהלות האָט געוויינטלעך ווייניק וואָס זיך אָנגעקערט
מיט דער בירגערלעכער רעפאָרם פאַר יידן; ביי דער רעגירונג איז דאָס געווען
נישט מער ווי אַן אויסרייד אָפּצולייגן די גאַנצע רעפאָרם. זי האָט אָבער געמאַכט
אַן אָנשטעל, כלומרשט ס'אַרט איר שטאַרק, וואָס יידן זענען נישט אייניק צווישן
זיך. נאָוועמבער דאָס יאָר 1835 האָט דאָס אינערן-מיניסטעריום צעשיקט אַ צירקו-
ליאַר דער פּראָווינציעלער אַדמיניסטראַציע: היות ווי ביי יידן זענען פאַראַן
פאַרשידענע מיינונגען וועגן רעליגיעזע עיקרים, וועגן גאָטעדינסט, דערציאונג און
בכלל וועגן דעם „קירכלעכן שטייגער", דאַרף מען צונויפרופן אין אַלע לאַנד-
קרייזן יידישע „קירך-פאַרזאַמלונגען" פעסטצושטעלן איין באַשטימטע אָרדנונג
אין יידישע קהלות און פאַראייניקן די קהלות מיט אַ העכערער „קירכלעכער מאַכט"
מיט אַ קאָנטראָל פון דער רעגירונג.

אָנהויב יאָר 1836 זענען זיך צונויפגעקומען פאַרטרעטער פון יידישע
קהלות אויף קרייז-צונויפפאָרן אין ווירצבורג, באַירייט, אַנסבאַך, אויגסבורג,
שפּייער, רעגנסבורג און מינכען. ס'זענען געקומען רבנים, שול-לערער, געהוי-
בענע סוחרים, אַריבער 400 דעלעגאַטן אין די אַלע צונויפפאָרן. דאָ זענען גע-
ווען פאַרטרעטן אַלע פאַרטייען, אָבער מייסטנס האָבן זיך דאָ געלאָזט הערן
רעפאָרמיסטן, פון דער גרופּע ראַבינער און לערער; זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט
פאַר דער רעגירונג, בכדי מיט איר כח צו לעגאַליזירן זייערע אינעווייניקסטע
רעפאָרם-פּלענער. די זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין יעדער קרייז אונטער דער
השגחה פון רעגירונגס-קאָמיסאַרן. יעדן צונויפפאָר האָט די אַדמיניסטראַציע דער-
לאַנגט אַ לאַנג צעטל פראַגן, וואָס זי, די קריסטלעכע אַדמיניסטראַציע, האָט אַליין
אויסגעאַרבעט לויט אירע השגות אין שלחן-ערוך. דאָ זענען געווען פראַגן ווע-

געווען די קוועלן, עיקרים און מנהגים פון יידישקייט, וועגן דער אָרגאַניזאַציע
פון קהלות, וועגן ראַבינער, שולן. ס׳זענען געווען לעפּישע פראַגן אויך, למשל:
צי איז די יידישע רעליגיע מודה „די געטלעכע דריי איינקייט לויט תורת־משה?״
צי האַלטן די יידן, אַז נאָר זיי קומען אַרויס פון אדם און חוה? וואָס מיינט מען, אַז
מ׳זאָגט: „גוי״, אָדער „שבת־גוי״? ס׳זענען געווען אַזוינע פראַגן אויך, וואָס דער
ביירישער לאַנדטאָג האָט זיי שוין פריער אָפּגעוואָרפן, ס׳קאָן נישט זיין קיין
תנאי פאַר גלייכבאַרעכטיגונג, למשל: צי קאָנען יידן האַלטן זונטאָג אָנשטאָט שבת?
צי איז דער אויטאָריטעט פון תלמוד אַ מוז פאַר יידן? וועגן מייסטן טייל פראַ-
גן זענען אין די צונויפפאָרן פאָרגעקומען היציקע וכוחים. ווער ווייסט, צי וואָלטן
אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן מושוה געוואָרן, ווען ביידע צדדים זאָלן נישט
געווען פאַרשטיין, אַז דאָ פסק׳עט מען נישט קיין שאלות, דאָ האַנדלט זיך
דערפון, מ׳זאָל דער רעגירונג געבן אַזאַ ענטפער, וואָס זאָל לויגען פאַר יידישע
גלייכבאַרעכטיגונג. האָט מען דעם ענטפער צוגעפּאַסט צו דעם דאָזיקן צוועק; די
רעפאָרמיסטן האָבן נאַטירלעך ביי אַזאַ געלעגנהייט געהאַט די אויבערהאַנט: אויף צו-
פּאַסן זיך זענען זיי געווען די גרעסטע בעלנים. פונדעסטוועגן איז מען אין אַסך
פראַגן געבליבן ביי פאַרשידענע מיינונגען. אין די עיקרים האָט די מערהייט גע-
האַלטן מיט ר׳ יוסף אַלבו: געגנוג דריי עיקרים (גאָט, נביאה, שכר); די מינדער-
הייט האָט געהאַלטן מיטן רמב״ם׳ס דרייצען עיקרים. שאַרף איז מען זיך פאַ-
נאַנדערגעגאַנגען וועגן דער אמונה אין משיח׳ן: די רעפאָרמיסטן האָבן נישט
געוואָלט הערן פון אַ נאַציאָנאַלן משיח: משיח זאָל מאָראַליש רעפאָרמירן די
וועלט; אַקעגן האָבן די אָרטאָדאָקסן געהאַלטן, אַז משיח זאָל אויסלייזן דאָס
יידישע פאָלק, צוריק אויפשטעלן די יידישע מלוכה. די היציקסטע דעבאַטן
זענען געווען, צי איז תלמוד אַ מוז. וווירצבורגער צונויפפאָר האָט באַשלאָסן, אַז
אַ מוז איז נאָר די עלטסטע טראַדיציע אין תלמוד; באַירעטער צונויפפאָר האָט
געהאַלטן, אַז מ׳זאָל אָפּשאַפן די „צווייטע טעג״ יום־טוב און אַנדערע דינים
פונם תלמוד; אַקעגן אין אַנסבאַך און אין מינכען האָט די מערהייט געהאַלטן,
אַז מ׳טאָר גאָר נישט אָנרירן אין תלמוד. שאַרפע דעבאַטן זענען אויך געווען
וועגן גאָטדינסט, וועגן דייטשע דרשות אין די שולן, וועגן אויסשליסן פון די
תפילות, וואָס מ׳בעט אויף משיח׳ן און דעסגלייכן. אַלע צונויפפאָרן האָבן אָפּגע-
וואָרפן איינפירן זונטאָג אָנשטאָט שבת. פאַר צענטראַליזירן די קהלה׳שע
זעלבסטפאַרוואַלטונג מיט ראַבינער אויבן־אָן האָט שטאַרק געאַרבעט דערהויפּט
די רעפאָרמיסטישע פּאַרטיי.

די קרייז־צונויפפארן האָבן געגעבן פאַרשידענע תשובות אויף דער רעגי-
רונגס פראגן, בכן האָט די רעגירונג באַדאַרפט אייגנטלעך צונויפרופן איי
יידישן לאַנדצונויפפאָר אויסצוגלייכן די סתירות; זי האָט דאָס אָבער נישט געטון
איר האָט גראד געלוינט דער נעגאַטיווער רעזולטאַט פון די צונויפפאָרן: די שפּאַלטונג,
אין די קהלות. בכן האָט זי זיך געהאַלטן פטור דערוויל פון אַ בירגערלעכער

רעפאָרם פאַר יידן: ס׳איז נאָך פרי. יידישע קהלות זענען געווען אויפגעבראַכט אויף אַ צווייטער פאַלטשקייט פון דער רעגירונג און האָבן גענומען ווייטער שטורמען דעם קעניג מיט פעטיציעס. דאָס יאָר 1837 האָבן קהלות אין פיורט, אַנסבאַך און אין מיונכען דערלאַנגט פעטיציעס און מעמאָראַנדומס, ביטער געקלאָגט זיך אויף דעם עדיקט פון יאָר 1813. אַ סך יידן קאָנען נישט אויסשטיין די פלאָג פון „מאַטריקולן” און נאָרפּעס פאַר חתונות און פאַר דער צאָל פאַמיליעס, און זיי פאַסירן בייערן און ציען איבער קיין אַמעריקא. „די רעגירונג האָט שוין לאַנג צוגעזאָגט, איצט איז שוין געקומען די צייט, זי זאָל אויסאַרבעטן אַ געזעצפּראָיעקט, ער זאָל פאַסן פאַר דער קאָנסטיטוציע און פאַרן פּראָגרעס ביי יידן.” יידישע דעפּוטאַציעס זענען געגאַנגען צום קעניג מיט אַזוינע פעטיציעס. דער קעניג און די מיניסטאָרן פלעגן פלייסיק לייענען די פעטיציעס, לויבן אַמאָל דעם סטיל און זיי אַוועקלייגן אין אַרכיוו אַריין. דאָס יאָר 1837 איז געוואָרן אַבעל׳ס קאָנסערוואַטיוו-קלעריקאַל מיניסטעריום, ס׳האָט געהאַלטן ביי פאַרשמעלערן רעכט פון פּראָטעסטאַנטן, פון יידישער גלייכבאַרעכטונג האָט אַפילו קיין רייד נישט געקאָנט זיין. ס׳האָבן זיך אָפּגענאַרט די רעפאָרמיסטן אויך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט, די רעגירונג זאָל זיי שטיצן. די פרומע קאַטוילישע מאַכט האָט שטאַרק געזאָרגט פאַר פרומקייט ביי יידן אויך. דאָס יאָר 1838 האָט דאָס מיניסטעריום געגעבן צו וויסן יידישע קהלות, אַז די רעגירונג האַלט נישט מיט די, וואָס „קריטיקירן ראַציאָנאַליסטיש די יידישע אמונה און דינים”; די רעגירונג האַלט אויך ניט פון אַזאַ מין בילדונג, וואָס ברענגט מיט „שעדלעכע נייע לערעס און גלייכגילטיקייט צו רעליגיע”. בכן האָט די רעגירונג נישט געגעבן יידן די צוגעזאָגטע רעכט, דערפאַר האָט זי זיך אַליין גענומען רעכט צו לערנען יידן יידישקייט.

אַ צייט איז דאָס מיט דער עמאַנסיפּאַציע-באַוועגונג אין בייערן צוגעגאַנגען שטיל, ביז זי איז ווידער לעבעדיק געוואָרן דאָס יאָר 1845 צוזאַמען מיט דער ליבעראַלער באַוועגונג אין פּרייסן. סוף יאָר 1845 און אָנהויב 1846 איז דעם בייערישן לאַנדטאַג אָנגעקומען 26 פעטיציעס פון יידישע קהלות. איצט האָט מען זיך שוין מער געווענדעט צו פאָלקספאַרטרעטער, איידער צום קעניג און צו מיניסטאָרן. אָבער אין לאַנדטאַג האָט מען זיך אויך אָפּגענאַרט. קעגן דער ליבעראַלער ריכטונג, וואָס האָט געוואָלט אָקעגנקומען יידן, איז אַרויס דער געוויסער טעאָלאָג ד ע ל י נ ג ע ר און אָפּגעמאָלט מיט שוואַרצע פאַרבן דעם קולטור-צושטאַנד ביי יידן: זיין רעדע האָט געמאַכט אַ רושם. דער לאַנדטאַג האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע (דעם 7-טן מאַי 1847), געפאָדערט רעווידירן דעם „יידן-עדיקט”, גרינגער מאַכן די יידישע לאַגע, אָבער גלייכבאַרעכטונג איז נישט דערמאַנט געוואָרן. די רעגירונג האָט צוגעשטימט צו דער רעזאָלוציע, זי האָט זיך אָבער נישט געאיילט טון. ס׳האָט נישט געהאָלפן, וואָס יידישע טוער האָבן נישט איבערגעפּרובט צו פועלן מ׳זאָל פאַרגרינגערן די לאַגע. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביזן יאָר 1848.

# § 8. פּאָליטיק און רעליגיע אין באַדען.

פון אַלע דייטשע לענדער האָט זיך אין באַדען אַמשאַרפסטן אַרויסגעוויזן די טענדענץ אַריינציען יידישקייט אין דעם שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע. באַדען האָט געהאַט פאַר יענער צייט די ליבעראַלסטע קאָנסטיטוציע און גראָד דאָרט האָט מען אָפן געפאָדערט פון יידן, אַז פאַר עמאַנסיפּאַציע זאָלן זיי זיך אָפּזאָגן פון זייער נאַציאָנאַל-רעליגיעזער אייגנס; ווייל דאָס איז די מניעה, וואָס יידן שמעלצן זיך נישט צונויף מיט קריסטן. אין בייערן האָט זיך די רעגירונג געגומע רעכט דעה זאָגן אין יידישע גייסטיקע ענינים, דאָ אין באַדען האָבן דאָס געטון פאָלקספאַרטרעטער, און גראָד פּראָגרעסיווע.

אין באַדען האָט פאַר יידן (20 טויזנט נפשות) יענע צייט געגאָלטן אַז געזעץ פונם יאָר 1809[1]) „אָרטיקע בירגערעכט" פאַר יידן איז געווען געווענדט אין דער פּראָפעסיע, די גרויסע מאַסע קליינהענדלער זאָל בלייבן רעכטלאָז ביז זי וועט זיך נישט נעמען פאַר „לייטישע פּראָפעסיעס" („בירגערלעכע נאַרונג"). אַלס מיטל אויסצולייטישן יידן האָט דאָ געדינט אַ צענטראַליזירטע יידישע קהלה, פאַרוואַלטונג מיט אַ קאָנטראָל פון דער רעגירונג. דער יידישער אויבערראַט וואָס איז דאָ געוואָרן, האָט געזאָלט אָפּרייניקן דעם וועג פאַר אַן אינעווייניקסטער און דערנאָך שוין פאַר אַן אויסנווייניקסטער רעפאָרם. אָבער דאָ האָט געשטערט די געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע, וואָס איז געוואָרן, נאָך דעם באַפריי-קריג. אינם אַנטיסעמיטישן טומל די יאָרן 1815—1816, וואָס אָנגעהויבן האָט אים דער בערלינער פּראָפעסאָר ריוס, האָט געהאַט צו שטעקן דער היידעלבערגער פּראָפעסאָר פורס אויך (§ 2). ער האָט געשטורמט דעם פאַרווילדעטן הומאַניזם. דאָס געווויסע יאָר 1819 זענען דאָ אויך פאָרגעקומען אַנטיסעמיטישע מאַניפעסטאַציעס אין היידעלבערג, מאַנהיים און קאַרלסרוע, אַפילו פרייגייסטער האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם. פּאַאולוס פון היידעלבערג, אַ טעאָלאָג אַ פריידענקער, האָט שוין דאָס יאָר 1817 געפאָדערט, מ'זאָל אויסוואָרצלען דעם יידישן סעפּאַראַטיזם; דאָס יאָר 1830 איז ער שוין אַוועק ווייטער. אין זיין געוויסן בוך: „די יידישע נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט" (§ 5) זאָגט ער אַזוי: „אַזוי לאַנג ווי יידן וועלן געטריי בלייבן יידישקייט אין זין פון תורת משה און תלמוד, קאָנען זיי נישט באַקומען קיין גלייכבאַרעכטונג ביי קיין נאַציע נישט, וואָרום זיי ווילן אַליין בלייבן אַ נאַציע און האַלטן דאָס פאַר זייער אַ רעליגיעזן חוב". דאָס איז שוין געזאָגט געווען אין אַ צייט, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָליטישע אויפלעבונג, ספּעציעל מיט דעם צוועק צו ווירקן „אויף אַלע דייטשע רעגירונגען און לאַנדטאַגן", וואָס צו זיי האָט ער זיך געווענדעט מיט זיין בוך. מיר האָבן שוין געזען, ווי ריסער האָט זיך אַקעגנגעשטעלט אַקעגן אַזאַ אַגיטאַציע; דאָס אייגענע האָבן געטון אַנדערע שטרייטער פאַר עמאַנסיפּאַציע

[1]) פריערדיקער באַנד, § 34.

אויך מ. קרייצענאַך און מיכאל העס, פראַנקפורטער רעפאָרמיסטן, האָבן אָפּגעענטפערט פּאַולוס'ן מיט אַ בוך; דער צווייטער טייל בוך (העס אַרבעט) האָט געהייסן: „אַ געשריפטס פון יידן צו פּאַול'ען" (1831). דער וויציקער נאָמען האָט דאָ געזאָלט פאַרשלייערן אַפּלאַטשיקן געדאַנק: די מחברים האָבן זיך געמיט צו דערווייזן, אַז די נאַציאָנאַל־היסטאָרישע טיילן יידישקייט, וואָס פּאַאולוס האַלט זיי פאַר אַ מניעה צו עמאַנסיפּאַציע, זענען שוין פאַרעלטערט און וועלן זיכער פאַרשווינדן. די יידישע התנצלות האָט אָבער נישט געקאָנט אָפּשוואַכן דעם איינדרוק, וואָס פּאַאולוס פּאַמפלעט האָט געמאַכט אויף דער דייטשער געזעלשאַפט. „פּאַוועל'ס" געשריפטס צו רעגירונגען און לאַנדטאַגן, די בשורה פון ליבעראַלן יידנהאַס, האָט ריכטיק געטראָפן דעם אַדרעס.

אַזוי דאָס יאָר 1831 האָט די צווייטע קאַמער פון באַדענער לאַנדטאַג באַהאַנדלט יידישע פּעטיציעס וועגן גלייכבאַרעכטונג. אין די דעבאַטן איז געווען צו באַמערקן די ווירקונג פון פּאַאולוס אידעע, אַז יידן קאָן געגעבן ווערן גלייכבאַרעכטונג נאָר בתנאי, זיי זאָלן פריער באַזייטיקן פון יידישקייט די נאַציאָנאַלע טיילן. מ'האָט אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „בעטן די רעגירונג צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע דעפּוטאַטן, זיי זאָלן באַהאַנדלען די פּראָיעקטן, וואָס די רעגירונג וועט האַלטן פאַר צוועקמעסיק כדי צו באַזייטיקן די מניעות, וואָס שטערן יידן זיך ווייטער ציוויליזירן און גלייכבאַרעכטיקט זיין מיט קריסטן". בכן האָט די באַדענער קאַמער אויף דער פאָדערונג: עמאַנסיפּירט יידן אַלס בירגער, געענטפערט פאַרשטעלט מיט אַ קעגנפאָדערונג: יידן, „עמאַנסיפּירט" אייך פון יידישקייט! דאָס מיניסטעריום האָט איבערגעגעבן דעם לאַנדטאַגס רעזאָלוציע דעם „אויבערראַט" פון יידישע קהלות, און פאָרגעלייגט, ער זאָל אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אַזוי צונויפרופן אַ יידישע דעפּוטאַטן־פאַרזאַמלונג. דער אויבערראַט האָט ווי געהעריק אָפּגעענטפערט אויפן דעם פאָרשלאַג, וואָס האָט געהייסן אַזוי גוט ווי פאַרהאַנדלען דאָס געוויסן פאַר גלייכבאַרעכטונג. ער האָט געשריבן: „מיר מיינען, אַז דאָס, וואָס ס'געהערט צום מענטשנס אינעווייניקסט לעבן, איז נישט קיין זאַך פאַר פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען. רעליגיעזע מיינונגען און געפילן בייטן זיך אין דער גייסטיקער געשיכטע פונם מענטשן־כלל... ס'וואָלט אָבער געווען אַ זינד קעגן דעם שענסטן, וואָס שטעקט אין אַ מענטשלעכער נאַטור, און אַ פאַרדאַרבונג פאַר יעדער רעליגיעז געפיל, ווען מ'זאָל נעמען איבערמאַכן אַ רעליגיעזע סיסטעם צוליב זייטיקע נוצן, זאָל זיין אפילו, אַז פּאָליטיש זענען די דאָזיקע נוצן זייער גרויס." דער אויבערראַט האַלט, אַז די פאַרזאַמלונג דאַרף באַהאַנדלען פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן: ווי צו פאַרבעסערן די רעכט־לעכע עקאָנאָמישע לאַגע, די שול־דערציִונג א. אַז. וו., נישט קיין רעליגיעזע פראַגן (1832).

די רעגירונג האָט אָבער נישט געוואָלט איינגיין אויף אַ צונויפפאָר פון יידישע דעפּוטאַטן מיט אַ פאַרשמעלערטער פּראָגראַם.

דער שטרייט פאַר רעכט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס יאָר 1833. אין באַדען איז די ליבעראַלע באַוועגונג לעבעדיקער געוואָרן; דאָס האָט יידן צוגעגעבן מוט זיך ווידער נעמען אָפּן פאַרן קאַמף. דאָס מאָל האָט מען געזאָלט ווירקן אויף דער פאָלקספאַרטרעטונג: מ׳האָט דערלאַנגט דעם לאַנדטאַג אַ היפּשן מעמאָראַנדום צו באַגרינדן די פּעטיציע וועגן גלייכבאַרעכטונג; דעם מעמאָראַנדום האָט געשריבן גבריאל ריסער. ריסער ווענדעט דאָ אָפּ אַלע טענות קעגן גלייכבאַרעכטונג איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס: מאָראַלישע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע. ריסער באַווייזט, אַז נישט אין די עיקרים, נישט אין די מנהגים, נישט אין מאָראַל פון יידישקייט שטעקט נישט קיין זאַך, וואָס זאָל זיין דער ווידער הייגטיקער ציוויליזאַציע, וואָס יידן נעמען זי זייער גיך איבער. ריסער לייקנט אויך קאַטעגאָריש אָפּ דעם געדאַנק פון „אַ יידישער נאַציע, וואָס מ׳וואַרפט אונז אָן”; די טעמים זיינע האָבן מיר שוין געזען פריער; אויף דער קאָמיסיע פאַר פּעטיציעס ביים לאַנדטאַג האָט דער מעמאָראַנדום געמאַכט אַן איינדרוק. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן דעבאַטן אין דער „ערשטער קאַמער”. אַ סך דעפּוטאַטן האָבן אָנגעוויזן, אַז יידן טוען אַ סך אויף אין בילדונג, זיי ווערן נאָענט צו דייטשער קולטור, זיי מיען זיך איבער-אַנדערשן זייער עקאָנאָמיש לעבן, גרויסהאַנדל, מלאכה און פרייע פּראָפעסיעס מערן זיך ביי זיי אָנשטאָט קליינקרעמעריי; איבער דעם האַלטן די דעפּוטאַטן, אַז יידן זענען שוין רייף פאַר עמאַנסיפּאַציע. פאַר אַנדערע איז אָבער געווען אַ ספק, צי איז צוועקמעסיק באַלד גלייכבאַרעכטיקן יידן. צולעצט האָט די קאַמער אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: „איבערגעבן די יידישע פּעטיציע דעם מיניסטעריום מיט אַ שטאַרקער רעקאָמענדאַציע”.

אַנדערש איז דאָס פאָרגעקומען אין דער צווייטער (אונטערשטער) קאַמער (דעם 27-טן סעפּטעמבער 1833). באַריכטער פון דער קאָמיסיע איז דאָ געווען דער געוויסער היסטאָריקער ראָטעק, דער פירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי. די מערהייט פון דער קאָמיסיע האָט געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף אָפּוואַרפן די יידישע פּעטיציע איבער אַזוינע טעמים: 1) ס׳פּאַסט נישט עמאַנסיפּירן יידן, בעת אַ סך קריסטן געניסן נאָך נישט קיין פּאָליטישע רעכט; 2) יידן גייט זייער ווייניק אָפּ צו גאָרער גלייכבאַרעכטונג; 3) ווען מ׳זאָל וועלן צופרידנשטעלן די יידישע פּעטיציע, וואָלט אויסגעקומען צו ענדערן די קאָנסטיטוציע; 4) ס׳שטייען פאַר וויכטיקערע פראַגן. אין די דעבאַטן האָבן די ליבעראַלן אַרויסגעבראַכט אַזוינע פּלפּולדיקע טעמים, אַז אַ סך ערלעכער איז שוין געווען די מגושם׳דיקע אָפנהאַרציקייט, וואָס אידעאָלאָגן פון אַ „קריסטלעכער מלוכה” האָבן באַוויזן. ראָטעק און זייניקע האָבן געדרונגען, אַז אויב די מלוכה פאָדערט ביי אַ רעליגיעזער גרופּע, זי זאָל נאָכגעבן געוויסע רעליגיעזע איבערצייגונגען צו פאַרווערבן זיך דערמיט גלייכבאַרעכטונג, באַגייט דאָ די מלוכה קיין זינד נישט קעגן גלויבנפריי. זיי האָבן געטענה׳ט, אַז יידן לעבט זיך אין באַדען גאַנץ גוט, אַ סימן: ווי זיי

וואַקסן אַזוי גיך אין קולטור! נאָך לאַנגע וכוחים האָט די צווייטע קאַמער באַ=
שטעטיקט דעם לאַנדטאַגס רעזאָלוציע פונם יאָר 1831, אַז ס'דאַרפן פריער אָפּ=
געשאַפט ווערן די מניעות (מצד יידן!), וואָס שטערן דער עמאַנסיפּאַציע; די קאַ=
מער פאַרהאָפט, אַז דער צוועק וועט דערלאַנגט ווערן, אויב יידן וועלן אויף
ווייטער נישט אָפּוואַרפן די מיטלען, וואָס פירן צו דעם צוועק.

היות ווי באַדענער יידן האָבן איצט אויך נישט געוואָלט פאַרהאַנדלען
זייער רעליגיעז געוויסן פאַר פּאָליטישע נוצן, איז די עמאַנסיפּאַציע ממילא אָפּ=
געלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. יידישע קהלות האָבן נישט אויפ=
געהערט צו דערלאַנגען פּעטיציעס, צייט אויף צייט פלעגט אין לאַנדטאַג זיך
באַווייזן דער שאָטן פון דער יידנפראַגע, אָבער יעדעס מאָל פלעגט זיך אויס=
לאָזן צו'ן אַ רעזאָלוציע, אַז דער לאַנדטאַג קערט זיך אום צום טאָג=אָרדנונג.
ערשט דאָס יאָר 1846, שוין נאָך ראָטעק'ס טויט, איז די צווייטע קאַמער געקו=
מען צום שכל, אַז ליבעראַליזם אָן דעם פּרינציפּ, אַז אַלע זענען גלייך קעגן
געזעץ, איז קיין ליבעראַליזם נישט. מיט אַ מערהייט 36 שטימען קעגן 18 האָט
די קאַמער אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: רעקאָמענדירן דער רעגירונג, זי זאָל באַהאַנ=
דלען די פּעטיציע וועגן גלייכבאַרעכטונג. די רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 האָט
נאָך געטראָפן באַדענער געזעצגעבער ביי אַזאַ „באַהאַנדלען" די יידנפראַגע.

## § 9. ליבעראַלע און קאָנסערוואַטיווע מלוכות.

לויט דער באַציאונג צו יידישער עמאַנסיפּאַציע קאָן מען איינטיילן אַלע
מלוכות אין דייטשלאַנד, חוץ די דערמאָנטע, אין צוויי גרופּעס: די ליבעראַלע
גרופּע און די קאָנסערוואַטיווע. אַ מוסטער פאַר דער ערשטער גרופּע קאָן דינען
קורהעסן און וויורטעמבערג, פאַר דער אַנדערער: זאַקסן, האַנאָווער און מע=
קלענבורג.

קורהעסן (ביז 20 טויזנט יידן), איז געוואָרן דערהויפּט פון טיילן
געוועזענעם וועסטפאַלער קעניגטום; צו דער צייט פון דער פראַנצויזישער הער=
שאַפט איז דאָ איינגעפירט געווען גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן; דאָ האָט נאָך
איצט אויך געגאָלטן די ליבעראַלע טראַדיציע. די קורפירשטישע רעגירונג, וואָס
איז ווידער אויפגעקומען די יאָרן 1815 — 1816, האָט געלאָזט יידן
פריי וואוינען און באַשעפטיקן זיך מיט פּראָפעסיעס; ח'ץ קליינע הענדלער, וואָס
זענען געווען באַגרעניצט אינם רעכט. דאָס יאָר 1823 האָט די רעגירונג מזכה
געווען יידן מיט אַ נייער „קאַזיאָנער" קהלה=אָרגאַניזאַציע; אין דער רעזידענץ
קאַסעל, וואָס פריער האָט זיך דאָרט ברייט געפירט יאַקאָבסאָנ'ס קאָנסיסטאָריע,
איז איצט געוואָרן אַ לאַנד=ראַבינאַט מיט אַ רעגירונגס=באַאַמטן—אַ משגיח. פון
דעם פּאָליטישן קריזיס דאָס יאָר 1830 האָבן מער פאַר אַנדערע געוויבען קור=

העסענער יידן: אין לאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט אַ ליבעראַלער, קאָנסטיטוציאָנע־
לער רעזשים, ס׳הויבט זיך אָן אַ בעוועגונג פאַר עמאַנסיפּאַציע. דאָס יאָר 1832
האָט דער לאַנדטאַג אָנגענומען אַ געזעץ וועגן גלייכבאַרעכטונג; די רעגירונג
האָט זיך אַ צייט געוואַקלט און באַשטעטיקט דעם געזעץ ערשט אָקטאָבער דאָס
יאָר 1833. לויט דעם דאָזיקן געזעץ זענען קורהעסענער יידן גלייכבאַרעכטיגט
געוואָרן מיט קריסטן אין אַלע בירגעררעכט, אין רעכט אויף מלוכה־שטעלעס
אויך. אויסגעשלאָסן פון בירגעררעכט זענען נאָר פּראָצענטניקעס און קליינהענד־
לער אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן זיך נישט נעמען פאַר אַ פּראָפעסיע, וואָס דער
געזעץ פּראָטעזשירט זי. די קהלה־אָרגאַניזאַציע פונם יאָר 1823 איז געבליבן
מיט אייניקע ענדערונגען. יידן האָבן אויסגענוצט די נייע לאַגע. דאָקטוירים, אַד־
וואָקאַטן, לערער האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אויף מלוכה־שטעלעס; אין דער אַרמיי
זענען יידן געוואָרן אָפיצירן. קורהעסן איז בכן די איינציקע מלוכה אין
דייטשלאַנד, וואָס יידן האָבן דאָרט אויסגעפירט גלייכבאַרעכטונג אַ שטיק צייט
פאַר דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848. יידן אין אַנדערע מלוכות, וואָס האָבן נאָך
באַדאַרפט אויסשטיין אַ ביטערן שטרייט פאַר זייערע רעכט, האָבן זיי נאָר גע־
קאָנט מקנא זיין.

אין ווירטעמבערג, די צווייטע מלוכה פון דער ליבעראַלער גרופּע 11)
טויזנט יידן), איז דאָס מיט גלייכבאַרעכטונג צוגעגאַנגען בערך אַזוי ווי אין באַדען.
שוואַבער רעגירער און געזעצגעבער האָבן אויך מער געזאָרגט קולטורעל אָפּצו־
ווישן די יידישע אייגנאַרט, איידער בירגערלעך זיי גלייכבאַרעכטיקן. דאָס יאָר
1828 האָט ווירטעמבערגער אויסעראָרדענטלעכער לאַנדטאַג אנגענומען דער רע־
גירונגס אַ פּראָעקט „דערציאונג־געזעץ" פאַר יידן. היימישע יידן ווערן „אונטער
טאַנען" אין קעניגטום, זענען פריי אין פאַרקער, נישט אָבער אין פּראָפעסיעס. אַ
ייד מעג זיך באַשעפטיקן מיט קליינהאַנדל און צעך־מלאכות נישט אַנדערשווי מיט
דעם דערלויב פון מאַגיסטראַטן און צעכן; פאַר „שאַכערהאַנדל" קומט אַ שווער
שטראָף: „שאַכערהענדלער" טאָרן נישט פריי פאַרקערן, זיי טאָרן נישט חתונה
האָבן פאַר 35 יאָר; זייער אַ שבועה אין געריכט האָט אַ ממש נאָר ווען מ׳איז
ערב פאַר זייער אויפפירונג; דאָ זאָל נאָך דערמאָנט ווערן, אַז „שאַכערהאַנדל"
מיינט מען: הויזירן, פי־האַנדל, מעקלעריי און געלט־פאַרלייען. יידן אין יעדער
שטאָט זענען אַ באַזונדער „קירך־געמיינדע", די קהלות האָבן אַ צענטראַלע „אויבער־
קירך־פאַרוואַלטונג" אין דער רעזידענץ שטוטגאַרט מיט אַ רעגירונג־קאָמיסאַר אַן
אויפזעער. דער געזעץ פונם יאָר 1828 איז שוין געווען אַ געוויסע מדרגה
אַקעגן פריערדיקע שטראָף־געזעצן, ממילא האָט ער די ערשטע צייט אויסגענומען
ביי יידן און פאַרשאַרפט בייז בלוט אַנטיסעמיטן. די באַוועגונג פאַר עמאַנסיפּאַציע
די דרייסיקער יאָרן האָט אויפגעמונטערט ווירטעמבערגער יידן אויך, זיי זאָלן
זיך אויסרייסן פון דער קלעם. זיי האָבן אנגעהויבן דערלאַנגען נאָכאַנאַנד פּעטי־
ציעס דעם קעניג און דעם לאַנדטאַג, געמאָנט גלייכבאַרעכטונג. מאַי דאָס יאָר

1836 האָט דער לאַנדטאַג באַהאַנדלט איינע אַזאַ פּעטיציע, דאָ איז אַפילו דעפּוטאַט וואָלפגאַנג מענצעל, בערנע'ס און יונג־דייטשלאַנד'ס ליטעראַרישער שונא, באַשטאַנען, אַז מ'דאַרף די פּעטיציע צופרידנשטעלן. מיט אַ מערהייט 80 קעגן 3 האָט מען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, די רעגירונג זאָל איבערזעען דעם געזעץ פון יאָר 1828 מיטן צוועק „צו געבן יידן אַלע בירגער־און־געמיינדערעכט, ווי וויית די קאָנסטיטוציע דערלאָזט דאָס." די רעגירונג האָט זיך אָבער נישט געאיילט פאָלגן די עצה, זי האָט געהאַלטן, אַז דער געזעץ דאַרף גילטן 20 יאָר „אויסצולייטישן" יידן. דאָס יאָר 1845 האָבן יידן ווידער אָנגעהויבן שיסן מיט פּעטיציעס: ס'האָבן זיך אָנגערופן אַלע 40 קהלות אין וויורטעמבערג, געמאָנט גלייכבאַרעכטונג. ביידע קאַמערס אין לאַנדטאַג האָבן געהאַלטן מיט יידישע פאָדערונגען, די רעגירונג איז אויך גרייט געווען נאָכצוגעבן, נישט מער זי האָט געוואָלט אויסהאַלטן די 20 יאָר, וואָס זי האָט זיך תחלת אָנגעמערקט אויף „אויסצולייטישן" יידן, ד. ה. זי האָט געוואָלט אָפּציען ביזן יאָר 1848. די שוואַבישע רעגירונג האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען, אַז דאָס יאָר וועלן יידן שוין נישט דאַרפן אָנקומען צו אירע טובות; גלייכבאַרעכטונג וועט אַליין קומען, זי וועט דאָס פאַרשפּאָרן שענקען.

אַ מוסטער פאַר דער קאָנסערוואַטיווער גרופּע מלוכות אין דייטשלאַנד איז דאָס קעניגטום זאַקסן. דער „אַלטער רעזשים" האָט באַוויזן אַראָפּטרייבן די צאָל יידן דאָ ביז 800 נפשות: יידן האָבן גאָר נישט אָנגעוואָרן פון דער רעאַקציע דאָס יאָר 1815, ווייל זיי האָבן פריער גאָר נישט געהאַט געווינען פון דער באַפריי־תקופה. דאָ האָט מען געקאָנט צוזען די אַלטע קנעכטשאַפט מיט אַלע אירע חנ'דלאַך: דאָס הייפל היימישע יידן האָט נישט געהאַט קיין פריי וואוינרעכט, קיין פרעמדער ייד האָט זיך דאָ נישט געטאָרט ווייזן. אין פרייבערג, למשל, האָט אַ ייד געמעגט קומען געשעפטלעך נישט מער ווי אויף 3 טאָג, די אַנצע צייט איז אים נאָכגעגאַנגען אַ פּאָליציי־וואַך ביזן אָפּפאָרן; קיין בעל־מלאכה האָט נישט צוגענומען קיין יידיש לערן ייִנגל; דאָס יאָר 1835 האָט מען באַדאַרפט האָבן ספּעציעל אַ קעניגלעכן דעקרעט, מ'זאָל צונעמען אַ יידיש לערן־ייִנגל צו אַ שניידער. די מיטלאַלטערישע לאַגע איז דאָ בעסער געוואָרן נאָכן יאָר 1830. דאָס אויפגערעגטע פאָלק האָט גענויט די זאַקסישע רעגירער צו געבן דעם לאַנד אַ נייע קאָנסטיטוציע. יידן האָבן זיך געווענדט צו דער רעגירונג און צום לאַנדטאַג מיט אַ פּעטיציע וועגן בירגעררעכט (1831). קריסטלעכע גילדיעס און צעכן האָבן דערלאַנגט קעגן־פּעטיציעס, געפאָדערט „שוץ קעגן יידן". ס'האָבן גיך אָנגעהויבן דעבאַטן אין לאַנדטאַג (1833—1834); ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַפילו אין לאַנד פון פּראָטעסטאַנטישער אומטאָלעראַנץ האָבן זיך געפונען פריינט פון גלייכבאַרעכטונג. אין דער ערשטער קאַמער האָט זיך פאַר יידן אייַנגעשטעלט אַ לייפּציקער פּראָפעסאָר קרוג, ער האָט געטון פאַר יידישע גלייכבאַרעכטונג אין דער ליטעראַטור אויך. אים האָט געשטיצט פּרינץ יאָהאַן

דער קינפּטיקער זאַקסישער קעניג: די יידנפראַגע זאָל נאָך זיין מיינונג פאַר ענטפערט ווערן אַזוי ווי דער פּרינציפּ פון געוויסן־פריי פאָדערט דאָס. הינטער די דאָזיקע יידן־פריינט האָט געשטעקט די אַרבעט פון בערנהאַרד בעער, א עוויסער יידישער טוער אין דרעזדען, א קולטור־אויפטוער פון מענדעלסאָנס חדר; ער איז געווען דער אויפטוער פון די דערמאָנטע פּעטיציעס, ער האָט געוועקט די דערמאָנטע יידן־פריינט אויך צו טון. ביידע קאַמערס אין לאַנדטאַג האָבן אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: פירלייגן דער רעגירונג איבערזען די געזעצן וועגן יידן און אויסאַרבעטן אַ רעפאָרם־פּראָיעקט. די רעגירונג האָט צוגעשטעלט דעם לאַנדטאַג אַזאַ פּראָיעקט ערשט דאָס יאָר 1836; לויט דעקרעטן פון די יאָרן 1837 און 1838 איז דער פּראָיעקט געוואָרן אַ געזעץ.

די רעפאָרם זאָל הייסן אַזוי: אין צוויי שטעט, לייפּציג און דרעזדען, זאָלן לעגאַליזירט יידישע „רעליגיעזע קהלות", זיי מעגן בויען סינאַגאָגעס פאַר גאָטדינסט (פריער האָבן געמעגט זיין נישט מער ווי מנינים אין פּריוואַט־היי־זער); די צאָל יידן אין ביידע קהלות דאַרף נישט גרעסער ווערן דורך אימיגראַציע פון דער פרעמד. אויף איבערציען פון איין שטאָט אין דער אַנדערער דאַרף מען האָבן אַ הסכם פון דער מאַכט. אַ סך פּראָפעסיעס זענען יידן פאַרווערט: יידן איז פאַרווערט קליינהאַנדל אָן אַ דערלויב פון דער מאַכט; זיי טאָרן נישט האַלטן קיין אַפּטייקן, קיין רעסטאָראַנען וכדומה. בעלי־מלאכות מעגן צונעמען יידישע לערניינגלעך; יידן־מייסטערס טאָרן אָבער נישט זיין מער פאַר אַ געוויסער צאָל (30 פאַר ביידע שטעט, לייפּציג און דרעזדען). דער נייער רעזשים, הייסט דאָס איז נישט ווייט אָפּגעשיידט געווען פונם אַלטן. דערהויפּט האָט געדריקט, וואָס אַ ייד האָט זיך נישט געטאָרט פריי רירן. יידן פון אַנדערע לענדער האָבן אַלץ נישט געטאָרט באַזעצן זיך אין זאַקסן. איבער דעם דאָזיקן ווילדן גאַנג איז דאָס געקומען צו אַ דעמאָנסטראַציע אין פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט דאָס יאָר 1841; מ'האָט אָנגעפרעגט דעם פראַנצויזישן אויסערן־מיניסטער גיזאָ, פאַרוואָס האָט ער דערלאָזט, אַז מ זאָל אַרויסשיקן פון דרעזדען אַ פראַנצויזישן יידן אַ סוחר וואורמזער, וואָס איז געקומען אַהין געשעפטלעך. מיט אויפרעגונג און פאַראַכטונג איז אין פּאַרלאַמענט גערעדט געוואָרן פון אַזאַ באַנעמונג צו יידן אין זאַקסן (זע § 27). ביי זאַקסישע יידן גופא איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן די פּראָטעסט־אַקציע; פאַר דער צייט האָבן זיי שוין באַוויזן צו אָרגאַניזירן זיך אין די צוויי קהלות־דרעזדען און לייפּציג, מיט דער הילף פון זכריה פראַנקל, דעם געוויסן געלערנטן און טוער (געווען אויבער־ראַבינער אין דרעזדען די יאָרן 1836—1854). די יאָרן 1843 און 1846 איז דעם לאַנדטאַג ווידער אויסגעקומען צו באַהאַנדלען יידישע פּעטיציעס; אין דער לעצטער פּעטיציע האָבן שוין יידן געמאָנט גאָרע גלייכבאַרעכטונג, נישט קיין פאַרבעסערן די לאַגע. די פּעטיציעס האָבן נישט געהאָלפן, אָבער די שעה פון אויסלייזונג איז שוין געווען נישט ווייט.

יידן אין האַנאָווער (ביז 12 טויזנט נפשות) איז דאָס צוגעגאַנגען נישט

קיין סך בעסער, איידער אין זאַקסן. דאָ האָט נאָך געהאַלטן דער רעזשים פון
„שוץ־יידן". דאָ האָט מען אפילו נישט געפאָלגט דעם פונקט אין די ווינער „בונ־
דעסאַקטן", אַז יידן בלייבן ביי זייערע רעכט, בנוגע די פּראָווינצן, וואָס זיי
האָבן פריער געהערט צום וועסטפאַלער קעניגטום. נאָך דער קאָנסטיטוציע־רע־
פאָרם דאָס יאָר 1830 האָבן יידן דאָ אויך אָנגעהויבן צו ווירקן מיט פּעטיציעס
אויפן לאַנדטאַג. דער לאַנדטאַג האָט פאָרגעלייגט דער רעגירונג „איבערזען"
די יידן־געזעצן, דערנאָך האָט ער גענומען באַהאַנדלען אַ מעסיקן רעפאָרם־פּראָ־
יעקט. אָבער דאָס יאָר 1837 האָט זיך אין האַנאָווער געביטן די דינאַסטיע, (נאָכן
טויט פון ענגלישן קעניג ווילהעלם IV, איז דאָ די קעניגלעכע הערשאַפט אַריבער
צום קומבערלענדער הערצאָג), די פריערדיקע ליבעראַלע קאָנסטיטוציע איז אָפּ־
געשאַפט געוואָרן, מיט די יידישע רעפאָרם־פּראָיעקטן איז אויך געוואָרן אויס.
קורץ פאַר דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 האָט די רעגירונג געפּועל'ט ביי זיך
אָפּשאַפן דאָס שענדלעכע „שוץ־געלט", וואָס אין רוב אַנדערע מלוכות איז דאָס
אָפּגעשאַפט געוואָרן נאָך די צייט פון דער „ערשטער עמאַנסיפּאַציע".

אין מעקלענבורג־שווערין (אַקעגן 3000 יידן) האָט די גאַנצע
תקופה־רעאַקציע נישט אויפגעהערט דער קאַמף פון דעם אַדל (ריטערשאַפט)
קעגן דער מעסיקער „יידנקאָנסטיטוציע" פונם יאָר 1813 (פריערדיקער באַנד §
34). די אויבערשטע קלאַסן האָבן נישט געקאָנט פועלן ביי זייער קריסטלעכן גע־
וויסן אפילו אַ טייל עמאַנסיפּאַציע, און זיי האָבן אויסגעפירט, מ'זאָל אָפּשטעלן
די „יידנקאָנסטיטוציע" (1817). יידישע קהלות האָבן געטון זייערס, געמאָנט און
געפאָדערט, זיי האָט געשטיצט דער הערצאָג, אָבער דאָס אַלץ האָט געטראָפן אַן
אייזערנע וואַנט פון דער פּריצישער רעאַקציע. דאָס יאר 1839 איז איינגעפירט
געוואָרן אַ נייע אָרגאַניזאַציע פאַר יידישע קהלות: פון אויסן האָט זיי געפּרעסט
דער רעגירונגס אַפּוטרופּסות, אינעווייניק זענען שטאַרק צוגעטרעטן די רעפאָר־
מיסטן, ס'האָט געגאָגט אַ וואָרם פון אַ רעליגיעזער שפּאַלטונג.

די איבעריקע מלוכות אין דייטשלאַנד זענען געשטאַנען צווישן די צוויי
גרופּעס, צווישן דער ליבעראַלער און קאָנסערוואַטיווער: ברוינשווייג און
העסענער הערצאָגטום זענען נאָנטער געווען צו דער ערשטער גרופּע;
זאַקסן־ווימאַרער הערצאָגטום און אַנדערע קליינע מלוכות האָט
מער געצויגן צו דער צווייטער גרופּע. אין זאַקסן—ווימאַר האָט די רעגירונג
געפירט אַזאַ פּאָליטיק: יידן האָט זי געהאַלטן אין קנעכטשאַפט און צוגלייך האָט
זי זיך פאַרגינען זאָגן דעות אין יידישן רעליגיעזן לעבן. אגב דאָ האָט די רע־
גירונג געבויט די קהלות דאַווענען אויף דייטש; דאָס איז געשען די זעלבע צייט
(1823), ווען אין פּרייסן האָט די רעגירונג פאַרווערט אפילו דרשות אויף דייטש
אין די שולן. דער זעלבער געזעץ האָט אויך פרייגעלאָזט געמישטע חתונות צווי־
שן יידן און קריסטן בתנאי די קינדער זאָלן זיין קריסטן. דער גרויסער ווימאַ־
רער, דער פּאָעט געטע, איז געווען אויפגעבראַכט; אָבער געאַרט האָט אים נישט

דאָס אונטערדריקן יידן, נאָר פאַרקערט, צו פיל ליבעראַליזם. — ער האָט מורא געהאַט, אַז געמישטע חתונות װעלן צו קיין גוטס נישט פירן; אין אַ בריװ צום קאַנצלער מילער זאָגט ער, אַז דער סופּעראינטענדענט פון די פּראָטעסטאַנטן האָט גיכער באַדאַרפט זיך אָפּזאָגן פון זיין רעליגיעזער װירדע, איידער „דערלאָזן די חתונה פון אַ יידישער טאָכטער אין קירך". געטע מיינט, אַז „מיט אַזאַ סקאַנדאַליעז געזעץ װעלן אונטערגעריסן װערן אַלע מאָראַלישע געפילן און אַ פאַמיליע, װאָס שטייט פעסט אויף רעליגיעזע (קריסטלעכע) יסודות". אַזוי האָט דער „גרויסער גענדינער" באַנומען די זאַך; דאָס גרילצט פאַר זיין װעלט-באַנעמונג בכלל, אָבער דאָס שטימט גאָר מיט זיין שטענדיקער נישט פריינטשאַפט צו יידן (זע פריערדיקער באַנד, § 33).

קאַפּיטל II

# די רעפאָרמאַציע און די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פון יודאַאיזם.

## § 10. די פּראַקטישע רעפאָרמאַציע; דער „טעמפּל־שטרייט" (1815—1823).

די תקופה פון פּאָליטישע רעאַקציע אין דייטשלאַנד באַמערקט זיך ביי־דייטשע יידן די גרעסטע קולטור־אויפלעבונג. צוגלייך מיט דעם צעפאַל פון דער פריערדיקער תקופה, מיט דער שמד־מגפה, מיט דער העסלעכער אַסימילאַציע, לאָזט זיך איצט אויך מערקן אַ באַנייאונג־פּראָצעס; די יידישע היסטאָרישע קול־טור הויבט זיך אָן צופּאַסן צו די נייע לעבנס־פאָרמען און באַנייט איר כח. די דאָזיקע גייסטיקע באַוועגונג אינעווייניק אין פאָלק האָט זיך שטאַרק אָנגעקערט מיט דעם שטרייט פאַר בירגערעכט, וואָס יידן האָבן געפירט אין אויסן. עמאַנ־סיפּאַציע און זעלבסטעמאַנסיפּאַציע, פּאָליטישע און גייסטיקע אויפלעבונג זענען דאָ געווען געקניפּט און געבונדן; דער פּאָליטישער צוועק האָט דאָ אָפט געווירקט אויפן גייסטיקן אידעאַל און האָט אים געפורמט אויף זיין שטייגער. אין ביידע באַוועגונגען איז די גרונד־אידעע איינע און די זעלבע,—דאָס איז די וויכטיקסטע אידעע פון דער תקופה: יידן זענען קיין נאַציע נישט, יידן זענען אין יעדן לאַנד אַ טייל פון דער אַרומיקער נאַציע, נאָר מיט אַן אייגענער רעליגיע. אָבער אינע־ווייניק אין יידישן לעבן, וואו מ'איז געווען פרייער צו טון, האָבן די רעזולטאַטן פון אַזאַ גייסטיקער ווענדונג באַדאַרפט זיין ממשותדיקער און ניכר'ער, איידער אין פּאָליטישן שטרייט אין אויסן.

די גייסטיקע באַוועגונג באַווייזט זיך אויף צוויי וועגן: ס'קומט פאַר אַ־רעליגיעזע רעפאָרם און אַ ליטעראַרישע אויפלעבונג; די פרייע וויסנ־שאַפטלעכע פאָרשונג בינדט אויף די גייסטיקע ענערגיע. ביידע איניינעם, די רעליגיעזע רעפאָרם און די ליטעראַרישע אויפלעבונג, דאָס איז אַזוי צו זאָגן די־רעפאָרמאַציע ביי דייטשע יידן, ענלעך צו דער דייטשישער רעפאָרמאַציע אַמאָל. די יידישע רעפאָרמאַציע האָט פּונקט ווי די קריסטלעכע געהאַט אין זיך גייסטיקע און פּאָליטישע טיילן. דאָ האָט געהאַט צו זאָגן נישט אַליין אַן אינע־

ווייניקסטע באַדערפעניש אויסשטימען די יסודות פון יידישקייט מיט דער נייער אייראָפּעאישער קולטור; אַ סך האָט דאָ געהאַט צו זאָגן אַ זייטיקער פּאָליטישער צוועק אויך: מ'האָט באַדאַרפט האָבן די רעפאָרם, כדי צו דערלאַנגען בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיגונג. אָט דעם דאָפּלצוועק זעט מען צו אין דער גאָרער געשיכטע פון דער יידישער רעפאָרמאַציע. געווים איז דאָ געווען אַ געזונטער ערלעכער מיין אויך: מ'האָט געוואָלט ראַטעווען די פּרינציפּן פון יידישקייט דערמיט, וואָס מ'זאָל זיי צופּאַסן צו דער נייער וועלט; מ'איז אויסן געווען דורך דעם דערהאַלטן ביי יידישקייט דעם יונגען אייראָפּעאיש-געבילדעטן דור, וואָס האָט נישט געקאָנט דערטראָגן דאָס אַלטע פאַרגליווערטע יידישלעכקייט. אָבער דער דאָזיקער מיין איז נישט געווען פריי, מ'האָט זיך געמוזט אַלעמאָל אומקוקן אויף אַ זייט: ווי די רעפאָרם שטימט מיט דער טאַקטיק אינם שטרייט פאַר גלייכבאַרעכטיגונג, וואָס וועלן זאָגן רעגירונגען און פאַרלאַמענטן. אין באַדען און אין ביירן האָט מען געפאָדערט, יידן זאָלן זיך פאַר גלייכבאַרעכטיגונג אָפּזאָגן פון אַלע נאַציאָנאַלע עלעמענטן, וואָס שטעקן אין יידישקייט; פאַרקערט אין פּרייסן איז מען גערן געווען צו זען, יידן זאָלן זיך גייסטיק אָפּזונדערן כדי אַזוי אַרום זיך אַרויסמאַכן פון יידישער גלייכבאַרעכטיגונג. דער יונגער יידישער דור איז אויסן געווען צו באַווייזן מיט דער רעליגיעזער רעפאָרם, אַז יידן זענען נישט קיין באַזונדער נאַציע אין דער דייטשער נאַציע, אַז יודאַאיזם, אָפּגערייניקט פון היסטאָרישע און נאַציאָנאַלע אייגנאַרטן, איז נישט מער, ווי געוויסע רעליגיעזע עקרים און מנהגים, אַ רעליגיע צווישן אַנדערע רעליגיעס. פּאָליטיק האָט דאָ געווירקט אויף רעליגיע. די רעוואָלוציע פון אַ דור האָט דאָ פאַרשטעלט די געשיכטלעכע עוואָלוציע פון דרייטויזנט יאָר. אַ פאָרזיכטיקע בהדרגהדיקע רעפאָרם איז דאָ נישט מעגלעך געווען: צו שאַרף איז געווען די קולטור-רעוואָלוציע מיט אַמאָל ביי דייטשע יידן; האָט מען גענומען באַקן רעפאָרמעס; דערצו האָט געטריבן די בירגערלעכע קנעכטשאַפט. טיילווייז איז דאָס געהען פון אויבן אויף און דעקאָראַציע, טיילווייז איז דאָס געווען דערווידער דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג.

משך דרייסיק יאָר האָט די יידישע רעפאָרמאַציע אין דייטשלאַנד דורכגעמאַכט עטלעכע מדרגות. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פון רעפאָרמירן אויסערלעך די גאָטסדינסט אין די סינאַגאָגעס, און געוויזן דעם וועג האָט נאָך דער אַלטער פרידלענדער באַלד נאָכן פּרייסישן יידנעדיקט דאָס יאָר 1812 (פריערדיקער באַנד § 32). דאָס יאָר 1815 האָט זיך באַזעצט אין בערלין ישראל יאַקאָבסאָן, דער געוועזענער פּרעזידענט פון קאַסעלער קאָנסיסטאָריע, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר אַ רעפאָרם-פאַבריק, איצט איז ער אַראָפּ פון דער גדולה. יאַקאָבסאָן האָט געוואָלט דערנענטן די יידישע גאָטסדינסט צו פּראָטעסטאַנטישער, האָט ער געמאַכט ביי זיך אין הויז אין בערלין אַ מנין מיט תפלות אויף דייטש, מיט כאָר-געזאַנג, מיט דרשות אויף דייטש; דרשענען פלעגט אָפט יאַקאָבסאָן גופא.

יאַקאָבסאָן האָט אויך איינגעפירט די ליוטעראַנישע צערעמאָניע־קאָנפירמאַציע
פאַר ייִנגלעך (אָנשטאָט „בר־מצוה") און מיידלעך. ביי דער קאָנפירמאַציע פון
זיין אַ זון האָט ער אַליין אים געהאַלטן אַ דרשה אויף דייטש (דאָס האָט נישט
געשטערט דעם זון שפּעטער זיך שמדן און ווערן אַ קאַטוילישער גלח). די זעל־
בע צייט איז אין בערלין געוואָרן נאָך אַ רעפאָרמאַטאָרישער מנין ביים באַנקיר
יעקוב בעער אין הויז, דעם קאָמפּאָזיטאָר מייערבערס פאָטער; דאָ האָט מען שוין
איינגעפירט אַן אָרגל. אין די ניימאָדנע מנינים פלעגן אַריינקומען די „בערלי־
נער" (משכּילים) פון דוד פרידלענדערס חדר. די פּרייסישע רעגירונג האָט אָבער
נישט געלאָזט אויפקומען די נייע אויפטוען: אָנהויב יאָר 1816 האָט מען געהייסן
פאַרמאַכן ביידע מנינים. דער באַפעל האָט געשטאַמט פונם קעניג גופא פרידריך
ווילהעלם דעם III־טן; דער תּירוץ איז געווען: לויטן געזעץ טאָרן יידן נישט
אָפּריכטן קיין עפנטלעכע גאָטדינסט אויסער די סינאַגאָגעס. אויב אָבער אַ טייל
בעלי־בתּים, — אַזוי שטייט אין באַפעל, — האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער קהלשער
סינאַגאָגע דערפאַר, וואָס זיי פאַרשטייען נישט די תּפילות אויף העברעאיש, איז
קיינער שטערט זיי נישט דאָ אין דער סינאַגאָגע זאָגן די תּפילות פאַר זיך אויף
דייטש, אָבער נישט מ'זאָל מאַכן „סעקטעס". יאַקאָבסאָנס מנין האָט מען פאַר־
מאַכט; אין בעערס מנין האָט מען נאָך געדאַוונט; דער אויסרייד איז געווען, אַז
די קהלשע סינאַגאָגע דאַרף מען רעמאָנטירן, מוזן די בעלי־בתּים דאַוונען אין אַ
אַ פּריוואַטן מנין. די אָרטאָדאָקסן האָבן אויף גיך אָפּרעמאָנטירט די אַלטע שול
און האבן דארט ווייטער געדאוונט; דא דערביי האבן פרידלענדערס חסידים געבויט א
נייע שול מיט דעם מיין איי נפירן דאָרט די נייע גאָטדינסט. אָבער די דאָזיקע פּלענער
איז נישט באַשערט געווען מקוים צו ווערן: דאָס יאָר 1823 איז אַרויס אַ נייער
קעניגלעכער דעקרעט, יידן זאָלן דאַוונען „לויטן אַלטן מנהג, נישט איינפירן קיין
שום נייעסן אין דער שפּראַך, אין די צערעמאָניעס, און זינגען" (§ 4). מ'האָט
אַפילו פאַרווערט דרשות אויף דייטש, כאָטש אַ סך האָבן קיין אַנדער שפּראַך
נישט געקענט. יידישע רעפאָרמיסטן זענען גרייט געווען צו פאַרדייטשן זייער
יידישקייט, געשטערט האָט אַ קעניג—אַ רעאַקציאָנער, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר
אַ שאָטן פון „דעאיזם", און האָט געוואָלט האָבן ביי זיך אין לאַנד אָדער אַלט־
מאָדיש־פרומע יידן אָדער משומדים.

די רעפאָרם, וואָס מ'האָט זי גערודפט אין בערלין, האָט געמוזט איבער־
ציען קיין האַמבורג. אין דער דאָזיקער פריי־שטאָט האָט מען נישט געוואָלט
געבן יידן פריי, מ'האָט זיי אָבער נישט געשטערט צו זיין פריידענקער. דער
רעפאָרם־מאַכער איז דאָ געווען ד"ר עדואַרד קליי, פיכטע'ס און שלייער־
מאַכער'ס אַ תּלמיד; ער איז געווען אַ אָפּטער פּרעדיקער נאָך אין בערלינער
מנין און האָט געמאַכט אַ סדורל אויף לשון קודש און דייטש[1]). פון בערלין האָט

1) אַן ענלעך סדורל מיטן נאָמען „געזאַנג־בוך פאַר איזראַעליטן" האָט אַרויסגעגעבן אַ
פראַנקפורטער לערער יאָלסאָן אויך (1816). וועגן דעם סדורל דערציילט מען אַזאַ שפּאַס: דער
מחבר האָט געוואָלט איינפירן אין דער סינאַגאָגע דעם ליוטעראַנישן שניט זינגען מזמורים, האָט ער

זיך קליי איבערגעצויגן קיין האַמבורג, פאַרנומען דאָרט דעם דירעקטאָר־פּאָסטן אין דער „פרייער שול” און האָט אָנגעהויבן אַגיטירן, מ'זאָל דאָרט מאַכן אַ נייע רעפאָרמירטע סינאַגאָגע. ס'איז אים געראָטן: עטלעכע צענדליק יידישע פאַמיליעס האָבן געמאַכט אַ נייע רעפאָרמירטע יידישע קהלה; אָקטאָבער 1818 האָבן זיי פייערלעך געעפנט אַ נייעם „טעמפל”, קליי איז דאָ געוואָרן שטענדיקער פּרעדיקער. מ'האָט געמאַכט אַ נייעם סדור (מ. ברעסלוי און ז. פרענקל, וואָס האָט איבערזעצט די ביבלישע אַפּאָקריפן אויף העברעאיש); די שפּראַך איז נאָך דאָ געבליבן לשון קודש, אָבער נישט אַלע תפלות זענען געבליבן גאַנץ; אַ סך האָט מען אַרויסגעוואָרפן, אַנדערע תפלות האָט מען פאַרביטן אויף פּיוטים פון נוסח ספרד; מ'האָט אַרויסגעוואָרפן פון די תפלות אַלע נאַציאָנאַלע און משיח־שטעלן, וואו נאָר ס'רעדט זיך, אַז ס'זאָל ווידער אויפגעשטעלט ווערן אַ יידישע מלוכה: זאָל נישט קאָמפּראָמיטירט ווערן דייטשער פּאַטריאָטיזם ביי יידן. אין „טעמפל” האָט מען איינגעפירט „נוסח־בערלין”: אויף לשון קודש פלעגט מען זאָגן נאָר די וויכטיקסטע תפלות („שמע” וכדומה), די איבריקע תפלות פלעגט מען זאָגן אויף דייטש; פּיוטים און מזמורים פלעגט מען זינגען אַלע אינאיינעם, אַן אָרגל האָט אַקאָמפּאַנירט; פּרעדיקן פלעגט מען אויף דייטש. די דאָזיקע נייעסן האָבן געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג אין האַמבורגער קהלה. די אָרטאָדאָקסן זענען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די „טעמפל־הערן”. ווי נאָר דער נייער טעמפל האָט זיך געעפנט, האָבן האַמבורגער און האַלטאָנער רבנים פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף, גוזר געווען מ'זאָל נישט דאַווגען אין טעמפל און פונם נייעם סדור.

די זעלבע צייט, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מחלוקת אין בערלינער און אין האַמבורגער קהלות, וועגן רעפאָרמירן דעם קולט, איז אויסגעשפּרינגען וועגן דעם אַ ליטעראַרישע פּאָלעמיק אויך. יאַקאָבסאָן דער אויפטוער פון דער רעפאָרם אין בערלין, האָט זיך געפונען אַן ענערגישן פּראָפּאַגאַנדיסט פאַר זיין אידעע, אַן עלזאַסער יידן אליעזר ליבערמאַן, אַ וואויל־לערנער, וואָס האָט געגאַרט גרינדלעך צו רעפאָרמירן יידישקייט. יאַקאָבסאָן און זיינע בערלינער פריינד האָבן אים אויף זייער חשבון אַרויסגעשיקט אין די גרעסטע אייראָפּעאישע קהלות צו קריגן דעם הסכם פון פּראָגרעסיווע רבנים אויף די סינאַגאָגאַלע רעפאָרמעס. ליבערמאַן האָט זיך שטאַרק גענומען פאַר דער אַרבעט. אין אַ קורצע צייט אַרום (1818) האָט ער שוין געקאָנט פאַרעפנטלעכן מיינונגען פון צוויי איטאַליענישע און צוויי אונגאַרישע לומדים, אַז אין יידישן דין איז נישטאָ קיין איסור צו

פשוט איבערגעדרוקט רעליגיעזע מזמורים פון דייטשע געבעט־ביכער, נאָר אומעטום געשטעלט די ווערטער „האר איינציקער” אָנשטאָט „יעזוס”. אין איין שטעלע האָט עמיצער פאַרזען, דער מחבר אָדער דער זעצער, איז געבליבן „יעזוס”, — אַ יידישער סדור מיט אַ תפלה צו יעזוס'ן, אַ סקאַנדאַל! מ'האָט געמוזט אויסרייסן די בלאַט פון אַלע עקזעמפּלאַרן און איבערדרוקן אויף דאָס ניי. (Zirndorf: Jost und seine Freunde, S 161—62). די דאָזיקע מעשה איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער משוגעת נאָכצומאַכן אַלצדינג יענעם אין דער יידיש־דייטשער רעפאָרמאַציע.

דאַוונען אויף דער לאַנדשפּראַך און צו שפּילן אין שול אויף אַן אָרגעל. דערהויפּט האָט זיך פאַר דער טעמפּל־רעפאָרם שטאַרק איינגעשטעלט אַ אונגאַרישער רב אהרן כאָרין, וואָס איז אַליין געווען דער אויפטוער פון דער רעפאָרם ביי זיך אין אונגאַרן; ער האָט געבראַכט ראיות פון תלמוד און פּוסקים. משה קוניץ פון אָפען, אַ לערנער און אַ בעל־קבלה האָט אויך געשטיצט די רעפאָרם. ליבערמאַן האָט פאַרעפנטלעכט זייערע מיינונגען אין אַ ביכל מיט דעם נאָמען „נוגה הצדק״ (דעסוי 1818) און האָט אָפּגעדרוקט אַן אייגן ביכל „אור נוגה״ צו באַווייזן ווי נויטיק ס׳איז די סינאַגאָגע־רעפאָרם. ער האָט געוויזן, אַז די נייע טעמפּלען מיט זייער ציכטיקייט און אָרדנונג וועלן צו זיך ציִען דעם יונגן דור, וואָס קאָן נישט דערליידן די פאַרוואָרלאָזטקייט און דעם טומל פון די אַלטע קלויזן; אַז אַ דרשה אויף דייטש וועגן יידישקייט וועלן קומען הערן יונגעלייט און מיידלאַך אויך, וואָס איצט פאַרברענגען זיי די צייט אויף פּוסטע, אָפטמאָל פאַרדאַרבנדיקע ראָמאַנען. ליבערמאַן האָט פאַראיבל, וואָס די יוגנט קערט זיך אָפּ פון העברעאיש, ער מאָנט, מ׳זאָל דאָס לערנען; דאָך האַלט ער, אַז שוין בעסער דאַוונען אייף דייטש, איידער גאָרנישט דאַוונען. ער האַלט בכלל, אַז רעליגיעזע מנהיגים אין יעדן דור מעגן אָפּשאַפן און ענדערן מנהגים ווי די צייט פאָדערט דאָס, און אפילו דינים פונם תלמוד אויך, וואָס פּאַסן מער נישט פאַר אַ נייער וועלט.

ליבערמאַנס אַגיטאַציע, דער אויפטו פון האַמבורגער טעמפּל־הערן, בפרט נאָך די פאַרעפנטלעכע מיינונגען פון פיר רבנים, האָט אָנגעמאַכט אַ שטורם צווישן דער אָרטאָדאָקסיע. האַמבורגער רבנים האָבן פון זייער זייט פאַרפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט תשובות פון פערציק רבנים פון פאַרשידענע אייראָפּעישע קהלות, אַז מ׳טאָר גאָרנישט ענדערן אין די אַלטע שול־מנהגים און האָבן אַרויסגעלאָזט אַ בוך „אלה דברי הברית״ (אַלטאָנאַ 1819). צווישן די דאָזיקע שטרייטער פון דער אָרטאָדאָקסיע זעען מיר די נעמען פון די גאוני־הדור: דעם פּויזנער רב ר׳ עקיבא אייגער, דעם ניקאָלסבורגער רב ר׳ מרדכי בענעט און דעם פּרעסבורגער רב ר׳ משה סופר („חתם־סופר״). אַלע רבנים האָבן פּראָטעסטירט קעגן האַמבורגער נייע איינפירן. מ׳טאָר אויף קיין האָר נישט בייטן נישט דעם תוך נישט די שפּראַך פון תפלות, וואָרום אין יעדער אות האָבן די קדמונים אַריינגעלייגט טיפע כוונות, אָפענע און פאַרשטעלטע. ר׳ משה סופר, וואָס האָט שטאַרק גערודפט השכלה, האָט געטענהט, אַז אפילו דעם ניגון פון תפלות טאָר מען נישט ענדערן, וואָרום מיר האָבן דאָס בקבלה פון משה רבינו. יעקב ליסא, אַ רב אין פּויליש פּרייסן, האָט געהאַלטן, אַז קעגן די „צעשטערער״ מעג מען קעמפן אפילו מיט מסירות צו דער רעגירונג. מ׳קאָן ווייזן, אַז רעליגיעזע אַפּיקורסות איז נישט ווייט פון פּאָליטישער טריפקייט. דאָס רוב רבנישע תשובות איז געשריבן זייער שאַרף, מ׳האָט נישט געקאַרגט פאַר די רעפאָרמיסטן קיין זלזולים: „אפּיקורסים, פאַרדאָרבענע, גזלנים, שווינדלער, יינגלעך, עם־הארצים,

צעשטערער, נישט קיין יידן נישט קיין קריסטן". אויף די אַלע אָנפאַלן האָט געענטפערט פיין און שאַרף דער דערמאָנטער ברעסלוי מיט אַ קורצן פאַמפלעט: „חרב נוקמת" (1819); ער האָט דאָ איבערגעחזרט ליבערמאַנס הויפּט־טענות: די רעפאָרם איז די איינציקע ישועה, אַנדערש וועט זיך דער יונגער דור צעלויפן פון יידישקייט.

אין דער דאָזיקער ליטעראַרישער פּאָלעמיק האָבן זיך די רעפאָרמיסטן אַרויסגעשטעלט שטאַרקער פאַר זייערע קעגנער. די רעפאָרמיסטן האָבן אויסגעשטעלט פּאָזיטיווע צוועקן פאַר זייער סיסטעם, (דערהאַלטן דעם יונגן דור ביי יידישקייט, פאַרהערלעכן די גאָטדינסט וכדומה); אַקעגן אָבער די אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן נישט געוואָלט הערן פון קיין רעפאָרם, האָבן נישט געהאַט וואָס אויסצושטעלן, מ'האָט זיך פּשוט געהאַלטן פאַר פאַרגליווערטן כּלל: די טראַדיציע טאָר מען נישט אָנרירן. דאָס רבנישע שרעקן מיט חרם'ס האָט קיינעם נישט איבערגעשראָקן. האַמבורגער טעמפּל האָט זיך פאַרפעסטיקט, די נייע קהלה האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. מ'האָט פאַרבעטן פאַר אַ פּרעדיקער דעם בעגאַבטן גאָטהאָלד סאַלאָמאָן פון דעסוי, זיינע דרשות האָבן געצויגן אַ סך הערער פון די פּראָגרעסיווע קרייזן געזעלשאַפט. אַנדערע קהלות האָבן נאָכגעטון האַמבורג: דער נייער שניט איז אָנגענומען געוואָרן אין לייפּציג (בעת די ירידים), אין קאַרלסרוהע און אין קאָפּענהאַגן.

די ערשטע אויפטוער פון דער סינאַגאָגע־רעפאָרם זענען אינגיכן נישט געבליבן. די זקנים: ישראל יאַקאָבסאָן און דוד פרידלענדער זענען געשטאָרבן (דער ערשטער—דאָס יאָר 1828, דער צווייטער—דאָס יאָר 1834). ווייט אָפּגעשיידט איז שוין געווען ליבערמאַן אויך: ער האָט זיך געשמדט, געוואָרן אַ קאַטויל און אינגיכן איז ער שוין געווען אין פּויפּסט'ס (פּי IX) סוויטע. וואָס האָט אים געבראַכט דערצו: רדיפות פון אָרטאָדאָקסן, אָדער וואָס ער האָט זיך אָפּגענאַרט, אַז יידישקייט זאָל האָבן אַ קיום, איז נישט פעסטגעשטעלט. מ'דערציילט, אַז נאָכדעם ווי צו ליבערמאַנס ברודער, אַ רב אין אַן עלזאַסער שטאָט, איז דערגאַנגען, אַז יענער האָט זיך געשמדט, האָט ער זיך געזועצט שבעה. דאָ איז געקומען דער משומד: ער וויל דעם ברודער מנחם־אָבל זיין.

## § 11. די אידעאָלאָגן פון דער רעפאָרמאַציע (גייגער, האָלדהיים); די באַוועגונג אין די גרעסטע קהלות (1835—1844)

פרידלענדער—יאַקאָבסאָן'ס דור איז נישט געבליבן, ס'האָט זיך באַוויזן אַ נייער דור, ריכטיקער געזאָגט, אַ טייל נייער דור, ווארום דער אַנדערער טייל איז שוין געווען גאָר אַסימילירט ווייט אָפּגעשיידט פון יידן. די נייע אינטעליגענץ, וואָס איז געווען דערצויגן אויף צוויי קולטורן, אויף דער יידישער

און אויף דער דייטשער, האָט נישט געקאָנט נאָכטון די קורצזיכטיקע פּראַקטיקער פֿון פֿרידלענדער־יאַקאָבסאָנ׳ס שניט. די נייע מענטשן האָבן אויך געפֿילט, אַז מ׳דאַרף רעפֿאָרמירן דאָס יידישע לעבן; זיי האָבן אָבער שוין נישט געקאָנט זיך צופֿרידנשטעלן מיט בייטן די דעקאָראַציע אין דער שול, מיט צופּאַסן מעכאַניש די סינאַגאָגע צו דער קירך, דאָס יידישע לעבן צום דייטשן לעבן. זיי האָבן געוואָלט פֿאַר זיך אינעווייניק רעכטפֿאַרטיקן דאָס יידישע גייסטיקע לעבן, אויסשטימען דאָס גייסטיקע יידישקייט מיט אַ היינטצייטיקן וועלטבאַנעם, יידישקייט זאָל נישט זיין אָפּגעשטאַנען אַקעגן דעם גרויסן אידעען־שטראָם, וואָס שעלינג, העגעל, פֿייערבאַך האָבן אַריינגעבראַכט אין אייראָפּעאישן געדאַנק. מ׳האָט באַדאַרפֿט טעאָרעטיש באַגרינדן דאָס נייע יידישקייט, אויסלייטערן ביי דעם פּרוּוו־שטיין פֿון היסטאָרישער קריטיק און דערפֿון שוין ציען דעם פֿאָדעם פֿאַר אַ רעפֿאָרם. די רעפֿאָרם ווידער זאָל זיין נישט בלויז די צוגעפּוצטע רעליגיעזע צערעמאָניעס: די רעפֿאָרם זאָל באַנעמען די יסודות פֿון יידישקייט, די גאַנצע סיסטעם און דעם קולטור־עצם פֿונם יידישן גייסטיקן לעבן. אַזוי אַרום האָט די רעפֿאָרמאַציע באַקומען איר א י ד ע אָ ל אָ ג י ע; די וויכטיקסטע אויפֿטוער זענען דאָ געווען גייגער און גאָלדהיים.

א ב ר ה ם  ג י י ג ע ר (1874—1810) איז געבוירן אין פֿראַנקפֿורט ביי מיין; אין דער יוגנט האָט ער זיך פֿון תּלמוד אָפּגעריסן צו אייראָפּעאיש וויסן, ער האָט שטודירט טעאָלאָגיע, פֿילאָזאָפֿיע און מזרח־שפּראַכן אין היידעלבערגער און באָנער אוניווערסיטעט. צו 17 יאָר, איידער ער איז אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט, האָט ער געמאַכט אַ קריטישן פּירוש אויף משנה, אין די סטודענטישע יאָרן האָט ער אָנגעשריבן אַ וויסנשאַפֿטלעכע מאָנאָגראַפֿיע: „וואָס האָט מחמד גענומען ביי יודאַאיזם?״ (1832). געענדיקט דעם אוניווערסיטעט, איז ער באַלד געוואָרן ראַבינער אין וויסבאַדן. אים איז פֿירגעשטאַנען אַ שווערע זאַך: אויסאַרבעטן פֿון זיך אַ מוסטער פֿון אַ געבילדעטן ראַבינער, וואָס זאָל פֿאַרייניקן יידישקייט מיט אייראָפּעאישער קולטור. גייגער דער ראַציאָנאַליסט האָט זיך געמאָלט, אַז יידישקייט קען אויפֿגעלעבט ווערן נישט אַנדערש, סיידן דורך וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג, דורך פֿרייער קריטיק; דאָס זאָל זיין דער וועג צו׳ן אַ רעליגיעזער רעפֿאָרם, און צו דעם צוועק האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל פֿאַר וויסנשאַפֿטלעכער יידישער טעאָלאָגיע Wissenschaftliche Zeitschrift f. jud. Theologie די ערשטע העפֿטן זענען אַרויס דאָס יאָר 1835). פֿון דעם זשורנאַל אַרויס האָט זיך געלאָזט הערן אַ נייער געדאַנק: דאָס אַלטע יידישקייט האָט זיך געהאַלטן אויף טראַדיציע, פֿאַר דעם נייעם יידישקייט דאַרף מען שאַפֿן אַ נייעם פֿונדאַמענט—דאָס איז וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונג. מ׳דאַרף שטודירן ווי אַזוי איז יידישקייט היסטאָריש אויסגעוואַקסן, ווי ס׳זענען אָנגעוואַקסן נייע איכטן, וואָרום יעדע טראַדיציע איז געווען בשעתו אַ נייער איינפֿיר. גייגער זאָגט: „ס׳איז געווען אַ צייט ביי יידן, ווען אַלע האָבן געקלערט און געפֿילט

גלייך. די אמונה האָט מען איבערגעגעבן בירושה פון דור צו דור, און יעדער איינער האָט נישט געדאַרפט גאָרנישט טון פון זיך צו זיין אַ גליד אין דער פרומער עדה: די גאַנצע עדה האָט פאַרמאָגט איין ווילן; דער גייסטיקער מנהיג איז געווען נישט מער ווי דער גרעסטער למדן. יענע צייט איז שוין פאַרביי. דער ווילן פון דער עדה איז געבראָכן, יעדער איינער מוז קלערן פאַר זיך, ער מוז אַליין פאַרפעסטיקן זיין יידישקייט. אָפטמאָל זעען מיר, אַז איבערצייגונגען שטימען נישט מיט דער געגעבענער אָרדנונג. די שווערסטע זאַך איז איצט צו זיין אַ גייסטיקער מנהיג ביי יידן. אַזאַ מנהיג זעט פאַר זיך צוויי עקסטרעמען: אויף איין זייט זעט ער פאַרשטיינערטע מענטשן, אויף דער צווייטער זייט—מענטשן וואָס זענען גאָר אָפּגעריסן פון דעם רעליגיעזן בונד, וואָס דער דובער פון זער תקופה האָט זיי פאַרטומלט. אין דער מיט שטייען מענטשן מיט אַן אָנגעווייטאָגט האַרץ, פונם אַלטן זענען זיי אַוועק, צום נייעם זענען זיי נישט געקומען; דאָס האַרץ און דער שכל לעבן ביי זיי נישט בשלום און זיי גאַרן נאָך אַזאַ שלום. וואָס זשע קאָן מען פאָדערן פון אַ גייסטיקן מנהיג? ער דאַרף באַפרייען די פאַרשטיינערטע פונם טויטשלאָף, וואָס זיי שטעקן אין דעם מיט האַרץ און שכל; די אומגלויבער דאַרף ער מונטערן, דערוועקן ביי זיי אַ געפיל פאַר אַ לעבעדיקן גלויבן. מ'דאַרף זיי אַריינגעבן אין האַרצן, זיי זאָלן נישט מורא האָבן זיך אָבטרייסלען פון מנהגים, זיי זאָלן נישט אויסבערענגען דעם ברען אויף פוסטע צערעמאָניעס, זיי זאָלן היילן די וואונד, דערווייטערן דאָס וואונדפלייש, אויף דעמס אָרט זאָל אָנוואַקסן אַנדערס.״ דער 25 יאָריקער גייגער האָט דאָס געזאָלט זיין דער היילער פון יידישקייט. מיט אַן איירעאָפּעאישן אינסטרומענט אין די הענט קלייבט ער זיך מאַכן אַן ערנסטע אָפּעראַציע, אָבער דאָ דערהערט ער, אַז ער האָט די קראַנקייט פאַלש פאַרשטאַנען.

דערמאָנט האָט דאָס אים זיין אוניווערסיטעט־חבר דער אָלדענבורגער רב ר׳ שמשון רפאל הירש (1808—1888); די קינפטיקע זייל פון דער נייער אָרטאָדאָקסיע אין דייטשלאַנד. הירש האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווערק „19 בריוו וועגן יודאַיזם״ מיט אַ פסעוודאָנים „בן־עזיאל״ (1836); אין דעם ווערק וויל ער פאַרפעסטיקן דעם „פונדאַמענט פון דער טראַדיציע״, וואָס גייגער וויל פון איר אָפּרייסן יידן. הירש האַלט אויך, אַזוי ווי אַלע אין זיין דור, אַז יידן זענען אַ רעליגיעזע גרופּע, נישט קיין נאַציע, אָבער ער האָט נאָך אַ צוגאָב: ביז משיח וועט קומען זענען יידן נישט קיין נאַציע, נאָר אַ בונד גלויבער, וואָס זענען מקיים אַלע מצוות פון דער תורה שבכתב און בעל־פה אַזוי ווי מיר האָבן דאָס איבערגעגעבן פון דור דורות. די תורה געפינט זיך נישט אין דער צייט אָדער אין אָרט, זי איז אייביק. די רעפאָרם דאַרף זיין נאָר דאָס, אַז מיר זאָלן אַריינלייגן אין די מצוות און מנהגים דעם מאור היהדות, וואָרום ס׳איז נישטאָ קיין איין מצוה, וואָס דאָרט זאָל נישט שטעקן אַ געוויסער צוועק אָדער אַ כונה. ייד מעגן שטרענג האַלטן די תורה און זיין איין גייסטיקע עדה, און דאָס איז גאָר

קיין מניעה נישט, זיי זאָלן זיין טיילן פון אַרומיקע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע בונדן ד. ה. זיי זאָלן זיין דייטשן אין דייטשלאַנד, פראַנצויזן אין פראַנקרייך וכדומה. אַ זינד איז נאָר, ווען פאַר עמאַנסיפּאַציע וויל מען מקריב זיין יידישקייט, ווען מ'וויל דעם פאָלקס נשמה אָוועקגעבן פאַר מאַטעריעלע תכלית-זאַכן: הירש האָט אויסגעדרוקט דעם צוועק פון דער רעפאָרם אין אַזאַ קאָנסערוואַטיוו וואָרט: „דער צוועק פון דער רעפאָרם קאָן זיין: אויפהויבן די צייט צו דער מדרגה פון דער תורה, נישט פאַרקערט די תורה זאָל מען אַראָפּאַרפען צו דער מדרגה פון דער צייט". ווי אַזוי „צוצופּאַסן דאָס לעבן צו דער תורה' האָט הירש געוויזן אין אַ גרויס ווערק „חורב, וועגן די פליכטן פון יידן אין גלות" (1838). דאָס איז אַ גאַנצע סיסטעם עיקרים, עטיק און מצוות פון ביבליש-תלמודיש יידישקייט, וואָס הירש האַלט דאָס, אַז ס'איז נישט קיין רעזולטאַט פון היסטאָרישער עוואָלוציע, נאָר ס'איז געגעבן פון גאָטס מויל. גאָטס געבאָטן זענען אייביק, אַזוי ווי נאַטור-געזעצן: ענדערן זיי קאָן מען נישט. מען קאָן נאָר פאָרשן, דערגיין דעם שכל פון זיי, די צוועקמעסיקייט. די פּראַקטישע מצוות האָבן דעם צוועק אַריינברענגען הייליקייט אין וואָכעדיקן לעבן, דעריבער טאָר מען אויף קיין האָר נישט אָנרירן דעם „שלחן-ערוך".

די ליטעראַרישע פּאָלעמיק וועגן גייגער-הירש'ס סיסטעמען האָט געוויזן אַז דאָ האָט מען צו טון מיט צוויי סותר'דיקע סיסטעמען; איין סיסטעם האַלט, אַז אין יידישקייט האָט זיך היסטאָריש אָנגעקליבן פאַרשידענע טיילן, די דאָזיקע טיילן האָבן זיך געביטן און געענדערט לויט די צייט האָט דאָס געפאָדערט, און זיי קאָנען זיך ווייטער אויך ענדערן. די אַנדערע סיסטעם האַלט, אַז דאָס איז תורה, גאָטס-געבאָטן פון א' ביז ת', וואָס נישט זיי זאָל מען צופּאַסן צום לעבן, נאָר פאַרקערט דאָס לעבן זאָל מען צופּאַסן צו זיי. אָביעקטיוו איז געוויס מען גערעכט געווען גייגער, וואָס האָט געהאַלטן מיט'ן פּרינציפּ פון היסטאָרישער עוואָלוציע, וואָס לאָזט זיך וויסנשאַפטלעך באַווייזן, נישט מיט „הלכה למשה מסיני", גענומען פון געוויסע געשיכטלעכע תקופות. ביידע אידעאָלאָגן האָבן אָבער פאַרזען דעם תוך: די אייביקע יידישע נ א צ י ע; יידישקייט אין אַלע היסטאָרישע פאָרמען דינט דער נאַציע נישט מער ווי אַ הייטל, דאָס איז די פאָרם, ווי אַזוי ס'אַנטפּלעקן זיך די שאַפונג-קרעפטן פון דער נאַציע, צוגעפּאַסט צו יעדער עפּאָכע באַזונדער. גייגער און הירש האָבן געהאַלטן יידן פאַר אַ רעליגיעזן קיבוץ, נישט פאַר קיין נאַציע, ס'איז ביי זיי רעכט געווען, יידן זאָלן זיך נ א צ י אָ נ אַ ל אַסימילירן, אָבער דער סוף פון אַזאַ נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע מוז דאָך זיין, יידן זאָלן פאַרשמעלצט ווערן צווישן אַנדערע פעלקער, ד. ה. ס'זאָל נישט בלייבן, ווער ס'זאָל טראָגן די אידעע אָדער די „שליחות" (מיסיע) פון יודאַאיזם. מ'האָט פאַרזען, אַז צעברעכט מען די פאָס, קאָן מען דעם וויין נישט איינהאַלטן: בלייבט נישט קיין לעבעדיק יידיש פאָלק, אַלס אַ באַזונדער קולטור-היסטאָרישער טיפּ, איז בלייבט נישט קיין יידישקייט אויך — ד. ה. דער סכום פון די אַלע גייסטיקע אייגנטימלעכקייטן. מ'האָט דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען דעם גרונדגעדאַנק פון דער יידישער געשיכטע: דער נאַציאָנאַלער תוך

אין יידישקייט איז דאָס שטענדיקע, דאָס זיכערע; די רעליגיעזע פאָרמען בייטן זיך און אַנטוויקלען זיך פּראָגרעסיוו.

ווען פון די הויכע אידעאָלאָגישע הימלען זענען די שטרייטער אַראָפּ אויף דער פּראַקטישער ערד, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי צערייסן דעם לע־בעדיקן גוף פון דער יידישער קהלה, ד. ה. דאָס קעמערל פון אַן אויטאָנאָמער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. אָנגעהויבן דעם פּראַקטישן שטרייט האָט גייגער, וואָס האָט געהאַלטן, אַז מ׳מוז אַ סוף מאַכן צו דעם אַלטן פאַרשטיינערטן יידישקייט. גייגער, וואָס האָט געוואָלט זיין דער קעמפער וואָס פירט זיין קהלה מיט שטאַרקייט אויף אַ נייעם וועג דורך דרייסטע רעפאָרמעס, האָט זיך געזוכט אַ גרעסערן פּלאַץ פאַר אַרבעט אין אַ גרעסערער קהלה, וואָרום די וויסבאַדענער קהלה איז געווען צו קליין, מ׳זאָל דאָרט קאָנען עפּיס וויכטיקס אויפטון. דאָס יאָר 1838 איז פריי געוואָרן די שטעל פון אַ דיין און אַ דרשן אין ברעסלוי, רב איז דאָרט געווען ר׳ זלמן טיקטין, אַ פרומער און אַ למדן. די געבילדעטע פּרנסים פון דער ברעסלויער קהלה האָבן פאָרגעלייגט די שטעל גייגער׳ן. ער איז געקומען קיין ברעסלוי, און געהאַלטן דאָרט אַ גלענצענדע פּרובע־דרשה (ער האָט זיך געשטעלט אויפן פּסוק „דור הולך ודור באָ והארץ לעולם עומדת״— אויסגעטייטשט, אַז די גרונד־יסודות פון אמונה און מאָראַל בלייבן אייביק, מנהגים בייטן זיך), די קהלה האָט אים צוגענומען פאַר אַ פּרעדיקער. דער אָרטאָדאָקסישער טייל האָט שטאַרק געאַרבעט קעגן דעם, מ׳האָט אָנגעוויזן אַן אָפּיציעלע מניעה: גייגער אַלס פראַנקפורטער ייד, האָט אין פּרייסן געהייסן אַן אויסלענדער: לויטן געזעץ אָבער האָט אין פּרייסן געטעגט זיין ראַבינער נאָר אַ פּרייסישער אונטערטאַן. גייגער איז בייגעקומען די דאָזיקע מניעה אויך: ער איז געפאָרן קיין בערלין און דאָרט האָט ער מיט פּראָטעקציעס געפועלט, דער קעניג זאָל אים הייסן נאַטוראַליזירן. אָבער ווען ער איז צוריקגעקומען נצחונדיק קיין ברעסלוי, האָט דער אַלטער פרומער טיקטין דערקלערט, אַז ער וועט נישט פירן קיין רבנות צוזאַמען מיט אַן אַפּיקורס, וואָס לייקנט אין די יסודות פון רבנות. אַ טייל רבנים פון שלעזיע און פוילן האָבן אים געשיקט אַ יישר־כוח. דעמאָלט האָבן זיך ברעסלער פּרנסים געווענדעט צו פּראָגרעסיווע ראַבינער, זיי זאָלן זאָגן זייער פּרינציפּיעלע מיינונג: צי מעג מען וויסנשאַפטלעך פאָרשן יידישקייט און צי מעג אַזאַ איינער זיין רב אין אַ יידישער קהלה. אַ סך ראַבינער האָבן געהאַלטן, אַז מ׳מעג פריי פאָרשן און מ׳מעג מאַכן רעליגיעזע רעפאָרמעס; צווישן זיי איז געווען דער אונגאַרישער רב, דער זקן כאָרין (ער האָט זיך אַ שם געמאַכט מיט זיין רעפאָרמיזם נאָך בעת דעם „טעמפּל־שטרייט״ אין האַמבורג), דער מעקלענבורגער ראַבינער גאָלדהיים, וואָס איז אינגיכן געוואָרן דער פאָנטרעגער פון דער ראַדיקאַלער רעפאָרם, און נאָך ביירישע און ווירטעמבערגער ראַבינער גייגער׳ס גלייכן. ברעסלויער פּרנסים האָבן פאַרעפנטלעכט די מיינונגען פון די רעפאָרמיסטישע ראַבינער (Rabbinische Gutachten, 1842-43), אַן אָפּענטפער דער קרי־

גערישער אָרטאָדאָקסיע. צופעליק האָט זיך די ברעסלויער מחלוקת אויסגעלאָזט פריער, איידער מ׳האָט זיך געקאָנט ריכטן: דאָס יאָר 1843 איז געשטאָרבן דער אַלטער ר׳ זלמן טיקטין, די קהלה-פאַרוואַלטונג האָט איינגעטיילט דאָס רבנות צווישן זיין זון און גייגער׳ן, איינער זאָל זיין רב ביי אָרטאָדאָקסן, דער אַנדערער — ביי פּראָגרעסיסטן. די שפּאַלטונג אין דער קהלה איז לעגאַליזירט געוואָרן: דער באַשיצער פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע, פרידריך ווילהעלם III, איז געשטאָרבן און די רעגירונג האָט אויפגעהערט צו זאָרגן פאַר דער איינהייט פון יידישע קהלות.

יענע צייט האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער שטרייט אין אַן אַנדער גרויסער קהלה, — אין האַמבורג. נאָך דעם „טעמפּל-שטרייט“ דאָס יאָר 1819 איז די נייע רעפאָרמיסטישע גרופּע שטאַרק אויסגעוואַקסן, מיט דער הילף פון איר טאַלענטירטן פּרעדיקער ג. סאַלאָמאָן, דאָס יאָר 1840 האָט זי שוין געהאַט 800 גלידער. עלטסטער רב אָדער „חכם“ אין האַמבורג איז דעמאָלט געווען יצחק בערנייס, אַ פּערזאָן, וואָס לאָזט זיך נישט איינפּרעסן אין אַ פּאַרטיי-קעסטעלע — אַ מאַן מיט אוניווערסיטעט-בילדונג, אַן אָנהענגער פון שעלינגס פילאָזאָפישער ראָמאַנטיק, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ נעפּלדיקער רעליגיעזער פילאָזאָפיע: פּאָעזיע פונם סימבאָל האָט ביי אים אין די אויגן נישט דערלאָזט קיין קריטיש דענקען און קיין רעפאָרמאַטאָריש טון. [1]) ער איז נאָענט געווע- צו דער ניי-אָרטאָדאָקסיע, וואָס זיין מער ענערגישער תלמיד ר׳ שמשון רפאל הירש האָט דאָס דורכגעפירט; ער גופא האָט אָבער נישט געקאָנט אָרגאַניזירן קיין פּאַרטיי. דאָס ערשטע מאָל האָט זיך בערנייס אַריינגעמישט אין פּאַרטיי-שטרייט דאָס יאָר 1841. די האַמבורגער רעפאָרמיסטן האָבן יענע צייט גענומען בויען אַ נייעם גרעסערן טעמפּל און איבערדרוקן זייער העברעאיש-דייטשן סדור. אַזאַ וואוקס פונם רעפאָרמיזם האָט שטאַרק געאַרט בערנייס׳ן. ווען דער איבערגעדרוקטער סדור איז אַרויס (צו ימים נוראים), האָט בערנייס אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז דער איסור אויפן סידור, וואָס רבנים האָבן געמאַכט דאָס יאָר 1819, איז גילטיק איצט אויך, וואָרום די מחברים האָבן „מיט עזות“ געענדערט אין די הייליקע תפלות אַזוינע שטעלן, וואָס געהערן צו די עיקרים פון דער אמונה: די שטעלן וועגן ביאַת-המשיח און וועגן „גאָטס צוזאָג יידן לאַחרית הימים“. דער דאָזיקער חרם האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די גבאים פונם נייעם טעמפּל, צווישן זיי גבריאל ריסער׳ן אויך. זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אַ פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס בערנייס מישט זיך אין די ענינים פונם „טעמפּל-בונד“, זיי האַלטן, אַז דער „חכם“ איז נישט קיין אויטאָריטעט אין אַזוינע טעאָלאָגישע פראַגן; מיט זיין אויפפירונג פאַרשטאַרקט ער נאָך מער די מחלוקת אין דער קהלה. דער שטרייט האָט זיך אַזוי פאַרשאַרפט, אַז דער האַמבורגער סענאַט האָט זיך אַריינגעמישט. אויף דעם

[1]) מ׳האַלט בערנייס׳ן פאַרן מחבר פון אַן אַנאָנים בוך „דער ביבלישער אָריענט“ (1821) אַ געמיש פון סימבאָליזם און פרייעם קריטיציזם. בערנייס גופא האָט דאָס געלייקנט.

סענאַט'ס אָנפרעג האָט בערנייס געענטפערט: ס'איז אַ ליגן, וואָס די רעפאָרמיסטן זאָגן, אַז זייער טעמפל דערנענט די יוגנט צו רעליגיע; פאַרקערט מיט זייער אויפפירונג לאָזן זיי פאַלן רעליגיע. די אָרטאָדאָקסן האָבן געפרווווט ווירקן אויפן סענאַט, ער זאָל נישט לאָזן איבערבויען דעם טעמפל, זיי האָבן אָבער נישט געפועלט. דער סענאַט האָט געלאָזט די רעפאָרמיסטן טון זייער זאַך, ער האָט זיי אָבער געראָטן נישט אָנצוזוכאַלן אויפן „חכם" און אויף די אָפיציעלע פירער פון דער קהלה.

בעת די אָרטאָדאָקסן האָבן געאַרבעט דורך דער אויסערלעכער מאַכט, האָבן זיך די רעפאָרמיסטן געקערט צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. זיי האָבן אָנגעפרעגט ביי ראַבינערס וועגן זייערע רעפאָרמעס. ראַבינערס פונם נייעם שניט — גייגער, גאָלדהיים און אַנדערע האָבן געוויינטלעך געגעבן גערעכט די רעפאָרמיסטן, אייניקע האָבן זיי אפילו פירגעהאַלטן, וואָס זיי זענען צו מעסיק אין דער רעפאָרם, וואָס אין זייערע תפלות איז נאָך אַ כך געבליבן וועגן דער אויסלייזונג, וואָס משיח זאָל ברענגען. אַ מיטלווועג צווישן ביידע שטרייט־פאַרטייען האָט פאַרנומען דער דרעזדענער ראַבינער, דער געלערנטער זכריה פראַנקל (1801—1871), וואָס האָט געהאַלטן פון מעסיקע רעפאָרמעס. ער איז אויך דערפאַר, מ'זאָל איינפירן מער אָרדנונג אין שול־מנהגים, ער מיינט אויך, אַז מ'מוז ענדערן אייניקע שטעלן אין די תפלות; ער קאָן אָבער נישט צושטימען, מ'זאָל גאָר אַרויסלאָזן די משיח־תפלות, וואָרום מ'מעג אַרויסקוקן, אַז יידן זאָלן לאחרית־הימים אויפגעריכט ווערן אין ציון און מ'קאָן דערביי בלייבן אַ גוטער בירגער אין גלות. פראַנקל איז אויך קעגן אַזאַ קנאות, וואָס בערנייס באַווייזט אַקעגן יעדער רעפאָרם, בעת אין אַ סך פאַלן זעען מיר דאָ אַן ערלעכן מיין צו פאַרשטאַרקן די יסודות פון רעליגיע. בכן זעען מיר, אַז פאַר 25 יאָר, די צייט פונם ערשטן טעמפל־שטרייט ביזן צווייטן, האָט זיך אין האַמבורג אַ סך געביטן; דאָס ערשטע מאָל (1819) האָבן רעפאָרמיסטן געהאַט אויף זייער צד געציילטע רבנים, אַקעגן פערציק רבנים זענען געווען קעגן זיי. דאָס צווייטע מאָל (1841) האָט בערנייסן כמעט קיינער נישט געשטיצט, אַ מחנה יונגע ראַבינערס האָבן געשטיצט די רעפאָרם, אַ סך האָבן נאָך געהאַלטן, אַז האַמבורגער רעפאָרמיסטן זענען צו מעסיק' זיי ענדערן נאָר די גאָטדינסט און רירן נישט אָן די גאַנצע סיסטעם פון יודאַיזם בכלל.

וואָס ווייטער, אַלץ מער האָט מען גענומען פאַרטיפן די אידעאָלאָגיע פון דער רעפאָרמאַציע; איצט קומט שוין די יידישע געזעלשאַפט צום געדאַנק, אַז ס'איז נויטיק גרינטלעך רעפאָרמירן דאָס גאַנצע תלמודישע יידישקייט. „איזראַעליטישע בירגער אין פראַנקפורט ביי מיין האָבן זיך שוין נישט געקאָנט צופרידנשטעלן מיט די אָנהויב־רעפאָרמעס, וואָס זיי האָבן צוגעזען אין בערלין, האַמבורג און ברעסלוי, זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן אַ סך ווייטער. אָנגעהויבן האָט אַ גרופע פריידענקער, די הויפט־אויפטוער זענען דאָ געווען די לערער פון דער

יידישער גימנאַזיע „פילאַנטראָפין“. איינער אַזאַ לערער, מיכאל קרייצענאַך,
האָט געאַרבעט אין זיינע ווערק[1], מ'זאָל מאַכן אַ נייעם שולחן־ערוך צוגעפּאַסט
צו דער נייער וועלט. תּלמודאון פּוסקים,—טענהט ער,—האָבן אויסגעטייטשט די
תּורה לויט זייער צייט נאָך, ממילא מעגן מיר טייטשן די תּורה אַזוי ווי ס'פּאַסט
פאַר אונזער צייט. נאָך זיין טויט האָט זיין זון טעאָדאָר געגרינדעט אין פראַנק־
פורט (1842) אַ „פאַריין פון רעפאָרם־פריינט“ אויסצופירן, וואָס יענער האָט אָנ־
געהויבן (שפּעטער האָט ער זיך געשמדט). דער פאַריין האָט פאַרעפנטלעכט אַ
ראַדיקאַלע פּראָגראַם פון דריי פונקטן: „1) מיר האַלטן, אַז משה רבינוס רע־
ליגיע איז פעאיק צו אַנטוויקלען זיך אָן אַ גרענעץ. 2) די זאַמלונג וכּוחים, מימרות
און פּסקים, וואָס מ'רופט דאָס תּלמוד, האָט ביי אונז קיין אויטאָריטעט נישט,
נישט אַלס עיקרים (דאָגמאַטיש), נישט פּראַקטיש. 3) מיר קוקן נישט אַרויס אויף
משיחן, ער זאָל קומען און פירן יידן צוריק קיין פּאַלעסטינע; מיר האָבן נישט
קיין אַנדער פאָטערלאַנד, חוץ דעם לאַנד, וואָס מיר זענען דאָרט געבוירן גע־
וואָרן, אָדער וואָס מיר זענען דאָרט בירגער“. די דאָזיקע דריי נעגאַטיווע פונקטן
אָן אַ פּאָזיטיווער פּראָגראַם האָבן אויסגעזען ביי דער געזעלשאַפט אין די אויגן
ווי אַ מאַניפעסט פון הפקרות. מ'איז נאָך מער אויפגעבראַכט געוואָרן, ווען מ'איז
דערגאַנגען, אַז חוץ די דאָזיקע דריי אָפענע פונקטן האָט דער פאַריין שטילער־
הייט נאָך אַ פונקט: אָפּשאַפן די מצוה פון מילה. אייניקע גלידער פונם פאַריין
האָבן טאַקע נישט מל געווען זייערע קינדער. יענע צייט האָבן זיך געטראָפן
אייניקע אומגליקלעכע פאַלן ביים מל זיין — האָט דער סאַניטאַר־ראַט פון דער
שטאָט פראַנקפורט באַפוילן, אַז „איזראַעליטישע בירגער, וואָס ווילן מל זיין
זייערע קינדער, זאָלן רופן ספּעציאַליסטן, וואָס זענען באַשטימט דערצו“ (1843).
דעם דאָזיקן באַפעל האָבן אייניקע אויסגעטייטשט, אַז אָפּיציעל איז מל זיין קיין
מוז נישט פאַר יידן. דאָס איז געווען דער תּירוץ ביי די עלטערן, וואָס האָבן
נישט געוואָלט מל זיין זייערע קינדער. דאָס האָט שוין געהייסן אָנרירן אַ מצוה
פון דער תּורה. דאָס האָט שטאַרק אויפגערודערט פראַנקפורט און אַנדערע קהלות.
ס'האָט זיך צעפלאַקערט אַ פּאָלעמיק אין דער ליטעראַטור. די פראַגע האָט מען
געשטעלט אַזוי: צי קאָן אַ פאָטער, וואָס האָט נישט מל געווען זיין זון בלייבן אַ
גליד אין דער קהלה, און דער זון גופא ווען ער וואַקסט אויס? דער שטאָק־
אַלטער פראַנקפורטער רב ר' שלמה טריער האָט זיך געווענדט צו רבנים און
געלערנטע, זיי זאָלן זאָגן זייער מיינונג; אינגיכן האָט ער פאַרעפנטלעכט 28
תּשובות; באַזונדער איז געדרוקט געווען דעם היסטאָריקער צונצס ענטפער (1844).
אין די אַלע תּשובות, סיי פון אָרטאָדאָקסן, סיי פון מעסיקע רעפאָרמיסטן, סיי
פון אומפּאַרטייאישע איז געזאָגט געווען, אַז מילה איז איינע פון די וויכטיקסטע
מצוות, אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז די, וואָס זענען עובר אויף דער מצוה, דאַרפן

[1]) Schulchan-Aruch, oder encyclopädische Darstellung des Mosaischen gesetzes ,1834—1833 ,4 בענד

אויסגעשלאָסן ווערן פֿון דער קהלה (ש. ר. הירש, דער ווינער רב מאַנהיימער און אַנדערע). ריסער איז געווען קעגן דעם, מ'זאָל אָנווענדן שטראָף-מיטלען: יעדער איז אינדיווידועל פֿריי צו האַנדלען, ווי ער פֿאַרשטייט; מ'קאָן קיינעם נישט נייטן צו טון אַ מצוה, וואָס איז דערווידער זיין געוויסן; מ'קאָן זיך נישט איינשטעלן פֿאַר דער פּרימיטיווער מצוה, מילה, מער, איידער פֿאַר מצוות מיט אַ טיפֿערן סימבאָלישן אינהאַלט. דער דאָזיקער שטרייט איז געווען דאָס איינציקע, וואָס דער „פֿאַריין פֿון רעפֿאָרם-פֿריינט" האָט מיטגעבראַכט. דער פֿאַריין איז אָפּגעשטאָרבן, נישט באַוויזן גאָרנישט אויפֿצוטון, וואָרום אין פּראָגראַם ביי אים איז נישט געווען קיין פּאָזיטיווע זאַך.

אין דעם דאָזיקן ליידנשאַפֿטלעכן שטרייט האָט אַריינגעוואָרפֿן אַ שאַרף וואָרט שמואל גאָלדהיים (1806—1860), דער צווייטער אידעאָלאָג פֿון דער רעפֿאָרם נאָך גייגער'ן. גאָלדהיים איז געווען אַ ישיבה-בחור אין אַ פּרייסיש-פּויליש שטעטל קעמפּען, דערנאָך האָט ער געענדיקט דעם אוניווערסיטעט. ביי פּלפּול איז ער אָבער געבליבן אַלע זיינע יאָרן. דאָס יאָר 1840 איז ער געוואָרן לאַנד-רב אין מעקלענבורג און האָט זיך באַזעצט אין שווערין, דאָ האָט ער זיך גענומען פּראַקטיש איינפֿירן די רעפֿאָרם. ער האָט געפּרוּווט איינפֿירן דעם נייעם סדור און אַנדערע רעפֿאָרמעס אין דאַוונען, די מערהייט אָרטאָדאָקסן אין די קהלות האָבן אָבער נישט געלאָזט. דעמאָלט האָט ער זיך גענומען פֿאַר דער פּען. דאָס יאָר 1843 האָט ער אָפּגעדרוקט אַ בוך „וועגן אויטאָנאָמיע פֿון רבנים", דאָרט האָט ער אַוועקגעשטעלט אַזאַ פּרינציפּ פֿאַר דער רעפֿאָרם: אין יודאַאיזם זענען פֿאַראַן צוויי טיילן: דער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער טייל און דער רעליגיעזער [1]; דעם ערשטן דאַרף מען גאָר אָפּוואַרפֿן: יידן זענען שוין לאַנג קיין נאַציע נישט, אויף זייער געזעלשאַפֿטלעך לעבן האָבן צו זאָגן לאַנד-געזעצן און אינטערעסן פֿון די נאַציעס, וואָס יידן זענען צעזייט צווישן זיי; בכן בלייבט אין יידישקייט נישט מער ווי רעליגיעז-עטישע געבאָטן פֿאַר דעם יחיד'ס לעבן. ראַבינערס דאַרפֿן צעשיידן די דאָזיקע צוויי טיילן יידישקייט, אָבער דאָס לעצטע וואָרט געהערט דער רעגירונג אין יעדן לאַנד: די רעגירונג קאָן זאָגן, אַז אַזוינע יידישע מנהגים געהערן צו די „נאַציאָנאַלע יידישע" געזעצן, וואָס מ'דאַרף זיי אָפּשאַפֿן, ווייל זיי שטימען נישט מיט לאַנדגעזעצן. אויף אַזאַ סיסטעם, די רעגירונג זאָל זיך מישן אין אינעווייניקסטן יידישן לעבן און זאָל דאָ טון אויף איר באַראָט, האָט גאָלדהיים אַ פֿאַרענטפֿערונג, פֿון דעם תּלמוד, וואָס ער וויל אים אָגבאָפּשאַפֿן: ס'שטייט ביי אונז: 1) דינא דמלכותא דינא און 2) מצוות, וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט ארץ-ישראל, זענען נישט חל אין חוץ-לארץ. בכן דאַרף מען אָפּשאַפֿן דאָס יידישע פֿאַמיליענרעכט, אַ סך דינים וועגן שבת און וועגן אַנדערע

1) גאָלדהיים האָט אייגנטלעך בלויז אַנטוויקלט ווייטער דעם פּרינציפּ, וואָס איז מחדש געוואָרן אין דער דעקלאַראַציע פֿון פּאַריזער סנהדרין. זע פֿריערדיקן באַנד § 23.

לעבנס־זאַכן, ווי ווייט זיי שטימען נישט מיט לאַנד־זיטן, שוין נישט צו רעדן פון יידישן בית־דין, פון אַ סאָציאַל־קולטורעלער קהלה־אויטאָנאָמיע, פון אַן איי־גענער יידישער שול וכדומה.

גאָלדהיים, הייסט דאָס, ציט דעם אויסנאַציאָנאַלן גערדאַנק פון דער רע־פאָרמאַציע ביזן סוף: ווי באַלד יידן זענען קיין נאַציע נישט, דאַרף מען אויס־מעקן פון יידישקייט אַלצדינג, וואָס שמעקט מיט נאַציאָנאַל. דער נ אַ צ י אָ נ אַ ־ ל ע ר א ו י ט אָ נ אָ מ י ז ם, וואָס האָט אויסגעאַרבעט ביי יידן במשך הונדערטער יאָרן אַן אייגענעם גייסטיקן, געזעלשאַפטלעכן לעבנס־שטייגער; דער אויטאָנאָמיזם, וואָס ער איז געווען דער יסוד פאַר יעדער קולטור־שאַפן ביי יידן — האָט איצט ביי די רעפאָרמיסטן אין די אויגן אויסגעזען אַן איבריקע זאַך, וואָס האָט קיין ווערט נישט. פון הונדערטער יאָרן לאַנג האָבן יידן אַריינגעלייגט זייער מי און פאַרשטאַנד צו דערהאַלטן זייער פאָלקס־אייניקייט, צו פאַרברייטערן זייער אינע־ווייניקסטע אויטאָנאָמיע, אַ שליוז קעגן פרעמדן פעלקער־שטראָם, וואָס שפּאַרט פון אַלע זייטן; איצט קומט גאָלדהיים און וויל האָבן אַ „רבנישע אויטאָנאָמיע" אָנשטאָט אַ פאָלקס־אויטאָנאָמיע; ראַבינער זאָלן האָבן אַ כּוח אָפּצושאַפן אין יידיש־קייט אַלצדינג, וואָס רעגירונגען וועלן זיי הייסן, דאָס הייסט טון דערווידער דעם געשיכטלעכן פּראָצעס, עפענען דעם שליוז פאַרן פרעמדן שטראָם. מענטשן האָבן לחלוטין נישט פאַרשטאַנען דעם געשיכטלעכן פּראָצעס, זיי האָבן נישט איינגעזען, אַז ווען זיי צעשטערן דעם נאַציאָנאַלן תּוך פון יידישער קולטור, ראָטן זיי אויס די נשמה אירע און ס'בלייבט אַ בר־מינן באַהאָנגען מיט מצוות און מנהגים... אויף גאָלדהיים'ס תּורה האָט מען זיך אין דער פּאָלעמישער ליטעראַטור [1] דעמאָלט קנאַפּ אָנגערופן: אין אַלע פּראָגרעסיווע יידישע קרייזן אין דייטשלאַנד איז מען כּמעט געווען איינשטימיק, אַז יידישקייט האָט מיט נאַציאָנאַל נישט צו טון. [2]

## § 12. ראַבינער־צונויפֿפאָרן און בערלינער רעפאָרם (1844—1848)

ס'איז אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז מיט ליטעראַרישער פּאָלעמיק, מיט אַנ־קעטעס און מאַנישעסטאַציעס אין איינצלנע קהלות מאַכט מען קיין רעפאָרם נישט פון דער רעפאָרם זאָל נישט אַרויס קיין אייביקע רייסעריי אין די קהלות, האָט מען באַדאַרפט האָבן אין רעליגיעזן לעבן אַן אויטאָריטעט, די קאָלעקטיווע מיי־

1) געגנטפערט ווי בעהעריק האט נאך איין ז. פראנקל: אויב מיזאל גיין מיט גאָלדהיים'ס גאַנג, דאַרף מען זאָגן, אַז אנטיוכוס און אדריאן זענען גערעכט געווען, ווען זיי האָבן געקעמפט קעגן נאַציאָנאַלן יידנטום; פאַרקערט די חשמונאים און ר' עקיבא זענען פאַרברעכער, ווייל זיי האָבן געקעמפט קעגן אַ געזעצלעכער רעגירונג.

2) פּאָליטיש האָט די דאָזיקע אידעע קלאָר פאָרמולירט אביסל פריער גבריאל ריסער זע פריער § 5.

זונג פון רבנים. מ'האָט באַדאַרפט האָבן אַ שטענדיקע אָרגאַניזאַציע, רבנישע צונויפפאָרן צייט אויף צייט, וואָס זאָלן רואיק באַהאַנדלען די פּרינציפּן פון דער רעפאָרם, אַזוי אַז ס'זאָל האָבן אַן אויטאָריטעט אין אַלע רעפאָרמירטע קהלות. מיט אַזאַ אויפרוף האָט זיך געווענדעט צו דער יידישער געזעלשאַפט דער ענערגישער זשורנאַליסט ליודוויג פיליפּסאָן, דער רעדאַקטאָר פון דער „אַלגעמיינער צייטונג דעס יודנטומס", און ס'האָט געהאַט אַ פעולה. די וואָך דעם 12—19 יוני 1844 איז אין ברוינשווייג פאָרגעקומען דער ערשטער צונויפפאָר פון ראַבינער־רעפאָרמיסטן, ס'זענען געקומען 25 ראַבינער און קהלה־פירער פון פאַרשידענע מלוכות אין דייטשלאַנד, חוץ בייערן: די בייערישע קלעריקאַלע רעגירונג האָט מורא געהאַט פאַר „גייסן", האָט זי פאַרווערט בייערישע רבנים פאָרן אויף אַ צונויפפאָר פון אפּיקורסים. צווישן די אָנגעזעענע ראַבינער זענען געווען: סאַלאָמאָן, דער פּרעדיקער פון האַמבורגער טעמפּל; גייגער פון ברעסלוי; גאָלדהיים פון מעקלענבורג; פיליפּסאָן פון מאַגדעבורג. די זיצונגען זענען געווען עפנטלעכע. קודם כל האָט מען באַהאַנדלט די פראַגע וועגן ראַבינער־צונויפפאָרן; די עובדא פון די צונויפפאָרן זאָל זיין, „מ'זאָל זיך באַראַטן וועגן די מיטלען, ווי אַזוי צו דערהאַלטן און אַנטוויקלען יודאַאיזם און אויפלעבן דעם רעליגיעזן גייסט".

אין די דעבאַטן האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַזאַ פאַרשידנקייט אין אַלגעמיינע פּרינציפּן, אַזאַ שאַרפער ווידעראַנאַנד צווישן מעסיקע און ראַדיקאַלן, אַז די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אויפהערן באַהאַנדלען פּרינציפּיעלע פראַגן, איבערגעבן זיי אין אַ קאָמיסיע, זי זאָל דאָס צושטעלן דעם צווייטן צונויפפאָר. גרינגער איז געווען זיך צונויפרעדן וועגן פּראַקטישע פראַגן. דער צונויפפאָר האָט אָנגענומען אַזוינע רעזאָלוציעס: 1) באַשטעטיקן די באַשלוסן פונם פּאַריזער סנהדרין, אַז יידישע דינים זענען אונטערגעוואָרפן די לאַנד־געזעצן. 2) מתיר מאַכן געמישטע חתונות צווישן יידן און קריסטן אין אַזוינע ערטער, וואָס דער מלוכה־געזעץ פאַרווערט ניט דאָרט דערציִען קינדער פון אַזוינע חתונות אין יידישקייט. 3) אָננעמען דעם רעפאָרמירטן סדור, וואָס גאָלדהיים האָט איינגעפירט אין מעקלענבורג, אָפּשאַפן כל נדרי.

ווי נאָר ס'זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די פּראָטאָקאָלן פון ברוינשווייגער צונויפפאָר, וואָס אָרטאָדאָקסן האָבן זיך דאָ דערפילט שטאַרק אָנגעגרירט, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פּראָטעסטן. 116 רבנים און געלערנטע אין דייטשלאַנד, עסטרייך, האָלאַנד און פוילן זענען אַרויס מיט שאַרפע כרוזים קעגן דער „פאַרזאַמלונג אומווערדיקע" אין ברוינשווייג. 1) אייניקע האָבן אויפגעפאָדערט, די אָרטאָדאָקסן זאָלן זיך פאַראייניקן צו באַשיצן דעם היסטאָרישן יודאַאיזם. אָבער דאָ אין דער אָרטאָדאָקסאַלער מחנה איז נאָך שווערער געווען צו פאַריי־

---

1) ר' עקיבא לעערען, אמסטערדאַמער רב, האָט דאָס אַלץ פאַרעפנטלעכט אין אַ ווערק „תורת הקנאות" (1845).

ניקן זיך, אײדער בײ פֿאַרשידענע מינים רעפֿאָרמיסטן: פּראָמפּאַרצײטיקע יראים ושלמים, וואָס האָבן מקיים געווען אַלע מצוות און האָבן געהיט אַלע פּרטים פֿון דעם אָפּגעשלאָסענעם יידישן לעבנס־שטײגער, האָבן זיך נישט געקאָנט פֿאָרן מיט נײ־אָרטאָדאָקסן פֿון הירש׳ס שניט: יענע האָבן אויך געהאַלטן מצוות, די אויסערע אַסימילאַציע האָט זײ אָבער נישט געאַרט.

דער בראַונשווײגער צונויפֿפֿאָר איז געווען אַ מין הקדמה פֿאַרן צווײטן ראַבינער־צונויפֿפֿאָר אין פֿראַנקפֿורט דאָס יאָר 1845 (15—28 יולי). אַהער זענען געקומען: די פֿריערדיקע און אַ גרופּע נײע מיטגלידער, צווישן די נײע האָט זיך געלאָזט זען דער דרעזדענער ראַבינער זכריה פֿראַנקל, ער איז געגאַנגען אויף אַ מיטלוועג צווישן רעפֿאָרמיסטן און אָרטאָדאָקסן. אין פּרעזידיום האָט מען אויסגעקליבן: דעם פֿראַנקפֿורטער ראַבינער לעאָפּאָלד שטײן (פֿאָרזיצער), אברהם גײגער (וויצע־פֿאָרזיצער) און דעם היסטאָריקער מ. יאָסט (סעקרעטאַר). די ערשטע פֿראַגע—וועגן אײנפֿירן די גאָטדינסט אויף דײטש אַנשטאָט לשון קודש,—האָט געבראַכט צו לעבעדיקע דעבאַטן וועגן די גרונט־פֿראַגן פֿון יודאַיזם. מ׳האָט צעטײלט די פֿראַגע אויף צוויי: 1) צי זאָגט דער דין, אַז דאַווענען מוז מען דווקא אויף לשון־קודש? 2) צי איז צוועקמעסיק צו דערהאַלטן לשון־קודש אין די תּפֿלות צו פֿאַרשטאַרקן יידישקײט? אויף דער ערשטער פֿראַגע האָט מען געענטפֿערט: ניין, וואָרום אין תּלמוד געפֿינען מיר: שמע בכל לשון שאתה שומע, דאַווען אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך דו פֿאַרשטײסט. שווערער איז געווען צו ענטפֿערן אויף דער צווײטער פֿראַגע: צי איז צ ו ו ע ק מ ע ס י ק צו דערהאַלטן לשון־קודש אין גאָטדינסט, וואָרום דאָס איז שוין מער אַ נאַציאָנאַלע פֿראַגע, אײדער אַ רעליגיעזע. גײגער האָט געלײקנט, אַז מ׳דאַרף האָבן לשון־קודש צו פֿאַרשטאַרקן רעליגיע: ס׳איז אַ באַלײדיקונג פֿאַר דער יידישער אמונה, זי זאָל זײן געווענדט אין דער שפּראַך. „אויב לשון־קודש איז אַ וויכטיקער טײל פֿון יידישקײט, איז מוז מען האַלטן יידישקײט פֿאַר אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר רעליגיע, וואָרום אַ באַזונדער שפּראַך איז אַ סימן פֿון אַ באַזונדער פֿאָלקסלעבן. אָבער קײנער אין דער פֿאַרזאַמלונג וועט נישט זאָגן, אַז יידישקײט איז פֿאַרבונדן מיט דער אידעע פֿון אַ באַזונדער נאַציע". גײגער מײנט, אַז חוץ דעם איז אַ תּפֿלה אויף דער „מוטער־שפּראַך" (דײטש) שאַפֿט מער רעליגיעזע שטימונג, אײדער אַ תּפֿלה אויף העברעאיש אַפֿילו בײ די, וואָס פֿאַרשטײען די שפּראַך. פֿראַנקל האָט אָפּגעענטפֿערט גײגערן און זײנגלײכן. ער האָט געפּרובט שטעלן די גאַנצע רעפֿאָרם־פֿראַגע „פּאָזיטיוו־היסטאָריש"; ספּעציעל בנוגע תּפֿלות האָט ער געוואָלט באַווײזן, אַז די תּורה־שפּראַך איז הײליק און איז צו פֿאַרבונדן מיט דער יידישער אמונה. מ׳דאַרף נישט מורא האָבן, אַז דאָס איז „אַ נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקײט" און ציטערן פֿאַר דער עמאַנסיפּאַציע; מ׳דאַרף נישט אויסמישן קײן פּאָליטישע אַקציע עמאַנסיפּאַציע מיט אַ געוויסן־זאַך, מיט דער רעליגיעזער רעפֿאָרם. פֿון עמאַנסיפּאַציע וועגן וועלן מיר נישט מקריב זײן קײן אײן טײל רעליגיע,

און וואָלט די נאַציע געווען אזא טייל, וואָלטן מיר נישט איבערגעקלערט און ז׳ אריינגענומען. באמת אָבער, אַזוי מיינט פראַנקל, איז לשון-קודש אַ גרינדלעכער עלעמענט פון ר ע ל י ג י ע: אויף דער שפּראַך איז אונז די תּורה געגעבן געוואָרן, אויף דער שפּראַך איז געשריבן די רבנישע ליטעראַטור; די שפּראַך הייליקט די תּפילה און דערהויבט דאָס געפיל ביים מתפלל. מ׳קאָן דאַווענען אַ טייל תּפילות אויף דייטש אויך, אָבער לשון-קודש דאַרף זיין די הויפּטשפּראַך און די מוז-שפּראַך אין גאָטדינסט. די מינדערהייט פונם צונויפפאָר האָבן געשטיצט פראַנקל׳ען. דער היסטאָריקער יאָסט האָט געוויזן, אַז העברעאיש האָט אַ רעליגיעזן ווערט און האָט נישט צו טון מיט נאַציאָנאַל: נאַציאָנאַל איז נאָר אַ ל ע ב ע ד י ק ע שפּראַך, אָבער דער רוב רעדנער האָט געהאַלטן מיט גייגערן. גאָלדהיים האָט זיך געפּלפּול׳ט פאַר און קעגן און איז געקומען דערצו, אַז מ׳מוז האָבן די תּפילות אויף דייטש: דאָס „דערהויבט די רעליגיע". נאָך דריי טאָג היציקע דעבאַטן האָט מען די פראַגע געשטעלט צו אָפּשטימונג; מיט 18 שטימען פאַר קעגן 12 האָט מען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: די פאַרזאַמלונג האַלט, אַז העברעאיש איז נישט קיין מוז אין גאָטדינסט נישט על פּי דין, נישט צו פאַרשטאַרקן יידישקייט. פראַנקל איז שוין ביי דער אָפּשטימונג נישט געווען. ער האָט שוין פון די רעדעס פאַרשטאַנען, ווי דאָ האַלט דאָס און האָט פאַסירט דעם צונויפפאָר, מער איז ער שוין נישט געקומען. אין דער נאָנטסטער זיצונג האָט מען פאַרגעלייענט זיין אַ בריוו אויפ׳ן פּאָרזיצערס נאָמען: ער, פראַנקל, קאָן זיך מער נישט באַטייליקן אין אַ פאַרזאַמלונג, וואו די מערהייט איז פעאיק צו לייקענען אין איינעם פון די וויכטיקסטע פּאָזיטיוו-היסטאָרישע טיילן פון יודאַאיזם.

פאַר פראַנקל׳ען האָבן אפילו קעגנער געהאַט דרך-ארץ, און דער צונויפפאָר האָט זיך געפילט דערשלאָגן פון זיין דעמאָנסטראַציע. די איבריקע דעבאַטן זענען שוין צוגעגאַנגען רואיקער. וועגן דער אמונה אין משיח׳ן האָט אַ קאָמיסיע פונם צונויפפאָר אויסגעאַרבעט אַזאַ רעזאָלוציע: „די משיח-אידעע דאַרף געאַכטעט ווערן אין די תּפילות, אָבער בתּנאַי פון דער אידעע זאָל אויסגעטיילט ווערן יעדע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע פאַרשטעלונג". דער רוב רעדנער (איינהאָרן, גאָלדהיים, שטיין, הערצפעלד און אַנדערע) האָט געפאָדערט קלאָרערע רייד: ערשטענס זאָל אויסגעשלאָסן ווערן יעדער געדאַנק, אַז יידן זאָלן ווען עס איז אויפגעריכט ווערן אין פּאַלעסטינע, ס׳זאָל בכלל אויסגעשלאָסן ווערן יעדער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער מאָמענט, צווייטנס זאָל די משיח-אידעע ווערן אַן אַבסטראַקטער געדאַנק: יידן האָבן אַ רעליגיעזע ש ל י ח ו ת (מיסיע) אַ מאָל און היינט צו לערנען די וועלט ריינעם מאָנאָטעאיזם. דער צונויפפאָר האָט אנגענומען אזא רעזאָלוציע: „די משיח-אידעע (אין ריין-גייסטיקן זין) דאַרף שטאַרק געאַכט ווערן אין תּפילות, בתּנאַי אָבער, פון אונזערע תּפילות זאָל אויסגעשלאָסן ווערן דאָס געבעט, גאָט זאָל אונז אומקערן אין לאַנד פון אונזערע אבות און זאָל אויפשטעלן „מלכות יהודה". נאָכדעם האָט דער צונויפפאָר באַהאַנדלט קלענערע פראַגן פון יידישן

דאַווגען; ווען ס'איז געקומען צו דער וויכטיקסטער פראַגע וועגן די דינים פון שבת, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער צונויפפאָר איז נאָך נישט צוגעגרייט צו באַהאַנדלען די פראַגע און מ'האָט זי אָפּגעלייגט אויפ'ן קינפטיקן צונויפפאָר.

דער דריטער ראַבינער צונויפקום איז פאָרגעקומען איבעראַיאָר אין ברעסלוי (13—20 יולי 1846), נאָך אַן דעם פריערדיקן קריגערישן ברען. גייגער האָט געלייענט אַ רעפעראַט וועגן שבת־דינים: מ'זאָל מתיר מאַכן אַזוינע אַרבעטן, וואָס מ'דאַרף זיי פאַר אייגענער באַקוועמלעכקייט, אָדער פאַר געזעלשאַפטלעכע נוצן. אין די דעבאַטן האָבן אייניקע געפרווט געפינען אַ סמך פאַר אַזאַ רעפאָרם אין תלמוד, בכלל האָט מען זיך פאַרהאַלטן זייער פאָרזיכטיק אַקעגן שבת. פרינציפיעל האָט מען די פראַגע געלאָזט אָפן, אויב נישט צו רעדן, וואָס אין דער רעזאָלוציע האָט מען אָנגעמערקט גרינגער צו מאַכן אייניקע פרטים. דערפאַר האָט מען זיך שוין אַרויסגעוויזן שטאַרק מיט די „צווייטע טעג" יום־טוב: די דאָזיקע צווייטע טעג, וואָס מ'האָט זיי איינגעפירט ערשט אין גלות, האָט מען איצט אָפּגעשאַפט. די איבעריקע פראַגן, וואָס דער ברעסלער צונויפפאָר האָט נישט פאַרענטפערט, האָט מען אָפּגעלייגט אויפן קינפטיקן צונויפפאָר אין מאַנהיים, אָבער יענעם צונויפפאָר איז שוין נישט באַשערט געווען פאָרצוקומען: דער דריטער ראַבינער־צונויפפאָר איז געווען דער לעצטער פאַר דער רעוואָלוציע.

אין די ראַבינער־צונויפפאָרן האָט מען זיך געפילט אָפּגענאַרט. ערשטנס האָט מען אָנגעוואוירן די האָפענונג, אַז אַלע פראָגרעסיווע ראַבינער זאָלן מושוה ווערן: פון דער קאָלעקטיווער אָרגאַניזאַציע זענען אַוועקגעגאַנגען די מעסיקע רעפאָרמיסטן פון פראַנקלס חדר. צווייטנס האָבן די ראַדיקאַלן שוין נישט געוואָלט מער וואַרטן; זיי האָבן געזען, אַז די רעזאָלוציעס בלייבן נישט מער ווי אויפן פאַפיר, די אויפטוערס גופא איילן זיך נישט זיי דורכפירן (גייגער האָט אין ברעסלער קהלה ווייניק וואָס אויפגעטון נייעס), האָבן זיי זיך געהאַלטן פריי צו טון. די יידישע געזעלשאַפט האָט אָנגעוואוירן די האָפענונג, אַז דער קאָלעקטיוו ראַבינער זאָל דורכפירן די רעפאָרם, האָט זי געהאַלטן, אַז זי דאַרף דאָס אַליין פרווון טון. אַזאַ מין ערנסטע פראָבע איז געמאַכט געוואָרן אין בערלין.

אין בערלין איז די סינאַגאָגאַלע רעפאָרם פאַר פינף און צוואַנציק יאָרן דערשטיקט געוואָרן גאָר אין אָנהויב; איצט האָט מען זיך ווייטער גענומען דערצו. דער נייער קעניג פרידריך ווילהעלם IV האָט אויסגעמעקט פון זיינע מלוכה־פליכטן די זאָרג, וואָס זיין פאָטער האָט געטראָגן, אַז יידן זאָלן זאָגן אין די שולן די אַלטע תפלות אומגעענדערט און מיטן אַלטן ניגון; דאָס האָט אויפגעמונטערט די רעפאָרמיסטן אָנהויב די 40־ער יאָרן. די רבנישע קאָלעגיע אין בערלין האָט זיך געהאַלטן אין אַ זייט פון דער נייער באַוועגונג. דער איינציקער גליד אירער, וואָס האָט פאַרמאָגט הויך־בילדונג, מיכאַל זאַקס, אַ באַגאַבטער דרשן (ער איז געקומען קיין בערלין פון פראָג דאָס יאָר 1844), איז געווען נאָענט

צו דער נייער אָרטאָדאָקסיע. ער האָט געשעצט די פּאָעזיע פון יידישקייט [1]; אים זענען דערווידער געווען די ראַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן געוואָלט איבער־פירן מיט זייער רעמאָנט די אַרכיטעקטור פון דעם אַלטן סטיל־בנין. בערלינער רעפאָרמיסטן, הייסט דאָס, האָבן נישט געקאָנט אויסשטעלן אויף רבנים, האָבן זיי זיך געזאָגט, זיי ווילן זיך באַגיין אָן זיי. סוף יאָר 1844 האָט ש. שטערן אַ רעפאָרמיסט דורכגעלייענט אין בערלין אַ סעריע לעקציעס „וואָס שטייט פיר דעם הייַנטוועלטיקן יודאַאיזם״; דער גרונד־געדאַנק איז געווען, אַז רעליגיע מוז זיך צופּאַסן צום לעבן, דעם מאָדערניזירטן יידישקייט שטייט פיר אַ שיינע צו־קונפט. די דאָזיקע לעקציעס האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין די העכערע יידישע קרייזן; פרילינג דאָס יאָר 1845 איז געוואָרן אַ „געזעלשאַפט פאַר אַ רעפאָרם אין יידנטום״.

די פירער פון דער געזעלשאַפט (שטערן, רובנשטיין און סימיאָן) האָבן אַרויסגעלאָזט אַן „אויפרוף צו דייטשע ברידער לויט דער רעליגיע״; דאָ הערט זיך אַ וויי־געשריי פון דער צעצווייטער „יידיש־דייטשער״ נשמה. „אונזער אינע־ווייניקסטע רעליגיע, דאָס גלויבן פון אונזער האַרצן, שטימטמער נישט מיט דער־אויסערלעכער פאָרם פון יידישקייט. מיר האַלטן זיך שטאַרק פאַר דעם גייסט פון דער ביבל, וואָס אין דעם זעען מיר אַ סימן, אַז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו אונזערע עלטערן און אויפגעקלערט זייער גייסט. מיר זענען איבערצייגט, אַז די לערע פון יודאַאיזם איז אַן איבריקער אמת, מיר זענען זיכער, אַז מיט דער צייט וועט זיך דער גאָרער מענטשן־כלל ווענדן צו איר, אַזוי ווי אונז איז צוגעזאָגט. מיר ווילן אָבער באַנעמען די ביבל אין איר געטלעכן גייסט. מיר ווילן מער נישט מקריב זיין אונזער געטלעכע פרייהייט צו זיין קנעכט ביי טויטע אותיות. מיר קאָנען מער נישט ערלעך בעטן, משיח זאָל אונז ברענגען אַ מלוכה אויף דער וועלט, ער זאָל אונז אַרויספירן פון דעם פאָטערלאַנד, וואָס צו דעם זענען מיר צוגעבונדן מיט ליבשאַפט, אַזוי ווי מ׳פירט אַרויס פון אַ פרעמד לאַנד אין לאַנד אַריין פון די אבות. מיר קאָנען מער נישט האַלטן קיין מצוות, וואָס אונ־זער גייסט איז שוין נישט מיט זיי; מיר קאָנען זיך מער נישט האַלטן ביי אַ שולחן ערוך, וואָס האָט צוגעבונדן דעם צוועק און דעם וועג פון יידישקייט צו פאַר־עלטערטע געבאָטן, וואָס האָבן געהאַט אַ פאַרענטפערונג אין לאַנג פאַרגאַנגענע לעבנס־אומשטאַנדן. מיר האָבן אין האַרצן דעם הייליקן עיקר פון אונזער רע־ליגיע, מיר קאָנען זי אָבער נישט דערהאַלטן אַזוי, ווי זי איז אונז געקומען בירושה, ווער שמועסט שוין פון אונזערע נאָכדורות. שטייען מיר צווישן די קברים פון אונזערע פאָטערס, און די וועגן פון אונזערע קינדער און הערן ווי

1) ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ בוך Die religiöse Poesie des Juden in Spanien (1845) און אנד. ווערק; ער האָט מיט טאַלענט איבערגעגעבן אויף דייטש די קלאַנגען פון דער יידישער רעליגיעזער פּאָעזיע.

פון אַ דונער געטראָפן די שטים פון צייט; זי הייסט אונז, מיר דער לעצטער דור פונם אַלטן יידישקייט, זאָלן די ערשטע פאַרלייגן אַ פונדאַמענט פאַר אַ נייעם בנין פאַר אונז און פאַר אונזערע נאָכדורות". אין דעם דאָזיקן האַסטיקן אויפרוף הערט זיך אַן אל מלא רחמים אויפן אַלטן יידישקייט: דאָס אַלטע יידישקייט מיט אַלע זיינע היסטאָרישע אָנוואַקסן האָט באמת נישט געקאָנט צופרידנשטעלן אַ הייַנטוועלטיקן מענטשן; אָבער די רעפאָרמיסטן האָבן דאָ אויסגעמישט דאָס, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט מיט דעם, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט. אַלס פריידענקער האָבן זיי נישט געקאָנט מער גלויבן אין אַלטן יידישקייט מיט אַלע זיינע מצוות און מנהגים, זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט אנערקענען דאָס נאַציאָנאַלע יידישקייט, דאָס האָט זיי אויסגעזען אַ מניעה צו בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג . . .

די אַסימילירטע בערלינער אינטעליגענץ האָט געפילט, אַז דער באָדן פונם היסטאָרישן יידישקייט בלייבט נישט אונטער אירע פיס, מ'קאָן שוין מער נישט וואַרטן מיט דער רעפאָרם ביז די ראַבינער וועלן דורכקומען צווישן זיך. די בערלינער „רעפאָרם־געזעלשאַפט" האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע צום פראַנקפורטער ראַבינער־צונויפפאָר, פירגעלייגט, מ'זאָל זיך פאַרייניקן פאַר אַ געמיינזאַמער אַרבעט; די פראָגראַם זאָל אויסאַרבעטן אַ ספּעציעלער ועד פון ראַבינער און וועלטלעכע דעלעגאַטן פון קהלות. דער צונויפפאָר האָט זיי צוגעזאָגט שטיצן; דער צוזאָג האָט אָבער קיין שום ווערט נישט געהאַט, וואָרום די צוזאָגער גופא האָבן נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך וועגן די וויכטיקסטע פראגן פון דער רעפאָרם. האָבן בערלינער פראַקטיקער נישט געוואָלט מער וואַרטן אויף פראַנקפורטער טעאָרעטיקער און האָבן זיך גענומען פאַר דער זאַך, נישט אויסגעוואַרט אויפן געפלאַנטן „ועד". זייער „רעפאָרם־געזעלשאַפט" האָבן זיי איבערגעמאַכט פאַר אַ „בערלינער רעפאָרמירטער געמיינדע", וואָס זאָל זיך אויסטיילן פון דער אַלטער קהלה. אין דער נייער קהלה האָבן זיך פאַרשריבן אַקעגן 2000 גלידער; ימים־נוראים דאָס יאָר 1845 האָבן זיי שוין געדאַוונט אין אַ דערווייליקער רעפאָרמירטער סינאַגאָגע. די וועלטלעכע רעפאָרמיסטן האָבן דאָ איינגעפירט מיטאַמאָל; אַלע רעפאָרמעס, וואָס ראַבינער האָבן יך נאָך געשפּאַרט וועגן זיי. די תפילות האָט מען געזאָגט אויף דייטש, חוץ „שמע ישראל" און נאָך אַ פּאָר שטיקלאַך; די תורה האָט מען געלייענט אויף לשון־קודש און איבערזעצט אויף דייטש. געדאַוונט האָט מען אָן היטלען „אַזוי ווי אין מערב־לענדער פירט זיך"; דעם חזן האָט געהאָלפן אַ כאָר פון מענער און פרויען און אַן אָרגעל. אַלע תפילות וועגן שיבת־ציון האָט מען אַרויסגעוואָרפן; אפילו קינות האָט מען אויסגעשלאָסן, אָנשטאָט דעם האָט מען געדאַנקט און געלויבט גאָט פאַר דער געהויבענער רעליגיעזער שליחות (מיסיע), וואָס יידן איז געגעבן. די משיח־אידעע האָט מען אין די תפילות געענדערט אַזוי, אַז אַלע פעלקער וועלן ווערן איין מענטשן־פאַמיליע אַזוי ווי ביי די נביאים שטייט געשריבן. חוץ שבת, האָט מען איינגעפירט אַ גאָטדינסט

זונטאָג אויך ; פאַר אַ סך קהלה־גלידער איז שוין זונטאָג געווען דער רו־טאָג. דער דאָ־זיקער איינפיר האָט איבערגעשראָקן אפילו אַ סך רעפאָרמיסטן אויך, פון די מע־טיקע ; יאָסט למשל האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ „שפּאָן צו קריסטנטום".

די וויכטיקסטע זאַך אין גאָטדינסט אין דער רעפאָרמירטער סינאַגאָגע איז געוואָרן די דרשה אויף דייטש. די ערשטע צייט פלעגן פרעדיקן פאַרשידענע מענטשן, ראַבינער און וועלטלעכע, היימישע און געסט, (גייגער, שטערן, פיליפּ־סאָן, גאָלדהיים) ; דאָס יאָר 1847 האָט די רעפאָרמירטע קהלה פאַרבעטן פאַר אַ שטענדיקן פרעדיקער דעם ראַדיקאַל גאָלדהיים ; ער האָט זיך צו דעם צוועק איבערגעצויגן פון מעקלענבורג קיין בערלין. גאָלדהיים'ס דרשות האָבן געהאַט אין זיך אַ רייכן אינהאַלט, לויט דער פאָרם נאָך זענען זיי אָבער געווען שלעכט צונויפגעשטעלט: גאָלדהיים, וואָס האָט געשטאַמט פון פוילן, האָט גערעדט שלעכט דייטש. מיכאל זאַקס, דער דרשן פון דער אַלטער קהלה, האָט געזאָגט אַזאַ גיפ־טיק וואָרט וועגן זיין קאָנקורענטס מליצה: „דאָס איינציקע ביסל יידישקייט אין גאָלדהיימס דרשות איז די דייטשע שפּראַך זיינע". אַזוי איז דאָס געווען אויך; אין דעם געמיש פון צוויי קולטורן, וואָס די רעפאָרם־בעקער האָבן פאַרקנעט, איז דייטשישקייט געווען שטאַרקער פאַר יידישקייט. די רעליגיעזע רעפאָרם פון דער בערלינער פירמע איז געווען ווייט אָפּגעשיידט פון צו ענטפערן אויף דעם האַרצחוי, ס'זאָל אַ שלום ווערן צווישן יידישקייט און היינטוועלטיקייט. יידישקייט איז דאָ געווען פּ אַ ר י אָ כ ט ביי צייט־תכליתים, די רעליגיע האָט דאָ געזאָלט דינען דעם צוועק צו פאַרדייטשן יידן און אויספּוצן פאַר זיי גלייכבארעכטונג. די הערן, וואָס זענען געשטאַנען „צווישן די קברים פון די אָבות און די וויגן פון די קינדער", האָבן באַוויזן אויסגעצייכנט צו באַגראָבן דאָס אַלטע, זיי האָבן אָבער קנאַפּ געטויגט צו בויען נייס. נאַציאָנאַל האָט מען זיך אליין דאָס לעבן גענומען: די אויסגעטראַכטע רעפאָרם ווידער, אָן וואָרצלען אין דער געשיכטע, איז געבליבן אַ פאַרזעעניש אָן יעדער לעבענסזאַפט.

## § 13. די ליטעראַרישע אויפלעבונג, די „יידישע וויסנשאַפט".

אין איין פּרט האָט די רעפאָרמאַציע געוויס אויפגעטון: ס'איז וואָך געוואָרן דער גייסט פון פרייער פאָרשונג ; די דאָזיקע פרייע פאָרשונג האָט געבראַכט וויכטיקערע רעזולטאַטן, איידער די רעפאָרמאַציע גופא. מ'האָט באַדאַרפט דער־גיין די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון יידישקייט און פאָרשן יידישע געשיכטע. מ'האָט באַדאַרפט זיך אַליין דערקענען ; דאָס איז געוואָרן אַ מוז פאַר די בעסטע גייסטער יענע צייט, וואָס האָבן געוואָלט אויסשטימען יידישע קולטור מיט אייראָ־פּעאישער. אַזוי אַרום איז אויפגעקומען אין דייטשלאַנד די וויסנשאַפטלעך־ליטע־ראַרישע באַוועגונג, וואָס האָט פאַרמאָגט אַלע סימנים פון רענעסאַנס. נאָך דער

פאַרגליווערטער רבנישער לומדות, נאָך דער ליטעראַרישער פוסטקייט די צייט פון דער „ערשטער עמאַנסיפּאַציע" באַווייזן זיך איצט נאָכאַנאַנד שרייבער מיט אייראָפּעאיש וויסן און זיי נעמען פלייסיק באַאַרבעטן די יידישע גייסטיקע ירושה, כאָטש זיי שרייבן שוין אויף דייטש, נישט אויף העברעאיש. דאָ חזר'ט זיך איבער אין אַנדער געשטאַלט דאָס, וואָס מיר האָבן צוגעזען בעת דעם אַראַביש־יידישן רענעסאַנס די צייט פון יהודה הלוי, איבן־דוד און רמב"ם, ווען די פאָרשונג פון יידישקייט ווערט אין געוויסע קרייזן אַ וועלט־פּראָבלעם. ס'קומט אויף אַ „וויסנשאַפט פון יידישקייט"; מיט דער צייט זאָל דאָס ווערן אַ גרעסערע וויסנשאַפט פון יידנטום.

די ליטעראַרישע אויפלעבונג הויבט זיך אָן דיזעלבע צייט, וואָס די ערשטע רעליגיעזע רעפאָרם־פּראָבע. בעת אין בערלין האָבן געזעצטע מענטשן פון יאַקאָבסאָנס חדר צוגעקלערט אַ נייע סינאַגאָגאַלע דעקאָראַציע, האָט זיך דאָ אין שטאָט געפונען אַ גרופּע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ גרויסן פּלאַן באַנייען די יידישע קולטור. איין פינסטערן האַרבסט־אָוונט דאָס פּאָגראָם־יאָר (1819), אין אַ צייט פון דער געדיכטסטער דייטשער רעאַקציע, זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ באַראַט דריי יונגעלייט: עדוואַרד גאַנס (1798—1839), אַ העגעליאַנער, נאָר וואָס פון דער אוניווערסיטעט־באַנק; לעאָפּאָלד צונץ (1794—1886), אַ יידישער לערער, פלעגט אַמאָל דרשנען אין די רעפאָרמירטע מנינים ביי יאַקאָבסאָן און ביי בערען; און מאָזעס מאָזער (1796—1838) אַ פּריוואַט־פילאָזאָף אַ העגעליאַנער. מ'האָט גערעדט וועגן קעמפן קעגן דער רעאַקציע, וואָס וויל אָפּוואַרפן יידן צוריק צו מיטלאַלטער; דערנאָך איז מען אַריבער צו'ן אַן אַנדער פראַגע: ווי אַזוי לעבט מען אויף דאָס דייטשע יידנטום, וואָס שטאַרבט אָפּ פוןביידע זייטן: פון דער פאַרשטיינערטער אָרטאָדאָקסיע און פון דער שמד־אינטעליגענץ; ס'איז געבליבן מאַכן אַ „פאַריין פאַר קולטור און וויסנשאַפט פון יידן". אין סטאַטוט פונם „פאַריין" געפינען מיר אַזאַ שטעלע וועגן דעם צוועק: „די אומנאָרמאַלע פאַרהעלטניש צווישן דעם אינעווייניקסטן צושטאַנד ביי יידן און זייער אויסערלעכע־ לאַגע צווישן אַנדערע פעלקער, פאָדערט אומבאַדינגט, ס'זאָל אומגעענדערט ווערן די גאַנצע סיסטעם יידישע דערציונג און לעבנסשטייגער. די געבילדעטערע דאַרפן דאָס זען אויפטון. צו דעם צוועק ווערט אַ פאַריין פון פערזאָנען, וואָס פילן, אַז זיי קאָנען און דאַרפן דורך אינעווייניקסטע רעפאָרמעס אויסגלייכן יידן מיט דער צייט און מיט די מלוכות, וואו זיי וואוינען".

צו די דריי זענען צוגעשטאַנען נאָך אייניקע יונגע טוער, אויפגעצויגן אין די דייטשע אוניווערסיטעטן: דער אָריענטאַליסט לודוויג מאַרקוס, דער פּעדאַגאָג און פּרעדיקער עמנואל וואָלוויל, שפּעטער איז צוגעשטאַנען דער 22־יאָריקער היינריך היינע ערב זיין פּאָעטישן רום. תחלת האָבן זיך די גרינדער געשטעלט גרויסע פּראַקטישע פּלענער: גרינדן אַ „וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט" פאַר סיסטעמאַטישע לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע, אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן זשורנאַל

פֿאַר יידישע וויסנשאַפֿט. גרינדן שולן און סעמינאַריעס, שטיצן ליטעראַטור און אפֿילו פֿאַרשפּרייטן מלאכה און ערד-אַרבעט ביי יידן. פֿון די גרויסע פּלענער האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז מ׳האָט געמאַכט עטלעכע אָנהויב-שולן פֿאַר אָרעמע קינדער, עטלעכע וויסנשאַפֿטלעכע לעקציעס און מ׳האָט אַרויסגעלאָזט עטלעכע העפֿטן פֿון אַ וויסנשאַפֿטלעכן זשורנאַל. דער זשורנאַל „צייטשריפֿט פֿאַר וויסנשאַפֿט פֿונם יידנטום" איז אַרויסגעגאַנגען די יאָרן 1822—1823 מיט צונץ רעדאַקציע; אַ טייל אַרטיקלען זענען דאָרט געווען לעקציעס, וואָס מ׳האָט געהאַט געלייענט פֿאַר די גלידער פֿונם פֿאַריין, אַ טייל זענען געווען געשריבן ספּעציעל פֿאַרן זשורנאַל. האַנס, דער פֿאָרזיצער פֿונם פֿאַריין, האָט דאָרטן געדרוקט זיינע לעקציעס וועגן דער געשיכטע פֿון רוימישע געזעצן פֿאַר יידן; צונץ האָט דאָרט אַנטפּלעקט די אוצרות פֿון יידישער ליטעראַטור אין מיטלאַלטער אין שפּאַניע און אין פֿראַנקרייך; מאָזער האָט אויסגעטייטשט די פּרינציפּן פֿון יידישער געשיכטע לויט העגעלס סיסטעם. ס׳האָבן געשריבן די אַלטע ד. פֿרידלענדער און ל. בענדאַוויד אויך: דער ערשטער האָט געלויבט דייטשע לערנביכער וועגן יידישער געשיכטע און עטיק; דער אַנדערער האָט געדרונגען, אַז די משיח-אידעע איז איבעריק איצט, בעת „גוטהאַרציקע מאָנאַרכן גיבן יידן גלייכע רעכט מיט אַנדערע בירגער". מאָדנע האָבן געקלונגען די רייד פֿון די צוויי אָפּגעלעבטע טוער די יאָרן פֿון דער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע אין פּרייסן, דערהויפּט אינעם זשורנאַל פֿון „יונגע", וואָס האָבן געוואָלט קעמפֿן סיי קעגן דער רעאַקציע, סיי קעגן דער אונטערטעניקייט פֿון די אַלטע „השכלה-טוער".

אָבער די יונגע פֿירער פֿונם פֿאַריין האָבן אויך נישט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף, וואָס איז דער וועג צו זייער צוועק. מיט קעפּ, פֿאַרטומלט מיט העגעל׳ס פֿילאָזאָפֿיע, זענען זיי צוגעטרעטן צו סינטעזירן יידישקייט מיט אייראָפּעאישקייט, און אַליין איז זיי, חוץ צונצן, פֿרעמד געווען דאָס פֿאָלקס-לעבן; פֿונם פֿאָלק האָט זיי די דערציאונג אָפּגעריסן. האַנס, דער פֿאָרזיצער פֿונם פֿאַריין, האָט געפֿירט אין די יאָרבאַריכטן אַ נעפּלדיקע חקירה אויף העגעלס שטייגער: „יידן קאָנען נישט פֿאַרשווינדן, ס׳קאָן נישט פֿאַרשווינדן דער יודאַאיזם אויך, אָבער אין דעם גרויסן שטראָם פֿונם גאַנצן סכום דאַרף דאָס יידנטום אויסזען כמו ווי פֿאַרשווינדן, באמת אָבער בלייבט דאָס לעבן אַזוי ווי אַ טייך אין ים". ווען פֿון די דאָזיקע היכלע הימלען האָט מען זיך געמוזט אַראָפּלאָזן אויף דער זינדיקער ערד, האָבן די קולטור-טוער געמוזט שטאַרק אָפּהענדיק ווערן. זיי האָבן צוגעזען, ווי דאָס יידישע לעבן אין דייטשלאַנד ווערט אינעווייניק חרוב, זיי האָבן צוגעזען „אַ פֿאַלשע בילדונג, וואָס פֿאַראַכט דאָס איצטיקע און פֿאַרמאָגט נישט אָנצופֿולן די פּוסטע חקירה מיט אַ נייעם אינהאַלט" (האַנס אַ וואָרט אינעם באַריכט פֿאַר דאָס יאָר 1823); זיי האָבן צוגעזען ווי קאַלט מ׳איז צו די צוועקן און צו דער אַרבעט פֿונם פֿאַריין, און ער בלייבט ביי זיינע געציילטע גלידער. איבער דער דאָזיקער קאַלטקייט איז דער פֿאַריין צעפֿאַלן געוואָרן, דעם זשורנאַל האָט מען געמוזט

פאַרמאַכן (1824), און די טויער פונעם פאַריין האָבן אָנגעוואָרן יעדע האָפענונג דאָס יידנטום זאָל אויפלעבן. ס'איז באַשערט געווען, דער טרויריקער סוף פונעם פאַריין זאָל נאָך מער פאַרפינסטערט ווערן, האָט זיך דער פאָרזיצער האַנס געשמד'ט. אַ צייט לאַנג האָט ער זיך געראַנגלט צו באַקומען אַ קאַטעדער אין בערלינער אוניווערסיטעט, איצט איז אים די טויף־וואַסער בייגעשטאַנען (1825). דאָס האָט געטון אַ פירער פון אַ אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אגב געהאַט דעם צוועק צו קעמפן קעגן שמד! הײַנע, וואָס האָט באַלד נאָכגעטון האַנס'ן, האָט דאָס אים שפּעטער זייער שאַרף פאָרגעהאַלטן: „ס'איז אַ כלל, אַז אַ קאַפּיטאַן פאַרלאָזט דער לעצטער אַ שיף, וואָס גייט אונטער, האַנס אָבער האָט זיך געראַטעוועט דער ערשטער". האַנס האָט זיך נישט געקאָנט אָפּוואַשן פון דער זינד קעגן יידנטום נישט מיט זיינע פאַרדינסטן אַקעגן דער דייטשער וויסנשאַפט, נישט מיט זיין קאַמף קעגן די „קנעכט פון אַלט־רוימישן רעכט", קעגן דער „היסטאָרישער שול" (סאַוויניאי), וואָס האָט באַגייסטערט די טויער פון אַ „קריסטלעך־דייטשער" מלוכה („זעט נאָר, ווי הער פאָן־סאַוויניאַי'ס נישטיקע נשמה וואַרפט זיך אונטער האַנס זויל"—האָט הײַנע דערויף געזאָגט). האַנס אָפּטריניקייט איז געווען אַ שאַנד־פלעק פאַר אַ דור, וואָס זיינע בעסטע טויער האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און האָבן זיך אָפּגעקערט פונעם פאָלק.

דער דורכפאַל פונעם „קולטור־פאַריין" האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף צונץ'ן, אויף דעם מאַן צווישן די פירער פונעם פאַריין, וואָס אים איז שפּעטער באַשערט געווען צו ווערן דער פאָטער פון יידישער וויסנשאַפט: אויף אַ שטיק צייט האָט ער אָנגעוואוירן דאָס גייסטיקע גלייכגעוויכט. דאָס קריזיס־יאָר הערן מיר פון אים אַזוינע פאַרצווייפלטע רייד: „דאָס יידנטום, וואָס מיר האָבן געוואָלט רעפאָרמירן, איז צעריסן; איצט שטייט דאָס איין אין די הענט ביי די פראָים, נאַרן, חלפנים, אידיאָטן און פרנסים. נישט איין יאָר וועט נאָך אַוועק, און דאָס דאָזיקע פאָלק וועט נאָך אַלץ זיין צעריסן: איין טייל וועט אַריבער צו דער קריסטלעכער רעליגיע מחמת נויט און אָן איבערצייגונג; דער אַנדערער טייל וועט שמאַכטן אין אַלטן זומפּ, פאַרשטויסן אין אייראָפּע, מיט גלעזערנע אויגן פאַרגלאָצט צו משיח'ס אייזל. איך גלויב שוין נישט ס'זאָל אַפילו מיגלאַך זיין אַ רעפאָרמאַציע ביי יידן; אַ שטיין דאַרף מען וואַרפן דעם בייזן שאָטן און אים פאַרטרייבן".—אָבער אינמיטן דעם דאָזיקן יאוש רייסט זיך אויס ביי צונץ'ן אַזאַ טרייסט־וואָרט: „פונעם דאָזיקן גאָרן מבול וועט אַרויפשווימען נישט מער ווי די וויסנשאַפט פון יידישקייט, זי לעבט, זי לאָזט זיך נישט פאַרניכטן; זיך אָפּגעבן מיט דער דאָזיקער וויסנשאַפט — דאָס איז מיין טרייסט, מיין שוץ". וואָס מער צונץ האָט זיך פאַרטיפט אין יידישע געשיכטע, אַלץ מער איז ער „שלום געוואָרן מיט זיך אַליין". אַן אומגעווייינלעכע פעאיקייט אַריינצודרינגען אין די טיפענישן פון יידישער געשיכטע (דאַמאָלט נאָך אַ ניי פעלד) האָט צונץ באַוויזן שוין אין זיינע ערשטע דריי פאָרשונגען אינעם זשורנאַל פונעם „קולטור־פאַריין".

אין דעם ווערק „רש״ס לעבן״ האָט ער אַנטפּלעקט די תקופה, ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן די רבנישע ליטעראַטור אין פראַנקרייך. אין די „גרונד־שטריכן פון יידישער סטאַטיסטיק״ מערקט ער אָן אַ גרויסן פּלאַן פאַראַרבעטן פאַר יידישער היסטאָריאָגראַפיע. אין דער הקדמה צו׳ן אַן אַנדער אַרטיקל („אַן אויספאָרשונג וועגן נעמען פון שפּאַנישע שטעט אין יידישע ספרים״) שטעלט ער פעסט צום ערשטן מאָל זיין קוק אויף אַ יידישער געשיכטע: דאָ האָבן מיר קדושים און ספרים, די גאָרע נאַציאָנאַלע ענערגיע לאָזט זיך אַריין אין שאַפן ליטעראַרישע ווערטן. דער דאָזיקער קוק איז געוויס איינזייטיק, ער איגנאָרירט גאָר דעם סאָציאַלן עלעמענט פון דער געשיכטע און די ראָלע, וואָס דאָס יידישע אויטאָנאָמע לעבן האָט געשפּילט צו דערהאַלטן די יידישע נאַציע, אָבער דאָס איז דער הויפּטשטריך פון דער גאָרער יידישער היסטאָריאָגראַפיע ביי מערב־יידן.

צונץ האָט ווייטער געאַרבעט אין ביידע פאַכן: אין דער געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור, און אין דער געשיכטע פון יידישן מערטירערטום, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער רעליגיעזער אַנטוויקלונג פון יידישקייט. דאָס יאָר 1832 האָט צונץ פאַרעפנטלעכט זיין ערשט גרויס ווערק Gottesdienstliche Vorträge der Juden אַ שאַרפער אַנאַליז פון אגדה, תרגום און מדרש מיט דער געשיכטע פון יידישער גאָטדינסט פון עזרה׳ס צייטן ביז סוף מיטלאַלטער. דער נאָמען פאַסט ניט פאַרן אינהאַלט, און דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער מחבר האָט דאָ געהאַט אין אויג דעם פאַרבאָט פון דער פּרייסישער רעגירונג צו דרש־ענען אין די שולן אויף דייטש; ער האָט געוואָלט באַווייזן דער רעגירונג, אַז יידן האָבן אַלע צייטן גענוצט אין דער סינאַגאָגע די לאַנדשפּראַך. די פּרייסישע רעגירער האָט ער נישט איבערגערעדט, אָבער פאַר דער ווויסנשאַפט איז דאָס געווען אַ גרויסער אויפטו, ער האָט אויפגעקלערט די אומקלאָרסטע תקופה אין יידישקייט. צונץ׳ס צווייט בוך „וועגן נעמען ביי יידן״ (1837) האָבן מיר אויך צו פאַרדאַנקען אַ פּאָליטישער טענדענץ: יענע צייט האָט די רעגירונג פאַרווערט יידן זיך רופן ביי „קריסטלעכע״ נעמען, צונץ האָט געוואָלט באַווייזן דער רעגירונג, אַז יידן האָבן זיך אין דער אַלטער צייט און אין מיטלאַלטער שטענדיק גערופן ביי גריכישע, רוימישע, אַראַבישע, שפּאַנישע, גאַלישע און גערמאַנישע נעמען, מעגן זיי איצט דאָס טון אין פּרייסן אויך; פּרייסישע רעגירער האָבן נישט וואָס איבערצוטראַכטן, אַז דאָ איז אָנגערירט די טראַדיציע, וואָס זי איז זיי אַזוי צום האַרצן. בערלינער יידן זענען געווען אַנטציקט פונם אויפטו און זיי האָבן געשענקט אַ געלט־מתנה דעם אָרעמען מחבר, וואָס פלעגט זיך נערן פון לערערײַ אין אַ שול. צונץ׳ס אויספאָרשונג האָט געהאַט אַ פּעולה, זי האָט מיטגעהאָלפן, די רעגירונג זאָל אָפּשאַפן דעם באַפעל וועגן „קריסטלעכע״ נעמען (§ 4). אין רעכטן ברען פון דער רעפאָרמיסטישער באַוועגונג איז אַרויס צונץ׳ס אַ גרויס ווערק וועגן דער געשיכטע פון מיטלאַלטערישער רבנישער ליטעראַטור אין אייראָפּע (Zur Geschichte und Literatur 1845), עפּיס ייז מיט אַ באַהאַלטענעם מיין

אַנטפּלעקן די אוצרות פון דער רבנישער יידישקייט אין מאָראַל, און אין רעלי־
גיעזער פילאָזאָפיע פאַר די, וואָס האָבן געוואוסט נישט מער ווי צו לעסטערן
יידישקייט. צונץ׳ס ווייטערדיקע אַרבעטן נאָכן יאָר 1848 געהערן שוין צום
צווייטן עלעמענט יידישער געשיכטע, צום יידישן מערטירערטום. אין דריי וויסנ־
שאַפטלעכע ווערק וועגן דער סינאַגאָגאַלער פּאָעזיע אין מיטלאַלטער 1) האָט
צונץ באַאַרבעט די געשיכטע און פּיוט; מיט אַ בעזונדער ליבשאַפט האָט צונץ
באַאַרבעט די פּאָעזיע פון קדושים, די האַרצרייסנדיקע קינות און סליחות, וואָס
מ׳האָט מתקן געווען די יאָרן פון גרויסע פאָלקס־אומגליקן. דער היסטאָריקער
זאָגט וועגן דעם מיט גרויס התלהבות: „אויב ליידן האָט שטאַפּלען, האָט דאָס
פאָלק ישראל דערלאַנגט דעם העכסטן שפּיץ. אויב מ׳ווערט איידעלער, וואָס מער
מ׳ליידט און וואָס שטאַרקער מ׳טראָגט דאָס איבער, איז דאָס פאָלק ישראל די
איידעלסטע נאַציע אין דער וועלט. אויב רייך הייסט אַ ליטעראַטור, וואָס האָט
אונז געגעבן עטלעכע האַרצרייסנדיקע טראַגעדיעס, איז וואָס זשע איז שוין צו
זאָגן פון אַ טראַגעדיע, וואָס דויערט שוין 15 הונדערט יאָר, אַ טראַגעדיע, וואו
די העלדן גופא זענען די שוישפּילער און זיי שפּילן די טראַגעדיע פאַר אַלע
פעלקער דורות לאַנג!" דאָס טיפע היסטאָרישע געפיל האָט אָפּגעהאַלטן צונץ׳ן
פון צוצושטיין צו די שאַרפע רעפאָרמיסטן, כאָטש אים איז נאָנט געווען די
אידעע פון אַ רעליגיעזער רעפאָרם; פרעמד זענען אים געווען מענטשן, וואָס
זענען גרייט געווען אַרויסוואַרפן מיט אַגרינג געמיט דאָס, וואָס דאָס פאָלק האָט
הונדערטער יאָר־לאַנג אויסגעווייטאָגט אין האַרצן. דאָס האָט אויך באַוואויגן
צונץ׳ן, ער זאָל זיך אַקעגנשטעלן די רעפאָרמיסטן די יאָרן, ווען זיי האָבן
אַמשטאַרקסטן געשטורעמט די זיילן פון יידישקייט; ער זאָל זאָגן גייגערן (1845):
„דער געשריי קעגן תלמוד—דאָס איז שוין אַפּאָזיציע פון אַן אָפּטריניקן", „מיר
דאַרפן רעפאָרמירן זיך, נישט די רעליגיע; מיר דאַרפן שטרייטן קעגן בייז, נישט
קעגן דער געירשעטער הייליקייט".

בעת צונץ האָט אַרומגעהאַקט ריזנשטיינער פאַרן קינפטיקן בנין פון יידי־
שער היסטאָריאָגראַפיע, געגרייט מאַטעריאַל פאַר קינפטיקע בויער, האָט זיך
זיין שול־חבר איזאַק־מאַרקוס יאָסט (1793—1860) איינגעשטעלט נעמען בויען דעם
בנין גופא פון די נישט באַאַרבעטע מאַטעריאַלן, וואָס זענען דעמאָלט געווען
צוהאַנט (יאָסט איז געווען אַ לערער אין בערלין, דערנאָך אין פראַנקפורטער
„פילאַנטראָפּין"). די יאָרן 1820—1829 האָט ער שוין באַוויזן אַרויסצולאָזן 9
בענד „געשיכטע דער איזראַעליטן פון די חשמונאים ביז אונזערע טעג", אַ גרויס
ווערק, וואָס איז אָבער נישט מער ווי אַ פּראָגמאַטישע כראָניק. יאָסט האָט גע
שריבן די אַלגעמיינע געשיכטע פון יידן, גענוצט דערביי אַלטע קוועלן, וואָס

1) Die synagogale Poesie im Mittelalter (1855); Kitus des synagogalen Gottesdienstes; (1858), Literaturgeschichte der synagogalen Poesie (1865).

אַ סך פעלט אין זיי און קריטיש זענען זיי נישט קאָנטראָלירט. ער גופא האָט נישט פאַרמאָגט דאָס נויטיקע קריטישע געפיל. באַאיינפלוסט פון די אידעען פון זיין צייט, אַ מעסיקער אַסימילאַטאָר, אַ מעסיקער רעפאָרמיסט, אַ מיטלמעסיקער פובליציסט און אַפּאָלאָגעט (ער האָט פאָלעמיזירט מיט שטרעקפוסן און מיט אַנדערע יידנפיינט)—האָט ער די אַלע אידעען אַריינגעלייגט אין זיינע היסטאָרישע ווערק. אַלס אַ לאַיאַלער אונטערטאַן זענען אים דערווידער די „בריונים" אין יהודה, וואָס האָבן געשטריטן קעגן רוים, און ער ווייזט, אַז רוב פאָלק האָט נישט געהאַלטן מיט די דאָזיקע „מורדים". ער איז אומצופרידן, וואָס דאָס יידנטום האָט זיך אָפּגעזונדערט די צייט פון תּלמוד—אַזוי ווי ס'פּאַסט צו זאָגן פאַר אַ ראַציאָנאַליסט, וואָס אַנאַליזירט נישט די סבות: דעם שטרייט פונם פאָלק פאַר זיין קיום. אגדה און מדרש, דער אוצר פונם פאָלקס וועלטבאַנעמען, איז אין זיינע אויגן נישט מער ווי פוסטע בבא־מעשיות. רדיפות אויף יידן און יידישע פיין באַמיט ער זיך ווי ווייט מיגלאַך ווייכער מאַכן, פאַר יעדער פאַרגרינגערן די לאַגע לויבט ער און רימט די „קלוגע און לייטזעליקע מאָנאַרכן". בכלל איז זיין „געשיכטע פון די איזראַעליטן" אָנגעזאַפּט מיט אַ הכנעה־גייסט פון אַ פראַנקפורטער איזראַעליטישן בירגער. די „געשיכטע" איז אין איר צייט אַ סך געלייענט געוואָרן פון יידן און קריסטן, אָבער נאָך צונץ'ס, גייגער'ס, פראַנקל'ס פאָרשונגען און אַנדערע, האָט זי אָנגעוואָרן איר ווערט. יאָסט גופא האָט שפּעטער ריכטיק געזאָגט אויף זיין ווערק, אַז „ער האָט געמאַכט געצעלטן אין אַ מדבר", ווען אַרום איז געווען פּוסט און וויסט. זיינע לעצטע יאָרן האָט ער אַרויסגעגעבן „די געשיכטע פון יידנטום און יידישע סעקטעס" (דריי בענד 1837—1859). דאָס איז שוין אַ רייפערע אַרבעט, אָבער דאָך שטייט זי אונטער די פאָדערונגען פון אַ צייט, ווען ס'האָט זיך שוין באַוויזן אַזאַ היסטאָריקער ווי גרעץ. יאָסט'ס ווערק „די נייעסטע געשיכטע פון יידן פון 1815 ביז 1845" (דריי טייל 1846—1847) האָט נאָך אַ ווערט אַלס היסטאָרישער מאַטעריאַל. יאָסט דערציילט דאָ ווי אַ געטרייער כראָניקער געשעעניש, וואָס ער אַליין האָט זיי דורכגעמאַכט, באַאַרבעט מער פובליציסטיש איידער היסטאָריש.

אַבֿרהם גייגער איז געווען באַרופן צו'ן אַ וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, אָבער דער רעפאָרמיסטישער שטרייט האָט אים געשטערט. נאָך דער דיסערטאַציע „וואָס האָט מחמד גענומען פון יידישקייט" און נאָך זיינע שטרייט־אַרטיקלען פון דער רעפאָרם וועגן, האָט ער די 30־ער און 40־ער יאָרן באַוויזן אָנצושרייבן סך־הכל אייניקע היסטאָרישע סקיצן,1) און אַ האַנטבוך צו שטודירן די שפּראַך פון משנה (1845). גייגער'ס גרויסע וויסנשאַפטליכע אַרבעטן געהערן שוין צו דער תּקופה, וואָס נאָך 1848, ווען דער רעפאָרמיסטישער ברען האָט

---

1) אַרויסגעגעבן דאָס יאָר 1840 אין אַ זאַמלבוך „מלא חפנים" אויף העברעיש און דייטש. דאָ איז פאַראַן אַ גרעסערע זאַך—י. ש. דעלמעדיגאָ'ס ביאָגראַפיע.

זיך אָפּגעקילט און דער פּאַרטייִשטרייטער האָט זיך גענומען פאַר וויסנשאַפט (זע ווייטער, § 36). דאָס אייגענע זעען מיר צו מיט ז כ ר י ה פ ר אַ נ ק ל׳ס ליטעראַרישער קאַריער, אויך גייגער׳ס קעגנער. די ערשטע צייט איז זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט געווען געבונדען מיט דעם שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע אָדער פאַר רעפאָרמאַציע. זיין ערשטע אַרבעט „וועגן דער יידישער שבועה״ (Die Eidesleistung der Juden 1839), איז אויסגעפאַלן די צייט, ווען יידן אין זאַקסן האָבן געשטרייט, מ׳זאָל אָפּשאַפן די באַליידיקדיקע שבועה, וואָס מ׳פלעגט זיי געבן. באַלד דאַרויף האָט זיך פראַנקל גענומען פאַר זיין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג וועגן דער „סעפּטואַגינטע״, וואָס דאָס זאָל זיין געבונדן מיט דער געשיכטע פון יידיש=גריכישער קולטור. ער האָט אָבער נאָך נישט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אַ טייל אַרבעט (Vorstudien zu der Septuaginta), אַז די רעפאָרמיסטישע באַוועגונג האָט אים אָפּגעריסן פון דער אַרבעט: ער איז געבליבן שטעקן צווישן צוויי פייערן, צווישן אָ־טאָדאָקסן און ראַדיקאַלן. די יאָרן 1844—1846 גיט ער אַרויס אַ ספּעציעלן זשורנאַל פאַר יידישע רעליגיעזע אינטערעסן, דאָרט באַווייזט ער זיין פּאָזיטיוו=היסטאָרישן קוק אויף דער רעפאָרם. פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער זיך ווידער גענומען ערשט נאָכן יאָר 1848.

ס אַ ל אָ מ אָ ן ל י ו ד ו י ג ש ט יי נ ה יי ם (1789—1866), אַ האַמבורגער דאָקטאָר, האָט גענומען ווידער אויפלעבן די רעליגיעזע פילאָזאָפיע (זיין בוך: Die offenbarung nach dem Lehrbegriff der Synagoge; דער ערשטער באַנד איז אַרויס דאָס יאָר 1835, די איבריקע זענען אַרויס אין די יאָרן 1856 און 1865). אַזוי ווי יהודה הלוי אַמאָל, אַזוי שטעלט אויך שטיינהיים אַוועק דעם היסטאָריזם קעגן ראַציאָנאַליזם: אין דער אויסערגעווייגטלעכער געשיכטע פונם יידישן פאָלק איז געגעבן אַ באַווייז, אַז דאָס פאָלק האָט אַ שליחות; די דאָזיקע שליחות האָט דאָס פאָלק אָפּגעטון אין דער געצנדינערישער וועלט, אַזאַ שליחות האָט דאָס נאָך אין דער קריסטלעכער וועלט. אָבער אין שטיינהיים׳ס לערע, איז נישטאָ די נשמה=גאַנצקייט און דאָס טיפע גלויבן, וואָס מיר זעען ביי יהודה הלוי׳ן. אינם פּאַטאָס פון יידישער „שליחות״ איז נישט שווער צו דערקענען אַ צעריסענע הייגטוועלטיקע נשמה, וואָס צוויי קולטורן, די יידישע און די אייראָפּעישע, ציען זי אין פאַרשידענע זייטן. שטיינהיים האָט געבענקט נאָך אַן אינעווייניקסטער גאַנצקייט, וואָס האָט אים געפעלט. דאָס באַווייזט זיך שוין אין זיין לירישן יוגנט=ווערק: „לידער פון עובדיה בן עמוס פון דעם גלות״ (1829):[1] „אָ, אייביק פאָלק פונם ברית, — אַ מתנה אָן אַ שיעור, וואָס איז צעזייט צווישן פעלקער! דו ביזט דער כוהן און דער קרבן, גאָטס בלוטיקער עדות״. אָבער דער „כוהן״ איז אין אַ גרויסער געפאַר: „איך האָב נישט קיין מורא פאַר צייטן פון גרויסע פאָלקסאומגליקן,

1) Gesänge aus der Verbannung, 1829 דעם אויטאָרס פּסעוודאָנים האָט מען אויפגעקלערט ערשט שפּעטער.

וואָרום די וואָס ליידן צוזאַמען, האַלטן זיך צוזאַמען אַזוי ווי אָקסן אונטערן יאָך. איך האָב אויך קיין מורא נישט פאַר צייטן פון פרייהייט פאַר אַלע. געפערלעך זענען נאָר די צייטן, ווען דער יאָך ווערט נאָר שוואַכער, ער ווערט אָבער נישט אויס, ווען פרייהייט איז נאָנט, זי איז נאָך אָבער נישטאָ. אַזעלכע צייטן לויגט און ס'פּאַסט אָפּצופאַלן פונם פאָלקס לעבנסשטייגער; איבער דעם נוצן פון היינט ווערט מען גלייכגילטיק צו דער אייביקייט״. דער פּאָעט שיט פייער משומדים אויף די קעפּ, די פּלאָג פון יענער צייט: „דער קבר וועט נישט צונעמען אַ האַנט, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן קעגן פאָטער, וועט נישט צודעקן לעפצן, וואָס זיי האָבן פאַרשאָלטן די מוטער. אָ, אָפּטריניקער, דיינע פאַרדאָרבענע קינדער—ווילד פרעמד צו אונז,—וועלן וואַרפן שטיינער אין קאָפּ דיין פאָטער און וועלן אים רייסן די גראָע באָרד! אַ קללה שיקט דיר מיין פערז״. אָבער מיט אַזעלכע פייערדיקע אויסגעשרייען האָט שטיינהיים געמיינט פאַרשרייען דעם אייגענעם שטן ביי זיך אין האַרצן. דאָס טראַגישסטע איז געווען אין דער תקופה, וואָס אַ שרייבער, וואָס האָט אַזוי געפייערט קעגן משומדים, איז אַליין געווען ווייט פון זיין פאָלק און האָט נישט געלעבט מיט קיין יידישער סביבה: באַגראָבן האָט מען אים אויך אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם אין שווייץ...

אין דער פּובליציסטיק יענע צייט האָט געהערשט ר י ס ע ר, מיט אים וועלן מיר זיך נאָך טרעפן די גאַנצע צייט פונם שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע. זיין קאַמף־זשורנאַל „Der Jude“ (1833—1832) איז געווען דער ערשטער פּאָליטישער אָרגאַן, אָבער דאָס איז געווען ריסערס אַ פּערזענלעכע זאַך, נישט קיין קאָלעקטיוו. דעם אמתן גרינדער פון יידישער פּאָליטישער ז ש ו ר נ אַ ל י ס ט י ק דאַרף מען רעכענען ל ו ד ו י ג פ י ל י פ ס אָ ן׳ ע ן (1889—1811), פּרעדיקער און ראַבינער אין מאַגדעבורג, אַ טיכטיקער טוער אין די רעפאָרמיסטישע צונויפפאָרן. דאָס יאָר 1837 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין לייפּציג אַ וואָכנבלאַט „Allgemeine Zeitung des Judenthums“ וואָס האָט זיך צענדליקער יאָרן נאָך אַנאַנד לעבעדיק אָנגערופן אויף אַלע פראַגן פונם יידישן לעבן אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער. מיט דעם דאָזיקן לעבעדיקן קאַמף־אָרגאַן (די ערשטע יאָרן) האָט קאָנקורירט אַ פראַנקפורטער וואָכנבלאַט Israelitische Analen; מעסיק אַזוי ווי דער רעדאַקטאָר (יאָסט) און אָן טעמפּעראַמענט האָט דאָס וואָכנבלאַט קיין אָנזען נישט געהאַט און האָט נישט אויסגעהאַלטן מער פאַר דריי יאָר (1841—1839). אפילו דאָס געוויכטיקערע וואָכנבלאַט Der Orient, וואָס י ו ל י פ י ר ס ט האָט געפירט אין לייפּציג מיט מער טאַלענט (1851—1840) האָט נישט באַוויזן צו דער־לאַנגען אַזאַ פּאָפּולאַריטעט, ווי פיליפּסאָן׳ס זשורנאַל, כאָטש Orient איז אין ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכן פרט געווען סאָלידער פאַר יענעם (דער זשורנאַל האָט געהאַט ספּעציעל אַ וויסנשאַפטלעכן אָפּטייל מיט דעם נאָמען Literaturblatt des Orients): די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז אויסגעוואַקסן, דאָס האָט באַוויזן די יידישע זשורנאַליסטיק. אנשטאָט דעם איינציקן דייטש־יידישן זשורנאַל Sula-

mith די פריערדיקע תקופה, וואָס ביז נאָך אין די 30־ער יאָרן האָט ער געצויגן בלויז מחמת סובסידיעס פון מעצענאַטן, אָפטמאָל דייטשע פירשטן, (די נעמען פון די „הויכגעשטעלטע אַבאָנענטן" האָט מען געקאָנט אָפט זען אין שער־בלאַט), איז איצט אויסגעוואַקסן אַ היפשע פרעסע. אין דער דאָזיקער פרעסע איז פובליציסטיק נישט אַזוי ווייט אָפגעשיידט פון וויסנשאַפט. גייגער'ס „וויסנשאַפטלעכער זשורנאַל" (§ 11) איז עטלעכע יאָר (1835—1839) געווען דער פירער פון די רעפאָרמיסטן. פראַנקל'ס „זשורנאַל פאַר רעליגיעזע אינטערעסן" איז דער אָרגאַן פון מעסיקע פראָגרעסיסטן. וו. פ ר ײ נ ד גיט אַרויס אין ברעסלוי אַ זשורנאַל Zur Judenfrage (1843—1844), אַ קאַמף־אָרגאַן פאַר עמאַנסיפאַציע און פאַר אַ רעליגיעזער רעפאָרם. נאָר די העברעאישע פרעסע האָט קיין מזל נישט אין דייטשלאַנד: דער „מאסף" איז שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, קיין אַנדער זשורנאַל אויף זיין אָרט האָט נישט געקאָנט אויפקומען. יאָסט און קרייצענאַך האָבן געפרובט אַרויסגעבן אַ וויסנשאַפטלעכן חודש־זשורנאַל אויף העברעאיש, אָבער ס'איז זיי נישט געראָטן: זייער זשורנאַל „ציון" האָט עקזיסטירט נישט מער ווי צוויי יאָר און איז אונטערגעגאַנגען: ס'האָט אים געפעלט לעזער. די נאַציאָנאַלע שפראַך איז נאָך געבליבן ביי יידישע געלערנטע אין דייטשלאַנד אַ מין וויסנשאַפטלעכע הייליקייט, דעם גרעסערן עולם אָבער, וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט די דייטשע שול, איז שוין העברעאיש געווען פרעמד. דער ניי־העברעאישער ליטעראַטור איז באַשערט געווען אויסצוואַקסן אין די צוויי יידיש־נאַציאָנאַלע צענטרן: אין עסטרייך און אין רוסלאַנד.

## § 14. די אָפגעשיידטע (בערנע, היינע, מאַרקס און שטאַל).

דאָרט וואו יידישע קולטור האָט זיך ד ע ר נ ע נ ט צו דייטשער קולטור האָט געווינען די יידישע; דאָרט, וואו זיי האָבן זיך צ ו נ ו י פ ג ע ג אָ ס ן, האָט געווינען די דייטשע קולטור. דאָרט, וואו די אַסימילאַציע האָט אָפגעטון איר זאַך ביזן סוף, האָט דער דאָזיקער קולטורעלער צונויפגיס אָפט געגעבן וואונדערלעכע געוויקסן, אָבער אויפן פעלד פון דייטשער ליטעראַטור, נישט פון יידישער. דער יידישער זשעני צעשמאָלצן אין אייראָפעאישן, האָט באַוויזן אַ וואונדערלעכן כח. אָנהויב XIX יאָרהונדערט האָט די קולטורעלע אַסימילאַציע געגעבן דייטשלאַנד דריי העלדינס פון ליטעראַרישע סאַלאָנען: הענריעטע הערץ, דאָראָטעע מענדעלסאָן און רחל לעווין; דאָס צווייטע פערטל פונם יאָרהונדערט האָבן זיך שוין באַוויזן דריי גרויסע ליטעראַרישע שעפער: בערנע, היינע און דער יונגער מאַרקס; ס'איז באַשערט געווען זיי זאָלן זיך אויך אָפשיידן פונם יידנטום.

ל י ו ד וו י ג ב ע ר נ ע (1786—1837), דער טריבון פון פאָליטישער פרייהייט, האָט איבערגעלעבט זיין פערזענלעכן קריזיס דאָס יאָר 1815, דאָס קריטישע

יאָר אין אייראָפּע. ער איז שוין אַלט געווען דרייסיק יאָר: ער האָט פאַרבראַכט אַ שווער יוגנט נאָך אַלס לייב ברוך (בערנעס יידישער נאָמען) אין פינסטערן פראַנקפורטער געטאָ, אַ קורצע צייט האָט ער פאַרבראַכט אין הויז ביי הענריעטע הערץ, אין דער פאַבריק פון נייע „יידן־קריסטן", געווען אויף אַ ווייל פאַרליבט אין דער סאַלאָן־קעניגין; שטודירט לאַנגע יאָרן אין דייטשע אוניווערסיטעטן, איבערגעלעבט נאַפּאָלעאָנ'ס פעלדמאַרש, אַן אָנזאָג „אויף פרייהייט. די „געקויפטע גלייכבאַרעכטיגונג" אין פראַנקפורט דאָס יאָר 1811 האָט פאַרשאַפט אַ „קאַריער" דעם יונגן יוריסט: ער איז געוואָרן אַ פּאָליציי־באַאַמטער אין זיין געבוירן־שטאָט; דייטשלאַנד'ס באַפרייאונג פון פראַנצויזן האָט ביי אים אַלס יידן אָפּגענומען די „מלוכה־שטעלע". די יאָרן פונם באַפריי־קאַמף האָט בערנע איבערגעלעבט אַ פּאַטריאָטיש פיבער, אַזוי ווי אַסך אַנדערע, ער האָט זיך אָבער אינגיכן אויסגעניכטערט. די רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פון דער „קריסטלעך־דייטשער" מלוכה, דער אַנטיסעמיטישער שוידערטאַנץ (ריוס און זיינגלייכן) האָבן אָנגעצונדן אין בערנע'ן אַ רעוואָלוציאָנערן פייער. דער פאָטער זיינער יעקב ברוך איז געווען געשיקט פון יידן פאַר אַ שתדלן צום ווינער קאָנגרעס, און דער יונגער בערנע האָט צוגעזען אין זיין געבוירנשטאָט דעם גאַנצן קאַמף, וואָס פראַנקפורטער סענאַט האָט געפירט קעגן יידן; דאָס יאָר 1816 האָט ער אפילו אַליין געשריבן אַ מעמאָראַנדום דעם בונדעסטאַג, געקלאָגט זיך אויפן סענאַט (§ 3). ער האָט זיך שוין יענע צייט איבערצייגט, אַז שוין בעסער אַפּעלירן צו פעלקער, איידער צו רעגירונגען. ער איז געוואָרן דער ליטעראַרישער פירער פון דער באַפריי־אַרמיי, וואָס האָט זיך גענומען באַפרייען דאָס דייטשע פאָלק פונם יאָך פון „36[36] דייטשע טיראַנען". זיין שאַרפע ליטעראַרישע שווערד האָט אומדעבאַרמדיק געטראָפן די דייטשע „פּלשתּים", אָבער דאָס איז געטון געוואָרן נישט אונטער קיין יידישער פאָן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז די יידנפראַגע איז נאָר אַ פּרט אין דער דייטשער פּאָליטישער פראַגע בכלל: „כּדי צו העלפן יידן, מוז זייער שטרייט זיין איינס מיטן שטרייט פאַר פרייהייט בכלל". בערנע גופא האָט זיך שוין געפילט איינס מיטן דייטשן פאָלק, אינגיכן האָט ער באַזייטיקט די לעצטע מניעה, וואָס האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג: ער איז געוואָרן אַ ליוטעראַנער (1818). בערנע האָט אָפּגעראַמט פונם שטרייט־פּלאַץ זיין יידישקייט, דאָס זאָל אים נישט שטערן צו שטרייטן פאַר דייטשלאַנדס פרייהייט אַלס אַ עכטער דייטש; ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט אין חשבון; אומעטום האָט מען אים דערמאָנט, פון וואַנען ער שטאַמט.

אין אַ יאָר אַרום נאָך זיין טויף האָט זיך אין דייטשלאַנד צעשפּילט א פּאָגראָם־באַוועגונג. בערנע האָט זיך אָנגערופן מיט אַ שוואַך אַרטיקל (ווערדליג זיין פּען) „פאַר יידן" (1819). ער הויבט אָן אַזוי: „איך וואָלט דאָס באַדאַרפט אַ נאָמען געבן: „פאַר רעכט און פרייהייט", אָבער ווען מענטשן זאָלן דאָס פאַרשטיין, וואָלט איך איצט פאַרשפּאָרט שרייבן". אומעטיק קלינגט בערנע'ס שטים, ווען ער זאָגט:

„אין וואָס שטעקט דער אומגליקלעכער יידישער מזל? מיר שיינט, אַז דאָס
שטעקט אין דעם פינסטערן גרויל, נישט צו דערקלערן, וואָס דאָס יידנטום
וואַרפט אָן; אַזוי ווי אַ שאָטן פון אַ געהרגעטער מוטער גייט דאָס יידנטום נאָך
דעם קריסטנטום פון דער קינדוויג אָן, אַמאָל מיט שפּאָט, אַמאָל מיט אָנשרעקן”.
בערנע גופא שרעקט זיך פאַרן שאָטן פון דער געהרגעטער מוטער און ער מיט
זיך פאַרטרייבן דעם שאָטן. פאַר זיינע ליטעראַרישע קעגנערס, וואָס וואַרפן אים
אויס זיין יידישן אָפּשטאַם, האָט ער אַזאַ אוממוטיקן ענטפער: „פון וואַנען ווייסט
דאָס ה׳ קליין, אַז איך בין אַ ייד? אפשר פון דעם, וואָס איך נעם זיך אָן פאַר
יידן? אָבער צי דאַרף מען דען זיין אַ ייד, מ׳זאָל פאַרמאָגן קריסטלעכע געדאַנ-
קען?” (אַ נאָטיץ: Eine Kleinigkeit, 1820) אַ לאַנגע צייט נאָך שיצט ער יידן מיט
אַ דייטשער מאַסקע אויף זיך: אין אַ גרויס אַרטיקל „דער אייביקער ייד” (1821)
געשריבן אַזוי ווי אַ רעצענזיע אויף אַן אַנטיסעמיטיש בוך פון אייבעם האָלסט,
באַווייזט בערנע די גאַנצע קונסט פון זיין גיפטיקן שפּאָט צו פאַרניכטן דעם קעג-
נער מיט יענעמס „מעטאַפיזישן העפּ-העפּ”: ער זאָגט די דייטשן דעם בי-
טערן אמת: „ווייל איר אַליין זענט קנעכט, קאָנט איר זיך נישט באַגיין אָן
קנעכט”. „איר קוועלט אָן, וואָס איר שטייט אויף דעם געזעלשאַפטלעכן לייטער
אַ שטאַפּל העכער פאַרן נידריקסטן, כאָטש איר אַליין מעגט שטיין הונדערט
שטאַפּלען נידריקער פאַרן העכסטן”. שפּעטער, ווען מ׳הויבט אָן אָפטער אָנצו-
פאַלן אויפן „יידן בערנע”, הויבט ער אַביסל אויף די מאַסקע: „איך וואָלט נישט
ווערט געווען די זון געניסן, ווען אויס מורא פאַר נישטיקן שפּאָט זאָל איך זיין
אַ כפוי-טובה אַקעגן גאָט, וואָס האָט מיך געמאַכט פאַר אַ יידן און פאַר אַ דייטש
גלייך”. „ווייל איך בין געבוירן אַ קנעכט, — אַזוי ענטפערט ער פיינט, — דערי-
בער קאָן איך ליב האָבן פרייהייט מער פאַר אייך. ווייל איך ווייס וואויל, וואָס
קנעכטשאַפט און רעכטלאָזיקייט איז, פאַרשטיי איך צו שעצן פרייהייט בעסער
פאַר אייך. ווייל איך בין נישט געבוירן אין קיין פ אָ ט ע ר ל אַ נ ד, ציט מיך
צו׳ן אַ פאָטערלאַנד פייערדיקער, איידער אייך; און ווייל מיין היים איז געווען
נישט גרעסער פאַר דער יידנגאַס, וואָס אויף יענער זייט איז שוין פאַר מיר
געווען אַ פרעמדע ערד, דעריבער קען איך זיך איצט נישט צופרידנשטעלן מיט
אַ פאָטערלאַנד איין שטאָט, איין קרייז, איין פּראָווינץ; נאָר דאָס גאַנצע דייטשע
פאָטערלאַנד, די גאַנצע ערד, וואָס ס׳קלינגט דאָרט די דייטשע שפּראַך, קאָן מיך
איצט צופרידנשטעלן”. אין די ליידנשאַפטלעכע „בריף פון פּאַריז”, אין דער
שאַרפער תוכחה: „מענצל דער פראַנצויזן-פרעסער”, טרעפן זיך עטלעכע אַזוינע „יי-
דישע” אָפּענטפערן איינצעלנע פּראַזעס; ספּעציעל אָבער אויפן יידישן עלנד האָט
זיך בערנע נישט אָנגערופן די שיינענדיקסטע תקופה פון זיין פּובליציסטיק. ער
האָט זיך גאָר אַריינגעטון אין פּאָליטישן קאַמף פאַרן „פאָטערלאַנד”, וואָס ער
האָט געבענקט נאָך דעם אין זיין פּאַריזער גלות; לסוף האָט אים גענומען אַבאַט
לאַמענע׳ס רעוואָלוציאָנערער קאַטאָליציזם (דער מחבר פונם ווערק: „רייד פון אַ

גלוּיבער״). דער „שאָטן פון אַ געהרגעטער מוטער״, פון אַ פאַרלאָזט פאָלק איז שוין פאַרשווינדן ביים נביא פון דייטשער פרייהייט.

דער דאָזיקער שאָטן האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער אָפּגעשיידטן סוף זיינע יאָרן, דעם באַרימטן דייטשן דיכטער ה יי נ ר י ך ה יי נ ע (1856—1799). היינעס יוגנט אין דיסלדאָרף איז נישט געווען אַזוי פאַרסמ׳ט מיט געטאָ־איינדרוקן, אַזוי ווי בערנע׳ס. אין די יונגע יאָרן שוין האָט היינע געאָטעמט אַ פרייע לופט: דאָ אין די רהיין־פּראָווינצן איז די פרייהייט געקומען פון פראַנקרייך, דאָ האָבן יידן פאַרזוכט נאַפּאָלעאָנ׳ס עמאַנסיפּאַציע אויף אַ וויילע. די אַסימילאַציע האָט פאַרכאַפּט היינע׳ן פריער פאַר בערנע׳ן. ער האָט שטודירט אין דיסעלדאָרפער גימנאַזיע ביי קאַטוילישע גלחים, דערנאָך האָט ער „ערלעך געפּיטערט חזרים ביי העגעל׳ן״, ווי ער גופא דריקט זיך אויס. צווישן זיין שטודיום און זעלבסשטענדיק לעבן האָט ער זיך געטראָפן מיט האַנס „יידישן קולטור־פאַריין״; אַהין האָבן אים פאַר־שלעפּט גוטע פריינט, נישט קיין אינעווייניקסטע איבערצייגונג. דעם דיכטער איז גאָנץ געווען די היפּלדיקע אידעע „אויסשטימען יידישקייט מיט אייראָפּעישע קולטור״, אָבער אים זענען פרעמד געווען די וועגן צו דעם צוועק. מיט אַ פאַר־שטאַנד פון אַ סקעפּטיקער, וואָס האָט יענע צייט אָפּגעלאַכט פון יעדער פּאָזיטי־ווער רעליגיע, האָט ער געשפּירט די נישטיקייט פון דער רעליגיעזער רעפאָרם, וואָס פּראַקטיקער פון פרידלענדער׳ס חדר האָבן פּירגענומען. די רעפאָרמירטע סינאַגאָגע לויטן מוסטער פון האַמבורגער טעמפּל (די יאָרן 1817—1821, די צייט פונם טעמפּלשטרייט איז היינע אָפּט געווען אין האַמבורג ביי די עלטערן) האָט ביי אים אויסגעזען נישט מער ווי אַ פּוסטע דעקאָראַציע. אינם אַלטן יידן האָט ער געזען מער גייסטיקן אינהאַלט איידער אינם נייעם. וועגן די אַלטמאָדישע פּוילישע יידן, וואָס היינע האָט זיי געזען אין פּויזן (1822), שרייבט ער אַזוי: „נישט געקוקט אויף דער ווילדער פּוטערנער היטל אויפן קאָפּ און ווילדע אידעען אין קאָפּ, זענען זיי מיר ליבער, איידער דייטשע יידן מיט מאָדערנע היט אויפן קאָפּ און מיט זשאַן־פּאָל ריכטער אין קאָפּ״. וועגן די ראַדיקאַלע רעפאָרמער פון יאַ־קאָבסאָן־פרידלענדער׳ס חדר שרייבט ער אַזוי (1823): „אייניקע אָפּעראַטאָרס אויף היבער־אויגן האָבן געפּרובט לאָזן בלוט דעם יידנטום און היילן דעמס גוף פון דעם פאַרפאַלענעם ווילדפלייש; זיי האָבן אָבער באַוויזן אַזאַ נישט־קענען און אַזאַ אומפאַרשטאַנד, אַז דאָס יידנטום גייט אָפּ מיט בלוט. מיר האָבן מער קיין כוח נישט צו טראָגן אַ באָרד, פאַסטן, האַסן און ליידן פון האַס — דאָס איז גאָר די סבה פון אונזער רעפאָרמאַציע. מענטשן, וואָס האָבן זיך געלערנט ביי קאָמעד־יאַנטן, ווילן באַגליקן יידן מיט נייע דעקאָראַציעס. אייניקע ווילן האָבן אַ פאַר־קירצט וואַנגעליש קריסטנטום מיט אַ יידישער פירמע... אָבער די פירמע וועט נישט אויסהאַלטן, אירע ווערטער וועקסלען אויף פילאָזאָפיע וועלן צוריקקומען פּראָטע־סטירטע, זי וועט אָנגעצן״. היינע׳ן, אַלס דיכטער, האָט יענע צייט געצויגן נאָר די ראָמאַנטיק פון דער יידישער געשיכטע,— די מיטלאַלטערישע קדושים, די

טרויעריקע לעגענדע פון אַהאַספער, דער אייגנאַרטיקער ריזן־גייסט. ער האָט דע־מאָלט פאַרקלערט זיין היסטאָרישע נאָוועלע „דער באַכראַכער רבי", און אַ האַרצ־חיי פון הונדערטער יאָרן הערט זיך אין דעם פּירוואָרט־ליד (1824):

הייב אָן דיין קלאָג, דיין וויסטע, די פינצטער אנוסים־ליד,
כ'האָב דיך אזוי לאַנג געפעסטעט אין פלאַמיק־שטילן געמיט.
דורך אויערן דרינגסטו אין הערצער, מיין שניידנדיק געשריי, —
באַשוואוירן איז ער און פאַרכישופט, דער טויזנטיעריקער ווײ.
ס'וויינט גרויס און קליין און ס'וויינען שוין קאַלטע מענער אויך,
די פרויען און בלומען וויינען און שטערנדלעך אין דער הויך,
קיין דרום פליסן די טרערן, די טרערן פון שטילן געוויין,
זיי פליסן און גיסן זיך אלע אין ירדן אריין.

(געשריבן צוערשט אלס הקדמה צום „רבי פון באַכראַך", 1824)

אָבער אין היינען איז געזעסן נאָך אַ גייסט, אַ גייסט פון פילאָזאָפישן ראַ־ציאָנאַליזם און האָט געקעמפט קעגן מיטלאַלטערישער ראָמאַנטיק. ער האָט גע־שריבן זיין ·פריינד מאָזער'ן: „אַז איך וועל זיין אַ פייערדיקער באַשיצער פאַר יידישע רעכט און פאַר זייער גלייכבאַרעכטונג —, דאָס בין איך זיכער; אין שלעכ־טע צייטן, וואָס וועלן זיכער קומען, וועט דער דייטשער פעבל דערהערן מיין שטים; דאָס ווידערקול וועט זיך לאָזן הערן אין דייטשע בירהאַלן און אין פאַ־לאַצן. אָבער אַ געבוירענער פיינט פון אַלע פּאָזיטיווע רעליגיעס וועט זיך קיינ־מאָל נישט איינשטעלן פאַר דער רעליגיע, וואָס האָט די ערשטע געבראַכט אַ בטול צו מענשטן, וואָס דאָס פאַרשאַפט אונז ביז היינט נאָך אַזוי פיל פיין". דאָ גיט זיך שוין אַנצוהערן דער „עליביזם", וואָס שפעטער האָט ער אים אזוי שאַרף אָקעגנ־געשטעלט דעם יודאַאיזם...

אין אַזאַ צושטאַנד איז פאַר אים געשטאַנען די פראַגע: טויפן זיך צי נישט? ער האָט דעמאָלט געהאַט געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט אין געטינגען און ער האָט געזען פאַר זיך אַלע טירן צו: דער געזעץ האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג צו דאָצענטור אין אוניווערסיטעט, צו'ן אַדוואָקאַטור, צו'ן אַ מלוכה־שטעלע. אין זיין ליטעראַרישער קאַריער האָט דער יונגער מחבר פון „אלמאַנזאָר" (1823) אויך געהאַט אויסצושטיין פאַר זיין יידישן נאָמען. פּראַקטיש האָט ער געזען פאַר זיך נאָר איין אויסוועג: „נעמען אַן אייגנטריט־קאַרטע אין דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט", ווי ער פלעגט זאָגן אויף שמד. אַ שטיקל צייט האָט ער זיך געראַנגלט מיט זיך אַליין, צולעצט האָט ער זיך אונטערגעגעבן: יוני 1825 איז ער געוואָרן אַ פּראָטעסטאַנט. ער האָט זיך נישט געוואָלט נאַרן, אַז ער באַגייט אַ פאַרברעך קעגן געוויסן; זיין פריינד מאָזער'ן שרייבט ער אַזוי: „סוואָלט מיר זייער געאַרט, ווען דו זאָלסט געפינען אַ פאַרענטפערונג פאַר מיין טויף. גלויב מיר, ווען מ'זאָל מעגן גנב'ענען זילבערנע לעפל, וואָלט איך זיך נישט געטויפט. פאַראַכטאָגן שבת בין איך געווען אין דער סינאַגאָגע (אין האַמבורגער „טעמפּל")

און האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן אַליין צו הערן, ווי ד״ר סאלאמאן (פרעדיקער) שיט פעך און שוועבל אויף משומדים, וואָס פאַרקויפן די אמונה פון די אָבות פאַר אַ שטעלע. מעגסט מיר גלויבן, די דרשה איז געווען אויסגעצייכנט, און איך קלייב זיך די טעג אַריינגיין צום פרעדיקער". היינע האָט זיך אָפּגעענטפערט אין די גליקן: קיין שטעלע האָט ער נישט געקריגן און בעסער איז אים נישט געוואָרן. אָבער פאַר זיין געקרענקט געוויסן האָט ער איינגיכן געפינען אַ טרייסט; דאָס איז דער גרויסער רום, וואָס איז אים אויסגעפאַלן נאָכדעם ווי ס׳זענען אַרויס זיינע „רייזעבילדער" און „בוך דער לידער" (1826—1827). דייטשלאַנד האָט דערהערט אַן אָפּקלאַנג אויף אירע אָנגעווייטאַקטע פראַגן אין היינע׳ס וויציקער פראָזע, וואָס האָט נישט איר גלייכן, האָט דערהערט די כשוף־קלאַנגען פון היינע׳ס ליד; מאָטיוון פון „שיר־השירים" און „קוהלת", אַ הללויה דער ליבע איבער אַלץ און אַ ווייַ פון אַ וועלט־צער. נאָך דער יולי־רעוואָלוציע האָט היינע עמיגרירט קיין פּאַריז און דאָ ווערט ער דער באַגייסטערער פאַר „יונג־דייטשלאַנד" מיט בערנע׳ן גלייך. צו דער קרוין פון פּאָעזיע קומט דאָ היינע׳ן צו די קרוין פון אַ פּאָליטישן טריבון (אויף זיין שפּייגער), פון דעם וויציקסטן פּובליציסט, פון אַ ליטעראַרישן קריטיקער (זיינע ווערק „וועגן דייטשלאַנד", „די ראָמאַנטישע שולע", „וועגן בערנע׳ן" און אַנדערע ווערק די יאָרן 1831—1840). יענע תקופה האָט זיך היינע געהאַלטן פאַר דעם פאָנטרעגער פון לעבנסלוסטיקן העלעניזם אין שטרייט קעגן אַסקעטישן יודאַאיזם. ער האָט איינגעשטעלט די איינטיילונג אין „העלען" און „ייד": דער ערשטער זאָל זיין דער סימבאָל פון לעבנסלוסטיקן רעאַליזם, פון באַגייסטערטער עולם־הזה; אַקעגן דער לעצטער איז אַ מרה־שחורה׳ניק, פאַראַכט דעם חומר" און לעבט אין אַ וועלט פון גייסטער. זיך האָט ער געהאַלטן פאַר אַן העלעניסט און זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט, וואָס דער „ייד" בורעט׳ אין אים, גיט זיך נישט אונטער געבונדענערהייט, וויפיל היינע זאָל זיך נישט מיען העלעניזירן אדער גערמאַניזירן זיך אין הארצן.

סוף כּל סוף איז גובר דער „ייד", דאָס קומט פיר די לעצטע צען יאָר היינעס לעבן, די צייט ווען דער דיכטער ליגט קראַנק אין פּאַריז, צוגעבונדן צו זיין „מאַטראַצן־גרוב". אין זיין „ודוי" (1853) אַנטפּלעקט זיך שוין אַ נייער וועלטבאַנעם, דורכגעטראַכט און אויסגעוויטאָגט: „מיין פאַרליבטשאַפט אין עלאַדע האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגעקילט. איצט זע איך, אַז גריכן זענען געווען שיין נאָר יוגנטווייז, יידן אָבער זענען געווען שטאַרקע מענער נישט־צו־בויגן זיי אַמאָליקע צייטן, און אַזוי זענען זיי געבליבן ביז היינט אויף־צו־להכעיס אַכצנהונדערט יאָר רדיפות און פּיין. איצט האָב איך זיך אויסגעלערנט זיי בעסער צו שעצן, און ווען ביי היינטיקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף און דעמאָקראַטישע פּרינציפּן וואָלט נישט געווען נאַריש זיך איבערנעמען מיטן אָפּשטאַם, וואָלט איך שטאָלצירט, וואָס מיינע פאָר־דורות געהערן צו דעם אַדלהויז ישראל, וואָס איך קום אַרויס פון די קדושים, וועלכע האָבן געגעבן צוזען דער וועלט גאָט און

מאָראַל, זיי האָבן בלויז פאַרגאָסן אויף אַלע שלאַכט־פעלדער, וואו מ'האָט נאָר געקעמפט פאַר דער אידעע. זעלטן ווען די געשיכטע פון מיטלאַלטער און אפילו פון דער נייסטער צייט האָט פאַרצייכנט ביי זיך זייערע נעמען, די דיכטערס פון הייליקן גייסט, וואָרום זיי האָבן געקעמפט מיט אַן אראָפּגעלאָזטן פאַנצער אויפן פנים. יידן זענען נאָך איצט אויך אַ וואַנדער־סוד"... „ס'איז געווען אַ צייט, ווען משה איז מיר נישט געווען צום האַרצן, וואָרום געברויזט האָט אין מיר דער העלעניסטישער גייסט; איך האָב נישט געקאָנט שענקען דעם יידישן תורה־געבער זיין פיינשאַפט צו בילדלעכקייט, צו פלאַסטיק. איך האָב נישט באַמערקט, אַז משה גופא איז געווען אַ גרויסער קינסטלער און האָט פאַרמאָגט אמת'ע גאוניות פון אַ שאַפער. דער חילוק איז נאָר, וואָס ער האָט געוואָלט שאַפן דאָס קאָלאָסאַלע, דאָס אייביקע. ער האָט נישט געקאָנט בויען אַזוי ווי די עגיפטער, מאָנומענטן פון ציגל און גראַניט, ער האָט אויפגעשטעלט פיראַמידן פון מענטשן, אָבעליסקן פון לעבעדיקע באַשעפענישן. ער האָט גענומען אַן אָרעמען שבט פאַסטוכער און געמאַכט פון דעם אַ פאָלק, אַ גרויס פאָלק, גאָטס פאָלק אייביק און הייליק, אַ מוסטער פאַר אַלע פעלקער, אַ פאָרם פאַר דעם גאַנצן כלל מענטשן; קורץ, ער האָט באַשאַפן דאָס פאָלק ישראל". נאָכדעם גייט אַ באַגייסטערטער הללויה משה'ן: „וואָס פאַר אַריזן פיגור! ווי קליין זעט אויס דער באַרג סיני, ווען משה שטייט אויף אים!"... פאַרן דיכטערס פאַרטיפטן בליק, געווענדט צו דער אייביקייט, אַנטפּלעקן זיך אַזוינע האָריזאָנטן, וואָס יידישע דענקער האָבן זיי דערזעען אַ סך שפּעטער, נאָך אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. היינע האָט בחוש דערשפּירט די וועלט־אידעע פון נביאות. אין באַגייסטערטע שפּריכן (מוסטערן האָבן מיר שוין פריער געזען) אַנטפּלעקט זיך זיין פילאָזאָפיש־היסטאָרישע חייטזיכטיקייט אַ סך מער איידער אין „יהודה־הלוי" און אין אַנדערע ווערק. אַ טיפער האַרצווייי צום פאַרלאָזטן פאָלק הערט זיך אינם אויסרוף פאַרן טויט: „נישט קיין מעסע וועט מען נאָך מיר אָפּריכטן, נישט קיין קדיש—וועט מען זאָגן". אָבער אין דעם, וואָס דעם דיכטערס פאָלק האָט באַדאַרפט שטיין אין אַ זייט, ווען מ'האָט אראָפּגעלאָזט אין קבר זיין אַ פאַרבלאָנדזשעטן זון, און קיין קדיש נישט זאָגן, אין דעם שטעקט אַ סך מער אַ נאַציאָנאַל־יידישע טראַגעדיע איידער היינע'ס פערזענלעכע טראַגעדיע.

נאָך בערנעס און היינעס דור איז געקומען אַ נייער דור „אָפּגעשיידטע"; זיי זענען שוין געווען פאַרפרעמדט צו יידן פון קינדווייז אָן, אָדער נאָך קינד־ווייז געשמד'ט, ווי אַ סך תכלית־עלטערן האָבן דאָס געטון. זיי האָבן שוין נישט געוואוסט פון קיין בענקשאַפט נאָך דעם פאַרלאָזטן פאָלק, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס צוגעזען ביי אַ דור פריער, וואָס האָט נאָך געהאַט יוגנט־זכרונות פון אַ פרומפאַרצייטיק יידיש לעבן. דער גרעסטער טייל פרישגעבאַקענע דייטשן האָט שוין נישט געקלערט פונם פאָלק און פון זיין היסטאָרישן גורל, דאָס פאָלק איז זיי ווילד־פרעמד געווען; נאָך מער: אַנדערע האָבן שוין געפילט אַ האַס צו

פאָלק, און האָבן זיך געזוכט אַ חקירה צו פאַרענטפערן די אַנטיפּאַטיע. צו
אַזעלכע האָט געהערט דער יינגער קאַרל מאַרקס (1818—1883); זיין פאָטער
אַן אַדוואָקאַט אַ קאַריעריסט אין טריר האָט זיך געשמד'ט מיט דער גאַנצער
פאַמיליע. אָנהויב די 40־ער יאָרן האָט זיך דער קינפטיקער אידעאָלאָג פון דער
סאָציאַלדעמאָקראַטיע באַוויזן אַלס ראַדיקאַלער פובליציסט (אין דער קעלנישער
Rheinische Zeitung, דערנאָך אין פאַריזער (Deutsch-französische Jahrbücher).
דייטשלאַנד איז דעמאָלט אַ סך פאַרטון געווען מיט דער יידנפראַגע, רהייניש
לאַנדטאַגן האָבן געשטימט פאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג; ביי אַזאַ געלעגנ־
הייט האָט זיך מאַרקס אָפּגערופן אויף דער יידנפראַגע. דאָס איז געווען אַן
ענטפער ב ר ו נ אָ ב ו י ע ר'ן אַ לינקן העגעליאַנער פון דעם מין טעאָלאָגן־ראַ־
דיקאַלן, ווען יענער האָט אָפּגעדרוקט די יאָרן 1842—1843 זיינע אַרטיקלען:
„צו דער יידנפראַגע". ברונאָ בויער האָט בכלל געשטריטן קעגן דער אידעע
פון אַ קריסטלעכער מלוכה און קעגן יעדער קירך, ספּעציעל אָבער וועגן יידן
האָט ער געהאַלטן, אַז אין אַ קריסטלעכער מלוכה טאָרן זיי נישט מאָנען קיין
פּאָליטישע עמאַנסיפּאַציע. אַזוי לאַנג ווי יידן זאָגן זיך נישט אָפּ פון זייערע
רעליגיעזע „פאָראורטיילן", קאָנען זיי נישט פאָדערן פון דער קריסטלעכער געזעל־
שאַפט, זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון אירע קריסטלעכע פאָראורטיילן און זאָל מושוה
ווערן מיט יידנטום „דעם דם־שונא פון אַ מלוכה־רעליגיע". כדי צו דערלאַנגען
פּאָליטישע עמאַנסיפּאַציע, זאָלן זיך יידן פריער עמאַנסיפּירן פון זייער רעליגיע;
ערשט נאָכדעם, ווי יידן וועלן ווערן סתם־מענטשן פריידענקער און די מלוכה
וועט זיך אויך פריי מאַכן פון דער קירך, ערשט דעמאָלט וועט קומען די
עמאַנסיפּאַציע פאַר אַלעמען, פאַר דער מלוכה אַזוי גוט ווי פאַר יידן. דער פריי־
דענקער בויער וויל געבן יידן גלייכבאַרעכטונג מיט אַ תנאי, יידן זאָלן באַ־
ג יין אַ רעליגיעזן זעלבסטמאָרד, דאָס הייסט אַ נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד אויך
וואָרום נאַציאָנאַל און רעליגיעז בנוגע יידן האָט מען דעמאָלט געהאַלטן פאַר
איין זאַך. „ווער ס'וויל באַפרייען יידן און זיי זאָלן בלייבן יידן — איז אַרויס־
געוואָרפן זיין מי, ער נאַרט זיך אַליין, אַזוי ווי ער זאָל אַ שטייגער וועלן דער־
וואַשן אַ נעגר". יידישע פובליציסטן: פיליפּסאָן, גאָלדהיים (אין זיין „רבנישע
אויטאָנאָמיע"), ריסער, גייגער און אַנדערע האָבן דעמאָלט אָפּגעענטפערט בוי־
ערן אויף זיין כלומרשט טיפזיניקן באמת נאַאיוון — היסטאָרישן פלפול. אין דער
פּאָלעמיק האָט זיך אַריינגעמישט דער יונגער מאַרקס אויך, דעמאָלט נאָך פון
ד עמזעלבן לינק־העגעליאַנישן נעסט. מאַרקס האָט אָפּגעענטפערט בויערן מיט צוויי
אַרטיקלען (אין די „דייטשיש־פראַנצויזישע יאָרביכער" די יאָרן 1843—1844). דאָ אַר־
בעט ער מיט דעמזעלבן דיאַלעקטישן געווער, וואָס בויער; פאַר אים איז דאָס אָבער אַן
עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע, נישט קיין רעליגיעזע. ער הויבט אָן מיט אַ ריכטיקן געדאַנק,
אַז כדי צו עמאַנסיפּירן יידן פאַרשפּאָרט די מלוכה זיך אָפּזאָגן פון רעליגיע בכלל;
גענוג זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון אַ מ ל ו כ ה'ש ע ר רעליגיע, קריסטנטום זאָל ווערן

אויס פּריווילעגירטע רעליגיע: די קירך זאָל אָפּגעטיילט ווערן פון רעליגיע; אָבער ווייטער דרייט ער אָן דעם דיאַלעקטישן גראַגער: „לאָמיר זיך צוקוקן, זאָגט ער, צום וועלטלעכן, צום וואָכעדיקן יידן, נישט צו בויער'ס שבת-יידן; לאָמיר אַ זוך טון דעם סוד פון דעם יידן נישט אין רעליגיע, נאָר פאַרקערט לאָמיר זוכן דעם סוד פון דער רעליגיע אין דעם אמתן וועזן פון יידן. וואָס איז דעם יידנטומס פּראַקטישער יסוד? תכלית, עגאָאיזם. וואָס איז דעם יידנס וואָכעדיקער קולט? געשעפטמאַכעריי. וואָס איז זיין וועלטלעכער גאָט? געלט. בכן איז די עמאַנסיפּאַציע פאַר אונזער עפּאָכע — מ'זאָל זיך עמאַנסיפּירן פון געשעפטמאַכעריי און פון געלט, ד. ה. מ'זאָל זיך עמאַנסיפּירן פונם פּראַקטישן' רעאַלן יידנטום. ביי אַזאַ געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, וואָס קיין געשעפטמאַכעריי זאָל דאָרט נישט מעגלעך זיין, וואָלטן יידן נישט מעגלעך געווען... אויף זיין שטייגער האָט זיך שוין דער ייד עמאַנסיפּירט: מיט געלט האָט ער שוין דערלאַנגט די מאַכט. געלט איז די וועלט, מיט דעם יידן און אָן אים; דעם יידנטומס פּראַקטישער גייסט איז איצט געוואָרן דער פּראַקטישער גייסט ביי קריסטלעכע פעלקער. יידן זענען אַזוי ווייט עמאַנסיפּירט, ווי ווייט קריסטן זענען געוואָרן יידן. דער יידישער גאָט איז געוואָרן דער וועלט-גאָט אַ וועקסל — דאָס איז דער רעאַלער גאָט ביי יידן. די אויסגעטראַכטע יידישע נאַציאָנאַליטעט — איז די נאַציאָנאַליטעט פון אַ סוחר, פון אַ געלטמענטשן בכלל... געזעלשאַפטלעך עמאַנסיפּירן יידן — דאָס הייסט אייגנטלעך עמאַנסיפּירן די געזעלשאַפט פון יידנטום".

בכן איז דער גאָרער גייסטיקער און קולטורעלער אינהאַלט פון יידנטום ביי מאַרקס'ן אין די אויגן — נישט מער ווי אַ וואָכעדיקער געשעפט-טומעל, און אַ הייפל באַנקירן און געשעפטסלייט אין מערב-אייראָפּע — דאָס איז ביי אים דאָס גאַנצע יידנטום. ראָטשילד האָט אים אין די אויגן פאַרשטעלט דאָס יידישע פאָלק, וואָס אגב האָט ער דאָס נישט געקענט אויך. דעם עגל-הזהב האָט ער געמאַכט פאַר אַ יידישן גאָט, אַזוי ווי דער ביבלישער ירבעם. מיט אומגעשיקטע הענט האָט דער „וואָכעדיקער" מענטש אָנגערירט אַ הייליקייט, וואָס היינעס אויסגעלייטערטער גייסט האָט זיך דערפאַר טיף געבויגן, ער האָט אָנגעוואָרפן יידן אַ „שליחות", גענומען אויף פּראָקאַט אויף אַן אייראָפּעאישער בערזע. אָפּגעריסן פון די קוואַלן פון יידישער קולטור, האָט דער אידעאָלאָג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַפילו נישט געמאָלט זיך, אַז ער אַליין געניסט אַ טייל פון דער גרויסער פאָלקס ירושה און פּרעדיקט סאָציאַלע אידעאַלן פון יידישע נביאים, נאָר מיט אַנדערע ווערטער. אומפאַרשטאַנד פאַר יידישער געשיכטע, אַנטיפּאַטיע פון אַ געטויפטן צום פאַרלאָזן לאַגער מיט אַ פּלפּול-אַרגומענטאַציע אין דערמיט דאָס אַלץ מאַכט פון מאַרקס ווערק וועגן יידן אַ מין פּאַסקוויל. שפּעטער האָט זיך מאַרקס אויסגעטאָן פון דער איבערגעטריבענער דיאַלעקטיק און פון זיין מעטאַפיזישן יידנהאַס, אין יידן האָט ער גאָר פאַרגעסן, אָבער אויף זיין יוגנט-זינד קעגן יידן האָט ער קיין חרטה נישט אַרויסגעוויזן. דער מאַן, וואָס האָט באַשאַפן,

די טעאָריע פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, האָט קיינמאָל נישט געקאָנט באַנעמען
אַ גייסט פון אַ נאַציע, וואָס איר גאַנצע געשיכטע איז דערווידער אַזאַ קורצזיכטי־
קער טעאָריע. דער מאַן, וואָס האָט פון סאָציאַליזם, ד. ה. פון בעצם אַ מאָראַ־
לישער לערע, באַוויזן צו מאַכן אַ מאַטעריאַליסטישע לערע, „אָן איין גראַן עטיק“,
ווי ער אַליין האָט זיך באַרימט, אַזאַ מאַן האָט נישט געקאָנט באַגרייפן אַ פאָלק,
וואָס איז דער פאָנטרעגער פון אַ מאָראַלישן וועלט־באַנעם אין דער געשיכטע...
טרויעריק איז דאָס, אָבער אַ היסטאָריקער טאָר דאָס נישט דורכלאָזן; דאָס איז
אַ צייכן פאַר יענער תקופה. אַזויווי אַ יונגער אָדלער, וואָס פרובט די פליגל זיך
אויפצוהויבן איבער זיין צייט, האָט ער פאַרהאַקט זיין שאַרפן שנאָבל דער אָפּ־
געלייקנטער מוטער אין לייב אַריין...

ווי טראַגיש ס'איז נישט די לאַגע פון אַ פאָלק, וואָס זיינע פעאיקסטע קינדער
פאַרלאָזן דאָס, האָט דאָס נאָך געקאָנט האָבן אַ טרייסט, אַז זיינע אָפּטריניקע
קעמפן פאַר דער מענשהייטס פרייהייט און פאַרווירקלעכן אומגעוואוסט די סאָ־
ציאַלע אידעאַלן, וואָס נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט אין לאַנד יהודה. נאָך ערגער
איז געווען, ווען די אייגענע אָפּטריניקע זענען אַריבער צו דער שוואַרצער רע־
אַקציאָנערער מחנה. צו דעם מין אָפּטריניקע געהערט פ ר י ד ר י ך   י ו ל י
ש ט אַ ל (1802—1861), דער היפוך פון מאַרקס'ן. שטאַל איז געבוירן אין אַ פאַ־
מיליע ביי אַ בייערישן יידן, ער האָט זיך געשמד'ט, איידער ער איז אַריין אין
אוניווערסיטעט, דערנאָך איז ער געוואָרן פראָפעסאָר פון מלוכה־רעכט אין בערלין
און האָט אַנטוויקלט אַ קאָנסערוואַטיווע, קלעריקאַלע סיסטעם אין אַ גלענצנד
ווערק Philosophie des Rechts (1830). ער האָט אָנגעשריבן אַ ביכל „די באַנע־
מונג פון אַ קריסטלעכער מלוכה צו דעאיזם און יודאאיזם“ (1847), באַשאַפן
אַ „וויסנשאַפטלעכן“ פונדאַמענט פאַר זיין באַשיצער'ס טעאָריע, קעניג פרידריך־
ווילהעלם IV־טער. אַ קריסטלעכע־מלוכה קאָן נישט געבן יידן קיין גלייכבאַרעכטונג,
ווייל יידן לייקענען אין דער געטלעכקייט פון קריסטנטום, וואָס דאָס איז דער
יסוד פון דעם גאָרן מלוכה־געביי; דאָס אייגענע אויך קאָן מען נישט געבן קיין
גלייכבערעכטונג קיין פילאָזאָפישע דעאיסטן, און בכלל קיין סעקטע, וואָס איז
אויסער דער קירך... דריי מענער, דריי טריבונאַלן: בויער אַ קעגנער פון דער
קירך, שטאַל אַ קירך־מענטש, און מאַרקס אַ סאָציאַליסט—, אַלע דריי קעגן יידן
אַלע האָבן פאַרמשפט דאָס יידנטום. דאָס יידנטום האָט אויסגעהערט דעם פסק
און איז זיך ווייטער געגאַנגען זיין היסטאָרישן וועג.

---

קאפיטל III

# בירגערלעכע אונטערדריקונג און דער קולטור־שטרייט אין עסטרייך.

## § 15. די פאָליטיק בכלל. די „געדולדעטע" אין ווין.

דער געוויסער פונקט 16 אין די „בונדעסאַקטן" פונם ווינער קאָנגרעס האָט פאַרפליכט דייטשלאַנד און עסטרייך, יידן זאָלן בלייבן ביי די רעכט, וואָס זיי האָבן געהאַט ביזן יאָר 1815. אָבער אין עסטרייך האָט דאָס יידן נישט אַזוי געלוינט ווי אין פרייסן, וואָרום פאַרשידן איז געווען די געגעבענע יידישע לאַגע אין די דאָזיקע לענדער, וואָס איז גאַראַנטירט געווען אַלס אַ מינימום בירגעררעכט. אין פרייסן און אין אַ טייל אַנדערע דייטשע מלוכות זענען יידן שוין געווען טיילווייז עמאַנסיפירט ביזן יאָר 1815 (אַ סך האָבן זיי געהאַט צו פאַרדאַנקען אין דעם פרט דער פראַנצויזישער הערשאַפט). דאָ האָט די רעאַקציע באַדאַרפט קעמפן קעגן דער גאַראַנטיע, וואָס די בונדעסאַקטן האָבן געגעבן יידן, זיי זאָלן בלייבן ביי די דערלאַנגטע רעכט; אַ סך האָט די רעאַקציע אויסגעפירט, מ'האָט פאַרשמעלערט יידישע רעכט, אָדער גאָר דאָס אָפּגענומען ביי זיי. אַנדערש איז געווען די לאַגע אין עסטרייך. דאָס קריטישע יאָר 1815 האָט דאָ געטראָפן יידן רעכטלאָז (חוץ אין די איטאַליענישע פראָווינצן, וואָס זענען צוגעקומען עסטרייך). בכן האָט עסטרייך באַדאַרפט אָפּהיטן „יידישע רעכטלאָזיקייט" אַזוי ווי דער קאָנגרעס האָט געבאָטן; די רעאַקציע אין מעטערניך'ס רעאַקציאָנערער נעסט האָט דאָס געדן געטון. אין דייטשלאַנד איז דער רעסטאַווראַציע אויסגעקומען „פאַרשמעלערן", „אָפּנעמען" ביי יידן זייערע רעכט; אין עסטרייך איז איר אויסגעקומען „דערהאַלטן און פאַרשטאַרקן יידישע רעכטלאָזיקייט". דער הויפּט־שטאַב פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע אין ווין האָט געוואָלט באַווייזן אויף יידן אויך, אַז ער קעמפט פלייסיק קעגן דער רעוואָלוציאָנערער „דעקלאַראַציע פון מענטשן־און־בירגער־רעכט". דאָ איז דער עיקר געווען נישט ספּעציעל דער יידנהאַס, אַזוי ווי אין דייטשלאַנד; מער האָט זיך דאָ געלאָזט פילן די אַבסאָלוטיסטישע פּאָליטיק בכלל: אַ רעזשים פון אונטערדריקונג און אומגלייכקייט קעגן דעם אידעאַל פון „פרייהייט און גלייכקייט".

נאָך אַ וויכטיקער אונטערשיד איז געווען אין דער לאַגע פון עסטרייכישע יידן אַקעגן דייטשע יידן. אין דייטשלאַנד האָבן יידן די גאַנצע תּקופה רעאַקציע נישט אויפגעהערט צו שטרייטן פאַר גלייכבאַרעכטונג, חי מיר האָבן דאָס שוין געזען; זיי האָבן דערלאַנגט פעטיציעס רעגירונגען און לאַנדטאַגן, זיי האָבן געפירט אַ שאַרפע אַגיטאַציע אין דער פרעסע און אַ פּאָלעמיק אין דער ליטעראַטור. דאָס נעמט זיך פון צוויי זאַכן: דייטשע יידן זענען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה קולטור, און אין דייטשלאַנד זענען דאָך געווען לאַנדטאַגן, זאָל זיין אפילו, אַז פאַר פאַרטרעטער פון העכערע קלאַסן. אַקעגן אָבער אין עסטרייך איז געבליבן דער אַלטפרענקישער אַבסאָלוטיזם, די יידישע מאַסן ווידער זענען געווען קולטורעל אָפּשגעשטאַנען; דעריבער זעען מיר נישט, יידן זאָלן ענערגיש שטרייטן פאַר גלייכבאַרעכטונג, חוץ אין אונגאַרן. אונגאַרן האָט געהאַט אַ סיים די פּאָליטישע לאַגע דאָ איז געווען ענלעכער צו דער לאַגע אין דייטשלאַנד כאָטש אין פּרט קולטור איז אונגאַרן נישט געשטאַנען העכער פאַר עסטרייך בכלל. אין די קרוין־לענדער אין עסטרייך האָבן יידישע קהלות באַוויזן נאָר איין זאַך: הכנעהדיק בעטן דעם קייזער אָדער די אָרטיקע מאַכט, מ'זאָל גרינגער מאַכן, נאָכלאָזן דעם אָדער יענעם פּרט רעכטלאָזיקייט, וואָס האָט שוין צופיל געדריקט און באַליידיקט; מייסטנס האָבן זיי גאָרנישט ניט געפועלט.

אין די האַבסבורג'ס פיל פעלקערדיקער מאָנאַרכיע איז אַלץ געבליבן ווי געווען; געבליבן איז אויך נישט גערירט די דרייגאָרנדיקע סיסטעם יידישע רעכטלאָזיקייט פאַר דייטשע יידן באַזונדער, פאַר סלאַווישע באַזונדער און פאַר אונגאַרישע באַזונדער. צו די דריי שטאָק איז איצט צוגעקומען אַ פערטער: דאָס איז פאַר די איטאַליעניש פּראָווינצן, וואָס דער ווינער קאָנגרעס האָט צוגעוואָרפן עסטרייך: די רעאַקציע האָט דאָ געהאַט צו ליקווידירן דעם פראַנצויזישן רעזשים פון בירגערלעכער גלייכקייט. מחמת די צוגעקומענע פּראָווינצן או דעם באַטירלעכן וואוקס איז די יידישע באַפעלקערונג אין עסטרייך שטאַרק אויסגעוואַקסן און האָט סוף דער תּקופה באַטראָפן אַ קעגן 700 טויזנט נפשות 1).

1) לויט בעכער'ס סטאַטיסטיק איז אין פאַרשידענע פּראָווינצן אין עסטרייך דאָס יאָר 1840 געווען אזא צאָל יידן (אין טויזנטער): אין בעהמען און אין מעהרען מיט שלעזיע 102 טויזנט, אין גאַליציע 283 טויזנט, אין אונגאַרן 262 טויזנט, אין די איטאַליעניש פּראָווינצן 7 טויזנט, אין נידערעסטרייך, טיראָל, דאַלמאַציע און אין די איבריקע ערטער—צו טויזנט. אַקעגן דער ציילונג דאָס יאָר 1803 (זע פריערדיקער באַנד § 26) איז די יידישע באַפעלקערונג אויסגעוואַקסן נאָרמאַל אין בעהמען און אין מעהרען, זי איז עטוואָס קלענער געוואָרן אין גאַליציע; אין אונגאַרן איז זי געוואָרן 3 מאָל אזוי די גרויס. דער דאָזיקער שפּרונג נעמט זיך דערפון, וואָס דאָס יאָר 1803 איז נישט ריכטיק אָנגעגעבן די צאָל יידן אין אונגאַרן, יענע צייט איז נאָך דאָרט נישט געווען קיין מיליטער־צעטלען (מיליטער־פליכט האָט מען דאָרט איינגעפירט ערשט דאָס יאָר 1807), חוץ דעם זענען נאָך געווען ספּעציעלע פעלער ביים ציילן יידן אין עסטרייך. יעדענפאַל איז די ציילונג דאָס יאָר 1840 ריכטיקער, איידער די פריערדיקע. זע די טאַבעלע פון יאָר 1803 ביי וואָלף'ן (Geschichte der Juden in Wien, 112) און פון יאָר 1840 ביי יאַסט'ן (Neuere Geschichte, I, 324).

עסטרייכישע רעגירער האָבן אָבער געטון וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט, נישט דערלאָזן יידן וואַקסן: אין אייניקע פּראָווינצן האָבן יידן נישט געטאָרט באַזעצן זיך לויטן געזעץ, אין אַנדערע פּראָווינצן האָט מען זיי גלאַט געשטיקט און געדריקט. דאָס יאָר 1820 איז אַרויס דעם קייזערס אַדעקרעט (פראַנץ דעם 1-טנס) און האָט אָנגעזאָגט יידן, וואָס האָבן געגאַרט, מ'זאָל זיי גרינגער מאַכן, אַז די אַלטע געזעצן בלייבן גילטיק: „מ'האַרף נישט דערלאָזן, יידן זאָלן זיך מערן און פאַרשפּרייטן, זיי דאַרפן פאַר קיין פאַל נישט „געדולדעט" זיין אויסער די פּראָווינצן, וואָס מ'האָט זיי צוגעלאָזט ביז איצט". מ'דאַרף רעווידירן די אויסנאַם-געזעצן, וואָס גילטן פאַר יידן, ס'זאָל זיין אין זיי איין געדאַנק, אָבער געוויינטלעך צוגעפּאַסט צו יעדער געגנט באַזונדער. דער „איינער געדאַנק" איז, „מ'זאָל מאַכן אויס שעדלעך יידישע זיטן, יידישן לעבנסשטייגער, יידישע באַשטימונגען: ביס לעכוויז זאָלן זיי זיך אויסגלייכן מיט די זיטן און מיטן לעבנסשטייגער ביי דער בירגערלעכער געזעלשאַפט". צו דעם צוועק איז דאָס בעסטע מיטל, פּאָליציי זאָל זיך נעמען מישן אין יידישן אינעווייניקסטן לעבן: 1) אין אַ געוויסער צייט אַרום וועט זיך פאָדערן פון אַ קאַנדידאַט אויף רב, ער זאָל צושטעלן אַ שיין, אַז „ער קען גרינדלעך פילאָזאָפישע וויסנשאַפטן און די לערע פון יידישקייט", קיין אַנדערע וועלן נישט צוגעלאָזט ווערן. 2) אין דערזעלבער צייט אַרום דאַרפן יידן דאַווענען און דרשענען אין די שולן אויף דייטש, אָדער אויף דער „לאַנדשפּראַך"; בכן דאַרף מען איבערזעצן יידישע רעליגיעזע ספרים אויף די דאָזיקע שפּראַכן. 3) יידישע קינדער דאַרפן לערנען אין קריסטלעכע שולן, חוץ דעם למוד פון דת. די דאָזיקע פּונקטן פונם דעקרעט זענען גיכער געווען אַ השערה, איידער אַ געזעץ, דערהויפּט פּונקט 2, וואָס האָט אָנגערירט דאָס רעליגיעזע געוויסן פון הונדערטער טויזנטער גלויבער און וואָס ס'איז גאָר נישט מעגלעך געווען אויסצופירן ביי אָפּגעשטאַנענע עסטרייכישע יידן. די רעגירונג גופא האָט זיך אינגיכן אָפּגעזאָגט פון רעליגיעזע רעפאָרמעס מיט גוואַלט און האָט זיך צוריקגענומען פאַר איר אַלטער אַרבעט: פאַרהיטן די פריערדיקע שטראָף-געזעצן פאַר יידן, זיי זאָלן נישט געריררט ווערן; יידן זאָלן נישט צו פיל „טאָלערירט" ווערן.

דער בעסטער מוסטער פון דער עסטרייכישער „טאָלעראַנץ" איז, ווי אַזוי מ'האָט באַהאַנדלט יידן אין דער רעזידענץ-שטאָט; בכלל איז ווין פאַר זיי געווען אַ פאַרבאָטן לאַנד, אַ חוץ פאַר אייניקע קאַטעגאָריעס. אין ווין האָבן געמעגט וואוינען, אַזוי ווי פריער, נישט מער ווי אַ קליינע גרופּע „טאָלערירטע" פאַמיליעס, וואָס יעדע האָט דערויף באַדאַרפט האָבן אַ דערלויב פונם קייזער אָדער פון דער הויף-קאַנצעלאַריע. אַזאַ דערלויב פלעגט מען געבן נאָר זייער רייכע לייט אָדער זייער פאַרדינטע לייט, און דערפאַר האָט מען געצאָלט אַ היפּש ביסל „טאָלעראַנץ-געלט". פריער האָט אַזאַ קאָנצעסיע געגאָלטן נאָר פאַרן לעבן פון דעם באַגליקטן, נאָך זיין טויט פלעגט מען אַרויסטרייבן די אַלמנה און קינדער פון

ווין. דאָס יאָר 1837 האָט מען זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז שוין צו שטאַרק, און מ׳האָט אָנגעהויבן לאָזן די פאַמיליעס פון די פאַרשטאָרבענע בלייבן דאָרט, וואו זיי האָבן באַגראָבן זייערע ליבסטע. די צאָל „פּריווילעגירטע" פאַמיליעס איז געוואַקסן אין ווין זייער לאַנגזאַם, דאָס יאָר 1847 איז קוים געווען 197 אַזוינע פאַמיליעס. אָבער דאָס, וואָס מ׳האָט נישט געקאָנט דערלאַנגען אויפן גלייכן וועג, האָט מען דערלאַנגט אויף אַ קרומען וועג. לויטן געזעץ נאָך האָבן פּריווילעגירטע פאַמיליעס געמעגט צושרייבן צו זיך דינער יידן (קריסטן האָבן נישט געטאָרט דינען ביי יידן); אַ סך האָבן אויסגענוצט דאָס דאָזיקע הינטערטירל און האָבן זיך צוגעשריבן צו פּריווילעגירטע פאַמיליעס כלומרשט פאַר „מענטשן" ביי זיי, כדי אַזוי אַרום געניסן וואוינרעכט אין ווין. אין פּאָליצײַ־רייסטערס זענען זיי געווען פאַרשריבן פאַר עקאָנאָמען, לערער, בוכהאַלטערס, דערציער און דערציערינס, פאַר לאָקייען און קעכינס; אָנשטאָט זיי זאָלן באַקומען שכירות ביי זייערע „בעלי־בתים" פלעגן זיי נאָך צוצאָלן די „בעלי־בתים" פאַר צושרייבן זיך; דאָס האָט אָפט אָנגעטראָפן גאַנץ היפּש. אין פּרט אָפּנאַרן דעם געזעץ האָט מען באַוויזן אמת׳ע קונץ־שטיק. איינער אַ ייד מיט זיין פרוי זענען געווען צוגעשריבן צו׳ן אַ „טאָלערירטער" פאַמיליע פאַר אַ „דערציער" און אַ דערציערין פאַר דער פאַמיליעס קינדער. מיט דער צייט זענען די קינדער אין יענער פאַמיליע אויסגעוואַקסן, פּאָליצײַ האָט זיך געקענט כאַפּן, אַז די „דערציערס" זענען איצט איבריק; האָט מען זיך געפונען אַן עצה; די צוגעשריבענע האָבן געביטן זייער אַמט: ער איז געוואָרן אַ „מזוזה־צושלאָגער" און זי איז געוואָרן אַ „פליישזאַלצערין". פּאָליצײַ האָט דערצו אויך נישט דערלייגט, און ס׳איז ביי איר געווען רעכט.

חוץ פּריווילעגירטע, וואָס האָבן זיך פאַרוואָרבן שטענדיק וואוינרעכט אין ווין, איז דאָ געווען נאָך אַ קאַטעגאָריע: „איינוואוינער אויף אַ צייט". יידן האָבן געמעגט קומען געשעפטלעך קיין ווין נישט מער ווי אויף 14 טאָג: דערפאַר האָט מען געצאָלט „בילעטטאַקסע" פון צוויי ביז 4 פלאָרין. אין 14 טאָג אַרום האָט דער אָנגעפאָרענער געמעגט זיך משתדל זיין, מ׳זאָל אים לאָזן דאָ בלייבן, אָבער נישט מער ווי אויף אַחודש; נאָכן חודש האָט שוין קיין זאַך נישט געהאָלפן, און דעם „גאַסט" פלעגט מען אַרויסבאַגלייטן. אָבער „אומטאָלערירטע" יידן, וואָס זענען געשטאַנען אין ווין מיט איין פוס, האָבן באַוויזן אַ קונץ צו מאַכן פון אַ ווייל אַמייל און בלייבן אין ווין. געוויינטלעך פלעגט מען אָפּטון אַזאַ שפּיצל: אַן אָנגעפאָרענער ייד, וואָס די צייט האָט זיך אים שוין אויסגעלאָזט, פאָרט אַרויס פון דער שטאָט דורך איין עק און פאָרט באַלד אַריין צוריק דורך אַן אַנדער עק. ביים נייעם שלאַגבוים ווייזט ער אַפּאַס, אַז ער קומט ערשט קיין ווין, בכן קומט אים זיינע 2 וואָכן און דערנאָך אַחודש, אַזוי פלעגט מען פאָרן אַרויס און אַריין, און גאַנצע פאַמיליעס האָבן אויף דעם סמך געוואוינט אין ווין. אַמאָל פלעגט מען דאָס מאַכן מיט פּאָליצײַ נאָך פּשוט׳ער: אַ ייד „פאַרלאָזט"

ווין, גייט אָפּ עטלעכע טריט פונם שלאַגבוים און קערט זיך באַלד אום צוריק און ווייזט דעם שומר אַ פּאַס, נאָר וואָס געקומען צו פאָרן. די דאָזיקע צערעמאָניע האָט שוין געהאַט ספּעציעל אַ נאָמען, דאָס האָט געהייסן: „גיין זיך כשר'ן". מיט דער צייט איז די צערעמאָניע געוואָרן אַ שפּיל אין בלענדעניש: אַנשטאָט דעם „אַרויסגעשיקטן" פלעגט דאָס טון פאַר אים עמיצער פון זיין הויזגעזונט, אָפט נאָך אַ קינד. דער געוויסער מאַטעמאַטיקער פּראָפעסאָר סימאָן שפּיצער דערציילט, ווי אַזוי ער האָט קינדוויייז געטריבן די שפּיל. זיין פאָטער האָט געוואוינט אין ווין מיט אַ פאַמיליע פון צען נפשות. איינמאָל ווען ס'איז געווען אַ טאָג פון „גיין זיך כשר'ן", האָט דער פאָטער קיין צייט נישט געהאַט צו גיין, האָט ער געשיקט זיין אַכטיאָריק ייִנגל, דעם קינפטיקן באַרימטן פּראָפעסאָר. דאָס ייִנגל איז דורך די „ליניע", אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט פון שלאַגבוים, נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקערט, אָפּגעגעבן דעם שומר דעם פּאַס און דאָס געלט. ווי דער שטייגער איז, האָט מען אויסגעפרעגט דאָס ייִנגל: „וויפיל ביזטו אַלט?". דאָס ייִנגל האָט געהאַלטן קאָפּ, אַז איצט איז ער דער פאָטער, און האָט געענטפערט מיט שטאַרקייט: 54 יאָר:—„אַ באַווייבטער אָדער אַ בחור"?—„אַ באַווייבטער!"— וויפיל קינדער האָסטו?—„אַכט!"—. אַלץ, הייסט דאָס, ווי ס'באַדאַרף צו זיין, און מ'האָט פאַרשריבן אַ נייע זינגעפאָרענע פאַמיליע „אויף אַ צייט".

אויף אַלע ייִדן אין ווין האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אַ באַזונדער פּאָליציי — דער „יודענאַמט". דאָ איז שטענדיק פול געווען: ווער ס'קומט מיט אַ ביט וועגן וואוינרעכט, ווער מיט געלט אָפּצאָלן די „בילעט-טאַקסע"! דאָ רעכנט מען זיך אויך אָפּ מיט „געכאַפּטע", וואָס זענען נישט געמעלדעט, אָדער מיט די, וואָס האָבן איבערגעכאַפּט זייער צייט: דער „יודענאַמט" האָט געהאַט אייגענע שפּיאָנען, זיי פלעגן אַרומלויפן איבער דער שטאָט, נישטערן, פּאַקן אַ חשוד'ן אַ אָרעמען ייִדן. די דאָזיקע פּאָליציי-אַגענטן פלעגן מאַכן „אָבלאַוועס" ביי נאַכט, אַריינרייסן זיך אין ייִדישע הייזער און אכסניות, און שלעפּן אין „יודענאַמט", איבערגעשראָקענע ייִדן קאָנטראָלירן, וואָס פאַר אַ וואוינרעכט האָבן זיי אין ווין. מ'פלעגט אָפּט באַפאַלן די שול אויך און מאַכן אַ ווזיט צו „טאָלערירטע" ייִדן אויך: אַ חשד, טאָמער באַהאַלטן זיי אויס „טרפע" ייִדן. האָט מען וועמען „געפּאַקט", פלעגט מען אומדערבאַרמדיק אַרויסטרייבן פון שטאָט מיט אַ פּאָליציי-וואַך, מענער און פרויען, קינדער און קראַנקע, הויל און בלויז אין די גרעסטע קעלטן. געהאָלפן האָט נאָר אַ מטבע; און קומט אַן אָרעמער ייִד קיין ווין עפּעס פאַרדינען, מוז ער אַוועקגעבן דעם לעצטן גראָשן דער באַנדע פונם „יודענאַמט".

אין ווין איז אַלע ייִדן געווען פאַרווערט צו וואוינען: עסטרייכישע פונקט ווי אויסלענדישע ייִדן. איין אויסנעם איז געווען פאַר טערקישע ייִדן: טערקיי האָט געהאַט דערויף אַן אַלטן אָפּמאַך מיט עסטרייך. טערקיי האָט זיך שטאַרק געשטעלט פאַר אירע אונטערטאַנען אָן אונטערשיד פון רעליגיע; וויִנער רעגי-

רונג האָט נישט געוואָלט האָבן קיין דיפּלאָמאַטישע סכסוכים, בכן האָט זי געמוזט געבן פרעמדע אונטערטאַנען אַזוינע רעכט, וואָס היימישע האָבן זיי נישט געקאָנט געניסן. יידן האָבן זיך באַלד געכאַפּט און זענען געוואָרן טערקישע אונטערטאַנען, אָדער פּשוט פאַרווערבט זיך „טערקישע פּעסער", און געוואוינט און געהאַנדלט אין ווין. איבערן האַלטן ווין פאַרמאַכט פאַר יידן איז דער עסטרייכישער רעגירונג אויסגעקומען צו הערן ברוגזע פּראָטעסטן פון פאַרטרעטער פון פרעמדע מלוכות. דער פראַנצויזישער געזאַנדטער האָט געשראָקן, אַז אויב מ'וועט נישט אַריינלאָזן פראַנצויזישע יידן קיין ווין, וועט פראַנקרייך נישט אַריינלאָזן צו זיך קיין עסטרייכישע יידן; די רעאַקציע האָט דאָס מאָל געמוזט נאָכגעבן. ווען מ'האָט פאַרבעטן דעם געוויסן קאָמפּאָזיטאָר מעיערבער קיין ווין, האָט ער געענטפערט, אַז ער וויל נישט זיין קיין גאַסט ביים „יודענאַמט" און צאָלן די שענדלעכע „בילעטן־טאַקסע". ווינער רעגירונג האָט אויף גיך צו־וויסן געגעבן דעם קאָמפּאָזיטאָר, אַז פּאָליציי וועט אים באַגעגענען אַלס אַ „קאַוואַליער", נישט אַלס יידן.

דאָס יאָר 1835, נאָך פראַנץ דעם 1־טן, איז אַרויף אויפן טראָן פערדינאַנד דער 1־טער, אָבער אין דער יידישער לאַגע האָט זיך דערפון גאָרנישט געביטן. דער נייער קייזער האָט זיך מחמת קרענקלעכקייט נישט געמישט אין מלוכה־פירונג; די רעגירונג ווידער האָט שוין געהאַט אַן אויסגעטראָטענעם וועג: נאָר וואָס מ'האָט דערלויבט אלמנות און יתומים בלייבן אין ווין נאָך דעם פאָטערס טויט, אָבער די זעלבע צייט (1837) איז אַרויס אַ קייזערלעכער דעקרעט: נישט אַלע מעגן זיך משתדל זיין — ווערן „טאָלערירטע" יידן; דאָס קאָנען טון נאָר אַזוינע, וואָס קאָנען באַווייזן, אַז „זיי זענען העכסט מאָראַליש, זיי זענען געבילדעטע, פאַרמעגלעך, און האָבן פאַרדינסטן אַקעגן פאָטערלאַנד".

פּריווילעגירטע, וואָס האָבן זוכה געווען, מ'זאָל זיי אַריינלאָזן אין ווינער גן־עדן, דאַרפן צאָלן „טאָלעראַנץ־טאַקסע", אַמאָל ביז 200 פלאָרין אַ יאָר, חוץ אַנדערע שטייערן. אָפּגעצאָלט כדבעי פאַר וואוינרעכט אין ווין, הייסט דאָס נאָך נישט, אַז מ'מעג זיך באַשעפטיקן מיט וואָס מען וויל. יידן אין ווין האָבן זיך נישט געטאָרט באַשעפטיקן מיט קליינהאַנדל, אין צעכן האָט מען זיי נישט צוגענומען. יידן האָבן נישט געטאָרט האַלטן קיין אַפּטייקן אין גאַנץ עסטרייך. יידן־דאָקטוירים האָבן נישט געקאָנט פריי פּראַקטיצירן: בדרך כּלל האָבן זיי געמעגט היילן נאָר יידן, אָבער נישט קיין קריסטן. אַ יידישע אַקושערקע האָט מען געמעגט רופן צו אַ געווינערין אַ קריסטין נאָר אין דעם פאַל, אויב אַ קריסטלעכע אַקושערקע אין דעם ראַיאָן קאָן נישט קומען צו דער צייט און ס'איז אַ געפאַר פאַר דער געווינערין, ווען מען זאָל פאַרשפּעטיקן. יידן, וואָס האָבן געענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט מיטן טיטל „דאָקטאָר יוריס", האָט מען נישט צוגעלאָזט אין אַדוואָקאַטן־שטאַנד אַזוי לאַנג ווי זיי בלייבן יידן. דערווייל איז געוואָרן אַלץ מער יידן מיט אוניווערסיטעט־בילדונג, וואָס האָבן געטויגט צו ליבעראַלע פראָ־

פּעסיעס. גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן האָבן געבאַקן יידישע אינטעליגענטן, וואָס זיי זענען פאַרפרעמדט געוואָרן צום פאָלק. ווען אַזוינע אַסימילירטע אינטעליגענטן שטערט זייער יידישקייט אין וועג, רוימען זיי אָפּ די דאָזיקע מניעה: זיי שמד'ן זיך. אַ מוסטער האָבן זיי שוין געהאַט פאַר זיך: די יידישע אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד.

די סיסטעם דריקן און שטיקן יידן איז געבליבן פעסט ביזן סוף תקופת רעאַקציע. אין איין פּרט האָט די רעגירונג נאָכגעלאָזט: דאָס יאָר 1846 האָט מען אָפּגעשאַפט די באַליידיקדיקע צערעמאָניע פון דער יידישער שבועה אין געריכט (דער ריכטער פלעגט מוסר'ן דעם שווערער, ער זאָל נישט שווערן פאַלש, ער זאָל זיך נישט פאַרלאָזן דערויף, וואָס דער יידישער גאָט דערלאָזט שווערן פאַלש „אין געריכט פון קריסטן, וואָס יידן האַלטן זיי אַלע פאַר געצנדינער"), אָבער נאָך דעם איז פאַר יידן נאָך אַלץ געבליבן אַ ספּעציעלע שבועה, נישט די שבועה וואָס פאַר אַלע בירגער.

## § 16. די סיסטעם אונטערדריקונג אין בעהמען, מעהרען און אין גאַליציע.

שטאַרק געדריקט איז געווען די לאַגע פון די געדיכטע יידישע מאַסן אין בעהמען, מעהרען און אין גאַליציע. דאָ האָט דער עסטרייכישער דעספּאָטיזם געווילדעוועט ווי ווייט ער האָט געקאָנט. אין די ערשטע צוויי פּראָווינצן איז געווען איינגעפירט אַ געוויסע נאָרם פאַר דער צאָל יידישע באַפעלקערונג1) און ביי דעם האָט מען זיך געהאַלטן פעסט, דאָ האָט די רעגירונג געהאַט נאָר איין זאָרג: די צאָל יידישע פאַמיליעס זאָל זיך נישט מערן און פון דער דאָזיקער צאָל זאָל מען אויסצאַפּן וואָס מער פאַר דער קרוינקאַסע. די רעגירונג האָט געזען, אַז יידן זאָלן זיך נישט פאַרשפּרייטן אין די דאָזיקע ראַיאָנען און האָט געמאַכט אַ „תחום אין אַ תחום". אין פּראָג (אין בעהמען) זענען יידן נאָך אַלץ געווען פאַרשפּאַרט אין זייער געטאָ. און נאָר געציילטע „מוצלחים" האָבן זוכה געווען צו רי-בערציען אין די „קריסטלעכע גאַסן". אין אַ סך שטעט האָט מען יידן בכלל נישט אַריינגעלאָזט; אין אַזוינע גרויסע האַנדל-צענטערן אין מעהרען, ווי בריון, אָל-מיוטץ און צנאַאים, — האָבן יידן געמעגט קומען נאָר אויף ירידים און וואוינען דאָרט אין ספּעציעלע איינפאָרהייזער הינטער דער שטאָט. יעדע נייע פאַמיליע, וואָס האָט זיך געוואָלט באַזעצן אין בעהמען און אין מעהרען, אין דער „נאָרם", האָט באַדאַרפט באַקומען דערויף אַ ספּעציעלע „קאָנצעסיע" און דערפאַר האָט מען געמוזט טייער

---

1) פריערדיקער באַנד § 37.

באַצאָלן. אָבער אַרויס פונם לאַנד אַ „געזעצלעכער" פאַמיליע—האָט אויך נישט ביליק געקאָסט: צו באַקומען אַ פּאַס אויף אַרויסצופאָרן פונם לאַנד האָט יעדער עמיגראַנט געמוזט אָפּצאָלן 15—20 פּראָצענט פון זיין קאַפּיטאַל, די קרוין זאָל זיך ממלא זיין, וואָס זי ווערט אָן פון אַ מעלקעדיקער קוה אַ שטייער־צאָלער, אָדער די קהלה זאָל גאַראַנטירן, אַז זי וועט אַריינטראָגן שטייערן פאַרן אָפּגעפאָרענעם. אין מעהרען איז געווען אַ שטייער אפילו אויף צייטווייליק אָפּפאָרן (Entfernungssteuer). פון יידן האָט מען גענומען אַזוינע שטייערן (Judensteuer) אין ביידע פּראָווינצן: אַ שטייער פון פאַרמעגן, פון דער פאַמיליע, און פון כשר פלייש. דאָס זענען געווען די וויכטיקסטע שטייערן; חוץ דעם האָט מען נאָך געריסן פאַר חתונות, פאַר וואוינרעכט, פאַר אַרויספאָרן. פאַר קרוינשטייערן איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך די גאַנצע קהלה; טאָמער האָט איינער נישט געצאָלט פּינקטלעך, פלעגט פּאָליציי שרעקן מיט פאַרמאַכן שולן און אַפילו מיט מיליטערישע עקזעקוציעס. דאָס יאָר 1840 האָבן זיך קהלות געקלאָגט: די לאַסט פון שטייערן איז נישט איבערצוטראָגן, אַ סך שטייער־צאָלער צעלויפן זיך מחמת דעם אין אַנדערע לענדער. דערויף האָט דער קייזער געענטפערט: „אויב איין ייד בלייבט נאָך אין לאַנד, דאַרף ער צאָלן שטייערן פאַר אַלעמען". ערשט דאָס יאָר 1846, ווען ס'האָט זיך שוין געפילט, אַז די רעוואָלוציע איז נאָנט, איז אַרויס אַ קייזערלעכער דעקרעט, מ'זאָל ביסלעכווייז, משך זיבן יאָר אָפּשאַפן די ספּעציעלע יידישע שטייערן.

אין בעהמען און אין מעהרען האָט נאָך געגאָלטן דער אַלטער געזעץ וועגן יידישע חתונות מיט דעם צוועק, יידן זאָלן זיך נאַטירלעך נישט מערן; אָבער דער נאַטירלעכער אינסטינקט האָט זיך געפונען אַן אויסוועג. היות ווי „געזעצלעך" חתונה האָבן מיטן הסכם פון דער מאַכט האָבן געמעגט נאָר געציילטע „מוצלחים", אַזוינע, וואָס האָבן באַקומען דערויף קאָנצעסיעס, וואָס האָבן געהאַט אַ ווַקאַנסיע אין דער „נאָרם" און האָבן אויסגעהאַלטן עקזאַמען פון האָמבערג'ס קאַטעכיזיס, האָבן יידן גענומען מאַכן „שטילע חתונות" „על פי דת משה וישראל" נאָר אָן דער פּאָליצייס הסכם. די רעגירונג האָט געווילדעוועט קעגן אַזאַ „אומגעזעץ", טאָמער האָט מען געכאַפּט אַזאַ „אומגעזעצלעכע" חתונה, האָט מען געהייסן דעם רב געבן אַ גט, צעשיידן קינדער מיט עלטערן. רבנים, וואָס האָבן „אומגעזעצלעך" געגעבן חופּה וקדושין, און דאָס פּאָר־פאָלק אויך, האָבן געלעבט אין שטענדיקער שרעק, מ'זאָל זיי נישט שווער באַשטראָפן פאַר דעם „פאַרברעך".

אין גאַליציע, אין דעם געדיכטעסטן טייל עסטרייכישן מצרים, האָט דער רעגירונגס דעספּאָטיזם איבערגעטון מיט די אָפּגעשטאַנענע, פּאָליטיש אומאַנטוויקלטע יידישע מאַסן, וואָס ער האָט געוואָלט; ס'איז נישט געווען ווער ס'זאָל אים שטערן. קודם כל האָט די קרוין אומדערבאַרמדיק געראַבירט די דאָזיקע מאַסן, מ'האָט פון זיי געריסן אַריבער 700 טויזנט גולדן אַ יאָר ספּעציעל יידישע שטייערן

אין גאַליציע איז געווען צחיי „יידישע שטייערן": פון פלייש און פון ליכט. מחמת דעם שטייער אויף כשר פלייש (Koscherfleischgefälle) האָט יידן פלייש געקאָסט דאָפּלט וויפיל קריסטן, פאַר די אָרעמע קלאַסן איז דאָס געוואָרן אַ לוקסוס-זאַך און זיי האָבן געדאַרט. דער ליכט-אָפּצאָל, אַן אויפטו פון בלוטזויגער פאַררעטער 1), האָט שווער געטראָפן אַ יידישע רעליגיעזע באַדערפעניש. פון יעדער ליכטל, וואָס מ'ברענט אין שטוב אָדער אין שול פרייטאָג-צונאַכטס, יום-טוב, אָדער אויף חתונות און יאָרצייטן, האָט מען גענומען שטייער פון 5 ביז 30 קרייצער. דעם דאָזיקן שטייער איז געהען אַסך שווערער איבערצוטראָגן, מיט פלייש האָט אַ ייד געהאַט אַ ברירה: הונגערן און נישט צאָלן; אָבער אָן ליכט האָט זיך אַ יידישע פאַמיליע נישט געקאָנט באַגיין: מ'האָט געמוזט בענטשן ליכט, מ'האָט געמוזט שטעלן ליכט צו יאָרצייט. נאָך שווערער איז געווען איבערצוטראָגן די צוויי שטייערן, וואָס געוויינטלעך פלעגט מען זיי אָפּגעבן אין אַרענדע יידן. דער בעל-טאַקסע, מייסטנס אַן אָרטיקער תקיף און אַ בלוט צאַפּער, האָט גענישטערט און געזוכט, דער קרוינס און זיינס זאָל נישט גיין פאַרלאָרן; ער האָט געהאַט צוהילף פאָליציי. די דאָזיקע בלוטצאַפּער זענען רייך געוואָרן פון יידישער אָרימקייט און פיין און פלעגן הערשן איבער דער קהלה, זיי זענען געווען די גבאים און האָבן זיך געפירט אין די קהלות ביד רמה. דער וואַל-צענז אין דער קהלה איז געווען לויט די צאָל בענטש-ליכט וואָס מ'צאָלט פאַר זיי דעם בעל-טאַקסע (אויף אויסגעקליבן ווערן פאַר אַ פּרנס אין דער קהלה האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ צענז פון 7—11 בענטשליכט), ממילא האָבן שוין דאָ געהאַט די איבערהאַנט די רייכערע, וואָס האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען אַ גרויסע אילומינאַציע פרייטאָג-צונאַכטס. דער בעל-טאַקסע, וואָס האָט געוואָלט האָבן פאַר פּרנסים אייגענע מענטשן, האָט געהאַט דערצו אַ מיטל: זיינע קאַנדידאַטן פלעגט ער צושרייבן וואָס מער „באַשטייערטע ליכט", ממילא זענען זיי געוואָרן פּרנסים און ער—בעל-הבית אין דער קהלה. אַזוי איז דער גיפט פון דעספּאָטיזם דורך אין דער קהלה פון דער רעגירונגס-סיסטעם און פאַרסמט דאָס יידישע פאָלקסלעבן.

חוץ די אָנגעוויזענע הויפּט-שטייערן איז אין גאַליציע געווען נאָך ביישטייערן: אַ „שטעמפּל-אָפּצאָל" אויף צו מאַכן אַ מנין ביי זיך, אַן אָפּצאָל פאַר באַזעצן זיך אין אַ ניי אָרט און אַן אָפּצאָל פון חתונות. דער לעצטער אָפּצאָל איז געווען דער שווערסטער. דאָ זענען געווען דריי מדרגות לויט דעם צאָלער'ס פאַרמעגן. סוחרים, וואָס פאַרדינען מער פאַר 400 פלאָרין אַ יאָר, האָבן געצאָלט פאַר אַ פאָליציי-קוויטל אויף התונה-מאַכן דעם ערשטן זון 30 דוקאַטן, פאַרן צווייטן זון—60 דוקאַטן, פאַר'ן דריטן—90 און אַזוי ווייטער אַלץ מער. אַ טאַקסע איז געווען אַפילו פאַר די אָרעמסטע, פאַר בעלי-מלאכות און ארבעטער: 3 דוקאַטן פאַרן ערשטן זון, 6 פאַרן צווייטן א. אַ. וו. דעם דאָזיקן שטייער האָט מען צו-

1) פריערדיקער באַנד 3 [illegible]

בעקלערט מיט דעם צוועק „אָרעמע זאָלן זיך נישט מערן". דאָ האָט די טאַקסע געזאָלט אויפטון דאָס אייגענע, וואָס די „גאָרם" אין בעהמען און אין מעהרען. דער פּרומפּאַרצייטיקער גאַליצישער ייד האָט זיך געוויינטלאַך נאָך ווייניקער פאַרן בעהמישן יידן גערעכנט מיט דער פּאָליציי'ס השגחה אויף דער מצוה „פּרו ורבו", און ער פלעגט זיך טון אַן עצה. דער גרעסטער רוב יידן פלעגט מאַכן שטילע „חתונות" לויט דעם יידישן דין און אָן אַ הסכם פון „קרייז־באַפעלער". שטילע, „אומגעזעצלעכע" חתונות איז געווען דער כלל, „אָפיציעלע" חתונות איז געווען אַן אויסנעם. דאָס יאָר 1825 למשל איז אין גאַליציע אַפיציעל רעגיסטרירט געווען 137 „געזעצלעכע" יידישע חתונות, דאָס יאָר 1830 — 119 חתונות. דאס איז געווען אַ נישטיקער טייל אַקעגן דער גרויסער צאָל חתונות ביי 300 טויזנט גאַליצישע יידן, וואָס פאַר זיצן האָט ביי זיי געהייסן כמעט אַ זינד. אויף צו להכעיס אַלע אויפטוען פון דער עסטרייכישער רעגירונג האָט דער יידישער קבוץ אין גאַליציע געהאַלטן אין איין וואַקסן, אָבער געוואַקסן איז די אָרעמקייט אויך, די שרעקלעכע „גאַליצישע אָרמקייט", וואס האָט נישט איר גלייכן, סיידן אין די ערגסטע עקן אין געוועזענעם יידישן „תחום" אין רוסלאַנד. ערגער פאַר אַלץ איז געווען, וואָס גאַליצישע יידן זענען געווען עקאָנאָמיש געבונדן, די צענטראַלע רעגירונג און פּוילישע באַפעלהאָבער אין שטעט און אין שטעטלאַך האָבן גוט אַכטונג געגעבן, יידן זאָלן זיך נישט באַשעפטיקן מיט פּראָפעסיעס, וואָס זיי איז פאַרווערט (און פאַרווערט געווען איז זיי זייער אַסך); דאָס האָט ראַינירט גאַליצישע יידן ביז גאָר.

צו דער לאַסט פון שטייערן און צום עקאָנאָמישן יאָך קומט נאָך צו אַ שווערע קולטורעלע פּיין. די אומדערבאַרמדיקע עסטרייכישע צ ע נ ז ו ר האָט נישט געשוינט אַפילו קיין אַלטע יידישע רעליגיעזע ספרים. אין גאַליציע אַ שטייגער האָט מען נישט געטאָרט דרוקן קיין סדורים, מחזורים וכדומה אָן אַ דייטשער איבערזעצונג, בכן האָבן יידן געמוזט דרוקן אַזוינע ספרים אין געהיימע דרוקן אָדער אַריינפירן זיי קאָנטראַבאַנד פון רוסלאַנד. ס'זענען נאָך געבליבן מיטלאַלטערישע גזירות: שולן, למשל, האָבן נישט געטאָרט זיין העל באַלויכטן, יידן האָבן נישט געטאָרט מאַכן קיין פּראָצעסיעס מיט שטורקאַצן, זיי האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן אין גאַס בעת קריסטלעכע קירך־פּראָצעסיעס. ס'האָט נישט געפעלט קיין עלילת־דם אויך (אין טאַרנאָווער קרייז די יאָרן 1829—1844 און אין אַנדערע ערטער); געוויינטלאַך האָט זיך יעדעס מאָל אַרויסגעשטעלט ביי דער אויספאָרשונג, אַז שולדיק זענען די באַשולדיקער גופא—ס'רוב אָפגענאַרטע מוטערס פון „אומגעזעצלעכע" קינדער, וואָס זענען אַליין באַגאַנגען דעם מאָרד. ווי רעאַקציאָנער די עסטרייכישע רעגירונג איז נישט געווען, האָט זי דאָך נישט נאָכגעגעבן קיין עלילת־דם־העצע און האָט דערמיט נישט געטריבן קיין יידנפיינטלעכע פּאָליטיק.

אין איין ווינקל אין גאַליציע, אין קראָקעווער פרייער רעפּובליק, וואָס דער ווינער קאָנגרעס האָט באַשאַפן, האָבן 15 טויזנט יידן געהאַט אויסצושטיין

אַ באַזונדער מין קנעכטשאַפֿט. דאָ האָט זיך דער סענאַט (באַשטאַנען פֿון פּני) אויף גיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער אַלטער יידישער קהלה־אויטאָנאָמיע. דאָס יאָר 1817 איז אַרויס אַ נייער „סטאַטוט פֿאַר איינאָרדנען יידן": מ'האָט אָפּגעשאַפֿט קהל, מ'האָט אַרויפֿגעזעצט „קאַזיאָנע" ראַבינער פֿסקענען שאלות און פֿאַר חתונות און גטין, מ'האָט פֿאַרמאַכט די חדרים און מ'האָט געצווּנגען יידישע קינ־דער גיין אין פּוילישע שולן; חתונה־האָבן האָבן געמעגט נאָר יונגע־לייט מיט אַ היפּשער געלט־גאַראַנטיע און מיט אַ פּוילישן אָדער מיט אַ דייטשישן ביל־דונג־צעטל. יידן האָט מען דאָ געשלאָגן מיט ביידע שטעקנס: מ'האָט זיי מיט גוואַלד געצווּנגען אַסימילירן זיך לשם בירגערלעכקייט און אין דערזעלבער צייט האָט מען זיי פֿאַר קיין בירגער נישט געהאַלטן: די געדיכטע יידישע קהלה האָט ווי פֿריִער געשמאַכט אין ענגן געטאָ קאָזימיר ביי קראָקע; באַזעצן זיך אין שטאָט האָט אַ ייד באַדאַרפֿט האָבן אַ באַזונדער זכיה: זיין אַ קאַפּיטאַליסט, אָדער ווייניקסטנס אַ באַרימטער קינסטלער, אַ געלערנטער; יידן האָבן אַפֿילו נישט גע־טאָרט פֿריי האַנדלען אויסער דער געטאָ. יידן אין קראָקעווער קרייז האָבן נישט געקאָנט פּטור ווערן פֿונם דאָזיקן צווייגאָרנדיקן מאַטעריעלן און גייסטיקן יאָך שפּעטער אויך, נאָך דעם אָרטיקן פּוילישן אויפֿשטאַנד דאָס יאָר 1846. די „פֿרייע רעפּובליק" איז געוואָרן אויס, זי איז געוואָרן אַ טייל גאַליציע, און קראָקעווער יידן זענען געוואָרן קנעכט אין גאַליציע. דאָס האָט אָבער געדויערט נישט לאַנג: די רעוואָלוציע מערץ 1848 האָט אַ סך געענדערט די גאָרע יידישע לאַגע אין עסטרייכישער מאָנאַרכיע.

## § 17. די עמאַנסיפּאַציע־באַוועגונג אין אונגאַרן.

## די איטאַליענישע פּראָווינצן.

בעת די עמאַנסיפּאַציע־באַוועגונג פֿון דייטשלאַנד האָט זיך נישט איבער־געוואָרפֿן נאָענט בשכנות אויף עסטרייך, און אַפֿילו נישט אויף די פּראָווינצן, וואָס האָבן געצויגן צו דייטשער קולטור, האָט זי דאָך באַוויזן צו טרעפֿן ווייַ־טער, קיין אונגאַרן. אין אונגאַרן האָט זיך ווייניקער געפֿילט דער דרוק פֿון עסטרייכישער ביוראָקראַטיע, פּאָליטיק האָבן דאָ געמאַכט נישט דוקא קאַנצעליאַ־ריעס, נאָר דער סיים אויך; דאָ האָט סיי די יידישע, סיי די קריסטלעכע גע־זעלשאַפֿט שוין פֿון לאַנג אָן געפּרובט קעמפֿן קעגן יידישער רעכטלאָזיקייט. די דאָזיקע באַפֿריי־באַוועגונג איז שטאַרקער געוואָרן נאָך דעם יאָר 1830: אויף אונגאַרן האָט זיך איבערגעוואָרפֿן די פּאָליטישע באַוועגונג פֿון אייראָפּע, בעת עסטרייך איז געבליבן אין איר רעאַקציאָנערן הינערפֿלעט. אינם באַפֿריי־קאַמף פֿון אונגאַרישן פֿאָלק, וואָס פֿאַר דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848, האָט זיך

צונויפגעפלאָכטן אַ פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע באַוועגונג. אין די זעמסקי (קאָמיטאַטישע) פאַרזאַמלונגען און אין סיים האָט מען שטאַרק דעבאַטירט פראַגן וועגן נאַציאָנאַלע רעכט פאַרן אונגאַרישן פאָלק, וועגן אָפּשאַפן דעם אַדלס פּריווילעגיעס, באַפרייען די פּויערים פון פאַנשטשיזנע און דעסגלייכן. מ'האָט אָנגערירט די יידישע פראַגע אויך. ביי דער וואַל-קאַמפּאַניע צום סיים די יאָרן 1839—40 1 האָבן אַ סך קאָמיטאַט-פאַרזאַמלונגען געגעבן די סיים-דעפּוטאַטן ליבעראַלע אינסטרוקציעס. דער פּעשטער קאָמיטעט האָט אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „היות ווי די איצטיקע יידישע לאַגע שטימט נישט מיט דעם הומאַניטאַרן גייסט פונם 19טן יאָרהונדערט וואָס האָט גובר געווען אַ סך פאָראורטיילן און חוץ דעם שטערט דאָס שטאַרק די אינטערעסן פון דער מלוכה, דעריבער דאַרף מען אַרייַנטראָגן אין נאָענטסטן סיים אַ פאָרשלאַג, אַז די יידישע רעליגיע זאָל אָנערקענט ווערן געזעצלעך און אירע אָנהענגער זאָלן געניסן אַלע בירגעררעכט". די ערשטע זאַך איז דאָ געווען, יידן זאָלן מעגן פאַרווערבן דאָרף-נחלאות. אין סיים, וואו די ליבעראַלע פאַרטיי האָט געהאַט אַ מערהייט, האָט מען אַדורכגעפירט אַ געזעץ, יידן זאָלן מעגן פאַרווערבן אַקער-ערד.

דעם סיים'ס ליבעראַלע שטימונג האָט צוגעגעבן מוט דער יידישער געזעלשאַפט. אויף דער איניציאַטיוו פונם פּעשטער ראַבינער שוואַב זענען זיך אין פּעשט אָנהויב יאָר 1840 צונויפגעקומען פאַרטרעטער פון פאַרשידענע אונגאַרישע יידישע קהלות, צו באַטראַכטן די וועגן ווי אַזוי צו קעמפן פאַר גלייכבאַרעכטיקונג. די פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן פיר דעפּוטאַטן און האָט זיי געשיקט קיין פּרעסבורג דערלאַנגען אַ פּעטיציע דעם סיים. אין דער פּעטיציע איז געזאָגט, אַז די יידישע געזעלשאַפט זעט אַקעגנקומען דעם ליבעראַלן צייטגייסט, וואָס איז אַרויסצוזען אין סיים, און איז גרייט טון אַלע מיטלען אויפצוהייבן דעם קולטורצושטאַנד פון דער פאָלקסמאַסע; אָבער דער סיים און די רעגירונג דאַרפן פון זייער זייט טון אַלץ, וואָס איז מעגלעך אַראָפּצונעמען פון יידן דעם יאָך רעכטלאָזיקייט, וואָס רופט זיך אָן זייער שעדלעך אויף זייער עקאָנאָמיש און גייסטיק לעבן. דאָס איז נאָך נישט געווען קיין פאָדערן גלייכבאַרעכטיקונג, דאָ האָט מען געבעטן נישט מער ווי פאַרגרינגערן דעם יאָך. דער סיים האָט אַרויסגעוויזן אַ מיטגעפיל צו אַזוינע באַשיידענע השגות. מערץ דאָס יאָר 1840 האָט דער סיים אָנגענומען דובראָוועצקי'ס, אַ פּעשטער דעפּוטאַט'ס, פאָרשלאַג גלייכבאַרעכטיקן יידן מיט די איבעריקע נישט-אַדל-שטאַנדן; קודם כל זאָל אָפּגעשאַפט ווערן דער טאָלעראַנץ-שטייער, דער שענדלעכסטער סימן פון יידישער רעכטלאָזיקייט. דער סיים האָט דערלאַנגט זיין רעזאָלוציע דער מאַגנאַטן-קאַמער מיט אַ דערקלערונג („נונציום"); דאָ האָט זיך שוין געלאָזט הערן אַ שטים פון אַ באַליידיקט געוויסן: „דער קלאַס, וואָס די געזעצגעבונג האָט אים אַזוי שווער פאַריאָכט, וואָס אים קומט אויס אויסצושטיין אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אַזויפיל דערנידערונג און וואָס ביז היינט נאָך העלפט נישט זיין אַפּעלירן צום

געזוכטן פֿאַרשטאַנד און צו מענטשלעכקייט, מ׳זאָל אים פֿאַרגרינגערן זיין לאַגע. דער דאָזיקער קלאַס קאָן מיט רעכט פֿאָדערן, אַז די מלוכה, וואָס שטיקט אים, זאָל אים סוף כּל סוף לאָזן געניסן פֿון איר וואויל. ס׳איז אַ זאַך פֿון גערעכטיקייט, אַז יידן זאָלן האָבן רעכט, גלייך מיט אלע בירגער, וואָס טראָגן אויף זיך געזעלשאַפֿטלעכע פֿליכטן. זאָל מען זיי פֿריי לאָזן אַלע קוועלן פֿון ערלעכער אַרבעט, וועלן זיי האָבן דיזעלבע אינטערעסן, וואָס אַלע בירגער. זאָלן אויסגעמעקט ווערן פֿונם געזעץ־קאָדעקס אַלע באַליידיקנדיקע צונעמען, און זאָל ווערן אַ סוף צו דער אַדמיניסטראַציעס באַליידיגנדיקע אויפֿטוען! מיר האַלטן די יידן, וואָס וואוינען מיט אונז אין לאַנד, נישט פֿאַר קיין פֿרעמד פֿאָלק פֿאַר אונז, נאָר פֿאַר אַ רעליגיעזער געמיינשאַפֿט, וואָס נאָר פֿאַר דער אמונה האָט מען ביי איר אָפּגענומען אירע בירגעררעכט, און מיר מיינען, אַז דער אויפֿקלערונג־גייסט וועט שוין איצט אָנהויבן פֿאַרגלעטן יעדע אומפֿריינדלעכקייט פֿון קריסטן צו יידן, וואָס מיר האָבן דאָס צו פֿאַרדאַנקען די פֿאַראורטיילן ביי ביידע צדדים. אָנהויבן דאַרף מען שוין איצט; די געזעצגעבונג דאַרף די ערשטע זאָגן דאָס גרויסע שלום־וואָרט: „בירגעררעכט!״. דעם 31 מערץ האָט די מאַגנאַטן־קאַמער באַהאַנדלט דעם סיימס רעזאָלוציע. אַ סך מאַגנאַטן האָבן אויך געהאַלטן פֿון גלייכבאַרעכטונג פֿאַר יידן; באַראָן יוסף עטוועש איז דעמאָלט אַרויס אין דער ליטעראַטור פֿאַרטיידיקן יידישע עמאַנסיפּאַציע. אָבער דער רוב מאַגנאַטן האָט געהאַלטן פֿון בהדרגה׳דיק פֿאַרבעסערן די יידישע בירגערלעכע לאַגע; די פֿאָרמול: „געבן יידן גלייכע רעכט מיט די נישט־אדל־שטאַנדן״ האָט זיי אויסגעזען צו אַלגעמיין און צו אומקלאָר. די מאַגנאַטן־קאַמער האָט דעריבער אָפּגעענטפֿערט דעם סיים אין אַ „רענונציום״, אַז מ׳דאַרף רעדן וועגן קאָנקרעטע רעפֿאָרמעס, דערוויייל איז גענוג, מ׳זאָל אָפּשאַפֿן דעם „טאָלעראַנץ־שטייער״ און די געזעצן, וואָס שטערן יידן פֿריי פֿאַרקערן אין לאַנד, באַשעפֿטיקן זיך מיט פֿאַרשידענע פּראָפֿעסיעס און פֿאַרווערבן נחלאות. דער סיים האָט אייגנטלעך פּראַקטיש אויך געהאַלטן פֿון עמאַנסיפּאַציע בהדרגה־וויַיז, דעריבער איז ער גערן צוגעשטאַנען צו דעם פֿאָרשלאַג פֿון דער מאַגנאַטן־קאַמער. אַזאַ מין באַשלוס האָט מען דערלאַנגט דער רעגירונג איז ווין און דאָ האָט דאָס נישט נושא חן געווען. די ווינער רעגירישע לאַבאָראַטאָריע האָט נישט געקאָנט פֿועלן ביי זיך צולעגן אַ האַנט צו אַ געזעץ־פּראָיעקט, וואָס שמעקט דאָך ווי נישט ווי מיט אַ געפֿערלעכן גייסט פֿון בירגערלעכער גלייכקייט, האָט זי שוין געזען אויסוואָרצלען דעם ליבעראַלן מיין. אין קייזערס נאָמען האָט די רעגירונג זיך אָפּגעזאָגט אָפּשאַפֿן דעם שענדלעכן טאָלעראַנץ־שטייער; זי האָט נאָר מסכים געווען געבן יידן וואוינרעכט אומעטום, חוץ אין ראַיאָן פֿון באַרג־אינדוסטריע, פֿאַר יידן בלייבן אָבער גילטיק די אַלטע באַגרעניצן וועגן פֿאַרווערבן ערד און באַשעפֿטיקן זיך מיט מלאכות. די קייזערלעכע רעזאָלוציע, וואָס האָט כּמעט צונישט געמאַכט די גאַנצע געפּלאַנטע רעפֿאָרם, האָט שטאַרק אויפֿגערודערט די ליבעראַלע סיים־קרייזן אין אונגאַרן. דער סיים

האָט געוואָלט גאָר פֿאַרשטעקן די ווינער רעוואָלוציע אין אַרכיוו אַריין, אָבער יידישע טוער אין פּרעסבורג, וואָס זענען געווען אינפֿאָרמירט אין דער זאַך, האָבן צוגעשטימט אָנגעמען דער רעגירונגס „חסד" מיט דער האָפֿנונג, אַז מיט דער צייט וועלן זיי נאָך עפּיס פּועלן. זיי האָבן דאָס געבעטן דעם סיים צושטי-מען צו דער ווינער רעוואָלוציע: יידן געווינען דערמיט וואוינרעכט אין די שטעט און דערמיט ווערט זייער מאַטעריעלע לאַגע בעסער. די מקבלים האָבן באַקומען זייערס, אין פּרעסבורג און אין אַנדערע שטעט האָבן זיך צועפֿנט די טויערן פֿון די געטאָ'ס (1842); יידן האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז באַזעצן אין די פֿאַרבאָטענע „קריסטלעכע קוואַרטאַלן"; דאָס האָט פֿאַרשאַפֿט נישט ווייניק קרענקונג קריסטלעכע הענדלער, וואָס האָבן נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן קיין פֿרייע קאָנקורענץ.

די געשעענישן די יאָרן 1839—1840 האָבן אויפֿגערודערט די יידישע געזעלשאַפֿט אין אונגאַרן. די ניי-אויפֿגעקומענע אינטעליגענץ, וואָס זי איז געווען אָפּגעריסן פֿון דער פֿרומפֿאַרצייטיקער יידישער מאַסע, האָט נאָכגעטון אירע בער-לינער וועגווייזער, זי האָט אויך אויפֿגעהויבן די פֿאָן פֿון אַסימילאַציע, זיכער, אַז דערמיט וועט זי געווינען. די מ אַ ד י אַ ר י ז אַ צ י ע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די העכערע קרייזן, איז געוואָרן פֿון אַ קולטור-געצייג אַ פּאָליטיש געווער. די נייע יידישע אינטעליגענץ האָט נישט געשוינט קיין מי צו דעמאָנסטרירן ביי יעדער געלעגנהייט זייערע מאַדיאַריש-נאַציאָנאַלע געפֿילן, צוגעפּאַסט זיך צו דעם אויפֿגעפֿלאַמטן מאַדיאַרישן פּאַטריאָטיזם. „מיט באַגייסטערונג זענען מיר גרייט איינשמעלצן זיך אין דער אונגאַרישער נאַציע,—אַזוי האָט דאָס געהייסן ביי די אַסימילאַטאָרן, — איר שפּראַך וועט זיין אונזער שפּראַך, אירע לידער— אונזערע לידער, אירע דיכטערס כשוף-קלאַנגען וועלן אונדז צובונדן צום פֿאַר-ווערבטן פֿאָטערלאַנד". אָבער וואָס מער די יידישע אינטעליגענץ האָט נאָכגע-געבן דער מאַדיאַרישער קולטור, מער זענען געוואַקסן די פּרעטענזיעס ביי מאַדיאַרישע נאַציאָנאַליסטן. ל ו ד וו י ג ק אָ ש ו ט, דער פּאָפּולערסטער פֿירער פֿון דער נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי, איז געווען אַ קעגנער פֿון יידישער עמאַנסי-פּאַציע מיטאָמאָל. ער האָט געוויזן אין זיין צייטונג "Pesti Hirlap" „, אַז ס'איז נישט מעגלעך געבן יידן גלייכע בירגעררעכט אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן ראַדיקאַל נישט רעפֿאָרמירן זייער רעליגיע און נישט אַרויסוואַרפֿן פֿון דאָרט אַלע דינים וועגן טרף און כשר און בכלל אַלצדינג, וואָס טיילט זיי אָפּ אין לעבנס-שטייגער פֿון קריסטן. פֿאַרקערט, ע ט וו ע ש, אַ גליד פֿון דער מאַגנאַטן-קאַמער, האָט זיך איינגעשטעלט אין אַ ספּעציעלער בראָשור און אין זשורנאַל-אַרטיקלען פֿאַר עמאַנ-סיפּאַציע; דאָס זאָל „אויסהיילן יידן פֿון אַלע זייערע חסרונות". דורכאַנאַנד פּאַמ-פֿלעטן פֿאַר און קעגן עמאַנסיפּאַציע איז געווען אַ סימן, אַז אין ברייטע קרייזן אין דער אונגאַרישער געזעלשאַפֿט איז אויסגעוואַקסן דער אינטערעס פֿאַר דער יידן-פֿראַגע. אָבער ווען איינגיכן האָט זיך ווידער געשטעלט די פֿראַגע אין די

שטורמדיקע סיים-סעסיעס די יאָרן 1843—1844, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידנפֿריינדלעכע שטימונג איז אין סיים שטאַרק געפֿאַלן. די גלייכהייט-אידעען האָבן זיך אויסגעוועבט אין דער היץ פֿון מאַדיאַרישן נאַציאָנאַליזם. בעת אין סיים האָט מען באַהאַנדלט די יידנפֿראַגע, האָט די ליידנשאַפֿטלעכקייט דערלאַנגט די העכסטע מדרגה. איין דעפּוטאַט דערקלערט, אַז ער האַלט פֿון דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, פֿונדעסטוועגן קאָן ער נישט שטימען פֿאַר גלייכבאַרעכטיקן יידן באַלד, וואָרום יידן זענען געלט-„אַריסטאָקראַטן", זיי האָבן זייער קהלה-אויטאָנאָמיע, און מ'דאַרף קלערן פֿריער ווי אַזוי צו באַפֿרייען די אונגאַרישע נאַציע, איידער מ'נעמט באַפֿרייען יידן. אַנדערע דעפּוטאַטן פֿאָדערן, יידן זאָלן צושטעלן זייער רעליגיעזן אני-מאַמין, זיי זאָלן ווייזן, אַז די יידישע אמונה איז נישט שעדלעך פֿאַר דער מלוכה. נאָך אַנדערע וואָלטן געוואָלט זען די יידישע רעליגיע אָפּגערייניקט; צו דעם צוועק דאַרף מען מאַכן אַ ראַבינער-סעמינאַר אויף אונגאַריש, דערמיט וועלן אויך מאַדיאַריזירט ווערן יידישע כּלי-קודש. נאָך לאַנגע דעבאַטן האָט דער סיים אָפּגעוואָרפֿן (מיט 35 שטימען קעגן 13) די אַלטע רעזאָלוציע וועגן פֿאַרגלייכן יידן מיט נישט-אַדל-שטאַנדן. ס'זענען נאָר אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן וועגן אייניקע פֿאַרבעסערונגען (אָפּשאַפֿן דעם טאָלעראַנץ-שטייער און דעסגלייכן), בערך די רעפֿאָרמעס, וואָס די מאַגנאַטן-קאַמער האָט אָנגעמערקט דאָס יאָר 1840 און וואָס די קרוין האָט אָפּגעוואָרפֿן. איין אינעווייניקסטע רעפֿאָרם פֿאַר יידן האָט מען דאָ צוגעגעבן: מ'זאָל מאַכן אַ יידישן ראַבינער-און-לערער-סעמינאַר און מ'זאָל צונויפֿרופֿן אַ ראַבינער-סינאָד. ער זאָל אָנווייזן, ווי אַזוי אָפּצושאַפֿן די יידישע דינים, וואָס זונדערן אָפּ יידן פֿון קריסטן און לאָזן זיי נישט זיך צונויפֿשמעלצן.

דער דאָזיקער לעצטער באַשלוס האָט שטאַרק אויפֿגערודערט די יידישע אָרטאָדאָקסיע, ד. ה. די גרויסע יידישע מאַסע אין אונגאַרן: דאָס האָט געהייסן אַזוי גוט, ווי עמאַנסיפּאַציע לאַחדים ווערט דאָ געגעבן בתּנאַי, יידן זאָלן רעפֿאָרמירן זייער רעליגיע, און דאָ איז אָנגעמערקט אַ וועג פֿאַר אַסימילאַציע מיט געוואַלד. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָטעסטן. קיין פּרעסבורג איז געקומען אַ דעפּוטאַציע פֿון אָרטאָדאָקסישע רבנים מיט אַ השתּדלות. מ'זאָל נישט אָנרירן די יידישע רעליגיע און מ'זאָל נישט איינפֿירן קיין שום „נייסן". פּרעסבורגער רבנים האָבן אפֿילו דערקלערט, אַז יידן האַלטן נאָר ארץ-ישׂראל פֿאַר זייער פֿאָטערלאַנד, און ד ע ר י ב ע ר קאָנען זיי זיך נישט אַסימילירן מיט אַנדערע נאַציעס. די קעגנער פֿון עמאַנסיפּאַציע צווישן די אונגאַרישע נאַציאָנאַליסטן האָבן אויסגענוצט די רבנישע מעלדונג פֿאַר זייערע צוועקן: אַ סימן, אַז פֿאַר עמאַנסיפּאַציע איז נאָך די צייט נישט געקומען. זאָל דאָ האָבן געווירקט די דאָזיקע אַגיטאַציע, אָדער דאָ האָט זיך געגעבן צו-וויסן די קאָנסערוואַטיווע שטימונג, וואָס איז בכלל אויסגעוואַקסן אין לאַנד, נאָר ווען דעם סיימס באַשלוס איז געקומען צו דער מאַגנאַטן-קאַמער האָט זי גאָר אָפּגעוואָרפֿן דעם גאַנצן רעפֿאָרם-

פּראָיעקט (1844). דער שטריט פֿאַר עמאַנסיפּאַציע איז געווען פֿאַרשפּילט. ס׳איז געבליבן אפילו דער טאָלעראַנץ־שטייער.

פֿאַרטרעטער פֿון יידישע קהלות אין אונגאַרן האָבן געזען, אַז אויפֿן פּאַרלאַמענטאַרישן וועג לאָזט זיך גאָר נישט דערלאַנגען, האָבן זיי זיך ווידער גענומען פֿאַר די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זיי האָבן געהאַט אָנגעהויבן פֿירן נאָך דאָס יאָר 1842, מיטן ווינער הויף, ער זאָל אויפֿן אַדמיניסטראַטיוון שטייגער אָפּשאַפֿן דעם טאָלעראַנץ־שטייער. ווינער רעגירונג איז גרייט געווען צוליב צוטון, נאָר פֿאַר אויסקויפֿגעלט, יידישע קהלות זאָלן מיטאַמאָל אַריינטראָגן אַ היפּשע סומע, אַ פֿאַרגיטיקונג דער קרוין פֿאַר דעם היזק, וואָס זי וועט האָבן פֿון אָפּשאַפֿן דעם שטייער. מ׳האָט זיך לאַנג געדינגען, ערצהערצאָג יוסף האָט זיך דאָ אַריינגעלעגט, און מ׳האָט זיך אויסגעגלייכט. יוני דאָס יאָר 1846 איז אַרויס אַ קייזערלעכער דעקרעט: דער טאָלעראַנץ־שטייער איז אָפּגעשאַפֿט, נאָר בתנאי יידישע קהלות זאָלן משך 5 יאָר אַריינטראָגן 1.200.000 פֿלאָרין „נישט דערצאָלטס" פֿונם דאָזיקן שטייער. אין יידישע קהלות איז געוואָרן אַ שמחה, אין די שולן האָט מען תפֿלות אָפּגעריכט, וואָס מ׳איז פּטור געוואָרן פֿון אַ שטייער־קנעכטשאַפֿט. אָבער אין אונגאַרישע סיים־קרייזן האָט דער דאָזיקער דירעקטער פֿאַרקער פֿון יידן מיט ווינער רעגירונג געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. בכן האָבן זיך ערב־רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 פֿאַרשאַרפֿט די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטנישן; דאָס האָט געבראַכט צו טראַגישע רעזולטאַטן בעת דער שטורמדיקער אונגאַרישער רעוואָלוציע, וואָס איר פּאָליטיק איז געווען פֿאַרפֿאַרבט שטאַרק נאַציאָנאַל.

די איטאַליענישע פּראָווינצן, וואָס זענען צוגעקומען צו דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע לויט אַ באַשלוס פֿון ווינער קאָנגרעס, זענען געווען אַ באַזונדער אינזל אין ים עסטרייכישע רעאַקציע. אין לאָמבאַרדיע און אין ווענעציע האָט מען ביסלעכווייז אָפּגעוואוינט יידן פֿון גלייכבאַרעכטונג, וואָס זיי האָבן געהאַט צו נאַפּאָלעאָן׳ס צייט. אויף דער רעגירונגס באַפֿעלן האָט מען יידן אַרויסגעשטופּט פֿון דער שטאָטישער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג, פֿון געזעלשאַפֿטלעכע אַמטן און פֿון אַסך ליבעראַלע פּראָפֿעסיעס. דאָס יאָר 1830 איז פֿאַר יידן אין די איטאַליענישע פּראָווינצן גילטיק געוואָרן דער אַלגעמיינער לאַנד־פֿאַרבאָט צו האַלטן אַפּטייקן. געבליבן איז פֿון דעם רעאַקציאָנערן ווילדעווען נישט מער, ווי וואוינרעכט און די קהלה׳שע זעלבסטפֿאַרוואַלטונג אויפֿן שטייגער פֿון פּאַריזער סנהדרין. געבילדעטע יידישע קהלות אין ווענעציע, פּאַדואַ, מאַנטואַ און טריעסט מיט זייערע בילדונגס־שולן און אויפֿגעקלערטע ראַבינער האָבן נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו פּאָליציייאישע אויפֿטוען. די רעגירונג האָט געמוזט מער רעספּעקטירן איטאַליענישע יידן און זיך באַגיין מיט זיי פֿאָרזיכטיקער, מטעם זיי זענען געווען קולטורעלער פֿאַר גאַליצישע יידן. אָבער די רעאַקציע האָט דאָ אויך באַוויזן צו דעמאָראַליזירן די אַרומיקע סביבה. דער אַנטיסעמיטישער

טייל איטאַליענישע געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אָפּגערוקט אָן אַ זייט, האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אין מאַנטואַ האָבן קריסטלעכע הענדלער אויפגעהעצט דעם המון, און ער האָט זיך צווייטאָל געפּרובט אָנפאַלן אויף יידישע קראָמען (די יאָרן 1824 און 1842), מ׳האָט געמוזט אָנקומען צו מיליטע־רישער מאַכט.

## § 18. א ווידערקול פון רעפאָרמאַציע.

די יידישע רעפאָרמאַציע־באַוועגונג, וואָס אין דייטשלאַנד איז זי געווען געקניפּט און געבונדן מיט דעם שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע, האָט זיך נישט גע־קאָנט ברייט פאַרשפּרייטן אין עסטרייך איבער צוויי סבות: ערשטנס האָט דאָ די געדיכטע אָרטאָדאָקסישע מאַסע שטאַרק געשטערט, צווייטנס איז דאָ שוואַך געווען דער פּאָליטישער וועקער, דער שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע. פאַרקערט, אין אונגאַרן די 40־ער יאָרן, זעען מיר אַ באַוועגונג פאַר רעפאָרמאַציע אויפן דייטשן מוסטער, ריכטיקער געזאָגט, אַ שאָטן פון אַזאַ רעפאָרמאַציע, און דאָס נעמט זיך פון דעם אויפגעוואַכטן עמאַנסיפּאַציע־שטרייט. אין די קרוין־לענדער האָט זיך די רעליגיעזע רעפאָרם אָדער כמעט גאָרנישט באַוויזן אין דער פּראַקטיק (גאַליציע), אָדער דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ שטרעבן אויסצולייטישן אויסערלעך דעם שולשטייגער; נישט קיין עיקרים, נישט אַפילו קיין מנהגים פון יידישקייט האָט דאָס נישט אָנגערירט.

ווין האָט געוויזן אַ מוסטער פאַר אַזאַ מעסיקער רעפאָרם. אָפיציעל האָט די יידישע קאָלאָניע אין עסטרייכישער רעזידענץ נישט בעהייסן קיין „קהלה״: די רעגירונג האָט נישט געוואָלט דערלאָזן קיין איינגעפונדעוועטן יידישן קבוץ מחוץ דעם שטענדיקן יידישן „תחום״. באמת אָבער האָבן די אַלע הונדערטער יידישע פאַמיליעס, „טאָלערירטע״, „פּראָטעזשירטע״ און אויף אַ ווייל, געהאַט אין ווין אַ קהלה מיט בתי־מדרשים און צדקה־חברות, מיט שטילע גבאים און כלי־קודש. צו שאַפן אין דער קהלה האָט געהאַט די פּריווילעגירטע אַריסטאָקראַטיע פון דער קאַטעגאָריע „טאָלערירטע״, ד. ה. שטענדיקע ווינער איינוואוינער. דעם טאָן האָבן דאָ געגעבן די פאַרדייטשטע פאַמיליעס יידישע באַנקירן און נעגאָ־ציאַנטן: עסקעלעס, בידערמאַן און אַנדערע. אַ סך זייערע איז אַ רעליגיעזע רע־פאָרם געווען זייער צום האַרצן: די צוגעפּוצטע סינאַגאָגע זאָל ליבער ווערן דער אויפגעקלערטער יידישער יוגנט, וואָס די שמד־עפּידעמיע האָט זי שטאַרק פאַרכאַפּט, און זי זאָל אויסנעמען ביי געהויבענע קריסטלעכע געסט אויך. די האַמבורגער „טעמפּל־רעפאָרם״ פונם יאָר 1819 האָט געמאַכט אין ווין אַ שטאַרקן איינדרוק, די אָרטיקע רעפאָרם־מאַכער האָבן זיך דערין שטאַרק אָנגעכאַפּט. ס׳איז געוואָרן

אַ פֿאַריין געזעלשאַפֿטלעכע טוער דורכצופֿירן אַ סינאַגאָגאַלע רעפֿאָרם נוסח האַמ־
בורג. ס׳האָט גראָד צוגעטראָפֿן אַ קייזערלעכער דעקרעט (1820) וועגן איינפֿירן
די דייטשע שפּראַך אין גאָטדינסט (§ 15), און די פֿאַריין־לייט האָבן געוואָלט
האָפֿן, אַז די רעגירונג וועט שטיצן זייערע רעפֿאָרמאַטאָרישע אויפֿטוען. דאָס
יאָר 1823 איז אין ווינער סינאַגאָגע דאָס ערשטע מאָל געדרשה׳עט געוואָרן אויף
דייטש. קיין ווין איז פֿאַרפֿאָרן אַ קאָפּעניהאַגענער אמונה־לערער יצחק־נח מאַנ־
היימער (1793—1865) און ער האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם מיט זיינע
דרשות אין גייסט פֿון מאָדערניזירטער יידישקייט. די אַלטע סינאַגאָגע האָט נישט
געפּאַסט מער פֿאַר דעם נייעם צערעמאָניאַל, האָבן די תּקיפֿים צווישן די „טאָ־
לערירטע”, (דערהויפּט דער נעגאָציאַנט מ. ל. בידערמאַן) אָנגעהויבן אַרבעטן,
מ׳זאָל זיי דערלויבן קויפֿן אַ פּלאַץ צו בויען אַ נייע סינאַגאָגע. אָבער אין רע־
אַקציאָנערן עסטרייך האָט אַזאַ זאַך נישט געקאָנט צוגיין אָן פּאָליצייאישע מניעות.
גראַף סעדלניצקי, פּאָליציישעף, איז דערגאַנגען דורך זיינע שפּיאָנען, אַז ווינער
רעפֿאָרם איז אָנגעשמעקט מיט בערלינער, האַמבורגער אויפֿטוען.

אין פּאָליצייאישע ראַפּאָרטן האָט זיך געלאָזט הערן אַ מורא, אַז „אויב
יידישע גאָטדינסט וועט צוגיין מיט צופֿיל פּאַראַד, און די רעדנער־טריבון וועט
פֿאַרנעמען עמיצער פֿון היינטוועלטיקע פֿילאָזאָפֿן און פֿאַריסייען, וועט אין די
סינאַגאָגעס זיין אַ גרעסערער איינגעלויף, איידער אין אונזערע קריסטלעכע קירכן,
און אַ סך קאַטוילן וועלן אָפּגעשוואַכט ווערן אין דער אמונה”. דאָס איז גענוג
געווען, אַז גראַף סעדלניצקי זאָל צושטעלן דעם קייזער פֿראַנץ אַ ראַפּאָרט (1824)
מיט אַזאַ מיינונג: „דער ליבעראַלער ציים־גייסט, ווי מ׳רופֿט אים, האָט, זעט אויס
פֿאַרכאַפּט אַ טייל פֿון דעם קלאַס ווינער אויפֿגעקומענע יידן. זיי נעמען זיך אי־
בער מיט זייער רייכקייט און פּראַכט און זיי שטייט נישט אָן אָפּצוריכטן די גאָט־
דינסט ווי אַמאָל אין דער סינאַגאָגע, וואָס זיי האָבן פֿאַר עטלעכע יאָרן קוים אויס־
געפּועלט, איניינעם מיט אָרעמע יידן, וואָס זיי זענען געטריי דער אַלטער יידי־
שער טראַדיציע. אין בערלין און אין האַמבורג האָבן זיך געפֿינען אייניקע יידן,
וואָס די פֿילאָסאָפֿישע אידעען פֿון צפֿון־דייטשע אוניווערסיטעטן און דאָס פּראָטעזשירן
מצד דעם פּראָטעסטאַנטיזם, האָט זיי געבראַכט דערצו, זיי זאָלן איינפֿירן פֿאַר
זייערע „פֿאַרבילדעטע” גלויבנסגענאָסן אַ ניי גאָטדינסט; אַ טייל ווינער יידן וויל
דאָס זיי איצט נאָכטון. די נייע גאָטדינסט טיילט זיך שטאַרק אָפּ פֿון תּלמודישע
דינים: פֿרויען זאָלן דאָ נישט זיין אָפּגעשיידט פֿון מענער, מ׳פֿירט איין אַ קאַטערר
ספּעציעל פֿאַר דרשות און אַן אָרגאַן צו אַקאָמפּאַנירן דעם חזן. אין די דאָזיקע
נייע אויפֿטוען שטעקט אַ פֿאַרדאָרבערישער גייסט דעאיזם, אָרטאָדאָקסישע יידן
קרענקט דאָס שטאַרק, און דאָס קאָן נאָך ברענגען צו׳ן אַ נייער שפּאַלטונג ביי
יידן”.

דער קייזער האָט זיך איבערגעשראָקן פֿאַר דעם שאָטן פֿון אַ „בונט” און
האָט אָפּגעוואָרפֿן די השתּדלות פֿון ווינער יידן. בידערמאַן, דער הויפּטשתּדלן

האָט דעמאָלט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. מיט דער הילף פון אַ געקויפטן פּאָליציאַנט האָט ער געמאַכט אַזוי, אַז איינמאָל ביינאַכט איז אומגעפאַלן די סטעליע אין דער אַלטער שול, פּאָליציי האָט מען געמעלדעט, אַז דער בנין איז אַ געפאַר פאַר די דאַוונער. דאָס האָט געהאָלפן, די רעפאָרמיסטן האָבן באַקומען אַ דערלויב צו בויען אַ נייע סינאַגאָגע. זיי האָבן זי שוין געבויט לויט זייער פּלאַן נאָך און האָבן באַצייטנס געזען צו רעפאָרמירן די גאָטדינסט. נאָך איידער די סינאַגאָגע איז פאַרטיק געווען, האָבן זיי אַרויסגעבראַכט קיין ווין דעם דערמאָנטן דרשן, מאַנהיימער׳ן, אָפיציעל אַלס רעליגיע־לערער פאַר דער אָרטיקער יידישער קינדער־שול, פאַקטיש פאַר אַ פּרעדיקער אין דער נייער סינאַגאָגע און פאַר אַ גייסטיקן פירער אין דער קהלה. דאָס יאָר 1826 איז געווען דער חנוכת־הבית פון דער נייער סינאַגאָגע, מאַנהיימער האָט דאָ גענומען איינפירן אַ נייעם שטייגער. ער האָט געפונען אַ מיטלוועג צווישן שטאָק־קאָנסערוואַטיווע אָרטאָדאָקסן און צו־ווייט־פאַרגאַנגענע רעפאָרמיסטן. מאַנהיימער׳ס רעפאָרם איז געווען נאָך מעסיקער פאַר האַמבורגער טעמפּל־רעפאָרם. אייגנטלעך האָט דאָס נייס געשטעקט נאָר אין דער אויסערלעכער פאָרם. געדאַוונט האָט מען אַזוי ווי פריער אויף לשון־קודש, חוץ וואָס די דרשה איז געווען אויף דייטש; מ׳האָט נישט אויסגעשלאָסן קיין נאַציאָנאַלע און משיח־תפילות, מ׳האָט נאָר פאַרקירצט דעם יום־טובדיקן פּיוט (שפּעטער האָט מען אָפּגעשאַפט „כל נדרי", קריסטן זאָלן קיין תרעומות נישט האָבן). געבליבן איז אַפילו יידישער נוסח, נאָר מוזיקאַליש באַאַרבעט, דאָס האָט אויפגעטאָן דער באַרימטער חזן זולצער, אַ טאַלענטירטער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס האָט פאַרנומען זיין שטעל אין ווינער סינאַגאָגע די אייגענע צייט, וואָס מאַנהיימער. די דאָזיקע מעסיקייט האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן, וואָס מאַנהיימער האָט אויסגעפירט זיין רעליגיעזע רעפאָרם אָן שטאַרקע סכסוכים. ער האָט נישט אָנגערירט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל ביי דער קאָנסערוואַטיווער מאַסע און דערמיט האָט ער באַוויזן צו רעפאָרמירן כמעט אַ גאַנצע קהלה, נישט נאָר איין טייל. שפּעטער האָט ער באַוויזן איינצופירן אַ נייע רעליגיעזע צערעמאָניע: עפנטלעכע קאָנפירמאַציע פאַר בר־מצוה׳ס, כאָטש גאָר גלאַט איז דאָס נישט צוגעגאַנגען. די עסטרייכישע רעגירונג האָט נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן פאַר „בונטן" און שפּאַלטונגען ביי יידן, האָט זי נישט געשטערט מאַנהיימערן צו טון. פערציק יאָר (1825—1865) איז מאַנהיימער געווען דער גייסטיקער וועגווייזער און דער וועלטלעכער פירער אין ווינער קהלה. אין זיינע דרשות פלעגט ער אָפט פירברענגען וועגן פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס דעם עסטרייכישן יידנטום שטייט פאָר. ער האָט אַ סך מיטגעטאָן אין דעם שטרייט פאַר אָפּשאַפן די באַליידיקנדיקע צערעמאָניע פון דער יידישער שבועה.

ווינער מעסיקע רעפאָרם איז געווען אַ מוסטער פאַר אַ טייל יידישער קהלה אין פּראָג, אין בעהמער רעזידענץ. די עלטסטע געטאָ אין אייראָפּע האָט שוין אָנגעהאָרן איר אַמאָליקע קולטור־אייגנאַרטיקייט. די „אויפגעקלערטע" האָבן שוין

נישט געקאָנט מער האַלטן די אָרטאָדאָקסישע רבנישע קאָלעגיע פאַר זייער וועג-
ווייזער. אָנהויב די 30-ער יאָרן האָט זיך אין פּראָג אָנגעהויבן אַ שטאַרקע
אַגיטאַציע צו רעפאָרמירן די סינאַגאָגע אויפן ווינער שטייגער. דאָס יאָר 1836
האָט מען געעפנט אַזאַ סינאַגאָגע, פּרעדיקער איז דאָרט געוואָרן אַ נעאָ-אָרטאָ-
דאָקס מ י כ א ל ז אַ ק ס; אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ער זיך איבערגעצויג
קיין בערלין (§ 12). אין דעם נייעם טעמפּל איז נישט געווען קיין נייעס, חוץ
אויסערליכער אויסשטאַטונג און דרשות אויף דייטש. אַ סימן פאַר דער צייט איז
געווען, וואָס אין דער נייער ראַבינער-קאָלעגיע אין פּראָג איז אַריין דער געווי-
סער געלערנטער ש. י. ראַפּאָפּאָרט, אַ שרייבער פונם נייעם גאַנג; די קהלה
האָט אים אויסגעקליבן, און די רעגירונג האָט אים באַשטעטיקט אין דעם אַמט.
נאָך פריער איז ד״ר זכריה פראַנקל אַ פּראָגער, געווען קרייז-ראַבינער אין טעפּליץ
און אין לייט-מעריצער קרייז (1832), שפּעטער האָט ער אַלס זאַקסישער הויפּט-
ראַבינער געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע מיט זיין מעסיקן גאַנג. אין דער דע-
פאָרמאַציע-באַוועגונג אין דייטשלאַנד, אין מעהרען, וואָס האָט געהאַט אַ שם מיט
אירע ישיבות, האָט געהערשט אַ „לאַנד-ראַבינאַט" (אין ניקאָלסבורג) מיט אַזוינע
זיילן פון דער אָרטאָדאָקסיע, ווי מ ר ד כ י ב ע נ ע ט און נ ח מ י ה ט ר ע ב י ט ש.
נאָר דאָ טרעפן מיר שוין אויך סוף תקופה אַנייעם טיפּ ראַבינער: דאָ איז
שטרענגער דורכגעפירט געוואָרן דער דעקרעט, אַז פאַר אַ ראַבינער איז אַ מוז
אוניווערסיטעט-בילדונג. פון די נייע ראַבינער דאַרף מען דערמאָנען ה י ר ש
פ אַ ס ע ל אין פּראָסניץ, דעם מחבר פון אַ ווערק וועגן יידישער עטיק. דאָס יאָר
1841 האָט די מאַכט אין מעהרען אָנגעהויבן רודפ׳ן „שטילע חתונות" (§ 16), וואָס
זענען אָפטער געשען צווישן יידן איבער דער שווערער נאָרמירונג פון חתונות.
אַ סך פּרויען, וואָס האָבן שוין געהאַט קינדער פון אַזוינע „אומגעזעצלעכע"
חתונות, זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט טורמע און צוואַנג-אַרבעט; פאַסעל האָט
זיך אָנגענומען פאַר די דאָזיקע פּרויען, געווענדט זיך מיט אַ פּעטיציע צום
קייזער און געראַטעוועט די אומגליקלעכע מוטערס פון דער שווערער שטראָף.

אין ווין, אין בעהמען און אין מעהרען זעען מיר צו, ווי אין די קהלות
וואַקסט די מעסיק-פּראָגרעסיווע פּאַרטיי און די אָרטאָדאָקסיע ווערט שוואַכער,
פאַרקערט איז אין גאַליציע: דער רעפאָרמיזם איז דאָ זייער שוואַך און קאָן
נישט בייקומען די אינערציע פון דער אָרטאָדאָקסאַלער מאַסע. דאָ זענען רבנים,
אין אַלע קהלות, חוץ אין די צענטראַלע, געווען ביי „גוטע-יידן" אין די הענט,
אַ שטיק פון פינסטערניש אין פאָלק. דער ראַבינאַט האָט געהאַט אויף זיך די
אַפּוטרופּסות פון דער רעגירונג און איז ממילא קעגן ווילן געוואָרן ביי איר אין
די הענט אַ געצייג פאַר דעם שטייער-פּרעס, וואָס האָט געדריקט יידישע קהלות.
די רעגירונג פלעגט פעריאָדיש צונויפרופן אין לעמבערג רבנים-צונויפפאָרן אָבער
נאָר אויף צו מאַכן אַחרם אויף די אַלע, וואָס רירן אָן די פלייש-טאַקסע און די
ליכטפאַכט, ד. ה. די שטייערן, וואָס זויגן אויס אַלע זאַפטן ביים פאָלק. דעם

געזעץ ווערן אוניווערסיטעט־בילדונג פֿאַר ראַבינער האָט מען פֿאַרקוקט. אין גאַליציע איז פּשוט נישט געווען אַזוינע מענטשן, וואָס זאָלן האָבן דורכגעמאַכט אַ ישיבה און אַן אוניווערזיטעט. די רעגירונג האָט דעריבער אַלץ געמוזט אָפּלייגן איינצופֿירן דעם דאָזיקן געזעץ. דאָס יאָר 1846 איז אויסגעגאַנגען דער לעצטער טערמין, אָבער רבנים מיט אוניווערסיטעט־בילדונג איז נישט געווען אפֿילו פֿאַר איין צענדליק פֿון הונדערטער קהלות אין גאַליציע, ס׳איז דעריבער אפֿילו קיין פּרוב נישט געווען פֿון אַרעליגיעזער רעפֿאָרם. די הויפּט־רבנים ר׳ יעקב אָרנשטיין אין לעמבערג (געשטאָרבן דאָס יאָר 1839) און ר׳ שלמה קלוגער אין בראָד האָבן געהיט די רעליגיעזע טראַדיציע קעגן „אַפּיקורסים". די מערגעבילדעטע רבנים, ווי דער דערמאָנטער ש. י. ראַפּאָפּאָרט אין טאַרנאָפּאָל און הירש חיות אין זשאָלקיעוו, האָט מען גערודפֿ׳ט כאָטש זיי זענען געווען גרויסע אויטאָריטעטן אין תּלמוד. איינער אַראַבינער — אַ רעפֿאָרמיסט, אברהם קאָן, פֿון גייגערס חדר, האָט זייער שלעכט אָפּגעשניטן, ווען ער האָט זיך באַוויזן אין גאַליציע. ער האָט געהאַט געלערנט אין אַ ישיבה און דורכגעמאַכט דעם פּראָגער אוניווערסיטעט; דאָס יאָר 1844 האָט אים אַ גרופּע פּראָגרעסיסטן אין לעמבערג איינגעלאַדן פֿאַר ראַבינער און פּרעדיקער. אין דער פֿעסטונג פֿון יידישקייט האָט ער זיך איינגעשטעלט דרשענען אויף דייטש, געמאַכט דאָרט אַ יידישע גימנאַזיע, געשריבן לערנביכער, בכלל האָט ער פֿלייסיק געפֿלאַנצט בילדונג אָן פֿאָליצייאישע נגישות. וואָס האָמבערג, אַרעגירונג־אַגענט פֿלעגט דערצו אָנקומען אין זיין צייט. אָבער אַזאַ איבערגעגעבענע אַרבעט האָט דעם איינגעשטעלטן רעפֿאָרמיסט געקאָסט דאָס לעבן. דאָס יאָר 1848, ווען קאָן האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַפּראָגרעסיווע צייטונג „איזראַעליטישער פֿאָלקס פֿריינט", איז ער אומגעקומען: מ׳האָט אים געסמ׳ט, און אין דעם האָט געשטעקט די האַנט פֿון דער פֿאַנאַטישער פּאַרטיי אין לעמבערג. גאַליציע איז יענע צייט נאָך נישט דערוואַקסן צו׳ן אַן ערלעכן קולטור־קאַמף.

אין אונגאַרן, אין לאַנד פֿון אַ שטאַרקער קאָנסערוואַטיווער רבנות, האָט די רעפֿאָרמאַציע־באַוועגונג פֿאַרשאַפֿט אַ שאַרפֿן פּאַרטיי־קאַמף. די אָרטאָדאָקסישע פּאַרטיי האָט געהאַט פֿאַר איר פֿירער דעם געוויסן פּרעסבורגער רב ר׳ משה סופֿר (חת"ם סופֿר, געשטאָרבן דאָס יאָר 1839), אַ שטאַרקער פֿיינט פֿון איירָאָפּעאישער בילדונג: אין זיין צוואה האָט ער געשריבן: „בספרי רמ"ד אל תשלחו יד" (משה מענדעלסאָנס ספֿרים זאָלט איר אין האַנט נישט נעמען). דאָס חסידישע נעסט פֿון דעם בעל־מופֿת ר׳ משה טייטלבוים (בערך 1808—1840) אין קרייז אויגעלי, איז אויך געווען אַ שטאַרקער שטער פֿאַר בילדונג. פֿונדעסטוועגן האָט גראָד דאָ אַ שיין געטון דער ערשטער שטראַל פֿריי־גייסט. נאָך אָנהויב דאָס XIX יאָרהונדערט האָט אהרן כאָרין, אַ רב אין אַראַד די יאָרן 1789—1844, געפּרובט איינפֿירן רעליגיעזע רעפֿאָרמעס. אָנגעהויבן האָט ער פֿון באַזייטיקן אייניקע נישטיקע מנהגים און אַבערגלויבישע

איינפירן. קעגן דעם שולחן־ערוך האָט ער זיך פאַררופן אויף עלטערע תלמודישע קוועלן. פאַר די אומשולדיקע רעפאָרמעס האָט ער געהאַט אַ סך אויסצושטיין. פון אָראַדער פאַנאַטיקער איז אים אויסגעקומען אויסצוהערן זלזולים בעת די דרשות אין שול. ער האָט זיך געווענדעט צום לאַנד־רב אין אָפען, יענער זאָל זיך פאַר אים איינשטעלן, אָבער יענער האָט פאַרקערט געפאָדערט פון אים, ער זאָל זיך שריפטלעך אָפּזאָגן פון זיין אַפּיקורסות. כאָרין האָט געמוזט אָנקומען צום געריכט און האָט געווינען דעם פּראָצעס (1807); דעמאָלט האָט ער מוחל געווען זיינע פיינט און געשענקט זיי די געלט־שטראָף. די ידיעה וועגן האַמבורגער טעמפּל־רעפאָרם (1818) האָט אים שטאַרק מוט צוגעגעבן; אין זיין תשובה האָט ער געגעבן אַ הסכם אויף דער רעפאָרם; דער רעפאָרם־אַגיטאַטאָר ליבערמאַן (§ 10) האָט די תשובה דעמאָלט אויסגענוצט פאַר זיינע צוועקן. שפּעטער איז כאָרין צוגעשטאַנען צו די שאַרפערע רעפאָרמיסטן, דאָס יאָר פון זיין טויט האָט ער זיך סאָלידאַריזירט מיט די רעזאָלוציעס פון ברוינשווייגער ראַבינער־צוזאַמענפאָר. אין עטלעכע בראָשורן האָט ער אָנגעוויזן אַ סיסטעם ווי אַזוי צו רעפאָרמירן די רבנישע יידישקייט מיט דער הילף פון טעאָלאָגישער קריטיק אויפן סמך פון עלטערע תלמודישע קוועלן. כאָרינס נאָכקומער זענען שוין אין דער רעפאָרם־פראַגע געגאַנגען אַן אַנדער וועג. דאָס איז געווען די 40־ער יאָרן, ווען ס'איז אויפגעקומען די פראַגע פון יידישער עמאַנסיפּאַציע. ביי זיי איז שוין די רעליגיעזע רעפאָרם געווען אַ טייל פון אַ גאַנצער סיסטעם מאַדיאַריזאַציע. די נייע יידישע אינטעליגענץ האָט געמיינט, אַז אַסימילאַציע וועט איר ברענגען גלייכבאַרעכטונג, און זי האָט זיך פלייסיק גענומען אַסימילירן. א בן־דור דערציילט וועגן דעם: „אפילו אין די דייטשע און סלאַווישע ערטער אין אונגאַרן פלעגט מען אין יידישע פאַמיליעס צונעמען נאָר מאַדיאַרישע זייגערינס און פרויען צו קינדער, כדי מאַדיאַריש זאָל זיין די ערשטע קלאַנגען, וואָס דאָס קינד זאָל דערהערן. נאָך דער שטוב האָט די אָנהויב־שול מאַדיאַריזירט דאָס קינד נאָך מיט מער ברען. אין די יידישע אַלגעמיין־בילדונג שולן האָט מען אָפּגעגעבן די מייסטע צייט אויף צו לערנען די נאַציאָנאַלע (מאַדיאַרישע) שפּראַך, אינגיכן איז מאַדיאַריש געוואָרן די אונטערריכט שפּראַך אין יידישע שולן אין פּעשט, אַראַד, קאַניזש און אין אַנדערע שטעט. אין די געבילדעטע יידישע קרייזן האָט מאַדיאַריש אַרויסגעשטופּט די אַלטע אומגאַנגשפּראַך, יידיש. תנ"ך און דעם סדור האָט מען אַרויסגעגעבן אין אַ מאַדיאַרישער איבערזעצונג. אין פּעשט איז געוואָרן אַ „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן די מאַדיאַרישע שפּראַך ביי יידן". אַפילו די סינאַגאָגע איז געוואָרן אַ שול פאַר מאַדיאַריזאַציע. ס'האָבן זיך באַוויזן פּרעדיקער, וואָס האָבן געדרשנט פון דער בימה אויף מאַדיאַריש, נישט געקומערט זיך, וואָס אָפט האָט מען זיי נישט פאַרשטאַנען גאָר". מיט דעם דאָזיקן אַסימילאַציע־איבער, וואָס האָט פאַרכאַפּט די אויבערשטע שיכטן געזעלשאַפט, האָט די אָרטאָדאָקסיע גע-

מיינט זיך אָפּפּטרן מיט מיטלאַלטערישע רעצעפּטן. ר׳ משה סופר האָט געוואָלט
פּועלן ביי דער רעגירונג, רבנים זאָל מען קנס׳ענען אפּיקורסים מיט געלט-
שטראָפן, מיט אַרעסט אָדער מיט קונע. די רעגירונג האָט נישט געוואָלט אָקיינ-
קומען דער היימישער יידישער אינקוויזיציע, דערפאַר אָבער האָט דער אָרטאָ-
דאָקסישער פאַנאַטיזם נאָך מער אויפגערייצט די רעפאָרמיסטן, און זיי זע-
נען געוואָרען נאָך שאַרפער אין זייערע פאָדערונגען. די ראַדיקאַלע רעפאָרמיסטן
האָבן באַקומען אַן ענערגישן פירער, דעם יונגן לעאָפּאָלד לעוו: לעוו
האָט געלערנט אין ישיבות אין אונגאַרן און אין מעהרן, נאָכדעם האָט ער באַ-
קומען אַלגעמיינע בילדונג אין ליציי אין פּרעסבורג, ר׳ משה סופר׳ס רעזידענץ
און אין פּעשטער אוניווערסיטעט. דאָס יאָר 1841 איז ער געוואָרן ראַבינער אין
קאַניש, און דאָס יאָר 1846 אין פּאַפּאַ. ער איז נאָכגעגאַנגען דעם רעפאָרמאַטאָר
כאָרינ׳ען נאָר אַ סך ראַדיקאַלער, גערודפט פון אָרטאָדאָקסן און געווערט זיך
קעגן זיי. זיינע דרשות האָט ער געזאָגט אויף מאַדיאַריש, אַנטוויקלט דאָ דעם
געדאַנק, ווי אויך אין זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן, אַז מאַדיאַריזאַציע איז אַ קאַ-
טעגאָרישער תנאי פאַר גלייכבאַרעכטונג. אַלס טעאָרעטיקער פון דער רעליגיעזער
רעפאָרם איז לעוו פאַרגאַנגען זייער ווייט, ער האָט געלייקנט אין אויטאָריטעט
פון תלמוד אויך (זיין ליטעראַרישער אָנהויב „די רעפאָרם פונם רבנישן ריטואַל״
איז אַרויס דאָס יאָר 1839 אויף דייטש). אָבער אין דער פּראַקטיק זענען זיינע
רעליגיעזע רעפאָרמעס אין אונגאַרן נישט אַוועק ווייטער פאַר דער מעסיקער
קולט-דעקאָראַציע אין ווין. דער אידעען-שטרייט, וואָס איז פאָרגעקומען אין
אונגאַרישן יידנטום, איז געווען צו גרויס, מ׳זאָל אים אַריינשפּאַרן אין די ראַ-
מען פון באַנייען דעם רעליגיעזן קולט. צו שאַרף זענען געווען די סתירות
צווישן די קאָנסערוואַטאָרן און די אויפגעקלערטע, וואָס זענען אויסן געווען רע-
פאָרמירן דאָס גאַנצע יידישע לעבן. ר׳ משה סופר און לעאָפּאָלד לעוו—דאָס
איז מזרח און מערב אין קולטור. און דער שטרייט איז דאָ געגאַנגען פאַר און
קעגן דעם גאַנצן אינהאַלט פון דער פאַרשטיינערטער יידישקייט.

## § 19. די ליטעראַרישע אויפלעבונג.

די גייסטיקע יירונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין עסטרייכישן יידנטום,
האָט מיטגעבראַכט אַ ליטעראַרישע אויפלעבונג אויך. דאָ האָט זיך דאָס אָבער
געהאַנדלט נישט אַליין פון אויפלעבן דעם יידישן געדאַנק, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס
געזען אין דייטשלאַנד, נאָר פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך אויך. די פּראָבע
אויפצומונטערן די העברעאישע שפּראַך אין דייטשלאַנד אַ תקופה פריער, אַלס
אַ געצייג פאַר קולטורעלן שאַפן, איז דאָרט נישט געראָטן, און די גאַנצע וויסנ-

שאַפּטלעכע ליטעראַטור די יאָרן 1815—1848 איז געשאַפן געוואָרן אויף דייטש; דייטש איז אויך געוואָרן די אומגאַנגשפּראַך ביי דייטשע יידן. אַנדערש ביים עס צו אין עסטרייך; דאָרט האָבן זיך פאַרדייטש: (אָדער מאַדיאַריזירט אין אונ־גאַרן) גאַנץ קליינע אויבערשטע קרייזן געזעלשאַפט, די גרויסע יידישע מאַסן אין די סלאַווישע פּראָווינצן און אין אונגאַרן האָבן דערהאַלטן זייער אומגאַנג־שפּראַך—יידיש און זייער רעליגיעז־ליטעראַרישע שפּראַך—העברעאיש. בכן האָט די נייע וועלטלעכע ליטעראַטור געמוזט אָנקומען צו העברעאיש, די שפּראַך האָט מען אָבער געמוזט באַנייען, צופּאַסן צו א נייעם אינהאַלט. דאָס באַנייען סיי דעם אינהאַלט, סיי די פאָרם איז פאָרגעקומען די 20־ער יאָרן, דערהויפּט אין גאַליציע, וואָס איז קולטורעל געווען אַזוי אָפּגעשטאַנען קעגן אַנדערע פּראָווינצן און וואָס האָט ביז דעמאָלט געוואוסט צו זאָגן נאָר פון צוויי אַרטן ליטעראַטור: פון רבנישן פּלפּול און חסידישער מיסטיק.

דאָס יאָר 1820 האָט אין ווין אַנגעהויבן אַרויסגיין א יאָרבוך „ביכורי העתים" אויף העברעאיש (מיט א צוגאָב אייניקע אַרטיקלען אויף דייטש). רע־דאַקטאָר איז געווען דער זעלבער סטיליסט שלום הכהן, וואָס האָט זיך צען יאָר פאַר דעם געפּרובט אויפלעבן דעם גוסס׳דיקן „המאסף" און ס׳איז אים נישט גע־ראָטן. [1]) איצט האָט ער געמאַכט די צווייטע פּרוב: אין די ערשטע בענדער פון דער ווינער אויסגאַבע האָבן די מחברים ניכר נאָכגעמאַכט דעם סטיל און די סיוזשעטן פונם דייטשן מוסטער; אַנדערע אַרטיקלען פונם „המאסף" זענען דאָ פּשוט איבערגעדרוקט. אין אַזאַ פאָרם האָבן די כרעסטאָמאַטיעס „ביכורי העתים" געקאָנט צופרידנשטעלן סיידן האַלב דערוואַקסענע, נאָר פּלייסיקע בחו־רים׳לעך, פאַר זיי איז דאָס אגב געטון געווען. ביסלעכווייז בייט זיך דער „ביכורי־העתים". אַנשטאָט מליצה אין פּראָזע און אין גראַמען באַווייזן זיך אָריגינעלע אַרטיקלען פון יונגע שרייבער: געשיכטלעכע פאָרשונגען, סאַטירעס, פּאָעטישע ווערק; אין דעם אַלעמען שפּיגלט זיך אָפּ די גייסטיקע יירונג אין עסטרייכישן יידנ־טום. פון יאָר 1823 אָן גייט איבער די פירונג צו די פאָרשטעער פון פּראַגער יידישער אינטעליגענץ, משה לאַנדוי, יהודה טעלעס. די הויפּמיטאַרבעטער זענען נאָך אַלץ גאַליצישע שרייבער. דער יאָרבוך „ביכורי־העתים" שטעלט זיך אָפּ דאָס יאָר 1831 ביים צוועלפטן באַנד; אַנשטאָט דעם הויבט אָן אַרויסצוגיין דער „כרם־חמד" (נישט פעריאָדיש פון 1833 ביז 1843) תחלת אין ווין, דערנאָך אין פּראַג, רעדאַקטאָר איז דער גאַליצישער געלערנטער ש. ל. גאָלדענבערג. דער „כרם־חמד" האָט זייער אַן אָריגינעלע פאָרם; וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין יידי־שער געשיכטע און ליטעראַרישע קריטיק ווערן דאָ איבערגעגעבן אין א פאָרם פון א פריינדלעכער קאָרעספּאָנדענץ צווישן די מיטאַרבעטער, געריכטע געלערנטע אין גאַליציע, איטאַליע, דייטשלאַנד. דאָס איז געווען א לעבעדיקער שמועס, אָפט פּאָ־

1) פריערדיקער באַנד, § 35

לעמיש געפּעפּערט, פון אים איז אַרויסגעוואַקסן די ווירקונג פון דער היסטאָרישער קריטיק, וואָס באַפרייט דעם מוח פון דעם יאָך טראַדיציע. אין די טיפזיניקע וויסנשאַפטלעכע חקירות פילט זיך ווי ס׳קלאַפּט אַ געזעלשאַפטלעכער דופק, ס׳הערט זיך אַ ווידער־קול פון אידעען־שטרייטן.

אין צענטר אין דער דאָזיקער וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישער באַוועגונג זעען מיר דאָ שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (שי״ר). ער האָט געשטאַמט פון גאַליציע (געבוירן אין לעמבערג אין יאָר 1790, געשטאָרבן אין פּראָג אין יאָר 1867), באַקומען אַ דערציונג פון אַ פרומען וואויללערנער, פאַרהיט פאַר יעדער „אפּיקורסות״ און וועלטלעך וויסן בכלל. ווען ראַפּאָפּאָרט, שוין אַ למדן, איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט לעמבערגער משכּילים, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט לערנען תּנך מיט מענדעלסאָנס דייטשער איבערזעצונג און לייענען אַ וויסנשאַפטלעך ביכל, האָט דער רב ר׳ יעקב אָרנשטיין אויסגערופן אין די שולן אַ חרם אויף ראַפּאָפּאָרטן און אויף זיינע חברים (1816). ראַפּאָפּאָרט האָט זיך באַקלאָגט פאַר דער מאַכט, און זי האָט געצוואונגען דעם לעמבערגער רב אַראָפּנעמען דעם חרם; די פאַנאַטיקער האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו רודפן אים, און דאָס האָט שטאַרק אונטערגעריסן זיין מאַטעריעלן מצב, בעת ער איז שוין געווען אַ פאָטער פון אַ היפּשער פאַמיליע. אין אַזאַ שווערער צייט האָט זיך דער יונגער געלערנטער פאַרטיפט אויסצופאָרשן די יסודות פון דער היסטאָרישער יידישקייט, וואָס אין גאַליציע האָט מען דערצו נישט געטאָרט צוגיין מיט אַ קריטיש אויג. דער רעזולטאַט פון אַזאַ פאָרשונג איז געווען אַן אַרבעט, וואָס איז געדרוקט געווען אין די לעצטע 3 בענדער „ביכּורי העתּים״ די יאָרן 1828—1831, זעקס ביאָגראַפישע עטיודן וועגן סעדיה גאון, ר׳ נתן רוימער דער לעקסיקאָגראַף, ר׳ האי גאון, אליעזר הקליר דער פּיטן, און וועגן די צוויי פון די אַפריקאַנער גאונים ר׳ חננאל און רבינו נסים. אין די דאָזיקע עטיודן זענען אָנגעוויזן ביי וועגן אויף אויסצופאָרשן די מיטלאַלטערישע ליטעראַטור, וואָס ביז איצט איז דאָס געווען אַ הויפן „ספרים״, קריטיש נישט באַלויכטן, אָן אַ שום פאַרבונד מיט זייער תּקופה. צוגלייך מיט צונץ׳ן האָט ראַפּאָפּאָרט אָנגעהויבן אויסגראָבן די דאָזיקע הויפנס און מיט אַ שטאַרקן היסטאָרישן אַנאַליז האָט ער געוויזן דעם פּראָצעס, ווי ס׳האָט זיך געקליבן די ליטעראַטור פון די גאונים און אַרום די גאונים־יענע צייטן האָבן אַזוינע פאָרשונגען געהאַט אין זיך אַ דערציערישע ווירקונג בכלל: זיי האָבן געוויזן מענטשן פון אַ פינסטערער וועלט, אַז אין דער געשיכטע גילט אַ געזעץ פון אַנטוויקלונג, אַז אויפטועכן פון די רבנישע אויטאָריטעטן, וואָס מ׳טאָר זיך צו זיי נישט צורירן, זענען אַ צייט־זאַך, פאַרבונדן מיט אַ געוויסער תּקופה און מ׳מעג דערצו צוגיין מיט אַ קריטישער מאָס. ראַפּאָפּאָרטס היסטאָריש־ליטעראַרישע עטיודן האָבן דעריבער געהאַט אַ ווערט פון געזעלשאַפטלעכע געשעענישן, און דער מחבר איז מיט אַמאָל באַרימט געוואָרן. מיט דער הילף פון געבילדעטע פריינט האָט ראַפּאָפּאָרט איינגיכן פאַרנומען די שטעל פון לאַנד־רב

אין טאַרנאָפּאָל (1838); איבער אינטריגעס פון פאַנאַטיקער האָט ער אין צוויי יאָר אַרום געמוזט פאַסירן זיין קהלה און די חסידישע גאַליציע בכלל, ער איז געוואָרן רב אין פּראָג, אין בעהמען, און אויף דעם אַמט איז ער געבליבן ביזן טויט. יענע יאָרן האָט ער ווייטער געטון זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, געדרוקט זיין וויסנשאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ אין „כרם־חמד", וואו ער איז געוועזן דער הויפּטמיטאַרבעטער, אָפט רעדאַקטאָר אויך. סיי לויט זיין אָפיציעלער לאַגע אַלס רב, סיי לויט זיינע אייגענע איבערצייגונגען איז ראַפּאָפּאָרט חייט געוועזן פון גייגער־גאָלדהיים'ס רעפאָרמאַטאָרישע דרכים. אין ברען פון דער רעפאָרמיסטישער באַוועגונג האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ שטראָף־בריוו צום פראַנקפורטער ראַבינער־צונויפפאָר („תוכחת מגולה", 1845) און איז שטאַרק אָנגעפאַלן אויף דער צעשטערערישער אַרבעט פון די רעפאָרמיסטן, דערהויפּט, וואָס זיי האָבן אויסגעשלאָסן משיח־תפלות פונם דאַוונען. „קנעכט, וואָס זענען ביים אויער פאַרנעגלט צום האַרס טיר זאָגן: מיר האָבן ליב אונזער האַר, מיר ווילן נישט אַרויסגיין צו פריי"—אַזוינע אויסדריקן האָט ראַפּאָפּאָרט פאַר די, וואָס זאָגן זיך אָפּ פון ליבשאַפט צו זייער היסטאָרישער היים, מ'זאָל זיי נישט חושד זיין אין קנאַפּן דייטשן פאַטריאָטיזם.

אין דער צייט, וואָס ראַפּאָפּאָרט האָט אויסגעפאָרשט דעם פאַקטישן אינהאַלט פון יידישער געשיכטע, האָט זיך נחמן קראָכמאַל (1785—1840), זיין פריינט און לאַנדסמאַן, פאַרטיפט אין דער פילאָזאָפיע פון יידישער געשיכטע. שטיל האָט דער דאָזיקער דענקער פאַרבראַכט יאָרן אין בראָד, זשאָלקיעוו און טאַרנאָפּאָל; אויבן־אויף דער טראַדיציע האָט זיך ביי אים אין מוח אָנגעהויפּט אַ שיכט רמב"ם־פילאָזאָפיע, און איבער דער אַ שיכט קאַנט און העגעל. מיט אַ שטאַרקן פילאָזאָפישן אַנאַליז האָט זיך קראָכמאַל פאַרטיפט אין דעם פּראָצעס יידישער געשיכטע, אין דעם סוד פון 3 טויזנט יאָר אַנטוויקלונג פון יודאַאיזם. אין אַ פונדאַמענטאַל ווערק „מורי נבוכי הזמן" גיט ער אַן אויסגעהאַלטענע סיסטעם פילאָזאָפיע פון יידישער געשיכטע אין דריי תקופות: אין דער אוראַלטער, אַלטער, און אין דער מיטלאַלטערישער תקופה; אין יעדער תקופה באַזונדער דעקט ער אויף דריי מדרגות אַנטוויקלונג: וואַקסן, אויפבליען און פאַלן. דורך דעם מעטאַפיזישן געפל וואַרפט זיך דורך אַן איינשטעלערישער געדאַנק פאַר יענער צייט; פון דער אַלט ישראל'שער אידעע פון אַ נאַציאָנאַלן גאָט אַרבעט זיך ביסלעכווייז אויס אַ געדאַנק וועגן אַן אוניווערסאַלן גאָט, אַן „אַבסאָלוטן גייסט"; דאָ ווערט אָנגעמערקט דער פּראָצעס, ווי אַזוי אַ פּאָליטישע נאַציע דערהויבט זיך צו דער העכסטער מדרגה פון אַ גייסטיקער נאַציע, אַ פאָנטרעגערין פון אַן אַבסאָלוטן רעליגיעזן אמת. זייער פאָרזיכטיק באַהאַנדלט דער גאַליצישער פילאָזאָף די ווייטאָקדיקע פראַגע וועגן דער אַנטוויקלונג פון „תורה שבעל פה", פון תלמודישע דינים און הלכות; דערביי ווייזט ער אָן, אַז היסטאָריש האָט זיך די אמונה באַדאַרפט פאַרקליידן אין מצוות און מנהגים, אַ מיטל צו אַנט-

פלעקן דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין אין דער עדה. נעגאַטיוו באַציט זיך דער מחבר נאָר צו קבלה, דער מוטער פון חסידות, ער באַווייזט איר נאָענטע קרובה'־שאַפט מיטן קריסטלעכן גנאָסטיציזם. די אַלע אידעען פלעגט קראָכמאַל איבער־געבן אין שמועסן, מייסטנס צווישן נאָענטע פריינט, אָפט אויף אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט, וואָס ווייטער פון חשודיקע בליקן פון זשאָלקעווער פאַנאַטישע חסידים. איבער דער מורא פאַר רדיפות האָט ער נישט געדרוקט זיינע ווערק ביים לעבן (ח״ץ אייניקע אויסצוגן אין „כרם חמד"), פאַרן טויט האָט ער אָנגעזאָגט, אַז דעם מאַנוסקריפּט פון זיין ווערק, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „אמונה צרופה", זאָל מען איבערשיקן צונץ'ן קיין בערלין צו דרוקן. דאָס ווערק איז אַרויס ערשט דאָס יאָר 1851 מיט דעם נאָמען „מורה .נבוכי הזמן" מיט דעם רעדאַקטאָר צונץ'ס אַ פאָררעדע.

ראַפּאָפּאָרט און קראָכמאַל האָבן געטון זייער אויפקלערערישע אַרבעט זייער פאָרזיכטיק, געמיט זיך נישט אָנרירן די פיינטלעכע פאַנאַטישע מאַ־סע. ס'זענען אָבער געווען שרייבער מיט מער שטרייט־טעמפּעראַמענט, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פירן אַ קאַמף קעגן דער דאָזיקער סביבה, כאָטש מייסטנס פאַרשטעלט, מיט פּסעוודאָנימען. אַ לעמבערגער שרייבער יהודה־לייב מיזעס (גע־שטאָרבן 1831) איז אַרויס מיט אַ שאַרפער סאַטירע קעגן רבנות און קבלה אין צוויי ביכער: „וועגן דעם צושטאַנד פון רבנים" (תכונת הרבנים 1820) און „קנאה פאַרן אמת" („קנאת האמת" 1828). מיזעס האָט נישט געשוינט קיינע אויטאָרי־טעטן און האָט זיי אַרונטערגעריסן מיט אַזאַ שאַרפקייט, וואָס דעם מעסיקן ראַ־פּאָפּאָרט און זיינע פריינט איז דאָס שטאַרק דערווידער געווען. י ו ס ף  פ ע ר ל פון טאַרנאָפּאָל (געשטאָרבן 1839). אַן ענערגישער בילדונגטוער, וואָס האָט ביי זיך אין שטאָט געגרינדעט אַ יידישע מוסטער־שול מיט דייטשער אונטערריכט־שפּראַך, האָט פאַרווענדט זיין שאַרפע סאַטירע קעגן חסידות און „גוטע־יידן". דאָס יאָר 1819 האָט ער פאַרעפנטלעכט מיט אַ פּסעוודאָנים אַ סאַטירע „מגלה טמירין" אין אַ בריוו־פאָרם קעגן דעם חסידישן שטייגער, וואָס דערמאָנט אונדז הוטען'ס „בריוו צו פינסטערע לייט". דאָס איז אַ נאַאיווע קאָרעספּאָנדענץ צווישן צוויי חסי־דים אויף אַ ספּעציעלן העברעאישן זשאַרגאָן, וואָס אַנטפּלעקט אונדז אַ בילד פון גוט־יידישע הויפן מיט דער גאַנצער נעץ אינטריגעס און שווינדל לשם שמים. דער מחבר האָט אַזוי קונציק געכאַפּט דעם חסידישן סטיל, אַז מ'דערציילט, אַ שטיק צייט האָבן חסידים נישט פאַרשטאַנען דעם חוזק און האָבן דאָס בתמי־מות געהאַלטן פאַר אַ חסידישן ספר. נאָך שאַרפער איז געווען י צ ח ק  ע ר־ט ע ר'ס סאַטירע (אַ בראָדער דאָקטאָר, געשטאָרבן 1851). אין דער יוגנט האָט ער געהערט צו ראַפּאָפּאָרטס משכיל'ישן קרייז, וואָס דער לעמבערגער רב אָרנ־שטיין האָט זיי אַריינגעלעגט אין חרם אַריין, שפּעטער האָט ער אָפּגעצאָלט זיינע פיינט מיט פּראָצענטער. אין וויציקע סאַטירעס, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין די פריער דערמאָנטע פּעריאָדישע זאַמלביכער פאַר דער צייט 1823—1845, האָט

ער אומבּרחמנות'דיק אָפּגעשפּעט פון די גאַליציאַנער פאַנאַטיקער, אָרטאָדאָקסן און חסידים, אויפגעדעקט זייער גייסטיקן דלות. די דאָזיקע סאַטירעס זענען געשריבן אין אַן עלעגאַנטן העברעאיש, מיט אַ גלאַנץ און עקספּרעסיע, וואָס מ'טרעפט נישט ביי קיינעם אַפילו אין יענע רענעסאַנס־תקופה. נאָך זיין טויט זענען די דאָזיקע אַרטיקלען אַרויס אין אַ זאַמלונג „הצופה לבית ישראל" (ווין, 1858).

צו דער דאָזיקער ליטעראַרישער גרופּע איז צוגעשטאַנען אַ באַגאַבטער שרייבער פון עסטרייכיש איטאַליע שמואל־דוד לוצאַטאָ (שד"ל, 1800—1865). דאָס איז געווען אַ אייגנאַרטיקע דערשיינונג אין דעמאָלטיקער ליטעראַטור. געבוירן אין טריעסט, פונם יאָר 1823 אָן אַ לערער פון העברעאישער ליטעראַטור און טעאָלאָגיע אין ראַבינער־סעמינאַר אין פּאַדואַ, האָט ער זיין קינדהייט פאַרבראַכט אין דער אַטמאָספער אידעען פון דער ערשטער עמאַנסיפּאַציע, און אין דער יוגנט האָט אים פאַרכאַפּט די עסטרייכישע רעאַקציע. אין זיין סביבה האָט ער צוגעזען די ערשטע שפּראָצן אַסימילאַציע נעבן דעם נשאַר יידישער קולטור, וואָס איטאַליע איז דערמיט אַמאָל אַזוי באַרימט געווען. ס'איז ביי אים רייף געוואָרן אַ שטאַרקער פּראָטעסט קעגן די מאָדערניסטישע אידעען, וואָס ווילן פאַרקלענערן די חשיבות פון יידישער היסטאָרישער אייגנאַרטיקייט, אָפּווישן דאָס אייגנס. לוצאַטאָ האָט באַשאַפן אַ טעאָריע וועגן שטרייט צווישן יודאַאיזם און עליניזם („אַטיציזם", ווי ער דריקט זיך אויס) און האָט פאַרשפּיצט די טעאָריע ביז די ווייטסטע לאָגישע פועל־יוצא'ס. דעם עטיש־עמאָציאָנאַלן יסוד אין יידישקייט, וואָס האַלט זיך זיכער און פעסט אַלע צייטן, קאָן מען נישט אויסשטימען מיט דעם אינטעלעקטועל־עסטעטישן יסוד אין עליניזם, וואָס בייט זיך און וואַקלט זיך. דער סוד פונם אייביקן יידישן קיום שטעקט אין דעם, וואָס דער מאָראַלישער יסוד אין יודאַאיזם שטייט אייזן־פעסט: ס'איז די גרעסטע געפאַר פאַרן פאָלק, אויב זיין גייסט וועט זיך לאָזן פירן אויף די געשליפענע וועגן פון עליניסטישע הקירות, וואָס דער סוף זייערער איז — פוסטער ראַציאָנאַליזם. דאָס איז די מאָס, וואָס מיט איר גייט ער צו צו דער גאָרער יידישער געשיכטע. אים זענען נישט צום האַרצן אַזוינע ראַציאָנאַליסטן, ווי דער רמב"ם אָדער אבן־עזרא, וואָס האָבן אַראָפּגעפירט די כנסת ישראל פון איר היסטאָריש שטעגעלע אויף אַ ברייטן וועלטוועג; טייער זענען אים אַזוינע פלאַמענדיקע גייסטער ווי יהודה הלוי, וואָס האָבן פאַרטיפט דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און נישט געוואָלט אים פאַרברייטערן. לוצאַטאָ'ס אידעאַל איז — אַן אויג, וואָס איז צוגעשמידט אינעווייניק צו זיך, נישט צו דער אַרומיקער וועלט. ער האָט נישט געלייקנט זיין פאַראַכטונג צו אַזוינע טוערס אין זיין צייט, דערהויפּט צווישן יידישע רעפאָרמיסטן אין דייטשלאַנד, וואָס פלעגן זיך שטענדיק אַרומקוקן אַרום און האָבן צוגעפּאַסט זייער קוק צו די פאָדערונגען און צום געשמאַקט פון דער אַרומיקער קריסטלעכער סביבה. לוצאַטאָ האָט נישט סיסטעמאַטיזירט זיינע נאַציאָנ.־היסטאָרישע אידעען אין איין ווערק,

ווי דער ראַציאָנאַליסט קראָכמאַל האָט דאָס געטון (אויב נישט רעכנען אַזאַ פראַגמענטאַרישע זאַך ווי „יסודי התורה"); די דאָזיקע אידעען זענען ביי אים צעוואָרפן אין וויסנשאַפטלעכע זשורנאַל-אַרטיקלען, אין אַ גרויסער קאָרעספּאָנדענץ מיט פריינט און ליטעראַרישע קאָלעגן, און אין שירים. דאָס יאָר 1825 איז ער אַרויס מיט אַ ביכל לירישע און עפּישע שירים „כנור נעים", אינגיכן אָבער האָט ער פאַרוואָרפן דעם מין ליטעראַטור, און, געבליבן אַ פּאָעט לויט זיין שטימונג נאָך, גיט ער זיך אָפּ גאָר און גאָר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, דערהויפּט מיט ביבלישער עקזעגעטיק פילאָלאָגיע און מיט דער געשיכטע פון מיטלאַלטערישער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט געגעבן אויסגעצייכנטע פאָרשונגען פון העברעאישער פילאָלאָגיע, ער האָט געמאַכט אַ פּירוש צו פאַרשידענע טיילן תנ"ך, צו יהודה הלוי׳ס פּאָעזיע און צו מיטלאַלטערישע סימנים; אין זיין גרויסער וויסנשאַפטלעכער קאָרעספּאָנדענץ זענען אָנגערירט אַלע צווייגן פון דער דעמאָלטיקער יידישער וויסנשאַפט. ער איז געווען איינער פון די הויפּטאַרבעטער, גלייך מיט ראַפּאָפּאָרטן, אין „כרם חמד". אומעטום ברענגט ער מיט דעם ברען פון זיין טעמפּעראַמענט און די פּאָלעמישע היץ, וואָס נעמט זיך פון זיין אייגנאַרטיקער שטעלונג, אַלס אָריגינעלער נאַציאָנאַלער דענקער צווישן שרייבער אין אַ שטורמישער תקופה פון אַסימילאַציע, ראַציאָנאַליזם און רעליגיעזע רעפאָרמעס.

נענטער צו דער מדרגה שרייבער יענע תקופה איז געווען אַן אַנדער יידישער שרייבער פון עסטרייכישער איטאַליע, דער געלערנטער יצחק שמואל רעדזשיאָ (יש"ר, געשטאָרבן 1855), אַ ראַבינער און אַ לערער אין ליציי אין גאָריצע. אין זיין ווערק „התורה והפילוסופיה" (1827) גייט רעדזשיאָ אויף דעם אויסגעריבענעם וועג: אַ פּשרה צווישן טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. ער האָט אַרויסגעגעבן מיט זיינע הערות ווערק פון די עלטערע ראַציאָנאַליסטן: אליהו דעלמעדיגאָ („בחינת הדת", 1833), און לעאָן דעמאָדענאַ (בחינת הקבלה, 1852), אָנגעשריבן אַ פּירוש אין מענדעלסאָנס שטייגער צום חומש, וואָס ער האָט איבערזעצט אויף איטאַליעניש. בכלל האָט ער געזוכט צו פאַררייניקן די אַלטע יידישע קולטור מיט דער נייע־, נישט אַזוי ווי לוצאַטאָ, וואָס האָט שטענדיק באַטאָנט די סתירה צווישן יודאַאיזם און דעם ראַציאָנאַליסטישן גייסט פון דער נייער צייט.

ווי פאַרשידן ס'זענען נישט געווען די וועגן פון דער ניי-העברעאישער ליטעראַטור אין עסטרייך, אָבער איין עיקר פאַרייניקט זיי אַלע: דאָס נאַציאָנאַלע, דאָס ציען צו אייגנס. בעת אין דער יידישער ליטעראַטור אין דייטשלאַנד יענע תקופה איז דער הויפּט-פּונקט געווען—אַסימילאַציע, וואָס ווייטער פון אייגנס.

---

קאַפּיטל IV.

# די סיסטעם אונטערדריקונג אין רוסלאַנד.

## § 20. דער סוף פון אַלכּסנדר דעם 1־טנס רעגירן.

אין רוסלאַנד האָט די אייראָפּעאישע רעאַקציע באַקומען איר אייגן פּנים. אַלכּסנדר דער 1, איינער פון די דריי, וואָס האָבן באַשאַפן דעם „הייליקן בונד“, דער אַמאָל ליבעראַלער אימפּעראַטאָר, האָט גאָר אינגיכן שלום געמאַכט מיט דעם, וואָס אין רוסלאַנד איז דער פּרינציפּ „רעגירן ווי אַ פאָטער“ מגולגל געוואָרן אין אַ מגושם׳דיקע אַראַקטשעיעווישטשינע און דער אידעאַל פון אַ „קריסטלעכער מלוכה“—אין פאָטי׳עס און מאַגניצקי׳ס אָבסקוראַנטיזם. דער סוף פון אַלכּסנדר׳ס רעגירן איז געווען אַ תשובה־פירונג קעגן די ליבעראַלע „זינד“ אין אָנהייב, און האָט אויסגעטרעטן אַ וועג פאַר ניקאָלאַי דעם 1־טנס אייזערנעם אַבסאָלוטיזם, וואָס האָט אויף דרייסיק יאָר געפּעגטעט דאָס פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן אין רוסלאַנד. דער גרעסטער יידישער צענטער איז געווען פאַרבונדן מיט דעם גורל פון דער דאָזיקער מאָנאַרכיע. דער ווינער קאָנגרעס האָט פאַרברייטערט דאָס אייראָפּעאישע רוסלאַנד, איינגעשלאָסן אַהין כּמעט די גאַנצע טעריטאָריע פונם געוועזענעם וואַרשעווער הערצאָגטום (דאָס קעניגרייך פּוילן). אַקעגן 2 מיליאָן יידן[1], וואָס זענען געווען איינגעפּרעסט אין דעם מערב־פּאַס ביים גרעניץ פון דער גרויסער אימפּעריע, און מיט דער דאָזיקער גרויסער אייגנאַרטיקער מאַסע האָט מען געמאַכט די פאַרשידנסטע פּראָבעס, ווי אַזוי דער אַלגעמיינער פּאָליטישער קורס די אָדער יענע צייט האָט דאָס דיקטירט. דריי סיסטעמען זענען פאַר דער צייט פּראַקטיקירט געוואָרן בנוגע יידן: 1) אַ געמישטע סיסטעם „האַרציקע השגחה“ און שווערע שטראָף־מיטלען סוף אַלכּסנדר דעם

1) דער יידישער סטאַטיסטיק יענע צייט פעלט גאָר אַ סך צו גענויאיקייט, דאָך איז זי נענטער צום אמת, איידער אַ תקופה פריער, וואָרום פונם יאָר 1816 אָן האָט די רעגירונג געטון שטרענגע מיטלען קעגן יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעדרייט פון רעגיסטראַציע (זע: לעוואַנדע, „סבאָרנ. זאַקאָנאָוו אָ יעווריעיאַך“. 87, 96, 105, 122). יאָסט (Neure Geschichte d. Juden, II, 122) האָט לויט אָפיציעלע ידיעות גערעכנט דאָס יאָר 1845 אין רוסלאַנד מיט פּוילן צוזאַמען 1,600,000 יידן, אויסגערעדט, אַז די אמת׳ע צאָל יידן איז אַ סך מער.

1־טנס רעגירן (1815—1825); 2) אַ מיליטער־סיסטעם פון „אויסלייטישן" יידן מיט
רעקרוטן און קאַנטאָניסטן, מיט דערציען די יידישע יוגנט אין קאַזאַרמעס;
אַ סיסטעם פון רעליגיעזע אַסימילאַציע מיט געוואַלט, מיט אַ צוגאָב אומגעהויערע
רעכטלאָזיקייט און פיין (די ערשטע העלפט ניקאָלײַ דעם 1־טנס רעגירן 1826—
1840); 3) אַ „קולטור"־סיסטעם אויסלייטישן יידן מיט „קאַזיאָנע שולן" און אָפּ־
שאַפן די אויטאָנאָמע יידישע קהלה (1846—1847). ביי די אַלע פּראָבעס צו
דערציען און אויסלייטישן יידן מיט אַ צוגאָב עלילת־דם און מיטלאַלטערישע
רדיפות איז דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד געוואָרן איין הוילע טראַגעדיע.

תחלת האָט די תקופה אויסגעזען נישט שלעכט צו זיין פאַר יידן. אַלכּסנדר
דער ערשטער איז צוריקגעקומען פון ווינער קאָנגרעס אָן קיינע אַגרעסיווע
פּלענער בנוגע יידן. ער האָט געדענקט די יידישע פּאַטריאָטישע פירונג
בעת דער מלחמה דאָס יאָר 1812 און זיין הבטחה „פאַרבעסערן זייער לאַגע".
אינגיכן האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ יידן־רעפאָרם. דערווייל איז דאָס
געווען אַ קאַנצעלאַריע־זאַך, ווי אַזוי צו פאַרוואַלטן יידישע ענינים. דעם 18־טן
יאַנואַר 1817 איז אַרויס אַ באַפעל דעם סענאַט, מ'זאָל צושטעלן אַלע ענינים
וועגן יידישע קהלות (חוץ געריכט־זאַכן) דעם הויפּטפאַרוואַלטער איבער רעליגיע־
זע ענינים פון פרעמדע אמונות, א. נ. גאָליצינען, דעם קייזערס אַ מיטטוער אין
קריסטלעכן פּיעטיזם און מיסטישע שטיק. אָקטאָבער דאָס זעלבע יאָר איז געוואָרן
אַ פאַראייניקט „מיניסטעריום פאַר גייסטיקע ענינים און פאָלקסבילדונג" מיט גאָ־
ליצינען אַלס מיניסטער, אַ צייכן, אַז „קריסטלעכע פרומקייט" זאָל זיין דער יסוד
פון בילדונג. אין דעם גרינדונג־אַקט איז געווען אָנגעוויזן, אַז אַלע „יידישע
ענינים, וואָס קומען פאַר אין סענאַט און ביי מיניסטאָרן" זאָל איבערגעגעבן
ווערן דעם פירער פון ביידע מיניסטעריום. בכן האָט מען די יידנפראַגע אָפיציעל
פאַרבונדן מיט דעם אַמט פון רעליגיעזער קולטור, וואָס זי האָט דעמאָלט פאַר־
נומען דאָס צענטראַלע אָרט אין דער פאַרוואַלטונג. צו דער דאָזיקער קאַנצע־
לאַרישער ענדערונג איז צוגעקומען אַ וויכטיקערע רעפאָרם: די רעגירונג האָט
געהאַלטן פאַר נויטיק צו גרינדן ביים מיניסטעריום פאַר גייסטיקע ענינים
אַ באַראַט־קאָלעגיע פון אויסגעוויילטע פאָרשטייער אָדער, ווי מ'האָט זיי גערופן,
„דעפּוטאַטן פון יידישע קהלות". גענומען האָט זיך דאָס פון דער צופעליקער
און דערווייליקער יידישער פאַרטרעטונג (די דעפּוטאַטן זאָנענבערג און דילאָן),
וואָס האָט זיך געפונען ביי דער הויפּטקוואַרטיר אין דער רוסישער אַרמיי בעת
דעם קריג אין אויסלאַנד[1]. ווען אַלכּסנדר דער 1־טער האָט אין ברוכזאַל צוגע־
זאָגט די דעפּוטאַטן פאַרבעסערן די לאַגע פון זייער פאָלק, האָט ער זיי געהייסן
קומען סוף קריג קיין פּעטערבורג, זיי זאָלן איבערגעבן די קהלות דער רעגירונגס
ווילן. די דעפּוטאַטן זענען געקומען אין פּעטערבורג און האָבן זיך גענומען

1) פריערדיקער באַנד § 49.

פאַר זייער אַרבעט: שתדלנות פאַר יידן (1816—1817). היות ווי זיי האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז זיי קאָנען זיך נישט האַלטן פאַר קיין פאָרשטייער פון אַלע קהלות אין רוסלאַנד, האָבן זיי (דערהויפּט זאָנענבערג) געוואָלט אַרבעטן, מ׳זאָל באַשטימען וואַלן אין אַלע קהלות אויף אויסצוקלויבן דעפּוטאַטן.

די רעגירונג האָט צוגעשטימט. אין דער אינסטרוקציע פאַר דעם ניי־געגרינדעטן מיניסטעריום פאַר גייסטיקע ענינים איז געווען אַריינגעשטעלט אַ פּונקט, אַז „דעפּוטאַטן פון יידישע קהלות, ווי נאָר זיי ווערן אויסגעקליבן, דאַרף דער מיניסטער דערלאַנגען זיין מאַיעסטעט צו באַשטעטיקן". האַרבסט דאָס יאָר 1817 האָבן אַלע גרעסערע קהל׳ס באַקומען אַ באַפעל פון די גובער־נאַטאָרן — זיי זאָלן אויסקלייבן וואַלמענער צו צוויי פון יעדער גובערניע. די 22 וואַלמענער פון 11 גובערניעס זענען זיך צונויפגעקומען אין ווילנע אויסצו־קלייבן צווישן זיך די דעפּוטאַטן און קאַנדידאַטן פאַר זיי (אויגוסט 1818). חוץ זאָנענבערג׳ן און דילאָנ׳ען האָט מען אויסגעקליבן נאָך פיר דעפּוטאַטן פון ווייסרוסלאַנד און ליטע. אויף הוצאות פאַר די דעפּוטאַטן און אויסהאַלטן זיי אין פעטערבורג האָט דער ווילנער צונויפפאָר אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז אין אַלע יידישע קהלות זאָל מען מאַכן אַן „עטרה־זאַמלונג", ד. ה. מ׳זאָל אַראָפּנעמען די זילבערנע עטרות פון טליתים און קיטלען און דאָס מאַכן צו געלט־ווער ס׳וויל מעג אָפּצאָלן, וואָס די עטרה איז ווערט. ניכּר, אַז אַ געלט־זאַמלונג איז דעמאָלט נישט מעגלעך געווען, אַזוי ווייט זענען יידן רואינירט געוואָרן בעת דער מלחמה.

אינגיכן איז געוואָרן אַ ספּעציעלע קאַנצעלאַריע ביי דער „דעפּוטאַציע פונם יידישן פאָלק", ווי מ׳פלעגט אָפט רופן די קאָלעגיע דעפּוטאַטן, דער פירער איז דאָ געווען דער ענערגישער טוער זאָנענבערג. די קאָלעגיע האָט געאַרבעט גאַנצערהייט אָדער טיילווייז משך זיבן יאָר (1818—1825), אָבער איר אַרבעט איז געווען נישט דאָס, וואָס די יידישע געזעלשאַפט האָט אויסגעקוקט. די דעפּו־טאַטן האָבן זיך אויך אָפּגענאַרט אין זייער האָפנונג, אַז מ׳וועט זיי רופן אויף באַראַטונגען וועגן פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. די רעגירונג האָט פאַסירט דעם געדאַנק וועגן געזעצגעבערישע רעפאָרמעס, שפּעטער האָט זי גאָר גענומען צוקלערן מיטלען ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן די רעפּרעסיווע אַרטיקלען אינם געזעץ פונם יאָר 1804, וואָס מ׳האָט זיי געמוזט אָפּשטעלן ערב דער מלחמה דאָס יאָר 1812. די דעפּוטאַטן פלעגן דערגיין אין די קאַנצעלאַריעס דער רעגי־רונגס „פלענער" און געהיים מיטטיילן — קהל־טוער אין דער פּראָווינץ; דערביי פלעגן זיי פּרווון פאַרהיטן פאַר „גזרות" מיט שתדלנות פאַר הויכגעשטעלטע פּערזאָנען. ווידער פלעגן די דעפּוטאַטן איבערגעבן דעם מיניסטער פאַר גייסטי־קע ענינים, גאַליצינען, פאַרשידענע קהל׳שע השתדלותן און אָנקלאָגן אויף דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע. די לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז די דעפּוטאַטן זענען ממילא געוואָרן פּשוטע שתדלנים וועגן יידישע ענינים; אייניקע, דערהויפּט זאָ־

נענבערג, האָבן אין דעם פּרט נישט גערוט און דערעסן די העכערע אַדמיניסטראַציע מיט זייערע בקשות און מעלדונגען. דער פּעטערבורגער ביוראָקראַטיע זענען נמאס געוואָרן די דאָזיקע השתדלות'ן און אַ סוף און דאָס מישן זיך אין אירע פּלענער. מיט דער צייט איז ביי די דעפּוטאַטן גופא געפאַלן דער מוט, זיי האָבן קלאָר איינגעזען, ווי אוממעכטיק זיי זענען בייצוקומען די רעאַקציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטייגן, און אַ טייל זייערע האָט פּאַסירט פּעטערבורג: גאָליצינ'ס מיניסטעריום פאַר גייסטיקע ענינים איז לסוף געפאַלן, (אַ אינטריגע פון אַראַקטשעיעוו'ס פּאַרטיי), ממילא האָט געמוזט פאַלן דאָס נאָכשלעפּעניש, די אָריגינעלע יידישע פאַרטרעטונג. גאָליצינ'ס נאָכקומער אין דעם אַמט פון בילדונג-מיניסטער, דער רעאַקציאָנער ס. אַ. שישקאָוו, האָט דערלאַנגט אַ ראַפּאָרט דעם קייזער, אַז ס'איז שוין צייט אָפּצושאַפן דעם אינסטיטוט יידישע דעפּוטאַטן, „וואָרום פון אַ סך פאַלן איז אַרויסצוזען, אַז זייער זיין דאָ (אין פּעטערבורג) איז חוץ וואָס ס'איז איבריק און אומנוצלעך, נאָך שעדלעך אויך; מיט דעם אויסרייד, אַז זיי טרייבן שתדלנות פאַר קהלשע געשעפטן, זאַמלען זיי אומזיסט געלט ביי יידן און צעפּויקן פאַר דער צייט דער רעגירונגס באַשלוסן און אפילו דער רעגירונגס פּלענער". דאָס יאָר 1825 איז די „דעפּוטאַציע פונם יידישן פאָלק" אָפּגעשאַפט געוואָרן. אַזוי איז אומגעקומען אַן אינסטיטוציע, ריכטיק אין דער אידעע און פאַרדאָרבן אין דער פּראַקטיק, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַ סוראָגאַט פון אַ יידישער קהלה-פאַרטרעטונג אין פּעטערבורג.

לויט ווי ס'האָט געפּאַסט פאַר דעם גייסט פון דער נייער תקופה איז דער רעגירונגס זאָרג פאַר יידן געווען געווענדט קודם כל צו ראַטעווען זייערע נשמות. די מיסטיש-געשטימטע אלכסנדר דער 1-טער און זיין מיניסטער פאַר גייסטיקע ענינים גאָליצין, זענען געווען פאַרטון אין קריסטלעכן פּיעטיזם, (דעמאָלט שטאַרק אין דער מאָדע), און זיי האָבן דאָס געוואָלט זיין דער השגחה'ס שליחים צו מאַכן יידן פאַר קריסטן. גאָליצין האָט געפּרובט פאַרווירקלעכן די שליחות, ער איז געוואָרן פּאָרזיצער אין דער רוסישער ביבלישער געזעלשאַפט און פלייסיק נאָכגעטון דעם ענגלישן אָריגינאַל, דער מיסיאָנערישער ביבל-געזעלשאַפט אין לאָנדאָן. דעם 25-טן מערץ 1817 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם צאַרס באַפעל וועגן גרינדן „אַ געזעלשאַפט פון יידן-קריסטן", צו פּראָטעזשירן משומדים, אָדער אַזוינע, וואָס האַלטן ביי שמדן זיך. „עס איז אונז באַוואוסט געוואָרן—זאָגט זיך אינם דאָזיקן באַפעל מיט אַ קלויסטערישן נוסח—אין וואָס פאַר אַ שווערער לאַגע עס געפינען זיך יענע יידן, וואָס האָבן זיך מיטן אויבערשטנס הילף איבערגעצייגט אין די יסודות פון קריסטנטום און זיי אָנגענומען אָדער זיי גרייטן זיך ערשט צו באַהעפטן מיט דער טשערעדע פונם הייליקן פּאַסטוך און אויסלייזער פון נשמות. די דאָזיקע יידן, זיך אָפּגעטיילט פון זייערע ברידער לויטן בלוט—דורך דעם קריסטלעכן גלויבן, קומען שוין מיט זיי נישט אין קיין שום

געזעלשאַפטלעכע באַרירונג און נישט נאָר זיי האָבן אָנגעוואוירען יעדע רעכט אויף אונטערשטיצונג מצד זיי, נאָר זיי שטייען נאָך אויס פון זיי רדיפות און ווערן אויף כלערליי אופנים געדריקט. פון דער צווייטער זייט אָבער געפינען זיי נישט קיין שום זאָרג און מנוחה אויך ביי די קריסטן, וואָס זענען זייערע נייע ברידער לויט דער אמונה, אָבער די דאָזיקע יידן זענען זיי נאָך אומבאַקאַנט. און אַזוי ווי מיר זענען דורכגעדרונגען מיט רחמנות צו די יידן, וואָס האָבן איבערגענומען די קריסטלעכע אמונה,—און עס איז גרויס אונזער יראת הכבוד פאַר דער שטים פון הימל, וואָס רופט די דאָזיקע קינדער ישראלס פון זייער גלות אויף צו באַהעפטן זיך מיט קריסטוס גלויבן, דעריבער האָבן מיר געפונען פאַר גוט איינצושטעלן מאָסמיטלען אויף צו באַזאָרגן זיי". צוגעזאָגט איז געווען נישט ווייניק: יעדע גרופּע משומדים באַקומט אומזיסט קרוינישע ערד אין די דרום-אָדער צפון-גובערניעס, זיי האָבן רעכט צו מאַכן דאָרט ישובים, שטעטלעך און שטעט, ס'ווערט זיי געגעבן אַלע בירגעררעכט, אַברייטע געמיינדע-אויטאָנאָמיע און ספּעציעלע שטייער-פּריווילעגיעס. די אַלע גרופּעס, אָדער קאָלאָניעס יידן, וואָס טויפן זיך גריכיש-קאַטויליש (פּראַוואָסלאַוויע), קאַטויליש אָדער לוטעראַניש, טרעטן אַריין אין דער „געזעלשאַפט יידן-קריסטן", וואָס זי איז אונטער דעם צאַרס שוץ און ווערט געפירט פון אַ באַזונדער קאָמיטעט אין פּעטערבורג. דער פייערלעכער סטיל פון דעם צאַרישן באַפעל באַווייזט, אַז דער רעגירונגס מיין איז דאָ געווען נישט גלאַט אויסהעלפן צופעליקע קריסטן-גרים, נאָר אַ גרויסער פּלאַן פּראָטעזשירן מאַסן-שמד און אָרגאַניזירן פון די נייע קריסטן פּריווילעגירטע קאָלאָניעס, זיי זאָלן דאָס זיין דער מאַגנעט אויף צוציען יידן, וואָס דאַרבן אין דער אַלטער אמונה. פּעטערבורגער געזעצגעבער האָבן זיך געמאָלט אין דער פאַנטאַזיע דוקא יידישע מ אַ ס ן, וואָס זוכן שוץ אונטער קריסטוס פליגל נישט נאָר פון עולם-הבא וועגן, נאָר פאַר עולם-הזה אויך.

ליואיס וויי, אַ פאַרטרעטער פון לאָנדאָנער ביבל-געזעלשאַפט, האָט אינגיכן אויסגענוצט די דאָזיקע מיסיאָנערישע שטימונג ביי רוסישע רעגירער. ווי איז געווען דורך און דורך קבלה'ש פאַרגלויבט, אַז ישראל וועט אויסגעלייזט ווערן דורך קריסטנטום, ער האָט אָבער פאַרמאָגט גרויס רעספּעקט פאַר דעם היינטיק, נאָך נישט אויסגעלייזט פאָלק, וואָס זאָל האָבן אַ גרויסע געטלעכע שליחות אין דער געשיכטע, און איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף יידישער בירגערלעכער פאַרקנעכטונג אין אייראָפּע. ווען די מאָנאַרכן, וואָס האָבן געשלאָסן דעם „הייליקן בונד", זענען זיך צענויפגעקומען מיט זייערע מיניסטאָרן און דיפּלאָמאַטן אין אַאַכען אויף אַ קאָנגרעס (האַרבסט 1818), האָט וויי דערלאַנגט אַלכסנדר דעם I-טן „אַ מעמאָראַנדום וועגן דער יידישער לאַגע", ער האָט געוואָלט איבערצייגן דעם רוסישן צאַר, יענער זאָל עמאַנסיפּירן יידן אין זיין מלוכה און זאָל ווירקן אין דעם זין אויף דעם פּרייסישן און עסטרייכישן מאָנאַרך אויך. ווי שרייבט: „די לאַגע צייט, וואָס איך האָב געררייזט איבער פּוילן צו זאַמלען

ידיעות וועגן דער יידישער לאַגע, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז נישט אומזיסט האָט די השגחה איבערגעגעבן דעם גורל פון אַזויפיל צענדליקער טויזנטער יידן צו דריי קריסטלעכע מאָנאַרכן אין די הענט: דאָס האָט גאָט געטאָן צו מקיים זיין די הבטחה, וואָס ער האָט געגעבן די יידישע אבות". כדי יידן זאָלן ווער'ן קריסטוס געטרייע קינדער, דאַרף מען זיי באַהאַנדלען ווי אייגענע, ווי גלייכע גלידער אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט. דער געפאַנגענער ישראל דאַרף פריער באַפרייט ווערן אין גשמיות, איידער ער וועט גייסטיק אויסגעלייזט ווערן. ווי בעט דעם רוסישן קייזער, ער זאָל אין דעם פרט ווייזן אַ וועג, וואָס דאָס „וועט ווירקן אויף דער גאָרער וועלט". אלכסנדר האָט איבערגעגעבן וויי'ס מעמאָראַנדום זיין אויסערן-מיניסטער נעסעלראָדען צו באַטראַכטן אויפן קאָנגרעס. וויי'ס מעמאָראַנדום צוזאַמען מיט אַן אויספירלעכן פראָיעקט פון אַ כלל-אייראָפּעאישער „רעפאָרם פון דער פּאָליטישער און בירגערלעכער געזעצגעבונג" פאַר יידן איז באַטראַכט געוואָרן דעם 21 נאָוועמבער 1818 אין אַ זיצונג פון מיניסטאָרן פאַרטרעטער פון פינף מלוכות: רוסלאַנד, עסטרייך, פרייסן, ענגלאַנד און פראַנקרייך. די דיפּלאָמאַטישע באַראַטונג, וואָס האָט געהאַט גאָר ווייניק אינטערעס פאַר דער יידן-פראַגע און וואָס האָט יעדנפאַלס נישט געוואָלט מאַכן „די היימישע זאַך" פון יעדער רעגירונג באַזונדער פאַר קיין אינטערנאַציאָנאַלן ענין, האָט אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: די באַראַטונג לאָזט זיך נישט אַריין צו באַטראַכטן דעם פראָיעקט בעצם, זי האַלט אָבער זיין טענדענץ בכלל פאַר ריכטיק; די פאַרטרעטער פון עסטרייך און פרייסן (מעטערניך און האַרדענבערג) זענען גרייט צו געבן אַלע נויטיקע ידיעות וועגן דער לאַגע פון יידן אין די דאָזיקע מלוכות, כדי „קלאָר צו מאַכן די פּראָבלעם, וואָס דאַרף גלייך אינטערעסירן דעם מלוכה-מאַן און דעם מענטשן-פריינד". מיט אַזאַ פזמון, וואָס איז קיינעם צו גאָרנישט מחיב, האָבן זיך די דיפּלאָמאַטן אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַ פאַרדריסלעכער פראַגע וואָס זי איז דערמאָנט געוואָרן אויפן קאָנגרעס דורך אגב און דאָס אויך נאָר פון העפלעכקייט וועגן פארן רוסישן קייזער. אָפּגעזאָגט דעם פזמון, האָבן זיך די רעגירונגען אין יעדער פון די דריי מאָנאַרכיעס, וואָס האָבן צעטיילט צווישן זיך פוילן, שוין מיט אַ רואיקן געוויסן געקאָנט ווידער באַגיין מיט „זייערע" יידן, ווי דאָס האָט געפּאַסט צו דער היימישער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק אָן אַ פאַלש עטיקעט-בלעטל הומאַניזם.

אין רוסלאַנד האָט זיך ווייטער אויך געפירט די היימישע פּאָליטיק. אין אויסלאַנד האָט דער צאַר גנעדיק אויסגעהערט וויי'ען, ווי נויטיק ס'איז בירגערלעך צו עמאַנסיפירן יידן, נישט אויסגעוואַרט ביז זייערע נשמות וועלן אויסגעלייזט ווערן, און ביי זיך אין דערהיים האָט ער געלאָזט אַלץ ווי פריער, און אַ ישועה פאַר יידן האָט ער געזען אין אַ פאַנטאַזיע פון אַ „געזעלשאַפט יידן-קריסטן". דריי יאָר איז אַריבער זינט דעם פייערלעכן באַפעל פונם יאָר 1817 וואָס האָט אַזויפיל גוטס צוגעזאָגט, און קיין איין גרופּע משומדים האָט זיך נישט-

אָנגערופֿן, פּשוט דערפֿאַר ווייל אַזוינס איז נישט געווען בנמצא, שמד־פֿאַלן זע־
נען געווען געציילטע; און דאָס אויך נישט פֿון עולם־הבא וועגן; און דאָך האָט
די רעגירונג רעזערווירט אַ גרויסן שטח ערד אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע
פֿאַר דער קינפֿטיקער קאָלאָניע „יידן־קריסטן" און האָט אַפֿילו געשטעלט אַ „טשי־
נאָווניק" אַ משגיח אויף דער קאָלאָניע. יאָרן זענען פֿאַרביי: אויף קאָלאָניסטן
האָט אַרויסגעקוקט פֿרייע ערד, אַ משגיח — אַ טשינאָווניק, וואָס איז געזעסן אָן אַר־
בעט, האָט אַרויסגעקוקט אויף זאָרג־קינדער, נאָר מ'איז נישט געקומען. דאָס יאָר
1823 האָט זיך אין אָדעס אויסגעזוכט עפּעס אַ גרופּע „יידן־קריסטן" 37 פֿאַמיליעס,
וואָס זענען גרייט געווען צו באַקומען ערד, רעכט און פּריווילעגיעס. אָבער ווען
מ'האָט אָנגעפֿרעגט אויף זיי בײַם נאָוואָראָסיער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט זיך
אַרויסגעשטעלט, אַז די קאַנדידאַטן אויף דער קאַזיאָנער שיסל האָבן נישט קיין
טויף־שײַנען און אַפֿילו קיין פּעסער אויך נישט, — די גליקזוכער האָט מען אָפּ־
געזאָגט. פֿירשט גאָליצין האָט לסוף פֿאַרשטאַנען די גאַנצע נאַרישקייט פֿון דער
דאָזיקער שפּיל און האָט פֿירגעלייגט (1824) אַלכּסנדר דעם 1־טן ליקווידירן די
„געזעלשאַפֿט יידן־קריסטן" מיט דעם פּעטערבורגער „השגחה־קאָמיטעט". דעם צאַר
איז אָבער נישט אָנגעשטאַנען ליקווידירן אָפֿיציעל אַ זאַך, וואָס איז מיט אַזאַ
פֿאַראַד רעקלאַמירט געוואָרן, און אַ געזעלשאַפֿט אָן גלידער, מיט אַ השגחה אָן
זאָרג־קינדער האָט זיך ווייטער גערעכנט אין רייסטער רעגירונג־אינסטיטוציעס
ביזן יאָר 1833. דאָס יאָר האָט ניקאָלאַי דער 1־טער מיט אַ קורצן באַפֿעל ליקווידירט
דעם קאַנצעלאַרישן שאָטן, וואָס האָט אַ נאָמען געהאַט „השגחה־קאָמיטעט פֿאַר
יידן־קריסטן". ניקאָלאַי האָט שוין פֿאַרמאָגט זיכערע, נישט קיין אויסגעטראַכטע,
מיטלען אַרויסזעצן יידן פּראַוואָסלאַוויע: די קאַזאַרמע און קאַנטאָניסטן.

בעת אַלכּסנדר דעם 1־טנס רעגירונג האָט געטרוימט פֿון צענדליקער טוי־
זנטער יידישע משומדים, האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ שרעקבילד גאָר פֿאַרקערט:
צענדליקער טויזנטער קריסטן זענען איבערגעגאַנגען צו אַ גלויבן זייער נאָנט צו
יידישקייט. די רעגירונג איז דערגאַנגען פֿון „סובאָטניקעס" און „יודייסטוואָוושטי"
אין וואָראָנעזשער, סאַראַטאָווער און טולער גובערניע; קיין יידישע ישובים זע־
נען דאָרט נישט געווען, און מ'האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז יידן פֿירן אַ מיס־
יאָנערישע פּראָפּאַגאַנדע צו מאַכן גרים. די נײַע אַפּיקורסות פֿון די „זשידאָווסט־
וואָוושטשי" איז דערגאַנגען צו דער רעגירונג דאָס יאָר 1817: אַ גרופּע
פּויערים פֿון וואָראָנעזשער גובערניע האָט זיך נאַאיוו געקלאָגט פֿאַרן קייזער אויף
„רדיפֿות וואָס זיי שטייען אויס פֿון ציווילער און גייסטיקער נאַטשאַלסטווע דער־
פֿאַר, וואָס זיי האַלטן זיך בײַ משה'ס רעליגיע". אויפֿן קייזערס באַפֿעל האָט גאָליצין
געהייסן „שטרענג אויספֿאָרשן" וועגן דער נײַער סעקטע, מ'זאָל נישט דערלאָזן זי
ווייטער פֿאַרשפּרייטן זיך און מ'זאָל אומקערן די אָפּטריניקע צוריק אין שויס
פּראַוואָסלאַוויע. פֿונם וואָראָנעזשער אַרכיערײַ איז אָנגעקומען אַזאַ ידיעה: ר'
סעקטע איז אויפֿגעקומען דאָס יאָר 1796 (לויט שפּעטערדיקע ידיעות — 1806)

„פון געבוירענע יידן" און האָט זיך פאַרשפּרייט אין אייניקע דערפער אין באָב-
ראָווער און פּאַוולאָווער אויעזד. „דער עיקר מהות פון דער סעקטע איז נישט די
אַלטטעסטאַמענטישע יידישע גאָטדינסט, נאָר אייניקע מנהגים: זיי האַלטן שבת,
זענען מל זייערע קינדער, האָבן חתונה און גט'ן זיך לויט זייער גוטן ווילן,
באַגראָבן באַזונדער זייערע מתים און קלייבן זיך צונויף גאָט דינען". אָפּענע
סעקטאַנטן רעכנט זיך ביז אנדערהאַלבן טויזנט מענער און פרויען, און „באַהאַל-
טענע אפשר נאָך מער". כּדי אויסצוראָטן די סעקטע, האָט דער אַרכיערײ פּיר-
געלייגט קירכלעכע און פּאָליצייאישע מיטלען, אגב אַרויסשיקן פון דאָרט אַ סאָל-
דאַט ראָגאָוו, וואָס ער פאַרשפּרייט די אפּי־קורסות. אַזוינע ראַפּאָרטן זענען אײנ-
גיכן אָנגעקומען פון טולער, אָרלאָווער און סאַראַטאָווער פּאַראַפּיעס. די סעקטע
„יודייסטוואוויושטשי" איז געוואַקסן אין דערפער און אין שטעט צווישן פּויערים
און סוחרים. ווען מ'האָט גענומען די אָפּטריניקע צו מוסר'ן, האָבן זיי געמעלדעט,
אַז זיי ווילן זיך אומקערן צום אַלטן טעסטאַמענט און „בלייבן ביים גלויבן פון
זייערע אבות — יידן". אויף דעם גובערנאַטאָרס א פרעג, ווער האָט זיי געלערנט
די יידישע אמונה, איז דער ענטפער געווען: „איינע אַ שטאָק אַלטיטשקע,
אַ גרויסע חכמה. הייסן הייסט זי — די תורה". אין פּעטערבורג איז מען שטאַרק
צערודערט געוואָרן און ס'איז געבליבן אָנווענדן עקסטרא-מיטלען קעגן דער סעק-
טע. דער מיניסטאָרן-קאַבינעט האָט דאָס יאָר 1823 באַשטעטיקט גראַף קאָטשו-
ביי'ס פּראָיעקט: די פירער אָדער די לערער פון די יידן-נאָנטע סעקטעס אָפּ-
געבן פאַר סאָלדאַטן; אַזוינע וואָס טויגן נישט צו מיליטער-דינסט, פאַרשיקן קיין
סיביר; אַרויסשיקן אַלע יידן פון די אויעזדן „וואָס דאָרט געפינט זיך די סעקטע
סובאָטניקעס אָדער יודייסטוואוויושטשי"; זען מיט אַלע מיטלען שטערן, אַז פּראַ-
וואָסלאַווע זאָלן פאַרקערן מיט סעקטאַנטן; פאַרווערן דער סעקטע „זיך באַווייזן
אויסערלעך", ד.ה. „פאַרווערן זייער עפנטלעכע גאָטדינסט און רעליגיעזע צערע-
מאָניעס". לסוף כּדי צו „פאַרמיאוסן" די סעקטאַנטן ביי די אַרומיקע אין די
אויגן „זאָל מען די סובאָטניקעס רופן ז ש י ד אָ ו ו ס ק ע סעקטע און אויסרופן,
אַז זיי זענען באמת זשידעס, וואָרום זייער איצטיקער נאָמען „סובאָטניקעס",
אָדער אַזוינע וואָס געהערן צו משה'ס גלויבן — גיט נישט דעם פאָלק קיין
קלאָרן באַגריף פון דער סעקטע, און דאָס פאַרשאַפט נישט דעם עקל צו דער
סעקטע, וואָס ס'וואָלט געקאָנט זיין, ווען יעדער זאָל וויסן, אַז מ'וויל אים מאַכן
פאַר אַ זשיד". אַלכּסנדר דער I האָט מיט צוויי באַפעלן, פעברואַר און סעפּטעמבער
1825, באַשטעטיקט די דאָזיקע פּאָליצייאישע מיטלען מיט אַ צוגאָב דעם סינאָדס
קירכלעכע שטראָף-מיטלען, „אויסצוראָטן די זשידאָווסקע סעקטע". די דאָזיקע
רעפּרעסיעס האָבן געבראַכט דערצו, אַז גאַנצע דערפער זענען חרוב געוואָרן,
טויזנטער סעקטאַנטען האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר און אויף קאַווקאַז, ביי אַ
סך האָט מען צוגענומען זייערע קליינע קינדער צו דערציען זיי פּראַוואָסלאַוויש.
א סך האָבן נישט געקאָנט אויסשטיין דעם נסיון און זיי האָבן זיך צוריק אומ-

געקערט צו דער טראַוואָסלאַווער קירך, אָפט אָבער נאָר לפנים, שטילערהייט האָבן זיי זיך געהאַלטן ביי זייער סעקטאַנטישער אמונה. יידן האָבן פון די דאָזיקע רדיפות דירעקט ווייניק געליטן: וואָרום אין יענע גובערניעס אין ראַסיי, וואו די סעקטע האָט זיך פאַרשפּרייט און וואָס פון דאָרט האָט מען דעריבער באַדאַרפט פאַרטרייבן יידן, זענען יידן בכלל געווען ווייניק, צופעליקע געסט, אַ סוחר אָדער אַ בעל-מלאכה. אָבער אומדירעקט האָט די באַוועגונג פון דער סעקטע געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף דער גאָרער פּאָליטיק אין דער יידנפראַגע. אין פּעטערבורגער רעליגיעז-געשטימטע קרייזן איז מען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט, וואָס פון דער אייגענער עדה צעלויפט מען זיך אַהין, פון וואַנען מ'וואָלט דאָס געוואָלט אַרויסנאַרן גרים צו זיך. קאָלאָניעס וואָס מ'האָט אַזוי גאַסטפריינטלעך צוגעגרייט פאַר „יידן-קריסטן", זענען געווען פּוסט, בעת ס'איז אויסגעקומען צו פאַרוויסטן אַ סך קריסטלעכע דערפער, פאַרשיקן קיין סיביר זייערע איינוואוינער, דערפאַר, וואָס זיי האָבן געצויגן צו יידנטום. גאָליצין, דער מיניסטער פאַר גייסטיקע ענינים, האָט זיך געפאַסט אַזאַ מיינונג, אַז „יידן האַלטן לויט זייער לערע פאַר אַ חוב פאַר זיך איבערציען אַלעמען אין זייער אמונה". אַזוי איז אין פּעטערבורג געוואָרן אַ שטימונג פאַר רעפּרעסיעס, אַ מין מאָראַלישע פאַרענטפערונג פאַר רעפּרעסיעס, און מיר זעען, ווי די לעצטע יאָרן פון אַלכסנדר דעם 1-טנס רעגירן איז שטאַרקער געוואָרן די אונטערדריקונג, און ס'פלעגט קומען צו מאַסן-רדיפות.

קריסטלעכע פאַרפרומטקייט אין הויכגעשטעלטע ביוראָקראַטישע קרייזן האָט געבראַכט צו מיטלאַלטערישע נגישות: מ'האָט פאַרווערט יידן צו האַלטן קריסטלעכע הויזדינער. דעם דאָזיקן פאַרבאָט, וואָס אויפגעטון האָט דאָס גאָליצין, גאָר נישט קיין יידנפיינט, האָט מען אָפיציעל מאָטיווירט, וואָס יידן שטרעבן איבערצוציען קריסטן אין זייער אמונה (דעם סענאַטס באַפעל פונם 22-טן אַפּריל 1820). ס'ווערט אָנגעוויזן אויף די סעקטאַנטן אין וואָראָנעזשער גובערניע, אויף אַ מיטטיילונג פון כערסאָנער גובערנאַטאָר, אַז קריסטינס דינסטן אין יידישע הייזער נעמען איבער יידישע מנהגים און פירונגען, וכדומה. איבער דיזעלבע מאָטיוון, מיט אַ צוגאָב פון דער אַלטער פּאָליטיק אַרויסשטופן יידן פון דערפער, האָט מען אָנגעהויבן שטרענגער קוקן, יידן זאָלן נישט אַרענדירן קיין פּריצישע גיטער מיט פויערים פּאַנשטשעוויניקעס. דאָס יאָר 1819 און שפּעטער זענען אַרויס באַפעלן צו דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, שטרענג נישט דערלאָזן קיין אַרענדע-קאָנטראַקטן, וואָס זענען באַוואוסט געווען מיט דעם נאָמען „קרעסטענציעס". דער אָפּמאַך איז דאָ, וואָס דער פּריץ גיט אָפּ אַ יידן אין אַרענדע אַראָפּנעמען די תבואה פון די פעלדער, אַז ער מעג זיך שאַפן מיטן פּריץ'ס פויערים ביי דער אַרבעט. די רעגירונג האָט דאָ איינגעזען אַ סכנה פאַר אַ פּריצישער פּריווילעגיע: פאַר דעם זכות אויף פּאַנשטשינע, און האָט בטל-געמאַכט אַזוינע יידישע דאָרף-אַרענדעס, רואינירט

די פאַכטער אָן אַ שום פאַרגיטיגונג: זאָלן זיי זיך רעכענען מיט די פריצים ווי זיי ווילן.

איצט האָט זיך די רעגירונג גענומען פאַרווירקלעכן איר אַלטן אידעאַל: אַרויסטרייבן יידן פון דערפער. אָנגעמערקט איז דאָס נאָך געווען, ווי באַוואוסט, אינם געזעץ דאָס יאָר 1804, נאָר דעמאָלט האָט מען דאָס געמוזט אָפּשטעלן: ס'האָט געהייסן אַזוי גוט ווי רואינירן צענדליקער טויזנטער יידישע פאַמיליעס, און מ'האָט זיך נישט איינגעשטעלט פאַר אַזאַ אומענטשלעכקייט. איצט האָט מען דאָס אַלץ פאַרגעסן, מ'האָט אויך פאַרגעסן אַלע פאַרנונפטיקע טעמים פונם „יידישן קאָמיטעט", וואָס ער האָט דאָס יאָר 1812 איבערצייגט דעם צאַר ווי נישט צוועקמעסיק ס'איז מיט גוואַלט אַריבערוואַרפן יידן פון דערפער אין שטעט אַריין, און האָט דאָס דעמאָלט געהאַט געפועלט. איצט האָט די צענטראַלע און די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע ווידער באַקומען אַ ברען נעמען זיך פאַר יידן. כּדי צו פאַרענטפערן די נייע מלחמה קעגן יידן אין דערפער, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין אַלטן אויסרייד, וואָס דערזשאַווין האָט שוין דעם וועג געוויזן. דאָס יאָר 1821 איז אין רייסן געווען אַן אומגערעטעניש, אומדירעקט האָבן יידן אויך דערפון געליטן. אָבער פאַר רייסישע פריצים איז דאָס געווען אַ גוט געלעגנהייט אַראָפּוואַרפן די שולד פאַרן פויערס אָרעמקייט פון זיך אויף יידן—אַרענדאַרעס און שענקערס. די פריצים האָבן פירגעלייגט דער רעגירונג אַרויסטרייבן אין יענער געגנט אַלע יידן פון דערפער, אָדער ווייניקסטנס פאַרווערן זיי פאַרקויפן בראָנפן אין דערפער, וואָרום „זיי רואינירן פויער"ים. סענאַטאָר באַראַנאָוו איז געשיקט געוואָרן קיין רייסן, און ער האָט דאָס אייגענע געהערט פון דער גובערניאַלער אַדמיניסטראַציע. די פראַגע האָט מען באַהאַנדלט אין פעטערבורגער הילפקאָמיטעט פאַר רייסישע גובערניעס; מיט דעם הסכּם פון אייניקע גלידער מיניסטאָרן מיט אַראַקטשעיעח'ן אויבן־אָן איז דער פּראָיעקט אָנגענומען געוואָרן. דער מיניסטאָרן־קאָמיטעט האָט אויך צוגעשטימט דער רעזאָלוציע איז געווען, אַז דעם 11־טן אַפּריל דאָס יאָר 1823 איז געשיקט געוואָרן אַ באַפעל צוויי רייסישע גובערנאַטאָרס, און אין באַפעל האָט דאָס געהייסן: 1) אין אַלע ישובים אין מאָהילעווער און אין וויטעבסקער גובערניע זאָל יידן פאַרווערט זיין האַלטן אַרענדעס, שענקען, קרעטשמעס, פּאָטשטן און אפילו וואוינען דאָרט (אין דערפער); אַלע אַזוינע אַרענדע־קאָנטראַקטן ווערן בטל פונם 1־טן יאַנואַר 1824 אָן. 2) אין ביידע גובערניעס אַרויסשיקן יידן פון ישובים אין שטעט און אין שטעטלעך אַריין צום 1־טן יאַנואַר 1825. ביים אונטערשרייבן דעם דאָזיקן באַפעל, וואָס האָט געזאָלט אומגליקלעך מאַכן טויזנטער פאַמיליעס, האָט אַלכּסנדר דער I־טער געהייסן, דער מיניסטאָרן־קאַבינעט זאָל אָנווייזן דעם רייסישן גענעראַל־גובערנאַטאָר כאָוואַנסקי'ן „די מיטלען פון וואָס זאָלן זיך שפּייזן יענע יידן אין די נייע ערטער". אָבער מיט קיינע „מיטלען" האָט מען נישט געקאָנט לינדערן דעם אומגליק פון מענטשן, וואָס מ'פאַרטרייבט זיי פון

אַן אַלטן נעסט צו וואַנדערן און צו הונגערן. ווי נאָר די אָרטיקע אַדמיני־סטראַציע האָט באַקומען דעם באַפעל, האָט זי גענומען אומבארחמנותדיק טרייבן יידן פונם דאָרף. צו יאַנואַר 1824 איז שוין אין ביידע גובערניעס געווען אַרויס־געטריבן פון דערפער אַריבער 20 טויזנט יידן. מחנות פאַרטריבענע מיט ווייבער און קינדער זענען אַריינגעפאַלן אין די איבערגעפולטע שטעט און שטעטלעך; דאָרט האָבן זיי געבלאָנקעט אין די גאַסן הויל און בלויז, געפּאַקט צו צען אין איין חדר, פאַרנומען אַלע שולן, און נאָך אַלעמען האָט אַ גרויסער טייל געמוזט בלייבן אויפן גאַס מיט די פאַמיליעס אין די גרעסטע קעלטן. צווישן זיי האָבן זיך אָנגעהויבן עפּידעמיעס, די שטערבלעכקייט איז שרעקלעך אויסגעוואַקסן (דערהויפּט אין נעוועל). צי האָט דאָס לאַנד באַדאַרפט אַזאַ קרבן? די רעגירונג גופא האָט דערויף געגעבן אַן ענטפער, נאָר שוין צו שפּעט. אין מלוכה־ראַט איז וועגן דעם אַזוי גערעדט געוואָרן (1835): „די פּראָבעס אין רייסן באַווייזן נישט די ריכטיקייט פון דעם דערמאָנטן מיטל (אַרויסטרייבן יידן פון דערפער). שוין אַריבער 12 יאָר זינט מ'האָט דאָס דורכגעפירט, נאָר פון די ידיעות, וואָס זענען פאַראַן אין דעפּאַרטאַמענט פאַר געזעצן, איז נאָר אַרויסצוזען, אַז יידן זענען רואינירט געוואָרן, נישט אַז פּויערים זאָלן דערפון געהאָלפן ווערן".

חורבן רייסן איז געווען ערשט אַן אָנהויב פאַר אַ נייער געזעצגעבערישער מלחמה קעגן יידן. כמעט די זעלבע צייט, וואָס דער באַפעל וועגן פאַרטרייבן יידן פון דערפער, איז באַשטעטיקט געוואָרן אַ נייער „קאָמיטעט פאַר איינאָרדנען יידן" (באַפעל דעם 1־טן מערץ 1823), גלידער זענען דאָרט געוואָרן מיניסטאָרן פאַר אינעווייניקסטע ענינים, פאַר פינאַנסן, יוסטיץ, גייסטיקע ענינים און בילדונג. פאַרן קאָמיטעט איז אָנגעמערקט געוואָרן אַ גרויסער אַרבעטספּלאַן: „באַטראַכטן אַלע געזעצן און באַפעלן וועגן יידן און זאָגן אַ מיינונג, ווי אַזוי, אויף וואָס פאַר אַ וועג, וואָלט נוצלעכער און באַקוועמער געווען זייער איינזיין אין לאַנד, וואָס פאַר אַ פליכטן דאַרפן זיי טראָגן אַקעגן דער רעגירונג, אַ כלל אָנמערקן אַלץ, וואָס געהער צום איינאָרדענען אַמבעסטן זייער בירגערלעכע לאַגע פונם דאָזיק פאָלק". מיט אַזוינע ווייכע רייד האָט מען געמאָלט דעם פּלאַן פאַר דער וועלט פאַר זיך אָבער האָט מען דאָס געמיינט גאָר אַנדערש. די דאָזיקע לינקע זייט האָט זיך אַרויסגעשטעלט שפּעטער אין דער פּראַקטיק, און אַן אָפיציעלע קוועלע האָט דאָס נאָכדעם מודה געווען: „ביים עצם גרינדן דעם יידישן קאָמיטעט האָט מען אים געהייסן אגב אין זינען האָבן אויסגעפינען מיטלען צו פאַרקלענערן די צאָל יידן בכלל אין דער מלוכה". דעם נייעם קאָמיטעט האָט מען געגעבן אַ טערמין פאַרענדיקן זיין אַרבעט צום אָנהויב יאָר 1824, אָבער זיין רעאַקציאָנערע אַרבעט האָט זיך ברייט פאַרמאָסטן ערשט די צענדליקער יאָרן וואָס נאָך דעם.

די געזעצגעבערישע מאַשין האָט דערווייל נישט געשוויגן. מ'האָט געהאַלטן אין איין איינפּרעסן יידן אינעם „תחום". צו פאַרהיטן די מערב־גרענעץ פאַר

קאָנטראַבאַנד, האָט דער שטאַטהאַלטער אין פּוילן, דער גרויספירשט קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש, פאַרגעלייגט אַרויסטרייבן יידן פון דער גרענעץ-געגנט. דאָס יאָר 1825 איז אַרויס צוויי באַפעלן וועגן אַרויסטרייבן פון 50 ווערסט ביי דער גרענעץ אַלע יידן פון די ישובים, חוץ אַזוינע, וואָס האָבן דאָרט נחלאות. אנשטאַט צו פאַרשטאַרקן די גרענעץ-שמירה, האָט מען ווידער גענומען טרייבן מענטשן. חלילה „יידן זאָלן זיך נישט מערן" אין די גרענעץ-גובערניעס — האָט מען פאַרבאָטן יידן-עמיגראַנטן פון די שכנותדיקע מלוכות (דערהויפּט פון עסטרייך) זיך באַזעצן אין רוסלאַנד (1824).

אַזוי איז זיך די רוסישע רעגירונג באַגאַנגען מיט יידן. ווי אַזוי זשע האָט זיך די ר ו ס י ש ע ג ע ז ע ל ש אַ פ ט פאַרהאַלטן צו זיי? אין דער רעוואָלוציאָנערער-באַוועגונג פון די ד ע ק אַ ב ר י ס ט ן האָט זיך אַנטפּלעקט די שטימונג פון דעם פּראָגרעסיווסטן טייל רוסישע געזעלשאַפט אין דער יידן-פראַגע, — די שטימונג איז בכלל געווען נישט גינסטיק. דאָ האָט זיך געגעבן צו וויסן די שטאַרקע פאַרפרעמדקייט צווישן דער יידישער און רוסישער געזעלשאַפט. דעם רוס איז לחלוטין געווען פרעמד דער לעבנסשטייגער פון דער אָפּגעשלאָסענער יידישער מאַסע. אַ געבילדעטן רוס האָט אָפּגעשראָקן דער אָפּגעשלאָסענער פּאַטריאַרכאַלישער שטייגער, די געדיכטע נעץ רעליגיעזע מנהגים, רבנישע שטרענגע פרומקייט, חסידישע התלהבות. ער האָט געזוכט דאָס קלאָר מאַכן אין ביכערן וואָס זשע האָט ער געקאָנט זען דעמאָלט אין דער פּאַמפלעטן-ליטעראַטור אין דייטשלאַנד אָדער אין פּוילן? פּאַנאַטישע „אתה-בחרתנו'קעס", יידן זענען „אַ מלוכה אין אַ מלוכה", און דערגלייכן. די דאָזיקע גאַנג-באַגריפן די צייט רעאַקציע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ביי די דעקאַבריסטן אין זייער קוק אויף דער יידנפראַגע. פאַר פּ ע ס ט ע ל ן אין זיין בוך „דער רוסישער אמת" (קאַפּיטל: „וועגן רוסלענדער פעלקער") איז די יידנפראַגע אַ פּאָליטישע רעטעניש כמעט נישט בייצוקומען. ס'גייט אויסגערעכנט אַ צעטל יידישע אייגנטימלעכקייטן, וואָס זיי מאַכן יידן, לויט פּעסטעל'ס מיינונג, פאַר אַבסאָלוט אומפּעאיק צו אַ בירגערלעך לעבן. יידן „זענען שטאַרק געקניפּט צווישן זיך", זיי האָבן זייער אייגן גלויבן, וואָס זיכערט זיי, אַז „זיי איז אָנגעצייכנט איינגעמען אַלע פעלקער" און דאָס „מאַכט אוממעגלעך, זיי זאָלן זיך צונויפשמעלצן מיט אַן אַנדער פאָלק". רבנים (ניכּר, אַז ער מיינט „גוטע-יידן", וואָס ער האָט זיי צוגעזען ביי זיך אין טולטשין און אין ראַיאָן פון דער „דרום-אַרמיי") האָבן די שטאַרקסטע מאַכט איבער דער מאַסע; זיי האַלטן דאָס פאָלק אין גייסטיקן יאָך, „פאַרווערן צו לייענען אַנדערע ביכער, חוץ תלמוד". יידן „קוקן אַרויס אויף משיחן, וואָס דאַרף זיי צוריקברענגען אין זייער מלוכה", דעריבער „האַלטן זיי זיך פאַר געסט אין יעדן לאַנד". דערפון נעמט זיך זייער פאַרליבטשאַפט אין האַנדל און בטול צו ערדאַרבעט און מלאכה, און היות ווי האַנדל אַליין קאָן נישט שפּייזן קיין גרויסע מאַסן, דעריבער שווינדלען זיי און שאַדן קריסטן. פּעסטעל באַמערקט נישט די שווערע

יידישע רעכטלאָזיקייט פאַרקערט, ער האַלט זיי פאַר אַ פּריוויליגירטער גרופּע קיין רעקרוטן געבן זיי נישט, זיי האָבן זייער בית־דין און „מעגן דערציען זייערע קינדער ווי זיי ווילן", בעת „חוץ דעם געניסן זיי אַלע רעכט מיט קריסטלעכע פעלקער גלייך"(!). פּעסטעל לייגט פאָר דער קינפטיקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג צוויי וועגן צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע. דער ערשטער וועג איז: אויס מאַכן „די ווירקונג פון יידישער אחדות, וואָס איז שעדלעך פאַר קריסטן". צו דעם צוועק דאַרף מען צונויפרופן „די געלערנטסטע רבנים און די קלוגסטע יידן (ני״ב, אַז פּעסטעל האָט עפּעס געהערט פון פאַריזער סנהדרין) אויסהערן זייער מיינונג און דערנאָך טון מיטלען אויסצוראָטן יידישע אָפּגעשלאָסנקייט", וואָרום, „אויב רוסלאַנד פאַרטרייבט נישט קיין יידן, דאַרפן זיי זיך אודאי נישט שטעלן פיינטלעך צו קריסטן".

דער צווייטער וועג איז: איידל אַרויסטרייבן יידן, ד. ה. „העלפן יידן זיך שאַפן אַ באַזונדערע מלוכה ערגעץ אין קליינאַזיע". צו דעם צוועק לייגט פּעסטעל פיר „מאַכן ערגעץ אַ זאַמלפּונקט פאַרן יידישן פאָלק און זיי געבן צו הילף אַ ביסל חיל. ווען אַלע רוסישע און פּוילישע יידן זאָלן זיך צונויפקומען אין איין אָרט, וועלן זיי זיין איבער 2 מיליאָן. „אַזאַ מחנה, וואָס זוכט זיך אַ היים, וועט נישט שווער זיין בייקומען אַלע מניעות, וואָס טערקן זאָלן זיי שטעלן, זיי וועלן דורכגיין אייראָפּעאיש טערקיי, אַריבער אין דער אַזיאַטישער טערקיי, פאַרנעמען דאָרט גענוג לאַנד און מאַכן דאָרט אַ באַזונדער יידישע מלוכה". פּעסטעלן איז געווען מער צום האַרצן דער דאָזיקער צווייטער וועג פּטור ווערן פון דער יידנפראַגע 1). אָבער היות ווי אַזאַ ריזיקע אונטערנעמונג קאָן געראָטן נאָר ביי באַזונדערע אומשטענדן, האַלט ער דאָס נישט פאַר קיין „מוז פאַר דער העכסטער רעגירונג". בכן קומט אויס, אַז ווען ס'זאָל מקוים ווערן פּעסטעלס ערשטער פּלאַן (דער צווייטער איז צו פאַנטאַסטיש!), וואָלטן יידן אין רוסלאַנד באַקומען פון אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג נישט קיין בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיגונג נאָר אַ שטרענגן רעגלאַמענט נוסח עסטרייך אָדער אַלטפּרייסן, מיט אַ גאַנצן פּאַק „דיסציפּלינאַר מיטלען", מיט דעם צוועק מיט גוואַלד אַסימילירן אָדער רוסיפיצירן יידן, צעשמעטערן די יידישע קולטור־אויטאָנאָמיע, יידן זאָלן אפילו נישט טאָרן „דערציען זייערע קינדער ווי זיי ווילן". לסוף וואָלט דאָס געקומען דערצו, מ'זאָל עקאָנאָמיש „איינצוימען" יידן, אפשר אַזוי ווי דאָס וואָלט געטון די רעגירונג, וואָס דעקאַבריסטן האָבן געשטריטן קעגן איר... איבעריקנס, נישט אַלע דעקאַבריסטן האָבן אין דער יידנפראַגע צוגעשטימט צו פּעסטעלן. אין ניקיטאַ

---

1) מ'מיינט, אַז דאָס איז געווען אַ ווירקונג פונם דעקאַבריסט גריגאָרי פּרץ (אַ משומד), דעם פּעטערבורגער נעגאָציאַנטס אברהם פּרץ'ס אַ זון (פריערדיקער באַנד, § 53). גריגאָרי פּרץ האָט שטאַרק געקלערט וועגן גרינדן אַ געזעלשאַפט צו באַפרייען צעזייטע און צעשפּרייטע יידן און באַזעצן זיי אין קרים, אָדער ערגעץ אין מזרח, אַלס אַ באַזונדער פאָלק.

מוראַוויאָוס (דער פירער פון דער „צפון־געזעלשאַפט") פּראָיעקט קאָנסטיטוציע, איז פריער אָנגעמערקט געוועז, יידן זאָלן האָבן פּאָליטישע רעכט נאָר אין „תחום". אין דער צווייטער רעדאַקציע איז שוין דער דאָזיקער אויסנאַם אָפּגעוואָרפן: יידן זאָל געגעבן ווערן גאָרע גלייכבאַרעכטונג.

## § 21. די מיליטער־דיסציפּלינאַרישע סיסטעם פון ניקאָלאַי דעם I.

ניקאָלאַי דעם 1־טנס רעגירן האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ נצחון איבער די דעקאַבריסטישע קאָנסטיטוציע־פּלענער, דאָס גאַנצע רעגירן איז געווען אַ נצחון פון אַ מיליטער־אַבסאָלוטיסטישן רעזשים איבער דער באַפריי־באַוועגונג יענע תקופה. ס'האָט, נאַטירלעך, קיין רייד נישט געקאָנט זיין פון עמאַנסיפּירן יידן אין אַ מלוכה, וואָס זי איז געוואָרן אַ זייל רעאַקציע נישט אַליין קעגן רעוואָלוציאָנערע אידעען, נאָר קעגן מעסיק־ליבעראַלע אידעען אויך. דער דעספּאָטישער רעזשים, וואָס אין אים האָט געשפּאַרט אַ שטאַרקער שטרייטלוסט, ה״ט נאַטירלעך געמוזט באַשאַפן אַן אייגענע יידן־סיסטעם לויט זיין געשטאַלט און פורם נאָך. ניקאָלאַי דער 1־טער מיט זיין אייזערנעם ווילן האָט אַזאַ סיסטעם געשאַפן.

פאַר ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש'ן איז, ווי באַוואוסט, תחלת פאָראויסגעזען געווען אַ מיליטערישע קאַריער, און ביז ער איז געוואָרן צאַר איז אים די יידנפראַגע כלל נישט אָנגעגאַנגען. צופעליק, אַ גאַסט אויף אַ וויילע, האָט ער אין דער יוגנט געהאַט די געלעגנהייט צו זען די יידישע מאַסע דאָס יאָר 1816 בעת זיין דערציאונג־רייזע איבער רוסלאַנד. דער גרויספירשט האָט דאַמאָלט פאַרצייכנט אין זיין רייזע־זשורנאַל דעם איינדרוק, וואָס דאָס פרעמדע פאָלק האָט אויף אים געמאַכט: „אין דעם רוגאַן פון די פויערן אין די דאָזיקע פּראָווינצן (רייסן)—שטעקן יידן, די צווייטע בעלי־בתים (נאָך די פּריצים), מיט זייערע געשעפטן פייניקן זיי דאָס אומגליקלעכע פאָלק. זיי זענען דאָ אַלץ: סוחרים און נעגאָציאַנטן, זיי האַלטן שענקן, מילן, פּאַראָמען, זיי זענען בעלי־מלאכות... זיי זענען די אמת׳ע פּיאַווקעס, וואָס זויגן אויס און צערן אויס די דאָזיקע אומגליקלעכע גובערניעס. ס'איז אַוואונדער, וואָס דאָס יאָר 1812 זענען זיי אונז טריי געבליבן און האָבן אפילו געהאָלפן, ריזיקירט דערביי מיטן לעבן". צו האַלטן סוחרים, בעלי־מלאכות, מילנער און פּאַראָם־האַלטער פאַר „פּיאַווקעס"—האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ באַגריף, אַז יידן זענען עפּעס פרעמדע אויסלענדער, וואָס טוען נישט קיין זאַך, זיי זאָלן נישט שאַדן אייגענע, אַז זיי באַגייען אַ זינד קעגן גאַסט־פריינטלעכקייט. דעריבער האָט זיך נישט געקלעפּט ביי אים, אַז אַ ייד קאָן זיין אַן איבערגעגעבענער פּאַטריאָט, טריי זיין רוסלאַנד אין אַ שלעכטער צייט. שפּע־

טער. ווען ניקאָלאַי דער 1-טער האָט געהאַט אין די הענט דעם גורל פֿון פּיל-
יאָנען יידן, איז ער געבליבן ביי זיין מיינונג, אַז אַ ייד איז אַ „שעדלעכער עלע-
מענט", וואָס קלעפּט זיך נישט צו אַ רוסיש-פּראַוואָסלאַוונער מלוכה. קעגן יידן
האָט מען באַדאַרפט קעמפן. מ'האָט זיי באַדאַרפט מאַכן אויס שעדלעך, אויסליי-
טישן, ברעכן זיי מיט אַזוינע מיליטער-מיטלען, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ מלוכה-רעזשים,
וואָס שטייט אויף שטרענגער אַפּוטרופּסות און ברעכן יעדן ווילן. בכן איז אין
די הויכע פענסטער אויפגעקומען אַ פּלאַן—אויסלייטישן יידן מיט דער קאַזאַרמע,
אָנשטאָט אַ געלט-שטייער זאָלן יידן געבן רעקרוטן. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ
באַזונדער מין מיליטער-דינסט, וואָס זאָל דערציען, דיסציפּלינירן יידן. די קאַ-
זאַרמע זאָל אויסבאַקן אַ נייעם דור יידן, וואָס האָבן שוין אַראָפּגעוואָרפן פֿון זיך
זייער נאַציאָנאַל אייגנס, זענען שוין רעכט רוסיפיצירט, נאָך בעסער—זיי זאָלן
שוין זיין גאָר אויסגעשמד'ט. 25 יאָר דינסט ביי דער שטרענגסטער דיסציפּלין
יענע צייט, נעמען פאַר סאָלדאַטן אומדערוואַקסענע—אַפילו ייִנגלעך, דערווייטערן
זיי פון אַ יידישער סביבה, דירעקט ווירקן אויף די רעקרוטן לויט אַ געוויסן
פּלאַן—דאָס אַלץ זאָל זיין דער וועג, יידן זאָלן צעשמאָלצן ווערן אין דער הער-
שענדיקער נאַציע, אַפילו אין דער הערשענדיקער קירך אויך, אַן אָריגינעלער
אויפטו: מיט מיליטאַריזירן דעם יונגן דור אויסראָטן דאָס רעליגיעז.נאַציאָנאַלע
יידישקייט.

דער פּלאַן איבערמאַכן יידן מיט דער הילף פֿון דער קאַזאַרמע איז ביי
ניקאָלאַי'ען רייף געוואָרן שוין דאָס ערשטע יאָר פֿון זיין רעגירן. דאָס יאָר
1826 האָט דער צאַר באַפוילן זיינע מיניסטאָרן אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט-סטאַטוט
וועגן מיליטער-דינסט פאַר יידן—אַנדערש פונם אַלגעמיינעם מיליטער-סטאַטוט.
היות ווי די רעפאָרם האָט באַלאַנגט די מערב-געגנט, וואָס די מיליטער-פאַר-
וואַלטונג דאָרט האָט געהערט קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש'ן, האָט באַדאַרפט אויס-
געהערט ווערן זיין מיינונג, בכן איז דער פּראָיעקט געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע.
דער גרויספירשט האָט איבערגעגעבן סענאַטאָר נאָוואָסילצעוו'ן, אַ גליד פון וואַר-
שעווער רעגירונג, אויספאָרשן די פראַגע און צענויפשטעלן אַ מעמאָראַנדום.
נאָוואָסילצעוו, אַ געניטער אַדמיניסטראַטאָר, גוט באַקאַנט מיטן יידישן שטייגער
אין מערב-געגנט, האָט פאַרשטאַנען, ווי ריזיקאַליש דער פּעטערבורגער פּראָיעקט
איז. ער האָט געוויזן אין זיין מעמאָראַנדום, אַז איינפירן באַלד מיליטער-דינסט
פאַר יידן—קאָן זיי שטאַרק אויפרודערן, מ'דאַרף זיי ביסלעכווייז „צוגעוויינען צו
אַזאַ גרינטלעכער איבערקערעניש". נאָוואָסילצעוו האָט געוואוסט די שטימונג ביי
יידישע מאַסן. ווי נאָר אין „תחום" האָבן זיך געלאָזט הערן קלאַנגען וועגן
דער געפּלאַנטער „גזרה", איז דאָרט געוואָרן אַ שטאַרקע אויפרעגונג. יידן, וואָס
זענען נאָר וואָס אַריין אין דער רוסישער אימפּעריע; אַ פרום-פאַרצייטיקער
פאַרקנעכטעטער עדה, וואָס דאָס אַרומיקע לעבן איז איר געווען ווילד-פרעמד,
האָט אויסגעזען שרעקלעך 25 יאָר מיליטער-דינסט, וואָס דאָס זאָל אָפּרייסן

קינדער פון יידישקייט, פון דער אייגענער שפּראַך, זיטן און לעבנסשטייגער און זאָל זיי פאַרוואַרפן אין אַ פרעמדער סביבה, אָפּט גאָר אַ פיינטלעכער. די יידישע מאַסע האָט מיטן חוש דערשפּירט, וואָס די באַשאַפער פונם פּראָיעקט מיינען באמת ביי זיך דערמיט, כאָטש זיי זאָגן דאָס נישט, און זי איז פאַרציטערט געוואָרן... יידישע שתדלנים האָבן שטאַרק געאַרבעט ניצול צו ווערן פון דער גזרה. מ'האָט נעשיקט מענטשן קיין פּעטערבורג און קיין וואַרשע, מ'האָט אונטערהאַנדלט מיט הויכגעשטעלטע מלוכה-מענער און ביוראָקראַטן; מ'דערציילט, אַז מ'האָט געפּרובט אפילו פועלן ביי נאָוואָסילצעוו'ן און ביי אַנדערע פּעטערבורגער הויכע ביוראָקראַטן מיט אַ גרויסן שוחד. אָבער „סאַנאָוניקעס" האָבן אויך נישט געקאָנט פועלן ביים צאַר. דער צאַר איז געווען אַזוי פאַרקאָכט אינם פּראָיעקט, אַז ער האָט אפילו נישט געקאָנט איבערטראָגן, וואָס ביי די קאַנצעלאַריעס גייט דאָס צו אַזוי לאַנגזאַם. ער האָט זיך נישט דערוואַרט אויף נאָוואָסילצעוו'ס מעמאָראַנדום און האָט געהייסן די מיניסטאָרן באַלד צושטעלן אויף אונטערשרייבן אַ באַפעל וועגן מיליטער-דינסט פאַר יידן. דעם 26-טן אויגוסט 1827 האָט ער געחתמ'עט דעם אומגליקלעכן באַפעל.

אינם באַפעל רעדט זיך, אַז די רעגירונג איז אויסן צו „פאַרגלייכן אַלע שטאַנדן בנוגע מיליטער-פליכט", מיט דער האָפענונג, אַז די „בילדונג און די פעאיקייטן, וואָס יידן וועלן באַקומען אין מיליטער-דינסט, וועלן אַריינגעטראָגן ווערן, נאָכדעם ווי זיי וועלן זיך אויסדינען (25 יאָר!), אין די פאַמיליעס, דאָס זאָל צונוץ קומען זייער איינגעזעסנקייט און זייער ווירטשאַפט". אָבער דער „סטאַטוט פון רעקרוטן-פליכט און מיליטער-דינסט", וואָס איז צוגעגעבן צום באַפעל, איז פונקט דער היפוך פון אַזאַ „פליכט-פאַרגלייכן". וואָלט מען באמת אויסן געווען, אַלע שטאַנדן זאָלן טראָגן גלייכע פליכטן, האָט מען כלל נישט באַדאַרפט מאַכן פאַר יידן אַ ספּעציעלן סטאַטוט פון 95 פונקטן מיט אַ צוגאָב אינסטרוקציעס פאַר דער ציוויל און מיליטער-מאַכט. גענוג געווען מעלדן, אַז דער אַלגעמיינער מיליטער-סטאַטוט גילט פון איצט אָן פאַר יידן אויך. געטון איז אָבער געוואָרן פונקט פאַרקערט, ס'איז בפירוש אויסגעטייטשט, אַז „אַלגעמיינע געזעצן זענען פאַר יידן נישט גילטיק", אויב זיי שטימען נישט מיט דעם ספּעציעלן סטאַטוט פאַר יידן (פונקט 3). דער ווייטיקסטער טייל סטאַטוט האָט ממש געריסן די אויגן, אַזוי קלאָר איז דאָ געווען, אַז פאַר יידן איז מען מיט רעקרוטן אויסן גאָר עפּעס אַנדערש. וואָס פאַר אַ גרויל ס'איז געווען פאַר יידן צו לייענען דעם פונקט 8: „קהל'ס דאַרפן צושטעלן יידן פאַר רעקרוטן אין עלטער פון 12 ביז 25 יאָר", און נאָך אַ פונקט (74) „מינדעריעריקע קינדער יידן, ד. ה. ביז 18 יאָר, ווערן איבערגעגעבן אין ספּעציעלע אַנשטאַלטן אויף צוגרייטן זיי צו מיליטער-דינסט". דער אינסטיטוט קינדער-רעקרוטן, מיטן נאָמען קאַנטאָניסטן, האָט עקזיסטירט פאַר קריסטן אויך, אָבער ביי קריסטן האָבן אַהערצו געהערט נאָר קינדער פון סאָלדאַטן אין דער דינסט; דאָ האָט געגאָלטן אַראַקטשעיעוו'ס כלל, אַז סאָלדאַ-

טישע קינדער געהערן דער מיליטער-מאַכט. אָבער בײַ ייִדן האָט מען געהייסן געמען קאַנטאָניסטן פֿון אַ״ע פֿאַמיליעס אָן אויסנאַם; דערצו האָט מען נאָך צוגעגעבן, אַז די יאָרן פֿון צוגרייטן זיך צו דינסט (פֿון 12 ביז 18) פֿאַררעכנט מען נישט אין חשבון; באמתע דינסט רעכנט זיך ערשט פֿון 18 יאָר אָן (פּונקט 90); ייִדן-קאַנטאָניסטן, הייסט דאָס, האָבן באַדאַרפֿט דינען איבעריקע 6 יאָר חוץ 25 יאָר רעגולערע דינסט. צושטעלן רעקרוטן איז איבערגעגעבן געוואָרן ייִדישע קהל׳ס; קהל דאַרף אין יעדער שטאָט אויסקלייבן ספּעציעלע „נאמנים״ פֿון 3 ביז 6 מאַן. די גאַנצע קהלה האָט געטראָגן די אחריות, אַז זי וועט צושטעלן אַ געוויסע צאָל רעקרוטן; קהל האָט געמעגט אָפּגעבן פֿאַר אַ רעקרוט יעדן ייִדן, „וואָס צאָלט נישט רעיעל קיין שטייערן, שנאָרער און אומלייטישע״. שטעלט מען נישט צו צו דער צייט די געוויסע צאָל רעקרוטן, מעג די מאַכט נעמען רעקרוטן בײַ דער קהלה מיט גוואַלט („מיט עקזעקוציעס״). פֿאַר יעדער אומפּינקטלעכקייט קומט די „נאמנים״ אַ שטראָף און אַפֿילו אָפּגעבן פֿאַר סאָלדאַטן. פֿון רעקרוטן-פֿליכט האָט מען אַרויסגעלאָזט גילדיע-סוחרים, צעכן-מייסטערס, מעכאַניקער אין פֿאַבריקן, ערד-אַרבעטער-קאָלאָניסטן, רבנים און ייִדן מיט אַטעסטאַטן פֿון רוסישע שולן—גאָר אַ גרויסע זעלטנהייט יענע צייטן. ווער ס׳איז פּערזענלעך פֿריי פֿון רעקרוטן-פֿליכט דאַרף אײַנצאָלן „רעקרוטן-געלט״, טויזנט רובל פֿאַר אַ רעקרוט. אַ ייִד האָט געקאָנט שטעלן פֿאַר זיך אַן אַנדערן (אַן „אָכאָטניק״) פֿאַר אַ רעקרוט, אָבער נאָר אַ ייִדן.

אין דער אינסטרוקציע צו דער ציוויל-אַדמיניסטראַציע, אַ צוגאָב צום סטאַטוט, איז אָנגעוויזן, ווי אַזוי מ׳דאַרף צונעמען רעקרוטן אין די „פּריסוטסטוויעס״ און ווי אַזוי מ׳דאַרף זיי געבן אַ שבועה אין די שולן. די שבועה—דאָס איז אַ שרעקלעכע צערעמאָניע: דעם רעקרוט טוט מען אָן אַ קיטל, טלית און תפֿילין, מ׳שטעלט אים אַוועק פֿאַרן ארון-קודש, און ער דאַרף געבן אַ לאַנגע שרעקלעכע שבועה בײַ אָנגעצונדענע ליכט און בײַ שופֿר-בלאָזן. אין דער אינסטרוקציע צו די מיליטער-באַפֿעלער הייסט מען איבערגעבן יעדע פּאַרטיע ייִדישע רעקרוטן אַ באַזונדער אָפֿיציר (אַ „פּאַרטיאָנע״), ער זאָל השגחה האָבן אויף זיי ביז זיי וועלן קומען אויפֿן אָרט; אײַנקוואַרטירן דאַרף מען זיי נאָר בײַ קריסטלעכע בעלי-בתים.

די פֿאַרעפֿנטלעכטע „מיליטער-קאָנסטיטוציע״ האָט איבערגעשטייגט אַלץ, וואָס מ׳האָט זיך דערויף געקאָנט ריכטן. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ, פֿאַר דעם פֿאָלקס לעבנסשטייגער, פֿאַר הונדערטעריאָריקע טראַדיציעס און גייסטיקע אידעאַלן. ס׳זענען דערציטערט געוואָרן ייִדישע פֿאַמיליען-נעסטן, אָט רייסט מען בײַ זיי אַרויס זייערע קינדער. קוים איז אַריבער אַ חודש נאָך דעם באַפֿעל, איז שוין אין פּעטערבורג אָנגעקומען אַ ראַפּאָרט, אַז אין אַלט-קאָנסטאַנטין (אין וואָלין) זענען פֿירגעקומען „אומרוען צווישן ייִדן בײַ דער געלעגנהייט, וואָס מ׳האָט געמעלדעט דעם באַפֿעל״ דער זשאַנדאַרמען-שעף בענקענדאָרף האָט דאָס

געמעלדעט ניקאָלאַיען, און נאָכדעם איבערגעגעבן דעם אינערן־מיניסטער דעם קייזערס ווילן, אַז „אין אַלע אַזוינע פאַלן זאָל מען משפטן די שולדיקע אין מיליטער־געריכט". ניכּר, אין פעטערבורג האָט מען זיך געריכט אויף דורכאַנאַנד יידישע „בונטן" וועגן דעם שרעקלעכן באַפעל און מ'האָט זיך געגרייט שטאַרק אָנלערנען די ווידערשפעניקע; דאָס איז אָבער געווען גאָר איבריק. חוץ דעם דערמאָנטן פאַל האָט מען נישט געהערט, נישט געזען פון קיינע „בונטן" ביי יידן קעגן דער מאַכט. אין אַלט־קאָנסטאַנטין גופא איז דאָס געווען אַזאַ „אויפשטאַנד", וואָס איבערגעגעבן די שולדיקע צום מיליטער־געריכט האָט מען אַפילו אין ניקאָלאַיס צייטן נישט געקאָנט. מ'דערציילט אַזוי: יידן, מייסטנס חסידים, איבערגעשראָקן פונם באַפעל, האָבן געוויינט אין די שולן און גוזר תענית געווען. דערנאָך האָט מען געטון דאָס לעצטע מיטל: מ'האָט אָנגעשריבן אַ קוויטל צום רבונו של עולם און מ'האָט דאָס מיטגעגעבן איינעם אַ נפטר, ער זאָל שוין דאָרטן קלאַפּן זיין די שערי־רחמים. אַזאַ מין בכיה פאַר דעם האַר אין הימל אויפן האַר אין לאַנד און דעם גערודער, וואָס איז דערביי געווען, האָב „טשינאָווניקעס" אויסגעטייטשט פאַר אַ „בונט". קיין פּאָליטישע אויפשטאַנדן האָבן ביי פאַרצייטיקע יידן נישט געקאָנט געמאָלט זיין, יידן האָבן געמאַכט אַ מין רעליגיעזע דעמאָנסטראַציע אין די שולן, פשוט גערעדט, זיך אויסגעוויינט דאָס האַרץ.

ווי אַזוי מ'האָט פאַרווירקלעכט דעם מיליטער־רעגלאַמענט די גאַנצע צייט פון ניקאָלאַיס רעגירן — דערפון שווייגן אָפיציעלע דאָקומענטן; מיר האָבן אָבער לעבעדיקע כשר'ע עדות: די מעשים וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין פאָלקס־זכרון. היות ווי צושטעלן רעקרוטן איז געלעגן אויף קהל, מיטן גוטן ווילן איז קיינער פאַר קיין רעקרוט נישט געגאַנגען, און אויף קהל איז געווען אַ שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז קהל און די „נאמנים" פּאַקטיש געוואָרן פּאָליציי־אַגענטן צו „כאַפּן" רעקרוטן. פאַר יעדן רעקרוטן־מאָל („נאַבאָר") פלעגן זיך די אָנגעמערקטע קרבנות, — יינגלעך און בחורים, געווייינטלעך צעלויפן, זיך אויסבאַהאַלטן אין די ווייטסטע עקן, וואו זייער קהל האָט אויף זיי נישט צו זאָגן, אָדער אין וועלדער און גריבער. אַ פאָלקסליד דערציילט אונז וועגן דעם

„דער אוקאַז איז אַראָפּגעקומען אויף יידישע זעלנער
זענען מיר זיך צעלאָפן אין די פוסטע וועלדער...
אין אַלע פוסטע וועלדער זענען מיר צעלאָפן,
אין פוסטע גריבער זענען מיר פאַרלאָפן... אָי וויי, אָי וויי..."

קהלס געקויפטע אַגענטן „כאַפּערס" אָדער „לאָוטשיקעס" פלעגן זיך יאָגן נאָך די אַנטרונענע, אויסזוכן זיי אומעטום און „כאַפּן" ביז מ'האָט נישט צוגעשטעלט די צאָל רעקרוטן. האָבן אויסגעפעלט דערוואַקסענע, איז פלעגט מען נעמען קינדער, זיי איז גרינגער געווען צו כאַפּן. מ'האָט נישט געקוקט אויף דעם עלטער, מ'פלעגט נעמען יינגלעך פאַר 12 יאָר, אפילו פון 8 יאָר, און צוגעשטעלט אין די „פּריסוטסטוויעס" פאַר 12־יעריקע (קיין ריכטיקע מעטריקעס איז יענע צייטן כמעט

נישט געווען). מ'פלעגט באַגיין די שרעקלעכסטע רציחות: מ'פלעגט מאַכן אַ געיעג ביינאַכט, אויסרייסן קינדער פון מוטערס שויס, מ'פלעגט פאַרנאַרן, אוועקגנב'ענען. פלעגט מען כאַפּן אַ רעקרוט, איז פלעגט מען אים פאַרשפּאַרן אין קהל'ס אַן אַרעסטאַנטן־קאַמער ביז מ'האָט אים געבראַכט צו באַטראַכטן פאַר דער פּריסוטסטוויע. די צוגענומענע קינדער פלעגט מען איבערגעבן דעם פּאַרטיע־אָפיציר צו טרייבן זיי ווייטער, דערהויפּט אין די מזרח־גובערניעס און קיין סי־ביר. די קאַנטאָניסטן פלעגט מען מיט אַ כּיון פאַרטרייבן אין די ווייטסטע גו־בערניעס, כּדי זיי זאָלן גרינגלעך אָפּגעריסן ווערן פון דער יידישער סביבה. עלטערן און פריינט פלעגן באַווייגען די צוגענומענע, אַזוי ווי מ'באַוויינט אַ טויטן. מ'האָט זיך געזעגנט מיט קליינע קינדער אויף צענדליקער יאָרן, ווער ווייסט, אפשר אויף אייביק... אַ יאָמער־געשריי איז געווען אין יידישע שטעט הערבסט־צייט צום רעקרוטן־מאָל. קינדער־קאַנטאָניסטן האָט מען אָנגעפּאַקט פאַרטיעסווייז אַזוי ווי שאָף אין וואָגנס און געפירט זיי מיטן עטאַפּ. אַ. אי. גערצען מאָלט אַ בילד אין זיין „בילאָיע אי דומי" („אַמאָל און מחשבות"), ווי אַזוי מ'האָט גע־טריבן די אומגליקלעכע קינדער. צופעליק האָט ער געטראָפן אַזאַ פאַרטיע קאַנ־טאָניסטן, בעת ער אַליין איז געווען פאַרשיקט קיין וויאַטקע: אויף אַ סטאַנציע אין אַ פאַרוואָרפן וויאַטקער דערפל האָט ער געטראָפן אַן עטאַפּ־אָפיציר. גערצען האָט זיך מיט אים צערעדט:

— וועמען פירט איר און וואוהין ?

— ווי איר זעט, מ'האָט אָנגעטריבן אַ טשאַטע פאַרפלוכטע זש־דעקלאַך 8—10 יאָר אַלט. פאַרן פלאָט זאָלן זיי זיין, צי וואָס ? פריער האָט מען זיי געהיי־סן טרייבן קיין פּערם, דערנאָך האָט זיך געביטן: מיר טרייבן זיי קיין קאַזאַן. איך האָב זיי איבערגענומען פאַר אַ ווערסט הונדערט. דער אָפיציר, וואָס האָט זיי מיר איבערגעגעבן, זאָגט: אַן אומגליק מיט זיי, ביי טוּ עפּעס, אַ דריטל איז געבליבן אין וועג (דער אָפיציר האָט געוויזן מיטן פינגער אויף דער ערד). קיין העלפט וועט נישט קומען אויפן אָרט. —

— עפּידעמיעס, צי וואָס ? — האָב איך געפרעגט. אויפגערודערט ביזן טיפסטן וועזן.

— ניין ! וואָס פאַר עפּידעמיעס ! זיי פאַלן גלאַט אַזוי ווי די פליגן. אַ זשידאָקל — זעט איר, אַ גאָר נישט, קוים וואָס ער זשיפּעט, איז נישט געוווינט אַ שעה צען קנעטן בלאָטע און עסן סוכאַרעס. און ווידער — ווילד — פרעמדע, נישט קיין פאָטער, נישט קיין מוטער, קיין גוט וואָרט הערט דאָס נישט; הוסט אַזוינס, הוסט, און אידאַ, קיין „מאָהילעוו"... עי דו, ריר זיך, ברענג נאָר אַהער די צניפלאַך.

מ'האָט געבראַכט די קינדער און אויסגעשטעלט אַ ריכטיקן פראָנט. דאָס איז געווען איינע פון די שרעקלעכסטע זאַכן, וואָס איז מיר ווען עס איז אויסגע־קומען צו זען. אומגליקלעכע קינדער נעבאַך! די צוועלף־דרייצן־יעריקע האָבן זיך נאָך ווי עס איז געהאַלטן אויף די פיס, אָבער דאָס קליינוואַרג—אַכט, צען יאָר.... קיין שוואַרצע פאַרב וועט דאָס אויפן לייוונט נישט אויסמאָלן... בלאַס, אויסגעמאַ־טערט, איבערגעשראָקן זענען זיי געשטאַנען אין לעפּישע סאָלדאַטישע מאַנטלען מיט אויפגעשטעלטע קעלנער, געקוקט מיט אַ געבעט און אומבאַהאָלפן אויף די גאַרניזאָן־סאָלדאַטן, וואָס האָבן גראָב געטון זייערס: געגלייכט זיי אין די שורות

הייסע ליפּן, בלויע רעדער אונטער די אויגן — אַ סימן אויף פיבער, אָדער היץ. אומגליקלעכע קינדער, אָן יעדער אויפזיכט, אָן אַ צערטלעכקייט, פאַרבלאָזן מיטן ווינט, פונם אייז־ים, זענען זיי געפאַלן. איך האָב אַנגענומען דעם אָפיציר פאַר דער האַנט, אַ זאָג געטון: „קוקט זיך אום אויף זיי" און אריין צו זיך אין קאַטש; איך האָב געוואָלט ביטער וויינען; איך האָב געפילט, אַז איך וועל זיך נישט איינהאַלטן".

דער באַרימטער רוסישער פּובליציסט האָט געזען יידישע קאַנטאָניסטן אין וועג, ער האָט אָבער נישט געוואוסט, וואָס ווייטער טוט זיך מיט זיי, אין די קאַזאַרמעס, וואָס אַהין האָט מען זיי געטריבן. דעם דאָזיקן שרעקלעכן סוד האָבן שפּעטער דערציילט דער וועלט די יחידים, די קדושים, וואָס זענען אַרויס לעבעדיק פון דער דאָזיקער אינקוויזיציע. די צוגויפגעטריבענע פּאַרטיעס קליינוואַרג פלעגט מען צעשטעלן אין באַטאַליאָנען קאַנטאָניסטן. „דאָס גרייטן צו דער דינסט" פלעגט זיך אָנהויבן פון רעליגיעזער איבערדערציִונג, דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן „דיאַדקעס" און אונטער־אָפיצירן אין די הענט. מ'האָט געטון אַלע מיטלען צו נויטן די קינדער שמד'ן זיך. קיין פאָרמעלע אינסטרוקציעס איז דאָ נישט געווען, ס'איז געווענדט געווען אין דעם ברען פון דער קלענערער „נאַטשאַלסטווע", זי האָט גוט געוואוסט, וואָס אויבן וויל מען פון איר. מ'פלעגט שיקן די קינדער צו די אָרטיקע גלחים איבעררייִדן זיי, אָבער דאָס איבעררייִדן האָט כמעט קיינמאָל נישט געהאָלפן. דעמאָלט האָבן שוין „דיאַדקעס" און אונטער־אָפיצירן גענומען טון זייערס. מ'האָט צוגעקלערט אַלע מינים פּייניקונגען. געווייִנטלעך פלעגט דאָס צוגיין אַזוי: ווען אַלע פלעגן זיך פאַנאַנדערגיין שלאָפן, פלעגט מען שטעלן די קאַנטאָניסטן אויף די קני אין האַלטן לאַנג אַזוי די פאַרשלאָפענע קינדער. ווער ס'איז באַשטאַנען זיך שמד'ן — פלעגט מען אים אָפּלאָזן שלאָפן, פאַר'עקשנ'טע האָט מען געלאָזט שטיין אויף די קני אַ גאַנצע נאַכט, ביז זיי פלעגן נישט אַנידערפאַלן פון מידקייט. עקשנים פלעגט מען שמייסן מיט ריטער אָדער אַנדערש פּייניקן, לפנים האָט דאָס געהייסן גימנאַסטיק. מ'פלעגט שלאָגן און נישט געבן צו עסן פאַר נישט וועלן עסן חזיר, אָדער באָרשטש, פאַרפּעט מיט חזיר־שמאַלץ. אַנדערע פלעגט מען האָדעווען מיט געזאַלצענע פיש, דערנאָך נישט לאָזן טרינקען, ביז די געפּייניקטע קינדער האָבן נישט צוגעשטימט שמד'ן זיך. דער רוב קינדער האָט נישט אויסגעהאַלטן די אינקוויזיציע און געלאָזט זיך שמד'ן. ס'זענען אָבער געווען אַ סך, דערהויפּט די עלטערע, פון 15—18 יאָר, זענען אויסגעשטאַנען מיט העלדנמוט די גרעסטע ענויים. צעביילטע מיט פאַרלאָפענע ריקנס פון ריטער־שמיץ, אויסגעהונגערטע און געפּייניקטע מיט דאָרשט, מיט נישט שלאָפן, האָבן זיי זיך געהאַלטן איינס: זיי וועלן נישט אויסבייטן דאָס רענדל. פאַר אַזוינע עקשנים איז אָפט דער וועג געווען פון דער קאַזאַרמע אין לאַזאַרעט אַריין און נאָכדעם אין גרוב. געציילטע זענען געבליבן לעבן. געווען פאַלן ווען קינדער האָבן דעמאָנסטראַטיוו מקדש השם געווען. אַ פאָלקס־לעגענדע איז פאַראַן פון אַ מיליטער־פּאַראַד אין קאַזאַן (אַ וואַריאַנט: דעם צאַר'ס אַ רע־

וויזיע): דער באַטאַליאָן-קאָמאַנדיר האָט אויסגעשטעלט אַלע קאַנטאָניסטן אויפן ברעג טייך, גלחים זענען געשטאַנען אָנגעטאָן, גרייט אָנצוהויבן די טויף-צערעמאָניע. ס'האָט זיך דערהערט אַ באַפעל, די יינגלעך זאָלן אַריין אין וואַסער אַריין; „מיר פאָלגן", האָבן די קינדער געענטפערט אין איין קול, זיי זענען אַריין אין וואַסער און שוין דאָרט פאַרבליבן. אַרויסגעשלעפּט האָט מען זיי שוין טויטע... אָבער געוויינטלעך פלעגן די קליינע קדושים אויסשטיין פּיין און שטאַרבן שטילערהייט. זיי האָבן אויסגעזייט מיט קברים דעם וועג אין די ווייטע געגנדן; די, וואָס האָבן דערלאַנגט אַהין, פלעגן צאַנקען שטילערהייט אין די קאַזאַרמעס, וואָס זיי זענען געוואָרן אינקוויזיציע-טורמעס. אַזאַ אינקוויזיציע פאַר ק י נ ד ע ר אין מיליטער-דינסט איז אַן אויסנאַם-זאַך אַפילו אין דעם רייכן מאַרטיראָלאָג ביים יידישן פאָלק.

דערוואַקסענע רעקרוטן אין דעם געוויינטלעכן דינסט-עלטער 18—25 יאָר האָט מען נישט אַזוי פיל געפּייניקט צו שמד, אָבער נישט ווייניק זענען זיי אויך געפּלאָגט. געוועזן פונם „כאַפּן" זיי ביזן סוף שווערער 25 יאָריקער דינסט. בחורים'לעך, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט רוסיש, האָט מען אָפּגעריסן פונם חדר, פון דער ישיבה, אָפט גאָר פון ווייב און קינדער. דער איינפיר איז דעמאָלט געוועזן יונג חתונה מאַכן קינדער, און רעקרוטן אין עלטער פון 18—25 יאָר זענען שוין בעל הבית'לעך. (דאָס איז אגב געווען אַן אויסרייד פאַר פרומע גוטהאַרציקע כאַפּערס אָפּגעבן קליינע קינדער: אַ כפּרה פאַר באַווייבטע יונגעלייטלעך). דאָס געזעגענען זיך אויף 25 יאָר, פאָראויס, ווער ווייסט: שמד אָדער כויט ערגעץ אין דער ווייטער ווייט, האָט צעשטערט די פאַמיליע: אַ סך רעקרוטן פלעגן פאַרן אַוועקגיין אויף דינסט זיך גט'ן מיט זייערע יונגע פרויען, זיי זאָלן נישט בלייבן קיין עגונות. דאָס יאָר 1834 און אָנהויב 1835 האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, ס'זאָל אינגיכן אַרויס אַ געזעץ, מ'זאָל נישט טאָרן פרי חתונה האָבן; די אָבער, וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַר דעם, זאָלן פריי ווערן פון רעקרוטן-פליכט. ס'איז געוואָרן אַ בהלה. אַלע האָבן זיך געאיילט חתונה מאַכן יינגלעך פון 10—15 יאָר מיט מיידלעך אין דעמזעלבן עלטער. צייט עטלעכע חדשים זענען אין אַלע שטעט געוואָרן הונדערטער, כויזנטער אַזוינע פּאָל-פּאָלקן, וואָס האָבן זיך נאָך געשפּילט אין ניס. די דאָזיקע „בהלה" איז אָפּגעקילט געוואָרן ערשט נאָכדעם, ווי ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן „דער רעגלאַמענט וועגן יידן" דעם 13-טן אַפּריל 1835: ס'איז פאַרווערט געוואָרן מענער חתונה צו האָבן פאַר 18 יאָר, אָבער די, וואָס האָבן שוין פאַרכאַפּט פריער, איז קיינע פּריווילעגיעס נישט געגעבן געוואָרן. בכן האָט די בהלה נאָר גרעסער געמאַכט די צאָל פאַמיליעס, וואָס זענען פאַראומגליקט געוואָרן, ווייל מ'האָט די פאָטערס צוגענומען פאַר רעקרוטן. די דינסט איז געווען אַ שווער אָפּקומעניש פאַר יידישע סאָלדאַטן: זיי זענען אויסגעשטאַנען חוזק און געשלעג פאַר נישט קענען רעכט רוסיש רעדן, פאַר נישט וועלן עסן טרפ'ס,

בכלל פאַר אומגעשיקטקייט אין אַ ווילד פרעמדער סביבה און אין מיליטער־דינסט. נאָר ווען אַ ייד אַ סאָלדאַט האָט זיך שוין צוגעפּאַסט, האָט ער אין דער דינסט ווייטער פאַר אַן אונטעראָפיציר נישט געקאָנט דערלאַנגען: אויף אַ טשין אָפיציר האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ טויף־צעטל. אויסגעדינטע יידן, מייסטנס שוין אינוואַלידן, האָבן נישט געטאָרט אַפילו אָפזיין זייערע לעצטע יאָרן. אין די ערטער, אויסער דעם „תחום", וואו זיי האָבן געדינט לאַנגע יאָרן, ערשט אַ צייט שפּעטער האָבן „ניקאָלאַיעווער" סאָלדאַטן און זייערע נאָכדורות באַקומען אַזאַ פּריווילעגיע.

די גאַנצע לאַסט פון רעקרוטן־פליכט איז געפאַלן אויף די אָרעמסטע קלאַסן פאָלק: „מעשטשאַנעס", בעלי־מלאכות און קרעמערלעך, וואָס האָבן זיך נישט גע־קאָנט צושרייבן אין אַ גילדיע. (אגב, זענען געווען פאַלן, ווען אָרימעלייט האָבן געמאַכט אַ נדבה צו באַצאָלן גילדיע און ניצול ווערן פון „גויישע הענט"). פאַר־מעגלעכע האָבן דערפון נישט געליטן: אָדער זיי זענען געווען גילדיע־סוחרים, אָדער דאָ האָט געהאָלפן תקיפות, אויסגעקויפטקייט מיט קהל, וואָס האָט געמאַכט די רייכטערס.

## § 22. דער ברען פון דער שטראָף־פּאָליטיק. דער רעגלאַמענט דאָס יאָר 1835.

אין אַלע לענדער אין מערב־אייראָפּע זענען מיר צו, אַז מיליטער־פליכט פאַר יידן איז געווען איינגעפירט אָדער גלייך מיט עמאַנסיפּאַציע, אָדער ערב עמאַנ־סיפּאַציע; יעדנפאַל פלעגט מען דעמאָלט פאַרגרינגערן דעם יאָך אויסנאַם־געזעצן; מיליטער־פליכט — דאָס איז געווען אַ מין האַנטגעלט אויף גלייכבאַרעכטונג. אַפילו אין קלעריקאַלן עסטרייך האָט מען יידן אונטערגעטראָגן מיליטער־פליכט צוזאַמען מיטן „טאָלעראַנץ־עדיקט", כלומרשט אַן אַקט עמאַנסיפּאַציע. אַנדערש גייט דאָס צו אין רוסלאַנד. דאָ האָט מען איינגעפירט רעקרוטן־דינסט אין דער ערגסטער פאָרם, מ'האָט געשאַפן דערפון אַן אוממענטשלעכע פּראַקטיק, און אין דערזעלבער צייט האָט מען נאָך מער פאַרשרויפט דעם פּרעס אויף יידן, יידישע פאַרקנעכטונג האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. דעם יידן האָט מען געשמיסן מיט צוויי בייטשן: מיט דער מיליטערישער און מיט דער ציווילער. דאָס זעלבע יאָר, ווען ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די „רעקרוטן־קאָנסטיטוציע", אין דריי חדשים אַרום, ווען אין די שולן איז נאָך נישט אַנשטילט געוואָרן דאָס געוויין, גאָט זאָל אויסלייזן פון דער גזרה, זענען געחתמעט געוואָרן צווי באַפעלן (דעם 2־טן דע־צעמבער 1827) אַרויסשיקן יידן פון אַלע דערפער אין גראָדנער גובערניע אין די שטעט און שטעטלעך אַריין און אַרויסשיקן יידן פון קיעוו. דער ער־שטער באַפעל איז געווען אַ המשך פון ליקווידירן יידישע ישוב'ניקעס, וואָס דאָס

האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דאָס יאָר 1823 אין רייסן (§ 20). אויפגעהויבן די פּראַגע האָט דער גרויספירשט קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש; מ'האָט אים געהייסן „איבערזעצן יידן תּחלת נאָר אין איין גראָדנער גובערניע"; אין די איבריקע „זיינע" גובערניעס זאָל דאָס אָפּגעלייגט ווערן אויף אַן אַנדער צייט. דערביי איז מען געווען אַזוי אויסגערעכנט, אַז מ'האָט אים געהייסן אָנהויבן דעם גירוש „נישט פריער, איידער ס'וועט זיך ענדיקן דאָס איצטיקע רעקרוטן־מאָל". ניכר, מ'האָט מורא געהאַט פאַר אומרוען און מעשים. בכן איז געבליבן פריער צונעמען די קינדער פאַר סאָלדאַטן, דערנאָך פאַרטרייבן די עלטערן, צונעמען די יונגוואַרג, דערנאָך צעשטערן די נעסט... קיעווער גירוש איז שוין געווען אַן אָנהויב אויף אַ נייער סיסטעם: פאַרשמעלערן דעם ראַיאָן ש ט ע ט אינעווייניק אין געפּרעסטן „תחום". פון יאָר 1794 אָן האָבן יידן באַזעצט זיך אין קיעוו אָן שום מניעות, געהאַט דאָרט אַ היפּשע קהלה גאַנץ געזעצלעך, געטון ברייט אין מסחר און אין אינדוסטריע; פּלוצים האָבן רעגירער איינגעזעען, אַז זייער „איינזיין דאָרט שאַדט דער אינדוסטריע פון דער שטאָט און דער קרוין גופא, חוץ דעם איז דאָס דערווידער די רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס מ'האָט געשענקט קיעוו פאַרשידענע צייטן". דער שאַרפער דעקרעט פון פּעטערבורג, חוץ וואָס ער האָט פאַרווערט יידן זיך באַזעצן פון ס'ניי אין קיעוו, האָט ער נאָך געפּאָדערט, אַז די אַלטגעזעצסענע זאָלן פאַסירן די שטאָט משך אַ יאָר; די, וואָס פאַרמאָגן נחלאות זאָלן דאָס טון משך צוויי יאָר. יידן זאָלן אויף ווייטער מעגן קומען קיין קיעוו נאָר אויף אַ צייט—, נישט מער ווי אויף 6 חדשים, — אויף קאָנטראַקטן און ירידים, אויף צושטעלן דער קרוין, און דאָס אויך נאָר סוחרים פון די ערשטע צוויי גילדיעס.

דאָס יאָר 1829 איז אַרויס אַ גירוש אויף יידן ביי די ברעגן באַלטישן און שוואַרצן ים. אין קורלאַנד און אין ליפלאַנד האָט מען באַפוילן טון מיטלען „צו פאַרקלענערן די צאָל יידן", וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרמערט מיט פרעמדע, וואָס זענען נישט געבוירן אין דער געגנט און האָבן דאָרט קיין וואוינרעכט נישט געהאַט. דער צאַר האָט באַשטעטיקט דעם פאָרשלאַג פונם „יידן־קאָמיטעט" אַרויסשיקן פון קורלאַנד אַלע נישט־היימישע יידן אין די שטעט, וואו זיי זענען צוגעשריבן. די, וואָס זענען נישט צוגעשריבן צו קיין קהל, איז געגעבן אַ טערמין אַ האַלב יאָר אויף צושרייבן זיך אויסער דער געגנט; ווער ס'האָט דורכגעלאָזט דעם טערמין, איז באַפוילן געווען אָפּצוגעבן פאַר סאָלדאַטן, אָדער פאַרשיקן קיין סיביר (ווער ס'טויג נישט צו מיליטער־דינסט). דאָס זעלבע יאָר איז אַרויס אַ באַפעל, „ס'טויג נישט און ס'איז שעדלעך, יידן נישט־קיין־סאָלדאַטן זאָלן וואוינען אין סעוואַסטאָפּאָל און ניקאָלאַיעוו"; יידן זאָלן פון דאָרט אַרויסגעשיקט ווערן משך אַ יאָר; די, וואָס פאַרמאָגן דאָרט נחלאות, — משך צוויי יאָר. דאָס יאָר 1830 איז אַרויס אַ באַפעל אַרויסטרייבן יידן פון דערפער אין קיעווער גובערניע... אַזוי האָט מען זיך געוואָרפן מיט מענטשן פון דערפער אין שטעט, פון

איינע שטעט אין אַנדערע, פון איין גובערניע אין דער אַנדערער, פּונקט ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט פון איבערשטעלן אַ פּאַרטיע פּי.

ווען די דאָזיקע „מאָביליזאַציע״ האָט דערלאַנגט די העכסטע מדרגה, איז אַרויסגעשפּרינגען דער פּוילישער אויפשטאַנד דאָס יאָר 1830, וואָס האָט זיך אָנגערופן אין גאָרער צפון־מערב־געגנט. די רעגירונג האָט מורא געהאַט, יידן זאָלן זיך נישט צונויפלייגן מיט פּוילן, האָט זי זיי כּלומרשט נאָכגעגעבן אין אייניקע פּרטים. פעברואַר דאָס יאָר 1831 האָט מען אָפּגעלייגט דעם גירוש קיעוו אויף דריי יאָר: קיעווער גובערנאַטאָר האָט ראַפּאָרטירט, אַז „מ׳דאַרף אין זיבעט האָבן די איצטיקע פּאָליטישע אומשטענדן, וואָס זיי (יידן) קאָנען דערביי אַמאָל צונויץ קומען״. איידער ס׳איז געקומען דער טערמין, דאָס יאָר 1833, האָט דער קיעווער גובערנאַטאָר ווידער געמאָלדן פּעטערבורג, אַז ס׳איז כּדאַי לאָזן יידן אין קיעוו, ווייניקסטנס, אין איין קוואַרטאַל: „דאָס איז נוצלעך אין דעם פּרט, וואָס ביי זייער מעסיק, אויסגערעכנט לעבן קאָנען זיי פּאַרקויפן סחורה אַ סך ביליקער; זאָל מען זיי אַרויסשיקן, וועט אַ סך סחורה און אויסאַרבעט טייערער ווערן״. ניקאָלאַי דער I האָט דאָס אָפּגעוואָרפן, ער האָט נאָר צוגעשטימט אָפּלייגן דעם גירוש ביז פעברואַר 1835, וואָרום צו דער צייט דאַרף פאַרטיק ווערן דער „רעגלאַמענט וועגן יידן״. אַזוינע קורצטערמיניקע הנחות האָט מען געגעבן יידן אין ניקאָלאַיעוו, אין די דערפער פון קיעווער גובערניע און אין אַנדערע ערטער.

זינט מ׳האָט אַרויסגעגעבן דעם רעקרוטן־סטאַטוט פאַר יידן, האָט מען אין פּעטערבורגער קאַנצעלאַריעס גענומען אַרבעטן אויף אַ נייעם ציוויל־סטאַטוט פאַר יידן, אָנשטאָט דעם פאַרעלטערטן רעגלאַמענט פונם יאָר 1804. די אַרבעט האָט געהאַט פאַרשידענע גלגולים. תּחלת איז געמאַכט געוואָרן אַ פּראָיעקט אין „יידישן קאָמיטעט״ (§ 20, דער דאָזיקער קאָמיטעט פון מיניסטאָרן און דעפּאַרטאַמענט־דירעקטאָרן איז געגרינדעט געוואָרן דאָס יאָר 1823 מיט דעם צוועק „צו פאַרמינערן די צאָל יידן אין לאַנד״). תּחלת האָבן די דירעקטאָרן אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט־סטאַטוט פון 1230 פּונקטן, אַ גרויסער קאָדעקס קנעכטשאַפט מיט דעם כּלל, אַז יידן איז אַלץ פאַרבאָטן, חוץ אַזוינע זאַכן, וואָס אין געזעץ שטייט בפירוש, אַז יידן מעגן דאָס. דער דאָזיקער אומגעלומפּערטער פּראָיעקט האָט איבערגעשראָקן די רעגירונג גופא, און מ׳האָט אים געגעבן איבעראַרבעטן די מיניסטאָרן אינם „יידישן קאָמיטעט״. פאַרקירצט און איבערגעאַרבעט איז דער פּראָיעקט אַריבער דאָס יאָר 1834 אין געזעץ־דעפּאַרטאַמענט ביים מלוכה־ראַט; דאָרט האָט מען אים ערנסט באַהאַנדלט. דער מיניסטאָרישער פּראָיעקט איז געווען אַזוי אוממענטשלעך, אַז דער געזעץ־דעפּאַרטאַמענט האָט געהאַלטן פאַר נויטיק אים ווייכער מאַכן. די מיניסטאָרן (חוץ דעם פינאַנץ־מיניסטער) האָבן פירנעלייגט משך דריי יאָר אַרויסשיקן אַלע יידן פון דערפער אין שטעט און שטעטלעך אַריין. דעם געזעץ־דעפּאַרטאַמענט האָט אַזאַ אויפטו אויסגעזען ריזי־

קאַליש; ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין דעם רייסישן גרוש (דאָס יאָר 1823) האָט מען זיך אָפּגענאַרט: „יידן זענען רואינירט געוואָרן, פויערן זענען אָבער נישט געהאָלפן געוואָרן”. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון מלוכה־ראַט האָט צוגעשטימט צו דעם דעפּאַרטאַמענטס מיינונג „אַז היות ווי דעם געפּלאַנטן גירוש יידן (פון דערפער) איז שווער אויסצופירן, און זיין נוץ ווייסט מען נאָך נישט, זאָל מען אים אויסמעקן פונם סטאַטוט; און אפילו דאָרטן, וואו מ׳האָט געהייסן אַרויסשיקן יידן, נאָר דאָס איז נאָך נישט געטון געוואָרן, זאָל מען דעם גירוש אָפּשטעלן”. אויף דעם מלוכה־ראַטס ראַפּאָרט האָט דער צאַר געמאַכט אַזאַ רעזאָלוציע: „דאָרט, וואו מ׳האָט דאָס (דעם ג׳רוש) שוין אָנגעהויבן, פאַסט נישט אָפּשאַפן; מ׳דאַרף דאָס אָבער אָפּשטעלן אין די גובערניעס, וואו מ׳האָט זיך נאָך נישט גענומען דערפאַר”. די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט אויף צייט אָפּגעווענדט די האַק, וואָס איז געהאָנגען איבער ישובניקעס קעפּ.

אָבער פאַרברייטערן דעם „תחום” האָט דער צאַר שוין נישט געוואָלט נאָכגעבן. דער געזעץ־דעפּאַרטאַמענט האָט פירגעלייגט, יידן סוחרים פון דער ערשטער גילדיע, זאָלן מעגן וואוינען אין די אינעווייניקסטע גובערניעס, דער קרוין און דעם גרויסהאַנדל צונוצן. אין דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין מלוכה־ראַט האָט אַ מיעוט (13 גלידער) איינגעשטימט דערצו; דער רוב (22 גלידער) האָט געטענהט, אַז מ׳קאָן נישט אָנרירן די טראַדיציע, וואָס ציט זיך „פון פעטער דעם גרויסן אָן”, מ׳זאָל יידן נישט אַריינלאָזן קיין ראַסיי. ווען מ׳זאָל אָנהויבן לאָזן אַהין יידן „וואָלט דאָס געמאַכט זייער אַ שלעכטן איינדרוק אויף אונזער פאָלק, וואָס איז לויט זיינע רעליגיעזע באַגריפן און לויט זיין אַלגעמיינער מיינונג וועגן יידנס מאָראַל געוואוינט זיך האַלטן פון דערווייטנס פון יידן און פאַראַכטן זיי”. די מערב־לענדער, וואו יידן האָבן געקריגן גלייכבאַרעכטונג, „זענען פאַר רוסלאַנד קיין מוסטער נישט, ווייל איינמאָל איז ביי אונז אַ סך מער יידן, און ווידער איז די רעגירונג און דאָס פאָלק ביי אונז, ביי זייער גאָרער טאָלעראַנץ, דאָך זייער ווייט פון גלייכגילטיקייט צו רעליגיע, וואָס מיר באַמערקן דאָס ביי אַנדערע נאַציעס”. דער צאַר האָט אָנגעמערקט אויפן ראַפּאָרט ביי די לעצטע ווערטער: „דאַנקען גאָט”. דערנאָך האָט ער אַוועקגעלייגט אַזאַ רעזאָלוציע: „די דאָזיקע פראַגע האָט שוין פעטער דער גרויסער פאַרענטפערט, איך וועל זיך נישט איינשטעלן דאָס איבעראַנדערשן, איך בין גאָר און גאָר מסכים מיט דער מיינונג פון די 22 גלידער”. אין דעם פאַל איז דער צאַר צוגעשטאַנען צום רוב; אין אַן אַנדער פראַגע — וועגן רעקרוטן־נעמען פאַר יידן, — איז ער געווען קעגן דעם רוב. דער געזעץ־דעפּאַרטאַמענט, און נאָכדעם די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונם מלוכה־ראַט, האָט געפּרובט טיילווייז שטיצן די יידישע השתדלות, מ׳זאָל באמת פאַרגלייכן פאַר יידן די רעקרוטן־פליכט מיט אַנדערע (ווילנער קהל האָט געבעטן, מ׳זאָל אָפּשאַפן דעם אינסטיטוט קאַנטאָניסטן און מ׳זאָל נעמען רעקרוטן פון 20—35 יאָר אָנשטאָט 12—20). דער צאַר האָט דערויף געגעבן אַ רעזאָלוציע:

„ס'זאָל בלייבן ווי פריער"... דעם האַרטן רעקרוטן־רעגלאַמענט האָט מען נישט געטאָרט אָנרירן...

די גזרות, וואָס האָבן זיך געשיט נאָכאַנאַנד, די קדושים־פּיין, וואָס ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין, האָבן פאַרביטערט און פאַרטומלט דאָס פאָלק, און ס'האָט געשוויגן. אָבער די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן פון פעטערבורג, אַז מ'קלייבט זיך רעגלאַמענטירן דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן, האָבן אויפגעוועקט אַ טייל ייִדישע געזעלשאַפט: פאַר דעם נייעם קלאַפּ, וואָס האָט ערשט געזאָלט טרעפן, האָט מען זיך נאָך מער געשראָקן, איידער פאַר די געטראָפענע, און מ'האָט זיך געפּרובט באַטירלעך עפּעס טון צו פאַרהיטן. דאָס יאָר 1833 האָט מען דעם מלוכה־ראַט דערלאַנגט צוויי מעמאָראַנדומס, אַלס מאַטעריאַל צו דער ייִדנפראַגע: איינער איז געווען פון ווילנער קהל, געחתמעט פון 6 גבאים, דער אַנדערער האָט געהערט אַ צושטעלער פאַר דער קרוין, פּייגינען, אַ טשערניגאָווער סוחר, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען אין די אַדמיניסטראַטיווע הויכע פענסטער. ווילנער קהל מעלדעט, אַז די שטראָף־פּאָליטיק פונם „ייִדישן קאָמיטעט" די לעצטע יאָרן, וואָס „האָט שטאַרק דערלאַנגט" דעם ייִדישן פאָלק, מאַכט איצט ייִדן „גרוילן און ציטערן פאַר דעם אַלגעמיינעם סטאַטוט, וואָס ווערט איצט אויסגעאַרבעט אין דעמזעלבן קאָמיטעט און וואָס זאָל נאָכדעם באַהאַנדלט ווערן אין מלוכה־ראַט". ווילנער קהל דערמאָנט, ווי ייִדן זענען טריי געבליבן דעם טראָן בעתן פּוילישן אויפשטאַנד דאָס יאָר 1831 און בעט רחמים „זיך אומקוקן אויף דאָס דאָזיקע אומגליקלעכע פאָלק, וואָס האָט אויסצושטיין אַזויפיל בלבולים" און באַשירמען דאָס פון נייע גזרות. מיט מער פּראָטעסט איז געשריבן פּייגינס מעמאָראַנדום. ער פאַררופט זיך אויף די לעצטע רדיפות קעגן ייִדן און באַווייזט, אַז „מ'רודפט דאָס ייִדישע פאָלק פאַר זיין אמונה, נישט פאַר זיין מאָראַלישן צושטאַנד". „איצט קוקט מען אַרויס אויף אַ נייעם סטאַטוט, און ייִדן פאַרלירן יעדע האָפנונג אויף בעסערס, וואָרום די רעגירונג האָט זיך גענומען פאַר אַזאַ זאַך און נישט אָנגעפרעגט ביי ייִדן נישט קיין מיינונג, נישט קיין פאַרענטפערונג, בעת לויטן געזעץ נאָך, טאָר מען נישט פאַרמשפּטן קיין איין מענטשן אַפילו, נישט געגעבן אים די מעגלעכקייט צו פאַרענטפערן זיך". די דאָזיקע תּרעומה האָט נישט געהאָלפן: דער רעגירונג האָט בעסער געלוינט צו משפּטן ייִדן הינטער די אויגן, אָן שום גאַראַנטיעס פאַר אומפּאַרטייאישקייט, אָן יעדער פאַרטיידיקונג. די רעגירונג האָט נישט צופרידנגעשטעלט אַפילו ווילנער קהל, מ'זאָל „לאָזן קומען קיין פעטערבורג 4 דעפּוטאַטן פונם גאַנצן פאָלק אויפקלערן דער רעגירונג זייער פּלאַן, ווי איינצואָרדנען ייִדן, און מ'זאָל זיי ווייזן דעם פּראָיעקט סטאַטוט". פּרי־יאָר 1835 האָט מען געזאָגט דעם פּסק: אַפּריל איז געחתמעט געוואָרן דער „רעגלאַמענט וועגן ייִדן".

די דאָזיקע כאַרטיע רעכטלאָזיקייט, וואָס איר איז באַשערט געווען האָבן צו יאָגן עטלעכע צענדליק יאָר, איז באַשטאַנען פון די אַלטע „גרונטגעזעצן"

פאַר יידן מיט אַ צוגאָב אויסנאַם-געזעצן, וואָס זענען אַרויס נאָכן יאָר 1804. דער „תחום" איז נאָך מער פאַרשמעלערט געוואָרן, דאָס איז געווען: ליטע און דרום-מערב-גובערניעס, רייסן אָן דערפער, קליינרוסלאַנד (טשערניגאָווער און פּאָלטאַווער גובערניע) אָן קרוינישע דערפער, ניי-רוסלאַנד אָן ניקאָלאַיעוו און סעוואַסטאָפּאָל, קיעווער גובערניע אָן קיעוו, די באַלטישע גובערניעס—נאָר פאַר די אַלטגעזעסענע; דער גאַנצער פאַס 50 ווערסט די ברייט פון דער מערב-גרענעץ איז פאַרמאַכט פאַר ניי-געקומענע. קיין ראַסיי מעגן יידן קומען נאָר אויף אַ צייט (ביז 6 וואָכן) מיט גובערנאַטאָר-פּעסער, בתנאי, אַז די געקומענע זאָלן טראָגן אַ רוסישע קליידונג, נישט קיין יידישע. סוחרים פון די ערשטע 2 גילדיעס מעגן חוץ דעם קומען אין די רעזידענץ-שטעט און האַפן-שטעט, אויפן ניזשעגאָראָדער און אַנדערע גרויסע ירידים צו קויפן סחורה און פאַר הורט-פאַרקויף. יידן טאָרן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע הויז-דינער, זיי מעגן נאָר דינגען קריסטן אויף אַרבעט, בתנאי די אַרבעטער זאָלן וואוינען אין ספּעציעלע הייזער. חתונה האָבן טאָר מען נישט פאַר 18 (דער חתן) און 16 יאָר (די כלה), אַנדערש קומט טורמע (דער דאָזיקער פאַרבאָט האָט אַגב קיין פּראַקטישן ווערט נישט געהאַט: די רעגיסטראַציע פון געבורטן און חתונות האָט זיך געפירט שלעכט). עפנטלעכע אַקטן דאַרף מען שרייבן אויף רוסיש אָדער אויף אַן אָרטיקער שפּראַך, אָבער „פאַר קיין פאַל נישט אויף יידיש". קהל'ס זאַך איז אַכטונג געבן מ'זאָל פּינקטלעך אויספאָלגן, וואָס „נאַטשאַלסטווע הייסט", ס'זאָלן „פּינקטלעך אַריינפאַלן" קרוינישע שטייערן און אַנדערע אָפּצאָלן. קהל לייט ווערן געקליבן אַלע 3 יאָר פון אַזוינע, וואָס קאָנען שרייבן און לייענען רוסיש, די גובערניאַלע פאַרוואַלטונג דאַרף זיי באַשטעטיקן. יידן האָבן וואַל-רעכט אין דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג; אַזוינע, וואָס קאָנען לייענען און שרייבן רוסיש, מעג מען אויסקלייבן פאַר ראַטמענער אין שטאָט-דומעס און מאַגיסטראַטן (שפּעטער, דאָס יאָר 1836 איז דאָס אויסגעטייטשט געוואָרן, אַז נישט מער פאַר אַ דריטל ראַטמענער, חוץ ווילנע, דאָרט האָט מען גאָר אויסגעשלאָסן יידן פון דער שטאָט-דומע). בתי-מדרשים טאָר מען נישט מאַכן צו נאָנט צו קירכן. אַלע רוסישע שולן זענען אָפן פאַר יידישע קינדער און „מ'נויט זיי נישט, זיי זאָלן זיך שמד'ן" (פּונקט 106), — גאָרנישט קיין איבריקע זאַך צו דערמאָנען אין אַ צייט, ווען נויטן צו שמד איז געווען אַ וואָכעדיקער גאַנג. צו ראַטעווען יידישע נשמות איז געווען אַן אַנדער סטאַטוט, — דער רעקרוטן-סטאַטוט, — וועגן אים ווערט געזאָגט, אַז ער בלייבט גילטיק. בכן איז דער „רעגלאַמענט וועגן יידן" דאָס יאָר 1835 געווען נישט מער ווי אַ שולחן-ערוך פון דער גאַנצער יידנפיינטלעכער געזעצגעבונג, וואָס ביז דעמאָלט; די איינציקע מעלה זיינע איז געווען, וואָס ער האָט געמאַכט אַ סוף צו די גרושים פון דערפער, וואָס האָבן רואיגירט ישוב'ניקעס די יאָרן 1804—1830.

מיט אַרויסגעבן דעם רעגלאַמענט איז פונדעסטוועגן דער רעגירונגס

ברען נישט אָפּגעקילט געוואָרן. מ׳איז נישט מיד געוואָרן צו דרייען דעם געזעצ־
געבערישן פּרעס און וואַרגן די יידישע מאַסע. מ׳האָט זיך אָפּט אַריינגעריסן
אויך אין איר אינערלעך לעבן. מיט פּאָליציייאישע מיטלען האָט מען גענומען
שטרענג רעגולירן דאָס גייסטיקע לעבן. דאָס יאָר 1836 האָט זיך אָנגעהויבן
אַ צ ע נ ז ו ר - מ ל ח מ ה קעגן יידישע ספרים. יידישע ספרים, כמעט אויסשליס־
לעך רעליגיעזע: סדורים, מחזורים, תנ״ך, תלמוד און פּוסקים, שאלות־ותשובות,
מוסר־ספרים, קבלה און חסידישע ספרים האָט מען דעמאָלט געהאַט געדרוקט
(אין ווילנע, סלאַוויטע און אין אַנדערע שטעט) מיט דער השגחה פון שטרענ־
גע צענזאָרס. דאָך איז געווען גענוג ספרים, אַלטע פּוילישע אָדער אויסלענדישע
אויסגאַבן, וואָס יידן האָבן געהאַט ביי זיך. פּלוצים האָט זיך די רעגירונג גע־
כאַפּט: צי שטעקט דאָ נישט עפּעס „טרפס״ אין עלטערע אָדער אויסלענדישע
דרוק־ווערק, וואָס זענען נישט דורכגעגאַנגען די רוסישע צענזור? כדי „גרינגער
מאַכן די השגחה״ אויף נייע אויסגאַבן, אָדער אויף איבערדרוקן עלטערע ספרים,
איז אַרויס אַ באַפעל פאַרמאַכן אַלע יידישע דרוקן, חוץ צוויי: אין ווילנע און
אין קיעוו (שפּעטער זשיטאָמיר אָנשטאָט קיעוו), און מ׳האָט געשטעלט דערויף
ספּעציעלע צענזאָרס: דערנאָך האָט מען גענומען רעווידירן אַלע ספרים ביי יידן;
מ׳האָט באַפוילן, יידן זאָלן משך אַ יאָר צושטעלן דער פּאָליציי אַלע ספרים, וואָס
האָבן נישט קיין צענזור־הסכמה, אָדער וואָס מ׳האָט זיי געבראַכט פון אויסלאַנד;
„זיכערע רבנים״ זאָלן די דאָזיקע ספרים איבערזעען: „כשרע״ זאָלן זיי שטעמפּ־
לען מיט זייער שטעמפּל, „טרפע״ — זאָלן זיי אומקערן פּאָליציי אויף איבערשיקן
אין אינערן־מיניסטעריום. אַזוי האָט מען אָנגעצויגן אַ צענזור אויף דער גאָרער,
אַלטער יידישער ליטעראַטור די XVIII—XVI יאָרהונדערטן. היות חי יידישע
מחברים פון דער אַלטער און מיטלאַלטערישער צייט האָבן נישט געקאָנט פאָרויס־
זען, וואָס די רוסישע צענזור וועט האַלטן פאַר „טרף״, בכן האָט זיך אַרויסגע־
שטעלט, אַז אין אַ סך קלאַסישע יידישע חבורים זענען פאַראַן שטעלן, וואָס זיי
זענען „דערווּ׳דער רוסלענדער מלוכה־געזעצן״. אַלע אַזוינע ספרים, צענדליקער
טויזנטער עקזעמפּלאַרן, האָט מען איצט באַדאַרפט אָפּשיקן קיין פּעטערבורג. דאָס
האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר זייער שווער, גובערנאַטאָרס האָבן זיך אַריינגע־
לייגט אין דער זאַך און דע צאַר האָט דערלויבט אַלע אַזוינע חשודיקע ספרים פאַר־
ברענען אויף אַן אָרט בתנאי, אַז פון יעדער אַזאַ אויטאָ־דאַ־פע זאָל מען ראַפּאָר־
טירן קיין פּעטערבורג און צושטעלן דעם אינערן־מיניסטעריום צו 1 עקזעמפּלאַר
פון יעדער „פאַרטיליקטן״ ספר. די צענזור האָט זיך אָבער דערמיט אויך נישט
געקאָנט צופרידנשטעלן. מ׳האָט מורא געקריגן, אַז „זיכערע רבנים״ האָבן אויך
געקאָנט האַלטן פאַר „אומשעדלעך״ אַ סך ספרים, וואָס זיי זענען אַ געפאַר פאַר
דער אָרדנונג און דו אין דער מלוכה; בכן האָט מען דאָס יאָר 1841 געמאַכט
אַ השגחה אויף רבנישער צענזור אויך. אַלע ספרים אָן צענזור, וואָס רבנים
האַלטן פאַר אומשעדלעך, זאָל מען אָפּשיקן אין ווילנער און קיעווער צענזור־

קאָמיטעטן; „כשרע" זאָל מען אָפּשטעמפּלען, „טרפֿע" זאָל מען פֿאַרברענען. וואָגנס ספרים האָבן זיך געשלעפּט קיין קיעוו און קיין ווילנע. אַ סך יאָרן נאָכדעם איז נאָך געלעגן פֿאַרשפּאַרט ביי פּאָליציי די דרייטויזנטיאָריקע ליטע־ראַטור פֿונם „עם הספר", אַרויסגעקוקט, אַ רוסישער טשינאָווניק זאָל זיך אויף איר דערבאַרעמען, אָדער ער זאָל זי פֿאַרברענען...

די רעגירונג האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן שטאָל און אייזן ביי דער פּרימיטיווער מעטאָדע אין דער יידנפֿראַגע, אַז דאָס בעסטע און דאָס גרינגסטע איז אָפּשמדן יידן. די גרוזעצגעבונג יענע צייט איז שטאַרק פֿאַרטון אין משומדים. אַז יידישקייט וועט זיך סוף כל סוף אונטערגעבן דער קירך —, דאָס איז מען געווען זיכער, ס'איז נאָר געווענדט אין דער צייט, ווען. אָבער די מאַכט גופֿא האָט ווייניק וואָס געגלויבט אין משומדים'ס אויפֿריכטיקייט, דאָס יאָר 1827 האָט מען פֿאַרעפֿנטלעכט דעם צאַרס אייגנהאַנטיקע רעזאָלוציע: „שטרענג אַכטונג געבן, אַז די טויף זאָל פֿאָרקומען דווקא זונטאָג־טעג און מיט דער גרעסטער עפֿנטלעכ־קייט, ס'זאָל נישט בלייבן קיין חשד, אַז די טויף איז דא לפנים". אָבער שפּעטער האָט מען געמוזט פֿאַרגרינגערן דעם דאָזיקן קאָנטראָל פֿאַר יידן, וואָס „ווילן אויסמיידן די עפֿנטלעכקייט ביי דער טויף", דערהויפּט פֿאַר קאַנטאָניסטן, וואָס „האָבן דעם גוטן ווילן צו ווערן פּראַוואָסלאַוונע" לויט דער „עצה־טובה" פֿון קאַזאַרמע־מיס־יאָנערן. זאָגן, אַז געפּייניקטע קינדער מייגען דאָס אויפֿריכטיק מיט שמד, האָט מען נישט געקאָנט; בכן האָבן גלחים אין די באַטאַליאָנען געמעגט טויפֿן אַזוינע קנעכט „נישט אָנגעפֿרעגט ביי די העכערע" (1831). אין די באַפֿעלן יענע צייט טרעפֿן מיר שטענדיק אַזאַ אויסדרוק: „סאָלדאַטן יידן, וואָס זיי בלייבן ביי זייער גלויבן" — אַזוי האָבן געהייסן עקשנים, וואָס פֿירן זיך קעגן דער טבע, ד. ה. קעגן מאַסן־שמד, וואָס נאַטשאַלסטווע האַלט דאָס פֿאַר ריכטיק. אָבער צווישן „יידן אויף דער פֿריי" איז שמד געווען זייער אַ זעלטענע זאַך, ס'האָבן נישט געהאָלפֿן קיינע פּריווילעגיעס פֿאַר משומדים, קיינע געשענקטע שטראָפֿן פֿאַר קרימינאַל־פֿאַרברעכער, ווען זיי ווערן פּראַוואָסלאַוונע.[1])

## § 23. די אָפֿיציעלע בילדונג (1844—1840).

אַ קורצע צייט איז מען מיד געוואָרן צו שלאָגן יידן. די סיסטעם אַפּוט־רופּסות בלייבט ווי פֿריער, נאָר ס'זאָל שוין אָנגעווענדט ווערן אַ מאָדערנע פֿיי־נערע מעטאָדע אָנשטאָט דער מיטלאַלטערישער. די רעגירונג האָט געהאַט צווישן

1) לויט דעם שטראָף־קאָדעקס (אויסגאַבע דאָס יאָר 1845, פּונקט 157) ווערט פֿאַרגרינגערט און אפֿילו פֿאַרבאָטן די שטראָף פֿאַר פֿאַרברעכער, וואָס שמדין זיך בעת דער אויספֿאָרשונג אָדער בעת דעם געריכט.

זיך פּערזאָנען (למשל, דער בילדונג-מיניסטער אוּוואַראָוו), וואָס האָבן געוואוסט, וואָס אין אייראָפּע טוט זיך. זיי האָבן געוואוסט פון די וועגן, וואָס רעאַקציאָנערע רעגירונגען האָבן אויסגעפונען אין דער יידנפראַגע אין עסטרייך און אין פּרייסן און וואָס וואָלטן געטויגט פאַר רוסלאַנד אויך. בכלל האָט זיך די רוסישע רעגירונג שטאַרק אַרומגעצוימט קעגן דעם „צעפוילטן מערב", איר האָבן זייער חייניק געשמעקט די נייע פּאָליטישע באַוועגונגען דאָרט, אָבער זי האָט זיך גערן אָנגעכאַפּט פאַר די אָפּגעלעבטע געגנ פונם „אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם", וואָס זענען אָנגעגאַנגען, דערהויפּט אין עסטרייך, די ערשטע צענדליקער יאָרן דאָס XIX יאָרהונדערט. פּרייסן האָט זייער אויסגענומען ביי רוסישע הויכגעשטעלטע ביוראָקראַטן: אַזוי פיל אַסימילירטע יידן און משומדים! אַזאַ רעפאָרם-באַוועגונג צווישן יידן! געדוכט האָט זיך זיי אין דער מיסיאָנערישער פאַנטאַזיע, אַז די רעפאָרם איז שוין אַ שפּאַן נענטער צו קריסטנטום. האָט מען נישט געקאָנט באַשטיין דעם נסיון: אָנווענדן די פּאַסיקע רעאַקציאָנערע מעטאָדעס פון מערב-אייראָפּע און דערביי נישט אַרויסלאָזן פון די הענט די אייגענע פּאָליצייאישע בייטש.

דאָס יאָר 1840 האָט דער מלוכה-ראַט ווידער גענומען באַהאַנדלען די יידן-פראַגע, דאָס מאָל — פּרינציפּיעל. פּראָווינציעלע אַדמיניסטראַטאָרס (דערהויפּט קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר ביביקאָוו) האָבן ראַפּאָרטירט, אַז דער רעגלאַמענט פונם יאָר 1835 איז אויך נישט גענוג „אויסצוליייטישן" יידן, וואָרום דער עיקר בייז שטעקט אין זייער „רעליגיעזן פאַנאַטיזם און אָפּגעשלאָסנקייט"; דאָס אָבער קאָן מען באַזייטיקן נאָר מיט רעפאָרמירן זייער אינעווייניקסט לעבן. אוּוואַראָוו און סטראָגאַנאָוו, מיניסטאָרן פאַר פאָלקסבילדונג און אינערע ענינים, האָבן אויפגעגעבן אַ נייע סיסטעם אויסצוליייטישן יידן. דער פּועל-יוצא פון דער דאָזיקער באַראַטונג איז געווען די געוויסע „מעמאָריע" פונם מלוכה-ראַט, וואָס מ'האָט דערלאַנגט ניקאָלאַי דעם 1-טן. די רעגירונג איז זיך דאָ מודה, אַז זי איז אוממעכטיק אויסצובעסערן יידישע חסרונות, ווייל „ביי יידן פעלט נוצלעכע אַרבעט, זיי זענען פאַרטון אין קליינקרעמעריי, אין וואַנדערן, און זיי זענען פאַרעקשנט אָפּגעשלאָסן פונם אַלגעמיינעם בירגערלעכן שטייגער". די סיבה, פאַרוואָס די רעגירונג איז נישט אימשטאַנד עפּעס אויפצוטון, איז, וואָס ביז איצט האָט מען זיך נישט פאַרטיפט אין דעם מהות פון יידישער אָפּגעשלאָסנקייט, און דאָס איז זייער רעליגיעזער און קהלה-שטייגער. דער שורש פון אַלדאָס בייז איז דער תלמוד, וואָס „שפּייזט ביי יידן די טיפסטע פאַראַכטונג צו אַנדערע פעלקער" און לערנט זיי אפילו „הערשן איבער אַנדערע". דער תלמוד רעדט זיי איין, „יידן זאָלן האַלטן זייער אייבזיין אין יעדער לאַנד, חוץ אין ארץ-ישראל, פאַר אַ גלות", און זיי „זאָלן מער פאָלגן זייער אייגענער מאַכט, איידער אַ פרעמדער רעגירונג". דערפון נעמט זיך דער „אַלמעכטיקער קהל", וואָס האָט די מאַכט פון קהלה-אויטאָנאָמיע. די דערציאונג פון דער יידישער יוגנט איז ביי מלמדים אין די הענט, ביי „פינסטערע פאַנאַטיקער און אומוויסער"; „ביי די דאָזיקע פאַנאַטיקער באַקוי-

מען קינדער די שעדלעכסטע באַגריפֿן פֿון אומטאָלעראַנץ צו אַנדערע פֿעלקער", יידישע קליידונג שיידט אויך אָפּ יידן פֿון אַרום. די רוסישע רעגירונג האָט „געטון מיטלען צו פֿאַרהיטן פֿאַר יידן", אָבער דעם צוועק האָט מען נישט דערלאַנגט: דער רעקרוטן־סטאַטוט האָט נישט געקאָנט קיין סך אויפֿטון „צו ענדערן יידישע זיטן". בילדונג אין רוסישע שולן און ערדאַרבעט, וואָס מ'האָט אָנגעבאָטן יידן, איז נישט געגוג געווען. גירושים פֿון דערפֿער האָבן אויך נישט דערלאַנגט דעם צוועק: „יידן זענען רואינירט געוואָרן, אָבער פּויערים זענען נישט געהאָלפֿן געוואָרן". דער מלוכה־ראַט קומט דעריבער צו אַזאַ אויספֿיר: „דערפֿון איז געדרונגען, אַז פּרטע אָדער פּאָליציייאישע אויסנאַם־געזעצן זענען נישט גענוג, אַז אַזאַ גרויסער קלאַס מענטשן זאָל זיך נעמען פֿאַר נוצלעכער אַרבעט. יידן האָבן מיט קדושים־מוט איבערגעטראָגן אין מערבֿ־אייראָפּע די ערגסטע רדיפֿות און זענען געבליבן ביי זייער נאַציאָנאַלן טיפּ, ביז רעגירונגען האָבן זיך נישט געטון קיין מי טיפֿער אויסצופֿאָרשן די סבות, פֿאַרוואָס יידן פֿירן אַזאַ אָפּגעשלאָסן לעבן, כּדי צו ווירקן אויף די דאָזיקע סבות"... נאָך אַזאַ הקדמה נעמט זיך דער מלוכה־ראַט אַראָפּ אַ מוסר פֿון פֿרעמדע מלוכות; שטאַרק ליב איז אים דער פּרייסישער רעגלאַמענט פֿונם יאָר 1797 פֿאַר די פּוילישע יידן און די עסטרייכישע סיסטעם צוואַנג־שול. אָפּגעלערנט זיך ביי מערבֿ־אייראָפּע, מערקט אָן דער מלוכה־ראַט דריי וועגן „גרינטלעך צו ענדערן דאָס דאָזיקע פֿאָלק": 1) קולטור־ווירקונג, מאַכן ספּעציעלע שולן פֿאַר יידישע קינדער, אויסראָטן דעם אַלטן חדר און מלמדים, רעפֿאָרמירן דאָס רבנות, פֿאַרווערן יידישע קליידונג; 2) אָפּשאַפֿן די יידישע אויטאָנאָמיע, אָפּשאַפֿן קהל און רעפֿאָרמירן יידישע שטייערן; 3) שטראָף־מיטלען קעגן עקשנים: אויסטיילן פֿון דער יידישער מאַסע אַלע, וואָס זענען נישט קיין פֿעסטע תּושבֿים און האָבן נישט קיין געוויסן פֿאַרמעגן; אַזוינע זאָל מען אויסלייטישן מיט דיסציפּלינאַר־מיטלען: אַרויסשיקן, פֿאַרמינערן זייערע רעכט, נעמען פֿון זיי מער רעקרוטן און מיט ענלעכע פּאָליצייי־דרכים. די אַלע דריי וועגן זאָלן אויסהעלפֿן איינס דעם אַנדערן. „אויסגעשטימט אַלע טיילן פֿון דעם דאָזיקן פֿאָרשלאַג מיט דעם עיקר־געדאַנק: רעפֿאָרמירן דאָס יידישע פֿאָלק, און מיט דער הילף פֿון צוואַנג־מיטלען, קאָן מען האָפֿן, אַז די רעגירונג וועט דערלאַנגען איר צוועק".

די דאָזיקע מעמאָריע פֿונם מלוכה־ראַט האָט געבראַכט דערצו, אַז דער צאַר האָט דעם 27 דעצעמבער 1840 געהייסן גרינדן „אַ קאָמיטעט צו באַהאַנדלען די וועגן ווי אַזוי גרינדלעך צו רעפֿאָרמירן יידן אין רוסלאַנד". פֿאָרזיצער אין קאָמיטעט איז געוואָרן גראַף קיסעליעוו, מיניסטער פֿאַר מלוכה'שע גיטער; גלידער זענען געווען: מיניסטאָרן פֿאַר פֿאָלקסבילדונג, אינערע ענינים און פֿינאַנסן; בלודאָוו, דער פֿאַרוואַלטער פֿון דעם צווייטן אָפּטייל קייזערלעכער קאַנצעלאַריע און דובעלט, דער שעף פֿון פּאָליטישער פּאָליציי, פֿון דעם גרוילדיקן „דריטן אָפּטייל" קייזערלעכער קאַנצעלאַריע. דובעלט האָט געהאַט אַ ספּעציעלע עובֿדה:

„שטרענג אַכטונג געבן אויף יידישע אינטריגעס און טועכצן, וואָס קענען פּיר=
קומען בעת די דאָזיקע „דיעלאָ" פירט זיך". די מעמאָריע פונם מלוכה-ראַט,
וואָס זי האָט געזאָלט זיין די פּראָגראַם פאַרן נייעם קאָמיטעט, האָט מען צעשיקט
די גענעראַל=גובערנאַטאָרס אין מערב=געגנט „ג ע ה י י ם פאַר (אייער) אייגן
וויסן און באַראָט". בכן האָט מען אָנגעהויבן די רעפאָרמאַטאָרישע מלחמה קעגן
יידן שטילערהייט, מיט פּאָליציייאישער פּאָרזיכט, דעם שונא קיין קריג נישט גע=
מעלדעט. דער קאָמיטעט זאָל אויסאַרבעטן דעם פּראָיעקט לויט אַ געוויסן סדר
פּונקטנווייז: פריער „אויפקלערונג", דערנאָך פאַרניכטן די אויטאָנאָמיע, צום סוף
שטראָף=מיטלען. וועגן ערשטן פּונקט האָט אואוואַראָוו אָנגעשריבן און דערלאַנגט
דעם קאָמיטעט אַן אויספירלעכן רעפעראַט. אואוואַראָוו, וואָס האָט געכאַפּט דעם
„גוטן טאָן" פון אַן אייראָפּעער, הויבט אָן זיין רעפעראַט דערמיט, אַז אייראָ=
פּעאישע רעגירונגען האָבן שוין פאַסירט די מעטאָדע פון „רדיפות און גוואַלדטון",
אַלס אַ מיטל צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע; „ס'איז שוין געקומען די צייט, מיר
זאָלן אויך אַזוי טון". „קיין פעלקער פאַרטיליקט מען נישט, בפרט נאָך אַזאַ
פאָלק, וואָס זיין גייסטע געשיכטע הויבט זיך אָן ביי קריסטוס קרייציקן"... פונם
מיניסטערס ווייטערדיקע רייד איז אָבער אַרויסצוזען, אַז ער האָט נאָך נישט אָנ=
געוואָרן די האָפנונג צו דערנענטערן יידן מיט אַנדערע מיטלען צו דער רעליגיע,
וואָס הויבט זיך אָן פון קריסטוס קרייציקן. דער מיניסטער זאָגט: „די בעסטע
צווישן יידן פילן, אַז איינע פון די וויכטיקסטע סיבות, פאַרוואָס זיי זענען אַזוי
דערנידעריקט, איז, וואָס זיי טייטשן אַזוי פאַלש אויס זייערע רעליגיעזע טראַ=
דיציעס, אַז דער תלמוד האָט דעמאָראַליזירט יידן און טוט דאָס איצט אויך;
אָבער אין ערגעץ איז די השפעה פונם תלמוד נישט אַזוי שטאַרק ביי יידן, ווי
ביי אונז און אין פוילן. נאָר בילדונג קאָן באַזייטיקן די דאָזיקע ווירקונג, און
די רעגירונג דאַרף גיין מיט דעם וועג, וואָס ס'גייט אַ הייפל בעסטע צווישן זיי
(יידן). רעפאָרמירן יידישע בילדונג — דאָס הייסט די זעלבע צייט אויסלייטערן
זייערע רעליגיעזע באַגריפן". וואָס דער מיניסטער מיינט דאָ מיט „אויסלייטערן",
קאָן מען אַרויסזען פון זיין אַ באַמערקונג דרך אגב, אַז נישט אומזיסט האָבן אָפּ=
געשלאָסענע יידן מורא פאַר אַ רעפאָרם, „וואָרום צי איז דען נישט די רעליגיע
פון קרייץ דער ריינסטער סימבאָל פון אַ וועלט=בירגערשאַפט?"... אָבער, זאָגט
ווייטער אואוואַראָוו, וועגן דעם דאַרף מען עפנטלעך נישט רעדן, וואָרום „דאָס
וואָלט הייסן נאָך איידער וואָס אויפרייצן דעם רוב יידן קעגן שולן". די רע=
פאָרם איז: עפענען אין אַלע שטעט אין „תהום" אָנהויב=שולן פאַר יידן, מ'זאָל
דאָרט לערנען רוסיש, אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, העברעאיש און „דת לויט דער ביבל".
לערנען זאָל מען אַלצדינג אויף רוסיש, נאָר היות ווי ס'פעלן נאָך איצט אויס
לערערס רוסיש=קענער, מעג מען דערווייל לערנען אויף דייטש. לערער פאַר
גאָר די אָנהויב=שולן זאָלן גענומען ווערן די ערשטע צייט פון צווישן מלמדים,
„וואָס פאַרדינען צוטרוי", פאַר העכערע אָנהויב=שולן — פון צווישן געבילדעטע

יידן אין רוסלאַנד און אין דייטשלאַנד. דער קאָמיטעט האָט בכלל אָנגענומען אוּוואַראָווס פּראָיעקט און האָט איינגעפונען, אַז כּדי צוגרייטן די יידישע מאַסע צו דער געפּלאַנטער רעפאָרם, דאַרף מען שיקן אין „תחום" אַן אַגיטאַטאָר, וואָס זאָל צו פאַרשטיין געבן דעם עקשנותדיקן פאָלק „דעם ווילן מיין פון דער רעגירונג". אַזאַ אַגיטאַטאָר האָט זיך געפונען אויך, דאָס איז געווען דער יינגער דאָקטאָר מאַקס ליליענטאַל, אַ דייטשער ייד.

ליליענטאַל איז געבוירן אין בייערן (אין מינכען דאָס יאָר 1815), שטודירט אין אַ דייטשן אוניווערסיטעט, דאָס איז געווען אַ טיפּ פון אַ דייטשיש-יידישן אינטעליגענט; ער האָט געהאַלטן פון אַסימילאַציע און פון אַ מעסיקער רעליגיעזער רעפאָרם. ווי נאָר ער האָט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט, האָט אים אַ טייל געבילדעטע יידן אין ריגע אַרויסגערופן אַהער פאַר פּרעדיקער און דירעקטאָר פון דער יידישער שול, איינע פון דריי רעפאָרמירטע שולן דאַמאָלט אין רוסלאַנד (די איבריקע צוויי זענען געווען אין אָדעס און אין קישינעוו). פאַר אַ קורצער צייט האָט ער באַוויזן אַזוי מאָדערן אַוועקצושטעלן דאָס לערנען פון יידישע און אַלגעמיינע למודים, אַז אוּוואַראָוו האָט זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן. דער מיניסטער האָט געהאַלטן די ריגער שול פאַר אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער נעץ שולן, וואָס זאָל זיך אינגיכן פאַרשפּרייטן איבערן גאָרן „תחום"; אין ליליענטאַלן האָט ער געזען דעם מאַן, וואָס אויף אים מעג מען זיך פאַרלאָזן דורכצופירן די רעפאָרם. פעברואַר 1841 האָט מען ליליענטאַלן אַרויסגערופן קיין פּעטערבורג, דאָרט האָט ער געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט אוּוואַראָוון. לויט אָפיציעלע קוועלן זאָל ער האָבן איינרעדן דעם מיניסטער פאַרמאַכן אַלע חדרים, לערער פאַר די נייע שולן זאָל מען אַראָפּברענגען פון דייטשלאַנד. ווי ליליענטאַל גופא גיט איבער, זאָל ער האָבן באַמערקט דעם מיניסטער, אַז אַלע מניעות פאַר אויפקלערן רוסישע יידן וואָלטן געוואָרן אויס, ווען דער צאַר זאָל זיי געבן גלייכבארעכטונג; דער מיניסטער זאָל דערויף האָבן געענטפערט, אַז די ערשטע דאַרפן טון יידן, זיי „זאָלן פאַרדינען דעם מאָנאַרכס גנאָד". פונדעסטוועגן האָט ליליענטאַל אויף זיך אָנגעלאָדן די שווערע שליחות — אויפקלערן געפּייניקטע מענטשן. מ'האָט אים באַפוילן אַרומרייזן דעם „תחום", אָרגאַניזירן דאָרט די צעזייטע פּראָגרעסיווע לייט, די משכּילים, און אַגיטירן צווישן דער פאָלקס-מאַסע פאַר דער שול-רעפאָרם.

בעת ליליענטאַל האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, האָט ער אַליין נישט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ שווערע אַרבעט ער האָט גענומען אויף זיך. ער האָט געזאָלט צו פאַרשטיין געבן „דעם ווילן מיין פון דער רעגירונג" אַ פאָלק, וואָס די רעגירונג האָט דאָס מיט אירע אוממענטשלעכע רדיפות געמאַכט פאַר קנעכט, צו שאַנד און צו שפּאָט. ער האָט געזאָלט איינרעדן יידן, אַז די רעגירונג מיינט גוטס טון זייערע קינדער, בעת אין אַלע יידישע גאַסן האָבן זיך „כאַפּערס" געיאָגט נאָך זיי, טויזנטער קינדער זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר רע-

קרוטן, און דאָרט אין די קאַזאַרמעס האָט מען געטון מיט זיי אַזוינס, אַז קוים
אַ העלפט זענען לעבן געבליבן און קוים אַ צענטחלק איז געבליבן ביי יידיש-
קייט. מיט אַ נאַטירלעכן חוש האָט דאָס פאָלק אַזוי אויסגעטייטשט דער רעגי-
רונגס נייעם אויפטו: איצט שמדט מען קינדער אין דער קאַזאַרמע, שפּעטער
וועט דאָס געטון ווערן דורך דער שול אויך. ווען ליליענטאַל איז געקומען קיין
ווילנע (אָנהויב 1842) און האָט גערעדט אין אַ גרויסער יידישער פאַרזאַמלונג
פון דעם רעגירונגס-פּלאַן און פונם „יידנפריינט" אוואַוואַראָוו, האָט מען אים אָפן
נישט געגלייבט. ליליענטאַל דערציילט וועגן דעם אַזוי: „די זקנים זענען געזעסן
שטאַרק פאַרטראַכט. לסוף האָט זייער ראש מיר פאַרגעבן אַזאַ ווייטזיכטיקע פראַ-
גע: „צי ווייסט איר וואויל, דאָקטאָר, דער רעגירונגס מיין דערביי? דאָס, וואָס
די רעגירונג טוט קעגן אַלע נישט פראַוואָסלאַוונע, באַווייזט קלאָר, אַז זי וויל
האָבן אין דער מלוכה נישט מער ווי איין אמונה, זי זאָרגט נאָר פאַר איר
שטאַרקייט און גרויסקייט, נישט פאַר אונזער וואויל". דערויף האָט ליליענטאַל
אָפּגעענטפערט מיט אַווידעראַנאַנד: זאָלן זיך יידן שטעלן קעגן דער רעפאָרם,
וועט דאָס שטאַרק אויפברענגען די רעגירונג און זי וועט באַגיין שטרענגע
שטראָף-מיטלען, בעת איצט האָבן יידן די געלעגנהייט צו ווייזן דער רעגירונג,
אַז זיי האָבן נישט קעגן בילדונג, ממילא פאַרדינען זיי אַ בעסערע מערכה.
מ'האָט ליליענטאַלן געפרעגט: מיט וואָס זענען יידן זיכער, אַז אין דער רעגי-
רונגס פּלאַן שטעקט נישט עפּעס אַ נייער אויפטו קעגן דעוו יידישער אמונה.
דערויף האָט ער געגעבן פייערלעך דאָס וואָרט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין
שליחות, ווי נאָר ער וועט זיך איבערצייגן, אַז די רעגירונג איז דאָ שטילערהייט
עפּעס אויסן קעגן יידישקייט. דאָס הייפל ווילנער משכילים האָט שטאַרק גע-
שטיצט ליליענטאַלן, און ער איז אָפּגעפאָרן אויף דער ווייטערער רייזע, שטאַרק
זיכער, אַז ס'וועט אים געראָטן. אָבער אין מינסק האָט ער שוין דערזען, אַז
ער לעבט אין טעות. אין דער פאַרזאַמלונג האָט זיך צעקאָכט אַ שטאַרקער וכוח,
די קעגנער האָבן דאָ פירגעבראַכט אַזוי: „ביזוויילאַנג די מלוכה וועט נישט געבן
יידן קיין בירגערלעכע רעכט, וועט בילדונג זיין פאַר זיי נישט מער ווי אַן אומגליק.
אַ פּשוטער אומגעבילדערטער ייד שעמט זיך נישט מיט אַזאַ געמיין באַשעפטי-
גונג, ווי מעקלעריי, אָדער קליינקרעמעריי, ער געפינט אַ טרייסט אין זיין אמונה
און ער האָט בטחון. אָבער אַ יידן אַ געבילדעטן, אַן אויפגעקלערטן, וואָס טאָר
זיך נישט קערן און ווענדן אין דער מלוכה, וועט די אומצופרידנקייט מיט זיין
נידריקן מצב מוזן ברענגען דערצו, ער זאָל זיך שמדן. פאַר אַזאַ תכלית וועט
קיין ערלעכער פאָטער נישט אָפּגעבן זיין קינד אין קיין נייער שול". מינסקער
אָפּאָזיציע קעגן „קאַזיאָנער" בילדונג האָט אָבער נישט סתם אָפּגעענטפערט לי-
ליענטאַלן מיט שכלדיקע טענות: אין דער פאַרזאַמלונג און אויף די גאַסן איז
ליליענטאַלן אויסגעקומען צו הערן אַ סך באַליידיקונגען אויך.
ליליענטאַל איז צוריקגעקומען קיין פעטערבורג און האָט צוגעשטעלט אַ

באַריכט אוּואַראָוו'ן, וואָס דערפון האָט זיך אוּוואַראָוו איבערצייגט, אַז דורכפירן די שול-רעפאָרם איז אַ שווערע זאַך, אָבער מיאש זיין זיך דאַרף מען נישט. דעם 22-טן יוני 1842 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז דאָס מיניסטעריום פאַר פאָלקס-בילדונג נעמט אונטער איר השגחה אַלע יידישע שולן, חדרים און ישיבות אויך. דאָ איז אויך געווען געמעלדעט, אַז אין פעטערבורג ווערט אַ קאָמיסיע פון 4 רבנים „צוהילף קומען דער רעגירונג אין איר מיין" דורכצופירן די שול-רעפאָרם. איינלאַדן רבנים האָט געזאָלט באַטייטן אַ גאַראַנטיע פאַר יידן, אַז די רעפאָרם איז נישט אויסן טרעפן די יידישע אמונה. ליליענטאַל'ן האָט מען נאָך אַמאָל געשיקט אין „תחום", ער זאָל זיין דערהויפט אין די דרום-מערב-גובערניעס און אין ניירוסלאַנד און חירקן אויף די יידישע מאַסן לויט דעם מיניסטעריומס אינסטרוקציעס. פאַרן אָפּפאָרן האָט ליליענטאַל פאַרעפנטלעכט אַ בראָשור „מגיד ישועה" (אויף העברעאיש), געמונטערט יידן, זיי זאָלן אַקעגנקומען דער רעגירונג. אין פריוואַט-בריוו צו כלל-טוער האָט ער פאַרזיכערט, אַז דער באַפעל וועגן שולן איז נאָר אַן אָנהויב, אַ בשורה אויף אַנדערע באַפעלן צו פאַרבעסערן די יידישע בירגערלעכע לאַגע. דאָס מאָל האָט ליליענטאַל מער געפועלט, איידער ביים ערשטן אַרויספאָר. אין אייניקע גרעסערע קהלות: אין בערדיטשעוו, אָדעס, קישינעוו, האָט ער געהאַט אַ פריינטלעכן קבלת-פנים, מ'האָט אים פאַרזיכערט, אַז קהלות זענען גרייט צוהילף קומען די נייע שולן. מיט גרויסע האָפנונגען איז ליליענטאַל צוריקגעקומען קיין פעטערבורג מיטצוטון אין דער רבנישער קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין דער רעזידענץ פון מאַי ביז אויגוסט דאָס יאָר 1843. „רבנ'ישע" האָט זי געקאָנט הייסן נאָר אויף העלפט: געווען זענען דאָ צוויי אָרטאָדאָקסן, דער ליאַדיער רבי ר' מענדל שניאורסאָן און וואָלאָזשינער ראש ישיבה ר' יצחק יצחקי (אַ מתנגד), פון דרום און דרום-מערב זענען דאָ געווען: דער בערדיטשעווער באַנקיר האַלפערן און דער דירעקטאָר פון אָדעסער שול בצלאל שטערן. די אָרטאָדאָקסן האָבן זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאַרן חדר און קעגן דער רעגירונגס „השגחה", וואָס זאָל הייסן אַזוי גוט ווי פאַרניכטן דעם חדר. מ'איז געקומען צו'ן אַ פשרה: דערווייל נישט אָנרירן דעם חדר, זאָל די „קאַזיאָנע" שול אים קאָנקורירן. מ'האָט אויך אויסגעאַרבעט אַ פראָגראַם פאַר יידישע למודים אין די נייע שולן.

די רעגירונג האָט זיך פון איר כוונה נישט געוואָלט אָפּגעזאָגן צו דענאַציאָנאַליזירן יידן דורך די נייע שולן, זי האָט זיך אָבער באַמיט פון דער יידישער געזעלשאַפט די דאָזיקע כוונה צו באַהאַלטן. דעם 13-נאָוועמבער 1844 האָט דער צאַר געחתמ'עט צוויי אַקטן: פאַר דער עפנטלעכקייט אַ באַפעל „וועגן אויסבילדן די יידישע יוגנט", פאַר זיך — אַ געהיימע אינסטרוקציע צום בילדונג-מיניסטער. עפנטלעך האָט דאָס געהייסן מאַכן צוויי מדרגות שולן פאַר יידישע קינדער און צוויי ראַבינער-שולן פאַר צוגרייטן רבנים און לערער. לערער אין יידישע „קאַזיאָנע" שולן זאָלן זיין סיי יידן, סיי קריסטן. די, וואָס ענדיקן אַ

שול, דינען ווייניקער אין מיליטער. אויספירן די שול-רעפאָרם זאָלן „שול-קאָמיסיעס" פון יידן מיט קריסטן. אָבער אין דער געהיימער אינסטרוקציע איז געזאָגט געווען, אַז: „דער צוועק פון בילדן יידן איז דערנענטן זיי צו דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און אויסוואָרצלען די פאָראורטיילן, וואָס דער תלמוד פלאַנצט-איין ביי יידן". וואָס מער ס'וועלן זיך עפענען נייע שולן, וועלן פאַרמאַכט ווערן חדרים; צו דער צייט, וואָס „קאַזיאָנע" שולן וועט זיין אַ גענוגע צאָל, וועט זיין אַ מוז אָפּגעבן אַהין קינדער. פאַרוואַלטער אין די נייע שולן זאָלן זיין קריסטן. מ'דאַרף זען מיט אַלע מיטלען, „ס'זאָל שווער ווערן דאָס אַרויסגעבן דערלויבן" מלמדים אויף צו לערנען אין חדרים. אין 20 יאָר אַרום טאָר קיינער נישט זיין קיין לערער אָדער ראַבינער אָן אַן אַטעסטאַט פון אַ רעגירישער ראַבינער-שול.

אינגיכן איז אָבער דער סוד אָפן געוואָרן פאַר אַלעמען. דאָס פאָלק האָט דערפילט דעם גאַנצן ווייטאק, וואָס ס'האָט מיט אַמאָל אָנגעוואָרן די פון לאַנגאָניקע שול-אויטאָנאָמיע און האָט זיך געווערט מיט פאַסיווע מיטלען קעגן דער רעגירישער בילדונג. די שול-רעפאָרם האָט זיך געשלעפּט לאַנגזאַם און שווער. די ראַבינער-שולן (אין זשיטאָמיר און אין ווילנע) האָט מען געעפנט ערשט סוף יאָר 1847. די ערשטע יאָרן איז דאָס מיט „קאַזיאָנע" שולן צוגעגאַנגען זייער קלאָגעדיק. נאָך איידער די רעפאָרם האָט זיך רעכט פאַרנומען, איז נישט געבליבן ד"ר לילינטאַל. אין יאָר 1845 האָט ער פלוצים פאַרלאָזט זיין שטעל אין בילדונגס-מיניסטעריום און פאַסירט רוסלאַנד אויף שטענדיק. ס'איז אים קלאָר געוואָרן דער אמת'ער מיין פון די רעגירונגס-קרייזן, ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די מורא פון ווילנער אָרטאָדאָקסן איז א גערעכטע, האָט ער געהאַלטן וואָרט און האָט אָפּגעטרעטן, אַזוי ווי ער האָט זיי צוגעזאָגט. פון אַ לאַנד, וואו אַ ייד האָט געקאָנט נושא חן זיין ביי דער רעגירונג „נאָר מיט בוקן זיך פאַרן פּראַוואָסלאַוונעם צלם" (לילינטאַלס אויסדרוק אין זיינע מעמוארן), איז ער אַוועק אין לאַנד פון פרייהייט און גלייכקייט, אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַמעריקע; דאָרט איז ער געווען ראַבינער אין צינצינאַטי ביזן טויט (1882).

## § 23 אַ. די פאַרשמעלערטע אויטאָנאָמיע און די כּונות פון ביוראָקראַטיע.

ווי נאָר ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן דער שול-רעפאָרם, ד. ה. ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די יידישע שול-אויטאָנאָמיע, האָט די רעגירונג גענומען פאַרווירקלעכן דעם צווייטן פונקט פון פראָגראַם: פאַרניכטן דעם נשאר קהלה-אויטאָנאָמיע. דעם 19-טן דעצעמבער 1844 איז אַרויס אַ באַפעל וועגן „אונטערוואַרפן יידן אין שטעט און אין שטעטלעך דער אַלגעמיינער פאַרוואַלטונג און בטל מאַכן קהלס". אַלע אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס פון די קהלס

גייען איבער צו פּאָליציי, ווירטשאַפטלעכע און שטייער־פונקציעס — צו די שטאָט־
דומעס און ראַטושעס. קהל ווערט מער נישט געקליבן. וואָלט אַזאַ „רעפאָרם"
דורכגעפירט ווערן גרינגלעך ביזן סוף, וואָלט געוואָרן אויס קהל בכלל, חוץ
אין שול־הויף, אויב דערצו וואָלטן יידן אין פּרט ש ט י י ע ר ן אויך פאַרגלייכט
געוואָרן מיט קריסטן גלייך. די רוסישע רעגירונג האָט זיך אָבער נישט געוואָלט
שיידן נישט מיטן ספּעציעל־יידישן רעקרוטן־סטאַטוט, נישט מיט ספּעציעל־יידישע
שטייערן. דאָס צו דערהאַלטן האָט די רעגירונג געמוזט עפּיס לאָזן פון קהל
אויך: ס'זענען געבליבן „רעקרוטן־סטאַראָסטעס", „זבאָרשטשיקעס" (פאַר שטייערן)
און זייערע העלפער, וואָס יידישע קהלות קלייבן אויס. בכן, איז קהלשע זעלבס־
פאַרוואַלטונג פאַרניכטעט געוואָרן און געבליבן איז אַ נאָכשלעפּעניש, אַ קהלשער
שטייער־אויפמאָנער, מיט דער השגחה פון דער אַדמיניסטראַציע. קהל איז שוין
דעמאָלט געווען גענוג דעמאָראַליזירט: די רעגירונג האָט אים געמאַכט פאַר איר
אַגענט צו כאַפּן רעקרוטן, קיין נאַציאָנאַלן ווערט האָט שוין קהל נישט געהאַט.
אָפּגעפּטרט זיך מיט קהל, וואָס „זונדערט אָפּ" יידן, האָט זיך די רעגירונג גע־
נומען פאַר יידישע שטייערן, אָבער, געוויינטלעך, נישט אויף אָפּצושאַפן זיי, נאָר
שטרענגער צו קאָנטראָלירן, יידן זאָלן נישט האָבן קיין געצייג פאַר אייגענע
צוועקן. דעם טאָג, וואָס ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער באַפעל וועגן קהל,
איז אַרויס אַ בייער „סטאַטוט וועגן דער ט אַ ק ס ע" אויך. אויף דעם אַלטן
אָפּצאָל אויף פליישׁ, וואָס פריער איז ער געווען ביי קהל אין די הענט, האָט
מען שוין דאָס יאָר 1839 געמאַכט אַ קאָנטראָל פון דער אַדמיניסטראַציע און
שטאָט־דומעס. לויט דעם נייעם סטאַטוט ווערט די טאַקסע פאַרדונגען אין אַרענ־
דע, צו שאַפן דערויף האָט נאָר די אַדמיניסטראַציע; זי דאַרף זען דעקן פון דער
טאַקסע קודם־כּל חובות, וואָס קומען דער קרוין, פון דער טאַקסע דאַרף מען
אויך געבן צושטייער אויף הוצאות פון „קאַזיאָנע" שולן, אויף שטיצן ערד־אַר־
בעט ביי יידן, דעם רעשט קאָן מען שוין פאַרטון אויף יידישע צדקה־זאַכן. חוץ
דער טאַקסע פון פלייש ווערט איינגעפירט אַ „צוגאָב־טאַקסע", אַן אָפּצאָל פון
נחלאות, געשעפטן און הכנסות. ספּעציעל אויף אויסצוהאַלטן „קאַזיאָנע" יידישע
שולן ווערט איינגעפירט די ל י כ ט ־ פ אַ כ ט, אַן אָפּצאָל פון בענטש־ליכט,
אַזוי ווי אין עסטרייך. אויף דעם דאָזיקן שטייער האָט צו זאָגן נאָר דאָס ביל־
דונג־מיניסטעריום. די לאַסט פון יידישע שטייערן ווערט שווערר און מאָראַליש
פייניקנדיקער, וואָרום איצט איז דאָס שוין נישט קיין זעלבסבאַשטייערונג פון
קיין קהלה, נאָר אַן אָנגעוואָרפענער אַדמיניסטראַטיווער יאָך. די „טאַקסע" ווערט
די ערגסטע פּלאָג אין יידישן קהלה־לעבן. בעלי־טאַקסעס, פון די אָרטיקע גבירים,
ווערן די רעדלפירער און עקספּלאָאַטירן אוממענטשלעך די יידישע אָרעמע מאַ־
סע. דער אויסערער יאָך ברענגט אַריין אַ טיפע דעמאָראַליזאַציע איבעווייניק
אין יידישן לעבן.

וויפיל די רעגירונג האָט זיך נישט געמיט צו טון דיפּלאָמאַטיש. אָפּשטעלן

די רדיפות די צייט, ווען מ'האָט גענומען אויספירן די שול-רעפאָרם, כדי נישט צו קאָמפּראָמעטירן די רעפאָרם אין די אויגן ביי דער יידישער מאַסע, האָט זי זיך דאָך נישט געקאָנט לאַנג איינהאַלטן. דער דריטער פּונקט פּראָגראַם פונם „יידישן קאָמיטעט",— מיט שטראָף-מיטלען ווירקן אויפן יידישן עקאָנאָמישן לעבן,— האָט זיך געריסן פון די קאַנצעלאַריעס פריער, איידער פון דיפּלאָמאַטיע וועגן, האָט דאָס געלוינט. דעם 20-טן אַפּריל 1843, אין רעכטן ברען רעפאָרם-אַרבעט, איז פּלוצים אַרויס אַ קורצער באַפעל, דעם צאַר'ס אַ רעזאָלוציע אויף אַ ראַפּאָרט פונם מיניסטאָרן-קאַבינעט: „אַרויסשיקן אַלע יידן פון 50 ווערסט ביי דער גרעניץ מיט פּרייסן און עסטרייך; די, וואָס האָבן הייזער, גיט מען 2 יאָר אַ טערמין צו פאַרקויפן; דאָס זאָל אויסגעפירט ווערן אָן שום טענות". באַקומען אַזאַ שטרענגן באַפעל, איז דעם סענאַט אין אָנהויב קשה געווען: צי הייסט דאָס נישט מער, ווי באַשטעטיקט דער אַלטער געזעץ וועגן אַרויסשיקן יידן נאָר פון דערפער ביי דער גרעניץ, אָדער דאָס איז אַ נייער געזעץ ארויסצוטרייבן אַלע יידן אָן אויסנאַם, אַפילו פון שטעט און שטעטלעך אויך. דער סענאַט האָט אויסגעטייטש דעם שטרענגן שאַרפן טאָן פון דער רעזאָלוציע, אַז דאָ מיינט מען אַרויסטרייבן אַלע. דער צאַר האָט דאָס באַשטעטיקט; נאָר הויזאייגנטימער האָט מען פאַרלענגערט דעם טערמין נאָך אויף צוויי יאָר; די רואינירטע האָט מען געמיינט פאַרגיטיקן דערמיט, וואָס אויף אַ צייט זאָלן זיי פריי זיין פון שטייער צאָלן. דער נייער חורבן, וואָס האָט געטראָפן טויזנטער פאַמיליעס אין אַ סך שטעט און שטעטלעך (דערהויפּט אין ווילנע-קאָוונער גובערניע, ביי דער פרייסישער גרעניץ) האָט אָנגעמאַכט אַ גרויל אין דער גרעניץ-פאַס און אַפילו אין אויסלאַנד אויך. פאָליציי האָט געפאָדערט, אַז די געטראָפענע זאָלן אָנווייזן, וואוהין זיי ווילן זיך אַרויסקלייבן, נייגצן קהילות האָבן נישט געוואָלט ענטפערן. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן נישט וואַרפן די היים און די קברים, ביז מ'וועט זיי נישט אַרויסטרייבן מיט גוואַלד. די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין די מערב-לענדער האָט פּראָטעסטירט; פראַנצויזישע, דייטשע, ענגלישע בלעטער האָבן געדרוקט שאַרפע אַרטיקלען וועגן דער פּאָליטיק פון דער „נייער שפּאַניע". אַ סך יידישע קהילות אין דייטשלאַנד האָבן געשיקט דער רוסישער רעגירונג פּעטיציעס, זי זאָל אָפּשאַפן דעם שרעקלעכן באַפעל. מ'האָט זיך אַפילו געפּרובט ווירקן אויפן דיפּלאָמאַטישן וועג. בעת ניקאָלאַי דער 1-טער איז געווען אין ענגלאַנד, האָבן אים אייניקע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען געבעטן פאַרגרינגערן די יידישע לאַגע. פונדעסטוועגן וואָלט מען נישט נאָכגעגעבן דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָטעסט, ווען ס'זאָל זיך נישט געווען אַרויסשטעלן, אַז ס'איז נישט מיגלאַך אויסצופירן דעם באַפעל, סיידן חרוב מאַכן גאַנצע שטעט און דערמיט אונטעררייסן דער קרוינס אינטערעסן. דעם באַפעל האָט מען נישט אָפּגעשאַפט, אָבער מ'איז שוין נישט באַשטאַנען אים אויסצופירן.

דער „יידישער קאָמיטעט" האָט דערווייל קאָרעספּאָנדירט מיט גענעראַל-

גובערנאַטאָרס, ווי אַזוי אויסצופירן דעם דריטן פונקט פראָגראַם: סאָרטירן יידן אין קאַטעגאָריעס („ראַזבאָר”). דער פּלאַן איז געווען איינטיילן יידן אין צוויי קאַטעגאָריעס: „נוצלעכע” און „אומנוצלעכע”. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע זאָלן געהערן: גילדיע־סוחרים, צעך־בעל־מלאכות, ערד־אַרבעטער און אַזוינע שטעטישע („מעשטשאַנעס”), וואָס זייערע נחלאות טראָגן זיי איין אַ געוויסע הכנסה. אַלע איבריקע שטעטישע, וואָס האָבן נישט קיין געוויס פאַרמעגן און הכנסה, ד. ה. די גאַנצע מאַסע הענדלער און געמיינע לייט, זאָלן געהערן צו דער קאַטעגאָריע „אומנוצלעכע”, אָדער שעדלעכע; אויף זיי זאָל זיך אויסגיסן די גאָרע תוכחה שטראָף־מיטלען. אויף אַן אָנפרעג פונם אינערן־מיניסטעריום, ווי ווייט אַזאַ סאָרטירן איז נוצלעך, איז אָנגעקומען אַ שאַרפער אָפּענטפער פון נאָוואָראָסיער גענעראַל־גובערנאַטאָר מ. ס. וואָראָנצאָוו. ער איז גראָד געווען דעמאָלט אין לאָנדאָן, ענגלישע אידעען האָבן אים „איבערגעפירט”, האָט ער געשיקט אַ מעמאָראַנדום קיין פעטערבורג (אָקט. 1843) און געבעטן דאָס דערלאַנגען דעם צאַר. ער שרייבט אַזוי: „איך מיין, אַז דער עצם נאָמען: „אומנוצלעכע” איז צו שאַרף און אומגערעכט בנוגע עטלעכע הונדערט טויזנט מענטשן, וואָס מיט גאָטס ווילן וואוינען זיי שוין פון אַלטע יאָרן אָן אין דער אימפעריע: לויט דעם פּראָיעקט זאָל זיין אומנוצלעך אַ גרויסער קלאַס יידן, וואָס אָדער ער קויפט אויף פּראָדוקטן ביי דעם פּראָדוצירער אויף איבערפאַרקויפן דאָס דעם הורט־סוחר, אָדער ער פאַרקויפט לאחדים פאַרנוץ־פּראָדוקטן, וואָס ער באַקומט פון דעם הורט־סוחר. אָביעקטיוו גערעדט, מוז מען זיך וואונדערן, וואָס מ'האַלט פאַר אומנוצלעך, דאָס הייסט פאַר שעדלעך, אַזוי פיל הענדלער, וואָס מיט זייער קליינעם, זאָל זיין אפילו שלעכטע פאַר'שמ'טע געשעפטן, זענען זיי נוצלעך סיי דער דאָרפישער אַרבעט, סיי דעם האַנדל”.

וואָראָנצאָוו זאָגט אויף אַזאַ מין סאָרטירן יידן, אַז דאָס איז אַ „ווילדע אָפּעראַציע אויף אַ גאַנצן קלאַס מענטשן”, אָט דעם קלאַס מוז „נישט נאָר ווי טון, ער מוז פאַראָרעמט ווערן און אומקומען”. „איך דערלויב מיר צו האַלטן, — אַזוי פאַרענדיקט וואָראָנצאָוו זיין מעמאָראַנדום, — אַז אַזאַ וועג איז שעדלעך און אומברחמנותדיק. פון איין זייט וואַרפט מען אַרויס הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס העלפן דעם קליינהאַנדל און קליינאינדוסטריע אין דער פּראָווינץ, אַנדערע אויף זייער אָרט זענען נישט פאַראַן און נישט אַזוי גיך וועלן זיי זיין. פון דער אַנדערער זייט ווידער, וועט זיך אויפהייבן אַ יאָמער און אַ ווייגעשריי פון אַזויפיל פאַראומגליקטע; קיין כבוד וועט דערפון דער רעגירונג נישט צוקומען, נישט ביי אונז, נייט אין אויסלאַנד”... אַזוינע איינגעשטעלטע ערלעכע רייד האָט מען אין די הויכע ספערן נישט געהערט זינט ספעראַנסקיס רייד אין די „יידישע קאָמיטעטן” די יאָרן 1803 און 1812. דאָס איז אַ פּאַטש אין פּנים דער גאָרער פאַלשער פּאָליטיק פון דער רוסישער רעגירונג, וואָס זי האָט פאַררעכנט קליינהענדלער און פאַרמיטלער אין דער קאַ־

טעגאָריע „אומנוצלעכע" און דערמיט געזוכט צו פאַרענטפערן אירע אוממענטשלעכע רדיפות קעגן יידן. אָבער אין פעטערבורג האָט מען זיך צו'ן אַזוינע רייד נישט צוגעהערט. איין זאַך האָט דער „יידישער קאָמיטעט" נאָכגעגעבן: אנשטאט „אומנוצלעכע" האָט מען גענומען אַן אַנדער וואָרט: „אומפּראָדוקטיווע".

דער אכזריותדיקער פּראָיעקט האָט נאָך לאַנג אַרומגעוואַנדלט אין קאָמיטעטס קאַנצעלאַריעס. אַפּריל דאָס יאָר 1845 האָט דער קאָמיטעטס פאָרזיצער קיסעליעוו צעשיקט אַ צירקולאַר די גענעראַל-גובערנאַטאָרס; דאָרט איז געזאָגט געוועז, אַז היות ווי ס'זענען שוין פאַרעפנטלעכט געזעצן וועגן „קאַזיאָנע" שולן און וועגן אָפּשאַפן קהל, ד. ה. די געזעצן, וואָס זייער צוועק איז „אָפּצושוואַכן די ווירקונג פון תלמוד" און אַלע אינסטיטוציעס „וואָס דערהאַלטן ספּעציעלע יידישע אייגנאַרטיקייט", — איז שוין געקומען די צייט טון מיטלען „יידן זאָלן זיך נעמען פאַר נוצלעכער אַרבעט"; דאָס זאָל דערלאַנגט ווערן מיט סאָרטירן יידן אין קאַטעגאָריעס („ראַזבאָר"). פון „קולטור"מיטלען ווערט נאָך אָנגעוויזן פאַרווערן יידן טראָגן אַ יידישע קליידונג אין פינף יאָר אַרום. קיסעליעוו שרייבט ווייטער: „די אַלע געזעצן זענען פאַרעפנטלעכט יעדער באַזונדער, און אַזוי וועט דאָס געטון ווערן ווייטער אויך, כּדי אויסצובאַהאַלטן פאַרן יידישן פאַנאַטיזם דעם אינעווייניקסטן פאַרבונד און דעם צוועק זייערן. דעריבער איז זיין קייזערלעכער מאַיעסטעט וואוילגעפעלן הייסן מיר קאָנפידענציעל מיטטיילן די גענעראַל-גובערנאַטאָרס וועגן די אַלע פּלענער". 1) די רעגירונג האָט נישט דערשעצט דעם יידישן פּאָליטישן חוש. זי האָט נישט געוואוסט, אַז אין תחום ווייסט מען שוין לאַנג פונם פעטערבורגער אָפּריידן קעגן יידן, וואָרום די אָפּריידער האָבן אפילו אויף אַ צייט נישט געקענט אויסבאַהאַלטן זייער שטראָף-ברען אונטער דער מאַסקע „קולטור" רעפאָרמעס.

די מאַסקע איז אַראָפּגעפאַלן פאַר דער וועלט אין די אויגן אויך. די ערשטע יאָרן ליליענטאַלס אַגיטאַציע האָט זיך יידישע טוער אין אייראָפּע געקאָנט דוכטן, אַז רוסלענדער יידן שטייט פאָר אויפגעריכט צו ווערן. ליליענטאַל האָט אין אויוואַראָווס נאָמען געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט פיליפּסאָנען, גייגערן, קרעמיע, מאָנטעפיאָרע און מיט אנדערע יידישע פירער אין מערב-אייראָפּא, זיי זאָלן מאָראַליש שטיצן די שול-רעפאָרם, ס'האָט זיך געהאַנדלט אַפילו, זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דער ראַבינער-קאָמיסיע אין פעטערבורג. די דאָזיקע טוער האָבן האַרציק אָפּגעענטפערט, דערביי נישט געקאַרגט קיין קאָמפּלימענטן אוואַראָוון. די 40-ער יאָרן האָט אָנפאַנג Allgemeine Zeitung des Judenthums

1) דאָס יאָר 1846 האָט מען שוין געמעלדעט יידן, דורך די גובערנאַטאָרס, וועגן פּראָיעקט „סאָרטירן אויף קאַטעגאָריעס", אָן התראה פאַר אזוינע, וואָס וועלן זיך צו אַ באַשטימטער צייט נישט צוקלייבן קיין „נוצלעכע פּראָפעסיע" (זע ווייטער § 42).

געשריבן, אַז אין רוסלאַנד איז אַ סוף צו רדיפות אויף יידן... דער באַפעל דאָס
יאָר 1843 (וועגן פאַרטרייבן אַלע יידן פופציק ווערסט ביים גרעניץ), האָט אויס=
געניכטערט די דאָזיקע התפעלות; מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז פאַרטרייבן צענ=
דליקער טויזנטער פאַמיליעס פון זייער היים שטימט גאָרנישט מיט „גוטע כוונות".
אין דייטשלאַנד האָט זיך געלאָזט הערן אַזאַ סענסאַציע: דער געוויסער פראַנק=
פורטער מאָלער אָפּענהיים האָט פּלוצים אויפגעהערט צו אַרבעטן איבער דעם
בילד, וואָס אייניקע יידישע קהלות האָבן ביי אים פריער געהאַט באַשטעלט צו
דערלאַנגען דעם רוסישן קייזער; דאָס בילד זאָל זיין אַן אַלעגאָריע: די זון גייט
אויף אין אַ פינסטערן מדבר. מ'האָט זיך אָפּגעענטפערט אין די גליקלעכע האָפענונ=
גען, ממילא איז געוואָרן אויס געשאַנק. פון רוסלאַנד האָבן זיך געלאָזט הערן
אין די מערב=לענדער ווי=געשרייען וועגן נייע רדיפות און נאָך ערגערע פּראָ=
יעקטן. אין לאָנדאָן איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו שיקן אין רוסלאַנד
אַ דעלעגאַט, כדי צו באַקאָנען זיך אויפן אָרט מיט די יידנס לאַגע. דער גורל
איז געפאַלן אויף משה מאָנטעפיאָרע, דעם געוויסן לאָנדאָנער פילאַנטראָפּ, אַ
מקורב אין דער קעניגין וויקטאָריעס הויף. מאָנטעפיאָרע האָט זיך שוין קונה
שם געווען מיט זיין השתדלות בעתן עלילת=דם אין דמשק דאָס יאָר 1840, איצט
האָט ער זיך געפּרובט טון דאָסזעלבע אין רוסלאַנד. אָנהויב 1846 האָט ער זיך גע=
לאָזט אַהער, אָפיציעל אַלס אַ רייזנדער, וואָס וויל זיך קלאָר מאַכן די לאַגע
פון זיינע ברידער. געקומען איז ער קיין פעטערבורג מיט וויקטאָריעס אַ פּער=
זענלעכער רעקאָמענדאַציע צום צאַר, און דאָ האָט מען אים אויפגענומען מיט
גרויס פּאַראַד. אויף אַן אוידיענץ אין הויף (מערץ 1846) האָט דער צאַר צוגע=
שטימט, מאָנטעפיאָרע זאָל אים צושטעלן דורכן „יידישן קאָמיטעט" זיין מיינונג
וועגן דער יידישער לאַגע אין רוסלאַנד אויפן סמך פון זיינע רייזע=איינדרוקן און
ידיעות. מאָנטעפיאָרעס רייזע איבערן „תחום" (ווילנע, וואַרשע און אַנד. שטעט)
איז אויך צוגעגאַנגען מיט גרויס פּאַראַד: לויט אַ באַפעל פון פעטערבורג האָט
אים די העכערע אַדמיניסטראַציע אומעטום זייער פריינטלעך אויפגענומען. יידן
ווידער האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס התפעלות, — ער, דער יידישער „שר",
זאָל דאָס אויספועלן „ישועות ונחמות" אויף יידן. מ'האָט זיך געווייטלעך אָפּ=
געבאַרט. מאָנטעפיאָרע איז צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן און האָט פון דאָרטן גע=
שיקט עטלעכע פּעטיציעס דעם פאָרזיצער פון „יידישן קאָמיטעט" קיסעליעוו'ן,
דעם מיניסטער אואַוואַראָוו און דעם שטאַטהאַלטער אין פּוילן פּאַסקעוויטשן. ער
האָט געבעטן פאַרלייכטערן די אכזריותדיקע געזעצן, וואָס שטיקן זיינע געפיי=
ניקטע ברידער, צוריק אויפשטעלן די צושטערטע קהלה=אָרגאַניזאַציע, צופּאַסן
די שול=רעפאָרם צו די רעליגיעזע הצטרכותן פון דער יידישער מאַסע. דעם
צאַר האָט מען דאָס אַלץ דערלאַנגט, אָבער דערפון איז גאָר נישט געוואָרן. דאָס
זעלבע יאָר האָט זיך אין רוסלאַנד באַוויזן נאָך אַ ייד, „אַ„גרויסאַרטיקער אויס=
לענדער" יצחק אַלטאַראַס מיט אַ פּראָיעקט פאַרלייכטערן די יידישע

לאַגע דורך עמיגראַציע. אַלטאַראַס, א נעגאָציאַנט פון מאַרסעל, האָט פירגעלייגט
אַרויסלאָזן א געוויסע צאָל יידן קיין אַלזשיר, וואָס איז נאָר־וואָס אַרונטער
אונטער פראַנקרייכס הערשאַפט. מיט רעקאָמענדאַציעס פונם פראַנצויזישן מיניס־
טער־פרעזידענט גיזאָ און אַנדערע הויכגעשטעלטע פערזאָנען האָט אַלטאַראַס גע־
פירט וועגן דעם אונטערהאַנדלונגען מיט די מיניסטאָרן נעסעלראָדע און פעראָווסקי
אין פעטערבורג און מיטן שטאַטהאַלטער פאַסקעוויטש אין וואַרשע. ער האָט
פאַרזיכערט, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג איז גרייט אויפצונעמען אין אַלזשיר
עטלעכע צענדליק טויזנט רוסישע יידן פאַר בירגער, די הוצאות אויף איבער־
פאָרן זאָל געבן דאָס באַנק־הויז ראָטשילד אין פאַריז. אין פעטערבורג האָט מען
תחלת געזאָגט אַל טאַראַסן, אַז יידן וועט מען אַרויסלאָזן, בתנאי אַז פאַר יעדן
עמיגראַנט זאָל אָפּגעצאָלט ווערן א געוויס אויסקויף־געלט; אין וואַרשע האָט מען
אים געזאָגט, אַז דער צאַר לאָזט אַרויס יידן אָן שום אויסקויף־געלט (אָקטאָבער
1846). אָבער אַלטאַראַס האָט פלוצים פאַרלאָזט רוסלאַנד, פאַרוואָס ווייסט מען נישט;
און אַזוי איז אַ מאַסן־עמיגראַציע געבליבן נישט מער ווי אַ פּראָיעקט.

דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן איז אונטערגעריסן געוואָרן, און דאָס האָט
מען צו פאַרדאַנקען די 25־יאָר סיסטעם אַכזריות׳דיקער אפּוטרופּסות, וואָס דער־
מיט האָט די רעגירונג געמיינט „רעפאָרמירן" די יידישע פאָלקסווירטשאַפט. די
אַלע פאָליציי־אישע מעטאָדעס: וואַרפן צענדליקער טויזנטער מענטשן פון דאָרף
אין שטאָט אַריין, טרייבן פונם גרעניץ, רודפ׳ן אייניקע פראָפעסיעס און פּראָ־
טעזשירן אַנדערע — דאָס אַלץ האָט געקאָנט מיטברענגען נאָר אַן עקאָנאָמישן
חורבן, נישט קיין רעפאָרם. דער רעגירונג איז אויך נישט געראָטן איר סיסטעם
פּראָטעזשירן ע ר ד ־ אַ ר ב ע ט ביי יידן. פון צענדליקער טויזנטער דאָרף־יידן,
וואָס מ׳האָט זיי דאָס יאָר $182^3$ פאַרטריבן פון דערפער אין רייסן, זענען אַ פאָר
טויזנט מגולגל געוואָרן אין די קאָלאָניעס אין נאָוואָראָסיע. אָבער זיי האָבן קוים
ממלא געווען די פאַרמינערונג פון די פריערדיקע קאָלאָניסטן, וואָס זענען אַ סך אויס־
געשטאָרבן איבער דעם נייעם קלימאַט און איבער דעם אומגעוואוינטן שווערן פויע־
רים־לעבן. [1] פאַר ניקאָלאַי דעם 1־טן האָט מען ווידער גענומען פּראָטעזשירן יידישע
קאָלאָניזאַציע, מיט סובסידיעס און שטייער־פּריווילעגיעס. די וויכטיקסטע פּריווי־
לעגיע איז געווען, וואָס קאָלאָניסטן האָט מען באַפרייט פון רעקרוטן־געמען,
אָבער גאָר הייניק האָבן זיך געראַטעוועט פון רעקרוטן־גרויל אין די דאָזיקע
ערד־מקלט, ווייל דאָ האָט זיך אויך איינגעשטעלט אַ קאַזאַרמע־רעזשים: רוסישע
„משגיחים" און „אויפזעער" פון געוועזענע מיליטער־לייט האָבן שטרענג נאָכגעקוקט
דעם קאָלאָניסט אויף טריט און שריט, און פאַר יעדער „פויל זיין צו דער
ווירטשאַפט" איז די שטראָף געווען אָפּגעבן פאַר אַ רעקרוט, אָדער אַ גירוש. דאָס

1) פריערדיקער באַנד § 50.

יאָר 1836 האָט די רעגירונג געפּלאַנט צו געבן יידן ערד אין סיביר, אין
טאָבאָליער גובערניע און אין אָמסקער געגנט. פאַר אַ קורצער צייט האָבן זיך
1317 יידן אויסגערופן צו פאָרן אַהין, אייניקע פּאַרטיעס האָבן זיך שוין געלאָזט
אין וועג אַריין. אָבער פּלוצים איז ביים צאַר געוואָרן אַנדערש און אויף אַ ראַ־
פּאָרט פונם מיניסטאָרן־קאַבּינעט וועגן יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט קיין סיביר,
האָט ער געמאַכט אַזאַ רעזאָלוציע: „אָפּשטעלן דאָס באַזעצן יידן אין סיביר” (יאַ־
נואַר 1837). אין עטלעכע חדשים אַרום איז אַרויס אַ נייער באַפעל: אומקערן אַלע
יידישע פּאַרטיעס פונם וועג קיין סיביר און זיי אָפּשיקן אין די יידישע קאָלאָ־
ניעס אין כערסאָנער גובערניע. די אומגליקלעכע עמיגראַנטן האָט מען געכאַפּט
אין וועג און געשיקט זיי מיטן עטאַפּ, אַזוי ווי מ׳פירט פאַרברעכער, אין אַזוינע
ערטער, וואָס זיי האָבן אַהין גאָרנישט געוואָלט. אַזוינע קאַפּריזן און דערצו נאָך די
אַפּוטרופּסות־סיסטעם האָבן ביי אַ סך אָפּגעשלאָגן דעם חשק צו ווערן קאָלאָניסטן,
דאָס יאָר 1844 איז אַרויס אַ נייער „סטאַטוט וועגן יידן־ערד־אַרבעטער”: אַלע
הוצאות אויף דער קאָלאָניזאַציע זאָלן געדעקט ווערן פון דער טאַקסע, די אויּ
בער־השגחה אויף די קאָלאָניעס גייט איבער פונם אינערן־מיניסטעריום צום מי־
ניסטעריום פאַר מלוכה־גיטער, לאַנגזאַם איז צוגעגאַנגען די קאָלאָניזאַציע; פון
כערסאָנער גובערניע האָט זי זיך איבערגעוואָרפן אין יעקאַטערינאָסלאַווער און
בעסאַראַבער גובערניע: ישובים פון יידן־קאָלאָניסטן האָבן זיך באַוויזן אין ליטע
און אין רייסן אויך. אָבער צען טויזנט „יידישע פּויערים” האָבן נישט געקאָנט
ענדערן דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון מיליאָנען יידן. נישט געקוקט אויף אַלע
פּראָבעס און רדיפות, האָט זיך דער עקאָנאָמישער בוי ביי יידן ווייניק וואָס גע־
ביטן. דערהויפּט איז דאָ אַלץ געווען דאָס בראָנפן־געשעפט, עטוואָס געענדערט
לויט דער נייער סיסטעם צו פאַרדינגען די קרוין־מאָנאָפּאָליע אין אַרענדע. די
גרויסע מאַסע איז באַשטאַנען פון שענקערס אין שטעט און אין דערפער, און
ס׳איז אויפגעקומען אַ קלאַס רייכע יידן — בראָנפן־פאַכטערס אָדער אָפּנעמער פון
אַקציז אין „תחום”. די דאָזיקע פאַכטערס זענען געווען כמו דער רעגירונגס
פינאַנץ־אַגענטן; יידן „אַקציזניקעס”, וואָס האָבן געדינט ביי זיי אין די ברייזן,
קאַנטאָרן און סקלאַדן זענען געווען כמו סוב־אַגענטן, אַ מין „טשינאָווניקעס”. נאָך
בראָנפן האָט דאָס גרעסטע אָרט פאַרנומען האַנדל, דערהויפּט קליינהאַנדל, דער־
נאָך שוין גייט מלאכה און כלי־קודש. אָרעמקייט איז געווען דער יסוד פון אַזאַ
ווירטשאַפט, און „לופטמענטשן” זענען געווען הונדערטער טויזנטער.

## § 24. עלילת־דם און אויסשליסלעכע פּייז.

צו די געוויינטלעכע רדיפות זענען פון צייט אויף צייט צוגעקומען אוי־
סערגעוויינטלעכע. דאָס ערגסטע פון דעם איז געווען עלילת־דם־פּראָצעסן, וואָס

זענען יענע צייט פאַרגעקומען גאַנץ אָפּט און האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט דעם מיטלאַלטערישן סטיל פון דער תקופה. די ערשטע אַזוינע פּראָצעסן זענען אויפגעקומען נאָך פאַר אַלכּסנדר דעם ז-טן. אָבער דעמאָלט האָבן זיי נישט אויסגעזען אַזוי שרעקלעך, ווי דערנאָך. פאַר פּסח דאָס יאָר 1816 האָט מען ביי גראָדנע געפונען א הרוג, אַ פּיריעריק מיידעלע מאַריע אַדאַמאָוויטש. אין פינסטערן קריסטלעכן המון האָבן זיך געלאָזט הערן קלאַנגען, אַז יידן זענען באַגאַנגען דעם מאָרד פון רעליגיעזע צוועקן וועגן, פאַר פּאָליציי איז דאָס גענוג געווען אויף אָנצוהויבן זוכן ז״י שולדיקע צווישן יידן. דער חשד איז געפאַלן אויף אַ גליד פון גראָדנער קהל שלום לאַפּין, וואָס האָט געוואוינט בשכנות מיט אַדאַמאָוויטשן: דער סימן איז געווען, וואָס מ׳האָט געפונען ביי אים אַ העמערל און אַ שפּיזל. ס׳האָט זיך געפונען אַן אונטעראָפיציר אַ משומד ס אַ וו י צ ק י, וואָס האָט זיך גענומען באַווייזן, אַז „יידן קאָנען זיך נישט באַגיין אָן קריסטלעך בלוט לויט זייער אמונה נאָך" (פאַררופן זיך אויף דער מעשה יציאת-מצרים און אויף אויסגעטראַכטע נעמען „פילאָזאָף ראָסיע און עזריה דער נביא".) „דער רב איז מחויב יוצא זיין גאַנץ קהל און באַשמירן מיט בלוט דעם רושאַק אין יעדער יידיש הויז דעם ערשטן טאָג פּסח". פון קאַריערע וועגן האָט זיך דער אונטעראָפיציר אונטערגענומען באַווייזן זיין בלבול פון יידישע ספרים, „אויב נאָר די רעגירונג וועט אים דאָ בייהילפיק זיין". די דאָזיקע „געהיימע אויספאָרשונג" האָט מען מיטגעטיילט קיין פּעטערבורג. פעברואַר 1817 האָט דער צאַר געהייסן „אַ סוף מאַכן צו דער געהיימער אויספאָרשונג און געפונען דעם מערדער", ד.ה.: זוכט דעם שולדיקן, נישט די יידישע אמונה. היות ווי דעם שולדיקן האָט מען נישט געפונען, איז דער פּראָצעס בטל געוואָרן. דאָ האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן די יידישע דעפּוטאַטן, וואָס זענען דעמאָלט געווען אין פּעטערבורג, דערהויפּט זאָנענבערג, אַ גראָדנער: ער האָט דערלאַנגט גאָליצינען דעם מיניסטער פאַר גייסטיקע ענינים אַ פּראָטעסט קעגן עלילת-דם. פון דעם גראָדנער פּראָצעס און פון נאָך אַזאַ פּראָצעס די זעלבע צייט אין פּוילן (ווייטער § 25) האָט זיך גאָליצין קלאָר געמאַכט, אַז אין „תחום" איז פאַראַן אַזאַ געפערלעכע נטיה ארויפוואַרפן אויף יידן די שולד פאַר יעדן נישט אויפגעדעקטן מאָרד און פאַרפירן עלילת-דם-פּראָצעסן אַזוי ווי אין גוטן מיטלאַלטער. גאָליצין, אַליין אַ קריסט — אַ פּיעטיסט, זייער ווייט פון קירכלעכן פאַנאַטיזם, האָט זיך גענומען אויסרייסן מיטן וואָרצל די ווילדע לעגענדע, וואָס זי האָט געשוואַרצט פּוילן די ערגסטע צייט און האָט זיך איצט פאַרנומען איבער רוסלאַנד, און אַזוי האָט ער דאָס דערלאַנגט אַלכּסנדר דעם ז-טן. דעמזעלבן חודש, וואָס ס׳איז אַרויס דער באַפעל וועגן דער „געזעלשאַפט יידן-קריסטן", האָט גאָליצין צעשיקט די גובערנאַטאָרס אַזאַ צירקוליאַר (דעם 6-טן מערץ 1817): „אין אייניקע גובערניעס, וואָס זענען צו אונז איבערגעגאַנגען פון פּוילן, הערן נאָך איצט אויך נישט אויף בלבולים אויף יידן, אַז זיי טויטן קריסטלעכע קינדער, כּלומרשט ווייל זיי דאַרפן דאָס בלוט. אַזוינע

בלבולים זענען שוין פון לאַנג אָן אָפּגעלייקנט, ווי מיר זעען דאָס אין אומפּאַרטייאישע אויספאָרשונגען און אין קעניגלעכע פּריווילעגיעס; דעריבער האָט זיין קייזערלעכע מאַיעסטעס אַלערהעכסט באַווילִיקט צו הייסן: „מעלדן אַלע גובערנאַטאָרס דעם מאָנאַרכס ווילן, אַז אויף ווייטער זאָל מען נישט באַשולדיקן יידן אין טויטן קריסטלעכע קינדער אָן שום באַווייזן, גלאַט מחמת איינרעדעניש, אַז כלומרשט דאַרפן יידן האָבן קריסטלעך בלוט". ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן אַז מיט אַזאַ שטרענגן דעקרעט ווערט אַ סוף מיט דער אַגיטאַציע פאַר דער בלוטיקער לעגענדע. עטלעכע יאָר האָט דאָס געווירקט, די אַגיטאַציע איז שטילער געוואָרן, אָבער צום סוף אַלכּסנדר דעם 1-טנס רעגירן האָט זי ווידער אויפגעלעבט, און ס'איז אַרויסגעשפּרונגען דער שוידערהאַפטער ו ע ל י ז ש ע ר ע ל י ל ת - ד ם.

דעם ערשטן טאָג קריסטלעכן פּסח דאָס יאָר 1823 איז אין וועליזש (וויטעבסקער גובערניע) פאַרפאַלן געוואָרן אַ סאָלדאַטס אַ יינגל פון 3 יאָר, פיאָדאָר יעמעליאַנאָוו, אין 10 טעג אַרום האָט מען אים געפונען אַ טויטן אונטער דער שטאָט אין אַ זומפּ, צעשטאָכן און פול מיט וואונדן. די ערשטע מעדיצינישע רעוויזיע און אויספאָרשונג איז געמאַכט געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון קלאַנגען, כלומרשט יידן האָבן פאַרפייניקט דאָס קינד. דאָ האָבן שטאַרק געאַרבעט צוויי קריסטינס — טרעפעריגס: אַ גאַסנפרוי מאַריע טערענטיעוואַ און אַ האַלב-משוגענע מויד יערעמעיעוואַ; זיי האָבן דאָס „געטראָפן" און איינגערעדט די עלטערן: אַז יידן האָבן אומגעבראַכט זייער קינד. ביי דער אויספאָרשונג האָט טערענטיעוואַ אַרויפגעוואָרפן אַ חשד אויף צוויי שענסטע וועליזשער יידישע פאַמיליעס: אויף דעם סוחר ב ע ר ל י ן און ראַטמאַן צ יי ט ל י ן. מ'האָט לאַנג געפאָרשט און מ'האָט די אויסגעטראַכטע באַשולדיקונג נישט געפונען מיט וואָס צו באַווייזן. בכן האָט וויטעבסקער הויפּטגעריכט באַשלאָסן (האַרבסט 1824) „די מעשה וועגן סאָלדאַטס קינדס מאָרד איבערגעבן אויף גאָטס באַראָט; אַלע יידן וואָס מ'האָט אויף זיי גלאַט געוואָרפן אַ חשד, זאָלן פריי ווערן; די סאָלדאַטקע טערענטיעווא זאָל אָפּקומען אַ קירכלעכע תשובה פאַר איר זינדיק לעבן". היות אָבער ווי דער פאַרברעך איז אומגעהייער, זאָל די גובערניאַלע פאַרוואַלטונג ווייטער פירן די אויספאָרשונג. אָבער יידנפיינט, דערהויפּט פון צווישן די אוניאַטישע גייסטלעכע, האָבן געאַרבעט אויף אַלע כלים אַרויפצופירן די אויספאָרשונג אויף אַ פאַלשן וועג. די פאַרקויפטע טערענטיעוואַ איז געוואָרן ביי זיי אַ געצייג אין די הענט. סעפּטעמבער 1825 איז אַלכּסנדר דער 1-טער געווען אין וועליזש; דאָ האָט אים טערענטיעוואַ דערלאַנגט אַ ביטבריוו, געקלאָגט זיך, אַז די מאַכט באַגייט אומגעזעץ אין דער אויספאָרשונג, דעם מאָרד זענען באַגאַנגען יידן, אנב האָט זי פאַלש אָנגעגעבן, אַז דאָס דערהרגעטע יינגל פיאָדאָר איז איר זון. דער צאַר האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק זמן באַפעל פון יאָר 1817 און האָט געהייסן דעם רייסישן גענעראַל-גובערנאַטאָר כאָוואַנסקין גאָך אַ מאָל אויספאָרשן די זאַך. דער דאָזיקער

בייער באַפעל האָט אויפגעבונדן די הענט דעם יידן-פייגט כאָוואַנסקין, וואָס האָט
אַליין געגלויבט אין דער עקלהאַפטער לעגענדע. די נייע אויספאָרשונג האָט ער
איבערגעגעבן איינעם אַ טשינאָווניק סטראַכאָוו מיט גרויסע פולמאַכטן. געקומען
קיין וועליזש, האָט סטראַכאָוו קודם כּל אַרעסטירט די טערענטיעווא און זי גענוי-
מען עטלעכע מאָל אויפן פאַרהער, דערביי זי אַרויסגעפירט אויף דעם וועג, וואָס
ער האָט געוואָלט. די גאַסנפרוי האָט מיט דעם אויספאָרשערס הילף אויסגעטראַכט
אַ גאַנצן קרימינעלן ראָמאַן: כּלומרשט איז זי אַליין געווען דערביי ביים מאָרד,
ז' האָט פאַרנאַרט דאָס ייִנגל צו בערלינען און צייטלינען אין הויז. ביי בער-
לינען, דערנאָך אין שול, האָבן יידן, מענער און פרויען, שרעקלעך געפייניקט
דאָס קינד: געשניטן, געשטאָכן, אַרומגעיאָגט אין אַ פאַס, אויסגעצאַפּט דאָס בלוט
און דאָ באַלד פאַרטיילט צווישן די ביי געוועזענע. יענע האָבן געחייקט אין בלוט
שטיקער לייוונט און צעגאָסן אין פלעשער. (טערענטיעווא האַלט, אַז יידן דאַרפן
האָבן קריסטלעך בלוט אָנצושמירן דערמיט די אויגן ניי-געבוירענע קינדער, ווייל
„יידן ווערן געבוירן בלינד”, אויך דאַרפן זיי האָבן קריסטלעך בלוט צו מצה).
די דאָזיקע פייניקונגען זענען געטון געוואָרן פאַר איר אין די אויגן און מיט
איר הילף, אויך מיט דער הילף פון קריסטלעכע דינסטן אין יידישע הייזער. ד'
באַשולדיקטע דינסטן האָבן תּחלת געלייקנט, נאָר מיט דער צייט האָבן זיי ביס-
לעכווייז אָנגעהויבן באַכזאָגן דעם הויפּט-„עדות”, טערענטיעוון (געשטעקט האָט
דאָ די השפּעה פון דעם אוניאַטישן גלח, וואָס צו אים פלעגט מען זיי פירן
אויסהערן מוסר). סטראַכאָוו האָט אויף דעם סמך אַרעסטירט די באַרעדטע יידן,
קודם כּל צוויי אָנגעזעענע פרויען סלאַווע בערלין און חנה צייטלין, דערנאָך
זייערע מענער און פריינט און לסוף אַ סך אַנדערע וועליזשער יידן. 42 מענטשן
זענען געשמידט געוואָרן אין קייטן און פאַרזעצט אין טורמע. די פאַרשפּאַרטע
האָט מען אויסגעפרעגט מיט אַזוינע מעטאָדעס, וואָס האָבן געשמעקט מיט איני-
קוויזיציע; דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן: אַלע האָבן אויפגעבראַכט געלייקנט
די אויסגעטראַכטע שולד און אין אויג געכאַפּט טערענטיעוואַן אין ליגנס. אַ סך
פּיין זענען די אַרעסטירטע אויסגעשטאַנען ביי די פאַרהערן, ס'איז געקומען צו
היסטעריקעס ביי פרויען, צו צאָרנדיקע פּראָטעסטן ביי מאַנסבילן, אייניקע האָבן
געשריגן: „נאָר דעם קיסר וועל איך אַלצדינג דערציילן”, אָבער דאָס אַלץ איז
ביי סטראַכאָוון אין די אויגן געווען דער בעסטער סימן, אַז יידן זענען טאַקע
די שולדיקע. כאָוואַנסקין האָט ער געמעלדעט אין ראַפּאָרטן, אַז ער האָט דער-
טאַפּט שפּורן פון אַ מוראדיקער רציחה, וואָס אַ גאַנצע קהלה איז באַגאַנגען מיט
דער הילף פון פאַרפירטע דינסטן. כאָוואַנסקי ווידער האָט דאָס מיטגעטיילט קיין
פּעטערבורג, פירגעשטעלט די זאַך, אַז דאָס איז אַ ריטועלער מאָרד, און צוריק
באַקומען ניקאָלאַיס אַ רעזאָלוציע (דעם 26-טן אויגוסט 1826): „היות ווי דער
דאָזיקער פאַל באַווייזט, אַז „זשידעס” באַצאָלן מיט שלעכטס פאַר דער טאָלעראַנץ
צו זייער אמונה, איז כּדי אָנצולערנען אַנדערע, זאָל מען אַלע „זשידאָווסקע”

שולן אין וועליזש פאַרחתמענען ביז אַ צייט, און ייִדן זאָלן נישט דאַוונען נישט אין די שולן, נישט ביי זיי".

דאָס איז געווען די גרויזאַמע שפּראַך פון דעם נייעם קייזער, וואָס האָט דערווייל אָנגעהויבן רעגירן אין רוסלאַנד. עס איז פּונקט צונויפגעפאַלן מיטן באַנייען דעם וועליזשער פּראָצעס, און דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען זייער טרויעריק פאַר אַלע רוסלענדער ייִדן. לויט דעם אינהאַלט און שאַרפן טאָן פון דער רעזאָלוציע זאָל ניקאָלאַי דער I־ער יענע צייט אַליין האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז אַ ריטועלער מאָרד. דאָס פרעמדע אומגעליבט פאָלק האָט זיך דעם נייעם צאַר געמאָלט אַלס אַ באַנדע ווילדע פאַנאַטיקער און קינדער־מערדער. אונטער דעם איינדרוק האָט מען דעמאָלט צונויפגעשטעלט דעם „רעקרוטן־סטאַטוט", וואָס האָט איינגיכן שווער געטראָפן דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק און וואָס האָט געזאָלט מאַכן קדושים פון ייִדישע קינדער... די שטראָף איז געווען אויפן גאַנצן פאָלק, נאָר דאָס ערגסטע האָט געהאַט אויסצושטיין וועליזשער קהלה, וואָס איז געוואָרן ווי אַ באַלאַגערטע פעסטונג. אַ גרויסע קהלה איז געווען אין חשד, שולן האָט מען פאַרמאַכט עפּיס ווי מערדערישע היילן; די פאַראומגליקטע האָבן זיך נישט געטאָרט אַפילו צונויפקומען דאַוונען בצבור. פון אַלע געשעפטן איז געוואָרן אויס, קראָמען האָבן זיך פאַרמאַכט. און איבערגעשראָקענע שאָטנס פון מענטשן האָבן זיך וואו נישט וואו דורכגעזייטלט די שטאָט, וואָס האָט געזאָלט חרוב ווערן... סטראַכאָוו, דער פּאָרזיצער פון דער אויספאָרש־קאָמיסיע, האָט אַלץ ברייטער צעשפּרייט די נעץ פון אויספאָרשן. טערענטיעווא און אַנדערע „עדות־געבערינס", וואָס האָבן געלעבט אין טורמע אַ גוטן טאָג און וואָס האָבן געהאָפט, חוץ וואָס מ'וועט זיי שענקען זייער „שולד", נאָך אויף אַ באַלוינונג פאַר זייער צונויפקומען אויך, האָבן וואָס ווייטער, דאָס מער פרייגעלאָזט זייער פאַנטאַזיע. זיי האָבן זיך „דערמאָנט" און „אויפגעדעקט" פאַר דער אויספאָרש־קאָמיסיע נאָך אַ סך אַנדערע ייִדישע רעליגיעזע פאַרברעכנס נאָך פאַר דער וועליזשער מעשה: געהרגעטע קינדער אין די קרעטשמעס, געלעסטערטע קירך־זאַכן און דעסגלייכן. די קאָמיסיע פלעגט דאָס באַלד מיטטיילן דעם צאַר, וואָס האָט נישט אָפּגעלאָזט פון אויג די וועליזשער מעשה־נורא, אָבער דאָ האָט זי שוין איבערגעכאַפּט די מאָס: דער צאַר האָט דערפילט, אַז דאָ איז עפּיס נישט גאָר גלאַט אין דעם קנויל פאַרברעכן, וואָס האַלט אין איין וואַקסן, און האָט געמאַכט אַזאַ רעזאָלוציע אויף אַ ראַפּאָרט (אָקטאָבער 1827): „מ'מוז אומבאַדינגט דערגיין, ווער זענען עס געווען די דאָזיקע אומגליקלעכע קינדער (וואָס ייִדן האָבן זיי אומגעבראַכט); דאָס דאַרף זיין גרינג, אויב דאָס אַלץ איז נישט קיין מיאוסער ליגן". ער האָט ניכר אָנגעוואוירן די פריערדיקע פעסטקייט, אַז ייִדן זענען די שולדיקע. די קאָמיסיע האָט געזוכט שטאָף, וואָס איר האָט דאָ אויסגעפעלט, האָט זי זיך געווענדט דורך כאָוואַנסקין צו גובערנאַטאָרס אין „תחום". זיי זאָלן איר מיטטיילן וועגן ריטועלע פּראָצעסן פון פריערדיקע צייטן. די דאָ

דיקע זוכעניש האָט געבראַכט דערצו, אַז ס'זאָל ווידער באַנייט ווערן גראָדנער פּראָצעס פון יאָר 1816, וואָס מ'האָט אים שוין געהאַט בטל געמאַכט. ס'האָט זיך געפונען אַ משומד גרודינסקי, פונעם שטעטל באָבאָוני (מינסקער גובערניע), וואָס האָט געמעלדעט דער אויספאָרש-קאָמיסיע, אַז ער איז גרייט ווייזן אין אַ „געהיימען" יידיש ספר די צערעמאָניע פון אַ ריטועלן מאָרד. אָבער ווען מ'האָט אויסגעזוכט דעם ספר און איבערגעזעצט די אָנגעוויזענע שטעלע, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָ רעדט זיך פּשוט פון הלכות שחיטה. דער געכאַפּטער משומד האָט זיך מודה געווען, אַז די מסירה האָט ער געמאַכט צו פאַרדינען דערביי; אויפן צאַרס באַפעל האָט מען אים אָפּגעגעבן פאַר אַ רעקרוט. אין פּעטערבורג איז געוואַקסן דער אומצוטרוי צו דער וועליזשער אויספאָרשונג — טיילווייז אַדאַנק די אָנקלאָג-ווענדונגען פון יידן. כאָוואַנסקין האָט מען מיטגעטיילט: „דער קיסר באַמערקט, אַז די אויספאָרש-קאָמיסיע פאַרלאָזט זיך מער אויף סברות, מאַכט פּירושים אויף ספּאַזמעס און זשעסטן פון די אָנגעקלאָגטע ביים פאַרהער, ער קלערט איבער, אַז די קאָמיסיע איז אַזוי ווייט פאָרויס שלעכט געשטימט קעגן יידן, אַז זי פירט זיך אין אַ געוויסער מאָס פּאַרטייאיש און פאַרציט די זאַך אָן שום נוץ". דעם פּראָצעס האָט מען איינגיכן אַרויסגענומען פון דער קאָמיסיעס הענט, וואָס זי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון ליגנס, (סטראַכאָוו איז אונטער דער צייט געשטאָרבן), און איבערגעגעבן דעם סענאַט (1830).

אויף די סענאַטאָרן פונעם 5-טן דעפּאַרטאַמענט, וואָס האָבן געלייענט דעם שוידערהאַפטן מאַטעריאַל פון די וועליזשער „אויספאָרשער", האָט דאָס געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז זיי זענען נוטה געווען צו אַ שווערן פּסק: פאַרשיקן די אָנגעקלאָגטע קיין סיביר מיט אַ צוגאָב שמיץ (1831). אין דער אַנדערער אינסטאַנץ, אין דער אַלגעמיינער סענאַט-פאַרזאַמלונג, זענען שוין געווען חלוקי-דעות: די מערהייט איז געווען פאַר פאַרמשפּטן, אָבער די מינדערהייט האָט אָנגעוויזן אויפן באַפעל פונעם יאָר 1817 און געהאַלט האָבן, מ'זאָל די תפוסים באַפרייען און מאַכן אויף זיי אַ פּאָליציי-השגחה. דאָס יאָר 1834 איז די זאַך אַריבער צו דער העכסטער אינסטאַנץ, צום מלוכה-ראַט, און דאָ איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס דער אמת. דער שטאָק-אַלטער מלוכה-טוער נ. ס. מאָרדווינאָוו האָט זיך אָנגענומען פאַרן אמת; ער האָט געהאַט אַ גוט בשכנות מיט וועליזש, ער האָט גוט געקענט יידן און איז געווען אויפגעבראַכט אויף דעם בלבול. אַלס פאָרזיצער אין דעפּאַרטאַמענט פאַר ציווילע און גייסטיקע ענינים ביים מלוכה-ראַט האָט ער אין זיצונגען נאָכאַנאַנד אַנאַליזירט דעם גאַנצן אויספאָרשט-מאַטעריאַל, אויפגעוויקלט דעם גאָרן קנויל ליגן און געוויזן, אַז דער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט אויס „פאָראורטייל" קעגן יידן פאַרפירט די רעגירונג מיט זיינע ראַפּאָרטן. דער דעפּאַרטאַמענט האָט צוגעשטימט און האָט געזאָגט זיין מיינונג, אַז מ'דאַרף אַרויסלאָזן אַלע יידן און פאַרגיטיקן זיי פאַר אומזיסט-פאַרשאַפטער פּיין; די קריסטינס, די מסירה-

געבעריגס זאָלן פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט אויך צוגעשטימט, זי האָט נאָר אָפּגעוואָרפן דעם פונקט וועגן פאַרגיטיקן די אָנגעקלאָגטע. דעם צאַר האָט מען דערלאַנגט אַזאַ ראַפּאָרט: „אָפּגעוואויגן אַלע טענות־ומענות אין דעם דאָזיקן פאַרוויקלטן פאַרפּלאָנטערטן פּראָצעס, געפינט דער מלוכה־ראַט, אַז דאָס עדות־זאָגן פון דער טערענטיעווא, מאַקסימאָווא און קאָזלאָווסקע זענען פול מיט סתירות און לעפּישע אויסטראַכטענישן, אָן שום פּאָזיטיווע ראיות, און דעריבער קאָן דאָס נישט דינען פאַר קיין באַווייז, מ׳זאָל יידן באַשולדיקן אין די שווערע פאַרברעכנס, וואָס מ׳וואַרפט אויף זיי אַרויף. דער מלוכה־ראַט האַלט דעריבער: 1) די יידן, וואָס ווערן אָנגעקלאָגט אינם פּראָצעס פון דעם געהרג׳עטן יעמעליאַנאָוו און נאָך אין ענלעכע זאַכן, וואָס געפינען זיך אין וועליזשער אויספאָרש־מאַטעריאַל, זאָלן באַפרייט ווערן, ווייל זייער שולד איז נישט באַוויזן. 2) די קריסטינס די עדות: די פויערטע טערענטיעווא, די סאָלדאַטקע מאַקסימאָווא און די שליאַכטאַנקא קאָזלאָווסקע פאַרן בלבול, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט באַשטעטיקן, זאָלן פאַרשיקט ווערן קיין סיביר. 3) די פויערטע יערעמעיעווא, וואָס האָט זיך רעקלאַמירט דעם המון פאַר אַ טרעפערין, זאָל איבערגעגעבן ווערן דער קירך אויף מוסר". דעם 18־טן יאַנואַר 1835 האָט ניקאָלאַי דער 1־טער באַשטעטיקט דעם דאָזיקן פּסק און דערביי צוגעשריבן אַזאַ רעזאָלוציע, וואָס האָט נישט געזאָלט פאַרעפנטלעכט ווערן: „מסכים מיט דער מיינונג פונם מלוכה־ראַט, אַז אין דעם דאָזיקן פּראָצעס, וואָס ס׳פעלן אין אים גענוגנדיקע ראיות, קאָן קיין אַנדער פּסק נישט זיין, חוץ דעם פּסק, וואָס איך באַשטעטיק דאָ,—מוז איך אָבער צוגעבן, אַז קיין אינעווייניקסטע איבערצייגונג, אַז יידן זענען נישט באַגאַנגען דעם דאָזיקן מאָרד, האָב איך נישט און קאָן נישט האָבן. דאָס, וואָס אַזוינע מאָרדן טרעפן זיך אַזוי אָפט... באַווייזט, אַז ביי יידן איז מסתמא פאַראַן אַזוינע פאַרברעכערישע פאַנאַטיקער, אָדער אַ סעקטע, וואָס דאַרפן האָבן קריסטלעך בלוט צו זייערע מנהגים. דאָס קאָן זייער גוט געמאָלט זיין, בפרט ווען מיר ווייסן, אַז ביי אונז קריסטן זענען אויך לײדער פאַראַן אַזוינע סעקטעס, וואָס זענען נישט ווייניקער שרעקלעך און נישט צו פאַרשטיין. אַ כלל, נישט געמיינט, אַז פון דעם מנהג האַלטן אַלע יידן, שליס איך נישט אויס, אַז צווישן זיי זאָלן זיך נישט געפינען פונקט אַזוינע מערדערישע פאַנאַטיקער ווי צווישן אונז קריסטן". ביי אַזאַ מיינונג וועגן עלילת־דם האָט ניקאָלאַי דער 1־טער, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט באַשטעטיקן אָן אַנדער באַשלוס פונם מלוכה־ראַט: מ׳זאָל באַפוילן אַלע גובערנאַטאָרס, אויף ווייטער זיך שטרענג האַלטן ביים באַפעל פונם יאָר 1817, מ׳זאָל נישט פאַרפירן קיין ריטועלע פּראָצעסן נאָר „פון וועגן דעם אַבערגלויבן אַליין". ניקאָלאַי גופא האָט זיך נישט גאָר אָפּגעטרייסלט פון דעם דאָזיקן אַבערגלויבן.

ענדע יאַנואַר 1835 איז דער באַפעל אָנגעקומען קיין וועליזש: אַרויסלאָזן אַלע אַרעסטירטע יידן, עפענען אַלע פאַרחתמטע שולן און אָפּגעבן צוריק די

ספרי־תורות, וואָס פּאָליציי האָט געהאַט צוגענומען נאָך דאָס יאָר 1826. ס'זענען אַרויס פֿון דער טורמע לאַנג־געפּייניקטע מענטשן, חוץ אייניקע, וואָס זענען שוין געשטאָרבן אין תּפֿיסה, ס'האָבן זיך געפֿפֿנט די שולן פֿאַר האַרצרייסנדיקע תּפֿילות. ס'איז אַראָפּ דער באַלאַגערונג־צושטאַנד, וואָס האָט געדויערט 9 יאָר, ס'האָט אויפֿגעהערט דער טעראָר, וואָס האָט געשטיקט אַ גאַנצע קהלה. נאָך אַ שרעקלעך בלעטל יידישער מאַרטיראָלאָג, כאָטש מיט אַ „גוטן" סוף.

חוץ עלילת־דם האָבן נישט געפֿעלט נאָך אַנדערע אויסערגעוויינטלעכע אומגליקן יענע תּקופֿה. אַ סך מאָל האָט מען זיך אָפּגערעכנט מיטן כּלל — מיט גאַנצע קהלות פֿאַר דער זינד פֿון יחידים. דאָס שווידערהאַפֿטע רעקרוטן־נעמען, וואָס האָט געמאַכט פֿון קהל אַ פּאָליציי־אַגענט צו „כאַפּן" רעקרוטן, האָט געבראַכט דערצו, אַז מסירות איז געוואָרן אַ פּראָפֿעסיע. אַזוינע פּראָפֿעסיאָנאַלן־מוסרים זענען געווען אין יעדער קהלה, אומעטום האָבן זיי געשראָקן מסרן קהל פֿאַר פֿאַלשע רייסטערס און אַנדערע אומגעזעצלעכקייטן ביים רעקרוטן־נעמען און געפֿאָדערט „לא יחרץ"־געלט. פֿון מוסרים איז מען אַזוי פֿיל אויסגעשטאַנען, אַז אין אייניקע ערטער האָט מען זיי געהרגעט. אַזאַ פֿאַל האָט געטראָפֿן אין פּאָדאָליער גובערניע דאָס יאָר 1838. אין נאָוואַיאַ־אושיצאַ (ליעטנעחיק) האָט מען געהרגעט צוויי מוסרים: אָקסמאַן און שוואַרצמאַן, וואָס האָבן געהאַלטן אין מורא די גאַנצע גובערניע. איינעם, ווי מ'זאָגט, האָט מען געהרגעט אין שול, דעם אַנדערן אין וועג. די אַדמיניסטראַציע האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן די שולד אויף דער קהלה, אפֿילו אויף עטלעכע קהלות: „זיי זאָלן דאָס האָבן באַגאַנגען דעם מאָרד לויט אַ פּסק פֿון זייער בית־דין". צום געריכט זענען געווען אָנגעקלאָגט אַ קעגן 80 קהל־לייט און בעלי־בתּים פֿון אושיצע און פֿון אַרומיקע שטעטלאַך, אין דעם צוויי רבנים אויך. די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם מיליטער־געריכט, און דער האָט געפּסקנט: „אָנלערנען די שולדיקע": 20 מאַן זאָלן פֿאַרשיקט ווערן אויף קאַטאָרגע און אין אַרעסטאַנטן־ראָטעס, פֿריער זאָלן זיי געשמיסן ווערן מיט שפּיצרוטער פֿון 500 מאַן, נאָך אַזוי פֿיל זאָלן פֿאַרשיקט ווערן קיין סיביר'. די איבריקע האָט מען פֿרייגעלאָזט, אָדער זיי זענען אַנטלאָפֿן. אייניקע פֿון די געשמיסענע זענען געפֿאַלן אונטער די ריטער, און ביים פֿאָלק אין זכּרון זענען זיי פֿאַרצייכנט פֿאַר „קדושים".

אַ מסירה האָט צעשטעקן אין מ ס ט י ס ל א ו ו ל ע ר פּראָצעס (1844) אויך אין מסטיסלאַוול (מאָהילעווער גובערניע) איז פֿאָרגעקומען אַ געשלעג צווישן יידן און סאָלדאַטן ביים אַרעסטירן קאָנטראַבאַנד אין אַ יידיש געשעפֿט: עטלעכע יידן זענען געווען צעגיזוקט, עטלעכע ביקסן צעבראָכן. די אָרטיקע פּאָליציי און מיליטער־באַפֿעלער האָבן דערפֿון געמאַכט אַ יידישן „בונט" און אַזוי האָבן זיי דאָס דערלאַנגט דעם מאָהילעווער גובערנאַטאָר און דעם גאַרניזאָן־שעף. אַ מסור אַ משומד אריה בריסקין האָט דאָ געפֿונען אַ געלעגנהייט זיך נוקם זיין אין יידן און ער האָט דאָס געדינט די אַדמיניסטראַטיווע יודאָפֿאָבן פֿאַר אַ געצייג אין

די העיפ. יאַנואַר 1844 האָבן פֿון מאָהילעוו קיין פּעטערבורג דערלאַנגט אומרואיקע ידיעות וועגן אַ „יידישן בונט". מ'האָט דאָס דערלאַנגט דעם צאַר, און דער האָט דאָס געמאַכט קורץ און שאַרף: „די הויפּטשולדיקע אין דער מעשה איבערגעבן צום מיליטער־געריכט, פֿון יידן אין יענער שטאָט זאָל פֿאַר אַזאַ סקאַנדאַל גענומען ווערן רעקרוטן איינער פֿון 10". דאָ האָט מען יוצא געווען אַלע פּרינציפּן פֿון יענער תּקופֿה: אַלע ענטפֿערן פֿאַר איינעם; פֿריער דער פּסק דערנאָך אַ געריכט... דער באַפֿעל האָט דערלאַנגט קיין מסטיסלאַוול ערב פּורים און האָט שווער געטראָפֿן אַ קהלה יידן. אסתּר־תּענית אין די שולן איז געווען תּשעה־באב. אין שטאָט איז געוואָרן אַ טעראָר: די פּראָמינענטסטע בעלי־בתּים האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע, אַפּגעגאָלט זיי אַ האַלבן קאָפּ און אַ האַלבע באָרד; מ'האָט געכאַפּט פֿאַר רעקרוטן נישט געקוקט אויף קיין עלטער, וואָרום לויט דעם צאַרס רעזאָלוציע האָט אַ צענטל מסטיסלאַוולער יידן באַדאַרפֿט מגולגל ווערן אין סאָלדאַטן. ביז ענדע פּראָצעס האָבן יידן נישט געטאָרט אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט, מסטיסלאַוולער אין דער פֿרעמד האָט מען געכאַפּט און געטריבן זיי אַהיים. אַ קהלה איז געשטאַנען פֿאַר אַ חורבן. זי האָט געשיקט שתּדלנים קיין פּעטערבורג פּועלן, מ'זאָל דערוויייל אויפֿהערן צונעמען שטראָף רעקרוטן ביזן געריכט, ווייל די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט די זאַך שטאַרק איבערגעטריבן. רב איצעלע מאָנאַסטירשטשינער (י צ ח ק ז ע ל י ק י ן) האָט זיך געלאָזט קיין פּעטערבורג טון פֿאַר פּדיון־שבויים. ער האָט דאָס אויפֿגעדעקט דעם שעף פֿונם „דריטן אָפּטייל" די שווידערלעכע זאַכן, וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן יידן אין מסטיסלאַוול, און יענער האָט זיך פֿאַראינטערעסירט דערמיט. פֿון פּעטערבורג זענען געשיקט געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן צוויי רעוויזאָרן, יענע איז נישט שווער געווען אויפֿצודעקן די פֿאַרברעכערישע שפּיל פֿון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע און משומדים־מוסרים, וואָס האָבן אַ גאַסן־געשלעג צעפּויקט פֿאַר אַ „בונט". אַ נייע אויספֿאָרש־קאָמיסיע, מיט פֿירשט טרובעצקאָי, דעם פּעטערבורגער רעוויזאָר, אין דערמיט, האָט קלאָר געמאַכט, אַז די קהלה קער זיך מיט דער מעשה כּלל נישט אָן. דעמאָלט האָט געטראָפֿן דעם „מאָנאַרכס גנאָד": די אַרעסטירטע האָט מען אַרויסגעלאָזט, די שטראָף־רעקרוטן האָט מען אומגעקערט פֿון דער דינסט; אייניקע אָרטיקע טשינאָווניקעס האָט מען איבערגעגעבן צום געריכט, מאָהילעווער גובערנאַטאָר האָט באַקומען שאַרף אויסגערעדט. דאָס איז געשען נאָוועמבער 1844 נאָך אַ 10 חדשים אינקוויזיציע. די קהלה האָט מתקן געווען אַ תּענית אַלע יאָר דעם טאָג, ווען ס'איז אָנגעקומען דער ן־טער באַפֿעל, און אַ פּורים דעם טאָג, ווען מ'איז „געהאָלפֿן געוואָרן" (ג' כסלו)... ווען מ'זאָל געווען מתקן זיין אַזוינע געדענק־טעג פֿון וועגן יעדער „גזרה", וואָלט דער לוח דערמיט פֿול געווען.

איין זאַך איז נאָך יענער תּקופֿה געווען פֿרעמד: פּ אָ ג ר אָ מ ע ן. דער איינציקער פּאָגראָם, וואָס האָט פּאַסירט יענע צייט, אין אָדעס דאָס יאָר 1821,

שטאַמט פון דער פרעמד: דאָ האָט זיך אָנגערופן דער שטרייט צווישן גריכן און טערקן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס האָט דערלאַנגט צו דער אָדעסער קאָלאָניע גריכן (זע ווייטער § 31).

## § 25. קיניגרייך פּוילן:

גאָר אין אַ באַזונדער לאַגע זענען יידן געווען אין דער גרויסער פּראָווינץ, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט פונם וואַרשעווער הערצאָגטום לויט דעם ווינער קאָנגרעס דאָס יאָר 1815 און איז געוואָרן אַ טייל פון דער רוסלענדער אימפּעריע מיט דעם נאָמען קיניגרייך פּוילן. די יאָרן (1815—1830 „קאָנגרעסווקע") איז פּוילן געווען אויטאָנאָם, האָט געהאַט אַ סיים-קאָנסטיטוציע מיט אַן אָרטיקער רעגירונג; פּוילן האָט דעמאָלט אַליין פּאַרוואַלטעט מיטן יידישן קבוץ (פון 250 ביז 400,000 נפשות). נאָך דעם אויפשטאַנד דאָס יאָר 1830 האָט מען דאָס געשטראָפטע פּוילן-לאַנד מער פאַרקניפּט מיט דער אימפּעריע, אָבער די ספּעציעל פּוילישע געזעצגעבונג פאַר יידן איז געבליבן.

שטורמדיק זענען צוגעגאַנגען די דאָזיקע ערשטע יאָרן אין אויטאָנאָמען פּוילן. נאָכדעם ווי ס'האָבן געפּלאַצט די נאַציאָנאַלע האָפענונגען אויף נאַפּאָלעאָן'ס פעלד-מאַרש קיין רוסלאַנד, נאָך דעם ווי דאָס וואַרשעווער הערצאָגטום איז געוואָרן אויס און אין וואַרשע איז אויף אַלכּסנדר דעם I-טנס באַפעל געוואָרן אַ דערווייליקע רעגירונג (1813), האָבן פּאָליאַקן אַרויסגעקוקט אויפן רוסישן צאַר. אויף אים האָט אויך אַרויסגעקוקט אַ פערטל מיליאָן פּוילישע יידן, וואָס האָבן באַקומען די פראַנצויזישע קאָנסטיטוציע פונם געוועזענעם וואַרשעווער הערצאָגטום איינגעבונדן אין „שענדלעכן דעקרעט". 1) דעם לעצטן מאָמענט, ווען די דאָזיקע מלוכה אויף אַ וויל איז אַרונטער אונטער דער רוסישער הערשאַפט, האָבן יידן געהאַט אויף זיך אַן עקאָנאָמישן טויט-פּסק: דאָס איז דער דעקרעט פון יאָר 1812, אַז אין צוויי יאָר אַרום טאָרן מער נישט יידן — נישט מאַכן, נישט פאַרקויפן קיין בראָנפן, — דאָס האָט געהייסן אַזוי גוט ווי רואינירן צענדליקער טויזנטער פאַמיליעס. פּוילישע יידן זענען שוין געווען אָנגעלערנט, זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן נשט וואָס אַרויסצוקוקן קיין גוטס פון די פּוילישע אַנטיסעמיטישע הערשנדיקע קלאַסן; האָבן זיי געהאַלטן פאַר בעסער זיך ווענדן צום אויבערהאַר, צום צאַר, וואָס איז דעמאָלט געווען פאַרשמט פאַר „אייראָפּעס אויסלייזער". אַ דעפּוטאַציע פון וואַרשעווער יידישער קהלה (מיכל עטינגער, וואָלף כהן, שכנאביידינג) איז געווען ביי אַלכּסנדר דעם I-טן אין פּעטערבורג און אין

---

1) פריערדיקער באַנד, § 44.

פּאַריז (1814—1815), דערלאַנגט אים פּעטיציעס, פּאַר יידן זאָלן אָפּן זיין אַלע פּראָפעסיעס און ס'זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן די חורבן־דעקרעטן אין דער געוועזע־נער וואַרשעווער רעגירונג. סענאַטאָר נ. נ. נאָוואָסילצעוו, דער רוסישער גליד פון וואַרשעווער דערווייליקער רעגירונג, האָט געשטיצט די השתדלות. מ'האָט געפּועלט, אַז דער דעקרעט וועגן דערוויטערן יידן פונם בראָנפן־געשעפט זאָל אָפּגעלייגט ווערן.

יענע צייט, ווען מ'האָט געהאַלטן ביים באַשאַפן די נייע מלוכה, איז אויפ־געשוואומען די פראַגע וועגן אויסגלייכן דאָ יידן אין בירגערלעכע רעכט. ווען דער ווינער קאָנגרעס האָט אין מאַי 1815 קאָנסטרואירט א אויטאָנאָם פּוילן אונטער רוסלאַנדס אויבערהערשאַפט, זענען דעמאָלט אָנגעמערקט געוואָרן די יסודות פון דער קינפטיקער קאָנסטיטוציע; איין פּונקט איז דאָרטן געווען וועגן יידן: „דאָס יידישע פאָלק בלייבט ביי די בירגעררעכט, וואָס דאָס האָט לויט איצטיקע געזעצן און פאַראָרדנונגען. אין ספּעציעלע תקנות זאָלן אָנגעוויזן ווערן די קאָנדיציעס, וואָס זאָלן פאַרלייכטערן יידן צו דערלאַנגען א גרעסערן חלק אין בירגעררעכט". דער דאָזיקער פּונקט, וואָס דער בעסטער פון די פּוילישע פּאָליטיקער, אַדאַם טשאַרטאָריסקי, האָט אים אויסגעאַרבעט, האָט נישט געזיכערט יידן קיין גלייכבאַרעכטונג: דאָס איז געווען נישט מער ווי א צוזאָג מיט א תנאי פאַרברייטערן זייערע רעכט. דעם תנאי אָבער האָט מען פּאָרויס געוואוסט: „אויסלייטישן" יידן, ד. ה. יידן זאָלן זיך פאַרפּוילישן און זיך אָפּזאָגן פון נאַ־ציאָנאַל־אייגנס. דאָס וואָלט געווען די פּאָליטיק פון דער נייער וואַרשעווער רע־גירונג, ווען אויבן אָן זאָל געווען זיין טשאַרטאָריסקי. אָבער שטאַטהאַלטער אין פּוילן איז געוואָרן גענעראַל זאַיאָנטשעק, פריער קאָסטיושקאָס א מיטטוער, וואָס האָט זיך דערנאָך אָפּגעזאָגט פון יענעמס אידעאַלן און איז געוואָרן א ווילדער רעאַקציאָנער און יידנפיינט; דעמאָלט איז קלאָר געוואָרן, אַז יידן האָבן נישט אויסצוזשעלן אַפילו בירגעררעכט טיילווייז.

די יידנפראַגע האָט מען אָנגעהויבן באַהאַנדלען דאָס יאָר 1815 אין „רע־פאָרם־קאָמיטעט" אין וואַרשע מיט טשאַרטאָריסקין אלס פירער. די פראַגע האָט מען באַהאַנדלט אין קאָמיסיעס פאַר איינאָרדנען פּויערים און שטעט. ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן א רעפאָרם־פּראָיעקט פון יידישן לעבנסשטייגער אין גייסט פון „אויפגעקלערטער" אפּוטרופּסות. אין דער טעאָריע זאָל דאָס הייסן, אַז יידן קומט די זעלבע מענטשן־און־בירגער־רעכט ווי אלע אַנדערע און סוף כל סוף זאָלן זיי עמאַנסיפּירט ווערן. אָבער „ביי דער אומוויסנקייט, פאָראורטיילן און מאָראַלישער פאַרדאָרבנקייט, וואָס מיר זעען איצט צו אין די מאַסן ביים יידישן און ביים פּוילישן פאָלק", וואָלט עמאַנסיפּאַציע באַלד נאָר שאָדן געבראַכט: יידן וואָלטן באַקומען פרייע הענט, און דאָס וואָלט דעם לאַנד שאָדן געבראַכט. דעריבער מוז מען פריער אויסלייטישן יידן: מ'דאַרף זיי פאַרווערן דאָס שעדלע־כע בראָנפן־געשעפט און פאַראינטערעסירן זיי מיט ערדאַרבעט, מ'דאַרף מאַכן אויס קהל און קהלה־אויטאָנאָמיע. מ'דאַרף רעפאָרמירן יידישע שול־דערציאונג

אין בירגערלעכן גייסט. פאַרקוקט זיך אויף די מערבֿ־לענדער, וואָס דאָרט האָבן זיך יידן שוין אָנגעהויבן אַסימילירן, האָט די פּאָליטישע קאָמיסיע געוואָלט אויסהערן אַ מיינונג פון דוד פרידלענדער, דעם בערלינער רעפאָרמאַטאָר, דער אידעאָלאָג פון אַסימילאַציע. אין נאָמען פון דער וואַרשעווער רעגירונג האָט זיך ביסקופּ מאַלטשעווסקי געווענדעט צו אים מיט אַ בריוו, געבעטן אים זאָגן זיין מיינונג וועגן דער געפּלאַנטער רעפאָרם אין פּוילן. פרידלענדער האָט זיך געפילט זייער געשמייכלט פון אַזאַ פאָרשלאַג און האָט אָנגעשריבן אַן אויספירלעכע „מיינונג וועגן פאַרבעסערן די יידישע לאַגע אין קעניגרייך פּוילן" (דאָס יאָר 1819 איז דאָס אַרויס געדרוקט: „Verbesserung der Israeliten in Königreich Polen"). פרידלענדער שרייבט דאָרט: „פּוילישע יידן זענען קולטורעל שטאַרק הינטערשטעליק געבליבן אַקעגן מערבֿ־יידן. אַ שטער פאַר זייער אויפקלערונג איז דער תּלמוד, די שעדלעכע חסידות און קהלה־פאַרוואַלטונג. דאָס אַלץ דאַרף מען אויסראָמען: מ'דאַרף דערנענטן די יידישע שול צו דער פּוילישער, די פּוילישע שפּראַך זאָל ווערן די אומגאַנג־שפּראַך ביי יידן אָנשטאָט יידיש. מ'דאַרף פּראָטעזשירן אַסימילאַציע און רעליגיעזע רעפאָרמעס. אָבער דערביי דאַרף די רעגירונג אריינגעבן יידן אַ זיכערקייט, אַז „מיט דער צייט וועלן זיי באַקומען בירגעררעכט; אויב זיי וועלן זיך מיען פאַרבעסערן זיך לויט די בייע געזעצן פאַר זיי". דער דאָזיקער קנעכטישער געדאַנק, אַז יידן דאַרפן פ אַ ר ד י נ ע ן בירגעררעכט, האָט זייער אויסגענומען ביי דער וואַרשעווער רעגירונג־קאָמיסיע: זי האָט אויך אַזוי געהאַלטן.

אין וואַרשע האָט זיך געפונען אַ גרופּע „בערלינער" פון פרידלענדערס חדר, וואָס האָבן אויסגענוצט די שטימונג אין די רעגירונג־קרייזן אויף אויסצובעטן גלייכבאַרעכטונג אַלס פּריווילעגיע פאַר זיך פערזענלעך. פאַרטרעטער פון 26 יידישע „געבילדעטע" פאַמיליעס (דער בוכהענדלער גליקסבערג, דאָקטאָר מעד. וואָלף, באַנקיר העך־לעווע) האָבן פאַרוואָרפן טשאַרטאָריסקין, נאָוואָסילצעוון, און אלכסנדר דעם 1־טן אַליין מיט ביטבריף שענקען בירגעררעכט די דאָזיקע פאַמיליעס, וואָס „האָבן פאַרשטאַנען די מעלה פון ציוויליזאַציע און האָבן איבערגענומען אייראָפּעאישע זיטן און קליידונג, גיבן זיך אָפּ מיט שטודירן וויסנשאַפטן און קונסטן און דערציען זייערע קינדער אין פּוילישע, דייטשע און פראַנצויזישע ליצייען". די בעטער זענען זיכער, אַז זייער קלאַס האָט שוין פאַרדינט, חוץ בירגעררעכט, פּאָליטישע רעכט אויך, נישט אַזוי ווי דער רוב יידן, וואָס האַלט זיך נאָך ביי זיינע „זיטן און קליידונג": זיי קומט נישט מער ווי עלעמענטאַרע בירגעררעכט — פרייהייט פון וואוינרעכט און פּראָפעסיעס. אַזאַ פּריווילעגיע פאַר „געבילדעטע" וועט אַרויסרופן קנאה ביי דער יידישער מאַסע און דערמיט וועט דערלאַנגט ווערן דער צוועק פון „אויפגעקלערטע רעגירונגען אין אייראָפּע": „יידן זאָלן זיך צונויפשמעלצן מיט די אַרומיקע נאַציעס" (ענדע 1815). דאָ איז געווען איבערגעחזרט די קלאָגעדיקע פּראָבע פון די „בערלינער" צו דער צייט

פון וואַרשעווער הערצאָגטום און ס'האָט נישט געגאָלטן: פּוילישע „רעפאָרמאַטאָרט־האָבן צייט געהאַט צו וואַרטן, ביז די גאַרע יידישע מאַסע וועט זיך וועלן „צו־נויפשמעלצן"; בכן האָבן זיי נישט וואָס צו מאַכן קיין אויסנאַם פאַר די, וואָס האָבן זיך צוגעאיילט.

אָנהויב יאָר 1816 איז דער אויבנדערמאָנטער פּראָיעקט פון דער וואַרשע־ווער רעגירונגס־קאָמיסיע געקומען פאַר דעם שטאַטהאַלטער זאַיאָנטשעק. ביים שטאַטהאַלטער אין די אויגן איז אָבער אפילו אַזאַ תנאי־רעפאָרם געווען צו ליבע־ראַל. זיין ראַפּאָרט דעם צאַר אַלכסנדר דעם 1־טן (8 מערץ 1816) איז אָנגע־זאַפּט מיט גיפטיקער יידנפיינטשאַפט: „ס'איז אַ געפאַר חי יידן מערן זיך אין אייער קיניגרייך פּוילן. דאָס יאָר 1790 האָבן זיי אויסגעמאַכט אַ דריי צענטל (?) פון דער באַפעלקערונג, איצט שוין אַן אַכטל. זיי זענען ניכטער און געשיקט, לעבן פאַר זייער וויניק, פאַרווערבן זיך פון שווינדל; זיי האָבן פּרי חתונה און מערן זיך אָן אַ צאָל. פון שווערער אַרבעט האַלטן זיי נישט, אַליין פּראָדוצירן זיי גאָרנישט און לעבן אויפן חשבון פונם אַרבעט־פאָלק, רואינירן דאָס דאָזיקע פאָלק. זייערע אייגנאַרטיקע אינסטיטוציעס זונדערן זיי אָפּ אין דער מלוכה, מאַכן פון זיי אַ פרעמד פאָלק; ביים איצטיקן צושטאַנד קאָנען זיי דאַריבער נישט געבן דער מלוכה נישט קיין גוטע בירגער, נישט קיין רעכטע סאָלדאַטן. אויב ס'וועלן נישט געטון ווערן קיין מיטלען אויסצוווצן פאַר אַלעמענס וואויל יידישע נוצלעכע מעלות, איז וועלן זיי אינגיכן פאַרמיסטיקן און אויסטריקענען אַלע קוואַלן פונם פאָלקס וואוילשטאַנד, ס'איז אַ געפאַר זיי זאָלן איבערשטייגן און דערשטיקן די קריסטלעכע באַפעלקערונג".

דאָס זעלבע יאָר איז סענאַטאָר נאָוואָסילצעוו, אימפּעריישער קאָמיסאַר ביי וואַרשעווער רעגירונג, אַרויס מיט זיין אַ פּראָיעקט וועגן דער יידנפראַגע. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין פּאָליאַקן און פלעגט זיך אַמאָל אָננעמען פאַר יידן. קעגן דער קאָמיסיעס פּרינציפּ: „פריער אויסלייטישן, דערנאָך געבן רעכט" — האָט נאָוואָסילצעוו אַרויסגעשטעלט אַ ליבעראַלערן פּרינציפּ: געבן יידן בירגער־רעכט און דיזעלבע צייט רעפאָרמירן זייער לעבנסשטייגער לויט די פּרינציפּן פון אייראָפּעאישער קולטור און מאָדערניזירטער קהלה־אויטאָנאָמיע. אויף אַלע קהלה־און־קולטור־אַנגעלעגנהייטן זאָלן האָבן צו זאָגן ספּעציעלע דירעקציעס, — אַ צענטראַלע אין וואַרשע און אָרטיקע אין יעדער געגנט אויפן שטייגער פון יידישע קאָנסיסטאָריעס אין פראַנקרייך. די דירעקציעס באַשטייען פון רבנים און קהל־פאָרשטייער, מיט אַ קאָמיסאַר פון דער רעגירונג (אין דער צענטראַלער דירעקציע — אַ „פּראָקוראָר", וואָס דער קעניג באַשטימט). די דאָזיקע אָרגאַניזאַ־ציע איז אונטערגעוואָרפן דעם בילדונג־מיניסטער. די פונקציעס פון די דירעק־ציעס איז: רעגיסטרירן די באַפעלקערונג, פירן קהלה־ווירטשאַפט, צדקה־זאַכן, מאַכן בילדונג־שולן. יעדער יונגערמאַן, וואָס בעט אַ דערלויב אויף חתונה האָבן, אויף נעמען זיך פאַר אַ פּראָפעסיע אָדער פאַרווערבן אַ נחלה, מוז ווייזן אַן

אַטעסטאַט פון אַזאַ שול. „אַלע יידן, וואָס וועלן טון די פליכטן, ווי אין דעם סטאַטוט שטייט, וועלן געניסן אַלע בירגער־רעכט". אַזוינע, וואָס חוץ דעם מאַכן זיי זיך אַ נאָמען מיט וויסנשאַפט אָדער קונסט, קאָנען נאָך זוכה זיין פּאָליטישע רעכט אויך, אַפילו באַטייליקן זיך אין דער פאָלקספאַרטרעטונג אויך. די נאָנסטע צייט האָט נאָוואָסילצעוו זיך אָפּגעהאַלטן פון עקאָנאָמישע רעפּרעסיעס, ווי אַ שטייגער פאַרווערן יידן דאָס בראָנפן־געשעפט (ער דערלאָזט נאָר מיטלען קעגן דעם, דאָס דאָזיקע געשעפט זאָל זיך נישט צעוואַקסן). מ׳דאַרף האָבן געוויסע עקאָנאָמישע רעפאָרמעס: פּראָטעזשירן ערד־אַרבעט און מלאכה ביי יידן. ווען דער פּראָיעקט איז דאָס יאָר 1817 געקומען פאַר דעם וואַרשעווער מלוכה־ראַט (Rada Stanu), האָט ער געטראָפן אַ שאַרפע אָפּאָזיציע; אין דער אָפּאָזיציע זענען געווען: טשאַרטאָריסקי, שטאַטהאַלטער זאַיאָנטשעק, סטאַשיץ און אַנדערע פּוילישע הויכע לייט. מער האָט דאָ געשטעקט פיינטשאַפט צום רוסישן אויטאָר, איידער צום „יידנפריינטלעכן" פּראָיעקט גופא. די קאָמיסיע, וואָס האָט בעהאַנדלט דעם פּראָיעקט, האָט אַרויסגעשטעלט קעגן אים דריי טענות: 1) די רעפאָרם ביי יידן קאָן נישט געשען מיט יידישע הענט; 2) מ׳טאָר נישט לאָזן יידן קיין קהלה־און־קולטור־אָרגאַניזאַציע, ווייל דאָס פאַרשטאַרקט זייער נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט; 3) גאָר עמאַנסיפּירן יידן אין בירגערלעכן און אין פּאָליטישן פּרט איז קעגן דער פּוילישער קאָנסטיטוציע, דאָ דאַרף די הערשנדיקע רעליגיע האָבן די בכורה. אין דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אין מלוכה־ראַט זענען געווען זייער היציקע דעבאַטן וועגן נאָוואָסילצעווס פּראָיעקט. מ׳האָט אויסגעפינען אין פּראָיעקט „פּאָליטישע צוועקן, וואָס זענען פיינטלעך דעם נאַציאָנאַלן קערן אין לאַנד". „זאָלן יידן פריער ווערן אמתע פּאָליאַקן, — זאָגט דער רעפערענט קאָזימיאַן, דעמאָלט וועט מען זיי קאָנען האַלטן פאַר בירגער". ווען דער רעפערענט האָט אָנגעוויזן, אַז מ׳קאָן נישט האַלטן פאַר קיין בירגער אַ מאַסע, וואָס מ׳דאַרף זי פריער צוגעוואוינען צו „ריינקייט" און אויסהיילן פון „קרעץ און ענלעכע קרענק", האָט זיך זאַיאָנטשעק צעלאַכט אויף אַ קול און זיך אָנגערופן: „ריכטיק! די דאָזיקע שלימזלס וועלן זיך נאָך נישט אַזוי גיך אויסהיילן פון קרעץ". נאָך אַזאַ „קריטיק" איז נאָוואָסילצעווס פּראָיעקט געווייינטלעך אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דער מלוכה־ראַט איז געקומען צום געדאַנק, אַז פאַר אַ גרינדלעכער אינווייניקסטער יידישער רעפאָרם „איז נאָך נישטאָ די געהעריקע שטימונג", און ס׳איז געבליבן דערווייל זיך האַלטן ביי איינצלנע אויפטוען, דערהויפּט רעפּרעסיווע.

אויף די „אויפטוען" האָט מען נישט באַדאַרפט לאַנג וואַרטן. די וואַרשעווער רעגירונג האָט נישט באַוויזן אויסצופירן נאָר איין שטראָף־מיטל: דעם געזעץ פון יאָר 1812 וועגן פאַרווערן יידן דאָס בראָנפן־געשעפט. אַדאַנק די השתדלות פון די אויבנדערמאָנטע דעפּוטאַציעס — האָט אַלכסנדר דער 1־טער נישט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן געזעץ, וואָס האָט געזאָלט עקאָנאָמיש חרוב מאַכן יידן; דאָס יאָר 1816 האָט דער שטאַטהאַלטער געמעלדעט, אַז דער געזעץ ווערט

אָפגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. אָבער די פוילישע רעגירונג האָט באַוויזן אויסצופירן משך עטלעכע יאָר אייניקע אַנדערע אויסנאַם געזעצן. אייניקע שטעט האָבן געהאַט אַלטע פריווילעגיעס „נישט אַריינצולאָזן צו זיך יידן“, די פוילישע רעגירונג האָט באַשטעטיקט די דאָזיקע פריווילעגיעס. די, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַזוינע שטעט בימי וואַרשעווער הערצאָגטום, האָט מען פאַרטריבן, אָדער אַריינגעפרעסט אין ספעציעלע קוואַרטאַלן. אין וואַרשע האָבן יידן נישט געטאָרט וואוינען אין אַ סך גאַסן; פאַר אָנגעקומענע האָט מען איינגעפירט אַ שווערן „בילעט-אָפצאָל“, 15 קאָפ. אַ טאָג. מ'האָט ווידער פאַרווערט יידן באַזעצן זיך 21 ווערסט ביי דער גרעניץ מיט עסטרייך און פרייסן. וואַרשעווער געזעצגעבער האָבן נאָך פאַרמאָגט גענוג טאַקט נישט צו שלעפן רעכטלאָזע יידן צו מיליטער-דינסט. דאָס יאָר 1817 האָט מען געמעלדעט, אַז ווילאַנג יידן געניסן נישט קיין בירגערעכט, דאַרפן זיי נישט געבן קיין רעקרוטן, אָנשטאָט דעם זאָלן זיי צאָלן אַ געוויסן רעקרוטן-שטייער. אינגיכן האָט מען פאַרשמעלערט די קהלה-אויטאָנאָמיע אויך, וואָס דערפון האָט מען שוין לאַנג געטרוימט. די דאָזיקע „רעפאָרם“ איז געווען געבונדן מיט דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג דעמאָלט אין פוילן.

אין דער פוילישער פאָליטישער ליטעראַטור איז צו באַמערקן יענע צייט אַ באַוועגונג, ענלעך צו דער, וואָס מיר האָבן שוין צוגעזען בעת'ן פיריאָריקן סיים. די יידנפראַגע איז ליידנשאַפטלעך דעבאַטירט געוואָרן אין אַ סך פאָלעמישע בראָשורן און צייטונג-אַרטיקלען. דער אַלטער יידנפיינט, דער גלח סטאַשיץ, אַ גליד פון דער וואַרשעווער רעגירונג (אויך אַ גליד פון דער קאָמיסיע פאַר פאָלקס-בילדונג און קולטן), האָט זיך איצט ווידער געזעצט רייטנדיק אויף דער יידנפראַגע. דאָס יאָר 1816 האָט ער געדרוקט אַן אַרטיקל: „פאַרוואָס זענען יידן שעדלעך“; דאָ וויל ער באַווייזן, אַז יידן זענען שולדיק אין פוילנס מפלה: זיי מערן זיך אומגעהייער, איצט מאַכן זיי שוין אויס אַן אַכטל באַפעלקערונג. ביי אַזאַ מערן זיך וועט פוילן ווערן „אַ געלעכטער פאַר גאַנץ אייראָפע“. די יידישע רעליגיע באַציט זיך פיינטלעך צו דער קאַטוילישער; זיי, יידן, הייסן ביי אונז „אַלטגעזעציקע“, מיר ביי זיי — „געצנדינער“. היות ווי אַרויסטרייבן זיי פון פוילן איז נישט מיגלאַך, איז דאַרף מען זיי איזאָלירן, אַלס אַ קרענק-מיקראָב: יידן זאָלן וואוינען אין באַזונדערע קוואַרטאַלן, ס'זאָל זיין גרינגער די השגחה אויף זיי. נאָר פריווילעגירטע סוחרים און בעלי-מלאכות, וואָס האָבן ערלעך געטון זייער זאַך 5 אָדער 10 יאָר, מעגן וואוינען חוץ דער געטאָ. אַזוינע, בפרט נאָך, אויב זיי האָבן קריסטינס פאַר פרויען, מעגן פאַרווערבן ערד. געטאָ פון איין זייט און שמד—פון דער אַנדערער,— אַזאַ מיטלאַלטערישע קאָמבינאַציע האָט גאָרנישט געקלינגען פאַלש אַזוינע רעפאָרמאַטאָרס-פאַטריאָטן, ווי סטאַשיץ, וואָס האָט קאָפירט זאַמאָיסקי'ס אַלטן פראָיעקט[1]. די

1) פריערדיקער באַנד § 9.

פּאָלעמיק האָט זיך צופלאַקערט דערהויפּט דאָס יאָר 1818, ערב און בעת דעם ערשטן סיים אין װאַרשע. דריי וועגן זענען דאָ אָנגעמערקט געוואָרן: אַ מעסיקער, אַ יידנפיינטלעכער און אַ יידנפריינטלעכער. פון אַ מעסיקער פּאָליטיק האָבן געהאַלטן אַזוינע, ווי גענעראַל קראַסינסקי, סיים־דעפּוטאַט. אין זיין בראָשור: „באַמערקונגען וועגן יידן אין פוילן" („Apperçu sur les juifs en Pologne") ברענגט ער אַזאַ צווייִדייטיקן טעזיס: „די גאַנצע באַפעלקערונג איז קעגן יידן און פאָדערט, מ'זאָל זיי רעפאָרמירן". „רעפאָרם" און שטראָף־מיטלען זענען ביי אים איינס. דער אויטאָר האָט אויך מוראָ פאַר אַ „פאַריידישט פוילן"; ער ווייסט אָבער צוזאָגן פון ליבעראַלע וועגן אויך ווי אויסצולייטישן יידן, חוץ שטראָף־מיטלען: מ'דאַרף פּראָטעזשירן יידישע גרויסע קאַפּיטאַליסטן, פאַראינטערעסירן די יידישע מאַסע מיט מלאכה און ערדאַרבעט, געבן בירגערעכט אַזוינע, וואָס פאַרדינען דאָס. קעגן קראַסינסקי'ן איז אַרויסגעטרעטן אַ פאַרשטעלטער אויטאָר פון אַן אַנטיסעמיטישער בראָשור „אַ מיטל קעגן יידן" (Sposób na żydów). ער איז זיכער, אַז יידן איז נישט אויסצולייטישן מיט קיינע מיטלען, בכן פרעגט ער אָפן: „צי דאַרפן מיר מקריב זיין דעם װאוילשטאַנד פון דריי מיליאָן פּאָליאַקן צוליב דרייהונדערט טויזנט יידן אָדער פאַרקערט?" ער האָט דערויף אַ פאַרטיקן תירוץ: מ'דאַרף צווינגען יידן אַרויס פון פוילן, מ'דאַרף בעטן דעם קייזער אַלכסנדר דעם 1־טן, „פוילנס גואל", אויסלייזן דאָס לאַנד פון יידן און אָפּגעבן זיי די אומבאַוואוינטע סטעפּעס אין דרום־רוסלאַנד, אָדער „אויף די גרעניצן טאָטערלאַנד". דריי הונדערט טויזנט יידן דאַרף מען איינטיילן אין דריי הונדערט פּאַרטיעס און אַרויסשטעלן פון פוילן משך אַ יאָר. געלט אויף פאַרטרייבן זיי און באַזעצן זיי אין נייע ערטער מוזן זיך געפינען ביי זיי גופא. דער דאָזיקער ווילדער פּראָיעקט האָט אויפגעבראַכט אַזאַ אדל־כאַראַקטער ווי וואַלעריאַן לוקאַסינסקי, אַן אָפיציר — אַ ראַדיקאַל, (שפּעטער געזעסן אין שליסלבורגער פעסטונג). ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ביכל „געדאַנקען פון איינעם אַן אָפיציר וועגן דעם, ווי נויטיק ס'איז איינאָרדנען יידן" (1818). לוקאַסינסקי ברענגט דאָ אויס דעם געדאַנק, אַז יידן דעמאָראַליזירט נאָר דער יאָך און די רעכטלאָזיקייט. יידן זענען געוועזן זייער נוצלעך די צייט פון קאַזימיר דעם גרויסן און סיגיזמונד דעם אַלטן, ווען מ'האָט זיי גוט באַהאַנדלט. דער אויטאָר דעקט אויף די צביעות פון דער שליאַכטע: זי האָט טענות צו יידן, אַז זיי רואינירן דאָס פויערטום, דער ייד פאַרקויפט דאָך אָבער בראָנפן פונם פּריץ'ס שענק; לוקאַסינסקי איז זיכער, אַז יידן וועלן ווערן גוטע בירגער, ווי נאָר מ'וועט זיי באַהעפטן צום בירגערלעבן, וואָס זאָל האָבן אין זיך אַ דעמאָקראַטישן יסוד.

אין דעם דאָזיקן פּוילישן כאָר האָבן זיך אַריינגעריסן שוואַכע יידישע אָפּקלאַנגען. אַ רב ר' משה בן אַברהם האָט אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור „די שטים פונם פאָלק ישראל" (Głos ludu izraelskiego), אַלס פאָרשטייער פון יידישער אָרטאָדאָקסיע. ער בעט פּאָליאַקן זיך נישט מישן אין אינעווייניקסטע יידישע

אנגעלעגנהייטן: „איר ווילט אונז נישט האַלטן פֿאַר קיין ברידער, איז האָט פֿאַר אונז דרך ארץ ווי פֿאַר טאַטעס! קוקט זיך איין אין אונזער יחוס־בריוו מיט דער צוויי פֿון ברית־חדשה, וועט איר זען, אַז אייערע וואָרצלען שטעקן ביי אונז". איר קאָנט נישט אָנוואַרפֿן דעם יידישן פֿאָלק קיין פּוילישע קולטור. ווי ווילד ס'איז נישט דער געדאַנק פֿאַרטרייבן יידן פֿון פּוילן, וועט דאָס דאָך ליבער זיין דעם גערודפֿטן פֿאָלק, איידער זיך אָפּזאָגן פֿון דער אמונה און מנהגים פֿון די אבות. פֿון פּראָגרעסיווע פּוילישע יידן איז אַרויסגעטרעטן א יונגער וואַרשעווער לערער יעקב טוגענדהאָלד, שפּעטער אַ געוויסער אַסימילאַטאָר. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ביכל: „ירובעל, אָדער אַ וואָרט וועגן יידן" געוויזן, אַז יידן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן דערנענטערן צו פּוילישער קולטור. ס'איז אין דער רעגירונגס הענט, די דאָזיקע באַוועגונג זאָל שטאַרקער ווערן: זאָל זי באַר צולאָזן די „פֿאַרדינטע" צו מלוכה־שטעלעס.

די צייט, ווען אין דער ליטעראַטור האָט געפֿלאַקערט אַ פּאָלעמיק וועגן דער יידנפֿראַגע, האָט זיך אונטן אין פֿינסטערן המון אָנגעהויבן א געפֿערלעכע העצע קעגן יידן, וואָס פּאָליטיקאַנער פֿון אויבן האָבן דאָס געריצט. אין פֿאַר־שידענע ערטער אין פּוילן, אין מעזריטש, וולאָדאַווע און אַנדערע, האָט מען אָנ־געהויבן געפֿונען געהרגעטע קינדער, אַלע מיט אַמאָל ערב פּסח די יאָרן 1815—1816, ס'האָבן זיך אָנגעהויבן עלילת־דם־פּראָצעסן. ביי דער ערשטער מסירה האָט מען גע־כאַפּט אומשולדיקע מענטשן, געמאַטערט זיי יאָרנלאַנג אין טורמעס און געפּאָרשט— אמת אָן די אינקוויזיציע־מיטלען פֿון אַמאָליקן פּוילן. ס'איז שווער צו זאָגן, וואָס וואָלט געווען דער סוף פֿון דעם דאָזיקן ווילדן שדים־טאַנץ, ווען נישט מ'זאָל זיך געווען אָנבייזערן פֿון פּעטערבורג. די ענערגישע השתדלות פֿון זאָנענבערגן און זיינע חברים („דעפּוטאַטן פֿון יידישן פֿאָלק") און באַוואָסילצעווס מיטהעלפֿן האָט געבראַכט דערצו, דער מיניסטער פֿאַר גייסטיקע ענינים גאָליצין זאָל פֿאָ־דערן, אַז אין פּוילן זאָל אויך שטרענג געאַכט ווערן דעם קיסר'ס באַפֿעל פֿונם יאָר 1817, וואָס האָט פֿאַרווערט אַריינמישן עלילת־דם אין קרימינעלע פּראָצעסן. דאָס האָט אַרויסגעהאָלפֿן צענדליקער תּפֿוסים און האָט אַ סוף געמאַכט צו דער פֿאַרברעכערישער אַגיטאַציע.

אין וואַרשעווער סיים דאָס יאָר 1818 האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט דיזעלבע שטימונגען, וואָס אין דער פּוילישער געזעלשאַפֿט: נאָר די אויבערהאַנט האָבן דאָ געהאַט אַנטיסעמיטן. אין די באַמערקונגען פֿון די דעפּוטאַטן וועגן דער רע־גירונגס באַריכט הערט זיך אַ „נעבעך" צו אַלכסנדר דעם I־טן, דער צאַר זאָל הייסן דערלאַנגען דעם אַנדערן סיים אַ „פּראָיעקט פֿון אַ יידן־רעפֿאָרם": פּוילן מוז זיך ראַטעווען פֿון דעם דאָזיקן פֿאָלק, וואָס וואַקסט אומגעהויער, וואָס איצט איז דאָס שוין אַ זיבעטל פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג און מיט דער צייט זאָל דאָס אַריבערשטייגן אין צאָל (?) די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג אין לאַנד. זאָל די נאָענטסטע צייט ווייניקסטנס אויסגעפֿירט ווערן דער אָפּגעלייגטער דעקרעט

וועגן באַזייטיקן יידן פונם בראָנפן=געשעפט, און פון יידן זאָל מען נעמען רע=
קרוטן. אַגב, דער סיים האָט נישט באַדאַרפט האָבן קיין ספּעציעלע דעקרעטן
„איינצוימען" יידן: גענוג געווען ער זאָל געבן זיין שטילן הסכם אויף צו דער=
לענגערן די צען יאָר יידישע רעכטלאָזיקייט, וואָס די רעגירונג פון וואַרשעווער
הערצאָגטום האָט נאָך איינגעשטעלט דאָס יאָר 1808 [1]). דער טערמין איז אויס=
געגאַנגען דאָס יאָר, ווען ס'איז זיך צונויפגעקומען דער ערשטער פּוילישער סיים,
אָבער נישט דער סיים, נישט דער מלוכה=ראַט האָבן נישט באַהאַנדלט ערנסט די
פראַגע, צי מעג די רעגירונג ציען די רעכטלאָזיקייט אַריבער דעם טערמין אויך:
זי האָט זיך אַליין אויטאָמאַטיש געצויגן ווייטער.

אָנהויב די 20=ער יאָרן איז שטיל געוואָרן די פּאָלעמיק וועגן דער יידן=
פראַגע אין דער פּוילישער געזעלשאַפט און אין דער ליטעראַטור, דערפאַר באַ=
מערקט זיך אַן אויפרודערונג אין דער יידישער געזעלשאַפט. די דערמאָנטע
גרופּע אַסימילירטע יידן, וואָס האָט זיך דעמאָנסטראַטיוו אויסגעטיילט פון דער
יידישער מאַסע, אַלס באַזונדער קלאַס „אַלטגעזעציקע", אָדער „משה רבינו'ס
פּאָלאַקן", האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער וואַרשעווער קהלה: דאָס זע=
נען געווען באַנקירן, רייכע סוחרים, צווישן זיי עטלעכע אייראָפּעאיש=געבילדעטע
לייט. זיי האָט געצויגן צו דייטשיש יידישער רעפאָרמאַציע, און זיי האָבן גע=
וואָלט אויסראָטן די נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט, וואָס שונאים האָבן אויסגע=
וואָרפן דער יידישער מאַסע. דאָס זיכערסטע מיטל קעגן יידנפיינטשאַפט איז
ביי זיי אין די אויגן געווען: פאַרניכטן „קהל" און איינשפּאַרן די קהלה=אוי=
טאָנאָמיע אין שול=הויף. אַראָפּ די קהלה=אויטאָנאָמיע, זאָל מען זיך ערשט נע=
מען פאַרפּוילישן די יידישע שטוב, די יידישע שול, נאָכדעם זאָלן יידן שוין
באַגליקט ווערן מיט גלייכבאַרעכטיגונג. אָנגעמערקט זיך דעם צוועק, האָבן וואַר=
שעווער אַסימילאַטאָרן אָנגעהויבן צו טון. דאָס יאָר 1820 איז אַרויס אַן אַנאָ=
נימע בראָשור אויף פּויליש; „אַ בקשה אָדער אַ התנצלות פון מענטשן פון דער
ביבלישער אמונה". דאָ איז געזאָגט געווען, אַז דער שורש פון אַלדאָס בייז
שטעקט אין דער קהלה=אָרגאַניזאַציע, אין די גבאים, רבנים און חברה=קדישא'ס,
וואָס פירן די קהל'שע קאַסע אָן קיין קאָנטראָל, וואָס דריקן דאָס פאָלק מיט
„חרם'ס" און באַגייען בכלל אומגעזעץ מיט זייער מאַכט; מען דאַרף אויס מאַכן
קהלס מאַכט און באַגרענעצן די קהלה=אויטאָנאָמיע. אַזוינע רייד האָבן שטאַרק
אויסגענומען אין פּוילישע רעגירישע=קרייזן: אַזאַ צייט טראָגט מען זיך אַרום מיט
דעם געדאַנק: איינצוימען די קהלה=אויטאָנאָמיע, און דאָ בעטן דאָס „יידן גופא".
מ'האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן: נאָכאַנאַנד דעקרעטן פונם שטאטהאַלטער
און פאַראָרדנונגען פון דער קאָמיסיע פאַר גייסטיקע ענינים (1821) האָבן צע=

1) פריערדיקער באַנד, § 44.

שמעטערט די אַלטע קהלה, וואָס האָט אמת געלעבט מיט פֿאַרעלטערטע פֿאַרוואַלטונגס־מעטאָדן, וואָס האָט אָבער געהאַט אין זיך אַ געזונטן, נאַציאָנאַלן פּרינציפּ. דער צאַר האָט באַשטעטיקט די אַלע אויפֿטוען מיט זיין באַפֿעל דעם 20 דעצעמבער 1821 (1 יאַנואַר 1822). קהל ווערט אויס, אָנשטאָט דעם ווערן „גמינעס", וואָס האָבן צו זאָגן נישט מער ווי אמונה־ און צדקה־זאַכן. „דאָזאָרעס" זענען: דער רב, זיין געהילף אָדער שטעל־פֿאַרטרעטער און דריי אויסגעקליבענע גבאים. צו האָבן וואַל־רעכט האָט זיך נאָכדעם געפֿאָדערט אַ געוויסער פֿאַרמעגן־צענז (1830). די ערשטע צייט זענען קהלות געווען אויפֿגעבראַכט פֿאַר אַזאַ פֿאַרשמעלערן די קהלה־אויטאָנאָמיע און מייסטנס האָבן זיי זיך באַנומען פֿיינטלעך צו די „דאָזאָרעס". די אויסגעקליבענע פֿלעגן נישט וועלן פֿאַרטרעטן דעם אַמט. דער אַדמיניסטראַציע פֿלעגט אויסקומען באַשטימען אַנדערע אָנשטאָט זיי, מיט דער צייט האָט מען זיך צוגעוויינט צו די נייע „גמינעס".

אין וואַרשע האָט די נייע לאַגע פֿאַרשטאַרקט די ווירקונג פֿון די אַסימילאַטאָרן אויף די קהלה־עניים. די דאָזיקע גרופּע איז איגיכן געוואָרן אַ מקורב צו וואַרשעווער רעגירונג און מיט איר צוזאַמען האָט זי פֿירגענומען אַ קולטור־רעפֿאָרם ביי יידן. דאָס יאָר 1825 איז אין וואַרשע געוואָרן אַ קאָמיטעט פֿאַר יידישע עניים („קאָמיטעט פֿאַר אַלטגעזעציקע") פֿון פּוילישע „טשינאָווניקעס" מיט אַ צוגאָב אַ באַראָט־קאָמיסיע (Izba doradcza) פֿון פֿינף יידישע כלל־טוער מיט פֿינף קאַנדידאַטן צו זיי. אין דער קאָמיסיע איז אַריין חוץ די „טובים" פֿונעם סוחרים־שטאַנד (עטינגער, סאַלאָמאָן פּאָזנער און אַנד.)—נאָך דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער אַ ב ר ה ם ש ט ע ר ן, איינער פֿון די געציילטע געבילדעטע יידן אין וואַרשע, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעטרייסלט פֿון נאַציאָנאַלע אידעאַלן. דער „קאָמיטעט" האָט זיך געשטעלט ברייטע פּלענער: ציוויליזירן יידן און אָפּריי־ניקן די יידישע אמונה פֿון אַבערגלויבן. קודם כל האָט ער דעם צוועק געמאַכט אין וואַרשע אַ ראַבינער־שול פֿאַר געבילדעטע ראַבינער, לערער און קהלה־באַאַמטע. די פּראָגראַם האָט געצילט צו פֿאַרפּוילישן די שילער: די אונטערריכט־שפּראַך — פּויליש, לערער פֿאַר אַלגעמיינע למודים — פּאָלאַקן. איבער דעם האָט שטערן זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרנעמען אין דער ראַבינער־שול דעם דירעקטאָר־פּאָסטן (1826), און אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען אַ נ ט אָ נ י א ייזענבוים, אַ שאַרפֿער אַסימילאַטאָר. ווי אַזוי מ'האָט אין דער שול געגרייט רבנים, קאָן מען אַרויסזען דערפֿון וואָס העברעאיש און תנ"ך האָט מען דאָרט איבערגעגעבן לערנען איינעם אַ ב ר ה ם ב ו כ נ ע ר, דעם מחבר פֿון אַ קאַטעכיזיס „יסודי הדת", וואָס האָט זיך אַ שם געמאַכט מיט אַ פּאַמפֿלעט קעגן תלמוד (Die Nichtigkeit des Talmuds). רעקאָמענדירט האָט בוכנערן פֿאַר אַ לערער אַבאַט ק י אַ ר י נ י (Chiarini), וואָס איז עפּעס ווי אַ חוזק אויף יידן אַריין אין „קאָמיטעט", וואָס האָט באַדאַרפֿט זאָרגן פֿאַר בילדן די יידישע יוגנט. קיאַריני, אַ קאַטויל, פּראָפֿעסאָר פֿון מזרח־שפּראַכן אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, האָט

זיך געהאַלטן פאַר אַ תּלמוד־קענער און האָט אפילו געטרוימט איבערזעצן תּלמוד אויף פראַנצויזיש צו אַנטפּלעקן פאַר דער קריסטלעכער וועלט די סודות פון יו־דאַאיזם. דאָס יאָר 1828 האָט קיאַריני פּירגעלייגט דעם „קאָמיטעט" איינשטעלן ביים וואַרשעווער אוניווערסיטעט אַ קורס „העברעאישע אַרכעאָלאָגיע" פאַר סטו־דענטן־קריסטן צו באַקענען זיי מיט דער רבנישער ליטעראַטור און אויסבילדן טשינאָווניקעס, וואָס זאָלן זיין באַהאַוונט אין יידישע ענינים. די רעגירונג האָט צוגעשטימט צום פּלאַן, און קיאַריני האָט אָנגעהויבן לייענען לעקציעס וועגן יו־דאַאיזם. דערפון האָט ער געמאַכט אַ בוך „די טעאָריע פון יודאַאיזם", אַרויס־געגעבן דאָס יאָר 1829 אויף פראַנצויזיש (Thèorie du judaisme), אַן עם־הארצי־שער פּאַמפלעט אויף תּלמוד און רבנות, אַ צוזילינג צו אייזנמענגערס „דאָס אַנט־פּלעקטע יידנטום". קיאַריני האָט זיך נישט געשעמט איבערחזרן דעם בלוט־בלבול אויף יידן. קיאַרינין האָבן אָפּגעענטפערט טוגענדהאָלד אין וואַרשע, יאָסט און צונץ אין דייטשלאַנד. אָבער קיאַריני האָט זיין זאַך אויפגעטון: אין דער פּוילי־שער געזעלשאַפט, וואָס איז אַזוי אויך געווען פיינטלעך געשטימט קעגן יידן, איז דער אַנטיסעמיטיזם שטאַרקער געוואָרן. דאָס האָט זיך באַוויזן די יאָרן 1830—1831 בעתן פּוילישן אויפשטאַנד.

ווען אין וואַרשע האָט אויפגעפלאַקערט דער „נאָוועמבער־אויפשטאַנד" דאָס יאָר 1830, אונטער דער ווירקונג פון דער פאַריזער יולי־רעוואָלוציע, האָט זיך דערוועקט אויך דער טייל יידישע געזעלשאַפט, וואָס האָט געמיינט, אַז מיט באַ־וויזן פּאַטריאָטיזם לאָזט זיך פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. איינער פון די „אויפ־געקלערטע" ס. ג ע ר נ י ש, האָט אין דעצעמבער דערלאַנגט דעם דיקטאַטאָר כלאָפּיצקין אַ מעלדונג פון אַ גרופּע יידישע יינגעלייט, אַז זי איז גרייט צו מאַכן אַ באַזונדער יידישן לעגיאָן צו באַטייליקן זיך אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד. דערויף האָט דער דיקטאַטאָר אָפּגעענטפערט, אַז היות ווי יידן האָבן נישט קיין בירגעררעכט, קאָנען זיי נישט דינען אין דער אַרמיי. דער קריגמיניסטער מאָראַווסקי האָט זיך דערביי אויסגעדריקט: „מיר ווילן נישט לאָזן, אַז יידיש בלוט זאָל זיך אויסמישן מיט איידל פּויליש בלוט. וואָס וועט אייראָפּע זאָגן, ווען מ'וועט דאָרט דערגיין, אַז מיר האָבן זיך נישט געקאָנט באַגיין אָן יידן צו פאַרווערבן זיך פרייהייט?" די דאָזיקע באַליידיקונג האָט אָבער נישט אָפּגעקילט יידישע פּאַטריאָטן. אַ גרופּע וואַרשעווער אינטעליגענץ מיטן דירעקטאָר פון דער ראַבינער־שול אייזנבוים אויבן אָן האָט דער־לאַנגט אַ פּעטיציע דער דערווייליקער רעגירונג: יידן זענען געטריי דעם פאָ־טערלאַנד און זענען גרייט ברענגען דערפאַר די גרעסטע קרבנות, זיי בעטן גלייכבאַרעכטונג. י ו ס ף ב ע ר ק אָ וו י ט ש דעם פּאָלקאָווניק ב ע ר ע ק י אָ־ ס ע ל ע וו י ט ש ס אַ זון, וואָס האָט זיין לעבן אָפּגעגעבן פאַר פּוילן, האָט באַ־שלאָסן נאָכטון דעם פאָטער און אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, גערופן יידן זיך שטעלן צום קאַמף פאַר פּוילנס פרייהייט. קעגן אַזאַ פּאַטריאָטישן שפּאַר האָט

שוין אפילו די פוילישע „פּאָלקסרעגירונג" נישט געקאָנט ביישטיין. זי האָט אָנ־ געפרעגט ביי דער וואַרשעווער גמינע, ווי פאַרהאַלט זיך די קהלה צום פּלאַן פון א יידישן פרייוויליקן לעגיאָן. די גמינע האָט געענטפערט, אַז די קהלה האָט שוין באַוויזן איר פּאַטריאָטיזם, זי האָט געגעבן פאַרן אויפשטאַנד 40 טויזנט גילדן, זי זאַמלט ווייטער אויך פאַר דער אַרמיי, זי האַלט אָבער נישט פון א ב א ז ו נ ־ ד ע ר יידישן לעגיאָן: דאָס שטימט נישט מיט דעם געדאַנק, אַז אין פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד דאַרפן אַלע זיין פאַרייניקט; בעסער וואָלט געווען, ווען יידישע וואָלאָנטיאָרן זאָלן זיין צעשטעלט אין דער גאַנצער אַרמיי. יידן האָט מען אָנ־ געהויבן צולאָזן צו דער דינסט, אָבער מער אין מיליציע, איידער אין דער רע־ גולערער אַרמיי. אַנטאָני אָסטראָווסקי, שעף פון דער וואַרשעווער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, איינער פון די געציילטע טוער צווישן די אויפגעשטאַנענע, וואָס זענען נישט געווען פאַרברענט פונם שליאַכטישן יידנהאַס, האָט צוגעלאָזט יידן אין זיין גוואַרדיע, בתנאי, זיי זאָלן נישט טראָגן קיין בערד (יאַנואַר 1831). שפּע־ טער האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם דאָזיקן תנאי אויך, וואָרום א סך יידן האָבן נישט געקענט פועלן ביי זיך גאָלן די באָרד, און ס'איז געוואָרן א ספּעציעלער טייל שטאָט־גוואַרדיע פון 850 יידן „מיט בערד". די יידישע מיליציע האָט מיט גרויס מוט געטון איר זאַך: פאַרטיידיקן וואַרשע קעגן רוסיש מיליטער. צוזאַמען מיט קינדער פון פאַרמעגלעכע פאַמיליעס זענען דאָ געווען אָרעמע אויך. צוזעענדיק, ווי די דאָזיקע פוילנס שטיפקינדער פאַרגיסן בלוט פאַר פוילן, איז דער הומאַניסט אָסטראָווסקי שטאַרק גערירט געווען, און אין א צייט שפּעטער האָט ער געשריבן: „דאָס האַרץ האָט וויי געטון אַזוינס צוצוזעען. יושר האָט געפאָדערט, מ'זאָל וואָס גיכער זיך נעמען איינאָרדנען דעם דאָזיקן טייל באַ־ פעלקערונג אין אונזער לאַנד, וואָס איז דערנידריקט מער פאַר אַלע אַנדערע". דער יידישער פּאַטריאָטישער ברען האָט זיך אָבער נישט באַוויזן מער חוץ אין וואַרשע. אין דער פּראָווינץ האָבן יידן נישט געוואָלט צושטיין, מיט דעם אויסרייד, אַז די אמונה פאַרווערט צו פאַרגיסן מענטשן־בלוט. אזא אָפּזאָג האָט אויפגעבראַכט פוילישע לעגיאָנערן, זיי האָבן געשראָקן זיך אָפּרעכענען מיט יידן, געוואָרפן אויף זיי דעם חשד, אַז זיי „האַלטן מיטן שונא". אָסטראָווסקי שרייבט וועגן דעם: „יידן אין דער פּראָווינץ קען מען באַשולדיקן, אַז זיי זענען גלייכגילטיק (צום אויפשטאַנד), אָבער וואָס דען האָבן מיר זיך געזאָלט ריכטן אויף די, וואָס מיר שטיקן זיי?" [1]) אינגיכן האָט דער סיים געגעבן אַן ענטפער

1) אין ליטע האָבן יידן זיך געהאַלטן גאָר פּון דער־ווייטנס פונם אויפשטאַנד; אין אייניקע ערטער האָבן זיי אפילו באַוויזן סימפּאַטיע פאַר דער רוסישער רעגירונג, כאָטש אין רדיפות האָט די איבערבעיאָגט פוילישע רעגירער. אין ליטע זענען געווען פעלן, ווען פוילישע אינסורגענטן האָבן זיך בלוטיק אָפּגערעכנט מיט יידן פאַר זייער סימפּאַטיע צו רוסלאַנד.

אויף דער פראַגע וועגן יידן אין דער אַרמיי: לויט אַ דעקרעט פונם 30־טן מאַי 1831 זענען יידן פריי פון מיליטער־דינסט, בתּנאַי אַז זיי זאָלן אַריינטראָגן אַ רעקרוטן־שטייער פיר מאָל אַזוי פיל וויפיל די פריערדיקע יאָרן.

די „שליאַכטישע רעוואָלוציע" האָט קיין סימפּאַטיע נישט געהאַט ביים פאַרקנעכטן פוילישן פאָלק, זי איז דורכגעפאַלן. אַ סך אָנטיילנעמער זענען נאָכ־דעם געוואָרן עמיגראַנטן אין אויסלאַנד, און דאָ האָבן זיי אָנגעהויבן תּשובה טון. דער היסטאָריקער ל ע ל ע וו ע ל האָט פאַרעפנטלעכט אין פאַריז אַ „מאַ־ניפעסט צום יידישן פאָלק" (1832), געראַטן יידן פאַרגעסן אין אַלע באַליידיקונ־גען, וואָס אין פוילן ווערט איצט באַגאַנגען קעגן זיי, צוליב די ליכטיקע זכרונות פון אַמאָליקן גרויספוילן און האָפנונגען אויף דאָס קינפטיקע פריי־לאַנד. ער פאַרגלייכט די שיינע תּקופה יידישע געשיכטע אין אַלט־פוילן מיט דעם איצטיקן צושטאַנד אין לאַנד אונטער דעם יאָך פון „ווינער פּרעהס", אָדער אונטער „דער הערשאַפט פון נבוכדנאצר פון צפון", אין לאַנד, וואו „פון דער מוטערס שויס רייסט מען אויס קליינע קינדער, מ'וואַרפט זיי אַריין צווישן דע־מאָראַליזיר־טע סאָלדאַטן", און מ'נויט זיי פאַרראַטן זייער פאָלק. לעלעוועל רופט אויס: „ס'איז נאָענט די ממשלה פון פעלקער! פון אַלע נאַציעס וועט ווערן איינע, וואָס וועט גלויבן אין איין גאָט יהוה. מאָנאַרכן האָבן געגעבן יידן פאַלשע הבטחות, פעלקער וועלן זיי ברענגען די גאולה. פוילן וועט זיך איינגיכן אויפ־הויבן. זאָלן זשע יידן, וואָס וואוינען אויף פוילנס ערד, גיין ביינאַנד מיט ברי־דער־פּאָליאַקן! יידן וועלן זיך דערשלאָגן צו רעכט. אויב אָבער זיי וועלן באַ־שטיין אויף צוריקקערן קיין פּאַלעסטינע, וועלן פּאָליאַקן זיי צוהילף קומען".

אַזוינע חרטה־צוזאָגן האָבן זיך שפּעטער געלאָזט הערן ביי די מיסטיקער פון מ י צ ק ע וו י ט ש ע ס און ט אָ וו י אַ נ ס ק י ס ש נ י ט אין פאַריז. דאָ איז אַ סך גערעדט געוואָרן וועגן דעם היסטאָרישן גורל פון צוויי געפייניקטע פעל־קער, פוילן און יידן, און וועגן זייער משיח־שליחות. אָבער דאָ דערביי האָט זיך אין אַנדערע קרייזן פוילישע עמיגראַנטן געלאָזט הערן די געוויינלעכע באַ־ציונג צו יידן. אויף די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אין Nowa Polska, אָרגאַן פון דער פּאַריזער עמיגראַציע, האָט שאַרף אָפּגעענטפערט ס. גערניש, דערמאָנט זיי־נע קאָלעגן, אַז ס'איז מיאוס רודפן מענטשן, וואָס זיי זענען „קנעכט ביי קנעכט". צוויי אַנדערע אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד, ל. ל י ו ב ל י נ ע ר און ל. ה אָ־ל ע נ ד ע ר ס ק י, האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל צוזאַמען מיט פּוילישע עמיגראַנטן, און אין דער פרעמד נאָכגעקלערט וועגן דעם גורל פון זייער פאָלק (ליובלינערס Les juifs en Pologne, ברוסעל 1839 און האָלענדערסקיס Les israelites en Pologne פּאַריז 1846).

אין געבראָכענעם פוילן־לאַנד, וואָס האָט אָנגעוואָרן די פריערדיקע אויטאָ־נאָמע קאָנסטיטוציע, רעגירט פון אַ רוסישן שטאַטהאַלטער (פּאַסקעוויטש) מיט אַן אייזערנער האַנט, האָט זיך די יידישע בירגערלעכע לאַגע די ערשטע צייט

כמעט נישט געענדערט. דאָ האָבן נאָך אַ לאַנגע צייט געגאָלטן אָרטיקע געזעצן, נישט די אימפּערישע. ערשט דאָס יאָר 1842 זענען פּוילישע יידן אין איין פּרט פאַרגלייכט געוואָרן מיט רוסישע: מ׳האָט אָנגעהויבן נעמען פון זיי רעקרוטן אַנשטאָט פריערדיקן רעקרוטן־שטייער. איגם צאַרס באַפעל, וואָס האָט גילטיק געמאַכט דעם רעקרוטן־סטאַטוט פונם יאָר 1827 פאַר פּוילישע יידן אויך, איז זיי געגעבן געוואָרן אייניקע הנחות: דער רעקרוטן־עלטער איז פון 20—25 יאָר אָן; קינדער פון 12 ביז 18 יאָר נעמט מען נאָר אין דעם פאַל, אויב עלטערן שטעלן זיי אַליין צו אַנשטאָט דערוואַקסענע זין. אָבער 25 יאָר שווערע דינסט איז פאַר אַ פּוילישן יידן, וואָס האָט נישט געוואוסט פון רעקרוטן־נעמען, געווען אַן אמתע שטראָף. די וואַרשעווער גמינע האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע קיין פּעטערבורג, געבעטן, מ׳זאָל געבן פּוילישע יידן גלייכבאַרעכטונג, ווארום אינם געזעץ פון יאָר 1817 איז געזאָגט, אַז יידן זענען פריי פון רעקרוטן, אַזוי לאַנג ווי זיי געניסן נישט קיין בירגעררעכט. פון דער השתדלות איז געוויינטלעך גאָרנישט געוואָרן, ווארום אין רוסישן פּאָליטישן לעקסיקאָן האָט דאָס וואָרט „גלייכבאַרעכטונג" גאָר געפעלט. פּוילישע יידן האָט מען בהדרגה פאַרגלייכט מיט רוסישע יידן נאָר אין פּרט רעכטלאָזיקייט. דאָס יאָר 1825 האָט מען פאַר זיי גילטיק געמאַכט דעם פאַרבאָט אויף יידישע קליידונג; פאַר דער מאַסע חסידישע יידן איז דאָס געווען אַן אמתע גזרה. אַנדערע פּעטערבורגער עקספּערימענטן פון יענער תקופה האָבן זיי אויסגעמיטן. פּוילישע יידן האָבן נאָך פריער מיט צוואַנציק יאָר אי־בערגעלעבט דעם קהלה־קריזיס, וואָס האָט געטראָפן רוסישע יידן די פערציקער יאָרן; דערפאַר איז אָבער אין פּוילן דאָך געבליבן אַ קהלה־אָרגאַניזאַציע, בעת אין רוסלאַנד האָט דער געזעץ גאָר דעזאָרגאַניזירט די קהלה. די קאַזיאָנע שול־פליכט האָט לחלוטין נישט דערלאַנגט פּוילישע יידן. בכלל קאָן מען זאָגן, אַז ווי שווער ס׳איז נישט געווען די לאַגע פון פּוילישע יידן, האָבן רוסישע יידן געדאַרפט זיי מקנא זיין.

## § 26. דער אַלטער שטייגער און דער אָנהויב השכלה.

די רוסישע רעגירונג האָט געטון אַלצדינג צו צעשטערן מיט גוואַלד דעם יידישן שטייגער. אַ מאַכט, וואָס דער דאָזיקער שטייגער איז איר פרעמד און פאַרהאַסט געווען, האָט געבראָכן נישט אַליין די אָפּגעלעבטע פאָרמען, נאָר די געזונטע היסטאָרישע יסודות אויך. דאָס רעקרוטן־נעמען, וואָס האָט אַלע יאָר אָרויסגעריסן פון דער פאַמיליע טויזנטער בחורים און קינדער; קאַזאַרמעס, וואָס זענען געוואָרן שמד־פאַבריקן; דאס סיסטעמאַטישע אָפּנעמען רעכט, די אָנגע־וואָרפענע „קאַזיאָנע" שול, דאָס פאַרניכטן די יידישע קהלה־אויטאָנאָמיע — דאָס אַלץ איז אָנגעשיקט געוואָרן צו שטורמען די אַלטע פעסטונג יידישקייט. אָבער די פעסטונג, וואָס האָט אויסגעהאַלטן באַלאַגערונג טויזנטער יאָרנלאַנג, האָט זיך איצטער אויך נישט אונטערגעגעבן; מ׳האָט נאָר גענומען נאָך מיט מער פלייס

פאַרשמירן די לעכער, ליידער אָבער פאַר פרישער לופט אויך. אויב די רעגירונג האָט געמיינט מיט אפּוטרופּסות און שטראָפמיטלען דערנענטערן יידן צו אייראָפּעאישער קולטור, אין דער קלאָגעדיקער מאָס, וואָס דעמאָלט איז דאָס אין רוסלאַנד בכלל מיגלאַך געווען, — האָט זי דערלאַנגט פּונקט דעם היפּוך. אַ האַנט, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שלאָגן, האָט נישט געקאָנט היילן מיט בילדונג; דער האַמער, וואָס מ׳האָט פאַרהויבן צו צעשמעטערן אַן אַלטע קולטור, האָט נאָר פאַרהאַרטעוועט די דאָזיקע קולטור. די געטרודפטע האָבן זיך געהאַלטן שטאַרק און אייזן פאַרן אַלטן שטייגער, וואָס מ׳איז אים באַפאַלן, פאַר אַלע זיינע אָפּגעלעבטע יסודות. אַקעגן דעם אויסערלעכן דעספּאָטיזם פון צעשטערונג איז אינעווייניק געוואָרן אַ דעספּאָטיזם פון קאָנסערווירן, אַ האַרטע לעבנס־דיסציפּלין; מיליאָנען האָבן זיך דעם אונטערגעגעבן אָן פּראָטעסטן, אָבער אַ שווערער יאָך איז דאָס געווען פאַר יחידים, פּראָגרעסיסטן, אַנואָגער פון אַ באַנייט יידיש לעבן.

דער רעגירונג איז געראָטן דעזאָרגאַניזירן די יידישע קהלה, צונעמען יעדן אויטאָריטעט ביי קהל; קהל איז געוואָרן אַ פּאָליציי־אַגענט אויף צו כאַפּן רעקרוטן און רייסן שטייערן. די מאַסע האָט געהאַסט די קהלניקעס, זי האָט אָבער געהאַט דרך־ארץ פאַר אירע אַלטע גייסטיקע פירער, רבנים און רביים; זיי האָבן זי געזאָלט אָרגאַניזירן צו שטעלן זיך אַקעגן דער קולטור־געפאַר, וואָס ווייזט זיך פון דער פרעמד. אין לעבנסשטייגער האָט געגאָלטן נאָר קאָנסערוואַטיזם. מ׳האָט זיך שטרענג געהאַלטן ביים אַלטן פאַמיליע־שטייגער מיט אַלע פרומפאַרצייטיקע פּרטים. לויטן געזעץ (פון יאָר 1835) האָט מען נישט געטאָרט חתונה האָבן פאַר 18 (אַ בחור) און 16 יאָר (אַ מיידל), — יידן האָבן זיך אָבער דערפון נישט געמאַכט: מ׳פלעגט נאָך אַלץ חתונה מאַכן קינדער צו 13—15 יאָר. אַ חדר־יינגל פלעגט אָפט ווערן אַ מאַן און אַ פאָטער, און דערביי אַלץ בלייבן לערנען ביים רבין אָדער אין ישיבה, געהאַט אויף זיך אַ השגחה פונם פאָטער, שווער און רבין. יידישע יוגנט האָט פון קיין פרייע יונגע יאָרן נישט געוואוסט. די יינגע יאָרן זענען פאַרדרייט געוואָרן מיט זאָרג פאַר דער פאַמיליע, אָדער פאַר ברויט. די אַלטע דיסציפּלין האָט געבראָכן יעדן פּראָטעסט־גייסט, יעדן שוואונג ביי דער יוגנט. מ׳איז שווער געשטראָפט געוואָרן פאַר יעדער „אַפּיקורסות": ד.ה. פאַר אַ קורצן ראָק, פאַר אַ צוגעגלייכט בערדל. אַ ביכל אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אַ השכלה־ספר איז געווען טרף־פּסול, און ווי איז געווען צו דעם, וואָס מ׳האָט אים געכאַפּט דערביי. דער פּלפּול און די גאַנצע דערציאונג האָט געמאַכט מענטשן פאַר טויגעניכטסן: די שפּייזערין פלעגט אָפט זיין די אשה, און דער מאַן פלעגט זיין פאַרטון אין הימלזאַכן אין בית־המדרש אָדער אין חסידישן שטיבל.

אין ליטע האָט דאָס גמרא־לערנען אויסגעפּרעסט די גאַנצע ענערגיע ביי דעם יינגן דור, אין יעדן בית־מדרש האָט מען געלערנט, דער רב אָדער אַזוי אַ עלוי פלעגט זאָגן אַ שעור, און ישיבה־בחורים פלעגן דאָס חזרן. גרויסע ישיבות,

די וואָלאָזשינער, די מירער וכדומה, האָבן געבאַקן טויזנטער רבנים און לומדים. מער פאַר אַלץ האָט דאָ געגאָלטן דער שאַרפער מוח, בקיאות, פלפול. ווי נאָר אָבער אַזאַ שאַרפער מוח האָט באַוויזן אַ קריטישע באַציאונג צום יידישן שטייגער, אָדער ער האָט זיך פאַרטון אין „חכמות חצונות״—איז קעגן אים געווען אַ בייטש פון חרם און רדיפות. די געשיכטע ווייסט צו דערציילן פון אַ סך אַזוינע קרבנות פונם פרומפאַרצייטיקן יידישן שטייגער, וואָס זייערע פּראָטעסטן און שטרעבן צו'ן אַ רעפאָרם זענען דערשטיקט געוואָרן, נאָך איידער זיי זענען אויסגעוואַקסן. באַלערנדיק איז אין דעם פרט די געשיכטע פון ר׳ מנשה איליער, אָדער בן־פורת, איינער פון די גרעסטע עלויים יענע צייט (1767—1831). די בעסטע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין סמאַרגאָן און אין איליע (ווילנער גובערניע). אַליין שטייט ער מיט ביידע פיס אין דער אָרטאָדאָקסיע, ער איז פאַרשמט ביי איר ווי אַן עלוי, אָבער ער פרווט שוין וויפיל ס'נישט איז פאַרברייטערן דעם גייסטיקן האָריזאָנט, מאַכן אַ וועג פאַר מעסיקער פרייהייט, פאַר פאָרשונג און פאַר אַ ניכטערן לעבנסקוק. ווען ר׳ מנשה איז נאָך אַ טיפן אַנאַליז פון משנה געקומען צום געדאַנק, אַז די גמרא טייטשט זי נישט אויס ריכטיק אין אַ סך ערטער, און ער האָט דאָס מיטגעטיילט זיינע תלמידים, האָבן אים ליטווישע רבנים שיר נישט אַריינגעלייגט אין חרם. אים האָט געצויגן צו שטודירן מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און פילאָזאָפיע, און ער האָט זיך געלאָזט מיט דעם צוועק קיין בערלין, אָבער אויפן וועג, אין קעניגסבערג, האָבן אים סוחרים לאַנדסלייט פאַרהאַלטן און געגנויט אים זיך אומקערן. אַליין, אינם קליינעם ליטווישן שטעטל, כאַפּט ער, וואָס ער קאָן, פון מענטשלעך וויסן, און זיין גייסט ווערט שטאַרק באַרייכערט דערפון. דאָס יאָר 1807 לאָזט ער אַרויס אַ ביכל „פשר דבר״, רעדט מיט האַרצווייטאָק וועגן דעם, ווי די גייסטיקע פירער זענען אָפּגעריסן פונם לעבן און פונם לעבעדיקן קוואַל וויסן. בעת דאָס ביכל האָט זיך נאָך געדרוקט אין ווילנע, האָבן אים פאַנאַטיקער געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מ'וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען, ער האָט זיך אָבער נישט איבערגעשראָקן. נאָכדעם האָבן אַ סך רבנים געברענט דאָס ביכל און נישט געלאָזט דאָס פאַרשפּרייטן: דעם „אפיקורס״ האָט מען פאַרשטאָפּט דאָס מויל. אין צען יאָר אַרום, ווען ר׳ מנשה האָט געוואוינט אין וואָלין, אין נעסט פון חסידות, האָט ער גענומען דרוקן אַ רעליגיעז־פילאָזאָפישן חבור „אלפי מנשה״. אָבער ווען דער דרוקער איז פון די ערשטע בויגנס דערגאַנגען דעם „אפיקורסישן״ אינהאַלט פונם ספר, האָט ער זיי פאַרברענט צוזאַמען מיטן מאַנוסקריפּט. מיט גרויס מי האָט דער מחבר ווידער אויפגעשטעלט דעם געשטראָפטן חבור און אַרויסגעגעבן אין ווילנע (1822). רבנישע צענזור האָט ער אָבער נישט געקאָנט אויסמיידן: ווילנער רב, ר׳ שאול קאַצענעלנבויגן, האָט זיך דערוואוסט, אַז מנשה זאָגט אין חבור אין איין אָרט, אַז מנהיגי הדור מעגן ענדערן געוויסע מנהגים לויט ווי די צייט פאָדערט דאָס; האָט ער אים געשיקט זאָגן, אַז באם דער מחבר וועט דאָס נישט אַרויסוואַרפן,

ווען ער הייסן פֿאַרברענען דעם ספֿר אויפֿן שול־הויף בפֿני כּל עם ועדה. מנשה האָט זיך געמוזט אונטערגעבן און פֿאַרטרייבן דעם דאָזיקן געדאַנק קעגן זיין ווילן. רדיפֿות האָבן נישט פֿאַרלאָשן דאָס פּראָטעסט־פֿייער ביים קליינשטעטלדיקן דענקער. די לעצטע יאָרן האָט ער אַרויסגעגעבן צוויי קונטרסים „שקל הקודש" און „סמא דחיי" (העברעאיש און יידיש), געמוסרט דאָס פֿאָלק פֿאַר די שלעכטע זיטן: די פֿריע חתונות, דאָס איינזייטיקע לערנען, דעם בטול צו רעאַל וויסן און צו פֿיזישער אַרבעט. גאַנץ סטראַפּטשעס האָבן אָבער געזאָרגט, אַז די דאָזיקע חבורים זאָלן אויך נישט קומען צום פֿאָלק. מנשה איז געשטאָרבן, מיד פֿון קאַמף, אַ נישטפֿאַרשטאַנענער פֿאַר זיין דור.

אַ קריטיש וואָרט האָט זיך נאָך געקאָנט ווי עס איז דורכרייסן אין רבנישע קרייזן, וואו מ'האָט געאַרבעט מיטן קאָפּ, זאָל זיין אפֿילו אַז אויף פּלפּול; נישט אָבער אין ח ס י ד י ש ע היכלע פֿענסטער. דאָרט איז מען געווען פֿאַרטון אין לויטער הימלזאַכן, מ'האָט געדינט „גוטע־יידן". חסידות האָט שטאַרק געווינען די צייט פֿון פּאָליטישער און בירגערלעכער קנעכטשאַפֿט, דער גייסט האָט זיך אָבער דאָ שוין אָפּגעטון. די מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים איז שוין לאַנג געווען אויס, און „גוטע יידן" האָבן שוין געקאָנט רואיק געניסן דעם המונס התפּעלות פֿאַר זייערע מופֿתים. גוטיידישע דינאַסטיעס האָבן זיך שוין פֿעסט איינגעשטעלט. אין רייסן האָט געהערשט שניירסאָנס דינאַסטיע, די נאָכקומער פֿונם רב שניאור זלמן. די שטול האָט גע'ירשעט פֿריער אַ זון, ר' ב ע ר, אָדער „דער מיטעלער רבי", ווי מ'האָט אים גערופֿן (1813—1828) און דערנאָך ר' בער'ס אן איידעם, מ ע נ ד ע ל ל ו ב א ו י ט ש ע ר (1828—1866). געביטן האָט זיך נאָר די רעזידענץ: פֿאַר ר' שניאור זלמנען איז די רעזידענץ געווען ליאָזנע, דערנאָך ליאַדי, פֿאַר זיינע נאָכקומער איז דאָס געווען ליובאַוויטש. אַלע דריי שטעטלעך געפֿינען זיך אויף דער גרענעץ צווישן מאָהילעווער און וויטעבסקער גובערניע; חב"ד'ניקעס זענען דאָרט געווען אַ רוב (אין וויטעבסקער גוב.), אָדער אַן אָנגעזעענער טייל (אין מאָהילעווער). ר' בער האָט נישט גע'ירשעט דעם פֿאָטערס אויפֿטועריש גייסט, ער האָט געמאַכט אַ סך ספֿרים, גענומען דערהויפּט פֿון זיינע דרשות, קיין נייעס האָט ער אָבער נישט אויפֿגעטון: דאָס איז גמרא־פּלפּול אויף קבלה און חסידות, אָדער אַ פּירוש אויף „תניא". די לעצטע יאָרן האָט ר' בער איבערגעלעבט די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפֿעס מיט רייסישע יידן: דאָס פֿאַרטרייבן פֿון דערפֿער (1823) און דעם וועליזשער עלילת־דם: אויפֿן טויטבעט האָט ער גערעדט מיט די מקורבים וועגן דער גזרה פֿון רעקרוטן (1827).

ר' מענדל ליובאַוויטשער האָט פֿאַרמאָגט מער פֿעאיקייטן צונויפֿבינדן די חסידישע מאַסע: ער האָט געשמט פֿאַר אַן עלוי (ער האָט געמאַכט חבורים און שאלות ותשובות), פֿאַר אַ חסידישן מגיד, און לסוף פֿאַר אַ פּקח, טויזנטער מענטשן פֿלעגן קומען צו אים זיך אָנפֿרעגן אויף פֿאַמיליע־זאַכן, געשעפֿט, קהלשע ענינים. צו בילדונג האָט ער זיך אָבער פֿאַרהאַלטן נישט בעסער פֿאַר אַנדערע

אָרטאָדאָקסישע פירער. טראַגיש איז געווען ר׳ מענדעלס לאַגע אין די צייט פון ליליענטאַלס אַגיטאַציע: די רעגירונג האָט אים אַרויסגערופן קיין פעטערבורג צו דער רבנים־קאָמיסיע (1843), ער זאָל דאָס געבן דעם הסכם אויף „קאַזיאָנע" יידישע שולן, וואָס ער האָט זיי געהאַלטן פאַר אן אומגליק נישט נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען קרוינישע, נאָר וואָס זיי זענען שולן, ד. ה. מיט אַ בילדונגס־פּראָגראַם. חסידים גיבן איבער, אַז דער רבי האָט זיך שטאַרק איינגעשטעלט אין דער קאָמיסיע, געבעטן מיט טרערן, מ׳זאָל אין די נייע שולן לערנען חומש און גמרא אויפן אַלטן שטייגער, מ׳זאָל דאָרט לערנען קבלה אויך. באמת אָבער האָט ער געמוזט קעגן זיין ווילן זיך צעשרייבן אויפן טרפהן פראָיעקט פון דער שול־רעפאָרם און דערנאָך געבן זיין הסכמה אויף איבערדרוקן אין רוסלאַנד מענדעלסאָנס תנך מיטן ביאור. ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרהאַלטן צו נייע לערן־מעטאָדעס קאָן מען אַרויסזען פון זיין שרייבן צו לעאָן מאַנדעלשטאַם (1848), ליליענטאַלס נאָכקומער אין דער שול־רעפאָרם. ר׳ מענדל חיל נישט הערן פון קיין נייע אויפטוען אין לערנען. וועגן אַרויסגעבן אַ קצור פון תנ"ך פאַר קינדער ענטפערט ער אָפּ שאַרף מיט אַ פסוק: „משה רבינו האָט געשריבן די תורה חי אַזוי גאָט האָט אים געהייסן; יעדער וואָרט איז דאָ קודש קדשים, מ׳איז קיין חילוק נישט פון „תמנע אין געווען אַ קעפּסווייב" ביז „שמע ישראל".

חב"ד־חסידים זענען נאָך געווען בערך „היינטוועלטיקע מענטשן", זיי האָבן אַמאָל פאַרשטאַנען עפּעס נאָכצוגעבן אויך אָבער „גוטע־יידן" אין אוקראַינע האָבן נישט געהאַלט הערן און זען פון קיין נאָכגעבן דער צייט. אין זייערע הויפן האָט געשוויבלט און געגריבלט פינסטערע צעפלאַמטע מחנות חסידים, וואָס האָבן פאַרהייליקט זייערע רביים. דעם גרעסטן שם האָט געהאַט טשערנאָבילער דינאַסטיע[1] זי הויבט זיך אָן פון ר׳ נחום׳ן און דערלאַנגט דעם גרעסטן גלאַנץ פאַר זיין זון ר׳ מאָטעלע (געשטאָרבן 1837): טויזנטער חסידים פלעגן פאָרן צו׳ן אים קיין טשערנאָביל (קיעווער גוב.) מיט פדיונות. נאָך זיין טויט זענען געבליבן 8 זין, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט אויף קיעווער און וואָלינער געגנט: אין קאָראָ־סטישעוו, טשערקאַס, מאַקאַראָוו, טריסק, טאַלנע, סקווירע און ראַכמיסטריווקע. ס׳האָט זיך פאַרפירט אַ מיאוסע קאָנקורענץ צווישן די ברידער, נאָך מער צווישן זייערע עדות חסידים: יעדער האָט געהאַלטן נאָר פון זיין רבין און מבטל געמאַכט דעם אַנדערן, די מחלוקתן פלעגן זיך אָפט אויסלאָזן מיט פעטש.

די טשערנאָבילער דינאַסטיע האָט אָבער אינגיכן געקריגן אַ שטאַרקן קאָנ־קורענט ר׳ ישראל רוזשינער (פרידמאַן), דעם מעזשעריטשער מגידס ר׳ בערס אן אייניקל. ר׳ ישראל האָט זיך באַזעצט בערך דאָס יאָר 1815 אין רוזשין (קיעווער גוב.) און איז מפורסם געוואָרן פאַר אַ געטלעכן מאַן אַ בעל.

---

[1] פריערדיקער באַנד § 53.

מופת. דער רייכער הויף איז תמיד פול געווען מיט חסידים; גבאים האָבן געהאַלטן וואַך, צוגעלאָזט נאָר יחידי סגולה לויט דעם פּדיון נאָך. קיעווער אַדמיניסטראַציע איז דערגאַנגען, אַז ר׳ ישראל איז כּמעט „קיסר״ ביי חסידים, זיי טוען נישט גאָרניט אָן זיין ראָט. פּאָליציי האָט אָנגעהויבן נאָכשפּירן און האָט לסוף געפונען אַ געלעגנהייט צו פאַרפירן קעגן דעם צדיק אַ קרימינאַל. דאָס יאָר 1838 איז אין פּאָדאָליער גוב. אויפגעקומען אַ פּראָצעס וועגן געהרגעטע צוויי מוסרים (§ 24): אויף ר׳ ישראל רוזשינער האָט מען געוואָרפן אַ חשד, אַז דאָס איז געטון געוואָרן מיט זיין וויסן, און מ׳האָט אים אַרעסטירט. 22 חדשים איז דער חסידישער קיסר אָפּגעזעסן אין קיעווער טורמע, דערנאָך איז אויף אים געהלטן אַ שטילע שמירה פון פּאָליציי: אים האָט אָבער אָפּגעגאָלטן אַנטלויפן קיין עסטרייך. דאָס יאָר 1841 האָט ער זיך באַזעצט אין סאַדיגורא (ביי טשערנאָוויץ אין בוקאָווינע) און ווידער פאַרפירט אַ „הויף״. אַ סך חסידים אין רוסלאַנד זענען אים געטריי געבליבן און פלעגן פאָרן צו׳ן אים קיין אויסלאַנד; חוץ דעם האָט ער נאָך געווינען חסידים אין גאַליציע און אין בוקאָווינע. ר׳ ישראל איז געשטאָרבן דאָס יאָר 1850; די סאַדיגורער דינאַסטיע האָט זיך שטאַרק פאַרצווייגט און האָט געשפּילט אַ קאָנסערוואַטיווע ראָליע אין יידישן לעבן שפּעטער, בעת דער שטורמדיקער תקופה עמאַנסיפּאַציע.

מיט „גוטע-יידן״ איז געווען פול פּאָדאָליע אויך. די היים פון ר׳ ישראל בע״שט, דעם פאָטער פון חסידות. אין מעדזשיבאָזש, דעם בע״שט׳ס געוועזענע רעזידענץ, האָט געקיניגט ר׳ י ה ו ש ו ע ה ע ש ל א פּ ט ע ר — נאָך ר׳ ברוך טולטשינער, דעם בעש״טס אַן אייניקל, אַ שטיק צייט (בערך 1810 — 1830) האָט דער אַלטער ר׳ יהושוע העשל געגאָלטן פאַר דעם ראש צווישן גוטע יידן; איין ר׳ ישראל רוזשינער האָט זיך איינגעשטעלט נישט האַלטן פון זיין אויטאָריטעט. זיין שטול האָט געירש׳עט ר׳ מ ש ה ס אַ װ ר אַ נ י ע ר (דער סאַווראַניער רב), ער האָט שוין פאַרפירט אַ „הויף״ אַזוי ווי די טשערנאָביליער און דער רוזשינער. אַן אוראייניקל דעם בעל-שם׳ס, ר׳ נחמן בראַצלאַווער, איז נישט באַשערט געווען צו גרינדן זיין אַ דינאַסטיע 1). נאָך זיין טויט זענען בראַצלאַווער חסידים מיט זייער פירער ר׳ נתן, ר׳ נחמן׳ס אַ תּלמיד, אויסגעשטאַנען גרויסע רדיפות פון אַנדערע חסידים. בראַצלאַווער חסידים פלעגן אַלע יאָר סכות-צייט פאָרן קיין אומאַן צום אוהל צו ר׳ נחמנען; חסידים פלעגן זיי באַפאַלן, און זידלען: „נחמנטשיקעס, בראַצלאַווער כּלבים״, ס׳פלעגט קומען צו געשלעג אויך. דאָס זענען געווען שטיפקינדער צווישן חסידים, זיי האָבן נישט געהאַט קיין שטאַרקן רבין, קיין גואל: זייער מליץ-יושר אין הימל, ר׳ נחמן, האָט נישט געקענט ביישטיין אַנטקעגן זיינע לעבעדיקע קאָנקורענטן — די גוטע-יידן אויף

1) דאָרטן.

דער וועלט, שוין צופיל די „וועלטיקע", נישט געקוקט אויף זייער גאַנצער היי־ליקייט.

חסידות איז שטאַרק אויסגעוואַקסן אין פוילן. נאָך די צוויי חסידישע פי־רער די צייט פון וואַרשעווער הערצאָגטום, ר׳ ישראל קאָזשעניצער און ר׳ יעקב יצחק לובלינער, זענען אויפגעקומען נייע דינאַסטיעס. די אָנגענומענסטע איז געוואָרן קאָצקער דינאַסטיע (פון ר׳ מענדעלע קאָצקער, 1826 — 1859) און גערער (גורע־קאַלוואַריע, פון ר׳ איטשע מאיר אַלטער, בערך 1830 — 1866). די ערשטע דינאַסטיע האָט געהערשט דערהויפּט אין דער פּראָווינץ, די צווייטע אין וואַרשע, וואָס איז ביז היינט געטריי געבליבן גער. פּוילישע „גוטע־יידן" זענען געשטאַנען אין מיט, צווישן די חבדישע און אוקראַינער רביים: זיי האָבן נישט איינגעפירט קיין גרויסאַרטיקע „הויפן", האָבן זיך נישט אַזוי געיאָגט נאָך פדיונות און האָבן געהאַלטן פון לערנען.

חסידות האָט געהאַט אייגענע קדושים אויך, וואָס האָבן שטאַרק געליטן פונם רוסישן פּאָליצײ־רעזשים. בעת דער צענזור־מלחמה קעגן יידישע ספרים (§ 22), האָט די רעגירונג שטאַרק געקוקט אויף סלאַוואוטער דרוק, וואָס האָט געדרוקט נאָר חסידישע ספרים. די מדפיסים זענען געווען די ברידער שמואל אבא און פנחס שאַפּירא, ר׳ פנחס קאָרעצערס אייניקלעך. די ברידער האָט מען געמסרט, אַז זיי דרוקן אָן צענזור שעדלעכע קבלה־ספרים און מ׳האָט די מסירה פאַרוועבט מיט אַ קרימינאַל: אין מנין ביי זיי האָט מען געפונען אַ הרוג אַ זעצער, כלומרשט האָט מען אים געהרגעט דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט אויסגעבן סודות פון דער דרוק. אַ לאַנגע צייט זענען די ברידער געווען אַרעס־טירט אין קיעוו, דערנאָך איז אַרויס ניקאָלאַיס אַ רעזאָלוציע: טרייבן זיי „דורכן סטראָי" און שמייסן מיט שפּיצריטער, דערנאָך פאַרשיקן קיין סיביר. בעת דעם דורכגיין דורך דעם „סטראָי" איז ביי איינעם אַראָפּגעפאַלן די יאַרמולקע. נישט געקוקט אויף די געפערלעכע שמיץ, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעהויבן די יאַ מולקע און דערנאָך געגאַנגען ווייטער צווישן צוויי שורות קאַטן: בגלוי ראש האָט ער נישט געוואָלט גיין. פון פאַרשיקונג זענען זיי צוריק געקומען ערשט פאַר אַלכסנדר דעם צווייטן.

אַ סך אידעאַליזם און מאָראַלישע ריינקייט איז געווען צו געפינען צווישן חסידים, אָבער דאָ דערביי אַ שרעקלעכע פינסטערניש אויך, לייכטזין אָן אַ ברעג, און עבודה זרה. וואָס מ׳האָט זיך געמאַכט פון מענטשן, אָפּט פאַרדאָרבענע. צו דער גייסטיקער פאַרשכורטקייט קומט נאָך צו פשוט בראָנפן; חסידים, דערהויפּט אין דרום־מערב־קאַנט, האָבן שטאַרק געהאַלטן פונם טרונק. תחלת האָט דאָס גע־הייסן תיקון, אַ מיטל קעגן עצבות און פאַר התלהבות, מיט דער צייט איז דאָס געוואָרן שטייגער. מ׳האָט געטרונקען ביים צונויפקומען זיך צום רבין, מ׳האָט געטרונקען אין די „שטיבלעך" נאָכן דאַווענען, מ׳האָט געהאַלטן אין איין טרונקען, טאַנצן און דערציילן דעם רבינס מופתים. מ׳האָט זיך אריינגעלאָזט אין פוילקייט,

מ׳האָט פֿאַרוואָרפֿן געשעפֿטן, די פֿאַמיליע, און מ׳האָט אַרויסגעקוקט אויף נסים, וואָס גאָט וועט צושיקן דורכן צדיק. דאָס איז נישט געווען די אומגעלומפּערסטע שכּרות פֿון אַ רוסישן פּויער, וואָס מאַכט פֿונם מענטשן אַ חיה; דאָ האָט מען געטרונקען בנימוסדיקער: כּדי צוקומען צו דער „מדרגה״, גאָט צו דינען פֿון פֿרייד, שטאַרקן אנשי שלומינו. אָבער דער סוף איז געווען דער זעלבער: דער פֿאַרשלעפּערטער געדאַנק, שטענדיקע ליידיקגייעריי, שרעקלעכע אָרעמקייט, בטול צו דער אַרומיקער וועלט און אַ ווילדע שנאה צו בילדונג און וויסן. אין אַ צייט פֿון שרעקלעכע רדיפֿות און רעקרוטן־אינקוויזיציע איז חסידות געווען פֿאַר דער גרויסער מאַסע איין שכּרות פֿאַר צרות, דאָס האָט געזאָלט לינדערן די פּיין, דעם ווייטאָג. אָבער דער דאָזיקער שלאָפֿגעטראַנק האָט זייער שלעכט געווירקט אויפֿן פֿאָלק. ס׳איז פֿאַרשלעפּערט געוואָרן, זיך שטאַרק געהאַלטן ביי די פֿינסטערע אַלטע דרכים און האָט נישט באַוויזן קיין פֿאַרשטאַנד פֿאַר דער נייער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אינעווייניק מיט דער השכּלה.

דער ערשטער אומזיכערער גלאָקן־קלינג צו „השכּלה״ האָט זיך געלאָזט הערן אין וואָלין, אינם נעסט פֿונם פֿאַנאַטישסטן חסידות. דער ליטעראַרישער השכּלה־פּאָסטער איז געווען יצחק־בער לעווינזאָן אין קרעמעניץ (1860—1788). אין די יינגע יאָרן האָט ער פֿאַרבראַכט ביי די „אויפֿגעקלערטע״ אין גאַליציע, ביי יוסף פּערל און נחמן קראָכמאַל (§ 19); אַ היים איז ער געקומען מיט אַ פֿעסטן ווילן זיך אַוועקגעבן פֿאַר אויפֿקלערן די אָפּגעשלאָסענע יידישע מאַסע. אין דער שטיל, אויסבאַהאַלטן פֿאַר חסידים, האָט ער געאַרבעט אויף זיין ווערק „תעודה בישראל״, וואָס ער האָט דאָס מיט גרויס פּי אָפּגעדרוקט אין ווילנע (1828). אינם דאָזיקן בוך האַלט זיך לעווינזאָן ביי דער רעליגיעזער טראַדיציע, מיט משלים פֿון יידישער געשיכטע און מיט מאמרי חז״ל באַווייזט ער אַזוינע א״ב־זאַכן: 1) אַ ייד איז מחויב צו לערנען לשון־קודש און דקדוק און תנ״ך מיט פּשט לויטן דקדוק; 2) יידישקייט פֿאַרווערט נישט צו קענען פֿרעמדע שפּראַכן און ליטעראַטורן. דערהויפּט אָבער די לאַנד־שפּראַך, אַגב איז דאָס אַ נוץ פֿאַר יעדן איינעם און פֿאַרן כּלל אויך; 3) פֿאַר יידישקייט איז קיין געפֿאַר נישט צו קענען וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן, אַזוינע חוקרים ווי דער רמב״ם זענען געווען געטרייע יידן; 4) יידן מוזן זיך נעמען פֿאַר מלאכה און ערדאַרבעט אנשטאַט מעקלעריי און האַנדל; מ׳דאַרף נישט חתונה מאַכן קיין יונגע קינדער, וואָס האָבן נישט קיין זיכערע באַשעפֿטיקונג. דער דאָזיקער א״ב איז יענע צייט געווען אַן אויפֿטו, אַן עזותדיקע אפּיקורסות אין די אויגן ביי פֿאַנאַטיקער און אַ ליכטיקע בשורה פֿון אַ ניי לעבן ביי אַ הייפֿל פּראָגרעסיסטן, וואָס האָבן געגאַרט רעפֿאָרמירן דאָס יידישע לעבן און האָבן זיך באַדאַרפֿט דערמיט אויסבאַהאַלטן מחמת מורא פֿאַר רדיפֿות. די דאָזיקע מורא איז געווען ביי לעווינזאָנען אויך, דעריבער האָט ער גערעדט אַזוי איינגעהאַלטן וועגן יידישער פֿירונג צו זיין צייט; דעריבער האָט ער אויך פֿאַרשטעלט זיין נאָמען, ווען ער

האָט אַרויסגעגעבן דעם „דברי צדיקים“, אַ סאַטירע אויף חסידות (ווין, 1830), נאָכגעמאַכט יוסף פּערלס „מגלה טמירין“. זיין וויכטיקסט ווערק „בית יהודה“ — אַ האַלב־פילאָזאָפישע, האַלב־פּובליציסטישע איבערזיכט וועגן דער געשיכטע פון יודאַאיזם, האָט לעווינזאָן נישט געקאָנט פאַרעפנטלעכן אַ לאַנגע צייט: אפילו ווילנער דרוק (די איינציקע דרוק, וואָס האָט זיך בכלל איינגעשטעלט דרוקן נאָך עפּיס חוץ תורה און מוסר־ספרים), האָט מורא געהאַט צו דרוקן אַזאַ בוך, וואָס האָט נישט קיין הסכמות הרבנים. „בית יהודה“ איז אַרויס ערשט דאָס יאָר 1839 כלומרשט אַן ענטפער אויף פראַגן, וואָס אַ רוסישע הויכגעשטעלטע פּערזאָן האָט געשטעלט דעם מחבר. „בית־יהודה“, דאָס הייסט די געשיכטע פון יודאַאיזם, האָט אַ קנאַפּן וויסנשאַפטלעכן ווערט: דאָרט פעלט דער טיפער היסטאָריש־פילאָזאָפישער אַנאַליז, וואָס מיר זעען אין „מורה נבוכי הזמן“ ביי נחמן קראָכמאַל. דער הויפּט־צוועק ביים מחבר איז צו באַווייזן היסטאָריש, אַז יידן האָבן אַלע צייטן זיך נישט דערווייטערט פון וויסן און פילאָזאָפיע. לעווינזאָן מיידט אויס האַרבע רעליגיעז־פילאָזאָפישע פּראָבלעמעס, ער זוכט דעם מיטלוועג; אַפילו וועגן קבלה, וואָס איז אים געוויס נישט צום האַרצן, זאָגט ער: „וואָס ווייטן מיר פון אַזוינע געהויבענע זאַכן!“ (קאַפּיטל 135). מחמת מורא פאַר דער אָרטאָדאָקסיע רירט ער כמעט נישט אָן חסידות, בעת ער באַפאַלט דאָס שטאַרק אין זיינע אַנאָנימע ווערק און אין זיין קאָרעספּאָנדענץ. לעווינזאָן לאָזט אויס זיין געשיכטע פון יודאַאיזם מיט אַ שבח דער רוסישער רעגירונג, וואָס זי זאָרגט פאַר יידן, און מיט אַ פּראָיעקט צו רעפאָרמירן די שול און רבנות.

לעווינזאָן האָט זיך אָבער נישט צופרידנגעשטעלט נאָר מיט ליטעראַרישער פּראָפּאַגאַנדע אַליין: ער האָט קנאַפּ געגלויבט, אַז אַ פּראָפּאַגאַנדע זאָל זיך אָננעמען אין ברייטע קרייזן, וואָס דאָס עצם־לייענען „טרף־פסול“ איז ביי זיי אַ זינד. מער האָט ער געגלויבט, אַז רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן לאָזט זיך מיט דער רעגירונגס שטאַרקער האַנט. זייער פרי האָט לעווינזאָן אָנגעהויבן קלאַפּן אין די טירן פון רעגירונג־קאַנצעלאַריעס. שוין דאָס יאָר 1823 האָט ער דערלאַנגט דעם פּרינץ קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש אַ מעמאָראַנדום וועגן יידישע סעקטעס מיט אַ פּראָיעקט צו גרינדן נאָרמאַלע שולן און סעמינאַריעס. פריער, איידער ער האָט אָפּגעגעבן צו דרוקן זיין ערשט ווערק „תעודה בישראל“, האָט ער געשיקט דעם מאַנוסקריפּט דעם רעאַקציאָנערן בילדונג־מיניסטער שישקאָוו מיט אַ ביט, מ׳זאָל אים אויסהעלפן אַרויסגעבן דאָס בוך; ווייל דער מחבר באַווייזט דאָרט דעם נוץ פון בילדונג און ערדאַרבעט, „פלאַנצט ליבשאַפט צום קייזער און צום פאָלק, וואָס מיט דעם זענען מיר באַהעפט, און ווייזט וויפיל טובות אָן אַ סוף מיר האָבן פון זיי“. דאָס איז געשריבן געוועזן דעם 2־טן דעצעמבער 1827, אין דריי חדשים אַרום נאָך דעם באַפעל וועגן נעמען רעקרוטן און קאַנטאָניסטן ביי יידן!... אין אַ יאָר אַרום האָט דער הכנעהדיקער קרעמעניצער שרייבער באַקומען אויפן קייזערס באַפעל אַ באַלוינונג 1000 רובל, „פאַר

א ווערק, וואָס האָט דעם צוועק אַ מאָראַלישע רעפאָרם ביי יידן". דאָס איז שוין געווען נאָך דעם יאָר 1828 נאָך דעם, ווי דאָס בוך איז געווען אָפּגעדרוקט, נאָך דעם ערשטן רעקרוטן־מאָל, נאָך דעם ווי דער וועליזשער עלילת־דם האָט זיך פאַרשאַרפט. פּאָליטישע תמימות איז ביי לעווינזאָנען געבליבן נאָכדעם אויך. דאָס יאָר 1831 דערלאַנגט ער דעם בילדונג־מיניסטער ליווען אַ מעמאָראַנדום וועגן רעפאָרמירן דעם יידישן רעליגיעזן שטייגער, דאָס יאָר 1833 דערלאַנגט ער אַ ריזיקאַלישן פּראָיעקט וועגן פאַרמאַכן אַלע יידישע דרוקן אין אַזוינע ערטער, וואו קיין צענזור איז נישט פאַראַן; צום פּראָיעקט איז צוגעגעבן „אַ רייסטער פון אַלטע און נייע יידישע ספרים, אָנגעוויזן, וואָסערע קאָנען נוצלעך זיין און וואָסערע שעדלעך" (שעדלעך דאַרף מען פאַרשטיין דערהויפּט חסידישע ספרים). לעווינזאָנס פּראָיעקט איז געווען איינער פון די מאָטיוון, וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן דאָס יאָר 1836 אַ שווערן געזעץ וועגן רעווידירן אַלע יידישע ספרים; אין „תחום" האָט דער געזעץ פאַרשאַפט יידן אַ סך פּיין. פון לעווינזאָנס זייט וואָלט דאָס געווען אַ נידריקייט, ווען מיר זאָלן נישט וויסן, אַז פיל מער איז דאָס געווען נאַאיוו. דער קרעמעניצער יושב־אוהל איז געווען געטריי זיין פאָלק, אים האָט אָבער געפעלט דער פּאָליטישער חוש; דעריבער האָט ער געזוכט אַ שטעל אין דער פרעמד קעגן דעם היימישן פאַנאַטיזם, געגלויבט בתמימות, אַז די מאַכט מיינט יידנס וואויל און אַז מ'קאָן ברעכן מיט גוואַלד די פיינטשאַפט צו בילדונג ביי דער מאַסע. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס געפּלאָגטע פאָלק קאָן נישט אויפנעמען קיין בילדונג פון אַזוינע הענט, וואָס האָבן געטריבן זיינע קינדער צום שמד, וואָס האָבן אומברחמנותדיק געבראָכן און געבויקערט דאָס גאָרע פאָלקסלעבן. די אָרטאָדאָקסן זענען אָנגעקומען צו לעווינזאָנען נאָר ווען מ'האָט באַדאַרפט האָבן אַ מליץ־יושר. אין ברען פון עלילת־דם־פּראָצעסן האָבן זיך ליטווישע און וואָלינער רבנים געווענדעט צו לעווינזאָנען, ער זאָל אָנשרייבן אַ ווערק קעגן בלוט־בלבול. דעמאָלט האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בוך „אפס דמים" (ווילנא 1837): אַ דיאַלאָג פון אַ יידישן חכם מיט אַ פּראַוואָסלאַוון פּאַטריאַרך אין ירושלים. שפּעטער האָט לעווינזאָן געשריבן אַ התנצלות־ווערק קעגן „נתיבות עולם", אַ שריפט פון אַן ענגלישן מיסיאָנער מ. קויל. „זרובבל" (אַזוי הייסט דאָס אַפּאָלאָגעטישע ווערק, געדרוקט שוין נאָך דעם מחברס טויט), פאַרמאָגט געוויסע וויסנשאַפטלעכע מעלות און דאָס איז איינע פון די ערשטע פּראָבעס צו סיסטעמאַטיזירן די תלמודישע לערע. אַנדערע לעווינזאָנס ווערק געהערן צו יידישער פילאָלאָגיע און לעקסיקאָגראַפיע („בית־האוצר" און אַנד.). מיט רעכט פאַרדינט ער דעריבער דעם נאָמען: דער גרינדער פון יידישער וויסנשאַפט אין רוסלאַנד, כאָטש מ'קאָן אים נישט גלייכן צו יידישע וויסנשאַפטלער אין גאַליציע און אין דייטשלאַנד (ראַפּאָפּאָרט, צונץ, גייגער).

אין וואָלין האָט זיך השכלה שלעכט אָנגענומען. דאָ האָבן געהערשט „גוטע יידן", וואָרטפירער פון השכלה האָט מען דאָ געהאַלטן פאַר געפערלעכע היימישע

שונאים: פאַרשטויסן זענען זיי געווען פון דער מחנה, זיי זענען אויסגעשטאַנען גרויסע רדיפות, אייניקע האָט דאָס געבראַכט צו שמד. 1) בעסער איז געווען די לאַגע פאַר בילדונג אין דרום און אין צפון אין „תחום". די אויפגעקומענע שטאָט אָ ד ע ס און די אַלטע ליטווישע װ י ל נ ע זענען געוואָרן נעסטן פון השכלה. אין אָדעס איז געווען אַ היבשע קאָלאָניע „בראָדער" יידן, זיי האָבן דאָס געבראַכט השכלה פון גאַליציע. דאָס יאָר 1826 האָבן זיי דאָ שוין געגרינדעט די ערשטע יידישע בילדונג-שול, דירעקטאָר איז געווען פריער זיטנפעלד, דערנאָך דער געוויסער טוער בצלאל שטערן; צווישן די לערער איז דאָ געווען שמחה פינסקער, דער קינפטיקער היסטאָריקער פון קאַראַאימען. פאַר יענער צייט איז אַזאַ שול געווען אַ גרויסער אויפטו, און אַרום דעם האָבן זיך גרופירט אָדעסער משכילים. אָדעס, אַן אויפגעקומענע שטאָט, אָן טראַדיציעס, דערצו נאָך אַ האַפן-שטאָט מיט אַ פאַרשידנאַרטיקער באַפעלקערונג, האָט זיך אָנגעהויבן ציוויליזירן פריער פאַר אַנדערע יידישע צענטערן, אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי אַן אויסערלעכע ציוויליזאַציע. קיין נייע גייסטיקע קניגים זענען דאָ נישט געשאַפן געוואָרן. גאָר אַנדערש איז דאָס געווען אין ווילנע. ווילנע האָט נישט פאַרמאָגט דעם אויסערלעכן קולטור-גלאַנץ, האָט אָבער פאַרמאָגט אַ סך אינטעלעקטועלע קרעפטן. פון דעם קרייז ווילנער משכילים וואָס איז אויפגעקומען אין ווילנע די 30-ער יאָרן, זענען אַרויס צוויי באַשעפער פון ניי-העברעאישן סטיל: דער פּראָזאַאיקער מ ר ד כ י א ה ר ן ג י נ צ ב ו ר ג (1846—1796) און דער פּאָעט א ב ר ה ם ב ע ר ל ע ב ע נ ז אָ ן (1878—1794).

גינצבורג איז געבוירן געוואָרן אין אַ זאַמוטער שטעטל סאַלאַנט, געוואוינט פריער אין קורלאַנד. דערנאָך אין ווילנע, פריי איז ער היימיש געוואָרן מיט דייטשער ליטעראַטור און האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע פון איבערזעצן און איבערמאַכן דייטשע ווערק אויף העברעאיש. די 20-ער יאָרן האָט ער איבערזעצט קאַמפעס „דאָס אַנטדעקן אַמעריקע" (העברעאיש און יידיש), ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ קאָמפּילירט ווערק וועגן דער מלחמה די יאָרן 1812—1813, דאָס זענען געווען אין רוסלאַנד די ערשטע שוואַלבן פון אַ וועלטלעכער ליטעראַטור אויף לשון-קודש, וואָס האָט גענומען קאָנקורירן מיט דער רבניש-חסידישער ליטעראַטור. פאַר די קינדער-יאָרן פון דער ניי-העברעאישער ליטעראַטור, ווען אַ מאָדערנער סטיל איז שוין געווען אַ פאַרדינסט פאַר זיך, זענען אַזוינע ביכער געווען אַ גאַנצע איבערראַשונג. די גרעסטע ווירקונג אויף אויסצואַרבעטן דעם ניי-העברעאישן סטיל האָבן געהאַט דערהויפּס צוויי ווערק

---

1) למשל, דובנער משומד גרינבוים—פּיאָדראַוו, וואָס האָט זיך באַהעפט דאָס יאָר 1843 „צום גרויסן, שטאַרקן רוסישן פאָלק" (זיינע ווערטער) און איז געוואָרן לערער אין אַ גימנאַזיע און צענזאָר אין קיעוו. (יעוור' סטאַרינאַ 1910, ז' 411 א. וו.).

גינצבורגס: „קרית ספר" — אַ בריוונשטעלער מיט מוסטערן פון געשעפט־בריוו, ידידות־ און־ ליטעראַטור־בריוו (1835) און „דביר" — אַ זאַמלונג דערהויפּט פון איבערזעצטע און באַאַרבעטע אַרטיקלען, רייזע־באַשרייבונגען, דערציילונגען, אַפאָריזמען (ווילנע 1844). ווילנער משכּילים האָבן באַחיינט דעם פּרי־פּאַרשטאָר־בענעם גינצבורגן אין פּראָזע און אין גראַמען: זיי האָבן אָגגעוואוירן אַ פירער אין אויפלעבן העברעאיש. נאָך זיין טויט איז אַרויס זיין אויטאָביאָגראַפיע („אביעזר") און קאָרעספּאָנדענץ („דביר", ב. II), דאָרט זעען מיר די סביבה, וואו דער שרייבער איז אויסגעוואַקסן.

אברהם בער לעבענזאָן, אַ געבוירענער אַ ווילנער, האָט אויפגעמונטערט די איינגעשלאָפענע יידישע מוזע מיט קלינג־קלאַנגעדיקע „שירי שפת קודש" (ב. 1, דאָס יאָר 1842): אַ געמיש פון היוכן שניט אויף יעדער געלעגנהייט מיט פילאָזאָפיש־לירישע פּאָעמעס. פאַר יענעם נאַאיוון דור איז געווען אַ גרויסע אי־בעררראַשונג די שטאַרקע קלאַנגען פון ביבלישע מליצה־גראַמען, וואָס זענען גע־ווען אַ סך פיינער און האַרמאָנישער איידער חייזלס (אונזער קלאָפּשטאָק) „שירי תפארת". שירים, וואָס אין זיי האָט געשטעקט אַ סך מער קאָפּ, איידער געפיל, פּאָעמעס פון וועלט־צער (החמלה), פון פּעסימיזם און אָפּטימיזם, פון אָרעמקייט און רייכקייט (דל מבין) זענען שטאַרק צום האַרצן געווען דעם דעמאָלטיקן קורא חביב, וואָס האָט געזוכט אַ „שכל" אין פּאָעזיע אויך. לעבענזאָן פילאָזאָפירט און מאָראַליזירט אין זיין ליריק, וועלט־צער און אייגן געמיט איז אים נענטער, איי־דער דאָס נאַציאָנאַלע. זיין איינציקער נאַציאָנאַלער שיר („דער וויי־געשריי פון פאָלק ישראל") קלעבט זיך נישט צו די לויב־געזאַנגען דאָ דערביי אויף ניקאָלאַי דעם 1־טנס קרוינונג וכדומה פּאַטריאָטישע מאָטיוון. אגב איז דער „וויי־געשריי" פּאַרזען מיט אַ באַמערקונג פאַר דער צענזור, אַז דאָס מיינט מען מיטלאַלטער... דער גרעסטער ווערט פון די „שירי שפת קודש" איז, וואָס דאָ איז באַשאַפן געוואָרן אַ נייער פּאָעטישער סטיל, דורות שפּעטערדיקע פּאָעטן האָבן דעם סטיל פאַרפיינערט.

גינצבורג און לעבענזאָן — דאָס איז געווען דער מיטלפּונקט פון ווילנער משכּילים; דאָ איז נאָך געווען דער היסטאָריקער ש. י. פין, דער לערנער מ. סטראַשון, צענזאָר וו. טוגענדהאָלד, ביבליאָגראַף י. בן־יעקוב, „ראַדיקאַלן" און רעפאָרמאַטאָרן פון יענע צייט, וועלן געפערלעך ראַדיקאַל האָט געהייסן מליצה און שטרעבן צו מענטשלעך וויסן. דער דאָזיקער קרייז האָט געפּרוווט שאַפן אַ העברעאישן וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל אויפן שטייגער פון ענלעכע אויסגאַבן אין גאַליציע און אין דייטשלאַנד. די יאָרן 1841—1843 זענען אַרויס אין ווילנע ב־יט פין'ס רעדאַקציע צוויי העפטן „פּרחי־צפון", אַ זאַמלונג וויסנשאַפטלעכע, פּובליצי־טישע אַרטיקלען און שירים פון דעם ביסל השכּלה־אָרעמקייט, וואָס רוסישע ייִ ן האָבן דעמאָלט פּאַרמאָגט, — ווערק פון נישט קיין גרויסן פּאַרנעם. אָבער אפילו אַזוינע ספּעקט־„בלומען־ האָבן אויך נישט געקענט אויסהאַלטן די צפון־קעלטן:

די שטרענגע רוסישע צענזור האָט אין די נעבעכדיקע זאַמלונגען איינגעזעצן אַ זשורנאַל אויף העברעאיש: דערויף האָט מען שוין באַדאַרפט ספּעציעל אַ דערלויב פון פּעטערבורג, און היות ווי אַזוינס איז נישט געווען, זענען די „פּרחי־צפון" פאַרוועלקט געוואָרן.

די אויפקלער־באַוועגונג אין רוסלאַנד דאָס צווייטע פערטל פון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז אין פיל פּרטים ענלעך צו דעם אָנהויב השכלה צו מענדלסאָנס צייט אין דייטשלאַנד, די צייט פון „המאסף". דאָ איז אָבער פאַראַן אייגנס אויך. אויפקלערונג אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַסימילאַציע, וואָס האָט שפּעטער פאַרטריבן העברעאיש פון ליטעראַטור ביי דייטשע יידן; אַקעגן אָבער אין רוסלאַנד איז די ערשטע תקופה השכלה נישט פירגעקומען קיין וויכטיקע קולטור־איבערקערעניש, דאָ האָט זיך מיט השכלה אָנגעהויבן אַ ליטעראַרישער רענעסאַנס, אַ תקופה שפּעטער איז דאָס שוין געוואָרן אַ וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער פאַקטאָר.

צווישן דער רוסישער געזעלשאַפט און דער יידישער איז געווען די אַלטע אייזערנע וואַנט. ביי רוסן אין די אויגן און די רעזידענצן און אין צענטראַל־רוסלאַנד, האָט דער יידישער „תחום" אויסגעזען עפּעס ווי כינע; אין דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אין „תחום" האָבן נאָך שטיל געגליט פונקען פון אַמאָליקע היסטאָרישע פייערס, פינסטערע אוראַלטע לעגענדעס. אומוויסן און אָבערגלויבן האָבן זיך נישט געקאָנט אַרויסווייזן אין דער פּובליציסטיק: אַזוינס איז אין רוסלאַנד אין יענע צייטן בכלל נישט געווען, אַ שאָטן פון אַ יידן האָט געקאָנט זעלטן דורכשוועבן נאָר אין דער שיינער ליטעראַטור. פּושקין האָט זיך נאָך געוואַקלט צווישן דעם „פאַראַכטן יידן" („אַ שוואַרצע שאַל" 1820) און דעם אידעאַלן „זקן, וואָס לייענט ביבל שטאָק־נאַכט" („אָנהויב פון אַ דערציילונג", 1832). ביי גאָגאָלן אָבער אין דער היסטאָרישער נאָוועלע „טאַראַס בולבאַ" (1835) איז שוין דעם יידן אָנגעהאָנגען די גאַנצע העסלעכקייט. דאָ האָט איר די אַדעלע אוקראַינער ריטער און דערביי „אַ זשיד יענקל", אַ פאַרקויפטע נשמה, אַ העסלעכע פאַרדאָרבנקייט: די היידאַמאַקעס אַן אוראייניקל האָט זיך דאָ אָפּגערעכנט מיטן יידן, מיט כמעלניצקיס קרבן, אין די דאָזיקע שרעקלעכע היסטאָרישע טראַגעדיעס, אין יידישע קדושים אין דער אַלטער אוקראַאינע, זעט גאָגאָל נישט מער, ווי „העסלעכע פּרצוף־פּנימער, פאַרקריפּלט פאַר שרעק". איינער פון די באַשעפער פון דער רוסישער ליטעראַטור האָט אַריינגעשטעלט אין דער רעכטער מיט אַ העסלעכע פאַרזעעניש פון אַ יידן, מיט קינס צייכן, וואָס האָט פאַרסמט דעם רוסישן לייענער מיט פיינטשאַפט צום יידן און וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס געווירקט אויף יידישע טיפּן ביי אַנדערע רוסישע שרייבער (טורגעניעווס „זשיד", יידישע טיפּן ביי טשעכאָוון און דעסגלייכן). אין אונטערהויף אין דער ליטעראַטור יענע צייט, וואָס האָט געהאַט אַסך מער געסט, איידער די עכטע רוסישע ליטעראַטור, האָט אַ שרייבער אַ מסור פאַדיי בולגאַרין אָפּגעמאָלט אין זיין ראָמאַן „איוואַן וויזשיגין"

1829) אַ ליטווישן יידן „מאָווישע״, אַרייַנגעלייגט אין אים וואָס אין דער קאָרט. בולגאַרינס ראָמאַן, אַ ווערק פון אַ טאַלאַנטלאָזער פאַרקויפטער פען, איז אינגיכן פאַרגעסן געוואָרן, אָבער צו זיין צייט האָט ער גישט ווייניק רוסן פאַרסמט מיט יידנפיינטשאַפט.

---

## קאַפּיטל V.

# די קלענערע יידישע צענטערן אין אייראָפּע און אין אַנדערע ערטער.

### § 27. פראַנקרייך בעת דער רעסטאַווראַציע און יולי־מאָנאַרכיע.

דאָס לאַנד, וואָס האָט פריער פאַר אַנדערע עמאַנסיפירט יידן און געצווינגען אַנדערע לענדער דאָס טון, פאַרנעמט איצט אַ קליין אָרט אין דער יידישער געשיכטע, די צייט פון אייראָפּעאישער רעאַקציע. נאָך דעם ווי דאָס געוויסער פון נאַפּאָלעאָן׳ס אימפּעריע איז אָפּגעפאַלן און פראַנקרייך איז אַריין אין אירע ברעגעס, איז פון הונדערטער טויזנטער יידן אונטער איר הערשאַפט אָדער פּראָטעקטאָראַט געבליבן אַ קליינער יידישער צענטער פון 50—60 טויזנט נפשות. דער ראָזיקער צענטער האָט איצט איבערגעלעבט אַ רעזשים פון רעסטאַווראַציע, דאָס איז אָבער נישט געווען קיין רעסטאַווראַציע פון רעכטלאָזיקייט, אַזוי ווי מייסטנס אין אייראָפּע. אין פאָטערלאַנד פון דער „דעקלאַראַציע פון רעכט״ איז נישט מיגלאַך געווען צוריקשלעפּן צום גאָרן אַבסאָלוטיזם, צום „אַלטן רעזשים״. די רעסטאַווורירטע בורבאָנען האָבן געמוזט געבן דעם פאָלק „אַ קאָנסטיטוציאָנעלע כארטיע״, שפּעטער ווען קאַרל דער X האָט זיך פאַרריסן און האָט געוואָלט מיט זיינע קעניגלעכע אָרדאָנאַנס׳ן ענדערן די קאָנסטיטוציע, האָט ער דערפאַר באַצאָלט מיטן טראָן; די יולי־טעג דאָס יאָר 1830 האָבן דערמאָנט אייראָפּע, אַז אין פראַנקרייך קאָן מען נאָך קעמפן קעגן אַבסאָלוטיזם. משך דרייסיק יאָר אייראָפּעאישע רעאַקציע איז פראַנקרייך און האָלאַנד געווען די איינציקע לענדער, וואָס יידישע גלייכבאַרעכטונג האָט זיך דאָרט פאַרפעסטיקט און געוואָרן אַ לעבנסזאַך.

אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס לייִדוויק דער XVIII האָט געגעבן, איז געווען אַ פונקט, אַז „אַלע בירגער זענען גלייך פריי צו האַלטן זייער גלויבן, און זייער קולט האָט אַלציינעם שוץ״, נאָר דאָ איז געווען צוגעגעבן: „אָבער נאָר די רוימיש־קאַטוילישע רעליגיע איז אַ מלוכה־רעליגיע, נאָר רוימיש־קאַטוילישע גייסטלעכע און גייסטלעכע פון אַנדערע קריסטלעכע אמונות באַקומען זייער

געהאַלט פון דער מלוכה-קאַסע". איין העלפט פון דעם דאָזיקן צוגאָב איז געווענדעט קעגן אַלע נישט-קאַטוילן, די צווייטע העלפט איז שוין אויסן נאָר יידן. נאַפּאָלעאָן'ס יידישע קאָנסיסטאָריעס האָבן געמאַכט פון יידישע כלי-קודש אַ מין מלוכה-באַאַמטע, און אויב זיי באַקומען איצט נישט קיין געהאַלט פון דער מלוכה, איז דער מיין דאָ אַ רעליגיעזער, נישט קיין פינאַנציעלער: די בורבאָנען האָבן דערמיט געוואָלט אויסטייטשן, אַז די יידישע אמונה איז נישט מער ווי אַ „טאָלערירטע" אמונה, זאָל זיין אַז דאָס שטימט נישט מיט דעם פּונקט קאָנסטיטוציע פון „אַלציינעם שוץ" פאַר אַלע קולטן. דער דאָזיקער פּרט אין דער קאָנסטיטוציע האָט ווייניק געאַרט פראַנצויזישע יידן די ערשטע צייט רעסטאַוראַציע; זיי האָבן געהאַט אַ גרעסערע זאָרג. עלזאַסער יידן, ד. ה. צוויי דריטל פראַנצויזישע יידן, האָבן געהאַט אויף זיך דעם „שענדלעכן דעקרעט" פונם יאָר 1808, וואָס האָט אָפּגענומען ביי יידן אַ גרויסן טייל בירגעררעכט אויף צייט צען יאָר [1]). דער טערמין איז געווען דאָס יאָר 1818, און ס'איז געווען געווענדט אין דער רעגירונג און אין פּאַרלאַמענט באַנייען אָדער אָבשאַפן דעם אויסנאַמע-צושטאַנד פאַר יידן. אין דער נעסט פון יידנהאַס, אין עלזאַס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע צו פאַרלענגערן דעם שטראָף-געזעץ: די גענעראַל-ראַטן פון ריינישע דעפּאַרטאַמענטן האָבן געשיקט ראַפּאָרטן קיין פּאַריז, אַז יי האָבן מורא פאַר עקאָנאָמישע קאָנפליקטן, אויב פון יידן וועט אַראָפּגענומען ווערן די צוים, אויב זיי וועלן ווידער מעגן מאָנען זייערע חובות ביי פּויערים און פריצים, פריי האַנדלען און וואוינען אומעטום. ס'האָט זיך פאַרפירט אַ פּאָלעמיק אין דער פּרעסע אויך. דער אַלטער נאַציאָנאַלער און שטאַנדן-האַס האָט זיך ווידער געלאָזט הערן אַקעגן, דער ווידערשטאַנד איז געווען שוואַך. יידישע פּובליציסטן האָבן אָפּגעענטפערט אין "L'israélite français „ (1817—1818), אָרגאַן פון דער צענטראַלער פּאַריזער קאָנסיסטאָריע און הויפּטראַבינער אברהם דע-קאָלאָנאַי. אָנהויב יאָר 1818 איז די פראַגע וועגן באַנייען דעם דעקרעט געקומען פאַרן פּאַרלאַמענט.

דעם 5-טן פעברואַר האָט מען דער אויבערשטער קאַמער דערלאַנגט אַ פּעטיציע פון איינעם אַ פריץ מאַרקיז דע-לאַטיער: ער האָט געבעטן באַנייען דעם שטראָף-דעקרעט „כדי צו האַלטן אין דער מורא יידישע וואָכערניקעס". גראַף לאַנזשיואינע, אַ גליד פון דער קאַמער, האָט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער דעקרעט איז אַן „אָפענע פעלשונג אין דעם כלל, אַז פאַר אַלע בירגער גילט איין געזעץ". זאָלן לויט אַ געזעץ באַשטראָפט ווערן אַלע, וואָס נעמען אַ צו גרויסן פּראָצענט, מ'טאָר אָבער נישט מאַכן ספּעציעל אַ געזעץ פאַר אַ גאַנצער קאַטעגאָריע בירגער דערפאַר, וואָס צווישן זיי טרעפן זיך וואָכערניקעס. די אויבערשטע קאַמער האָט צוגעשטימט צו דער מיינונג און איז אַריבער צום

1) פריערדיקער באַנד § 24

טאָג-אָרדנונג, נישט געענטפערט אויף דער פעטיציע. די אונטערשטע קאַמער איז שוין נישט געווען אַזוי ליבעראַל. דעם 26-טן פעברואַר האָט די פעטיציע-קאָמיסיע פירגעלייגט דער קאַמער איבערגעבן לאַטיער׳ס פעטיציע די מיניסטאָרן פאַר אינעווייניקסטע ענינים און יוסטיץ, און זאָל די רעגירונג זאָגן, צי איז שוין צייט, אָדער צי איז שעדלאַך אָפּשאַפן פלוצים דעם אויסנעם-געזעץ פאַר יידן. דעפוטאַט שאַוועלען האָט פראָטעסטירט: אַזוי שטעלן די פראַגע הייסט אָנרירן די קאָנסטיטוציאָנעלע כאַרטיע! דאָך האָט די קאַמער אָנגענומען דער קאָמיסיעס פאָרשלאַג. דעם 9-טן מערץ האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן דעבאַטן וועגן דער פראַגע אין דער אויבערשטער קאַמער: ס׳איז אָנגעקומען נאָך אַ פעטיציע קעגן יידן פון איינעם אַ מער פון דער פראָווינץ. איינער אַ גליד פון קאַמער האָט געשטיצט די פעטיציע: „די גאַנצע ערד וועט אינגיכן איבערגיין צו יידן, אויב מ׳זאָל זיי נישט פאַרשטעלן דעם וועג". אַנדערע צוויי פערן (גראַף באָאַסי ד׳אַנגלאַ און מאַרקיז מאַרבואַ) האָבן אָפּגעענטפערט: ס׳וואָלט געווען די גרעסטע עולה דערלענגערן נאַפּאָלעאָן׳ס דעקרעט; באַגייט ווער אַן אומגעזעץ, איז דאַרף מען זיך ווענדן דערמיט צום געריכט, נישט צום פאַרלאַמענט. די אויבערשטע קאַמער איז ווידער אַריבער צו איר טאָג-אָרדנונג. דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צום שענדלעכן דעקרעט. היות ווי דעם 17-טן מערץ 1818, ד. ה. צום 10-יאָריקן טערמין, איז דער דעקרעט נישט דערלענגערט געוואָרן, בכן איז ער בטל געוואָרן, און פאַר יידן איז ווידער גילטיק געוואָרן דער אַקט עמאַנסיפאַציע אין גאַנץ פראַנקרייך. ביי דער געלעגנהייט האָט די פאַריזער צענטראַלע קאָנסיסטאָריע אַרויסגעגעבן אַ הנהגה-„בריוו" צו עלזאַסער יידן, וואָס ס׳איז פון זיי אַראָפּגענומען געוואָרן דער שאַנדפלעק פון רעכטלאָזיקייט (29 אַפּריל 1818). דער בריוו, וואָס האָט געזאָלט געליינט ווערן אין די שולן אויף דער אומגאַנגשפּראַך, איז אַ דרשה אויף אַ פּסוק: „שארית ישראל לא יעשה עולה". די קאָנסיסטאָריע רעדט איין עלזאַסער יידן נישט באַשעפטיקן זיך מיט מיאוסע פרנסות, דערהויפּט מיט וואָכער, און באַגריסט דעם באַשלוס פון אַ סך יידישע קרעדיטאָרן אָפּלייגן דאָס איינמאָנען חובות ביי קריסטן. „פאַרגעסט נישט, אַז ווען אייניקע צווישן אייך באַגייען אַן אומרעכט, איז דאָס אַ געווער אין האַנט ביי אונזערע פיינט, און מענטשן מיט אַ בייזן ווילן מאַכן די גאַנצע יידישע מאַסע פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יחידים. פאַרגעסט נישט, אַז דער שווערער וואָלקן האָט זיך באַוויזן ביי אייך, אַז פון אייער זייט קומט דער בליץ, וואָס האָט געטראָפן אַלע יידן". קנעכטיש וואָלטן געקלינגען אַזוינע פראַזן אין „בריוו", ווי למשל: „צום טראָן פון די בורבאָנען קאָן נישט צושטיין קיין אומרעכט, קיין זינד קעגן די גרונדגעזעצן" (ערשט נישט לאַנג האָט מען פונקט אַזוי געחנפעט נאַפּאָלעאָנען!), ווען נישט דער גוואַלדיקער היסטאָרישער פאַקט, אַז אַ בורבאָנישע כאַרטיע האָט אומגעקערט יידן גלייכבאַרעכטונג, וואָס נאַפּאָלעאָן׳ס דעקרעט האָט ביי זיי געהאַט אָפּגענומען.

אין 12 יאָר אַרום האָבן פראַנצויזישע יידן דערלעבט נאָך אַ נצחון: די יולי-רעוואָלוציע האָט באַזייטיקט דעם לעצטן נשאָר אומגלייכקייט, די יידישע אמונה האָט באַקומען די זעלבע רעכט, וואָס אַנדערע. די יידן-פראַגע איז ווי אַלע מאָל אויפגעקומען בעת מ'האָט באַהאַנדלט די הויפּט פּונקטן פון דער נייער קאָנסטיטוציע. אין דער זיצונג פון דער דעפּוטאַטן-קאַמער דעם 7-טן אויגוסט 1830 האָט מען באַהאַנדלט די פּונקטן פון דער פריערדיקער קאָנסטיטוציאָנעלער כאַרטיע וועגן רעליגיעזע קולטן, וואָס דאַרפן איצט געענדערט ווערן. די קאַמער האָט אָנגענומען אויסשליסן דעם פּונקט, אַז די קאַטוילישע רעליגיע איז די מלוכה-רעליגיע, אָבער ס'איז נאָך געבליבן אַ פראַגע, צי דאַרפן יידישע כּלי-קודש האָבן די זעלבע רעכט, וואָס גייסטלעכע פון אַנדערע אמונות. מ'האָט פירגעלייגט דער קאַמער אַזאַ פאָרמול: „געהאַלט פון דער מלוכה-קאַסע באַקומען נאָר גייסטלעכע פון דער רוימיש-קאַטוילישער רעליגיע, די רעליגיע פון דעם רוב פראַנצויזן, און פון אַנדערע קריסטלעכע קולטן". דעפּוטאַטן וויענע און ראַמביוטאָ זענען אַרויס קעגן דער פאָרמול. דער ערשטער האָט געפאָדערט „אינם נאָמען פון 150 טויזנט פראַנצויזן" (אַן איבערגעטריבענע ציפער פון דער יידישער באַפעלקערונג), אַז דער פּונקט זאָל הייסן אַזוי: „געהאַלט פון דער מלוכה באַקומען גייסטלעכע פון אַלע געזעצלעכע קולטן". ראַמביוטאָ האָט פירגעלייגט אַ מעסיקערע אויסבעסערונג: אַרויסוואַרפן פונם פּונקט דאָס וואָרט „נאָר"; געהאַלט זאָלן באַקומען גייסטלעכע פון אַלע קריסטלעכע קולטן. די קאַמער האָט דאָס אָנגענומען, און דער פּונקט איז אַרויס אין אַזאַ רעדאַקציע: „גייסטלעכע פון דער רוימיש-קאַטוילישער רעליגיע, די רעליגיע פון דעם רוב פראַנצויזן, און פון אַנדערע קריסטלעכע קולטן באַקומען געהאַלט פון דער מלוכה-קאַסע". וועגן יידישע כּלי-קודש איז דאָ נישט דערמאָנט, בכן איז נאָך געבליבן אָפן די מעגלעכקייט מיט דער צייט דערלאַנגען גלייכבאַרעכטונג. און אַזוי איז דאָס אינגיכן געשען. פאַר רעליגיעזער גלייכבאַרעכטונג האָט זיך גענומען לואי-פיליפּס ליבעראַלע רעגירונג.

אין דער זיצונג פון דער דעפּוטאַטן-קאַמער דעם 13-טן נאָוועמבער 1830 האָט מערילו, אַ פאָרשטייער פונם מיניסטעריום פאַר בילדונג און קולטן, פירגעלייגט גלייכבאַרעכטיקן די יידישע אמונה. מ'מוז באַזייטיקן די סתירה צווישן צוויי פּונקטן קאָנסטיטוציע, וואָס אין איינעם שטייט, אַז אַלע קולטן געניסן „אַלצאייגע שוץ", און אינם אַנדערן ווערט געזאָגט, אַז געהאַלט פון דער מלוכה באַקומען נאָר גייסטלעכע פון קריסטלעכע רעליגיעס. די קאַמער מוז דערפירן ביזן סוף די באַפריי-אַרבעט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דאָס יאָר 1789. „אין אַ צייט, ווען דער רוב שכנהשע נאַציעס זענען נאָך אָנגעלאָדן אין דער דאָזיקער פראַגע (אין דער יידן-פראַגע) מיט מיטלאַלטערישע פאָראורטיילן, באַווייזט, אַז אונזער ליב פאָטערלאַנד געהערט שטענדיק די איניציאַטיוו אין גרויסע דערהויבענע אידעען". מערילו טראָגט אַריין אַזאַ פאָרשלאַג אינם נאָמען פון דער רעגירונג: „פונם 1-טן יאַנואַר 1831 אָן באַקומען גייסטלעכע פונם יידישן

קולט געהאַלט פון דער מלוכה". די קאַמער האָט געמאַכט אַ קאָמיסיע צו באַטראַכטן די פֿראַגע, דעם 2־טן דעצעמבער האָט דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע געשטיצט דער רעגירונגס פאָרשלאַג; ער האָט געוויזן, אַז דאָ איז נישט וויכטיק די געלט־שטיצע פאַרן יידישן קולט (65 טויזנט פראַנק אַ יאָר), נאָר די מאָראַלישע סאַנקציע פאַר אַ געזעץ, וואָס זאָל גלייכבאַרעכטיקן „דעם אַלטן יידישן קולט, וואָס איז געקניפּט מיט אַלע צווייגן קריסטנטום". היציקע דעבאַטן זענען פירגעקומען וועגן דעם אין דער זיצונג פון דער דעפּוטאַטן־קאַמער דעם 4־טן דעצעמבער. פון די קעגנער האָט איין מאַרקיז דע—לאָטיור גערעדט אָפן ווי אַ קאָנסערוואַטאָר: יידן זענען געוואָרן גלייך אין רעכט מיט פראַנצויזן, נאָר זיי זענען נאָך נישט גלייך אין זיטן. ווילט איר נישט באַליידיקן די קאַטוילישע רעליגיע, איז קאָנט איר זי נישט שטעלן אויף איין ברעט מיט דער יידישער אמונה, „היינט וועט איר צאָלן געהאַלט יידישע רבנים, מאָרגן וועט איר שוין מוזן צאָלן פּראַוואָסלאַוונע גלחים, אַנאַבאַפּטיסטן און סען־סימאָניסטן". אַנדערע קעגנער האָבן זיך פאַרשלייערט אין ליבעראַלע פּרינציפּן. דעפּוטאַט מאַרשאַל איז בכלל קעגן מלוכה־געהאַלט פאַר גייסטלעכע, דאָס מאַכט פון אַ גייסטלעכן אַ „באַאַמטן"; זאָלן רבנים בלייבן ביי זייער „פּריווילעגיע" נישט אָנקומען צו קיין מלוכה־געהאַלט. דעפּוטאַט מאָגטינאַי האָט זיך געמיט צו ווייזן, אַז „אַלצאייניגע שוץ" פאַר אַלע קולטן, ווי אין דער קאָנסטיטוציע שטייט, הייסט נאָך נישט אַלצאייגנס געניסן; די מלוכה צאָלט געהאַלט קריסטלעכע גייסטלעכע דערפאַר, וואָס דאָס איז אַ פאַרגיטיקונג פאַר די קירכלעכע גיטער, וואָס די מלוכה האָט קאָנפיסקירט בעת דער גרויסער רעוואָלוציע; קיין סינאַגאָגעס האָט מען דעמאָלט נישט קאָנפיסקירט. שטאַרקער און איבערצייגנדער זענען געווען די רעדעס פאַר דעם פאָרשלאַג. אַן עלזאַסער, אַנדרע, האָט געוויזן, אַז מ׳מוז אָננעמען דעם פּראָיעקט, כדי „צו הויבן יידן ביי זיי גופא אין די אויגן און אָפּשוואַכן די פאָראורטיילן, וואָס צערייסן אונז". אַ פייערדיקע רעדע האָט געזאָגט דער ראַדיקאַל סאַלווערט. ווי קאָן מען דאָס זאָגן, אַז יידן פעלט פּאַטריאָטיזם? יידן האָבן געמאַכט אַן אייגענעם פּולק אין פּוילן בעת דעם פּאַטריאָטישן אויפשטאַנד דאָס יאָר 1794; יידישע העלדן האָבן פאַרטיידיקט וואַרשע קעגן רוסיש מיליטער און זענען געפאַלן אויף פּראַגער מויערן בעתן שטורמען וואַרשע. „דאָס איז געשען אין אַ לאַנד, וואָס יידן זענען דאָרט דערנידעריקט ביז גאָר". באַפרייטע יידן אין פראַנקרייך האָבן שוין לאַנג באַוויזן זייער געטריישאַפט סיי אין קריג, סיי אין פריד. וואָסעל, דער לעצטער, וואָס האָט פאַרטיידיקט דעם פּראָיעקט, האָט אַ וואָרף געטון עטלעכע בליץ־ווערטער לויטן סטיל פון דער גרויסער רעוואָלוציע: „מיר האָבן אויסגעלערנט פעלקער אָראָפּשליידערן טיראַנען, לאָמיר זיי איצט לערנען זיך פריימאַכן פון פאָראורטיילן. אונזער צייט האָט פאַרדינט, דער געזעץ זאָל פעסטמאַכן דעם פּרינציפּ, אַז פאַר אַלע רעליגיעס גילט איין געזעץ. דאָס איז נישט מער, ווי ציען אַלע פּועל־יוצאס פון דעם, וואָס איז געשען די שיינע יולי־טעגע

די רעוואָלוציע דאָס יאָר 1793 האָט געפּרובט פעסטשטעלן טאָלעראַנץ דערמיט, וואָס זי האָט אָפּגעשאַפט אַלע רעליגיעס („דער קולט פון שכל״); די רעוואָלוציע דאָס יאָר 1830 וועט טון דאָס אייגענע דערמיט, וואָס זי וועט גלייך שיצן אַלע רעליגיעס״. אונטער דעם איינדרוק פון אַזוינע רעדעס האָט די דעפּוטאַטן־קאַמער מיט אַ מערהייט 211 קעגן 71 אָנגענומען דעם פאָרשלאַג וועגן מלוכה־געהאַלט פאַר יידישע כלי־קודש. איצט האָט דאָס די אויבערשטע קאַמער באַדאַרפט סאַנקציאָנירן.

דעם 8־טן יאַנואַר 1831 האָט מען אָנגעהויבן באַהאַנדלען דעם פּראָיעקט אין דער אויבערשטער קאַמער. צווישן אַנדערע גלידער זענען דאָ געווען 3 מענטשן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט ביי נאַפּאָלעאָנס יידן־רעפאָרם: גראַפן מאָלע און פּאָרטאַליס און באַראָן פּאַקיע, געוועזענע קאָמיסאַרן ביים פּאַריזער „טובים״־צונויפפאָר און ביים „גרויסן סנהדרין״. 25 יאָר זענען אַריבער זייט דער צייט, וואָס נאַפּאָלעאָנס אייזערנער וויקן האָט זיי געגויט פאַרהערן פאַרטרעטער פון פראַנצויזישע יידן און אויספרעסן ביי זיי אַזוינע באַשלוסן, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט האָבן. באַראָן פּאַקיע איז געווען פאָרזיצער אין דער דאָזיקער זיצונג פון דער אויבערשטער קאַמער. — מערילו האָט מאָטיווירט דעם פּראָיעקט אין נאָמען פון דער רעגירונג: „ווען ס׳האַנדלט זיך פון אַ קולט, וואָס האָט אַ דאָפּלטע מעלה: אַ קיום פון אייביקע יאָרן און אַ סך אָנגעהעריקע, אַ קולט, וואָס איר טרעפט אים כמעט אין אַלע ציוויליזירטע לענדער, איז קאָנט איר נישט זאָגן, אַז זיינע גייסטלעכע האָבן קיין רעכט נישט אויף געהאַלט פון דער מלוכה־קאַסע״. מ׳האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיסיע, אַהין זענען אריין מאָלע און פּאָרטאַליס. פּאָרטאַליסן איז באַשערט געווען צו זיין אין דער קאַמער (זיצונג פון 29 יאַנואַר) דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט אָנגענומען גאַנצערהייט דער רעגירונגס פּראָיעקט. פּאָרטאַליסעס רעפעראַט איז אַ גאַנצער טראַקטאַט וועגן דער ראָליע פון רעליגיע און קולט בכלל און וועגן יידישער אמונה בפרט: ווי ווייט אמונה איז אַ האַרץ־זאַך — געהער דאָס צו יעדן איינעם באַזונדער, קיין זייטיקער טאָר זיך דאָ נישט מישן. ווי ווייט אָבער רעליגיע ווייזט זיך אַרויס אין עפנטלעכן קולט, האָט שוין דאַרויף צו זאָגן די מלוכה. מ׳דאַרף זיך נאָר ענטפערן אויף דער פראַגע: צי איז דער יידישער קולט נוצלעך? דער רעפערענט ענטפערט דאַרויף: יאָ! קריסטנטום און יידנטום האָבן איין קוואַל טראַדיציע, אַן אַלגעמיינע טעאָלאָגיע, קאָסמאָגאָניע, גענעאַלאָגיע. פּאָרטאַליס דערמאָנט דער קאַמער, אַז ער איז בייגעווען אין פּאַריזער „סנהדרין״, וואָס האָט געמאַכט אַ צווישנשייד צווישן רעליגיעזע און פּאָליטישע דינים. זיין רעדע האָט ער געענדיקט דערמיט, וואָס אונזער צייט איז פאַר דער געזעלשאַפט קיין געפאַר נישט פאַרשידענע אמונות, די געפאַר איז די גלייכגילטיקייט צו אַלע אמונות; דעריבער ווען די מלוכה שטיצט אַזאַ אַלטן קולט, שטיצט זי דערמיט די גאַנצע געזעלשאַפט. אַדמיראַל ווערויעל האָט אָפּגעענטפערט דעם רעפערענט מיט

קלעריקאַלע טענות: ווי קאָן מען שטיצן אַ רעליגיע, וואָס איז זיך פאַר 18 הונדערט יאָרן צעגאַנגען מיט קריסטנטום און פאַרפירט מענטשן ביז היינטיקן טאָג?! יידן האַלטן נישט משה'ס אמונה, נאָר אַ תלמוד־אמונה, וואָס זי איז פול מיט „אַנטיקריסטלעכע און אַנטיגעזעלשאַפטלעכע" אידעען. די מלוכה קאָן נישט שטיצן מיט איין האַנט אַ קריסטלעכן קולט און מיט דער אַנדערער אַן אַנטיקריסטלעכן. מ'דאַרף צוואַרטן ביז יידן וועלן מודה זיין אין אמת'ן משיח, אין יעזוס קריסטוס'ן; מיר זעען, אַז יידן קומען צו קאַטוילנטום, וואָס ווייטער—אַלץ מערער; ווען גאַנץ ישראל וועט קומען דערצו, ווען פון רבנים וועלן ווערן קריסטלעכע גייסטלעכע, דעמאָלט וועט מען קאָנען אָננעמען דעם פראָיעקט. דעם אַדמיראַלס רעדע, אַ ווידערקלאַנג פון פינסטערע פאַררעוואָלוציאָנערע צייטן, האָט קיין שום מיטפיל אין דער קאַמער נישט געפונען. פאָרטאַליס האָט אָפגעענטפערט, אַז די באַשלוסן פונ'ם פאַריזער סנהדרין האָבן שוין געבראָכן די מאַכט פונם תלמוד. גראַף מאָלע, געוועזענער הויפט־קאָמיסאַר ביים סנהדרין און קינפטיקער פרעמיער־מיניסטער, האָט איבערגעשלאָגן דעם אַדמיראַל, ווען יענער האָט געזאָגט, אַז מ'קאָן נישט שטיצן קיין „רעליגיע מיט גאָט ווייסט וואָסערע געזעצן", מיט אַן אויסרוף: „פון זינט דעם גרויסן סנהדרין הייסן מיר שוין, וואָס איז דאָס פאַר אַ געזעצן", דערנאָך האָט ער דערפון גערעדט ספעציעל. די אויבערשטע קאַמער האָט דעם פראָיעקט אָנגענומען מיט אַ מערהייט 57 קעגן 32 שטימען (דעם 1־טן פעברואַר 1831). די יידישע אמונה האָט באַקומען גלייכבאַרעכטונג אין פראַנקרייך.

דער דאָזיקער נצחון פון גלייכקייט די צייט פון אייראָפעישער רעאַקציע האָט שטאַרק געהויבן פראַנצויזישע יידן. ס'איז ביי זיי שטאַרקער געוואָרן דאָס געפיל פון בירגערלעכער ווערדע, דאָס שטרעבן אויסצוואָרצלען די לעצטע רעשטלאַך פון בירגערלעכער אומגלייכקייט, אָנצונעמען זיך פאַר יידן אומעטום, וו פראַנקרייך האָט נאָר געהאַט אַ ווירקונג. דאָס איז געווען דער אידעאַל, וואָס האָט באַגייסטערט אַזאַ מאַן ווי א י ז אַ ק אַ ד אָ ל ף ק ר ע מ י ע (1796—1880), אַ פאַריזער אַדוואָקאַט און אַ פאָליטישער טוער, אַ פראַנצויזישער גבריאל ריסער. קרעמיע שטאַמט פון אַ סוחרישער פאַמיליע רעפובליקאַנער פון נים'ער ספרדים, ער איז אויסגעוואַקסן שוין די צייט פון עמאַנסיפאַציע, וואָס האָט אים אויסגעגלייכט דעם וועג פאַר אַ פאָליטישער קאַריער. ער האָט געענדיקט דעם יורידישען פאַקולטעט און איז אַריין אין אַדוואָקאַטור, וואָס אין פראַנקרייך איז דאָס געווען אַ טרעפ צו אַ פאָליטישער קאַריער. די צייט רעסטאַווראַציע איז דער יונגער אַדוואָקאַט באַרימט געוואָרן מיט אייניקע רעדעס אין פאָליטישע פראָצעסן. דערהויפט האָט אויסגענומען, ווי אַזוי ער האָט אין געריכט פאַרטיידיקט צוויי יונגען, וואָס מ'האָט זיי באַשולדיקט אין זינגען די מאַרסעליעזע: קרעמיע האָט אָפדעקלאַמירט פאַר די ריכטער די פאַרבאָטענע פרייהייטליד מיט אַזאַ התפעלות, אַז זיי זענען גערירט געוואָרן, און זיי האָבן פריי געשפראָכן די יונגען (1819). אין זיין אַדוואָקאַטור־פראַקטיק האָט ער געטראָפן אַ ווילדן נשאר פון

דער אַלטער יידישער רעכטלאָזיקייט: די באַליידיקדיקע שבועה פאַר יידן more judaico; אַ צייט האָט האָט ער געשטרייט, מ'זאָל זי אָפּשאַפן און האָט דאָס אויסגעפירט, פריער פּאַקטיש, דערנאָך יורידיש אויך (1846). די יולי-רעוואָלוציע האָט אַריינגעשלעפּט קרעמיע'ן אין פּאָליטישן קאָך. תחלת האָט ער געהאַלטן מיט דער יולי-מאָנאַרכיע, וואָס האָט ניי-אויפגעלעבט פראַנקרייך, ער איז געווען נאָנט צום קעניג לואי-פיליפּ. בעת ס'האָט זיך געפירט דער שטרייט פאַר גלייכבאַרעכטיקן די יידישע אמונה (1831), איז קרעמיע געווען די פאַרשטעלטע שפּרונג-פעדער, וואָס האָט געשפּאַרט די רעגירונג און אָנגעזעענע פּאַרלאַמענט-טוער דערפירן די יידישע עמאַנסיפּאַציע ביזן סוף. יענע צייט האָט מען אים אויסגעקליבן פאַר וויצע-פּרעזידענט פון דער צענטראַלער יידישער קאָנסיסטאָריע אין פּאַריז, און ער איז געוואָרן דער אָפיציעלער פאָרשטייער פון יידישע קהלות אין פראַנקרייך. באַלד נאָכדעם האָט ער זיך באַטייליקט אין צאַך זאַכן, וואָס האָבן אָנגערירט יידישן כבוד.

דאָס יאָר 1835 האָט די רעגירונג פון באַזעלער קאַנטאָן (שווייץ) פאַרווערט אַן עלזאַסער יידן זיך באַזעצן און פאַרווערבן אַ נחלה אין קאַנטאָן אויפן כמך פון אַלטע אויסנעם-געזעצן פאַר יידן. דער פראַנצויזישער געזאַנדטער אין שווייץ האָט געפאָדערט אָפּשאַפן דעם דאָזיקן פאַרבאָט: קיין פרייער פראַנצויזישער בירגער טאָר נישט אַזוי שענדלעך באַהאַנדלט ווערן אין שווייץ, בעת יעדער שווייצאַרישער בירגער, צו וואָס פאַר אמונה ער זאָל נישט געהערן, געניסט אין פראַנקרייך אַלע פערזענלעכע רעכט, — אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן. קרעמיע האָט איבערצייגט די פראַנצויזישע רעגירונג, אַז דאָ גייט אין פראַנקרייך'ס כבוד; אין סעפּטעמבער דאָסזעלבע יאָר איז אַרויס אַ קעניגלאַכער דעקרעט, אַז דער פראַנצויזיש-שווייצאַרישער אָפּמאַך ווערט אויס גילטיק אויף אַ צייט פאַר באַזעלער קאַנטאָן, דאָס זעלבע אויך בנוגע קאָנסולאַט-באַציאונגען, „פאַר דער אומאַכטונג צו אינטערנאַציאָנאַלרעכט", וואָס דער קאַנטאָן האָט באַוויזן. אין אַ קורצער צייט אַרום איז צום קעניג געקומען אַ דעפּוטאַציע פון פּאַריזער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע מיטן וויצעפּרעזידענט קרעמיע אויבן-אָן אָפּדאַנקען אים פאַר דער גערעכטיקער אַקציע. שטאָלץ האָט געקלינגען אין הויף קרעמיע'ס רעדע: „דאָס איז געשען דאָס XIX יאָרהונדערט: אַ פראַנצויזישן בירגער האָט מען אין אַ שווייצאַרישן קאַנטאָן פאַרווערט פאַרווערבן אַ נחלה, נישט געקוקט אויף אינטערנאַציאָנאַל רעכט, אויף אָפּמאַכן. דער דאָזיקער בירגער איז אַ ייד— דאָס איז זיין גאַנצער פאַרברעך. אָבער דער דאָזיקער ייד, וואָס מ'האָט אים פאַרטריבן פון שווייץ, האָט זיך אַקעגן געשטעלט, ער האָט געזאָגט: איך בין אַ פראַנצויזישער בירגער! און דער פראַנצויזישער קעניג האָט איבערגעריסן יעדן פאַרקער מיטן קאַנטאָן. געריכט זאָל דער ווערן, ווער ס'האָט מיט אַזאַ פייערלעכן אַקט אַ בשורה געזאָגט דער וועלט, ווי גרויס און אייביק ס'איז דער נצחון פון אונזער גרויסאַרטיקער רעוואָלוציע!" דער קעניג האָט געענט=

פּפּרט אויף דער רעדע: ער איז גליקלעך, וואָס אים איז אויסגעפאַלן צו דערפירן ביזן סוף די יידישע עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך, ער באַדויערט זייער, וואָס אין אַנדערע לענדער זענען נאָך פאַראַן פאַרשידענע קאַטעגאָריעס בירגער לויט דער אמונה באַך. שפּעטער האָט זיך די פראַנצויזישע רעגירונג נישט איינגעשטעלט פירצונעמען אַזוינע ריזיקאַלישע דיפּלאָמאַטישע אַקציעס. דאָס יאָר 1840 האָט מען נישט דערלויבט אַ פּאַריזער יידן, אַ סוחר וואָרמזער, צו וואוינען אין דרעזדן (זאַקסן). וואָרמזער האָט זיך געקלאָגט פאַרן פראַנצויזישן געזאַנדטן אין דרעזדן, אָבער יענער האָט אים געענטפערט, אַז קעגן אָרטיקע געזעצן וועגן יידן לאָזט זיך גאָרנישט ניט מאַכן, מ'קאָן נאָר פועל'ן, פּאָליציי זאָל פאַרקוקען יידנס פאַרברענגען אין דרעזדען עטלעכע טעג ביז ער וועט פאַרענדיקן זיינע געשעפטן. וואָרמזער האָט נישט געוואָלט קיין חסד, וואָס אים קומט מיט רעכט, און איז אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז. דאָ האָט ער זיך געווענדעט צום אויסערן-מיניסטער גיזאָ און ווידער באַקומען אַן ענטפער, אַז פראַנקרייך קאָן זיך נישט מישן אין אַ פרעמדער מלוכה'ס אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן. די זאַך איז געקומען פאַר דער דעפּוטאַטן-קאַמער (דעם 28-טן מאַי 1841). דעפּוטאַט קאַרנאָ האָט אין אַ לאַנגער רעדע געשטאַרצט די באַנעמונג צו יידן אין דייטשלאַנד און געפאָדערט, מ'זאָל טון ענערגישע מיטלען בייצושטיין פראַנצויזישע בירגער אין אויסלאַנד. גיזאָ האָט צוגעזאָגט צו אונטערהאַנדלען מיט זאַקסישער רעגירונג, ער קאָן אָבער נישט גאַראַנטירן, אַז ער וועט אויספירן, וואָרום פראַנקרייך קאָן נישט נויטן זאַקסן באַפרייען פראַנצויזישע יידן פון אַזוינע באַגרעניצן, וואָס זענען גילטיק אפילו פאַר זאַקסישע יידן אויך.

דאָס יאָר 1842 איז קרעמיע געוואָרן פּאַרלאַמענט-דעפּוטאַט, אין דער קאַמער איז ער געווען צווישן די טאַלענטירסטע פירער פון דער ראַדיקאַלער אָפּאָזיציע, וואָס האָט געקעמפט קעגן דעם, די יולי-מאָנאַרכיע זאָל זיך לאָזן ציען אויף רעכטס און וואָס זי האָט געבראַכט צו דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848. קורץ פאַר דעם האָט ער אַ סך געטון וועגן עלילת-דם אין דמשק (ווייטער, § 31) און האָט זיך אַ נאָמען געמאַכט פאַר אַן אינטערנאַציאָנאַלן יידן-באַשיצער. ער האָט אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט צו דערמאַנען פון דער פּאַרלאַמענטטריבון, אַז חוץ אַ הייפל גלייכבאַרעכטיקטע יידן אין פראַנקרייך איז נאָך פאַראַן אויף דער וועלט מיליאָנען געפּלאָגטע יידן. דאָס יאָר 1845 האָט קרעמיע שאַרף פאַרגעהאַלטן אין דער קאַמער דעם אויסערן-מיניסטער גיזאָ זיין פירונג: פון שווייץ האָט מען ווידער געטריבן פראַנצויזישע יידן, און גיזאָ האָט דערויף געזאָגט, אַז ער איז נישט אימשטאַנד זיי צו העלפן, וואָרום ער האָט קיין רעכט נישט צו מישן זיך אין אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פון אַן אַנדער מלוכה. קרעמיע זאָגט: „דאָ אין דער קאַמער האָב. איך די ערע צו זיצן גלייך מיט אייך, איך וויל אָבער קאָנען קומען קיין שווייץ אויך גלייך מיט אייך. זאָל דער מיניסטער עפנטלעך דערקלערן, אַז ביי פראַנצויזן קאָן נישט אָפּגענומען ווערן

זייער רעכט אין קיין לאַנד!" די קאַמער האָט שטאַרק אַפּלאָדירט דעם שיינעם ריידער, אָבער מער פאַר אַ דעמאָנסטראַציע איז דאָס נישט געווען. גיזאָ׳ס קאָנסערוואַטיוו מיניסטעריום האָט נישט געוואַגט פירנעמען אַזאַ דיפּלאָמאַטישן פּראָטעסט, וואָס די רעגירונג פון דער יונגער יולי־מאָנאַרכיע האָט אויפגעטון צען יאָר פריער.

אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער האָבן געדריקטע יידן געקוקט מיט קנאה אויף דעם לאַנד, וואָס יידן האָבן דאָרט דערלאַנגט גאָרע גלייכבאַרעכטיגונג און האָבן זיך נאָך געקאָנט פאַרגינען זיך אָננעמען פאַר יידן אין דער פרעמד. פראַנקרייך איז געווען אַ לייכטטורעם ביי דעם פּראָגרעסיוון יידנטום אין די אויגן די פינסטערע נאַכט רעאַקציע. פון דערווייטנס האָט דער אינעווייניקסטער געבוי פונעם יידישן קהלה־לעבן אויך אויסגעוויזן צו זיין אַ מוסטער, ד. ה. די קאָנסיסטאָריעס, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט זיי אָנגעוואָרפן. אָבער אין דעם האָט מען זיך שוין גענאַרט. דער אינעווייניקסטער וואוקס פון פראַנצויזישן יידנטום האָט גאָרנישט געשטימט מיט דעם אויסערדיקן גלאַנץ. אין פראַנקרייך איז יענע צייט געווען 7 קאָנסיסטאָריעס אין זיבן סינאַגאָגישע קרייזן (פּאַריז, סטראַסבורג, קאָלמאַר, מעץ, נאַנסי, באָרדאָ, מאַרסעל) מיט אַ צענטראַלער קאָנסיסטאָריע אין פּאַריז אויבן־אָן. די וועלטלעכע גלידער אין די קאָנסיסטאָריעס פלעגט קלויבן אַ קליינע גרופּע פּני, קיין פאַרטרעטער פון דער מאַסע זענען זיי נישט געווען; די גייסטלעכע גלידער, די רבנים, זענען געווען אין די הענט ביי פּאַריזער קאָנסיסטאָריע: זי האט זיי באַדאַרפט באַשטעטיקן אין זייער אַמט. לויטן נייעם רעגלאַמענט דאָס יאָר 1844 האָבן אין די קאָנסיסטאָריעס באַקומען די אויבערהאַנט וועלטלעכע גלידער (די פּראָווינציעלע קאָנסיסטאָריעס באַשטיין פון אַ ראַבינער און 4 וועלטלעכע, די צענטראַלע — פונעם הויפּטראַבינער אין פראַנקרייך און זיבן וועלטלעכע גלידער, אויסגעקליבן פון זיבן קאָנסיסטאָריע־קרייזן, נאָר וואָס וואוינען אין פּאַריז). לויטן געזעץ איז די צענטראַלע קאָנסיסטאָריע „דער פאַרמיטלער צווישן דעם קולט־מיניסטער און קרייז־קאָנסיסטאָריעס". די באַציונג צו דער רעגירונג איז געווען דאָס, וואָס פּאַריזער קאָנסיסטאָריע, ווי איינער האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט יענע צייט, „פלעגט אין יום־טוב׳דיקע פאַלן מאַכן פאַראַד דער מאַכט, וואָס פאַר אַ פאַרב די מאַכט זאָל נישט זיין". אַקעגן די פּראָווינציעלע קאָנסיסטאָריעס האָט זיך די צענטראַלע געהאַלטן פאַר אויבערהאַר, געפאָדערט זיי זאָלן אויספאָלגן אַלע אירע פאַראָרדנונגען. די קאָנסיסטאָריעס האָבן זייער ווייניק אויפגעטון, קיין טאַלענטירטע ראַבינער־פּרעדיקער זענען נישט געווען, ס׳איז נישט געווען קיין איין קרעמיע אין ראַבינערשע קליידער, ווי איינער האָט זיך אויסגעדריקט: „די קאָנסיסטאָריעס האָבן געמאָנט שטייער אויף צו באַצאָלן ראַבינער פאַר שווייגן און חזנים פאַר זינגען". הויפּטראַבינער (grand rabbin) אין פּאַריז ביזן יאָר 1827 איז געווען אברהם דע קאָלאָניאַ פון איטאַליע, וואָס האָט זיך געהאַט באַטייליקט אין פּאַריזער סנהדרין, מער אַ וועלט־

לעכער מאַן, איידער אַ רב. זיינע באַקומער זענען געווען נאָך נישטיקער. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן נעמען ראַבינער פון דעם ראַבינער־סעמינאַר אין מעץ (געגרינדעט דאָס יאָר 1829). איינער אַזוינער, איזידאָר, איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר הויפּטראַבינער קורץ פאַר דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848.

יידן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין פראַנקרייכס געזעלשאַפטלעך און גייסטיק לעבן, דערהויפּט אין מעדיצין און אין אַדוואָקאַטור. פון אַדוואָקאַטור האָט געפירט אַ גלייכער וועג צו פּאָליטיק. דאָס איז געווען אַדאָלף קרעמיעס וועג, פריער צו דעפּוטאַט, דערנאָך צו מיניסטער. ביז אים איז אין פּאַרלאַמענט געווען סך־הכל איין ייד: בענוא פולד (פון יאָר 1834 אָן). די אייגענע צייט, וואָס קרעמיע, איז אַריין אין פּאַרלאַמענט, אַ סוב־פּאָלקאָמאַנדיר פון דער פראַנצויזישער אַרמיי מאַקס סערפבער; ער האָט געהאַלטן מיט גיזאָס קאָנסערוואַטיוו מיניסטעריום, בעת דער מער־טאַלענטירטער קרעמיע איז געווען אין דער אָפּאָזיציע. יידן אָפיצירן זענען שוין נישט געווען קיין זעלטנקייט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, אָבער פון הויכע מיליטער־ און ציוויל־פּאָסטנס האָט מען נאָך יידן געהאַלטן פון דערווייטנס. דעם העכסטן שטאַפּל האָבן יידן געקאָנט דערלאַנגען נאָר אין דער פרייער קונסט. דאָ זענען געווען דריי שטערן: קאָמפּאָזיטאָרן פראָמענטאַל־הלוי און מייערבער און די שוישפּילערין ראַשעל. אַזוינע ווערק, ווי „זשידאָווקע" (1835), „הוגענאָטן" (1836) און דעסגלייכן, וואָס האָבן די צייט פון דער יולי־מאָנאַרכיע פאַרכאַפּט אַלע פּאַריזער איינוווינער, האָבן זיך געמאַכט אַ נאָמען אין גאַנץ אייראָפּע און געהאַט אַ ווירקונג אין דער געשיכטע פון דער אָפּערן־מוזיק. עליזע־ראַשעל פעליקס (1821—1858) האָט מיט איר געניאַלער קונסט פון סניי אויפגעלעבט ראַסינס און קאָרנעלס טראַגעדיעס און איז געוואָרן דער קלאַסישער מוסטער אין דער געשיכטע פונם דראַמאַטישן טעאַטער. קלענער איז געווען די ראָליע פון יידן אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור; זיי האָבן נישט געגעבן אַזוינע מייסטער, וואָס מ׳זאָל זיי קאָנען פאַרגלייכן מיט היינען און בערנען אין דער דייטשער ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן אגב פאַרבראַכט זייערע בעסטע יאָרן אין פּאַריז. אין פראַנקרייך זענען אויך נישט געווען קיין אָנגעזעענע קרעפטן פאַר יידישער חיסנשאַפט, דערהויפּט אין היסטאָריאָגראַפיע, וואָס איז ביי דייטשע יידן געשטאַנען אויף זייער אַ הויכער מדרגה. געציילטע יידישע שרייבער זענען געווען, וואָס האָבן אָנגעווענדט נייע אייראָפּעאישע מעטאָדעס אויף אָפּצושאַצן די גייסטיקע שאַפונג פון זייער נאַציע.

דער אָריגינעלסטער אין דער דאָזיקער קליינער גרופּע שרייבער איז געווען יוסף סאַלוואַדאָר (1796—1873). סאַלוואַדאָר האָט געשטאַמט פון דרום־פראַנצויזישע מאַראַנען, פון אַ יידישן פאָטער און אַ קאַטוילישער מוטער; אין זיינע ווערק זעען מיר אַ געמיש פון די פאַרשידנפאַרביקע אידעען פון דער סביבה, וואו ער איז אויסגעוואַקסן. ער האָט געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין

זיין געבורט-שטאָט מאָנפּעליע אָבער מיט דאָקטאָריע-פּראַקטיק האָט ער זיך נישט
פֿאַרנומען. ער איז געווען שטאַרק באַגייסטערט פֿאַר גרויסע רעליגיעז-פֿילאָזאָפֿישע
און סאָציאַלע פּראָבלעמעס. די אידעען פֿונם XVIII יאָרהונדערט און פֿון דער רעוואָ-
לוציע האָבן זיך ביי אים וואונדערלעך געקניפּט מיט די העכסטע אידעאַלן פֿון
יודאַאיזם, אויף יודאַאיזם האָט ער געקוקט אַלס אויף אַ קערן פֿון אַ קינפֿטיקער
וועלט-רעליגיע. אין זיין יוגנט-ווערק: „תורת-משה, אָדער די יידישע רעליגיעז-
פּאָליטישע סיסטעם" (La laï de Moïse etc., 1822) האָט ער שוין פֿירגעבראַכט
זיין גרונד-געדאַנק, אַז דער אמתער משה, אויסגעשיילט פֿון דער שאָלעכץ, וואָס
די טראַדיציע האָט אים אַרומגעוויקלט, האָט באַשאַפֿן די בעסטע געזעלשאַפֿטלעכע
אָרדנונג, ער איז געווען אַ ניכטערער ראַציאָנאַליסט, „ער האָט געגרינדעט די
ערשטע רעפּובליק, וואָס איז אונז באַוואוסט", און אומזיסט איז זיין נאָמען אַריין
אין צעטל „שליחים פֿון אומוויסן, פּריווילעגיעס און דעספּאָטיזם". אין 6 יאָר
אַרום האָט ער איבערגעאַרבעט און פֿאַרמערט דאָס דאָזיקע בוך (Histoire des
institutions de Moïse et du peuple herbreu — פֿראַנצויזישע קרעריקאַלן
האָבן געשיט דערויף פּעך און שוועבל: דאָס זאָל זיין גאָט-לעסטעריי, אַ באַליי-
דיקונג פֿאַר קריסטנטום און געפֿערלעכער רעפּובליקאַנישער גייסט. די קאַטוי-
לישע און רעאַקציאָנערע פּרעסע (L'ami de la religion און ענליכע אויסגאַבן),
וואָס האָט גענומען אַ שטאַרקערן טאָן די לעצטע יאָרן רעסטאַוראַציע, האָט
געפֿייערט קעגן סאַלוואַדאָרס „געפֿערלעך בוך". מער פֿאַר אַלץ זענען קאַטוילן
געווען אויפֿגעבראַכט פֿאַר דעם געדאַנק, וואָס סאַלוואַדאָר האָט אַרויסגעבראַכט,
אַז דער „פּראָצעס" אין ירושלים, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט דעם פּסק וועגן קריס-
טוסן, איז פֿירגעקומען לויט אַלע פּראָצעס-פֿאָרמען יענע צייט, און אַז די באַ-
שולדיקונג האָט געהאַט אַ סמך אין פּסוק וועגן פֿאַלשע נביאים און וואָרזאָגער
(דברים, קאַפּיטל 13 און 18). כאָטש דער מחבר האָט נאָר אָנגעוויזן דעם
פֿאַקט, קיין איין וואָרט נישט פֿירגעבראַכט, אַז ער איז בעצם מוסכם
מיט דעם פּסק, דאָך האָט מען פֿאַרשמט דאָס בוך פֿאַר אַ „ליבעראַ-
לער אַפּאָלאָגיע פֿאַר גאָטמאָרד". שאַרטרער בישאָף האָט פּאָלעמיזירט קעגן
דעם בוך אין זיין אַ „מוסר-בריוו וועגן דעם, ווי די אפּיקורסות וואַקסט און וועגן
די באַליידיקונגען דירעקט קעגן אויסלייזער, וואָס מיר האָבן נישט לאַנג געהערט"
(פֿעברואַר 1829). סאַלוואַדאָר איז אין דעם מוסר-בריוו געקרוינט מיטן נאָמען
„אַטעאיסט אויף ספּינאָזעס שטייגער". „אָנשטאָט דעם, שרייבט דער בישאָף, מ'זאָל
אונז לאָזן ביי דער איבערצייגונג, וואָס מיר האָבן שוין בקבלה דריי טויזנט
יאָר, אַז משה איז געווען דעם אמתן גאָטס דינער און האָט אויסגעפֿאָלגט זיין
ווילן, מאַכט דער אויטאָר פֿון משהן אַ ספּינאָזיסט, אַ רעפּובליקאַנער, ראַדיקאַלער
נאָך פֿאַר די דעמאַגאָגן פֿונם יאָר 1793". אייניקע ליבעראַלע צייטונגען האָבן
זיך אָנגענומען פֿאַר סאַלוואַדאָרן (Globe און אַנד.). פֿאַך-קריטיקער האָבן ריכטיק
אָפּגעשאַצט די הויפּטזאַך אין בוך: מאָדערנע אידעען זענען איבערגעטראָגן גע-

וואָרן אין דער אַלטער צייט אַריבער. די מאָדערניזאַציע פון ביבלישן יודאַאיזם — דאָס איז געווען סאַלוואַדאָרס ציל. ער איז נאָך ווייט געווען פון די נייע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון דער ביבלקריטיק. זיין „געשיכטע פון משהס אינסטיטוציעס" פאַרנעמט אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור אַן אָרט אין דער מיט צווישן די ענציקלאָפּעדיסטן פונם XVIII יאָרהונדערט און די אידעאָלאָגן פונם XIX יאָרהונדערט פון רענאַנס שניט. אין זיין צווייט גרויס ווערק „יעזוס קריסטוס און זיין לערע" (2 בענד, 1838) איז סאַלוואַדאָר רענאַנס אַ פאָרקומער אין דעם זין, וואָס ער באַלייכט דאָס אויפקומען פונם קריסטנטום אַלס אַ ייד אַ פריידענקער, ווי רענאַן טוט דאָס אַלס אַ קריסט אַ פריידענקער. סאַלוואַדאָר קריטיקירט נישט די יעוואַנגעלישע טראַדיציעס, ווי שטרויס טוט דאָס, און פאָעטיזירט זיי נישט, ווי רענאַן טוט דאָס. ער דרינגט נאָר אַריין אין דער אידעאָלאָגיע פונם ברית חדשה, ער האַלט דאָס פאַר אַ הויכן, אָבער נישט פאַר דעם העכסטן שטאַפּל רעליגיע. די יידישע משיח-אידעע איז לויט זיין מיינונג נישט פאַרקערפּערט אין קיין איבערנאַטירלעכער פּערזאָן, זי דריקט זיך אויס אין דער היסטאָרישער עוואָלוציע, אין איבערבויען און באַנייען דעם כלל מענטשן. די נביאים האָבן געטרוימט פון אַזאַ משיחות, דערצו שטרעבן אַלע פיינע גייסטער אונזער צייט, וואָס דאַרשטן נאָך אַ סאָציאַלער, מאָראַלישער באַנייאונג. דאָס דאָזיקע ווערק סאַלוואַדאָרס האָט אויך פאַרשאַפט אַ לעבעדיקע פּאָלעמיק אין צייטונגען און אין זשורנאַלן, אָבער דאָס איז שוין געווען די ליבעראַלע יאָרן פון דער יולי-מאָנאַרכיע, די פּאָלעמיק האָט דעריבער שוין נישט געהאַט קיין קלעריקאַלן בייטעם, וואָס איז אַזוי נאַטירליך ביי אַזאַ „געפערלעכער טעמע". דעם בוך האָבן געלויבט אפילו אַזוינע, וואָס זענען בעצם נישט מוסכם געווען מיט דעם (גיזאָ, דע-סאַסי און אַנד.). ערב דער פעברואַר-רעוואָלוציע האָט סאַלוואַדאָר פאַרעפנטלעכט זיין דריט ווערק: „די געשיכטע פון רוימישער הערשאַפט אין יהודה און חורבן ירושלים" (2 בענד, 1847). דאָס ערשטע מאָל איז דאָ געגעבן די טראַגעדיע ווי אַזוי דאָס יידישע לאַנד איז געפאַלן; דאָ פעלט די וויסנשאַפטלעכע קריטיק, אָבער דאָ איז שוין פאַראַן דער היסטאָרישער חוש, וואָס מיט דעמס הילף האָט ער זיך פריי געמאַכט פון יוסף פלאַוויאוס טענדענציעזע באַשרייבונגען. סאַלוואַדאָר האָט פאַרענדיקט זיין ליטעראַרישע אַרבעט מיט אַ ווערק „פּאַריז, רוים און ירושלים", וואָס סיסטעמאַטיזירט זיינע אידעען בכלל; אָבער דאָס דאָזיקע בוך איז שוין אַרויס נאָך דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 און כאַראַקטעריזירט גיכער די תקופה, וואָס נאָך דעם.

סאַלוואַדאָר, אַ שטילער אָפּגעשלאָסענער דענקער, איז געשטאַנען אָן אַ זייט פון דער יידישער געזעלשאַפט און פון די גייסטיקע באַוועגונגען אין יידנטום. נעענטער צום טיפּ דייטשיש-יידישער געלערנטער איז געווען דער היסטאָריאָגראַף אַ ד אָ ל ף פ ר אַ נ ק (1893—1809), פּראָפעסאָר פאַר פילאָסאָפיע אין סאָרבאָנע, שפּעטער אַ גליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע. דאָס יאָר 1843 האָט

ער אַרויסגעגעבן אַ ווערק „קבלה, אָדער יידישע רעליגיעזע פילאָזאָפיע״
(La kabbale etc.), דאָס איז די ערשטע פּראָבע וויסנשאַפטלעך אויסצופאָרשן
דעם יידישן מיסטיציזם, (א. יעלינעק האָט דאָס בוך באַלד איבערגעזעצט אויף
דייטש). די אייגענע צייט האָט אָנגעהויבען זיין אַרבעט דער אָריענטאַליסט ס אָ-
ל אָ מ אָ ן מ ו נ ק (1803—1867); ער האָט געשטאַמט פון דייטשלאַנד, געווען
צונץ׳ס און היינע׳ס אַ פריינט, אין פּאַריז איז ער געווען ביבליאָטעקאַר אין דער
„נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק״. מונק האָט אָנגעהויבן מיט אַ גרויס ווערק וועגן פּאַ-
לעסטינע (Palestine, description geographique, historique etc. 1845.); פאַר-
ענדיקט האָט ער זיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט מיט אַרויסגעבן דעם אַראַבישן
טעקסט פון רמב״ם׳ס „מורה נבוכים״ מיט אַ פראַנצויזישער איבערזעצונג (פונם
יאָר 1856 אָן). ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער פאַרלוירן די ראיה.

דאָס פראַנצויזישע יידנטום איז געבליבן אָן אַ זייט פון דער רעפאָרמאַ-
ציע-באַוועגונג, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט פאַרכאַפּט דייטשלאַנד. די אָרטאָדאָק-
סאַלע מאַסע (דערהויפט אין עלזאַס) איז געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען, די אוי-
בערשטע שיכטן זענען געווען שטאַרק אַסימילירט; די ערשטע האָבן נישט גע-
וואָלט קיין רעליגיעזע רעפאָרם, די צווייטע האָבן זי נישט באַדאַרפט. אויב
ס׳האָט זיך געהערט אַמאָל אַ שטים פאַר אַ רעפאָרם, איז דאָס געווען אַ ווידער-
קלאַנג פון אומגלויבן, פון טרוקענעם ראַציאָנאַליזם. דער מאַטעמאַטיקער ט ע ר-
ק ע ם (Terquem, 1782—1862) אַ באַאַמטער אין קריג-מיניסטעריום, האָט אין
אַנאָנימע צאַרפאַטער בריוו (Lettres tsarphatiques 1831—1838) גערעדט מיט
וואָלטערס בייסנדיקן וויץ וועגן יידישלעכע טראַדיציעס און געפאָדערט אַ גרונד-
לעכע רעפאָרם, שבת און מילה זאָלן אויך אָפּגעשאַפט ווערן. אָבער אין די אַסי-
מילירטע יידישע קרייזן איז געווען אַ היפּשע גרופּע, וואָס איר איז ליבער
געווען איבער אַלע רעפאָרמעס, איין באמת גרינדלעכע רעפאָרם—שמד.
די צאָל משומדים האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. ביי אונז איז
שוין דערמאָנט געווען די אָנגעזעענע יידישע פאַמיליע סערפבער פון
סטראַסבורג, דער עלטערער דור איז געווען גענוג שטאַרק אויסצושטיין דעם
רעזשים רעכטלאָזיקייט און בלייבן יידן [1]; דער יינגערער דור אָבער האָט שוין
נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון פון פרייהייט און האָט זיך מייסטנס אויסגע-
שמדט. איינער פון דער דאָזיקער פאַמיליע, וואָס האָט געביטן מיט דער אמונה
זיין נאָמען אויך (טעאָדאָר ראַטיסבאָן), איז געוואָרן אַ פאַרברענטער קאַטוילישער
אַבאַט, געגרינדעט אַ מאָנאַכן-אָרדן Nortre Dame des Sion; ער האָט געשריבן
מיסיאָנערישע דרשות פאַר יידן און לעבנס-באַשרייבונגען פון קאַטוילישע הייליגע-
קע. זיין אַ ברודער, אַלפאָנס סערפבער, האָט אים נאָכגעטון און אַרויסגעגעבן דאָס
יאָר 1844 אַ פאַמפלעט „Ce que sont les juifs de France״ גיט צו-וויסן דער וועלט

---

1) פריערדיקער באַנד § 6.

מיט אַחוצפּהדיקער גדולה, אַז ער האָט זיך אָפּגעקערט פון זיין פאָלק און ראָט ייִדן „אויפגעלעבט ווערן" מיט דער הילף פון קאַטוילישער טויף־וואַסער. ער פאַרזיכערט, אַז געבילדעטע ייִדן פאַסירן מאַסנווייז דעם דאָזיקן זומפּ (ייִדישקייט) און ווערן קריסטן. אין איינער אַ ייִדישער פאַרזאַמלונג, וואו מ׳האָט באַהאַנדלט די פראַגע פון רעליגיעזע רעפאָרמעס, זאָל איינער לויט ווי אַ משומד גיט איבער, האָבן געזאָגט אַ „גלייך" וואָרט: „לאָמיר זיך וואָס גיכער אַרויסרוקן פון דער דאָזיקער אַלטער חורבה, זי וועט איינפאַלן און אונז פאַרשיטן!".

אַ הייפל אינטעליגענץ, וואָס איז געטריי געבליבן דער אַלטער פאָן, האָט מיט ווייטאָג צוגעזען, ווי דאָס ייִדנטום צעפאַלט זיך, און האָט נישט געוואוסט, ווי צו העלפן. אַ רעדאַקטאָר פון אַ ייִדישן זשורנאַל שרייבט דאָס יאָר 1842: „שוין זשע באַווייזט פרייהייט אַזוינס, וואָס רדיפות האָבן נישט געקאָנט פריער אויספירן?" אינטעליגענטישע טוער ביי דער פאַריזער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע האָבן געפרובט אויפלעבן דעם אינטערעס צו ייִדישקייט און האָבן צו דעם צוועק געשאַפן אַ ספּעציעלן זשורנאַל אויף פראַנצויזיש. דאָס יאָר 1840 האָט אין פאַריז אָנגעהויבן אַרויסגיין דער Archives Israèlites, פריער אַ חודש זשורנאַל, דערנאָך אַוואָכנבלאַט (עקזיסטירט ביז איצט), אַן אָרגאַן פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ; דאָס יאָר 1844 האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין Univers Israélite — אַ קאָנסערוואַטיווער אָרגאַן. רעדאַקטאָר פון „אַרכיוו" איז געווען שמואל כהן, אַ לערער אין קאָנסיסטאָריאַל־שולן; ער האָט זיך אַ נאָמען געמאַכט מיט זיין איבערזעצן תנ"ך אויף פראַנצויזיש. דער זשורנאַל האָט באַהאַנדלט פּאָליטישע פראַגן אויך פונם ייִדישן לעבן אין פראַנקרייך און אין אַנדערע לענדער, ער האָט אָבער געהאַט זייער ווייניק לייענער. אינטערעסאַנט אַזאַ פּרט; אייניקע פאַריזער אַבאָנענטן האָבן געבעטן די רעדאַקציע שיקן זיי דעם זשורנאַל אין פאַרמאַכטע קאָנווערטן, זאָל דער שווייצאַר זיך נישט אָנשטויסן, אַז דאָ וואוינט אַ ייִד. דער ערגסטער מין אַסימיליאַציע, דאָס אויסבאַהאַלטן זיין ייִדישקייט, איז אין פראַנקרייך געווען דעמאָלט אַ געוויינטלעכע זאַך: „די עמאַנסיפּאַציע איז געווען אַ געזעץ, זי איז אָבער נאָך נישט אַריינגעדרונגען אין די זיטן", דער געזעלשאַפטלעכער ייִדנהאַס, דערהויפּט אין דער קאַטוילישער מאַסע, איז דאָ געווען נישט קלענער איידער דער אָפיציעלער ייִדנהאַס אין די רעקאַציע־לענדער. פון אויבן האָט דאָס פראַנצויזישע ייִדנטום געגלאַנצט מיט בירגערלעכער גלייכקייט, אינעווייניק האָט דאָס געפוילט, געוואָרן נאַציאָנאַל בלוטלאָז.

## 26. דער נייער רעזשים אין האָלאַנד, צוריק צום אַלטן רעזשים אין איטאַליע.

פון די לענדער, וואָס ביז דאָס יאָר 1814 זענען זיי געווען אונטער פראַנקרייך׳ס הערשאַפט אָדער פּראָטעקטאָראַט, האָט זיך ייִדישע עמאַנסיפּאַציע

אײַנגעוואָרצלט נאָר אין נידערלאַנדן, ד.ה. אין האָלאַנד און אין בעלגיע (אָפּגעטײלט זיך פון האָלאַנד דאָס יאָר 1830): מיט דער רעסטאַווראַציע פון אָראַנער דינאַסטיע אין האָלאַנד, האָט זיך אין דער ליבעראַלער קאָנסטיטוציע גאָרנישט געביטן. אין אויסאַרבעטן די קאָנסטיטוציע גופא דאָס יאָר 1817 האָט זיך באַטייליקט אַ ייִד, אַ געוויסער יוריסט קאַרל אַסער, אַ באַאַמטער אין יוסטיץ-מיניסטעריום און פאָרזיצער פון דער הויפּטפאַרוואַלטונג פון יידישע קהלות אין האָלאַנד 1). די אינעווייניקסטע קאָנסטיטוציע פון יידישע קהלות האָט זיך ווידער געביטן. נאַפּאָלעאָן'ס קאָנסיסטאָריעס זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן, דערמיט איז אויך אַ סוף געוואָרן צו דער צענטראַליזאַציע אין דער קהלות-פאַרוואַלטונג, וואָס האָט שטאַרק געשטערט דער אויטאָנאָמיע פון אײנצעלנע קהלות און האָט מיט גוואַלד ניווילירט דעם אונטערשיד צווישן אשכנזים און ספרדים. לויט דעם נייעם רעגלאַמענט (1817) איז יעדער קבוץ אין דער קהלה געווען פריי אין זיינע מנהגים. אין אַמסטערדאַם איז געוואָרן אַ הויפּט-קאָמיסיע מיט זיבן פאַרטרעטער פון די גרעסטע קהלות, זי איז געווען די פאַרמיטלערין צווישן די קהלות און דער רעגירונג און אונטערגעוואָרפן דעם מיניסטעריום (פאָרזיצער איז אַ לאַנגע צייט געווען דער דערמאָנטער ק. אַסער). אַלע קהלות זענען געווען אײנגעטײלט אין 12 גרופּעס אָדער קרייזן. קרייז- אָדער „הויפּט-סינאַגאָגעס" (אין אַמסטערדאַם און אין האַאַג זענען געווען אשכנזישע און פאָרטוגעזישע), אריבער-רבנים און שטאָט-רבנים, פרנסים און מנהיגים — דאָס איז געווען דער לייטער פון דער קהלה-פאַרוואַלטונג. בכן איז דאָ אין אַ געוויסער מאָס אויפגעשטעלט געוואָרן די אַלטע יידישע אויטאָנאָמיע, אָבער געהאַלטן האָט זי זיך מער מיט דעם קאָנסערוואַטיזם פון די מאַסן, איידער מיט דער ענערגיע פון דער נייער אינטעליגענץ. אין האָלאַנד איז נישט פאָרגעקומען קיין שאַרפער אסימילאַטאָרישער איבערבראָך, נישט קיין רעליגיעזע רעפאָרמאַציע, ס'איז אָבער אויך נישט געווען קיין פּרוב אויסשטימען דאָס אַלטע מיט דעם נייעם, אויטאָנאָמיע מיט עמאַנסיפּאַציע. ביז-לעצווייז האָבן די אשכנזים, ד. ה. דער רוב יידישע באַפעלקערונג, אָנגעהאָרן זייער אומגאַנגשפּראַך — יידיש, אין אַ סך סינאַגאָגעס האָט מען שוין געדרש'נט אויף האָלענדיש (אין בעלגיע — אויף פראַנצויזיש). די יידישע שול איז בטל געוואָרן אין דער מלוכה'שער. דער איינציקער אָנהאַלט איז געווען די רעליגיעזע אינערציע. האָלענדער יידנטום, וואָס האָט נישט געוואוסט נישט פון קיין פּאָלי-טישער רעאַקציע, נישט פון קיין שאַרפע קולטור-קריזיסן, קאָנסערוואַטיוו און רואיק, איז געבליבן אָן אַ זייט פון דעם קאָכיקן יידישן לעבן אין די גרויסע צענטערן.

פונקט פאַרקערט איז געווען די לאַגע פונם יידישן קבוץ אין אַ לאַנד, וואָס איז סוף XVIII און אָנהייב XIX יאָרהונדערט אינאײנעם מיט האָלאַנד גע-

פריערדיקער באַנד § 25.

שטאַנען אונטער פראַנצויזישער ווירקונג און האָט אויך איבערגעלעבט אַ תקופה עמאַנסיפּאַציע אויף אַ ווייל; מיר מיינען דאָ איטאַליע. דאָ האָט די רעסטאַווראַציע באַגראָבן די יידישע עמאַנסיפּאַציע. צו דער פּאָליטישער רעאַקציע איז דאָ נאָך צוגעקומען אַ קלעריקאַלע, וואָס האָט געווילדעוועט דערהויפּט אין דער קירך־געגנד און אין פּיעמאָנט. דאָ האָט מען זיך נוקם געווען, ווי ווייט מ׳האָט געקאָנט, אין די אויפטועון פון דער רעוואָלוציע און פון נאַפּאָלעאָניס רעזשים; פאַרשטייט זיך, אַז דער ערשטער קרבן איז דאָ געווען יידישע עמאַנסיפּאַציע, דאָס קינד פון דער פאַרהאַסטער באַפריי־באַוועגונג. מיט יידן האָט זיך די רעסטאַווירטע מאַכט אָפּגערעכנט פאַר דער גאָרער דערנידערונג, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען לאַנגע יאָרן. דאָס פינסטערע געזינדל האָט געפייערט נאַפּאָלעאָנ׳ס מפּלה קודם כּל מיט אַן אָנפאַל אויף דער געוועזענער יידישער געטאָ ביים טייך טיבר (יאַנואַר 1814). די קלעריקאַלן האָבן געשפּרייט בלעטלאַך קעגן „יאַקאָבינער און יידן", אין גאַסן־לידלעך האָט זיך געזונגען וועגן פאַרניכטן די דאָזיקע „פּאַטערלאַנדס שונאים". יידן האָט מען ווידער אָנגעהויבן טרייבן פון „קריסטלעכע" גאַסן צוריק אין געטאָ אַריין. יידישע סטודענטן האָט מען געטריבן פון אוניווערסיטעטן. די רעסטאַווראַציע פונם אַלטן רעזשים האָט זיך אָנגעהויבן נאָך איידער דער פּויפּסט פּי דער VII האָט זיך אומגעקערט פונם גלות, פון פאָנטענעבלאָ (מאַי 1814). יידן האָבן אָנגעהויבן זיך משתדל זיין פאַרן פּויפּסט, וואָס האָט נישט געהערט צו די ערגסטע פון דעם מין. יידן סוחרים האָבן אָנגעשלאָגן דעם פּויפּסטס רעגירונג הונדערט טויזנט סקודי, מ׳זאָל יידן לאָזן זייערע רעכט; מ׳האָט זיי געענטפערט, אַז דער הייליקער פאָטער באַציט זיך צו זיי מיט חסד, געטון האָט מען אָבער אַנדערש. ס׳איז שוין געווען אַ באַשלאָסענע זאַך, אַז יידן פון אַלע עקן רוים זאָל מען פאַרשפּאַרן אין דער ענגער און שמוציקער געטאָ. יידישע גרויסע געשעפטן אויף קאָרסאָ און אין די צענטראַלע גאַסן האָבן זיך געזאָלט פאַרמאַכן, מיט גרויס מי האָט מען קוים אויפגעפּועלט אָפּלייגן דעם דאָזיקן פּסק אויף דריי חדשים. די דאָזיקע רדיפות האָבן געבראַכט מיט זיך פאַראָרעמונג, אָנזעצן און עמיגראַציע.

דאָס איז אָבער געווען ערשט אַן אָנהויב. דער פּויפּסט פּי דער VII, וואָס האָט אַליין אַ סך איבערגעליטן אויף זיין לעבן, האָט זיך נאָך געמיט פאַרגרינגערן פאַר יידן דעם איבערגאַנג פון פרייהייט צו קנעכטשאַפט, נאָכגעלאָזט אין געוויסע פּרטים די ביטערע געזעצגעבונג, געלאָזט יידן וואוינען און האַנדלען אויף געוויסע גאַסן אויסער דער געטאָ. אָבער זיין נאָכקומער, לעאָ דער XII (1823—1829) האָט נישט געוואָלט הערן פון קיינע הנחות אין אַזאַ גאָטספאָרכטיקער אַרבעט, ווי פאַרקנעכטן פרייע מענטשן (אגב, האָט פאַר זיין צייט ווידער שטאַרק אויפגעבליט דער יעזואיטן־אָרדן). ער האָט צוריק איינגעפירט כּמעט אַלע פּונקטן פון דעם אינקוויזיטאָרישן עדיקט פונם יאָר 1775. צו דער יידישער טורמע, צו דער געטאָ, האָט ער צוגעגעבן נאָך צוויי גאַסן, אַלע אַרעסטאַנטן זאָלן אַהין

קאָנען אַריין, די טויערן פון דער דאָזיקער טורמע האָט ער געהייסן אויף ביי־נאַכט פאַרשפּאַרן. ער האָט שטרענג פאַרווערט יידן האַלטן ביי זיך קריסטלעכע דינערשאַפט: מ'האָט געגעבן אַ טערמין אַ חודש אויף אָפּצולאָזן דינסטן און צוויי חדשים — פאַר באַדינער. פרומע יידן זענען געבליבן אָן „שבת־גויים", שבת איז מען געזעסן אומגעהייצט און אין דער פינסטער, סיידן סאָלדאַטן־פּאַטרולן פלעגן פון רחמנות אָנצינדן פייער אין די פינסטערע הייזער און אויסהייצן דעם אויוון ווינטער. לעוו דער XII האָט צוריק איינגעפירט אפילו די „מוז־דרשה": פינף מאָל אַ יאָר פלעגן יידן מוזן קומען אין קלויסטער סאַן־אַנדזשעלאָ ביי דער געטאָ אויסהערן אַ מיסיאָנערישע דרשה פון אַ גלח. נאָך פאַר פּי דעם VII האָט מען ווידער איינגעפירט די אַלטע שענדלעכע קאַרנאַוואַל־צערעמאָניע פאַר יידן: פאָרשטייער פון דער געטאָ, אָנגעטון אין פּאַיאַץ־קליידער דערלאַנגען מס דער רוימישער מאַכט. פאַר לעוו דעם XII האָט מען פאַרגרינגערט די צערעמאָניע: יידן האָבן דאָס געמעגט טון אין זייערע געוויינטלעכע קליידער. דעם הייליקן פעטרוס שטעל־פאַרטרעטער האָט צום סוף לעבן געשענקט יידן צוויי אומברחמנות־דיקע דעקרעטן. ער האָט געמאַכט אַ שטרענגע השגחה אויפן יידישן פאַרקער אין דער קירך־געגנט: אַ ייד דאַרף בעטן אַ דערלויב אויף אָפּצופאָרן פון אַן אָרט אויף דער קורצסטער צייט; קומט ער ערגיץ, איז מוז ער זיך באַלד מעלדן צום „בישאָף־אינקוויזיטאָר" אָדער צום וויקאַרי. לויט אַ צווייטן דעקרעט זאָלן אַלע יידן, וואָס פאַרמאָגן אַ נחלה אויסער דער געטאָ, מוזן פאַרקויפן די נחלה קריסטן משך פינף יאָר (פון יאַנואַר 1828 אָן); ווען נישט, ווערט די נחלה קאָנפיסקירט סוף טערמין. אָפּגעטון אַזוינע מצוות, האָט לעוו דער XII געקאָנט מיט אַ ריין געוויסן אַוועק אין זיין רו אַריין.

אַ קורצע צייט האָט געהערשט דער פאַרעוועטער פּי דער VIII, דערנאָך איז אויף דעם הייליקן טראָן ארויף גריגאָרי דער XVI (1831—1846). דער נייער פּויפּסט האָט איבערגענומען די מאַכט, בעת אין לאַנד האָט גערוישט אַ רעוואָלוציע, אַ ווידערקול פון די יולי־טעג (1830) אין פּאַריז. אין אייניקע שטעט (באָלאָניע, אַנקאָנאַ און אַנד.) האָט זיך דאָס פאָלק אויפגעהויבן קעגן דעם דעספּאָטיזם פון דער רוימישער קוריע. אין דער באַפריי־באַוועגונג האָבן ערטערווייז אויך יידן גענומען אָנטייל, די דערווייליקע רעגירונגען, וואָס זענען געוואָרן אין די שטעט, האָבן דערקלערט פרייהייט און גלייכהייט פאַר בירגער, דערביי פאָראויסגעזען גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן אויך (פעברואַר 1831). די רעוואָלוציע וואָלט געוויס געווּנען, ווען די קירך־דעספּאָטן וואָלט נישט צוהילף קומען עסטרייכיש מיליטער, די זשאַנדאַרמען פון פּאָליטישער רעאַקציע אין מערב־אייראָפּע. די עסטרייכער האָבן דערשטיקט דעם אויפשטאַנד און צוריק אויפגעשטעלט דעם פּויפּסטס טיראַניע אין דער קירך־געגנט. גריגאָרי דער XVI האָט שוין איצט געקאָנט רואיק זיצן אויף דער שטול און ווייטער פירן די פּאָליטיק פון זיינע פאָרגייער. אויפגענומען אַ דעפּוטאַציע פון דער יידישער קהלה אין

רוים מיטן רב אויבן־אָן, האָט דער נייער פּויפּסט אַרויסגעזאָגט זיין צופרידנקייט, וואָס רוימישע יידן האָבן זיך נישט באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע (אגב ווייל אין רוים איז קיין רעוואָלוציע נישט פירגעקומען). שפּעטער אָבער, ביי די אויפנאַמען, ווען די דעפּוטאַטן האָבן דערמאָנט דעם פּויפּסט וועגן יידישער רעכט־לאָזיקייט און געבעטן, מ'זאָל זיי פאַרגרינגערן, האָט דער פּויפּסט צוגעזאָגט גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָדער געענטפערט, אַז ער קאָן נישט גאָרנישט טון קעגן די קירך־קאַנאָנען, אָבער נישט שטענדיק האָט דער אויטאָריטעט פון די שליחים און קאַנאָנען געקאָנט ביישטיין קעגן רויטשילדס גאָלד. דער פּויפּסט איז געווען אַ נצרך, נאָך געלט אָבער האָט מען באַדאַרפט אָנקומען צום באַנקהויז רויטשילד אין פּאַריז, די דאָזיקע באַנקירן פלעגן אָפט זיין אין רוים און איבער־געבן דעם פּויפּסט השתדלותן פון יידן אין דער קירך־געגנט, אין אַזוינע פאַלן פלעגט גריגאָרי דער XVI מוזן עפּיס נאָכגעבן.

פון מיטן די 40־ער יאָרן האָט זיך אין דער קירך־געגנט געלאָזט פילן אַ נייער גייסט, אַ גייסט פון „יונג־איטאַליע“ און מאַדזיניס באַפריי־פּראָפּאַגאַנדע. פּי דער IX, וואָס האָט פאַרנומען דעם הייליקן טראָן נאָך גריגאָרי דעם XVI (1846—1878), האָט אָנגעהויבן זיין רעגירן פון נאָכגעבן דעם צייט־גייסט: ער האָט געגעבן אַ פּאָליטישע אַמנעסטיע און אייניקע ליבעראַלע רעפאָרמעס, ער האָט נישט פאַרגעסן אין די געטאָ פאַרשפּאַרטע אויך און האָט אָפּגעשאַפט די שענדלעכע קאַרנאַוואַל־צערעמאָניע דערלאַנגען מס (דער עצם אָפּצאָל איז געבליבן גילטיק), שטילערהייט האָט ער געהאַט צוגעגרייט נאָך אַ רעפאָרם: פאַרניכטן די געטאָ־מויערן כדי צו פאַראייניקן די געטאָ מיט דעם צענטר שטאָט. דער רוימישער פינסטערער המון, וואָס איז שוין צוגעוויינט געווען שפּאָטן פון יידן, האָט אַזאַ רעפאָרם שוין נישט געקאָנט איבערטראָגן; יולי דאָס יאָר 1847 איז דאָס שיר נישט געקומען צו'ן אַ פּאָגראָם. אָבער די נייע אידעען האָבן שוין באַוויזן זייער שליטה איבער דעם ווילדן המון אויך. דער רוימישער דעמאַגאָג טשיטשערוואַקיאָ, אַ ליבלינג פונם המון, האָט געזאָגט אין א פאָלקס פאַרזאַמלונג אַ פייערדיקע רעדע, גערופן קריסטן שלום מאַכן מיט יידישע „מיטבירגער“ און מיט זיי צוזאַמענאַרבעטן צו באַפרייען דאָס פאָטער־לאַנד. די דאָזיקע רעדע האָט געמאַכט אַזאַ רושם, אַז דער המון, וואָס איז נאָר וואָס גרייט געווען צו באַפאַלן די געטאָ און מאַכן אַ פּאָגראָם, איז איצט געקו־מען אַהין מאַכן אַ פריינדלעכע דעמאָנסטראַציע: אַ סך האָבן זיך געהאַלזט מיט יידן: „ברידער“, „פריינט“, „קינדער פון איין פאָטערלאַנד“! אין דער פּרעסע האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע: מ'האָט געפאָ־דערט, יידן זאָל מען צולאָזן אין איטאַליענישע קלובן און אין דער בירגער־גוואַרדיע. מאַרקיז ד'אַזעליאָ האָט אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור „וועגן בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע פאַר יידן“ (1847 — 1848), געראַטן פּי דעם IX ווייזן אַ וועג אין אַזאַ גערעכטער זאַך ווי עמאַנסיפּאַציע, ווארום „איטאַליעס אויפלעבן איז

געקניפּט און געבונדן מיטן פאָלק ישראל׳ס אויפלעבן". די דאָזיקע אומגעריכטע ווענדונג אין דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג לטובת יידן האָט צוגעגעבן מוט דעם פּויפּסט אויך, וואָס האָט געגרייט אַ פּריינט־לעכע רעפאָרם פאַרן געפּלאָגטן פאָלק. יאַנואַר 1848 האָט ער געזאָגט אַ יידישער דעפּוטאַציע, אַז די רעפאָרם וועט געשען „געלאַסן און בהדרגה" (doucement, doucement). אין דריי חדשים אַרום איז שוין איטאַליע געווען אין רעכטן ברען רעוואָלוציע, און די רעפאָרם האָט זיך אַ ריר געטון לעבעדיקער. יידן אין איטאַליע זענען געשטאַנען ערב דער „צווייטער עמאַנסיפּאַציע".

דיזעלבע רעכטלאָזיקייט זעען מיר צו נאָך אין אַ איטאַליענישער מלוכה, אין קעניגטום סאַרדיניע, אָדער פּיעמאָנט. די סאַרדיניער דינאַסטיע, וואָס איז ווידער געקומען צו דער מאַכט דאָס יאָר 1814, האָט געבראַכט יידן קנעכטשאַפט אָנשטאָט „פראַנצויזישער פרייהייט". קעניג וויקטאָר עמאַנואיל דער I האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם געטאָ־רעזשים מיט אייניקע אויסנאַמען; יידן איז געטון געוואָרן אַ חסד: זיי האָבן געמעגט נישט טראָגן די געלע לאַטע, זיי האָבן געמעגט אַרויסגיין פון דער געטאָ אין אָוונט אויך, באַשעפטיקן זיך מיט מלאכות און אַנדערע פּראָפעסיעס; זיי האָבן אָבער געמוזט משך 5 יאָר אויספאַרקויפן זייערע נחלות, וואָס זיי האָבן זיך פאַרוואָרבן אויסער דער געטאָ די צייט עמאַנסיפּאַציע (עדיקט פונם יאָר 1816). ווען דער טערמין איז אַריבער און די ליקווידאַציע איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט, האָט מען געהייסן מאַכן אַ רייס־טער פון אַלע טרפה הייזער; אויב זיי וועלן נישט פאַרקויפט ווערן צום 1־טן יאַנואַר 1824, וועט דאָס פּאָליצײַ טון אויף אַן אויקציאָן. די רעגירונג אין פּיע־מאָנט האָט בכלל געטריי קאָפּירט די פּויפּסט־פּאָליטיק בנוגע יידן: פאַרשפּאַרט יידן אין געטאָ, פאַרווערט זיי צו פאַרקערן מיט קאַטוילן (יידן האָבן נישט גע־טאָרט האַלטן ביי זיך קיין קריסטלעכע שכנים, קריסטלעכע דינערשאַפט האָט גע־מעגט זיין ביי זיי נאָר בייטאָג); פאַר יידן זענען פאַרמאַכט געווען אַלע געזעל־שאַפטלעכע שולן, פון עלעמענטאַר־שולן ביז אוניווערסיטעטן, כדי זיי זאָלן דאָ נישט האָבן קיין פאַרקער מיט קאַטוילן; יידן האָבן נישט געטאָרט זיין קיין דאָק־טוירים, אַדוואָקאַטן, קיין נאָטאַריוס׳ן, יידן האָט מען נישט גענומען צו מיליטער־דינסט. דערפאַר האָט מען זייער געזאָרגט פאַר יידישע נשמות, זיי זאָלן געליי־טערט ווערן אין דער קאַטוילישער רעליגיע; עלטערן האָבן געמוזט לאָזן ירושה זייערע געשמד׳טע קינדער. אַלס דאַנק פאַר אַזוינע מענטשלעכע געזעצן האָט די טורינער יידישע קהלה (די גרעסטע אין פּיעמאָנט) געדאַרפט דערלאַנגען אַלע ניי־יאָר אַ מתנה: וואַקס, קאַווע און צוקער דעם סענאַט־פּרעזידענט, דעם אינערן־מיניסטער, דעם טורינער גובערנאַטאָר, דעם בישאָף. די קהלה האָט אויך באַדאַרפט צאָלן אַן אַלטפּרענקישן שטייער 80 פראַנק אַ יאָר טורינער אוניווערסיטעט דער־פאַר, וואָס סטודענטן איז פאַרווערט צו וואַרפן שניי יידן אום ווינטער. אַזוי איז מען זיך באַגאַנגען מיט יידן אין אַ לאַנד, וואָס פון דאָרט האָט זיך אינגיכן

געלאָזט הערן דער רוף פּאַטריי׳ען איטאַליע, און פאַר אַ דינאַסטיע, וואָס האָט
דאָס געזאָלט אויספירן!... אונטער אַזאַ יאָך האָט געלעבט ביז 10 טויזנט פריי=
ער=עמאַנסיפּירטע יידן אין אַזוינע הויפּט=קהלות ווי טורין, קאַזאַלע, אַלעקסאַנדריע
און ניצע. צוזאַמען מיט עמאַנסיפּאַציע האָט מען ביי די דאָזיקע קהלות אָפּגע.
נומען די קאָנסיסטאָריאַלע אָרגאַניזאַציע פון נאַפּאָלעאָן׳ס צייטן; אָנשטאָט דעם
האָט מען זיך ווידער אומגעקערט צום אַלטן: די קהלות זענען געווען איינגע=
טיילט אין 4 קרייזן (אוניווערסיטאטן): טורינער, מאָנפעראַטער (קאַזאַלע),
אַלעקסאַנדריער און ניצער; יעדן קרייז האָט פאַרוואַלטעט אַ „קאָמיסיע” פון וועלט=
לעכע מענטשן אַין אַזוינע אנגעלעגנהייטן, ווי שטייערן, שול=און=צדקה=ענינים;
פאַר רעליגיעזע זאַכן איז געווען דער הויפּט=רב; די קאָמיסיעס זענען געווען
אונטערגעוואָרפן דער אויבער-אַדמיניסטראַציע אין יעדער געגנט.

אין דער דריטער פינסטערער נעסט איטאַליענישע רעאַקציע — אין הער=
צאָגטום מ אָ ד ע נ אַ, האָט מען געשטיקט יידן אַזוי ווי אין רוים; נאָר אַמאָל
פלעגט מען זיי באַכלאָזן פאַר אַ גרויסער געלט=מתנה דעם הערצאָג. דאָס יאָר
1831 איז הערצאָג פראַנץ דער IV שטאַרק אויפגעבראַכט געווען אויף יידן, פאַר=
וואָס זייער יוגנט האָט זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג
יענץ יאָר, און האָט זיי געשטראָפט מיט אַ קאָנטריבוציע 600,000 פראַנק, וואָס
זאָל אויסגעצאָלט ווערן משך אַ יאָר. די יונגע רעוואָלוציאָנערן האָט מען פאַר=
טריבן פונם לאַנד.

צו דערליידן האָט זיך געלעבט יידן אין גרויסהערצאָגטום ט אָ ס ק אנ אַ
מיט אַזוינע גרויסע יידישע צענטרען, ווי ליוואָרנאָ, פלאָרענץ, פיזאַ: דאָ האָט די
רעאַקציע נישט באַוויזן זיך פעסט איינצוואָרצלען. ביי יידן האָט מען אָפּגענומען
נאָר אַ טייל בירגעררעכט: מ׳האָט זיי אויפגעהערט צולאָזן צו מלוכה=און=מוניצי=
פּאַל=שטעלעס און פאַרווערט צו זיין אַדוואָקאַטן. (געבליבן זענען נאָר צוויי
אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן פּראַקטיקירט ביז דער רעסטאַוראַציע). אַ קעגן האָט מען
יידן אַרויסגעלאָזט פון מיליטערדינסט. אין האַנדל האָט מען יידן נישט אָנגערירט,
און וועגן פאַרשפּאַרן זיי צוריק אין געטאָ האָט קיינער נישט געקלערט. דאָס
איז אַגב געווען אוממעגלעך אויך אין אַזוינע שטעט ווי ליוואָרנאַ, וואו אלע
האַנדלפעדים, דערהויפּט פון עקספּאָרט זענען געווען ביי יידן אין די הענט.
פאַר די געטאָ=תפוסים פון דער קירך=געגנט איז טאָסקאַנאַ געווען דאָס געבענשטע
לאַנד, וואוהין מ׳האָט זיך געריסן מיט אַלע כוחות. נאָך אַן עיר מקלט האָבן זיי
געהאַט: הערצאָגטום פ אַ ר מ אַ, דאָרט האָט די הערצאָגין מאַריע=לואיזע, נאַפּאָ=
לעאָן׳ס אלמנה, נאָך דער רעסטאַוראַציע נישט אָפּגעשאַפט נאַפּאָלעאָן׳ס
געזעצגעבונג. גאָר באַזונדער איז געווען די יידישע לאַגע אין נ ע אַ פּ אָ ל י ט אַ=
נ ע ר קעניגטום. לויט די אַלטע שפּאַנישע געזעצן האָבן יידן נישט געטאָרט
דאָ וואוינען, אָבער בעת דער פראַנצויזישער הערשאַפט האָט זיך אין נעאַפּאָל
און אין אַנדערע שטעט באַזעצט אַקעגן 2000 יידן, וואָס האָבן נישט באַוויזן נאָך

צו אָרגאַניזירן קהלות. די צייט רעסטאַווראַציע האָט מען די דאָזיקע „אומגעזעצ־לעכע" נישט געטריבן פונם לאַנד, מ'האָט זיי אָבער נישט געלאָזט מאַכן קיין קהלות. אין נעאַפּאָל איז געוואָרן אַ פיליע פון רויטשילד'ס באַנקהויז, און דאָס איז ניכר בייגעשטאַנען יידן אַקעגן דער מאַכט.

דער פּאָליטישער דרוק האָט אָפּגעשוואַכט דעם פריערדיקן אימפּעט פון בירגערלעכער אַנטוויקלונג ביי איטאַליענישע יידן, ער האָט אָבער נישט אָבגע־שטעלט דעם ציוויליזיר־פּראָצעס. צוריק צו פריערדיקער אָפּגעשלאָסנקייט, צו קולטורעלער אָפּגעזונדערטקייט איז שוין נישט געקומען, אָבער די אַסימילאַציע איז אויך שוואַכער געוואָרן. דאָ האָט געהאַט צו זאָגן די קאָנסערוואַטיווע אינערציע, נישט קיין שאַפנדיקע נאַציאָנאַלע באַוועגונג. אין קרוין־איטאַליע זעט מען יענע צייט בכלל נישט קיין אָריגינעל יידיש שאַפן; פאָרשטייער פון ליטע־ראַרישן רענעסאַנס האָט אַרויסגעבראַכט נאָר עסטרייכיש איטאַליע (לאָמבאַרדיע און ווענעציע, זע אויבן §§ 17 און 19).

## § 29. דער קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אין ענגלאַנד.

די יידישע געשיכטע אין ענגלאַנד האָט אירע אייגענע וועגן[1]. אין ענג־לאַנד זענען באַשאַפן געוואָרן אַנדערע מיטלען צו קעמפן פאַר עמאַנסיפּאַציע, אַזוי ווי דאָס גאַנצע פּאָליטישע לעבן איז דאָ געווען אַנדערש ווי אויפן קאָנטי־נענט. ענגלאַנד איז געבליבן קאָנסערוואַטיוו די צייט רעוואָלוציע און נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט, און נעמט זיך פאַר גרויסע רעפאָרמעס די צייט רעאַקציע אין אייראָפּע (עמאַנסיפּאַציע פאַר קאַטוילן 1829, די פּאַרלאַמענט־רעפאָרם דאָס יאָר 1832). יידישע אומגלייכקייט אין ענגלאַנד האָט געהאַט אַן אייגענע פאַרב, די לאַגע איז דאָ געווען כמעט די זעלבע וואָס ביי קאַטוילן. יידן האָבן נישט שטאַרק געליטן פון אויסנעם־געזעצן אין פערזענלעכע און אין פאַרמעגן־רעכט (פאַרווערבן נחלאות און דעסגלייכן), וואָרום די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט זיך זעלטן געהאַלטן פאַר די אַלטפרענקישע געזעצן. דאָ האָט געדריקט דערהויפּט די פּאָליטישע אומגלייכקייט: יידן האָט מען נישט צוגעלאָזט צום פּאַרלאַמענט, צו דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַפילו הערן לעקציעס אין אוניווערסי־טעטן און זיך באַשעפטיקן מיט אַדוואָקאַטור. די דאָזיקע באַגרעניצן האָבן זיך גענומען פון דער אַלטער ענגלישער קאָנסטיטוציע, אַז אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער איז נאָר דער, ווער ס'געהער צו דער ענגלישער קירך. ביים אָנקומען אויף אַן אַמט אָדער באַקומען אַ געוויסן טיטל האָט דער באַאַמטער אָדער דער

[1]) אין גאַנץ ענגלאַנד האָט זיך דעמאָלט גערעכנט ביז 30.000 יידן; דערפון האָבן 20.000 געוווינט אין לאָנדאָן.

אויסגעקליבענער באַדאַרפֿט געבן אַ שבועה „לויט דעם אמת'ן גלויבן פֿון אַ קריסט", ממילא איז שוין דאָ אַ ייד געווען אויסגעשלאָסן. גראַד איז די ציוויליזאַציע ווי ענגלישע יידן שטאַרק אויסגעוואַקסן דאָס ערשטע פערטל דאָס XIX יאָרהונדערט. יידן האָבן אַ סך געאַרבעט אין די גרעסטע האַנדל- און אינדוסטריע-צווייגן, ממילא האָט דאָס זיי געצויגן אויף די העכסטע געזעלשאַפֿטלעכע שטאַפּלען, זיי זענען נאָנט געוואָרן צו דעם געהויבענעם סוחרישן טייל, אפֿילו צו דער אַלטער אַריסטאָקראַטיע אויך. אָנהויב XIX יאָרהונדערט איז געווען נאָר איין זאַך, וואָס האָט נעענט אַ יידן די טיר צו דער העכערער ענגלישער געזעלשאַפֿט: דאָס איז שמד. פֿון יידן האָט זיך אָפּגעקערט דער געוויסער עקאָנאָמיסט (און באַנקיר) דוד ריקאַרדאָ (געשטאָרבן 1823); ער האָט חתונה געהאַט מאַר אַ קריסטין און האָט געשוואָרן דעם געוויסן קריסטלעכן נוסח בעת ער איז געוואָרן אַ גליד אין פּאַרלאַמענט (1819). אַן אָנגעזעענער גליד פֿון דער ספֿרדי-שער קהלה אין לאָנדאָן, אַ טאַלענטירטער שרייבער יצחק דיזראַעלי (1766—1848) איז דאָס יאָר 1813 אַרויס פֿון דער קהלה און האָט אָפּגעשמדט אַלע זיינע קינדער, בכן אָפּגענומען ביי יידן אַזאַ גרויסע געזעלשאַפֿטלעכע קראַפֿט, ווי זיין זון בנימין דיזראַעלי-ביקאָנספֿילד (1804—1881), וואָס האָט שפעטער געבענקט אין האַרצן נאָכן יידישן פֿאָלק. דאָס איז געשען די יאָרן, ווען דער גרויסער ענגלישער פּאָעט בייראָן האָט געשריבן זיינע באַגייסטערטע „יידישע מעלאָדיעס" (1814) וועגן דעם יידן, וואָס טראָגט שטאָלץ זיין פּאַן, נישט געקוקט אויף דער פּיין און דערנידערונג, וואָס ער האָט אויסצושטיין. אויף בייראָנען האָט מסתמא געמאַכט אַן איינדרוק, וואָס די מיסיאָנערישע געזעלשאַפֿט („לאָנדאָנער געזעלשאַפֿט צו מערן קריסטנטום צווישן יידן", 1808) האָט אַזוי ווייניק באַוויזן אויפֿצוטון. די דאָזיקע מיסיאָנעריש-פֿילאַנטראָפּישע געזעלשאַפֿט, געשטיצט פֿון רייכע לאָרדן, האָט דאָס געזאָלט פֿאַרווירקלעכן דעם טרוים פֿון אַ סך ענגלענדער, אַז סוף כל סוף וועט קריסטנטום גובר זיין, און דער נצחון וועט זיין, וואָס יידן וועלן קומען אין שויס פֿון דער קירך. לאָנדאָנער געזעלשאַפֿט האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט אין אַ צייט, ווען אין דייטשלאַנד האָט גע-הערשט די שמד-מגפֿה, און שמד-פֿאַלן זענען געווען צווישן לאָנדאָנער יידישער אַריסטאָקראַטיע אויך; דאָס האָט איר געקאָנט צוגעבן מוט; אינגיכן אָבער האָט זי זיך געקאָנט איבערצייגן, אַז די יידישע מאַסע וועט מען מיט קיינע גליקן נישט פֿאַרנאַרן אין קירך.

ביסלעכווייז איז אין ענגלאַנד אויך געוואָרן דער טיפּ יידישער פּני און אינטע-ליגענט, אַסימילירט לויט דער שפּראַך נאָך און מאַנירן און געטריי יידישע טראַ-דיציעס. ס'זענען אויפֿגעקומען גרויסע קאַפּיטאַליסטן און פֿילאַנטראָפּן די גאָלד-סמידס, רויטשילדס, מאָנטעפֿיאָרעס, באַגאַבטע אַדוואָקאַטן און פּובליציסטן, וואָס זענען פּאַקטיש געווען פֿאַרבונדן מיט דער נאָבעלער ענגלישער געזעלשאַפֿט און באַטירלעך האָבן זיי געשטרעבט צו זיין אָפֿיציעל גלייכבערעכטיקט מיט דער דאָ-

ויקער געזעלשאַפט. דאָס באַנק־הויז ר ו י ט ש י ל ד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פינסטערער פראַנקפורטער געטאָ, איז געוואָרן אַ פינאַנציעלע וועלט־קראַפט קודם כל אין לאָנדאָן. נתן־מאיר רויטשילד, מאיר אַנשילס אַ זון, (אַ פראַנקפורטער חלפן און פינאַנץ־אַגענט ביים העסענער קורפירשט), האָט אָנגעהויבן צו פירן ברייטע פינאַנץ־אָפּעראַציעס אין לאָנדאָן די קריטישע יאָרן פון דער אייראָפּעאישער געשיכטע (1812—1815), די ענגלישע רעגירונג האָט אים געשטיצט. רויטשילדס באַנק־הויז אין לאָנדאָן האָט פאַרשאַפט מלוכה־הלוואות פאַר רעגירונגען אין פאַרשידענע לענדער, דאָס דאָזיקע באַנק־הויז איז אינגיכן געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אין דער אייראָפּעאישער פינאַנץ־פּאָליטיק. די דאָזיקע דינאַסטיע „בירזשע־קעניגן” האָט זיך פעסט איינגעוואָרצלט אין פאַרשידענע אייראָפּעאישע רעזידענץ־שטעט (לאָנדאָן, פאַריז, ווין, פראַנקפורט און נעאַפּאָל) און איז געוואָרן אַ קראַפט, וואָס מאָנאַרכן און רעגירונגען האָבן זיך געמוזט מיט איר רעכנען. בפרט נאָך האָט מען זיך גערעכנט מיט דער דאָזיקער קראַפט אין קלאַסישן קאַפּיטאַליסטישן לאַנד, אין ענגלאַנד. די 20־ער יאָרן דאָס XIX יאָרהונדערט האָט מ ש ה מ אָ נ ט ע פ י אָ ר ע (1784—1885) באַקומען אַ גרויסן איינפלוס; ער איז געווען אויך שעף פון אַ באַנק־הויז; אַ שם האָט ער זיך געמאַכט דערהויפט מיט זיין פילאַנטראָפּישער אַרבעט. די גאָלדסמידס, אַ יידישע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע, האָבן געגעבן צוויי אָנגעזעענע פּאָליטישע טוער: דעם פינאַנסיסט איזאַק לעאָן (1778 — 1859) און זיין זון, אַדוואָקאַט און פּובליציסט פרענסיס (1808 — 1878). די דערמאָנטע פערזאָנען, דערהויפט אָבער די צוויי גאָלדסמידס, האָבן געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָליע אין ענגלאַנד אין קאַמף פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע.

דאָס ערשטע מאָל איז די יידנפראַגע געקומען פאַרן ענגלישן פּאַרלאַמענט דאָס יאָר 1828. ס'האָט זיך געהאַנדלט פון אַ בירגער־שבועה פאַר דיסענטערן (אַזוינע, וואָס געהערן נישט צו דער ענגלישער קירך) און ס'איז אָנגענומען געוואָרן אַזאַ נוסח: „פאַר דעם אַלמעכטיקן גאָט, לויט אַ קריסטס וואָר גלויבן”: לאָרד ג אָ ל אַ נ ד, אַן איבערגעגעבענער פריינט פון יידישער עמאַנסיפּאַציע, האָט אָנגעוויזן אין דער אויבערשטער קאַמער, אַז דער דאָזיקער נוסח באַזייטיקט אויך יידן, זיי קאָנען אַזוי נישט שווערן. דערויף האָט מען אים געענטפערט, אַז די קאַמער האָט גאָרנישט געמיינט ענדערן די יידישע לאַגע. אין אַ יאָר אַרום האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט דורכגעפירט אַ וויכטיקע רעפאָרם, ער האָט עמאַנסיפּירט קאַטוילן, דעמאָלט איז ביי יידן און ביי זייערע ענגלישע פריינט געבליבן, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט צושטעלן אָפן אין פּאַרלאַמענט די יידנפראַגע. דאָס יאָר 1829 האָט מען אָנגעהויבן די אַגיטאַציע. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון לאָנדאָנער קהלות (Board of deputies) און איינצעלנע קהלות האָבן דערלאַנגט פּעטיציעס דעם פּאַרלאַמענט, מ'האָט אונטערהאַנדלט מיט פּאַרלאַמענטאַריער פון דער ליבעראַלער און קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, מ'האָט גע־

דרוקט בראָשורן פֿאַר עמאַנסיפּאַציע. ראָטשילד, מאָנטעפֿיאָרע און ביידע גאָלדסמיד׳ס זענען געווען די הויפּטטוער אין דער אויסערפּאַרלאַמענטאַרישער אַקציע. ביי יידן גופא זענען געווען פֿאַרשידענע מיינונגען: איין צד האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז געגוג פֿאָדערן בירגעררעכט, נישט באַשטיין דוקא אויף וואַל-רעכט; דער אַנדערער צד איז באַשטאַנען נאָר אויף גאָרער גלייכבאַרעכטונג, און אַזוי האָט מען דערלאַנגט דעם פּאַרלאַמענט אַ געזעצפּראָיעקט וועגן עמאַנסיפּאַציע. אין דער זיצונג דעם 5-טן אַפּריל דאָס יאָר 1830 האָט אַ ליבעראַלער דעפּוטאַט ראָבערט גראַנט פֿירגעלייגט דער אונטערשטער קאַמער גלייכבאַרעכטיקן אַלע יידן, וואָס זענען געבוירן אין ענגלאַנד, אַזוי ווי מ׳האָט דאָס קורץ פֿאַר דעם געטון בנוגע קאַטוילן. קעגן געזעץ-פּראָיעקט האָבן גערעדט די שטאָק-קאָנסערוואַטיווע דעפּוטאַטן. אָקספאָרדער דעפּוטאַט ר. איינגליז האָט געזאָגט, אַז אין איירָאָפּע האָט זיך נאָך נישט געטראָפֿן, יידן זאָל מען צולאָזן אין אַ קריסטלעכן פּאַרלאַמענט[1]: די קריסטלעכע געזעלשאַפֿט וועט נישט וועלן אָנטרויען די פּאָליטישע מאַכט אַ פֿרעמדגלויביקן, און אויב אַזוינס זאָל געשעען, איז נישט אַנדערש נאָר אַז זי האָט זיך געלאָזט קויפֿן. ספּענסער פּאַרסיוואַל האָט באַשוואוירן די קאַמער בשם די פּרינציפּן פֿון „קריסטלעך פֿאָלק” און פֿון אַ „קריסטלעכער קאָנסטיטוציע” אָפּוואַרפֿן דעם פּראָיעקט, „וואָס גיט די מאַכט אַזאַ סעקטע, וואָס זי איז אַ פֿיינט פֿון ביידע פּרינציפּן”. אויף די טענות האָבן אָפּגעענטפֿערט צוויי דעפּוטאַטן, די שענסטע נעמען אין דער ענגלישער ליטעראַטור; דער היסטאָריקער מאַקאָליי און דער פֿילאָזאָף דזשעמס מאַקינטאָש. מאַקאָליי האָט געוויזן, אַז יידישע עמאַנסיפּאַציע וואָלט נישט באַדאַרפֿט פֿאַרשאַפֿן אַזוינע שטרייטיקייטן, וואָרום דאָ איז אפֿילו נישט פֿאַראַן די פּאָליטישע מורא, וואָס אייניקע קעגנער האָבן איינגעזעען פֿון עמאַנסיפּירן קאַטוילן (די אירלענדישע פֿראַגע). חיות ווי די רעגירונג (וועלינגטאָן׳ס קאַבינעט) האָט דאָס מאָל נישט אָפּגעוואָרפֿן גאָר דעם פּראָיעקט, איז ער דורכגעגאַנגען ביים ערשטן לייענען מיט אַ מערהייט 113 שטימען קעגן 97.

צווישן ערשטן און צווייטן מאָל לייענען דעם פּראָיעקט איז פֿאַרלאָפֿן אַריבער אַ חודש, די דאָזיקע צייט האָבן די קעגנער אָנגעצויגן אַלע קרעפֿטן אויף דורכצוּוואַרפֿן דעם פּראָיעקט. מיט דער הילף פֿון דער הויף-כּנופֿיה האָט מען איבערגעשפּאַרט דאָס מיניסטעריום; אַזאַ אָנגעזעענע צייטונג ווי „טיימס” האָט געשריבן, אַז דער פּראָיעקט וועגן יידישער עמאַנסיפּאַציע איז עפּיס ווי מיט אַ כּיוון צוגעקלערט „לעכערלעך צו מאַכן דעם גרויסן אַקט פֿון דער פֿאַרגאַנגענער סעסיע” (די עמאַנסיפּאַציע פֿאַר קאַטוילן), וואָרום „אויב ס׳איז פֿאַראַן אַ טייל אמת

---

[1] אין עטלעכע יאָר אַרום איז געוואָרן דעפּוטאַט פֿון פֿראַנצויזישן פּאַרלאַמענט — פֿולד און שפּעטער — קרעמיע (אויבן, § 27).

אין יידישע טראַדיציעס און אַ ממשות אין זייערע שרייבעכטסן, דאַרפן יידן בלייבן פרעמדע אין אַלע לענדער, חוץ אין איינס" (פּאַלעסטינע). יידישע טוער און קריסטלעכע עמאַנסיפּאַנטן האָבן געווייַנטלעך אויך נישט געשוויגן. מ'האָט דערלאַנגט דעם פּאַרלאַמענט נאָכאַנאַנד פּעטיציעס לטובת דעם פּראָיעקט. איין פּעטיציע, וואָס קאָן באַשטיין פאַר אַ סך אַנדערע, איז אָנגעקומען פונם געוויסן סאָציאַליסט און פילאַנטראָפּ ר אָ ב ע ר ט אָ ו ע ן. דעם 17-טן מאַי איז אין דער אונטערשטער קאַמער פירגעקומען דאָס צווייטע לייענען פונם פּראָיעקט, וואָס האָט פאַרשאַפט היציקע דעבאַטן. קעגן די עמאַנסיפּאַנטן דזשאָן ראָסעל, אָ'קאָנעל און ברום (Brougham) זענען אַרויס נישט אַליין קנאַפּ באַוואוסטע ריטער פון אַ „קריסטלעכער קאָנסטיטוציע", נאָר אַפילו אַזאַ אָנגעזעענער מלוכה-מאַן ווי ר אָ ב ע ר ט פ י ל, אַ מיניסטער און אַ פירער פון דער אונטערשטער קאַמער. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ התנצלות, אַז ס'איז אים נישט גאָר צום האַרצן רעדן קעגן עמאַנסיפּאַציע פאַר יידן, וואָס „לויט זייער אויפפירונג קאָנען מיר צו זיי גאָרנישט נישט האָבן", ער מוז אָבער פאַרהיטן די לאַנגאָניקע יסודות פון דער ענגלישער קאָנסטיטוציע, וואָס זי האַלט זיך אויף פּרינציפּן פון אַ קריסטלעכער מלוכה. ער האַלט, אַז דעם צוליב מעג מען מקריב זיין אינטערעסן פון אַ גרופּע 30 טויזנט מענטשן. דעפּוטאַט ברום האָט אים שאַרף אָפּגעענטפערט: „איר וואַרפט אַרויס פון אייער סביבה ערלעכע מענטשן און עפנט די טירן פאַר פאַלשע. דאָס איז צביעות! זאָל קומען אַהער אַ ייד, און זאָל באַשטיין געבן די שבועה, וואָס איצט שטויסט איר אים אָפּ דערמיט, אַזוי עפענען זיך פאַר אים אַלע טירן, און ער ווערט מיט אַמאָל שטאַרק אָנגעלייגט ביי דער זעלבער פאַרזאַמלונג קריסטן, וואָס האָט היינט אַזוי האַסטיק אַפּלאָדירט די ווילדסטע אַנטיקריסטלעכע פּרינציפּן און געפילן, וואָס זענען ווען עס איז פירגעבראַכט געוואָרן אין אַ ציוויליזירט לאַנד"... די אַלע טענות האָבן אָבער נישט געהאָלפן: די מערהייט דעפּוטאַטן איז געווען געשטימט קעגן פּראָיעקט, און ער איז דורכגעפאַלן ביים צווייטן לייענען מיט אַ מערהייט 228 שטימען קעגן 165 (דעם 17 מאַי 1830).

די שטרייטער פאַר עמאַנסיפּאַציע זענען אָבער נישט אָפּהענדיק געוואָרן. שוין דאָס אַליין, וואָס די קאַמער האָט געשטימט פאַרשידן דאָס ערשטע און דאָס צווייטע מאָל, האָט געשטאַרקט די האָפנונג אויף בעסערע צייטן. די פּאָליטישע אומשטענדן פאַר דער רעפאָרם האָבן זיך געבעסערט. יולי 1830 איז געשטאָרבן קעניג געאָרג דער IV, ס'איז געוואָרן אַן אַנדער, מער ליבעראַל מיניסטעריום, אָנשטאָט וועלינגטאָנס קאַבינעט, אַהער זענען אַריין דריי עמאַנסיפּאַציע-פריינט: לאָרד גאָלאַנד, דזש. ראָסעל און ברום; דאָס דאָזיקע מיניסטעריום האָט דורכגעפירט די פּאַרלאַמענט-רעפאָרם דאָס יאָר 1832. אין דער ענגלישער ליטעראַטור האָט מען מיט גרויס היץ באַהאַנדלט די יידנפראַגע. דער ביכערמאַרק איז געווען פאַרפלייצט מיט בראָשורן, פאַמפלעטן פאַר און קעגן עמאַנסיפּאַציע. אַן איינדרוק האָט געמאַכט אַ בראָשור פונם יוריסט פרענסיס גאָלדסמיט: „באַמער-

קונגען וועגן די בירגערלעכע לאַסטן פון ענגלישע יידן" (געדרוקט צוויי מאָל, דאָס יאָר 1830 און 1833) און אַ דאָקטאָר וואַן-אָוועגס אַ בראָשור: „אַ כרוז צו דער בריטישער נאַציע לטובת יידן" (1831). דער גרונדגעדאַנק ביי ביידע יידן-פּובליציסטן איז רעליגיעזע טאָלעראַנץ, דרך אגב ווערט אָנגערירט די נאַציאָנאַלע פראַגע אויך. גאָלדסמיד איז מוחל די עמאַנסיפּאַציע-קעגנער די „אומ-געבעטענע" מתנה, אַז יידן „געהערן עפּיס צו'ן אַ באַזונדער נאַציע". דאָס איז שוין געווען דעמאָלט דער אויסגעטראָטענער וועג: יידישע זעלבסטווער פלעגט זיך אָנהויבן פון אַסימילאַציע... אַזוי האָט מען באַאַרבעט די ענגלישע געזעל-שאַפטלעכע מיינונג צו'ן אַ נייער אַקציע וועגן דער יידנפראַגע אין פּאַרלאַמענט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יאָר 1833. ס'האָט זיך אַ שיט געטון אַ מבול פּע-טיציעס צום פּאַרלאַמענט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטונג: אויף 48 פּעטיציעס פון יידישע קהלות און קריסטן פון אַ סך שטעט (לאָנדאָן, ליווערפּול, בריסטאָל, מאַנטשעסטער און אַנד.) זענען געווען 45,000 חתימות. ראָבערט גראַנט איז נישט מיד געוואָרן און האָט אויסגעפירט, מ'זאָל דערלאַנגען דער קאַמער אַ נייעם געזעץ-פּראָיעקט וועגן עמאַנסיפּאַציע. אין די היציקע דעבאַטן האָבן זיך באַטיי-ליגט די פריערדיקע ריידער: אינגליז, מאַקאָליי און אָקאָנעל און אייניקע נייע. לסוף איז דער פּראָיעקט אָנגענומען געוואָרן ביי אַלע דריי מאָל לייענען (מאַי—יוני) מיט אַ באַדייטנדער מערהייט (דאָס דריטע מאָל מיט 189 שטימען קעגן 52). מיט דער מינדערהייט האָט געשטימט אַ יונגער דעפּוטאַט ווילי אַם גלאַדסטאָן, דער קינפטיקער פירער פון די ליבעראַלן, דעמאָלט האָט ער נאָך געצויגן צו די קאָנסערוואַטיווע. בשלום דורכגעקומען די אונטערשטע קאַמער, איז דער פּראָיעקט אַריבער אין דער אויבערשטער: דאָ האָבן זיך שטאַרק גע-שטעלט פאַרן פּראָיעקט די אַלטע עמאַנסיפּאַציע-שטרייטער: לאָרד גאָלאַנד און לאָרד-קאַנצלער ברום. פון די העכערע גייסטלעכע האָט זיך פאַר דעם פּראָיעקט איינגעשטעלט דער געוויסער דענקער, דובלינער ערצבישאָף אועטלי און דער טשעסטער בישאָף; קעגן האָבן גערעדט דער קענטעבעריער ערצבישאָף און דער לאָנדאָנער בישאָף, אויסגערעדט דערביי, אַז יידן מעגן געגעבן ווערן אַלע רעכט, חוץ וואַל-רעכט אין פּאַרלאַמענט, וואָרום אַ ייד טאָר נישט מאַכן קיין געזעצן פאַר קריסטן. לאָרד וועלינגטאָן האָט אַ וואָרף געטון זיין שווערן וואָטום אויף דער וואָגשאָל פון די קעגנער: דער גאַנצער פּראָיעקט איז אין זיינע אויגן געווען אַן איבריקער „ליבעראַלער אויפטו". די לאָרדן-קאַמער האָט אָפּגעוואָרפן דעם פּראָיעקט (104 שטימען קעגן 54). דאָס אייגענע האָט זיך איבערגעחזרט אין דער צווייטער סעסיע דאָס יאָר 1834: די אונטערשטע קאַמער האָט כמעט אָן דעבאַטן אָנגענומען דעם פּראָיעקט און די אויבערשטע קאַמער האָט אים ווידער אָפּגעוואָרפן, נישט געקוקט אויף די פּעטיציעס פון לאָנדאָנער קריסטלעכע סוחרים (מיט 24 טויזנט חתימות) און פון עדינבורגער באַפעלקערונג (6200 חתימות).

די נייע ווענדונג אין דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג לטובת יידן, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אין מאַסן פּעטיציעס און אין אָפּשטימונגען אין פּאַרלאַמענט, האָט געבראַכט צו פּראַקטישע רעזולטאַטן. מ׳האָט אָפּגעשאַפט די שטערונגען פאַר יידישן האַנדל אין לאָנדאָנער סיטי (1831); דאָס יאָר 1833 האָט דער ראַט פון לאָנדאָנער אַדוואָקאַטור אַריינגענומען פרענסיס גאָלדסמיטן אין דער קאָרפּאָראַציע און געלאָזט אים געבן אַ שבועה לויט ווי דער יידישער דין דערלאָזט דאָס. דאָס זעלבע יאָר איז ביי דער אַדמיניסטראַציע אָפּגענומען געוואָרן דאָס רעכט צו פאָדערן אַ שבועה ביי די וויילער (דאָס איז געווען אַ טייל פון דער פּאַרלאַמענט-רעפאָרם בכלל), בכן איז געוואָרן אויס מניעה, יידן זאָלן פאַרווירקלעכן זייער אַקטיוו וואַל-רעכט. איינצעלנע אָנגעזעענע יידישע פּערזענלעכקייטן האָבן פאַרנומען געזעלשאַפטלעכע אַמטן. די יאָרן 1835 און 1837 זענען צוויי אָנגעזעענע יידן, דוד סאַלאָמאָנס און משה מאָנטעפיאָרע, אויסגעקליבן געוואָרן אויף דעם ערן-פּאָסט שעריפן, די העכסטע ריכטער-אַדמיניסטראַטאָרס. אין ערשטן פאַל האָט מען וועגן דער בירגערלעכער שבועה דורכגעפירט ספּעציעל אַ געזעץ אין פּאַרלאַמענט, אַז שעריפן-יידן מעגן שווערן לויט זייער אמונה. אָבער אינגיכן איז דערזעלבער סאַלאָמאָנס אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ מוניציפּאַל-ראַטמאַן (Aldermen) אויך, און ווידער האָט זיך געשטעלט אין וועג דער נוסח פון דער קריסטלעכער שבועה. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטרייט פאַר צולאָזן יידן צו מוניציפּאַל-אַמטן, וואָס האָט זיך געצויגן די ערשטע יאָרן פון קעניגין וויקטאָריעס רעגירן (פון יאָר 1837 אָן). ערשט דאָס יאָר 1845 האָט דער פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ „געזעץ לטובת יידן, וואָס ווערן אויסגעקליבן אויף מוניציפּאַל-אַמטן". באַלד האָבן זיך אין דער שטאָט-פאַרוואַלטונג ברייט געעפנט די טירן פאַר יידן: אין לאָנדאָן, בירמינהאַם און אין אַנדערע גרויסע שטעט זענען יידן געוואָרן נישט אַליין ראַטמענער, נאָר מ׳האָט זיי איבערגעגעבן פאַראַנטוואָרטלעכע מוניציפּאַלע פּאָסטנס אויך.

פון מוניציפּאַלער עמאַנסיפּאַציע, איז, דוכט זיך, איין שפּאַן צו פּאַרלאַמענטאַרישער. אָבער דער דאָזיקער שפּאַן האָט געדויערט אַריבער 10 יאָר. דאָ אין דעם פּרט האָט דאָס לעבן אויך איבערגעיאָגט דעם געזעץ. דאָס יאָר 1847 איז צווישן אַנדערע ליבעראַלע קאַנדידאַטן אויסגעקליבן געוואָרן אין דער אונטערשטער קאַמער פון לאָנדאָנער סיטי באַראָן ליאָנעל רויטשילד, דעם באַנקיר נתן-מאירס אַ זון. דער נייער דעפּוטאַט האָט אָבער נישט געקאָנט פאַרנעמען זיין פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט, וואָרים ער האָט נישט געוואָלט שווערן „לויט אַ קריסטס וואָר גלויבן". דעמאָלט האָט דער פּרעמיער מיניסטער דזשאָן ראָססעל פירגעלייגט דער קאַמער (דעצעמבער 1847), זי זאָל נאָך אַמאָל באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַראָפּנעמען פון יידן דאָס רעשט אויסנאַם-געזעצן: אַ ייד איז אויסגעקליבן אין פּאַרלאַמענט, — דער בעסטער סימן, אַז דאָס ענגלישע פאָלק האָט נישט קעגן יידן. גלאַדסטאָן, וואָס האָט דאָס יאָר 1833 געשטימט קעגן עמאַנסיפּאַציע,

האָט דאָס מאָל געשטיצט דעם מיניסטערס פאָרשלאַג: ער האָט געהאַלטן, אַז אויב יידן לאָזט מען צו צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, איז פאַרוואָס נישט אין פאַרלאַמענט אויך? בפרט נאָך, אַז אוניטאַריאַנער לאָזט מען יאָ צו, און זיי זענען דאָך זייער ענלעך צו יידן, זיי האַלטן אויך נישט פון די עוואַנגעלישע אני־מאמינס. אַ שטאַרקע רעדע פאַר דעם געזעץ האָט געזאָגט בנימין דיזראַעלי (געטויפט נאָך קינדווייז), וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ נאָמען אין דער ענגלישער שיינער ליטעראַטור: „אַלס קריסט, קאָן איך נישט נעמען אויף זיך די שרעקלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט — אויסשליסן פונם פאַרלאַמענט אַזוינע, וועלכע געהערן צו אַ רעליגיע, וואָס אין איר איז געבוירן געוואָרן מיין משיח״. דער געזעץ וועגן גלייכבאַרעכטונג איז דורכגעגאַנגען אין דער אונטערשטער קאַמער אַלע דריי מאָל לייענען (דעצעמבער 1847 — מאַי 1848) מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען (דאָס לעצטע מאָל מיט 234 קעגן 173). אָבער אין דער אויבערשטער קאַמער האָט ער געהאַט אַ מפּלה: דער פּראָיעקט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט 163 שטימען קעגן 128. דאָס יאָר פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געבראַכט גלייכבאַרעכטונג דעם גרעסטן טייל מערב־אייראָפּעאישע יידן, האָט נישט דערפירט ביזן סוף די עמאַנסיפּאַציע פאַר ענגלישע יידן. דאַרויף האָט מען באַדאַרפט האָבן נאָך צען יאָר.

דאָס אינעווייניקסטע גייסטיקע לעבן ביי ענגלישע יידן איז נישט רייכער געוואָרן די צייט פון שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע. די קהלות זענען געבליבן צעשפּאָלטן אַזוי ווי פריער אויף אשכנזים און ספרדים; אויבן אין די העכערע קרייזן איז מען בכלל געוואָרן אינדיפערענט צו רעליגיע, און דאָך איז די שפּאַלטונג געווען גענוג שטאַרק, אַז די אינעווייניקסטע יידישע אויטאָנאָמיע זאָל קאָנען פאַראייניקן. דער שטרייט וועגן דער רעליגיעזער רעפאָרם, וואָס האָט דערלאַנגט אַהער פון דייטשלאַנד, האָט דאָ נישט באַשאַפן קיין אידעען־באַוועגונג; דאָס האָט נאָר געבראַכט דערצו, אַז אַ הייפל אויפגעקלערטע ספרדים אין לאָנדאָן האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער הויפּט־קהלה און האָט געמאַכט (1841) אַ נייע סינאַגאָגע פאַר זיך; דאָס איז אייגנטלעך געווען נישט מער ווי אַ נייע דעקאָראַציע. פאַר אַ טיפערער רעפאָרם איז אין דער ענגליש־יידישער אינטעליגענץ קיין אינטערעס נישט געווען: די אַסימילאַציע איז שוין דאָ פאַרגאַנגען זייער ווייט. דאָס ביסל טאַלענטירטע קרעפטן ביי ענגלישע יידן האָט שוין דעמאָלט אָנגעשפּאַרט פון יענער זייט יידישקייט. דער עלטערער דיזראַעלי (איזאַק) איז אַרויס פון דער ספרדישער קהלה אין לאָנדאָן און איז געבליבן ביי יידישקייט נישט מער ווי ביים נאָמען. אָנגעזאַפּט מיט קאָסמאָפּאָליטיזם פונם XYIII יאָרהונדערט, האָט ער געשריבן לייכטע זאַכן וועגן ליטעראַרישער קריטיק (Curiosities of literature 1791; Amenities of literature 1840); נישט באַוויזן קיין שום אינטערעס פאַר יידישער גייסטיקער שאַפונג. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַנאָנים אַ בראָשור „Genius of judaism“; אין דער בראָשור רעדט ער מיט התלהבות וועגן דער שיינער יידישער פאַרגאַנגנהייט און מיט פאַרדראָס וועגן דער איצטיקער

אָפּגעשלאָסנקייט, ער ראַט יידן צעשמעלצן זיך אין דער אייראָפּעאישער „מענשהייט". אים אַליין איז אָבער נישט געראָטן אַפילו מיט טויף־וואַסער אָפּצוּוואַשן פון זיין זון בנימין דיזראַעלי דעם „יידישן גייסט". אין דער יוגנט האָט מען דעם יינגן בנימינ'ען אָפּט דערמאָנט, ווי אומנאַטירלעך ס'איז אַ יידיש־ענגליש געמיש; אין זיינע ערשטע ראָמאַנען פון דעם ענגלישן אַריסטאָקראַטישן לעבן („וויוויאַן גריי" און „קאָנטאַריני פלעמינג", 1826—1832) הערט זיך אַ וויי־געשריי פון אַ באַליידיקטן, וואָס מ'שטויסט אים אַרויס פון אַ סביבה, וואוהין מ'האָט אים אַריינגעבראַכט אין דער יוגנט. דיזראַעלי'ן, אַ פאַרברענטן ראָמאַנטיקער אין ליטעראַטור און אין פּאָליטיק, ציט מיט דער קראַפט פון אַטאַוויזם אויפצודעקן „דעם גרויסן סוד פון אַזיע", דאָס וויגעלע פון דריי וועלט־רעליגיעס. אין אַ היסטאָרישער דערציילונג „דוד אַלראָאי" (1833) מאָלט ער אַ משיח פונם XII יאָרהונדערט, אַ פירער פון אַ יידישן אויפשטאַנד אין באָגדאַדער כאַליפאַט, ער מאַכט שלום צווישן יידנטום און איסלאַם. אין אַ שפּעטערדיקן ראָמאַן „טאַנקרעד אָדער אַ נייער קרייצצוג" (1847) איז דער גרונד געדאַנק — די אַסימילאַציע פון סעמיטיזם און אַריער, פון יידנטום און קריסטנטום. אַלס פירער פון דער ענגלישער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי, האָט דיזראַעלי שטענדיק אָנגעוויזן דעם היסטאָרישן אַריסטאָקראַטיזם פון דער יידישער „ראַסע": דאָס וואָלט געקאָנט זיין אַ זייל פון קאָנסערוואַטיזם אין אייראָפּע, ווען נישט רדיפות און רעכטלאָזיקייט וואָלטן פאַריאָגט יידן צו ראַדיקאַלן און רעוואָלוציאָנערן. דיזראַעלי פלעגט אָפּטמאָל דערמאָנען, אַז ער איז שטאָלץ אויף זיין אָפּשטאַם פון דער „מענטשהייטס עלטסטער אַריסטאָקראַטיע", און איז שטענדיק גרייט געווען שטיצן פּאָליטיש גערודפטע יידן אין פרעמדע לענדער, אָבער זיין לעבנס־וועג איז ווייט געווען פונם לעבנדיקן יידנטום, פון זיינע האָפנונגען און שטרעבן. בנימין דיזראַעלי און זיין היפוך קאַרל מאַרקס זענען ביידע קינדווייז אָפּגערויבט געוואָרן ביים יידישן פאָלק, אָבער ס'איז אַ איראָניע פון דער געשיכטע, וואָס בעת דעם פירער פון אַ קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי האָט אינסטינקטיוו געצויגן צום אָנגעוואָרענעם פאָלק, האָט דער פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע אָנהויב זיין פּאָליטישע קאַריער אָפּן געמעלדעט זיין פאַראַכטונג צום יידישן פאָלק.

## § 30. די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע.

די יידישע קאָלאָניע אין אַמעריקע (אין די פאַראייניקטע שטאַטן) איז די ערשטע העלפט דאָס XIX יאָרהונדערט ווייט געווען פון די קריזיסן רעוואָלוציע און רעאַקציע, אָפּגעריסן פונם יידישן היסטאָרישן שטראָם. צו עמאַנסיפּאַציע האָבן זיך יידן דערשלאָגן נאָך פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דעם מאָמענט, ווען די גרויסע רעפּובליק איז אויפגעקומען. דאָס יאָר 1790, ווען אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט מען זיך נאָך געאַמפּערט, געבן אַלע יידן גלייכבאַרעכטונג. אָדער נישט, האָט דער באַשאַפער פון דער

גרויסער רעפּובליק דזשאָרזש וואַשינגטאָן געקאָנט מיט שטאָלץ שרייבן אין אַ חענד־בריוו צו יידישע קהלות: „היינטיקע צייט קאָן מען נישט ריידן פון „טאָ־לעראַנץ", פּונקט ווי איין קלאַס פאָלק וואָלט געניסן זיינע נאַטירלעכע רעכט, ווייל דער אַנדערער קלאַס טוט אים דאָ אַ חסד. די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן פאָדערט נאָר, אַז די, וואָס געניסן איר שוץ, זאָלן זיך פירן ווי ערלעכע בירגער און זאָלן שטיצן די מלוכה". אין דער רעפּובליק האָט מען שטרענג געהאַלטן דעם פּרינציפּ גלייכקייט. נאָך פאַר וואַשינגטאָנס לעבן האָבן יידן פאַרנומען אַמטן אין מיליטער און ציוויל־דינסט אין פאַרשידענע שטאַטן. אין איין שטאַט נאָר, אין מערילענד (מיט דער הויפּשטאָט באַלטימאָרע) זענען אין דער קאָנסטיטוציע געבליבן אייניקע אויסנאַמען: יידן האָט מען נישט צוגעלאָזט צו געזעלשאַפטלעכע און געריכט־אַמטן, וואָרום פון אַזעלכע אַמט־מענער האָט זיך געפאָדערט אַ מעלדונג, אַז זיי גלויבן אין דער אמתקייט פון דער קריסטלעכער רעליגיע. בעת דער ענגליש־אַמעריקאַנישער מלחמה דאָס יאָר 1812 האָט אַ גרופּע יידישע וואָלאָנטיאָרן שטאַרק אויסגענומען; אין שטאַט מערילענד האָט זיך נאָכדעם אָנגעהויבן אַ גרויסע אַגיטאַציע, מ׳זאָל אָפּשאַפן דעם אויסנאַם־פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע. דאָס יאָר 1816 איז אין שטאַט־פאַרלאַמענט אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ געזעץ־פּראָיעקט, מ׳זאָל יידן געבן גלייכע רעכט אין מלוכה־אַמטן. עטלעכע יאָרן נאָכאַנאַנד האָט דער פּראָיעקט אַרומגעוואַנדערט אין ביידע קאַמערס, און ס׳האָבן זיך געפירט וועגן דעם היציקע דעבאַטן. פאַר דעם פּראָיעקט האָט זיך שטאַרק איינגעשטעלט דעפּוטאַט בּ ר אַ ק ע נ ר י ד ז ש; אין דער סעסיע דאָס יאָר 1818 האָט ער געזאָגט אַ גרויסע רעדע פאַר עמאַנסיפּאַציע; די רעדע איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין אַ סך אַמעריקאַנער און אייראָפּעאישע בלעטער: „קיינער, זאָגט ער, איז נישט אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו אונזער פאָטערלאַנד ווי יידן; קיינער טוט נישט אַזוי פיל פאַר די אינטערעסן און וואויל פונם לאַנד, דאָס איינציקע לאַנד אויף דער וועלט, וואָס יידן קאָנען דערויף זאָגן, ס׳איז זייער לאַנד. קיינער האָט נישט געקעמפט מיט אַזאַ העלדנמוט פאַרן פאָטערלאַנד, סיי די לעצטע יאָרן, סיי בעת דער רעוואָלוציאָנערער מלחמה". בראַקענרידזש דערמאָנט, אַז אין אַלע אַנדערע שטאַטן זענען יידן גלייכבאַרעכטיקט און זאָגט ווייטער: „האָבן מיר דען ביז איצט געהאַט אַ געלעגנהייט חרטה צו האָבן אויף אונזער פרייגייסט, אָדער ריכטיקער געזאָגט אויף אונזער אָקציע גערעכטיקייט?" דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן (1825). יידן האָבן געמעגט פאַרנעמען עפנטלעכע אַמטן בתנאי, אַז ביים אָנקומען אויף דעם אַמט זאָל יעדער חתמענען אַ דעקלאַראַציע, אַז ער גלויבט אין יענער וועלט און אין שכר ועונש. אַזוי שטאַרק איז נאָך געווען אין אַמעריקע דער אַלטער פּוריטאַנישער גייסט!

אַזוי האָט זיך אין צפון־אַמעריקע פאַרפעסטיקט יידישע גלייכבאַרעכטונג די צייט, ווען אין מערב־אייראָפּע האָט מייסטנס געווילדעוועט די רעאַקציע, און

פאַר צוויי מיליאָן רוסישע יידן האָט זיך געשטעלט די פינסטערסטע תקופה אין זייער געשיכטע. אַ קליינע גרופּע פון דער נאַציע (קוים צען טויזנט, דאָס ערשטע פערטל דאָס XIX יאָרהונדערט) האָט גענאָסן פרייהייט און גלייכקייט, אָבער אַמעריקע איז געווען אָפּן פאַר אַלעמען, אַהין האָבן געקאָנט קומען נאָך הונדערטער טויזנטער פון די פּיין-לענדער. ביי אַזאַ לאַגע איז געווען נאַטירלעך, ביי מענטשן זאָל געבוירן ווערן דער געדאַנק: צי איז נישט די רעפּובליק אויף יענער זייט ים יענץ צוגעזאָגט לאַנד, וואָס דאָרט זאָל דאָס געפּלאָגטע וואַנדער-פאָלק ישראל געפונען רו און גליק? ביי איינעם מרדכי נח, (1785—1851) אַ ניו-יאָרקער טוער און זשורנאַליסט, איז פונם דאָזיקן געדאַנק געוואָרן אַ שיינער פאַנטאַסטישער פּלאַן — נח'ס פאָטער האָט זיך באַטייליקט אינם באַפריי-קריג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ער אַליין האָט אין דער יוגנט פאַרנומען אַ פּאָסטן פון אַמעריקאַנער קאָנסול אין טוניס (1813), נח האָט אויסגעפירט דעם אויפטראַג, וואָס מ'האָט אים געגעבן, ער האָט אויסגעקויפט די אַמעריקאַנער, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין געפענגעניש צו די אַלזשירער בעת'ן ענגליש-אַמעריקאַנישן קריג, צוריקגעקומען אַהיים און זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק. דאָ האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט זשורנאַליסטיק, אַרויסגעגעבן אייניקע צייטונגען (National advocate און אַנד.). דאָס יאָר 1819 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך: „אַ רייזע איבער ענגלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניע און בערבעריע-לענדער", אויספירלעך באַשריבן זיינע וואַנדערונגען די צייט פון זיין קאָנסול-אַמט. שפּעטער איז ער געווען אינספּעקטאָר פון ניו-יאָרקער האַפן. אין דער דאָזיקער רעשיקער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט נח נישט פאַרגעסן אין זיין פאָלק. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו מאַכן אַ רואיקן עיר-מקלט ערגיץ אין אַ ווינקל אין אַמעריקאַנער רעפּובליק פאַר די גערודפטע יידן אין אייראָפּע. צו דעם צוועק האָט ער מיט פריינטס הילף פאַרוּוערבט אין שטאַט ניו-יאָרק, נעבן דער שטאָט בופאַלאָ, ביים טייך ניאַגאַראַ, אַן אינזל גראַנד איילענד, 13 מייל די לענג און 5 די ברייט. אויף דעם דאָזיקן אינזל זאָל דאָס זיין די עיר-מקלט „אררט", יידן זאָלן דאָ לעבן גאַנץ אויטאָנאָם אונטער דעם שוץ פון די פאַראייניקטע שטאַטן און אונטער דער הערשאַפט פון נח'ן גופא, וואָס האָט זיך גענומען דעם טיטל „שופט". וואָס ווייטער, דאָס מער האָט זיך נח אַריינגעלאָזט אין פאַנטאַזיע-פלענער: ער האָט זיך געמאָלט אַ בילד פון אַ יידישער מלוכה אויף אַ אינזל, וואָס האָט קוים געקאָנט זיין אַ פּלאַץ פאַר 10 טויזנט איינוואַנדערער. סעפּטעמבער 1825 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַרעשיקן אויפרוף צו יידן אויף דער גאָרער וועלט אַזוי: „איך מרדכי עמנואל נח, בירגער פון צפון-אַמעריקאַנער פאַראייניקטע שטאַטן, פריער קאָנסול אין טוניס, איצט שעריף אין ניו-יאָרק און מיט גאָטס גנאָד רעגירער און שופט אין ישראל, מעלד דערמיט יידן אויף דער גאָרער וועלט, אַז ס'איז צוגעגרייט אַ זיכער אָרט, דאָרט וועלן זיי געניסן שלום, טרייסט און גליק, וואָס אומטאָלעראַנץ און פאָראורטיילן די פריערדיקע צייט

האָבן דאָס ביי זיי אַוועקגערויבט, אַ זיכער אָרט אין אַ פריי, שטאַרק לאַנד, וואו זיי, זייער פאַרמעגן און רעליגיעזע מנהגים זענען גאָר געזיכערט, אין אַ לאַנד, וואָס רינט האָניק און מילך; ישראל זאָל דאָרט זיצן אין פרידן יעדער אונטער זיין ווייַנשטאָק און פייגנבוים; אונזער פאָלק זאָל זיך אויסלערנען רע-גירן, אויפגעקלערט ווערן מיט וויסנשאַפט און ציוויליזאַציע און אַזוי אַרום זיך גרייטן צוריק אויפבויען זיין אַלטע היים (פּאַלעסטינע), וואָס דאַרף אינגיכן פאַר-קומען, ווי מיר האָבן דערויף צייכנס היינטיקע צייט". אין אויפרוף ווערן אויס-גערעכנט די מעלות פון נח'ס אינזל: ער איז זייער פּאַסיק פאַר לאַנד-ווירטשאַפט, פאַר האַנדל און אינדוסטריע. „אין גאָטס נאָמען", דערקלערט נח, פון היינט אָן „לעבט ער אויף, באַנייט און בויט אויף די יידישע נאַציע אונטער דעם שוץ פון דער קאָנסטיטוציע און געזעצן פון אַמעריקאַנער פאַראייניקטע שטאַטן" און „הייסט" אַלע רבנים און פּרנסים אין די קהלות צוגרייטן דאָס פאָלק, מאַכן אַ ציילונג צווישן יידן, דערהויפּט אין די שולן און העלפן אַריבערפאָרן אין דער שטאָט אררט, דער-הויפּט דער יוגנט. דער רעגירער פון דער פּאַנטאַזיע-מלוכה גיט שוין אין זיין אויפרוף אַ סך געזעצן: יידן אין אַזיע און אין אַפריקע זאָלן נישט האָבן מער ווי צו איין פרוי, מ'זאָל נישט פרי חתונה-מאַכן קינדער, יידן זאָלן זיך נישט מישן אין דער מלחמה צווישן טערקן און גריכן „צוליב דעם וואויל פון אַ סך יידן, וואָס שמאַכטן אונטער טערקיי'ס יאָך". יעדער ייד זאָל צאָלן אַ קאָפּשטייער דריי שקלים זילבער אָדער איין שפּאַנישן טאָלער צו דעקן די הוצאות אויף איבערפאָרן און איינאָרדענען די קאָלאָניסטן אין דער נייער קאָלאָניע. אַלע 4 יאָר זאָל באַשטימט ווערן אַ נייער שופט אין דער קאָלאָניע, לויטן איינזעען פון דער צענטראַלער יידישער קאָנסיסטאָריע אין פּאַריז. פאַר ממונים אין אייראָפּע אויף אויסצופירן זיין פּלאַן מאַכט נח: דעם פּאַריזער הויפּט-רב אברהם-דע-קאָן לאַנאַי, די ראַבינער פון באָרדאָ און לאָנדאָן, עדוואַרד האַנס'ן, דעם פּאָרזיצער פון בערלינער „פאַראיין פאַר יידישער קולטור" (דאָסזעלבע יאָר האָט זיך האַנס געשמד'ט), דעם געלערנטן ל. צונץ און אַנדערע.

אַלע צייטונגען און זשורנאַלן אין אַמעריקע און אין אייראָפּע האָבן איבער-געדרוקט דעם דאָזיקן אויפרוף פאַר אַ סענסאַציע-זאַך, אָבער אומעטום האָט מען זיך פאַרהאַלטן צו דער דאָזיקער ידיעה מיט אומצוטרוי, אָדער אפילו שלעכט-געשטימט. מאָדנע האָט אויסגעזען סיי דער פּלאַן פון „יידישער רעסטאַוראַציע" אויף אַ ווילדן אינזל, סיי דער אויפרוף גופא. איינער פון די „ממונים" דע-קאָ-לאַנאַי, הויפּט-רב אין פראַנקרייך, האָט באַלד געמעלדעט אין צייטונגען פון זיין נאָמען און פון לאָנדאָנער רבנים נאָמען, אַז זיי נעמען אויף זיך נישט די שליחות, זיי האַלטן, אַז מטאָר נישט „מקרב זיין דעם קץ" און אָפּציען יידן פון די לענדער, וווּ זיי „געניסן פרידן און פרייהייט אונטער דער הערשאַפט פון גוטהאַרציקע רעגירער". ווינער משכּילים האָבן איבערגעדרוקט נחס אויפרוף

אין זייער זשורנאַל „ביכּורי־העתּים״ מיט איראָנישע באַמערקונגען. קיין בעלנים אויף נחס עיר־מקלט האָט זיך נישט געפונען... דערווייל אָבער האָט נח נישט געוואָלט וואַרטן, ביז מ׳וועט זיך צונויפפאָרן, און געמאַכט אַ יום־טוב פון וועגן פאַרלייגן דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייער שטאָט „אררט״ אויפן געקויפטן אינזל. דעם 15־טן סעפּטעמבער 1825 זענען זיך אין דער נאָענטסטער שטאָט בופאַלאָ צונויפגעקומען פאַרבעטענע געסט און גלאַט אַ גרויסער עולם צוזען דעם חדוש. נח, אָנגעטון אין אַ רויט זיידענער מאַנטיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל איבער דעם שוואַרצן אנצוג, האָט געפירט אַ פּראָצעסיע פון מיליטערטיילן מיט באַאַמטע פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, מיט גייסטלעכע און גלידער פון מאַסאָנען־לאָזשעס אין דערמיט. מיט מוזיק און געזאַנג איז די פּראָצעסיע אַריין אין בּיסקופּ־קירך, וואו ס׳איז שוין געווען צוגעגרייט אַ גרויסער שטיין פאַר דעם פונדאַמענט פון דער שטאָט „אררט״. אויפן שטיין איז געווען אויסגעקריצט: „שמע ישראל, ה׳ אלוהינו ה׳ אחד. אַררט, אַ עיר מקלט פאַר יידן, וואָס מרדכי עמנואל נח האָט געגרינדעט חודש תשרי דאָס יאָר ה׳ תקפ״ו, דאָס פופציקסטע יאָר פון אַמעריקאַנער פרייהייט״. אַ גלח האָט געזאָגט אַ געבעט, דער כאָר האָט אָפּגעזונגען פסוקים תהלים, און נח האָט געזאָגט אַ לאַנגע רעדע וועגן אויפלעבן דאָס פאָלק ישראל אין אַמעריקע. דער דאָזיקער יום־טוב דאָס איז געווען דער סוף פון נחס פּלאַן. די שטאָט אַררט איז געבליבן נישט געבויט, דער פונדאַמענט־שטיין מיט דער דערמאַנטער אויפשריפט ליגט ביז היינט אין מוזיי אין בופאַלאָ, אַ זכר פון אַ חלום, וואָס איז נישט באַשערט געווען ווערן צו־וואָר. איבער דער נאַאיווער פאָרם האָט יענער דור נישט איינגעזען דעם מיגלאַכן רעאַלן תוך: שאַפן אַ יידישן שטאַט אין דעם ווייניק־באַזעצטן נייעם לאַנד... דער אויפטוער פון דעם דאָזיקן טרוים האָט נאָך נאָכדעם געלעבט אַ שטיק צייט, באַשעפטיקט זיך מיט אַזוינע וואָכעדיקע זאַכן, ווי זשורנאַליסטיק, שרייבן לעבעדיקע טעאַטער־פּיעסען און טון אין צדקה־ענינים. זיינע לעצטע יאָר, האָט ביי אים ווידער אויפגעפלאַקערט דער טרוים וועגן פּאָליטיש אויפלעבן די יידישע נאַציע. דאָס יאָר 1844 האָט ער געהאַלטן אין ניו־יאָרק צוויי רעדעס פאַר אַ גרויסן קריסטלעכן עולם: „וועגן יידישער אויפלעבונג״; געדרוקט דאָס יאָר 1845 מיטן טיטל: (Discourse on the restoration of the Jews). מיט היין האָט ער געמונטערט קריסטלעכע פעלקער, זיי זאָלן העלפן יידן ווידער אויפשטעלן פּאַלעסטינע אַלס אַ יידישן צענטר. אין די דאָזיקע רעדעס זענען פאָראויסגעזעען און טיילווייז אויסגעדריקט מערקווירדיק שטאַרק די פּאַלעסטינישע און ציוניסטישע אידעען, וואָס מיר געפינען שפּעטער קלאָרער פאָרמולירט ביי העסן, פּינסקערן און הערצלען.

בעת נח איז געווען פאַרטון אין אַ שיינער פאַנטאַזיע, האָט ער נישט דערזען און נישט דערשאַצט דעם רעאַלן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס איז פירגעקומען פאַר זיינע אויגן, ווי ביסלעכווייז וואַקסט אַ יידישער צענטר אין אַמעריקע. די איראָפּעאישע רעאַקציע די יאָרן 1815—1848 האָט פאַרטריבן קיין אַמעריקע

גרויסע מאַסן עמיגראַנטן פון דייטשלאַנד און עסטרייך, צווישן די זענען געווען אַ סך יידן אויך. די גרעסטע צאָל יידישע עמיגראַנטן איז געווען פון בייערן און פון פרייסן; צום יאָר 1848 איז שוין אין די פאַראייניקטע שטאַטן געווען אַ היפשע צאָל יידן — אַקעגן 50 טויזנט נפשות, ד. ה. אַז פאַר 20 יאָר האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג דאָרט פאַרמערט 5 מאָל אַזוי פיל. די אָנגעקומענע האָבן זיך באַזעצט, חוץ אין די גרויסע צענטערן, נאָך אין קלענערע שטעט אויך, וואו קיין אָרגאַניזירטע יידישע קהלות איז נאָך נישט געווען. דער אָרימער טייל האָט זיך תחלת באַשעפטיקט מיט פעדלעריי, ביז ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, פאַרמעגלעכערע לייט האָבן געמאַכט געשעפטן און קראָמען און זענען געוואַקסן. איינגעאָרדנעטע האָבן אַראָפּגעבראַכט פון דייטשלאַנד קרובים און באַקאַנטע; אַזוי איז אין אַמעריקע געוואָרן יידישע קהלות אין אַזוינע שטעט ווי צינצינאַטי, טשיקאַגאָ און אַנד., וואו פריער איז דאָס נישט געווען. צווישן די אָנגעקומענע זענען געווען רעפאָרמיסטן אויך, ס׳זענען געוואָרן רעפאָרמיסטישע ראַבינער. דער ערשטער איז געווען איזאַק ל י ז ע ר, אַ פרייסישער ייד, וואָס איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין דער יוגנט נאָך; דאָס יאָר 1829 איז ער געוואָרן ראַבינער ביי דער קאָנגרעגאַציע „מקוה ישראל“ אין פילאַדעלפיע. ער האָט איינגעפירט דרשות אויף ענגליש ביים דאַוונען, ער האָט איבערגעזעצט תנ״ך אויף ענגליש, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי אַמעריקאַניזירטע יידן; דאָס יאָר 1843 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם ערשטן ערנסטן אַמעריקאַניש יידישן זשורנאַל The Occident, וואָס ער האָט רעדאַקטירט ביזן טויט (1868). דער צווייטער רעפאָרם־פיאָנער איז געווען דער געוויסער ד״ר ליליענטאַל, וואָס איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד פון דער שול־רעפאָרם נאָכדעם ווי ער האָט דערשמעקט דעם אמת׳ן מיין פון דער רוסישער רעגירונג. אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז ער אָנגעקומען דאָס יאָר 1845 און איז געוואָרן ראַבינער אין ניו־יאָרק ביי צוויי רעליגיעזע קאָנגרעגאַציעס. אומצופרידן מיט זיין אָרטאָדאָקסאַלער קהלה איז ער אין עטלעכע יאָר אַרום אַוועק פון איר און איז אָפן צוגעשטאַנען צו רעפאָרמיסטן. ער איז געוואָרן ראַבינער אין צינצינאַטי און פאַרבראַכט דאָרט ביזן טויט (1882), דערלעבט נאָך צוזען די ערשטע יידישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, וואָס זענען אַנטלאָפן פון פאָגראָמען. דערהויפט האָט זיך די רעפאָרמיסטישע באַוועגונג פאַרשטאַרקט אין אַמעריקע די תקופה וואָס נאָך דעם (די יאָרן 1848—1881), די צייט, ווען ס׳זענען מייסטנס אויפגעקומען קהלות אין אַמעריקע. אַ סך האָט דאָ מיטגעהאָלפן דעם רעפאָרמיזם די אַמעריקאַנער סיסטעם „קאָנגרעגאַציעס“. אָדער סינאַגאָגאַלע חברות: יעדע קהלה האָט געהאַט עטלעכע אַזוינע קאָגגרעגאַציעס, און יעדע קאָנגרעגאַציע האָט געהאַט איר רב, אירע רעליגיעזע און צדקה־אינסטיטוציעס, האָט זיך געקאָנט איינפירן, וואָס פאַר אַ רעליגיעזע רעפאָרמעס זי האָט געוואָלט. די דעצענטראַליזאַציע האָט אָפּגעשוואַכט דעם פאָליטישן ווערט פון דער קהלה, אַלס אַ נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו, דאָ האָט

אָבער געשטעקט אַ מעלה אויך: יעדער טייל קהלה האָט זיך געהאַט זיין רעלי־
גיעזע פרייהייט.

## § 31. דער עלילת־דם אין דמשק און דאָס אויפוואַכן פֿ׳ די מזרח־לענדער.

די ערשטע העלפט פונם XIX יאָרהונדערט, די צייט פון שווערע קרי־
זיסן פאַר דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, האָט דערוועקט יידן אין די מזרח־לענדער
פון טיפן שלאָף. אויפגעוועקט דעם מזרח האָט נישט קיין רעוואָלוציע, געשריי
וואָס זאָל רופן אַראָפּצוואַרפן דעם דעספּאָטיזם, נאָר דאָס פונאַנדערלויפן פון
פעלקער, וואָס טערקיי האָט מיט גוואַלט געשטיקט: די קאָנקורענץ צווישן קליינע
דעספּאָטן פאַשאַס, און דעם גרויסן דעספּאָט — דעם סולטאַן, און לסוף די עגאָ־
איסטישע פּאָליטיק פון אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס האָט זיך געמאַכט פון די
אינעווייניקסטע טערקישע ווייטאָקן אַ שאַרפע „מזרח־פראַגע”. דער אויפשטאַנד
און דאָס באַפרייען גריכנלאַנד (1820—1829) — איז געווען דער ערשטער קלאַפּ
פאַר יידן אין אייראָפּעאיש טערקיי. אומגעריכט האָבן יידן שטאַרק געליטן פונם
גריכישן אויפשטאַנד. דעם ערשטן טאָג קריסטלעכער פּאַסכאַ 1821 זענען דעם
סולטאַנס יאַניטשאַרן באַפאַלן די פּראַוואָסלאַווע קירך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל,
געהרגעט דעם גריכישן פּאַטריאַרך גריגאָרי און אַריינגעוואָרפן דעם טויטן קערפּער
אין ים אַריין. אינם עולם טערקן, וואָס האָבן געשלעפּט דעם טויטן קערפּער
איבער די גאַסן, זענען געווען עטלעכע יידן אויך צופעליק אַלס צוזעער: לויט
אַ באַפעל פון די מערדער האָבן זיי שוין געמוזט בייזיין אין דער העסלעכער,
מוסולמענישער דעמאָנסטראַציע. צווישן גריכן האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען,
אַז יידן האָבן אַ חלק אין הרגענען דעם פּאַטריאַרך און זיי האָבן זיך גענומען
נוקם זיין אין יידן. אין מאָרעע, אינם צענטער פונם גריכישן אויפשטאַנד, זענען
טויזנטער אומשולדיקע יידן אומגעקומען פון די ווילד־צערייצטע גריכן, וואָס האָבן
זיך אַזוי נוקם געווען פאַרן פּאַטריאַרך. די צאָל יידישע קרבנות זאָל האָבן דער־
לאַנגט ווי מ׳זאָגט ביז 5 טויזנט (די דאָזיקע צאָל איז מסתמא איבערגעטריבן).
די לעגענדע, אַז יידן האָבן געהרגעט דעם פּאַטריאַרך, האָט דערלאַנגט צו דער
ווייטער גריכישער קאָלאָניע אין אָדעס, ווען זומער דאָס יאָר 1821 האָט אַ שיף גע־
בראַכט דעם פּאַטריאַרכס קערפּער קיין אָדעס צו קבורה; אַ המון גריכן מיט אַ
צוגאָב רוסישע כוליגאַנעס איז באַפאַלן און רואינירט יידישע בתי־מדרשים, היי־
זער, קראָמען, געשלאָגן אַסך יידן, אייניקע געהרגעט (דעם 19־טן יוני); קוים
מיט מי האָט פּאָליציי און מיליטער איינגעשטילט דעם פּאָגראָם. אַזוי האָט זיך
די אַלטע אַנטיסעמיטישע וויזאַנטי געגעבן אָנצוהערן אינם אויפגעלעבטן
גריכנלאַנד.

אין דער אַזיאַטישער טערקיי האָבן יידן אויך געהאַט אַ סך אויסצושטיין

די שווערע צען יאָר קאַמף (1831 — 1840) צווישן עגיפּטישן פּאַשאַ מאַכמעד אַלי און דעם סולטאַן. דער וואַסאַל מאַכמעד אַלי, וואָס איז אויפגעשטאַנען קעגן סולטאַן מאַכמוד II, איז געוואָרן פריער אַליינהערשער אין מצרים, דערנאָך האָט ער פאַרכאַפּט סיריע אויך; דער גאַנצער פּאַלעסטינער ברעג־ים איז גע־וואָרן אַ קאַמף־פּלאַץ. איבער די געגנדן פון אַמאָליקע יהודה און גליל האָבן אַרומגעיאָגט מאַכמעד אַלי׳ס חילות, ווילדע דרוזן פון לבנון, אויפגעשטאַנענע אָרטיקע פעלאַכן. דאָס עגיפּטישע מיליטער אונטער איבראַהים־פּאַשאַ׳ס קאָמאַנדע האָט פאַרוויסט ירושלים, חברון און צפת (1834), מער פאַר אַלץ האָט מען ראַ־בירט און געהרגעט די אומבאַוואָפנטע יידישע באַפעלקערונג — מ׳האָט געשענ־דעט פרויען, פאַראומווערדיקט בתי־מדרשים. צו דעם שרעקלעכן קריג איז נאָך צוגעקומען אַ שרעקלעכע ערדציטערניש, וואָס האָט אומגעבראַכט צפת און טבריה כמעט מיט דער גאָרער באַפעלקערונג. אַ יאָמער און אַ קלאָג האָט זיך געטראָגן איבער די הייליקע ערטער, טויזנטער נייע קברים זענען צוגעקומען צו די אַלטע, אָפּגעווישט איז געוואָרן די גרעניץ צווישן לעבן און טויט. די אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטיע האָט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פון דעם בלוטיקן טומל אין די מזרח־לענדער און האָט זיך אַפילו אַליין באַטייליקט אין קאַמף פונם סולטאַן מיט דעם אויפגעשטאַנענעם וואַסאַל. פראַנקרייך האָט געהאַלטן מיט מאַכמעד אַלי, וואָס האָט פאַרשטאַנען צו פאַרדעקן די נאַקעטקייט פון אַזיאַטישן דעספּאָ־טיזם מיט אַ גלאַנץ פון אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. רוסלאַנד, טיילווייז ענג־לאַנד און עסטרייך, האָבן געהאַלטן טערקייס צד. אַלע פאַראינטערעסירטע מלוכות האָבן געפירט זייער פּאָליטיק דורך זייערע קאָנסולן; די דאָזיקע קאָנ־סולן האָבן געשפּילט אַ ראָליע פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער רעגירונג צו דער טערקישער רעגירונג, דערהויפּט אין די גרויסע פּאָרט־שטעט אין סיריע און אין פּאַלעסטינע. דאָס יאָר 1840, קורץ פאַר מאַכמעד־אַליס פאַלן, האָט זיך דער דיפּלאָמאַטישער קנויל פון דער „מזרח־פראַגע״ שטאַרק פאַרפּלאָנטערט, און דע־מאָלט האָט זיך אין דמשק, אין דער רעזידענץ פון סיריע (אונטער מאַכמעד־אַליס הערשאַפט) אָפּגעשפּילט אַ שרעקלעכע טראַגעדיע, וואָס האָט שטאַרק אויפ־גערודערט יידן אויף דער גאָרער וועלט.

אין דמשק האָט געוואוינט ביז 20 טויזנט יידן, צווישן זיי אַ סך אָנגע־זעענע, רייכע ספרדישע פאַמיליעס. חוץ יידן און מוסולמענער איז נאָך דאָ גע־ווען אַ קאָלאָניע קריסטן אונטערן שוץ פונם פראַנצויזישן קאָנסול. (פראַנקרייך האָט, ווי געזאָגט, געהאַלטן מאַכמעד־אַלי׳ס צד). דעם 5 פעברואַר 1840 איז פון דער דאָזיקער קאָלאָניע נישט געבליבן אַ קאַפּוצינער מאָנאַך, פּאַטער טאָמאַס. טאָמאַס האָט זיך באַשעפטיקט אַגב מיט פּאָקן־שטעלן און סגולות־געבן אויך און איז געווען אַן אָפּטער אַריינגייער סיי צו יידן, סיי צו קריסטן. קורץ פאַרן פאַרשווינדן האָט ער געהאַט עפּיס אַ סכסוך מיט אַ טערק; יענער האָט געשראָקן דעם מאָנאַך, ער וועט אים הרג׳נען. פונדעסטוועגן איז ווי נאָר דער מאָנאַך איז

נישט געבליבן, האָבן זײַנע אָבערגלויבישע חברים גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנ־
גען, אַז יידן האָבן אים אומגעבראַכט; אַ סימן, אַז אַ טאָג פאַר דעם האָט מען
אים געזען אין יידישן קוואַרטאַל. צו וואָס האָבן דאָס יידן געטון, איז די מאָ־
נאַכן קלאָר געווען: יידן דאַרפן האָבן קריסטלעך בלוט אויף פסח צו די מצות.
ראַטי־מענטאָן, פראַנצויזישער קאָנסול אין דמשק, אַ פאַרדעכטיקע פערזאָן מיט
אַ חשוד׳יקער פאַרגאַנגנהייט, האָט די ווערסיע גערן אָנגענומען און אויף דעם
וועג געלאָזט פירן די פאָרשונג, אַזוי ווי אַ געניטער אינקוויזיטאָר; צו אים האָט
צוגעשטימט דער אכזר׳דיקער דמשק׳ער שעריף־פּאַשאַ. מ׳האָט באַלד אַרעסטירט
עטלעכע יידן. איינעם אַ שערער האָט מען ביים פאַרהער געגעבן פינף הונדערט
שטעקנס איבער די זוילן, ער זאָל אָנרופן די שולדיקע. דער געפייניקטער האָט
נישט אויסגעהאַלטן און האָט אָנגערופן די ערשטע בעסטע זיבן נעמען, וואָס
זענען אים געקומען אין קאָפּ אַריין: דוד הררי מיט זיין זון און זיינע ברידער,
משה אַבולאַפיה, משה סאַלאָניק און יוסף לאַניאַדאָ. די געמסרטע האָט מען
באַלד פאַרשפאַרט אין אַ פינסטערער תפיסה און גענומען צום פאַרהער. שעריף־
פּאַשאַ׳ס און מענטאָנס איקוויזיטאָרס האָבן זיי געפייניקט אויף אַזאַ שטייגער:
מענטשן אין די יאָרן און זקנים האָט מען געהאַלטן 36 שעה אויף די פיס; אָן
שפּייז, אָן אַ טרונק, אָן שלאָף. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט מען זיי גע־
שמיסן מיט ריטער ביז חלשות־פאַלן, אָפּגעמונטערט און ווידער געשמיסן. די
פייניקונג האָט נישט געהאָלפן, די אַלטע האָבן זיך נישט געלאָזט ברעכן, דע־
מאָלט האָט מען זיך גענומען פאַר קינדער: שעריף־פּאַשאַס אַגענטן האָבן געכאַפּט
60 יידישע קינדער פון 3 ביז 10 יאָר אַלט, פאַרשפאַרט זיי אין איין אָרט און
געלאָזט אָן עסן. ווי משוגענע האָבן זיך געריסן די מוטערס, צוהערנדיק די וויי־
געשרייען פון זייערע געפייניקטע קינדער, אָבער דעם בלבול האָבן זיי נישט
באַשטעטיקט. דערווייל, זוכנדיק דעם טויטן קערפער פון פאַטער טאָמאַס, האָט
מען געפונען אויפן ברעג קאַנאַל אַ ביין און אַ שטיק פון אַ בגד, אין אַן אַנדער
אָרט האָט מען געפונען ביינער, וואָס דאָקטוירים האָבן זיי געהאַלטן פאַר שעפּ־
סענע. מ׳האָט ווידער גענומען פייניקן די פאַרמסר׳טע: דאָס מאָל האָבן
די פייניקער אויסגעפירט זייערס: לאַניאַדאָ איז אויסגעגאַנגען פון פייניקונג,
אַבולאַפיה איז געוואָרן אַ מוסולמענער, די איבריקע האָבן נישט געקאָנט
אויסשטיין די פייניקונג און האָבן נאָכגעגעבן, וואָס מ׳האָט געוואָלט פון זיי: זיי
האָבן גענומען דעם בלבול אויף זיך, כדי אַזוי אַרום אויסבעטן אויף זיך וואָס
גיכער דעם טויט. פאַר ראַטי־מענטאָנען זענען די דאָזיקע קרבנות געווען ווייניק,
האָט ער פאַרצויגן די שטריק אויף נאָך אומשולדיקע: אַזוי זענען אַריינגעפאַלן
דריי דמשקער רבנים, אָנגעזעענע גלידער פון דער פאַמיליע פאַרכי, און יצחק
פּיקטשיאָטאָ אַן עסטרייכישער אונטערטאַן. דעם לעצטן איז בייגעשטאַנען דער
עסטרייכישער קאָנסול מערלאַטאָ און אים נישט אַרויסגעגעבן די פייניקער, דעם
קאָנסול איז געווען שטאַרק דערווידער דער מאַכטס אינקוויזיטאָרישע מעטאָדע.

דער אויפגעפלאַמטער פאַנאַטיזם ביי קריסטן און מוסולמענער האָט גע־האַלטן אין איין צעבלאָזן די בלוטיקע לעגענדע. פרילינג דאָס זעלבע יאָר האָט זיך געמאַכט אַן עלילת־דם אויפן אינזל ראָדאָס, וואו יידן האָבן געלעבט צווישן אַ פיינטלעך־געשטימטער גריכישער באַפעלקערונג. אַ גריכיש יינגל האָט זיך אויפגעהאַנגען, מ׳האָט געפונען דעם טויטן קערפּער און מ׳האָט באַלד געמאַכט דערפון אַן עלילת־דם. מ׳האָט שוין געהאַט אַרעסטירט אַ יידן, וואָס אויף אים האָט מען געוואָרפן דעם חשד, און מ׳האָט אים געפּייניקט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט גענומען אויף זיך דעם בלבול. ס׳האָט אויפגעפלאַקערט דער האַס צו יידן דערהיצט פון שרעקלעכע קלאַנגען... דער פינסטערער המון איז באַפאַלן יידן אין סמירנע, אין ביירוט, נעבן דמשק... דאָס פייער אויפן אינזל ראָדאָס האָט מען איינגיכן איינגעשטילט. דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער חכם־באַשי (הויפּט־רב) משה פרעסקאָ און דאָס לאָנדאָנער באַנק־הויז רויטשילד האָבן געפועלט ביים סולטאַן, מ׳זאָל איבערטראָגן דעם פּראָצעס קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל; דער טערקישער מלוכה־ראַט (דיוואַן) האָט קלאָר געמאַכט, אַז יידן זענען דאָ אומשולדיק (יולי).

מיטן דמשקער עלילת־דם האָט דערווייל געקלינגען די גאַנצע אייראָפּע־אישע פּרעסע. ראַטי־מענטאָן האָט מיט זיינע מיטטיילונגען אין דער פּרעסע געהעצט פראַנקרייך קעגן יידן. קלעריקאַלן פון אַלע לענדער האָבן שוין פאַר־אויס געקוואָלן, וואָס מיטלאַלטער שטייט אויף תחית־המתים. אין רוים האָט מען אין קאַפּוציינער־קירך געשטעלט אַ שטיין, אַן אייביקן זכרון פונם „קדוש״ פאַטער טאָמאַס, וואָס יידן זאָלן אים האָבן אומגעבראַכט. די ידיעה וועגן דער נייער אינקוויזיציע האָט שטאַרק אויפגערעגט די יידישע געזעלשאַפט אין אייראָפּע. יידישע טוער אין די רעזידענץ־שטעט האָבן געהאַט די געניסטע ידיעות וועגן די געשעענישן אין דמשק. אַדאָלף קרעמיע, משה מאָנטעפיאָרע, די רויטשילדס און אַנדערע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן האָבן באַקומען געבעט־בריוו פון דאָרט, מ׳זאָל זעען טון. מ׳האָט באַדאַרפט פאַרפירן אַ קאַמף קעגן דעם בלבול, וואָס האָט געוואָרפן אַ פלעק אויף דאָס גאַנצע יידנטום, און ספּעציעל קעגן דמשקער אינקוויזיציע־געריכט, וואָס האָט געמאַכט פון וויס שוואַרץ. דער ערשטער האָט זיך גענומען פאַר דער זאַך אַדאָלף קרעמיע, דעמאָלט וויצע־פּרעזידענט פון דער פּאַריזער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע. ער האָט מיטגעטיילט דעם מיניסטער־פּרעזי־דענט טיערן וועגן ראַטי־מענטאָנס מעשים, און באַקומען אַן ענטפער, אַז די רע־גירונג ווייסט נאָך גאָרנישט פון דמשקער פּראָצעס. קרעמיע האָט זיך דעמאָלט געווענדעט צום קעניג לואי־פיליפּ; יענער האָט אָבער אויך דיפּלאָמאַטיש געענט־פערט, אַז דער קעניג איז גרייט בייצושטיין אומגליקלעכע, אויב ס׳וועלן זיך גע־פינען אַזוינע. באמת אָבער האָט זיך די פראַנצויזישע רעגירונג נישט געוואָלט אָננעמען פאַר דמשקער יידן: איר האָט נישט געלוינט קאָמפּראָמעטירן איר אַגענ־מענטאָן און קריגן זיך מיט אַ פאַרבונדעטן, מיט מאַכמעד־אַלי, וואָס זיין דמשקער גובערנאַטאָר האָט דאָ געשטעקט. אַנדערש האָט זיך פאַרהאַלטן צו דער זאַך די

ענגלישע רעגירונג. נאָכדעם ווי אַ יידישע דעפּוטאַציע האָט איבערגעגעבן לאָרד פּאַלמערסטאָנען וועגן די געשעענישן אין דמשק און אין ראָדאָס, האָט יענער באַפוילן דעם ענגלישן געזאַנדטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דעם קאָנסול אין אַלעקסאַנדריע טון מיטלען קעגן דער אכזריות פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע. דער עסטרייכישער מיניסטער מעטערניך האָט זיך אויך פאַרהאַלטן קאָרעקט; דער עסטרייכישער קאָנסול אין דמשק האָט אים מיטגעטיילט אַן ערלעכע באַשרייבונג פון דעם אינקוויזיציע־פּראָצעס; מעטערניך האָט באַפוילן די עסטרייכישע אַגענטן אין סיריע און אין מצרים, זיי זאָלן זיך ענערגיש אָננעמען פאַר די געפּלאָגטע יידן. לאַאורין, עסטרייכישער גענעראַל־קאָנסול אין אַלעקסאַנדריע, האָט אין דעם זין פּירגעהאַלטן מאַכמעד־אַלין; פאַרקערט, דער פראַנצויזישער גענעראַל־קאָנסול קאָשלע האָט געווירקט, מ׳זאָל זיך נישט איילן אַ סוף מאַכן צום דמשקער פּראָצעס. אויף דעם עסטרייכישן קאָנסולס ראַט האָט די יידישע קהלה אין אַלעקסאַנדריע דערלאַנגט מאַכמעד־אַלין אַ פּעטיציע, געשריבן מיט האַרץ. די פּעטיציע לאָזט זיך אויס מיט אַזוינע ווערטער: „מיר בעטן נישט קיין רחמנות צו אונזערע גלויבנסברידער (אין דמשק), מיר פאַרלאַנגען גערעכטיקייט". מאַכמעד־אַלי האָט צוגעזאָגט צונויפשטעלן ספּעציעל אַ געריכט פון די קאָנסולן, דעם ענגלישן, דעם עסטרייכישן, דעם רוסישן און דעם פּרייסישן, אויסצופאָרשן דעם דמשקער פּראָצעס; די זעלבע צייט האָט ער באַפוילן דעם דמשקער גובערנאַטאָר שעריף־פּאַשאַ אָפּשטעלן אַרעסטן און פּייניקונגען. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אין דער זאַך דער פראַנצויזישער קאָנסול קאָשלע: ער האָט זיך געפילט באַליידיקט, וואָס דעם פראַנצויזישן דיפּלאָמאַטישן אַגענט האָט מען נישט אַריינגעשטעלט אין צעטל ריכטער אין דער קאָנסול־קאָמיסיע. טיער, וואָס האָט יענע צייט, געמאַכט חנדלאַך די קלעריקאַלן, האָט אים צוגעגעבן מוט מיט זיינע אינסטרוקציעס, און קאָשלע האָט אויף דעם סמך שטאַרק געוואָרנט מאַכמעד־אַלין נישט אויפצודעקן די סודות פון דער דמשקער אינקוויזיציע; דער פּראָצעס איז געבליבן ביים פריערדיקן צושטאַנד. אַ ייד — אַ דעפּוטאַט פולד האָט געשטעלט אַ פראַגע טיער׳ן אין פּאַרלאַמענט, ווי אַזוי איז דאָס מיגלאַך, אַז אַ קאָנסול פונם גלייכהייט־ און פריי־הייט־לאַנד זאָל דערלאָזן אין דמשקער פּראָצעס פּייניקונג און „זאָל שטיצן דעם פּאַשאַס תּליינים". אָבער טיער האָט זיך אָנגענומען פאַרן געמיינעם מענטאָן און האָט נישט דערלאָזט, דער פּאַרלאַמענט זאָל אָננעמען אַ רעזאָלוציע וועגן דער אָנפראַגע (דעם 2 יוני). „פראַנקרייך איז קעגן אונז" — האָט קרעמיע אויסגעשריגן מיט האַרצווייי. דער איינציקער אויסקוק איז געווען אויף ענגלאַנד.

אין לאָנדאָן האָבן זיך אָנגערופן אַלע פריינט פונם יידישן פאָלק. די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין ענגלאַנד האָט סימפּאַטיזירט מיט די געפּלאָגטע, נישט מיט די פּלאָגער. אין אַ זיצונג אין דער אונטערשטער קאַמער (דעם 22־טן יוני) האָט ראָבערט פּיל געפאָדערט, אַז דער פּאַרלאַמענט זאָל זאָגן זיין מיינונג וועגן דעם דמשקער פּראָצעס, וואָרום „דעם פּאַרלאַמענטס וואָרט קאָן־מאַכן, ס׳זאָ

אַסך גרינגער דערלאַנגט ווערן דער גרויסער צוועק פון גערעכטיקייט און מענטש־לעכקייט". לאָרד פּאַלמערסטאָן האָט געענטפערט, אַז די רעגירונג האָט שוין באַפוילן איר גענעראַל־קאָנסול אין אַלעקסאַנדריע מתרה זיין מאַכמעד־אַלין „וועגן דעם איינדרוק, וואָס אַזוינע ווילדע מעשים (ווי אין דמשק) קאָנען מאַכן אויף אייראָפּע". די קריסטלעכע גרויסגעשלאַפּט אין לאָנדאָן האָט געמאַכט אַ גראַנדיעזן פּראָטעסט־מיטינג קעגן דמשק'ער רציחות אין שטאָט־הויז „מענטשן־הויז" אונטער דעם לאָרד־מערס פאָרזיץ (דעם 3־טן יולי). אייגער נאָכן אַנדערן זענען אַרויף אויף דער טריבון פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן, פאָרשטייער פון גייסטלעכע און אַנדערע שטאַנדן צו פּראָטעסטירן קעגן דעם ווי מ'דערנידעריקט און מ'פּייניקט „דאָס פאָלק, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער וועלט מיט אַלץ, וואָס די רעליגיע פאַרמאָגט הייליקס און טייערס". דער מיטינג האָט איינשטימיק אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „די פאַרזאַמלונג זאָגט אַרויס איר טיפן באַדויער, וואָס אין אַן אויפגעקלערטער צייט האָט מען געקאָנט פאַרפירן קעגן אונזערע יידישע ברידער אַ בלבול, אַן אויפטו פון אומוויסנקייט, דערהיצט פון צביעות". [1] נאָך פאַר דעם מיטינג איז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע טוער, געקומען איז קרעמיע אויך פון פּאַריז. ס'איז דאָרט געבליבן: שיקן אַ דעלעגאַציע אויפן אָרט מיט מאָנטעפיאָרע און קרעמיע בראש צו טון דאָרט דירעקט פאַר דמשק'ער יידן. דעם 23־טן יוני). ווען די דעלעגאַטן האָבן זיך שוין געלאָזט אין וועג אַריין, האָט שוין פראַנקרייך אָנגעוואָרן איר השפעה אין מזרח: פיר מלוכות, ענגלאַנד, עסטרייך, רוסלאַנד און פּרייסן האָבן באַשלאָסן באַשטיין, אַז סיריע זאָל צוריק אומגעקערט ווערן דעם טערקישן סולטאַן.

אָנהויב אויגוסט איז די יידישע דעלעגאַציע געקומען קיין מצרים. משה מאָנטעפיאָרע, געשטיצט פונם ענגלישן גענעראַל־קאָנסול, האָט זיך באַלד פאָרגע־שטעלט פאַר מאַכמעד־אַלי'ן אין קאַיר. ער האָט געבעטן, מ'זאָל דער יידישער דעלעגאַציע לאָזן פאָרן קיין דמשק אויפצוקלערן די אומשולדיקייט פון די אַרעס־טירטע; אויך זאָל דער יידישער דעלעגאַציע געגעבן ווערן אַ שוץ־בריוו, די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע זאָל דער דעלעגאַציע צוהילף קומען. מאַכמעד אַלי האָט זייער פריינטלעך אויפגענומען מאָנטעפיאָרע'ן, ער האָט זיך אָבער נישט געאיילט צופרידנשטעלן זיין ביטע, וואָרום דער פראַנצויזישער קאָנסול קאָשלע האָט נאָך אַלץ געווירקט אויף אים, ער זאָל נישט באַגיין אַזאַ געפערלעכע זאַך, ווי ענטדעקן דמשק'ער סודות. ערשט נאָך דעם, ווי קרעמיע האָט געפועל'ט, אַז 9 אייראָפּעאישע קאָנסולן — חוץ דעם פראַנצויזישן, — זאָלן דערלאַנגען מאַכמעד־אַלי'ן אַ קאָלעקטיווע נאָטע צו שטיצן די יידישע פאָדערונגען, ערשט דעמאָלט האָט

[1] אַ פּראָטעסט־מיטינג איז פאָרגעקומען אין פילאַדעלפיע אויך (אויגוסט 1840); דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן זאָל ענערגיש פּראָטעסטירן קעגן דעם דמשקער בלבול.

דער פּאַשאַ אַרויסגעוויזן זיין ליבעראַליזם, פאַרכאַפּט פריער, איידער מ׳האָט אים דערלאַנגט די נאָטע, און צוגעזאָגט באַפעלן קיין דמשק, מ׳זאָל באַלד באַפרייען אַלע אַרעסטי-טע פאַרן עלילת=דם (28 אויגוסט). אָבער אינם פּראָיעקט באַפעל איז געווען אַ געפערלעכער אויסדרוק: ש ע נ ק ע ן דמשק׳ער יידן אויף קרעמיע׳ס און מאָנטעפיאָרע׳ס ביט, פּונקט ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט פון פאַרשולדיקטע, וואָס מ׳שענקט זיי די שטראָף (אויפגעדעקט האָט דאָס דער אָריענטאַליסט מונק, אַ גליד פון דער דעלעגאַציע). קרעמיע איז באַשטאַנען, אַז אָנשטאַט „שענקען" זאָל שטיין „באַפרייען". באַקומען דעם באַפעל, האָט שעריף=פּאַשאַ געמוזט פאָלגן און אַרויסלאָזן דעם קרבן פון די הענט. דעם 6=טן סעפּטעמבער האָט מען אַרויסגעלאָזט פון דער טורמע זיבן געפּייניקטע פון דער דמשק׳ער אינקוויזיציע, וואָס זענען נאָך געבליבן לעבן. דעם בלוטדורשטיקן שעריף׳ן האָט מען געבראַכט קיין קאַאיר, און געקעפּט דאָרט אַלס אַ שולדיקן אין מלוכה=פאַרראַט. אינגיכן (אָקטאָבער 1840) איז דמשק און גאַנץ סיריע באַפרייט געוואָרן פון מאַכמעד אַלי׳ס הערשאַפט; מיט דער הילף פון די דערמאָנטע פיר מלוכות האָט טערקיי צוריקבאַקומען סיריע.

טערקיי האָט בערך געהאַט אַ ליבעראַלן רעגירער, דעם יונגן סולטאַן אַבדול=מעדזשיד; דאָס יאָר, ווען ער איז אַרויף אויפן טראָן (1839), האָט ער אַרויסגעגעבן דעם געוויסן מאַניפעסט (כאַטי=שעריף), וואָס האָט געשיצט די פּערזענלעכקייט און פאַרמעגן פון די פרעמדגלויביקע, יידן אויך אין כלל. מאָנטעפיאָרע און קרעמיע האָבן באַשלאָסן זיך ווענדן צו דעם דאָזיקן סולטאַן, וואָס האָט באַוויזן אַ געפיל פאַר גערעכטיקייט אין ראָדאָסער פּראָצעס. געקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָבן זיי אויף אַן אודיענץ ביים סולטאַן אים דערלאַנגט אַ בקשה, ער זאָל אַרויסגעבן אַ פירמאַן צו באַשיצן טערקישע יידן אין דער צוקונפט פון עלילת=דם. דער סולטאַן האָט צופרידנגעשטעלט זייער ביט. דעם 6 נאָוועמבער איז אַרויס אַ פירמאַן, אַז באַשולדיקן יידן אין „ברענגען מענטשלעכע קרבנות" איז אַ מיאוסער בלבול, וואָס האָט אומגעבראַכט אומשולדיקע מענטשן אין דמשק און אין ראָדאָס. „כדי מ׳זאָל יידן ווייטער נישט פּייניקן און שלעכטס טון" האָט דער סולטאַן באַשטעטיקט זיין פריערדיקן באַפעל, וואָס שיצט יידן פּערזענלעך, זייער פאַרמעגן און רעליגיע.

אַזוי האָט זיך איינגעשטילט דער שטורמווינט, וואָס האָט דאָס יאָר 1840 אויפגערודערט דעם קאָכיקן מערב און דעם פאַרשלאָפענעם מזרח. דמשקער עלילת=דם האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף צו הויבן דאָס יידישע באַוואוסטזיין. אין אַ צייט, ווען דאָס מערב=אייראָפּעאישע יידנטום האָט זיך מיטן כשוף פון דער אַסימילאַציע געשפּאָלטן און געטיילט זיך אויף גרופּעס: פראַנצויזן, ענגלענדער, דייטשן פון יידישער אמונה, אויף טיילן פון פרעמדע פעלקער, אָפּגעריסן פונם יידישן שטאַם, אין אַזאַ צייט איז געשען עפּיס אַזוינס, וואָס האָט פאַראייניקט יידן פון אַלע לענדער, וואָס האָט געוויזן די מאָראַלישע

אחדות פונם צעזייטן פּאָלק. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז ווען מ'פאַרשאַפט אַ וואונד ייִדן ערגיץ אין דמשק אָדער אין ראָדאָס, רירט דאָס שטאַרק אָן לאָנדאָנער און פאַריזער ייִדן, ד. ה., אַז ס'איז פאַראַן איין ייִדישער אַלוועלטלעכער אָרגאַניזם, וואָס זיינע טיילן זענען פאַרבונדן מיט נאָך עפּיס, חוץ רעליגיע. דאָס איז געווען אַן אָנהויב פאַר שפּעטערדיקע פּרובן צו פאַראייניקן דאָס ייִדנטום פריער פאַר פילאַנטראָפּישער, קולטורעלער און פּאָליטישער זעלבסטהילף, שפּעטער שוין פאַר אַ נאַציאָנאַלן אידעאַל. נאָך איינס: ביי מערב-איראָפּעאישע ייִדן, וואָס האָבן פאַרלאָרן דאָס נאַציאָנאַלע גלייכגעוויכט, איז אויפגעוועקט געוואָרן דער אינטערעס פאַרן טראַדיציאָנעלן פאַרשלאָפענעם מזרח-ייִדנטום. שוין דאָס יאָר 1840, אונטערן פרישן איינדרוק פונם עלילת-דם, האָבן קרעמיע און מונק גענומען גרינדן בילדונג-שולן פאַר ייִדישע קינדער אין אַלעקסאַנדריע און אין קאַהיר. מזרח-ייִדן גופא האָבן אָנגעהויבן באַגרייפן די נוצלעכקייט פון בילדונג, וואָרום זייער רעטונג האָבן זיי צו פאַרדאַנקען די געבילדעטע מערב-ייִדן. אַזוי האָבן זיך דערנענט די וויַיטסטע טיילן פאָלק, און דאָס האָט געהאַט צו זאָגן פאַר דער וויַיטערדיקער ייִדישער געשיכטע.

## קאַפּיטל I

# די עמאַנסיפּאַציע און ווי זי איז אויסגעפירט געוואָרן אין דייטשלאַנד.

### § 32. די מערץ-רעוואָלוציע און די גלייכבארעכטונג.

די מערץ-טעג דאָס יאָר 1848 האָבן געבראַכט פעלקער אין מערב-אייראָפּע אַ פּאָליטישן פרילינג — אַ „פעלקער-פרילינג“ נאָך אַ דרייסיק יאָריקער ביטערער רעאַקציע. ווי נאָר די זון פון פּאָליטישער פרייהייט האָט זיך באַוויזן פון איר געוויינטלעך אָרט, פונם אויפגעפלאַמטן פּאַריז, האָבן אָנגעהויבן גיין קריעס אין דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע, אָפּגערייניקט אויפן וועג אַלע צוימען פון מעטערניך'ס רעאַקציע, און אונטערגעשווענקט טראָנען פון רעגירער. דער „היילי־קער בונד“ פון מאָנאַרכן האָט נישט געקאָנט אויסשטיין אַקעגן היילעקן בונד פון פעלקער, וואָס נישט אויף קאָנגרעסן איז ער געחתמעט געוואָרן, נאָר די הייליקסטע מענטשלעכע געפילן, פרייהייט און גלייכהייט, האָבן אים אַרויסגעבראַכט. פעלקער האָבן דיקטירט זייער ווילן אין רעש'יקע רעוואָלוציאָנערע פּראָצעסיעס אָדער אויף באַריקאַדעס; און מאָנאַרכן אין דייטשלאַנד האָבן געציטערט און געפאָלגט, געגעבן מאַניפעסטן און צוזאָגן אויף ליבעראַלע קאָנסטיטוציעס. ס'איז געקומען די צייט פאַר יידן אויך. פריער פאַרטריבן אין פּאָליש אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפט, איצט האָבן זיי זיך באַוויזן אין די ערשטע שורות קעמפער פאַר פּאָליטישער פרייהייט און בירגערלעכער גלייכקייט. פריער זענען זיי געווען פּאַסיווע קרבנות פון דער רעאַקציע, איצט האָבן זיי זיך אַקטיוו מקריב געווען פאַר דער רעוואָלוציע. די טעג 18 און 19 מערץ, ווען אין בערלינער גאַסן האָבן זיך רעוואָלוציאָנערן געשלאָגן מיט קעניגלעכן מיליטער, איז געפאַלן פון סאָלדאַטן-קוילן אַריבער 20 יידן (פון 230 הרוגים בכלל). אַלע געפאַלענע, אָפּגעזען פון אמונה, האָט מען באַגראָבן אין איין ברודער-קבר. אויבן-אָן אין דער פייערלעכער פּראָצעסיע זענען געגאַנגען פּראָטעסטאַנטישע, קאַטוילישע און יידישע גייסטלעכע צוזאַמען. ביים אָפענעם קבר האָט גערעדט מ. זאַקס, דער פּרעדיקער פון בערלינער קהלה, און דער

היסטאָריקער ל. צונץ (דעם 22 מערץ). נישט אומזיסט איז אָבער בלוט פאַרגאָסן געוואָרן. פרידריך ווילהעלם דער IV האָט נאָכגעגעבן דעם אויפגע־שטאַנענעם פאָלקס ווילן: ער האָט געהייסן אַרויספירן דאָס הייל פון בערלין, געמאַכט אַ ליבעראַל מיניסטעריום און האָט צוגעזאָגט פאָלקס־פאָרשטייער אויסצואַרבעטן קאָנסטיטוציע.

נאָך פריער, איידער אין פרייסן, איז די איבערקערעניש פאָרגעקומען אין אַנדערע דייטשע לענדער. ענדע פעברואַר און אָנהויב מערץ האָבן זיך אונטערגעגעבן דער באַפריי־באַוועגונג די רעגירער פון באַדען, ווירטעמבערג, בייערן, זאַקסן, האַנאָווער, העסען. דאָ זענען נישט געווען קיין יידישע קרבנות דירעקט פונם אויפשטאַנד, ווייל צו קיין בלוטפאַרגיסונג איז דאָ בכלל נישט געקומען, אָבער ס'זענען געווען אַנדערע קרבנות. דאָ האָט זיך אויך באַוויזן די ווילדע צערייצטקייט פונם פינסטערן המון, וואָס גייט נאָך יעדער רעוואָלוציע, אַזוי ווי אַ שוואַרצער שאָטן, און ס'איז געקומען צו אָנפאַלן אויף יידן. אין די קלענערע שטעט און דערפער אין קאַטוילישן בייערן זענען מחנות קריסטלעך פערל באַפאַלן יידן מיט געשרייען: „פרייהייט ווילט זיך אייך, מלוכה־שטעלעס? הרגענען דאַרף מען אייך — אָט וואָס!" אין אייניקע ערטער האָבן רעאַקציאָנערן אָנגערייצט דעם המון אויף יידן: זיי מאַכן דאָס די רעוואָלוציע! אויס מורא פאַר יידישער קאָנקורענץ, אויב יידן זאָלן זיין גלייכבאַרעכטיקט, האָבן קריסטלעכע סוחרים געדונגען באַנדעס צו באַפאַלן יידישע קרעמער. אין האַמבורג איז דאָס געקומען צו געשלעגן אין די גאַסן, צו'ן אָנפאַלן אויף יידישע הייזער און געשעפטן. אַזוינע אָנפאַלן און רויבערייען זענען פאָרגעקומען אין אייניקע ערטער אין באַדען, העסען און אויבערשלעזיע אויך. אָבער מער ווי צו גאַסן־געשלעגן און רויבערייען איז דאָס יענע מערץ־טעג נישט געקומען; שפעטער, ווען די רעוואָלוציע האָט אָנגעהויבן אַ פאָזיטיווע אַרבעט, איז אַ סוף געוואָרן צו'ן אַזוינע געקסצעסן אויך.

אין פראַנקפורט ביים מיין, וואו פריער איז געווען די רעזידענץ פונם געוועזענעם „בונד־סיים", ד. ה. פונם פאַרלאַמענט פון דייטשע ר ע ג י ר ע ר, האָבן זיך איצט דעם 18 מאַי 1848 געעפנט די זיצונגען פונם אַלגעמיין־דייטשן פ אָ ל ק ס ־ פ א ר ל אַ מ ע נ ט, ד. ה. פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. יידן האָבן דאָ געהאַט פיר דעפוטאַטן: דעם אַלטן קעמפער פאַר עמאַנסיפאַציע גבריאל ריסער פון האַמבורג, פאַרלעגער פייט פון בערלין, קוראַנדאַ און האַרטמאַן פון עסטרייך. ריסער איז געווען איינער פון די פירער אין פראַנקפורטער פאַרלאַ־מענט, ער האָט זיך באַטייליקט אין דער צוגרייט־אַרבעט, אַלס גליד פונם פאָר־פאַרלאַמענט, וואָס האָט געהאַט זיינע זיצונגען אויך אין פראַנקפורט. אַ באַגאַב־טער יוריסט, מיט אַ הייסן פאָליטישן טעמפעראַמענט האָט ריסער געשפילט אַ ראָליע פון אַ פירער אין פאַרשידענע פאַרלאַמענט־קאָמיסיעס און אין פאַר־לאַמענט גופא, שפעטער איז ער געוואָרן וויצע־פרעזידענט אינם ליבעראַלן

פּאַרלאַמענט. פּאַרטוּן אין אויפבויען דאָס באַנייטע דייטשלאַנד, האָט ער דאָך נישט פאַרגעסן זיינע ברידער, וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַרבונדן מיט זיי נאָר אין רעליגיע, און וואָס פאַר זייער באַפרייאונג האָט ער פריער געקעמפט מיט דער פען אין האַנט. תחלת האָט ריסער געמיינט, אַז ס׳לוינט נישט אויסצוטיילן ספּעציעל די יידנפראַגע פון דער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציאָנעלער פראַגע וועגן בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג. אָבער גראָד די קעגנער פון עמאַנסיפּאַציע האָבן יאָ געוואָלט אויסטיילן באַזונדער די יידנפראַגע; ריסער האָט זיך געמוזט ווידער נעמען פאַרן אַלטן געווער, נאָר ביי נייע אומשטענדן. אין דער זיצונג דעם 29 אויגוסט האָט מען באַהאַנדלט אַזאַ פּונקט קאָנסטיטוציע: „געניסן בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט איז נישט געווענדט אין קיין רעליגיע און קאָן נישט באַגרעניצט ווערן איבער רעליגיעזע מאָטיוון“. צום דאָזיקן פּונקט האָט מאָריץ מאָל, שטוטגאַרטער דעפּוטאַט, געוואָלט צוגעבן אַזאַ אויסבעסערונג: „ספּעציעל די לאַגע פונם יידישן פאָלק (des israelitischén volksstammes) געהערט צו׳ן אַ באַזונדער געזעצגעבונג און זי זאָל רעגלאַמענטירט ווערן אויפן אַלגעמיינעם מלוכה־שטייגער; יידישע אונטערטאַנען אין דייטשלאַנד האָבן אַקטיוו און פּאַסיוו וואַל־רעכט“. מאָל האָט געבראַכט די געוויינטלעכע ראיות פאַר זיין אויסבעסערונג: יידן געהערן נישט צו דער דייטשער נאַציע; זיי זענען אַ פאָלק פאַר זיך, זיי זענען זיך נישט מתחתן מיט דייטשן; אין די דערפער זענען זיי פּראָצענטניקעס און זיי רואינירן פויערים; מ׳מוז דעריבער אויסוואַרטן מיט יידישער עמאַנסיפּאַציע, ביז ס׳וועט נישט אויסוואַקסן ביי זיי אַ נייער דור אמת־דייטשע בירגער. ריסער האָט דערהערט אין אַזוינע רייד די אַלטע תקיפות פון דער רעאַקציע. ער איז אַרויף אויף דער טריבון און געהאַלטן דאָרט איינע פון די רעדעס, וואָס מיט זייער קלאָרן געדאַנק און טיף געפיל האָבן זיי געהאַט די גרעסטע ווירקונג אויפן פּאַרלאַמענט. ריסערס רעדע איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען פון דער דאַמאָלסטיקער יידישער אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד, ריסער האָט אַזוי געזאָגט [1]:

„איך נעם זיך רשות אַרויסצוטרעטן פאַר אייך אין נאָמען פון אַ אונטערדריקטן קלאַס, וואָס צו אים געהער איך פון געבוירן און פון ווערדע געפיל וועגן, ווייל דאָס דאָזיקע געפיל זאָגט מיר, אַז ס׳איז אַ שאַנדע אויסבייטן רעליגיע אויף קלאָגעדיקע רעכט, וואָס מ׳וויל אונז נישט געבן. דער פריערדיקער ריידער האָט געמוזט אוועקגיין פונם אמת, אַנדערש האָט ער נישט געקאָנט באַגרינדן זיין געדאַנק. מיט דער הילף פון ספּעציעלע געזעצן פאַר יידן וויל ער אויסשליסן דאָס יידישע פ אָ ל ק פון דעם סכום רעכט, וואָס קומען אַלע בירגער גלייך. אָבער איר האָט היינט ערשט פייערלעך אָפּגעשטימט און גאַראַנטירט אַלע פעלקער אין דייטשלאַנד, וואָס רעדן נישט קיין דייטש, גלייכע רעכט, גלייך זיין אין אַלצדינג, וואָס מאַכט דייטשלאַנד טייער און ליב פאַר יעדן דייטש. זאָל דאָס הייסן, אַז מיר יידן דאַרפן האַלטן פאַר אַן אומגליק, וואָס מיר רעדן דייטש? ווילט איר דען, אַז די געשיכטע זאָל האָבן צו דערציילן פון אייך, אַז גלייכבאַרעכטונג איז ביי אייך אַ מיט־

[1] די רעדע ווערט דאָ געבראַכט מיט קליינע קירצונגען.

צו געווינען אויף אייער צד שטאַרקע פעלקער, וואָס רייסן זיך אריין אין דער דייטשער געשיכטע מיט אַ דאָרשט צו צעשטערן, וואָס זיי שטייען קענן אונז באַוואָפנט, גרייט צום שלאָגן זיך? *) ווילט איר דען, מ'זאָל זאָגן, אַז איינשטילנדיקע רייד האָט איר נאָר פאַר אַ קראַפט, וואָס איר האָט פאַר איר מורא, און אומדערבאַרמדיק זענט איר קעגן אַ שוואַכער רעליגיעזער גרופּע, וואָס אין בירגערלעכן פּרט וויל זי נאָר איין זאַך: זיך צעשמעלצן אינם דייטשן פאָלק? זאָל דאָס הייסן, אַז פאַר דער דאָזיקער גרופּע, וואָס וויל נישט הערן פון קיין באַזונדער נאַציאָנאַליטעט, וואָס שונאים ווילן איר אָנוואַרפן, פאַר אַ גרופּע, וואָס דענקט און פילט דייטשיש, ווילט איר לאָזן שעדלעכע אויסנאַם=געזעצן, בעת איר מאַכט אַ סוף צו אויסנאַם=געזעצן בכלל, בעת איר ווילט אויסהיילן אַלע געזעלשאַפטלעכע ווייטאָגן דערמיט, וואָס אַלע זאָלן גלייך זיין קעגן געזעץ? דער לאַנד=געזעץ האָט הונדערטער יאָרנלאַנג פאַרווערט יידן געמישטע חתונות מיט קריסטן, איז נאַטירלעך, וואָס די יידישע רעליגיע האָט קאָנסערווירט יידישע אָפּגעזונדערטקייט; לויט די נייסטע געזעצן אפילו מעגן זיך יידן מחתּן זיין מיט קריסטן נאָר בתּנאַי׳ אַז קינדער פון אַזעלכע חתונות מוזן זיין קריסטן, דאָס איז אויך נישט פון די זאַכן, וואָס זאָלן אָפּשוואַכן די אחדות ביי יידן. אָבער אונזער איצטיקע געזעצגעבונג וויל אויספירן, אַז רעליגיע זאָל אויפהערן צו זיין אַ שטיק פאַר אָפּזונדערונג ביי אַ פאָלק, ממילא וועט די דאָזיקע אָפּגעשלאָסנקייט נישט בלייבן מער”...

„דער פריערדיקער ריידנער איז מסכּים צו געבן אונז פּאָליטישע רעכט (וואַל=רעכט), אָבער אַזאַ נאָכגעבן—דאָס איז דאָך שוין אַ געווינס פון דער לעצטער צייט. איך אַליין האָב געלעבט אונטער אַ שווערן פּרעס; דאָ נישט לאַנג נאָך וואָלט איך נישט געטאָרט זיין אַפילו קיין נאַכט=וועכטער אין מיין היים=שטאָט; איצט אָבער, ווען רעכט און פרייהייט האָבן געווינען, האָב איך די מעגלעכקייט דאָ צווישן אייך איינצושטעלן זיך פאַר גערעכטיקייט און גלייכקייט, און מ'מאָנט נישט ביי מיר, איך זאָל פאַר אַזאַ רעכט אויסבייטן מיין רעליגיע. איך פאַרשטיי אָבער נישט ווי שטימט דאָס גלייכע וואַל=רעכט (אַקטיוו און פּאַסיוו) פאַר יידן מיט באַליידיקדיקע אויסנאַם=געזעצן פאַר די גרויסע שיכטן פאָלק. אויסנאַם=געזעצן פאַרשוועכן דאָס גרעסטע פּאָליטישע רעכט, וואָס איר ווילט, ס'זאָל געהערן אַלע דייטשן אָן אונטערשיד פון אמונה. אויב אָבער, ווי דער פריערדיקער ריידנער מיינט, יידן קומט קיין גלייכע רעכט נישט, ווייל זיי זענען אַ באַזונדער נאַציע, נישט ווייל זיי זענען אַ באַזונ:דער רעליגיע, איז לאָזט זשע יידן זיך צוגעווינען צו דער דייטשער נאַציע און זיי זאָלן זיך פאַר דעם צוועק נישט דאַרפן אָפּזאָגן פון זייער רעליגיע. אויב אַ ייד וועט אייך זאָגן: איך ווייס נישט פון קיין באַזונדער (יידישער) נאַציע,—איז וואָס פאַר אַ וועג וועט איר אים ווייזן? וואָס פאַר אַן אַנדער וועג, חוץ ווערן קריסטן, האָבן די, וואָס שוין אַ צייט מיט יאָרן טרייבן זיי פון זיך דעם שאָטן פון אַ נאַציע (אַ יידישער) און ווילן ווערן איינס מיטן דייטשן פאָלק?... איך בין מודה, אַז יידן פאַר דעם אַלטן פּלאָג=רעזשים האָבן נאָך נישט תּופס געווען דאָס העכסטע: אַ גייסט פון אַ פאָטערלאַנד, אָבער דייטשלאַנד האָט דאָס אויך נישט דערלאַנגט. זאָלן נאָר זיין יושר׳דיקע געזעצן, וועלן יידן זיין די הייסטע פּאַטריאָטן אין דייטשלאַנד; זיי וועלן ווערן דייטשן מיט דייטשן א י נ ע ם און צ ו י ש ן דייטשן. לאָמיר זשע זיך פאַרלאָזן אויף דעם כּוח פון רעכט, אויף דעם כּוח פון איין געזעץ פאַר אַלע גלייך און אויף דייטשלאַנד! מיינט נישט, אַז מ'קאָן מאַכן אויסנאַם=געזעצן און דערביי נישט אָנרירן ביז טיף גאָר די גאַנצע סיסטעם פרייהייט, נישט פאַרטראָגן אַהער קיין דעמאָראַליזאַציע! מ'לייגט אייך פאַר מקריב זיין איין טייל פונם דייטשן פאָלק אויפן מזבח פון האַס און אומטאָלעראַנץ, אָבער, מיינע הערן, איר וועט דאָס קיינמאָל נישט טון!”

*) ער מיינט דאָ די אומרוען אין די סלאַווישע פּראָווינצן אין פּרייסן און אין עסטרייך.

שטאַרק, נישט גובר צו זיין, איז געווען ריסערס טענות פון דעם „העכסטן" קוק, ווי אַזוי ער גופא און כמעט זיין גאַנצער דור האָבן געקוקט אויף יידן: ווייניק וואָס, זיי זענען אַ טייל פון דער דייטשער בירגערלעכער געזעלשאַפט, זיי זענען נאָך אַ טייל פון דער דייטשער נאַציע אויך. ריסער האָט דאָ נאָך אַמאָל איבער געחזרט, אַז יידן זענען אַ רעליגיעזע גרופע, נישט קיין נאַציע, אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן אַ סך מאָל פריער אין זיינע פובליציסטישע אַרטיקלען (5 §). צו שטאַרק האָט ער געהאַט אויף זיך די השפעה פון זיין תקופה, ער האָט זיך נישט געמאָלט קיין אַנדער העכערן קוק, אַז מ'מעג פאָדערן בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן, אַפילו ווען זיי האַלטן זיך פאַר אַ באַזונדער נאַציע, זיי האָבן זייער אייגענע שפּראַך און ווילן דערהאַלטן זייער קולטורעלע אויטאָנאָמיע. די זיסע וואָך פון דער דייטשער פרייהייט, אין דער רעכטער מיט פון דער גרויסער אויפלעבונגאַרבעט, איז ריסער געוואָרן אַ סך מער דייטש ווי ייד. דאָס איז געווען דער עכטער פאָרשטייער פון יענעם דור אינטעליגענץ, וואָס האָט „געטריבן פון זיך דעם שאָטן פון אַ יידישער נאַציע". ער האָט זיך נישט געקאָנט שטעלן העכער פאַר דער אידעאָלאָגיע פון דער איבערגאַנגצייט און נישט געקאָנט איינזען אין דעם „שאָטן", אין דעם „חלום" אַ זיכערן היסטאָרישן יש... די אַרומיקע אומשטאַנדן זענען אויך געווען אַזוי, אַז יידישע עמאַנסיפּאַציע האָט געקאָנט געווינען נאָר אין דעם פאַל, אויב מ'זאָל זיך אָפּזאָגן פון דעם „שאָטן". די מערהייט אין פראַנקפורטער פאַרלאַמענט האָט שטאַרק אַפּלאָדירט ריסער'ן נאָך זיין רעדע, וואָס האָט זייער געשטימט מיטן ליבעראַל-פּאַטריאָטישן גייסט יענע טעג- און מ'האָט אָפּגעוואָרפן מאָל'ס אויסבעסערונג. שפּעטער (פרילינג 1849) זענען פאַרעפנטלעכט געווען „די גרונדרעכט פונם דייטשן פאָלק", און דאָרט איז פעסטגעשטעלט גלייכבאַרעכטונג פאַר אַלע אָן אונטערשיד פון רעליגיע, געוויסן-פרייהייט, פרייהייט פאַר רעליגיעזע פאַראייניקונג, פרייע בירגערלעכע חתונות צווישן פערזאָנען פון פאַרשידענע אמונות. איבער פּאָליטישע סכסוכים צווישן די דייטשע-הויפּט מלוכות, איז די דעקלאַראַציע פונם פראַנקפורטער פאַרלאַמענט נישט געוואָרן קיין אַלגעמיינע מלוכה-קאָנסטיטוציע. דער פאַרלאַמענט גופא האָט טראַגיש אָפּגעשניטן: פריער איז ער אָפּגעשוואַכט געוואָרן איבער דעם, וואָס אַ סך דעפּוטאַטן האָט מען אָפּגערופן, דערנאָך, אָנהויב רעאַקציע (יוני 1849), האָט מען אים גאָר צעטריבן מיט סאָלדאַטישע שפּיזן. אָבער אין די קאָנסטיטוציעס אין אייניקע דייטשע לענדער איז נאָך געבליבן אַ סך פון די „גרונד-רעכט", וואָס די רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 האָט געבראַכט.

אונטער דעם איינדרוק פון די מערץ-טעג איז זיך אין פרייסן צונויפגעקומען אַ פאַראייניקטער לאַנדטאַג; אינגיכן האָט ער אויסגעאַרבעט אַ קאָנסטיטוציע (דעם 6-טן אַפּריל 1848) מיט אַזאַ פּונקט וועגן בירגערלעכער גלייכקייט: „געניסן בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט איז אויף ווייטער נישט געווענדט אין רעליגיע". די נאַציאָנאַלע גרינדונג-פאַרזאַמלונג, וואָס האָט נאָך דעם געהאַט אירע זיצונגען,

אין בערלין פון מאַי ביז נאָוועמבער 1848, האָט אויך נישט געלייקנט אינם דאָזיקן פּונקט. אין בערלינער פאַרזאַמלונג זענען געווען דריי יידן־דעפּוטאַטן, צווישן זיי אַן אָנגעזעענער ראַדיקאַלער פּובליציסט יאָהאַן יאַקאָבי (§ 5), וואָס איז געזעסן צווישן די לעצט־לינקע. ווען פרידריך ווילהעלם דער IV איז צו זיך געקומען פון איבערשרעק און האָט געשטעלט אַ רעאַקציאָנער מיניסטעריום (בראַנדענבורג־מאַנטייפל) אָנשטאָט דעם פריערדיקן ליבעראַלן מיניסטעריום אין האָט זיך שוין געקליבן צעטרייבן די גרינדונג־פאַרזאַמלונג, איז יאַקאָבי געווען אַ גליד אין דער דעלעגאַציע, וואָס די פאַרזאַמלונג האָט געשיקט צום קעניג מיט אַ פּראָטעסט־אַדרעס. דער קעניג האָט איבערגעלייענט דעם אַדרעס, גאָרנישט ניט געענטפערט און זיך אויסגעקערט אַוועקצוגיין. דעמאָלט האָט אים יאַקאָבי אַ וואָרף געטון: „דער אומגליק פון קעניגן איז, וואָס זיי ווילן קיינמאָל נישט הערן דעם אמת". פונדעסטוועגן איז אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס דער קעניג האָט „געשענקט" (אַרויסגעגעבן נאָכן צעטרייבן די גרינדונג־פאַרזאַמלונג, דעם 5 דעצעמבער 1848), אויך געבליבן דער דערמאָנטער פּונקט וועגן גלייכבאַרעכטונג. יידן איז פאָרמעל אומגעקערט געוואָרן זייערע רעכט און זיי האָבן דערפאַר געצאָלט מיט פּרייסישן פּאַטריאָטיזם. ווען אין פּויזן איז אויפגעקומען אַ סעפּאַראַטיסטישע באַוועגונג ביי פּאָליאַקן, האָבן פּויזנער יידן נישט געוואָלט צושטיין צו דעם אויפשטאַנד, וואָס דער צוועק זיינער איז געווען אָפּצוטיילן די פּוילישע געגנט. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען פּרייסן און זיי ווילן פון קיין פּוילישקייט נישט וויסן, פּאָליאַקן האָבן זיך דערפאַר שטאַרק נוקם געווען אין יידן. אָבער פון רעכט אויף פּאַפּיר ביז רעכט אין דער פּראַקטיק איז אין פּרייסן נאָך געווען אַ ווייטער מהלך.

אויף פּאַפּיר, אין דער קאָנסטיטוציע, האָבן יידן דאָס יאָר 1848 באַקומען גלייכבאַרעכטונג כמעט אין אַלע דייטשע מלוכות, אַפילו אין אַזוינע הינטערשטעליקע ווי זאַקסן און מעקלענבורג אויך. פאָרמעל איז געוואָרן אויס יידישע קנעכטשאַפט אין די פרייעשטעט אויך, אין האַמבורג און אין פראַנקפורט. אָבער פאַקטיש האָבן יידן באַלד נאָך דער רעוואָלוציע געגאָסן מייסטנס נאָר וואַל־רעכט צום פּאַרלאַמענט, ספּעציעלע געזעצגעבערישע אַקציעס האָבן געזאָלט אָפּשאַפן פאַרשידענע בירגערלעכע און פּאָליטישע באַגרעניצן. ס'איז אויסגעקומען אַזוי, אַז בעת יידן זענען שוין געווען דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט, האָט נאָך די יידישע באַפעלקערונג בכלל געהאַט אויסצושטיין די אַלטע פּלאָג, איר האָט נאָך געפעלט עלעמענטאַרע בירגעררעכט[1].

די גרעסטע עקשנות צו בלייבן ביים אַלטן רעזשים האָט אַרויסגעוויזן ביירן, דער גרעסטער יידישער צענטער נאָך פּרייסן. אינם דאָזיקן לאַנד האָט מען באַוויזן אַקוים צו ראַטעווען יידישע רעכטלאָזיקייט פונם מבול רעוואָלוציע.

---

[1]) דיזעלבע דערשיינונג האָט זיך שפּעטער איבערגעחזרט אין רוסלאַנד—נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר.

דעם 6 מערץ 1848, ווען די רעוואָלוציע האָט געהאַלטן אין גרעסטן ברען, האָט דער קעניג אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, צוגעזאָגט אַלערליי ליבעראַלע גליקן, בתוכם אויך „פאַרבעסערן" די יידישע בירגערלעכע לאַגע. דאָס וואָרט „פאַרבעסערן" אָנשטאָט „גלייכבאַרעכטונג" האָט שטאַרק אויפגערודערט בייערישע יידן, האָבן זיי גענומען שטורמען מיט פּעטיציעס די נייע דעפּוטאַטן=קאַמער. דעם 13=טן מערץ האָט די יידישע קהלה אין באַמבערג דערלאַנגט דער קאַמער אַ פּעטיציע; דאָרט איז געזאָגט געווען, אַז דאָס „פאַרבעסערן", וואָס דער קעניג האָט צוגעזאָגט, קאָן נישט מאַכן אויס „אַלע אומרעכטן, וואָס שטיקן אונז"; „פאַר איצטיקער געהויבענער צייט פּאַסט נאָר איין זאַך: יידן זאָלן זיין גאָר און גאָר גלייכבאַרעכטיקט מיט קריסטלעכע בירגער". די פּעטיציע=געבער פאַרהאָפן, אַז צו דער קאַמער וועט קומען אַ געזעץ וועגן גלייכבאַרעכטונג,—דער עיקר זאָל דאָס זיין געמאַכט „נישט אויף העלפט!". די עלטסטע פיורטער קהלה האָט צוגעשיקט דער קאַמער אַ לאַנגע פּעטיציע (דעם 23 מערץ). „צי איז מעגלעך, פרעגען די מחברים פון דער פּעטיציע, אַז נאָר איין בייערן זאָל נישט טון דאָס, וואָס איז שוין אָפּגעטון אין אַסך אויפגעקלערטע מלוכות, וואָס אין באַדען טוט זיך איצט, וואָס דער פּרייסישער קעניג האָט די טעג ערשט אויפגעטון מיט איין פּען טינט? פּאָר צוויי וואָכן האָט דער קאָנסטיטוציאָנעלער מיניסטער צוגעשטעלט דער דעפּוטאַטן=קאַמער אַ געזעץ וועגן דער פּרעסע אין געציילטע ווערטער: „פון היינט אָן איז די פּרעסע פריי, די צענזור ווערט אָפּגעשאַפט אויף שטענדיק". נישט גרעסער דאַרף זיין אַ געזעצפּראָיעקט, וואָס זאָל איינשטעלן אונזער בירגערלעכע לאַגע: „פון היינט אָן איז געניסן אַלע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, נישט געווענדט אין דער רעליגיע פון בירגער, וויבאַלד זיי טוען נאָר זייערע בירגערפליכטן; אַלע אויסנעם=געזעצן, וואָס עקזיסטירן ביז איצט, ווערן אָפּגעשאַפט".

ס'איז געווען די ליבעראַלע שעה, ווען מאַגיסטראַטן פון בייערישע הויפּשטעט (מינכען, באַמבערג, ווירצבורג) האָבן זיך אויך געווענדעט צום קעניג און צו דער דעפּוטאַטן=קאַמער מיט פּעטיציעס און געשטיצט די יידישע פּעטיציעס. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. לויט אַן אויסדרוק פון אַן אָרטיקן כראָניק=שרייבער, איז דאָס יאָר 1848 געווען פאַר בייערישע יידן „אַ שטורם=יאָר, אָבער נישט קיין פרילינג=יאָר". די דעפּוטאַטן=קאַמער האָט גאָר נישט באַהאַנדלט אפילו די יידנפראַגע. דער קעניג האָט אינגיכן פאַרגעסן אין זיין צוזאָג „פאַרבעסערן" די יידישע לאַגע, וואָס ער האָט געהאַט געגעבן בעת'ן איבערשרעק, בפרט נאָך, אַז דער צוזאָג=געבער, קעניג לודוויג, האָט אינגיכן אָפּגעטרעטן דעם טראָן זיין זון מאַקסימיליאַן דעם II=טן, וואָס איז שוין נישט געווען געבונדן מיט קיינע הבטחות, דערווייל אָבער איז די יידישע לאַגע, דערהויפּט אין די דערפער געוואָרן נאָך ערגער, איידער פריער: די פויערים=אומרוען, וואָס האָבן געבראַכט צו פּאָגראָם=שרפות די מערץ=טעג, האָבן זיך נאָך נישט איינגעשטילט; צו רעכטלאָזיקייט איז נאָך יידן צוגעקומען אומזיכערקייט פאַרן לעבן און גוטס. דאָס

איינציקע, וואָס בייערישע יידן האָבן געווינען פון דער פרייהייט־תקופה, איז געווען, וואָס צוויי יידן דעפוטאַטן זענען אַריין אין נייעם לאַנדטאַג דאָס יאָר 1849. אָבער דער פּאָליטישער דעסערט איז נישט אימשטאַנד געווען אָנצוזעטיקן דעם בירגערלעכן הונגער: וואָל־רעכט פאַר יידן האָט נאָך שאַרפער אַנטפּלעקט די שאַנדע פון זייער בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט.

## § 33. די רעאַקציע די 50־ער יאָרן.

די שטורמדיקע באַפריי־באַוועגונג דאָס יאָר 1848 איז געפאַלן; דאָס „פרי־לינג־יאָר" האָט שוין איצט געהייסן „דאָס דולע יאָר" אין אַזוינע קרייזן, וואו קעמפן פאַר פּאָליטישער פרייהייט האָט מען געהאַלטן פאַר אַ ווילדעווען פון היץ־קעפּ, אָדער דאָרט, וואו מ'איז שוין מיד געוואָרן צו קעמפן. די איבער־געשראָקענע דייטשע רעגירער האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיך און צוטראַכטן, ווי אַזוי כאַפּט מען צוריק ביים „שונא" דעם פאָלק דאָס, וואָס מ'האָט געהאַט נאָכ־געגעבן בעת'ן איבערשרעק, אָדער לכל־הפּחות אָרומפּליקן דאָס, ס'זאָל וואָס ווייניקער בלייבן. די פעאָדאַל־פּריצישע כנופיה האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, גרייט יעדע מינוט ווי מ'וועט זי נאָר אַרוף טאָן, „דערשטיקן די שקצים"— די דעמאָקראַטיע. די שוואַרצע רעאַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייזן שוין דאָס יאָר 1849. פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט איז פריער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, דערנאָך האָט מען אים גאָר צעטריבן. אויף זיין אָרט האָט זיך ווידער באַזעצט דער אַלטער בונדעסטאַג: ווידער אַ בונד פון רעגירער, אָנשטאָט אַ פעלקערבונד. מ'האָט אָפּגעשאַפט די פראַנקפורטער „גרונדרעכט פונם דייטשן פאָלק" (אויגוסט 1851). אין אַ פינסטערן מולד זענען אָנגעקומען די 50־ער יאָרן. דער קרבן איז ווידער געווען יידן: איצט האָט זיך די ביוראָקראַטיע אין זיי נוקם געווען דערפאַר, וואָס זיי האָבן געווינען פון די ליבעראַלע נצחונות, כאָטש געווינען האָבן זיי מער אויף פּאַפּיר, איידער אויף וואָר.

אין פּרייסן האָט מען זיך אײַנגיכן אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער ליבעראַלער קאָנסטיטוציע. קודם־כל האָט מען געענדערט דעם וואַל־געזעץ; מ'האָט איינגעפירט (1849) די דריי־קלאַסן סיסטעם, וואָס האָט גאַראַנטירט די קאָנסערוואַטאָרן אַ מער־הייט אין לאַנדטאַג. און האָט כמעט פאַרמאַכט די טיר אין לאַנדטאַג פאַר יידן אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן לאַנדטאַג — לויטן רעאַקציאָנערן פּלאַן פון פרידריך וויל־העלם דעם IV און זיין רעגירונג, האָט מען זיך שוין געקאָנט זיכער נעמען פאַר קאָנטער־עמאַנסיפּאַציע. אין לאַנדטאַג, אין ביידע קאַמערן, האָט זיך ווידער געלאָזט הערן דער מאָטיוו פון אַ „קריסטלעכער מלוכה". אין דער רעאַקציאָנערער אוי־בערשטער קאַמער האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אין דער קאָנסטיטוציע זאָל אויס־גערעדט זיין, אַז די קריסטלעכע רעליגיע דאַרף האָבן די בכורה אין אַלע מלוכה.

אַנשטאַלטן: שטאַרק איינגעשטעלט האָט זיך דערפאַר פּראָפעסאָר שטאַל, אַ משומד, אַ פאַרברענטער אידעאָלאָג פון קאָנסערוואַטיזם. אין דער דעפּוטאַטן-קאַמער האָבן די רעכטע, צוזאַמען מיט מאַנטייפלס מיניסטעריום, שטאַרק געשטיצט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג. דער סוף איז געווען, אַז אין דער „אויסגעבעסערטער" קאָנסטיטוציע איז דעם 31 יאַנואַר 1850 אַריינגעשטעלט געוואָרן דער פּונקט 14 אַזוי: „די קריסטלעכע רעליגיע דאַרף זיין דער יסוד אין אַלע מלוכה-אַנשטאַלטן, וואָס זיי זענען געבונדן מיטן רעליגיעזן קולט; דאָס דאַרף אָבער נישט מינערן די רעליגיעזע פרייהייט, וואָס איז פאָראויסגעזען אין פּונקט 12"[1]). ווי ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט אין דער פּראַקטיק, איז מען דאָ בפירוש אויסן געווען אָפּצושוואַכן דעם ליבעראַלן פּונקט 12 אין דער קאָנסטיטוציע, אַז בירגערלעך-פּאָליטישע רעכט זענען נישט געווענדט אין דער רעליגיע. די רעגירונג האָט שוין זייער גרינג געקאָנט אויסטייטשן דעם פּונקט 14 אַזוי, אַז יידן דאַרף מען נישט צולאָזן צו פאַרשידענע פּראָפעסיעס און אויף מלוכה-שטעלעס. דער יוסטיץ-מיניסטער האָט דערקלערט, אַז אַ ייד טאָר נישט זיין קיין ריכטער, וואָרום לויט זיין געוויסן קאָן ער נישט געבן די צדדים און די עדות קיין קריסטלעכע שבועה. חוץ דעם האָט דאָס יוסטיץ-מיניסטעריום, שוין אָן דעם תירוץ, נישט צוגעלאָזט קיין יידן מיט יורידישער בילדונג צו מלוכה-עקזאַמענס, זיי זאָלן נישט קאָנען אַריין אין דער קאָרפּאָראַציע אַדוואָקאַטן. דאָס בילדונג-מיניסטעריום האָט נישט צוגעלאָזט קיין יידן צו לערער-שטעלעס אין גימנאַזיעס און פאָלקס-שולן, וואָרום אַזוינס וואָלט נישט געשטימט מיט דעם קריסטלעך-רעליגיעזן מהות פון דער מלוכה-שול. דאָס יאָר 1851 האָט די רעגירונג געגעבן אַזאַ דערקלערונג בכלל: „כאָטש (לויט דער קאָנסטיטוציע) קאָן מען יידן נישט פאַרשטעלן דעם וועג צו אַזוינע באַרופן, וואָס מיט זיי קאָן מען פאַרנעמען פאַרשידענע מלוכה-שטעלעס, אָבער דאָס הייסט גאָר נישט, אַז אַ ייד מעג פאַרנעמען אַ געוויסע מלוכה-שטעל, וואָרום יעדער דירעקטאָר אין יעדן דעפּאַרטאַמענט מעג זיך האָבן זיין מיינונג, ווי ווייט אַ קאַנדידאַט, אַלצאיינס צו וואָס פאַר אַ רעליגיע ער זאָל נישט געהערן, פּאַסט צו דער אָדער יענער שטעל לויט זיינע פּערזענלעכע מעלות און פעאיקייטן". די פּראַקטיק האָט געוויזן, אַז אַ יידנס „פּערזענלעכקייט", אַלצאיינס וואָס זיינע פעאיקייטן זאָלן נישט זאָגן, איז שוין גענוג, ער זאָל נישט „פּאַסן" פאַר קיין מלוכה-שטעל. יידן, געקליבן פון שטאָט-דומעס אָדער פון ערד-אייגענטימער, האָט מען נישט צוגעלאָזט אפילו אין די געגנטשע זעמסטווע-פאַרזאַמלונגען: דער תירוץ איז געווען ביי דער רעגירונג, אַז וואַל-רעכט, וואָס יידן האָבן לויט דער קאָנסטיטוציע נאָך, איז נוגע נאָר דער נייער פאָלקס-פאַרטרעטונג, נישט אויף די אַלטע שטאַנדן אַנשטאַלטן. אַזוי פאַלש האָט מען געטייטשט די גרונט-געזעצן, מיט דעם ביי ן

[1]) אינם פּונקט 12 פון דערזעלבער קאָנסטיטוציע איז געזאָגט געווען: „דאָס געניסן בירגערלעכע און מלוכה-בירגערלעכע רעכט איז נישט געווענדט אין דעם גלויבן".

חילן: אַרויסשפּאַרן דעם יידן. דאָס יאָר 1852 האָט מען דער רעאַקצ אָנערער איבערשטער קאַמער געשטעלט דעם פּאָרשלאַג אויסבעסערן דעם דערמאַנטן פּונקט 12, אַז אין לאַנדטאַג און צו מלוכה־שטעלעס זאָל מען צולאָזן נאָר אַזוינע, וואָס געהערן צו דער קריסטלעכער קירך. דערויף האָט די רעגירונג געענטפערט, אַז אַזאַ פּאָרשלאַג איז „צו פריי", נאָר „אויפן אַדמיניסטראַטיוון שטייגער" לאָזט מען אַלצאיינס נישט צו קיין יידן צו מלוכה־שטעלעס. מאַנטייפלס שוואַרץ מיניסטע־ריום האָט מיט אַ רואיק געוויסן געקאָנט אַזוי ענטפערן: צו וואָס זאָל מען זיך בלאַמירן און ענדערן די קאָנסטיטוציע, אַז מ'קאָן זי רעכט „טייטשן" „אויפן אַדמיניסטראַטיוון שטייגער" און דערמיט זי צונישט מאַכן?

אָבער די רעאַקציאָנערן אינם פּרייסישן פּאַרלאַמענט האָבן זיך דערמיט נישט צופרידנגעשטעלט. דאָס יאָר 1856 זענען דאָרט פּאָרגעקומען וואַלן אין דער דעפּוטאַטן־קאַמער, די קלעריקאַל־פּריצישע פּאַרטיי האָט זיך פאַרשטאַרקט, און וואַגענער, איינער אַ פירער פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, האָט דערלאַנגט אַ פּאָרשלאַג, מ'זאָל גאָר אָפּשאַפן פון דער קאָנסטיטוציע דעם ליבעראַלן פּונקט 12. וואַגענער און די זייניקע מיינען, אַז אַזאַ פּונקט, וואָס דאָרט האַנדלט זיך פון גלייכע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט פאַר אַלע אמונות גלייך, פּאַסט נאָר פאַר אַן אַטעאיסטישער מלוכה, אָבער נישט פאַר אַזאַ גאָטספאָרכטיקער קריסטלעכער מאָנאַרכיע, ווי פּרייסן איז. דער חוצפה'דיקער פּאָרשלאַג האָט שטאַרק אויפגעבראַכט פּרייסישע יידן. ס'איז קלאָר געווען, אַז די רעאַקציע וויל אָפּשאַפן אַלצדינג, וואָס יידן האָבן דערלאַנגט דאָס יאָר 1848, זאָל זיין אפילו דערלאַנגט מער אויפן פּאַפּיר. אין די יידישע קהלות האָט זיך געלאָזט הערן, אַז מ'דאַרף שיקן פּראָטעסטן דעם פּאַרלאַמענט. דער אויפטועער איז דאָ געווען לודוויג פיליפ־סאָן, רעדאַקטאָר פון דער „אַלגעמיינער יידישער צייטונג". משך צוויי וואָכן איז דעם פּאַרלאַמענט אָנגעקומען ביז 300 פּעטיציעס פון יידישע קהלות מיט שאַרפע פּראָטעסטן קעגן דעם, וואָס מ'פּאַרמעסט זיך אָנרירן דעם יסוד פון דער קאָנסטי־טוציע—גלייכע בירגער־רעכט. אַ סך פאַרטרעטער פון קהלות און רבנים זענען געקומען קיין בערלין צו ווירקן אין דעם זין אויף די דעפּוטאַטן פון זייערע וואַל־קרייזן. צום פּראָטעסט זענען צוגעשטאַנען אַ סך קריסטן אויך. די דאָזיקע פּראָטעסטן האָבן אַביסל אָפּגעקילט וואַגענערן און זיינגלייכן. אין דער קאָמיסיע האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי זענען אויסן פאַרשמעלערן נאָר יידישע פּאָליטישע רעכט, נישט קיין בירגער־רעכט, און אַזוי האָט דאָס די קאָמיסיע דערלאַנגט דער קאַמער. אָבער דער „ווייכערער" פּאָרשלאַג פון דער קאָמיסיע האָט אויך נישט געשטימט מיט דער מיינונג פון דער מערהייט דעפּוטאַטן (מערץ 1856). אפילו די קאָנסערוואַטאָרן האָבן דערקלערט, אַז ס'איז געפערלעך אָפּשאַפן דעם פּונקט 12, ס'קאָן אויפרודערן דאָס לאַנד, „ווי מיר זעען דאָס פון אַ סך קהלה־פּעטיציעס". ניכר, אַז די פּעטיציעס האָבן געהאַט אַ פּעולה, דער שענדלעכער פּאָרשלאַג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַלע שטימען, חוץ דרייסיק לעצט־רעכטע

אָבער איידער דער דאָזיקער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, האָט די קאַמער ווידער אויסגעהערט אַ צינישע הבטחה פונם מיניסטער וועסטפאַלן, אַז די רעגירונג ווייסט ווי אַזוי „אויסצוטייטשן" דעם פונקט 12 און „וועט נישט לאָזן שטאַרק אָנווענדן" דעם דאָזיקן פונקט, „דאָס וואָלט געווען אַ באַליידיגונג פאַר אַ קריסט־לעכער מלוכה"; די רעגירונג וועט ווייטער אויך נישט צולאָזן „נישט־קיין־קריסטן און אומרעליגיעזע סעקטאַנטן" צו ריכטער און אַדמיניסטראַטיווע שטעלעס.

אין בייערן איז דאָס מיט אָפּשאַפן די פרייהייטן צוגעגאַנגען אַ סך פשוט'ער. צו דער צייט, ווען אין גאַנץ דייטשלאַנד האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ רעאַקציע, האָט דאָס אין בייערן נאָך נישט געהאַלטן אפילו ביי עמאַנסיפּאַציע. די רעגירונג (פּפאָרדענס־מיניסטעריום), וואָס האָט זיך געלאָזט רעכענען מיט'ן קעניגס צוזאָג „פאַרבעסערן" די יידישע לאַגע, האָט געשטעלט די יידנפראַגע צו באַהאַנדלען אין בייערישן לאַנדטאַג (דעצעמבער 1849). נאָך היציקע וכּוחים האָט די קאַמער פּרינציפּיעל אָנגענומען בהדרגהווייז עמאַנסיפּירן יידן; דער ערשטער איז אָנגעמערקט געוואָרן אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגן „מאַטריקולן", ד. ה. וועגן פרייעם פאַרקער. אָבער אפילו אַזאַ מעסיקע אָפּשטימונג האָט שטאַרק אויפגערודערט די קלעריקאַלן. די גייסטלעכע האָבן אָרגאַניזירט אַ פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן אַזאַ געפאַר, ווי יידישע גלייכבאַרעכטונג. איידער די פראַגע האָט דערלאַנגט צו דער אויבערשטער קאַמער, זענען שוין אַהין אָנגעקומען הונדערטער רעאַקציאָנערע פּראָטעסטן. די קאָנסערוואַטיווע אויבערשטע קאַמער האָט שטאַרק גענומען צום האַרצן די „געזעלשאַפטלעכע מיינונג" און האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג וועגן יידישער עמאַנסיפּאַציע (16 פעברואַר 1850). „נישט יידן, נאָר קריסטן זענען נאָך נישט דערוואַקסן צו יידישער עמאַנסיפּאַציע",— אַזוי האָט דערקלערט דער פּרעזי־דענט פון דער פּראָטעסטאַנטישער אויבער־קאָלעגיע, געשטיצט זיינע קאַטוילישע קאָלעגן. איצט האָבן זיך יידן אָפּגערופן. דער רעגענסבורגער קהלה־ראַט האָט זיך געווענדט צו אַלע יידישע קהלות אין בייערן מיט אַן אויפרוף פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ „באַשלוס, וואָס ער איז אַ שאַנדע אפילו פאַר די פינסטערסטע צייטן" און אָרגאַניזירן אומעטום קאָמיטעטן צו שיקן אַדרעסן דעם קעניג און דער „פאָלקס־קאַמער, וואָס נאָר איר מערהייט דריקט אויס דעם ווילן פונם בייערישן פאָלק" (ווייט אָפּגעשייט פון דער אויבערשטער קאַמער). אָנגערופן האָבן זיך דערויף זייער ווייניק קהלות. די קהלה אין דער רעזידענץ־שטאָט מינכען האָט זיך איינגעשטעלט דערלאַנגען אַ פּעטיציע מאַקסימיליאַן דעם II־טן. דערמאָנט אים וועגן „יידישע האָפנונגען, וואָס זיי האָבן זיך געשטאַרקט מחמת דעם וואוקס פון אידעען און דעם קעניגס צוזאָג"; יידן דאַרף געגעבן ווערן „פולע בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטונג" (דעצעמבער 1850). אָבער אַזאַ טאָן האָט שוין נישט געפּאַסט איצט, ווען רעגירער האָבן זיך שוין געפונען באַליידיקט פון אַזויבע אָנצוהערענישן ווי „דער וואוקס פון אידעען" און דעם „קעניגס צוזאָג". אינגיכן (1851) האָט די רעגירונג אַזוי איינרעגולירט די יידישע לאַגע אין בייערן, אַז

געבליבן איז אפילו דער שענדלעכער געזעץ פון יאָר 1813 וועגן „נאָרמירן די
צאָל יידן" אין בייערן, כדי זיי זאָלן ווערן וואָס ווייניקער; ממילא איז שוין
אויך געבליבן די אַלטע „מאַטריקול"־קייט, וואָס האָט געבונדן יידן, נישט געלאָזט
זיי פריי באַזעצן זיך אין שטעט און אין דערפער. אַ סך יידן האָבן זיך מיאש
געווען דערלעבן עפּיס בעסערס אין דערהיים און ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן
אַ שטאַרקע עמיגראַציע קיין אַמעריקע, נאָכדעם ווי זי איז שוין שטילער געוואָרן
נאָך די רעוואָלוציע־טעג מערץ 1848. די געבליבענע האָבן געמוזט אויסשטיין די
אַלטע יידישע רעכטלאָזיקייט; די איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס די רעוואָ־
לוציע דאָס יאָר 1848 האָט יידן געגעבן וואַל־רעכט אין פּאַרלאַמענט, כאָטש קיין
פרייעם פּאַרקער אין לאַנד האָבן זיי נאָך אַלץ נישט געהאַט. די דערשלאָגענע
קהלות האָבן געענדערט די טאַקטיק: זיי האָבן שוין מער נישט געפאָדערט קיין
„גלייכבאַרעכטיגונג", זיי האָבן הכנעה'דיק געבעטן נישט מער ווי באַזייטיקן „פּאָ־
ליצײ־נגישות" וועגן מאַטריקולן און שענדלעכע וואוינרעכט־כללים. די פיורטער
קהלה, וואָס דאָס יאָר 1848 האָט זי מיט שטאָלץ אָפּגעוואָרפן רעכט לאחדים און
געפאָדערט פולע עמאַנסיפּאַציע, די דאָזיקע קהלה שרייבט אין איר פּעטיציע
יאַנואַר 1859: „מיר האַלטן נישט אַזוי ווייט, מיר זאָלן האָפן גאָר גלייכבאַרעכ־
טיקט צו ווערן, אָבער דאָך איז אַ יושר, אַז די דעפּוטאַטן־קאַמער זאָל די באַנט־
סטע סעסיע אָפּשאַפן ווייניקסטנס די שענדלעכע מאַטריקול־סיסטעם". אָבער אַזאַ
קלייניקייט איז אויך באַשערט געווען מקוים צו ווערן ערשט אין אַ צייט אַרום,
ווען די ווילדע רעאַקציע איז אַ ביסל געשטילט געוואָרן.

פאַרשידן איז געווען די יידנפיינטלעכע רעאַקציע אין פאַרשידענע דייטשע
לענדער. אין ז אַ ק ס ן האָט די רעגירונג, וואָס איז זייער ווייט געווען פון ליבע־
ראַליזם און האָט אָפּגעשאַפט אַלע פרייהייטן, אפילו די רעגירונג האָט ביי זיך
נישט געקאָנט פועלן אומקערן יידן צוריק צו דער אַלטער קנעכטשאַפט פון פאַר
מערץ 1848. אָבער קריסטלעכע סוחרים אין דרעזדן און אין לייפּציק האָבן גע־
פאָדערט מיט פּעטיציעס, מ'זאָל פאַרשמעלערן יידישע רעכט, און דער לאַנדטאַג
האָט נאָכגעגעבן, נאָך היציקע דעבאַטן (1852). אַנדערש איז דאָס צוגעגאַנגען אין
מ ע ק ל ע נ ב ו ר ג—ש ו ע ר י ן: דאָ האָט די רעגירונג גערודפט יידן, און די
געזעלשאַפט האָט זיך פאַר זיי אָנגענומען. די רעגירונג, וואָס האָט מיט היץ
אויסגעראַמט אַלע נצחונות פון דער רעוואָלוציע, האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם
אַלטן רעזשים פון „שוץ־יידן", האָט אָפּגענומען ביי יידן אַסך רעכט. דעם 9
יאַנואַר 1855 האָט דער אינערן־מיניסטער ביולאָוו אַרויסגעגעבן אַ צירקוליאַר צו
אַלע מאַגיסטראַטן, זיי זאָלן יידן נישט געבן קיין בירגעררעכט, ד. ה. רעכט
פריי צו וואוינען און פּראָפעסיאָנעל באַשעפטיקן זיך. מיט אַן אומפאַרשעמטער
ברייטקייט דערמאָנט דער מיניסטער, אַז נאָכדעם ווי ס'זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן
די גרונט־געזעצן, וואָס שטאַמען פון דער רעוואָלוציע, קערן זיך יידן צוריק אום
צו דער לאַגע, וואָס פאַר דעם יאָר 1848, ד. ה. יידן טאָרן נישט פאַרווערבן

קיין נחלאות, באַשעפטיקן זיך מיט אַ געוויסער פּראָפּעסיע אָן אַספּעציעלער „פּריווילעגיע" פון דער רעגירונג; דער מאַגיסטראַט פון דער שטאָט גיוסטראָוו האָט זיך איינגעשטעלט פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ צירקוליאַר. דער מאַגיסטראַט האַלט, אַז ס'איז נישט קיין יושר אָפּנעמען ביי מענטשן רעכט, וואָס מ'האָט זיי שוין געהאַט געגעבן, אַז ס'פּאַסט נישט פאַר קיין געזעצגעבונג אַזאַ אויף און אָפּגעבן רעכט און זיי צוריק אָפּנעמען, אַז יידן ברענגען פיל נוצן דעם מכח־; „אַ ייד מונטערט זיין קריסטלעכן מיטבירגער אויך צו אַרבעטן; יעדער שטאָט־חאָס וויל וואַקסן אין האַנדל, מוז אָנקומען צו יידן". לסוף דאַרף מען נאָך געדענקען, אַז אָפּשאַפן גלייכבאַרעכטונג, וואָס יידן האָבן באַקומען די יאָרן רעוואָלוציע, קאָן מען נאָר מיט אַגעזעץ, נישט מיט קיין מיניסטער־צירקוליאַר. װען דאָס מיניסטעריום האָט דערויף אָפּגעענטפערט מיט זיין צירקוליאַר־לשון, האָט דער אָפּאָזיציאָנעלער מאַגיסטראַט דערלאַנגט אַ צווייטע מעלדונג, נאָך שאַרפער (דעם 14 אַפּריל). אין דער דאָזיקער מערקווירדיקער מעלדונג געפינען מיר אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן דער גאָרער סיסטעם יידישע רעכטלאָזיקייט: „דער געדאַנק, אַז יידן זענען קאָמערקנעכט, איז שוין נישט פאַראַן מער אין פאָלקס־באַוווסטזיין, און צוריק מחיה מתים זיין דעם געדאַנק קאָנט איר נישט, מעגט איר אפילו דריקן יידן וויפיל איר ווילט... ס'איז שוין מער נישט מעגלעך דערנידעריקן יידן צו דער מדרגה, וואָס פאַר הונדערט יאָרן, וואָרום זיי האָבן זיך שוין פאַרבונדן מיטן מלוכה־לעבן, מיט קונסט און וויסנשאַפט, וואָרום מיר זעען שוין ביי זיי מענטשן, וואָס דאָס פאָטערלאַנד קאָן זיך מיט זיי איבערנעמען, וואָס זייערע נעמען וועלן בלייבן לזכרון אַזוי לאַנג ווי די היינטיקע קולטור וועט זיך האַלטן". אָבער אפילו אַזוינע רייד וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט פאַרמאָגט היינע'ן און בערנע'ן, מענדעלסאָנען און ריסער'ן, האָבן ווייניק וואָס גערירט פאַרברענטע רעאַקציאָנערן, וואָס זיי האָט געצויגן צו פּאַגשטשענע, און „היינטיקע קולטור" איז ביי זיי פאַרהאַסט געווען. מעקלענבורגער רעגירער האָבן זיך נישט געלאָזט איבערשרעקן פאַר קיין קולטור: אַ צייט לאַנג האָבן זיי נאָך דערהאַלטן יידישע רעכטלאָזיקייט און זיך נישט געקימערט וועגן דער מיינונג פון דער בעסערער דייטשער געזעלשאַפט.

די רעאַקציע־עפּידעמיע האָט גענומען אָנשפּאַרן אפילו אין אַזוינע דייטשע מלוכות, וואָס פריער, פאַר דער רעוואָלוציע, האָבן זיי געהערט צו דער „קאַטעגאָריע ליבעראַלע" (§ 9). אין קורהעסן האָבן יידן באַקומען עמאַנסיפּאַציע נאָך דאָס יאָר 1833; דאָס יאָר 1852 האָט דער דייטשער בונדעסטאַג אָנגעוואָרפן דעם פאָלק אַ „דערווייליקע קאָנסטיטוציע": בירגער־רעכט און פּאָליטישע רעכט איז שוין אַ פּריווילעגיע נאָר פאַר קריסטן. גאַסנפלוג'ס ווילד־רעאַקציאָנער מיניסטעריום, וואָס האָט באַוויזן אַ קונץ רעגירן אָן אַ פּאַרלאַמענט, האָט אויסגענוצט די דאָזיקע קאָנסטיטוציע און אַוועקגערויבט ביי יידן זייערע אַלטע רעכט. אין ווירטעמבערג און אין באַדען, וואָס זיי זענען געווען די ראַדיקאַלסטע

בעת דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848, האָט די רעאַקציע אויך צוריקגענומען אַסך, וואָס יידן האָבן יענע צייט דערלאַנגט.

## § 34. נייע שטימונגען, דאָס פאַראייניקן דייטשלאַנד דער נצחון פון עמאַנסיפּאַציע.

סוף די 50־ער יאָרן האָט מען אין פּאָליטישן לעבן אין דייטשלאַנד געקאָנט באַמערקן אַ שאַרפע ענדערונג. די ענערגיע פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע האָט זיך געפעלט, דער ליבעראַליזם האָט אָנגעהויבן צו זיך קומען. אין אייראָפּע האָט אַ בלאָז געטון אַ פרישער ווינט פונם איטאַליענישן באַפריי־קריג דאָס יאָר 1859. ס'האָט זיך געפילט, אַז פעלקער זענען נאָך נישט גאָר געפאַלן, און רעגירער וועלן אינגיכן מוזן צאָלן די וועקסלען פונם יאָר 1848. אין פּרייסן האָט זיך דאָס אָנגעהויבן מיט אַ הויף־קריזיס. מחמת פרידריך ווילהעלם דעם IV־טנס גייסטיק־קראַנקהייט איז זיין ברודער ווילהעלם דער 1־טער געוואָרן רעגענט (1858) און דערנאָך קעניג (1861). ווילהעלם דער 1־ער, אַ רעגירער — אַ סאָלדאַט, האָט פיינט געהאַט ליבעראַלע אידעען, ער האָט אָבער נישט געהאַלטן פון זיין ברודערס קלעריקאַלער ראָמאַנטיק אויך. די קאָנסטיטוציע איז אים געווען דערווידער, ער האָט זי אָבער געהאַלטן פאַר אַ פאַקט, און איז דערויף איינגעגאַנגען. אָנשטאָט מאַנטייפעלס רעאַקציאָנער מיניסטעריום איז געוואָרן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער קאַבינעט, ביי די וואַלן אין לאַנדטאַג האָבן געווינען ליבעראַלן; דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז די רעאַקציע ווערט שוואַכער. אין דער נייער קאַמער דאָס יאָר 1859 זענען אַריין צוויי דעפּוטאַטן יידן. יידישע טוער האָבן אויסגענוצט די נייע לאַגע אום ווידער אָנצוהויבן אַ שטרייט פאַר רעכט. פיליפּסאָן האָט ווידער אָרגאַניזירט אַ פּעטיציע־באַוועגונג. דאָס יאָר 1859 זענען אין דער דעפּוטאַטן־קאַמער אָנגעקומען 226 פּעטיציעס פון יידישע קהלות וועגן פאַרוויקלעכן גלייכבאַרעכטונג. איין פּעטיציע, פון וועסטפאַלער יידן, איז אָנגעקומען פונם הויפּט־רב אברהם זוטרא פון מינסטער, ער האָט געמאָנט, מ'זאָל יידן צולאָזן צו רעגירונג־שטעלעס לויט דער קאָנסטיטוציע נאָך. די קאַמער האָט היציק באַהאַנדלט די דאָזיקע פּעטיציע אויף צוויי זיצונגען אירע (25 — 26 אַפּריל 1860). די פּעטיציע־קאָמיסיע האָט פירגעלייגט דער קאַמער איבערגעבן די פּעטיציע דעם מיניסטעריום, דאָס מיניסטעריום „זאָל דאָס נעמען צו קענטניש". די ליבעראַלן האָבן געשטיצט דעם פאָרשלאַג און האָבן געפאָדערט, די רעגירונג זאָל ענטפערן, פאַרוואָס זי האַלט נישט דעם פּונקט קאָנסטיטוציע וועגן גלייכבאַרעכטונג. פאַר דעם

אַלטן שטייגער האָט זיך איינגעשטעלט איין יוסטיץ־מיניסטער סימאָנס, דער איינציקער, וואָס איז געבליבן פונם אַלטן רעאַקציאָנערן קאַבינעט, און דער מיניסטער פאַר גייסטיקע ענינים בעטמאַן־האָלוועג. סימאָנס האָט פאַרענטפערט, וואָס אַ יידן לאָזט מען נישט צו צו קיין ריכטער־שטעלעס: אַ ייד אַ ריכטער קאָן נישט געבן קיין קריסט קיין יעזוס־קריסטוס־שבועה. ער האָט געמעלדעט, אַז פון 70־80 יידישע קאַנדידאַטן אויף ריכטער־שטעלעס האָט ער צוגעלאָזט נאָר פיר אין דער קאָרפּאָראַציע אַדוואָקאַטן, זיבן האָבן זיך געשמדט אַזוי, אַז די צאָל אַספּיראַנטן ווערט כסדר קלענער.

ס'האָט זיך געפונען אַ דעפּוטאַט, וואָס האָט שאַרף אָפּגעענטפערט דעם מיניסטער, אַז אַזאַ דאָפּלטע בוכהאַלטעריע מיט פאַרעקשנטע יידישע קאַנדידאַטן און מיט משומדים, איז קיין כבוד נישט, נישט פאַר דער מלוכה, נישט פאַר דער קריסטלעכער קירך. אַן אַנדער דעפּוטאַט (בינקע) האָט געזאָגט: „ביז איצט האָב איך געמיינט, אַז די טויף וואַשט אָפּ נאָר די ערשטע זינד און נישט די „אַציאָנאַליטעט. ערשט זעען מיר אָבער, אַז ווי נאָר אַ פּרייסישער ייד שמדט זיך, איז ווערט ער באַלד אַן עכטער גלייכבאַרעכט׳קטער פּרייס". דער מיניסטער פאַר גייסטיקע ענינים האָט געטענהט, אַז אַלע שולן אין דייטשלאַנד, פון אָנהייב־שולן ביז הויך־שולן, זענען רעליגיעז־קריסטלעכע, ממילא פּאַסן אַהער נישט קיין לערער־יידן. פונדעסטוועגן איז די רעגירונג בכלל נישט געווען קעגן דעם פאָרשלאָג פון דער קאָמיסיע „אין זינען האָבן" די יידישע פּעטיציע. אַקעגנגעשטעלט האָט זיך די רעאַקציאָנערע מינדערהייט פון דער קאַמער. בלאַנקענבורג, אַ יידנפרעסער האָט געוויזן מיט פּסוקים פון תלמוד און סדור, אַז יידן בענקען נאָך פּאַלעסטינע, פאַרהאַסן „גויים" און האָבן אַזאַ שעדלעכע תפילה, ווי „כל־נדרי", וואָס זי באַפרייט יידן פון דער פליכט. יידן זענען אַ באַזונדער נאַציע, פיינטלעך דעם קריסטנטום, און דייטשן קאָנען זיי ווערן נישט אַנדערש סיידן זיי זאָלן זיך שמדן. פייט, אַ ייד — אַ דעפּוטאַט, האָט צונישט געמאַכט די אַלע טענות און שטאַרק אויסגענומען ביי דער ליבעראַלער מערהייט דאָס מאָל האָבן די ליבעראַלן אַרויסגעשטעלט עטלעכע שטאַרקע ריידער פאַר גלייכבאַרעכטונג. נאָך צוויי טאָג היציקע דעבאַטן האָט די קאַמער מיט אַ מערהייט; 169 שטימען קעגן 110 אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון דער קאָמיסיע, די פּעטיציע זאָל איבערגעגעבן ווערן דער רעגירונג, זי זאָל דאָס „אין זינען האָבן".

בכן האָט די עמאַנסיפּאַציע געהאַט אַ מאָראַלישן נצחון. דער פּראַקטישער פּועל־יוצא איז געווען נישט מער, וואָס די רעגירונג האָט אויפגעהערט אַזוי פּלייסיק צו „טייטשן" די פּונקטן קאָנסטיטוציע צו שאָדן יידן. יידן האָבן ווידער באַקומען רעכט צו זיין ראַטמענער אין זעמסטווע און פאַרנעמען דאָרט געוויסע שטעלעס. דער יוסטיץ־מיניסטער בערנוט, אָנשטאָט סימאָנס'ן, האָט אָנגעהויבן צולאָזן יודן צו קלענערע געריכט־אַמטן. ער האָט אויך דערלאַנגט דער קאַמער אַ פּראָיעקט אָפּשאַפן די ספּעציעלע שבועה פאַר יידן more judaico; די דע־

פוטאַטן־קאַמער האָט דעם פּראָיעקט אָנגענומען. אָבער די הערן־קאַמער מיט די מיטלאַלטערישע השגות, האָט דאָס אָפּגעוואָרפן. די רעגירונג האָט אויך באַוויזן די נעגל. די ליבעראַלע קאַמער האָט זיך אַקעגנגעשטעלט קעגן קעניג ווילהעלם׳ס מיליטערישע פּלענער, האָט זיך דער קעניג צעקריגט מיט די ליבעראַלן און געמאַכט פאַר מיניסטער־פּרעזידענט ב י ס מ אַ ר ק ׳ן, דעם פירער פון דער פּריצישער פּאַרטיי (1862). דער דאָזיקער שטרייט קעגן ליבעראַליזם, דערהויפּט קעגן דער נייער „דייטש־פּראָגרעסיווער פּאַרטיי" (איינער פון די פירער איז דאָרט געווען דער אַלטער ראַדיקאַל יאָהאַן יאַקאָבי, אַ ייד), פלעגט אָפט שטאַרק טרעפן יידישע גלייכבאַרעכטונג. ס׳איז שווער צו זאָגן, מיט וואָס וואָלט זיך אויסגעלאָזט דער דאָזיקער נייער אויפשטאַנד פון דער מאַכט קעגן פאָלקס־פרייהייט, ווען די רעגירונג זאָל אינגיכן נישט געווען דאַרפן אָנקומען צום פאָלק, ממילא האָט זי זיך געמוזט איבערבעטן מיטן פאָלק. ס׳האָט געהאַלטן נאָענט צום קריג פון פּרייסן מיט עסטרייך, אַ פּועל־יוצא פון אַן אַלטן סכסוך פאַר העגעמאָניע אין דייטשן בונד. ערב אַ קריג אין דער פרעמד האָט ביסמאַרקס רעגירונג געמוזט אויפהערן דעם אינעווייניקסטן קריג און שליסן שלום מיטן פאָלק. אין דעם עסטרייכיש־פּרייסישן קריג דאָס יאָר 1866 האָבן יידן בלוט פאַרגאָסן ביי ביידע צדדים: ברידער האָבן געשאָסן איינס אין אַנדערן פאַר אינטערעסן פון צוויי מלוכות, וואָס ביידע האָבן פלייסיק באַרויבט יידן זייערע רעכט, יעדע אויף איר שטייגער... אָבער ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט מיט פּרייסן׳ס גאָר נצחון און דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן פעראייניקט ווערן, איז קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס וועט האָבן צו זאָגן פאַר יידן אויך און יידישע עמאַנסיפּאַציע וועט דערנענט ווערן.

דער ערשטער פּועל־יוצא פון דער מלחמה איז געווען, וואָס פּרייסן איז צוגעקומען עטלעכע נייע פּראָווינצן, געוועזענע מלוכות פאַר זיך: האַנאָווער, קורהעסן, נאַסאַו, שלעזוויג־האָלשטיין און די פרייסטאָט פראַנקפורט באַ מיין. אין די צוגעקומענע לענדער האָבן געוואוינט צענדליקער טויזנטער יידן,[1] עמאַנסיפּירט שוין פון פריער (חוץ אין פראַנקפורט, דאָרט האָט דער געזעץ פון יאָר 1853 פאַרשמעלערט יידישע רעכט: יידן האָט מען נישט געטאָרט אויסקלויבן אין סענאַט און אין די בירגערלעכע פאַרטרעטונג־אַנשטאַלטן). די נייע יידישע קהלות האָבן זיך צונויפגענומען מיט די אַלטע געוועסטע צו דער רעגירונג און צו דער דעפוטאַטן־קאַמער מיט אַ קאָלעקטיווער פּעטיציע, מ׳זאָל אָפּשאַפן אַלע פאַראַלטערטע געזעצן, וואָס זיי שטימען נישט מיט גלייכבאַרעכטונג לויט דער קאָנסטיטוציע. איידער מ׳האָט זיך נאָך באַוויזן אַרומקוקן, ווי פּרייסן וועט האַנדלען אין דער פראַגע, האָט זיך געעפנט אַ ברייטערער פלאַץ צו שטרייטן פאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג, נישט אין פּרייסן אַליין, נאָר אין גאַנצן דייטשן בונד.

[1]) אין די נייע פּראָווינצן איז געווען ביז 60.000 יידן. צוזאַמען מיט פּרייסן (253 טויזנט דאָס יאָר 1862) האָט דאָס אויסגעמאַכט אַקעגן 310 טויזנט יידן.

דאָס יאָר 1866 איז געוואָרן דער „נאָרד־דייטשער בונד" מיט פּרייסנס העגעמאָניע, אַהין זענען אַריין אַלע מלוכות צפון צו פונם מאַין. מערץ 1867 האָט זיך אין בערלין געעפנט דער גרינדונג־רייכסטאַג פונם בונד מיט אַ ליבעראַלער מערהייט. 4 יידן־דעפּוטאַטן זענען דאָרט געווען, צווישן זיי אַ באַגאַבטער פּאָליטיקער עדוואַרד לאַסקער, אַ גליד פונם פּרייסישן לאַנדטאַג; ער איז אַרויס פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי און איז צוגעשטאַנען צו די נאַציאָנאַלע ליבעראַלן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פירן פון ביסמאַרק'ן צו פאַרייניקן דייטשלאַנד. 412 יידישע קהלות פון די פאַרייניקטע מלוכות האָבן דערלאַנגט אַ פּעטיציע דעם דאָזיקן פּאַרלאַמענט. דערהויפּט האָבן מעקלענבורג־שווערינ'ער יידן געבעטן רחמים „מיט אַ טיף־פאַרביטערט האַרץ": די אָרטיקע פּרעה'ס האָבן זיי געהאַלטן אין קנעכטשאַפט. זיי האָבן געבעטן, אַז „דער הייליקער פּרינציפּ פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג זאָל סוף כל סוף אָנגעווענדט ווערן צו מעקלענבורגער פון יידישער אמונה, לשם דעם כבוד פונם דייטשן פאָטערלאַנד". וויגערס און פּראָש, מעקלענבורגער פּראָגרעסיווע דעפּוטאַטן אין רייכסטאַג, האָבן זיך שטאַרק איינגעשטעלט פאַר דער דאָזיקער פּעטיציע. זיי האָבן געמאָנט, אַז די בונד־קאָנסטיטוציע זאָל גאַראַנטירן פּאַקטישע גלייכבאַרעכטונג אין אַלע פאַרבונדעטע מלוכות. דער רייכסטאַג האָט דאָס אָפּגעוואָרפן: ס'פּאַסט נישט, ער זאָל זיך מישן אין די אינעווייניקסטע ענינים ביי יעדער מלוכה. לאַסקער האָט דערצו אויך אַ האַנט צוגעלייגט: ביסמאַרק'ס פאַרייניקונג־פּלענער זענען אים געווען טייערער, איידער יידישע באַפרייאונג. אומגעבעטענערהייט האָט ער געמעלדעט, אַז יידן גופא מאָנען נישט ביים רייכסטאַג אַזאַ שוץ־געזעץ; יעדנפאַל לוינט נישט זיי צוליב אָוועקגיין פונם כלל, אַז מ'דאַרף זיך נישט מישן אין יעדן לאַנדס אינעווייניקסטע ענינים. אַזוי האָט אַ ייד אָפּגעענטפערט בעת קריסטן האָבן געטענה'ט, אַז יידישע רעכטלאָזיקייט אין איין מלוכה אין דייטשלאַנד איז אַ פלעק פאַרן גאַנצן דייטשן בונד! מעקלענבורגער יידן האָבן געוויזן, ווי האַלט דאָס מיט לאַסקער'ס פאַררופן זיך אויף דער „שטימונג ביי יידן": זיי האָבן דערלאַנגט אַ צווייטע פּעטיציע (סעפּטעמבער): זיי קוקן אַרויס, אַז נאָר דער בונד־פּאַרלאַמענט זאָל זיך איינשטעלן פאַר זייערע רעכט. דער רייכסטאַג, וואָס האָט געשטרעבט צו פאַרייניקן דייטשלאַנד קולטורעל אויך, נישט בלויז פּאָליטיש, איז לאַנג נישט געבליבן ביי זיין פּאָזיציע, נישט מישן זיך. ווען מ'האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן פרייעם פאַרקער אין די פאַרבונדעטע מלוכות, האָט מען אָנגענומען אַזאַ באַשלוס, וואָס זאָל זיין אַ מוז פאַר אַלעמען: „קיין אונטערטאַן פונם בונד טאָר נישט פאַרווערט ווערן, מחמת רעליגיעזע טעמים, צו באַזעצן זיך, וואוינען, באַשעפטיקן זיך מיט אַ פּראָפעסיע און פאַרווערבן נחלאות" (נאָוועמבער 1867).

דער דאָזיקער פונקט, וואָס ער איז אַריין אין דער בונד־קאָנסטיטוציע, האָט געהאַט זייער אַ סך צו זאָגן דערהויפּט פאַר צוויי לענדער מיט יידישער רעכטלאָזיקייט: זאַקסן און מעקלענבורג. זאַקסן, וואָס איז געווען אָנגעזען אין

נאָרדדייטשן בונד, האָט זיך אונטערגעגעבן: דאָס יאָר 1868 האָבן דאָרט יידן באַקומען די גאַנצע פרייהייט פון פאַרקער און באַשעפטיקונגען. דרעזדענער און לייפּציקער בירגער האָבן נעבעך געמוזט איבער נויט צוזען נעבן זיך אַ פרייעם קאָנקורענט אַ יידן, וואָס ערשט נישט לאַנג האָט מען אים אַזוי גרינג געקאָנט בייקומען מיט פּאַטריאָטיזם אַליין. נישט אַזוי גיך האָט מען דאָס געפועלט ביי מעקלענבורג. די רעגירונג האָט דאָ געמוזט נאָכגעבן דעם רייכסטאַג און לאָזן יידן פריי פאַרקערן און פאַרווערבן נחלאות, האָט זי אָבער באַוויזן אַ קונץ צו דער־האַלטן פאַר יידן דעם פאַרבאָט צו באַטייליקן זיך אין דער שטאָט־און־זעמסטווע־פאַרוואַלטונג. דעפּוטאַט וויגערס האָט דאָס פירגעהאַלטן אין רייכסטאַג (1868) און געפאָדערט, אַז מעקלענבורג זאָל נישט זיין קיין אויסנאַם, „דער נאָרדדייטשער בונד זאָל (דאָ) אויך מיטהעלפן באַזייטיקן מיטלאַלטערישע איינפירן, וואָס זענען דערווידער דער בונד־קאָנסטיטוציע". ער האָט דערלאַנגט אַ פאָרשלאַג, דער רייכס־טאַג זאָל אָננעמען אַ באַשלוס בכלל—„ס'זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן אַלע באַגרענעצ־נגעזעצן, וואָס נעמען זיך פון פאַרשידענע אמונות". בעת די דעבאַטן וועגן דער פראַגע האָט גראַף באַסעוויץ, אַ קאָנסערוואַטיווער מעקלענבורגער דעפּוטאַט, אַזוי געזאָגט: „יעדער מלוכה דאַרף מען לאָזן זיך אַנטוויקלען אויפן שטייגער פון אַ קריסטלעכער מלוכה. איך בין זיכער, אַז ווען יידן וואָלטן נאָר געקאָנט, וואָלטן זיי אויך באַשאַפן אַן אייגענע יידישע מלוכה אויף זייער שטייגער". לאַסקער, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט זיך דאָס מאָל אָנגערופן: ס'איז אַ רכילות אויף יידן, ווען מ'זאָגט, אַז זיי ווילן זיך אָפּשליסן, פריער האָט ער געמאַכט אַ גרויסע הקדמה: „ווען מ'באַהאַנדלט אַזוינע פאָרשלאַגן, וואָס זענען שטאַרק נוגע מיך און מיינע גלויבנסגענאָסן, האַלט איך בכלל, אַז איך דאַרף נישט רעדן, וואָרום ס'וואָלט געקאָנט הייסן, אַז איך נעם זיך אָן פאַר זיך אַליין". אָט ווי נידריק עס איז געפאַלן דאָס יידישע זעלבסטבאַוואוסטזיין זינט ריסערס צייטן: זיין פּאָליטישער נאָכקומער האָט זיך „פּרינציפּיעל" אָפּגעהאַלטן צו נעמען אַ וואָרט אין פּאַרלאַמענט איבער דער יידן־פראַגע—אויס מורא, מען זאָל אים, חלילה, נישט חושד זיין אין „פּערזענלעכער" פּאַראינטערעסירטקייט. דאָס פּאַרטיידיקן די יידישע זאַך האָט ער געלאָזן פאַר קריסטלעכע אַדוואָקאַטן, פונקט ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן באַזייטיקן קרובים פון אַ געריכט איבער אַ פאַרברעכער!...

צום גליק האָט זיך געפונען אַ דייטש וויגערס, וואָס האָט ערלעך געטון דעם יידן לאַסקערס זאַך, די מערהייט פאַרלאַמענט איז אויך געווען ליבעראַל געשטימט, ס'איז געוואָרן אויס „נישט מישן זיך". צום סוף סעסיע דאָס יאָר 1868 האָט דער רייכסטאַג אָנגענומען וויגערס פאָרשלאַג; דאָס יאָר 1869 האָט דאָס דער בונדעסראַט באַשטעטיקט און דער קעניג סאַנקציאָנירט. אינם דעקרעט פונם 3־טן יולי 1869, געחתמעט קעניג ווילהעלם און געצייכנט ביסמאַרק, שטייט אַזוי: „אינם נאָמען פונם נאָרדדייטשן בונד, לויטן באַשלוס פונם בונדעסראַט און רייכסטאַג, הייסן מיר: ס'ווערן אָפּגעשאַפט אַלע באַגרענעצן אין בירגערלעכע און

פּאָליטישע רעכט, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע אמונות: בפרט דאַרף יעדער האָבן גלייך רעכט צו באַטייליקן זיך אין שטאָטישער און זעמסקער זעלבסטפאַר־וואַלטונג און פאַרנעמען עפנטלעכע אַמטן, נישט געהענגט אין דער אמונה".

אַזוי אַרום האָט דער פּאַרלאַמענט פון די פאַראייניקטע דייטשע מלוכות אַ צווייט מאָל באַשטעטיקט דעם גרונט־געזעץ, וואָס די מערץ־רעוואָלוציע האָט דאָס פאַר צוואַנציק יאָרן שוין איין מאָל געהאַט אַרויסגעריסן ביי די דייטשע רעגירער. די יאָרן קאָנטר־רעוואָלוציע האָט זיך יעדער רעגירער באַזונדער גע־קאָנט פאַרגינען צוריקכאַפּן די גלייכבאַרעכטונג, וואָס דאָס פאָלק האָט ביי אים אַרויסגעריסן. איצט איז שוין געווען שווערער אַזוינס צו טון, וואָרום דאָס הויכע וואָרט וועגן יידישער בירגערלעך־פּאָליטישער גלייכשטעלונג איז געזאָגט געוואָרן אין דעם בונדעסראַט פון דייטשלאַנדס פעלקער און רעגירער, און די דאָזיקע גלייכשטעלונג איז איצט געווען אַ טייל פון דער פּראָגראַם: פאַראייניקן דייטשלאַנד, די וויכטיקסטע פּראָגראַם פון יענער תקופה. פּרייסן, די פירערין פונם בונד, האָט די ערשטע געמוזט פאָלגן דעם בונדס דעקרעט. ביז צהער האָט פּרייסן געגעבן יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג, אָבער נישט קיין פּאָליטישע. פונם יאָר 1869 אָן האָט די פּרייסישע רעגירונג געענדערט איר שטעלונג צוצולאָזן יידן צו מלוכה־אַמטן. דאָס יוסטיץ־מיניסטעריום האָט פאַר יידן געעפנט ברייט די טירן אין דער אַדוואָקאַטור; אין אַ קלענער צאָל האָט מען אָנגעהויבן צולאָזן יידן צו ריכטער־אַמטן אויך. שפּעטער (דאָס יאָר 1872) האָט דאָס בילדונג־מיניסטעריום אָנגעהויבן צולאָזן יידן צו לערער־שטעלעס אין מיטלשולן און אין הויכשולן. צו גאָרער גלייכבאַרעכטונג איז דאָך נאָך דאָ געווען ווייט. אַנדערע מלוכות פונם נאָרד־דייטשן בונד האָבן אויך געיאָגט, אפילו מעקלענבורג האָט זיך אונטערגעגעבן; דאָ און אין זאַקסן איז אויסגעקומען מיט אַמאָל מאַכן דעם שפּרונג פון מיטל־אַלטערישער יידישער קנעכטשאַפט צו גאָרער בירגערלעכער און פּאָליטישער גלייכבאַרעכטונג.

באַזונדער פאַר זיך זענען געווען די דרום־דייטשישע מלוכות: בייערן, באַדען און וויורטעמבערג; זיי זענען אין בונד נישט אַריין, און ממילא האָט ער אויף זיי קיין השפעה נישט געקאָנט האָבן. אָבער דאָ האָבן זיך אויך געלאָזט פילן די ליבעראַלע ווינטן פון די 60־ער יאָרן, די ליבעראַלע באַוועגונג איז ווי־דער צו זיך געקומען, און יידישע עמאַנסיפּאַציע איז דאָ מער ווייניקער אויס־געפירט געוואָרן נאָך איידער דער נאָרד־דייטשער בונד איז געוואָרן. נאָכדעם ווי אין בייערן איז געוואָרן שענק'ס ליבעראַל מיניסטעריום (1859), האָט זיך ווי־דער אָנגעהויבן אַ האַסטיקער שטרייט, קעגן די פּרעה'שע מאַטריקול־געזעצן. יידי־שע קהלות האָבן ווידער אָנגעהויבן צו שטורמען מיט פּעטיציעס די רעגירונג און דעם פּאַרלאַמענט, און האָבן אויסגעפירט. ביידע קאַמערן האָבן כמעט איינ־שטימיק אָנגענומען אַ באַשלוס אָפּצושאַפן דעם מאַטריקול־געזעץ, דער בייערישער קעניג האָט דאָס באַשטעטיקט (10 נאָוועמבער 1861). פיורטער קהלה, אויסער

זיך פאַר פרייד, וואָס מ׳האָט פון יידן אַראָפּגענומען די קייטן, וואָס פּופציק יאָר האָבן זיי נישט געלאָזט זיך אַ ריר טון, האָט געשיקט צום קעניג אַ דעפּוטאַציע מיט אַן אַדרעס פול מיט התפּעלות; דאָס איז די זעלבע קהלה, וואָס דאָס יאָר 1848 האָט זי געפאָדערט, די יידנפראַגע זאָל ווערן אויס „מיט איין פען טינט״..

איצט האָט מען זיך געקוויקט מיט אַ שטיקל נצחון און וועגן פּאָליטישע רעכט האָט מען זיך געלאָזט טרייסטן, אַז ס׳וועט נאָך קומען די צייט. וואַרטן איז אויס⸗געקומען ביזן יאָר 1870, ווען נאָכן פּרייסיש⸗פראַנצויזישן קריג האָט זיך דרום⸗דייטשלאַנד איינגעשלאָסן אינם דייטשן בונד. דאָס יאָר 1872 איז פאַר בייערן גילטיק געוואָרן דער דערמאָנטער געזעץ פונם בונדעסראַט (דאָס יאָר 1869), דער געזעץ, וואָס האָט פאַרענדיקט יידישע עמאַנסיפּאַציע אין צפון⸗דייטשלאַנד. אין באַדען און אין ווירטעמבערג האָט מען דאָס נאָך פריער אויסגעפירט. אין באַדען האָבן יידן פונם יאָר 1848 אָן גאַנצן אַלע פּאָליטישע רעכט, און דיזעל⸗בע צייט האָבן זיי נישט געקאָנט פריי וואוינען און פאַרקערן אין לאַנד. דאָס יאָר 1862 האָט מען די דאָזיקע באַגרעניצן אָפּגעשאַפט. באַדענער יידן, וואָס האָבן געהאַט רעכט פון מלוכה⸗בירגער, האָבן איצט געקריגן רעכט פון געמיינ⸗דע⸗בירגער אויך. אין ווירטעמבערג איז דאָס מיט יידישער עמאַנסיפּאַציע אויך צוגעגאַנגען אַזוי מאָדנע. דאָס יאָר 1861, נאָכדעם ווי יידישע קהלות האָבן אַ שטאַרקן שפּאַר געטון די רעגירונג, האָט מען דאָרט באַשטעטיקט יידישע „ביר⸗גערלעך ⸗פּאָליטישע גלייכבאַרעכטונג״, צ׳ב״ע באַגרעניצן אין אינדיווידועלע רעכט איז נאָך געבליבן. אָפּגעשאַפט האָט מען זיי ערשט דאָס יאָר 1864, ביידע קאַ⸗מערן האָבן דאָס אָנגענומען כמעט איינשטימיק. בכן זענען באַדען און וויור⸗טעמבערג אַריין אין דייטשן אימפּעריע⸗בונד (נאָכן קריג דאָס יאָר 1870) שוין מיט עמאַנסיפּירטע יידן.

דאָס צעריסענע דייטשלאַנד (דאָס יאָר 1815) האָט פאַרקנעכט יידן, דאָס פאַראייניקטע דייטשלאַנד (די יאָרן 1867—1870) האָט באַפרייט יידן. יידן האָבן פון זייער צד אַ סך מיטגעהאָלפן, דייטשלאַנד זאָל פאַראייניקט און פריי ווערן. געגנוג בלויז האָבן דערפאַר פאַרגאָסן יידן⸗רעוואָלוציאָנערן דאָס יאָר 1848, יידן סאָלדאַטן די יאָרן 1866 און 1870. אין די פאַרלאַמענט⸗שטרייטן האָבן פאַר דייטש⸗לאַנדס פרייהייט און אייניקייט געקעמפט די ריסערס, לאַסקערס און באַמבערגער׳ס [1].

[1]) ריסער, אַ הייסער פּאַטריאָט פון פאַרייניקן דייטשלאַנד, איז געווען אין דער דעפּוטאַציע אין פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט, וואָס האָט נאָך דאָס יאָר 1849 פאָרגעלייגט דעם פּרייסישן קעניג, פרידריך ווילהעלם דעם IV⸗טן, די קרוין פון דער דייטשער אימפּעריע; פרידריך ווילהעלם דער IV האָט דאָס דעמאָלט אָפּגעוואָרפן. בראש דער דאָזיקער דעפּוטאַציע איז געווען דער פּרעזידענט פונם פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט עדואַרד סימסאָן, אַ קעניגסבערגער ייד, וואָס מ׳האָט אים אָפּגע⸗שמד׳ט נאָך קינדווייז. שפּעטער, דעצעמבער דאָס יאָר 1870, האָט ווילהעלם דער I⸗טער אין ווערסאַל בעקומען די אימפּערישע קרוין פונם זעלבן סימסאָנ׳ס הענט, דעמאָלט שוין פּרעזידענט פונם נאָרד⸗דייטשן רייכסטאַג. ריסער האָט נישט דערלעבט דייטשלאַנד׳ס פאַרייניקונג און גאָרע יידישע עמאַנ⸗

נאָך דעם ווי פּרייסן האָט דאָס יאָר 1870 אויסגעשפּילט דעם קריג קעגן פראַנק-
רייך און ס'איז געוואָרן די דייטשע אימפּעריע מיט פּרייסן בראש, איז געווען אַ
צייט, ווען מ'האָט געהאַלטן פאַר זיכער, אַז יידן האָבן באמת דערלאַנגט גלייכ-
באַרעכטונג, נישט בלויז אויף פּאַפּיר. אין דעם יום-טובדיקן דייטשלאַנד איז כמו
פאַרשווינדן דער שאָטן פון דער יידנפראַגע. שפּעטער, ווען ביסמאַרקס רעגירונג
האָט זיך גענומען פאַרן „קולטור-קאַמף" קעגן קאַטאָליציזם (די יאָרן 1872—1873),
האָבן יידן געקאָנט אין דעם אייגזען אַ היסטאָרישע שטראָף פאַר דער קראַפט,
וואָס האָט פריער געדריקט און געשטיקט יידן און איז אומעטום געווען אַ שטיין
אין וועג דעם פּראָגרעס. ס'האָט קיינעם אין קאָפּ נישט געקאָנט קומען, אַז אין
עטלעכע יאָר אַרום וועט מען ווידער פאַרפירן קריג קעגן יידן לשם „דייטשע
קולטור", וואָס יידן האָבן זיך פאַר איר אַזוי מקריב געווען... דאָס איז געווען
אַ צייט, ווען יידן זענען אַריין אין אַלע קלאַסן דייטשע געזעלשאַפט, אין אַלע
צווייגן פונם סאָציאַלן לעבן. רייכע יידן האָט גלייך מיט דייטשן פאַרכאַפּט דאָס
פיבער פון גרינדעריי און גרויס-אינדוסטריע אויפן חשבון פון די מיליאַרדן פראַנ-
צויזישע קאָנטריבוציע. יידן-פּובליציסטן זענען געווען אָנגעזען אין דער פּאָליטי-
שער פּרעסע. אַ גרויסע ראָלע האָבן געשפּילט אין רייכסטאַג לאַסקער, דער פּי-
רער פון די נאַציאָנאַל-ליבעראַלן, און זיין מיטטוער באַמבערגער... נישט לאַנג
אָבער האָט געדויערט די דאָזיקע אידיליע און פרידלעך צוזאַמענלעבן פון דער
יידישער געזעלשאַפט מיט דער דייטשער. שוין פון מיטן די 70-ער יאָרן האָט
זיך אין לאַנד שטאַרק גענומען פילן דער שאָוויניסטישער, מיליטאַריסטישער
גייסט; די רעגירונג האָט אַ שטאַרקן קער געטון צו קאָנסערוואַטיווער פּאָליטיק;
די נאַציאָנאַל-ליבעראַלן גופא האָבן זיך אַזוי אַ קער געטון רעכטס, אַז לאַסקער
און באַמבערגער האָבן זיך שוין דאָרט קיין אָרט נישט געפונען און זיי זענען
געוואָרן די אָפּאָזיציע. אין דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט „אַנטיסעמי-
טיזם". אין גרונט זאָל דאָ שטעקן דער האַס צום יידן, וואָס „רייסט זיך אַריין"
אין דער דייטשער געזעלשאַפט און ווירקט אויף דערס קולטור. מ'האָט ווידער
פאַרפירט אַ שטרייט קעגן יידישער גלייכבאַרעכטונג, ריכטיקער געזאָגט, קעגן די
רעזולטאַטן פון דער גלייכבאַרעכטונג; איצט האָבן דאָס אָבער פירגענומען די
העכערע קלאַסן, נישט די רעגירונג. צו קליין איז געווען דער אָפּרוג, וואָס יידן

---

סיפּאַציע; ער איז געשטאָרבן דאָס יאָר 1863 אין האַמבורג, אַ גליד פונם העכסטן געריכט. פון
יידישע פּאַרלאַמענט-טוער איז געווען באַר אייגער, יאָהאַן יאַקאָבי, אַ פּראָגרעסיסט אַ ראַדיקאַל,
שפּעטער אַ סאָציאַליסט, וואָס האָט פאָראויסגעזעען, אַז דאָס פאַראייניקטע דייטשלאַנד וועט ווערן אַ
מיליטאַריסטישער נעסט, און ער האָט פון אָנהויב אָן געשטריטן קעגן ביסמאַרק'ס פּאָליטיק. אַקעגן
האָט ל ו ד ו י ג  ב אַ מ ב ע ר ג ע ר, אַ געוועזענער רעפּובליקאַנער, געשטיצט מיט לאַסקער'ן צוזאַמען
ביסמאַרק'ס נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, פריער אין נאָרד-דייטשן רייכסטאַג, דערנאָך אין אימפּעריע. פון
דער דאָזיקער פּאָליטיק האָט ער זיך אָפּגעקערט ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט דערזען איר רעאַקציאָ-
נערן אונטערשלאַק.

האָבן געקריגן צווישן דעם פאַרענדיקטן שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע און דעם
נייעם שטרייט קעגן אַנטיסעמיטיזם. סוף די 70־ער יאָרן האַלטן מיר שוין ערב
אַ נייע תקופה—דאָס איז „די תקופה פון דער צווייטער רעאַקציע".

## § 35. די לעצטע פון דער רעפאָרמאַציע און די שפּאַלטונג אין די קהלות

דאָס אינעווייניקסטע לעבן אין די קהלות, וואָס איז געווען אַזוי רעשיג
די צייט פונם קולטור־שטרייט ביזן יאָר 1848, איז איצט פאַרשלעפערט געוואָרן;
די תקופה פון דער צווייטער עמאַנסיפּאַציע. דער רעפאָרמאַציע־שטרייט האָט פאַר־
לאָרן זיין יוגנט־ברען און האָט אָנגעהויבן אויסגיין. די פּאָליטישע קריזיסן די
יאָרן 1848 — 1870 און די שטאַרקע וואַקלענישן אין דער יידישער בירגערלעכער
לאַגע האָבן אָפּגעצויגן פון אינעווייניקסטע שטרייטן: ס'איז געפאַלן דער הויפּ־
אינטערעס פאַר רעליגיעזער רעפאָרם: די רעפאָרם האָט שוין פאַרשפּאָרט זיין
אַ געצייג אינם שטרייט פאַר עמאַנסיפּאַציע נאָכדעם ווי דער פּרינציפּ גלייכבאַ־
רעכטונג איז אַריין אין אַלע קאָנסטיטוציעס. די אַלטע שטרייטער פאַר דער
יידישער טראַדיציע און די היציקע אידעאָלאָגן פון דער רעפאָרמאַציע זענען
ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבן, און די רעליגיעזע רייסערייען זענען שוואַכער גע־
וואָרן. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ נייער דור, פאַרפרעמדט צום פאָלק, גלייכגילטיק צו
דער טראַדיציע סיי צו דער רעפאָרם. די שמד־עפּידעמיע איז געשטילט געוואָרן
נאָכן יאָר 1848; איצט פלעגן אָפּפאַלן נאָר אַזוינע, וואָס האָבן געגאַרט מלוכה־
שטעלעס; אָבער *געמישטע חתונות* זענען געזעצלעך געוואָרן, און אַזוינע
חתונות צווישן יידן און קריסטן האָבן זיך געמערט; די קינדער פון אַזוינע
חתונות זענען שוין מייסטנס געבליבן אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. דער
פּראָצעס אַסימילאַציע האָט שוין אָנגעוואָרן זיין יידישן אונטערגרונט, ער איז
שוין געגאַנגען פון זיך און איז נאָך שטאַרקער געוואָרן, דאָס איז שוין געוואָרן
אויס אינטעליגענטישע זאַך, נאָר אַ מאַסן־פּראָצעס. פון דער יידישער רעפאָר־
מאַציע, ווי מיר קענען זי פון די 30־ער, 40־ער יאָרן, איז איצט געוואָרן אַ שפּיל־
קעסטל. פריער האָט דאָס לעצטע וואָרט אין דער רעליגיעזער רעפאָרם געהערט
צו ראַבינער, צווישן זיי זענען געווען מענער מיט אַסך וויסן, ווי גייגער, גאָלד־
היים און אַנדערע; איצט זענען *גבאים* געוואָרן די דעה־זאָגער; לויט דעם
פּרייסישן רעגלאַמענט פונם יאָר 1847 האָבן זיי (*גבאים*) געהאַט צו זאָגן
אפילו איף ראַבינער אויך. אַסך האָבן זיך מתקנא געווען אין דער בערלינער
רעפאָרם (§ 12), וואָס וועלטלעכע האָבן זי געמאַכט, בעת ראַבינער האָבן זיך
נאָך געשפּאַרט איבער שלחן־ערוך־זאַכן. צווישן גבאים זענען געוואָרן אַלץ מער
„פּראָגרעס"־לייט, פאָרשטייער פון דער גרויס־בורזשואַזיע, וואָס די גאַנצע רעפאָרם

האָט בײַ זײ געהייסן איינפירן אַ ניימאָדישע גאָטדינסט מיט צערעמאָניעס די
דאָזיקע „לומדים“ האָבן זיך קנאַפּ געקימערט וועגן דינים און אפילו וועגן
עיקרים, און האָבן געשניטן און געבראָקט יידישע תפלות, אַרויסגעוואָרפן דער-
הויפּט אַזוינע זאַכן, וואָס קאָנען דערמאַנען אין אַ יידישער נאַציע. אַזוי האָט
מען געשאַפן אומעטום נייע רעפאָרמירטע סינאַגאָגעס אָנשטאָט די אַלטע. דאָס
ביסל אָרטאָדאָקסן איז איצט געקומען צו דער לאַגע, ווען ס'האָט זיך געמוזט
שיצן קעגן דעם רוב רעפאָרם-מאַכער. מ'האָט זיך געביטן מיט די ראָלען: פריער
האָבן רעפאָרמיסטן זיך געמוזט אויסטיילן פונם אָרטאָדאָקסישן רוב אין די קהלות
און קוים אויספועל'ן קאָנגרעגאַציעס פאַר זיך; איצט האָבן זיך אָרטאָדאָקסן גע-
מוזט אויסטיילן פונם רעפאָרמיסטישן רוב, זיי האָבן נישט געקאָנט דאַווענען אין
די נייע שולן און האָבן זיך געמוזט מאַכן ספּעציעלע מנינים.

אין פראַנקפורט זענען דאָס יאָר 1851 אַרויס פון דער קהלה אַלע אָרטאָ-
דאָקסן און האָבן געמאַכט אַ נייע „איזראַעליטישע רעליגיאָנס-געזעלשאַפט“ אויפן
סמך געזעץ וועגן פאַריין-פרייהייט; בראש דער דאָזיקער קהלה האָט זיך גע-
שטעלט שמשון רפאל הירש, דער גרינדער פון דער ניי-אָרטאָדאָקסיע (§ 11).
די אָרטאָדאָקסן האָבן געמאַכט זייער אַ „רעאַל-שול“ פאַר קאָנסערוואַטיווער קינ-
דער-דערציונג; פונם יאָר 1854 אָן האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ חודש-
דיקן קאַמף-זשורנאַל „ישורון“ אויף דייטש בייצושטיין דער יידישער טראַדיציע
קעגן די „צעשטערער“—די רעפאָרמיסטן. הירש האָט דאָ שטאַרק געאַרבעט, אין
פראַנקפורט איז געוואָרן דער צענטער פון דער גאַנצער אָרטאָדאָקסיע אין דייטש-
לאַנד. די רעפאָרמיסטן האָבן זיך גענומען פאַר דער דאָזיקער פעסטונג: דאָס
יאָר 1863 איז אברהם גייגער אַריבערגעפאָרן פון ברעסלוי קיין פראַנקפורט צו
שטרייטן (מיט דרשות) קעגן דעם פירער פון דער ניי-אָרטאָדאָקסיע, זיין געוועזע-
נעם שול-חבר; ער האָט אָבער אין עטלעכע יאָר אַרום געמוזט אָפּטרעטן: צו
שטאַרק איז געווען די פעסטונג פון די „אַלטפרענקישע“. דאָס יאָר 1869 איז
גייגער געוואָרן פרעדיקער אין בערלינער קהלה, וואו דער רוב איז שוין פון
גאָלדהיים'ס צייטן אָן (געשטאָרבן דאָס יאָר 1860) געווען רעפאָרמיסטיש. די
אָרטאָדאָקסישע מינדערהייט פון דער בערלינער קהלה האָט זיך דעמאָלט אויס-
געטיילט אין אַ באַזונדער געזעלשאַפט „עדת-ישראל“ בראש מיט עזריאל הילדעסהיימער. דער דאָזיקער פירער פון דער געבילדעטער אָרטאָדאָקסיע האָט
אַרויסגעשטעלט דעם כלל: „שטרענג האַלטן די רעליגיעזע טראַדיציע און אויסער-
לעך איבערנעמען די דייטשע קולטור“. דאָס יאָר 1872 האָט גייגער געעפנט אין
בערלין אַ „הויכשול פאַר וויסנשאַפט פון יידנטום“, דאָס זאָל זיין אַ סעמינאַר פאַר
פריידענקערישע ראַבינער. דאַן האָט הילדעסהיימער אָפּגעענטפערט מיט אַ סעמי-
נאַר פאַר אָרטאָדאָקסאַלע הייכטוועלטיקע ראַבינער, אַ קעגנגיפט קעגן גייגער'ס
סעמינאַר. פאַר זיך, נישט צו דער, נישט צו יענער פאַרטיי, איז געווען דער
אומפּאַרטייאישער סעמינאַר אין ברעסלוי, געגרינדעט אַסך פריער (1854); דער

פירער איז דאָ געווען דער געוויסער געלערנטער זכריה פראַנקל, וואָס האָט
געשאַפן די „פּאָזיטיוו־היסטאָרישע שולע", ווייט סיי פון לעצט־רעפאָרמיזם, סיי
פון לעצט־אָרטאָדאָקסיע.

אין אַנדערע דייטשע לענדער איז פאָרגעקומען דערזעלבער פּראָצעס
שפּאַלטן זיך אין די קהלות. יענע צייט האָבן זיך שוין די רעגירונגען געהאַט
אָפּגעזאָגט פון דער שיינער מדה זיך מישן אין יידישע אינעווייניקסטע אנגעלע־
גענהייטן, ווי מיר זען דאָס אַ תקופה פריער, בלויז איין מעקלענבורגער רעגי־
רונג, וואָס האָט זיך אַזוי באַהאַרצט געווערט קעגן יידישער עמאַנסיפּאַציע, האָט
זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון איר אַפּוטרופּסות אויף יידישע אמונה־זאַכן. די
יאָרן 1847—1851 איז אין מעקלענבורג־שווערין געווען לאַנד־ראַבינער ד ו ד
א יי נ ה אָ ר ן (נאָך גאָלדהיים'ן), אין דער פּראַקטיק נאָך ראַדיקאַלער פאַר גאָלד־
היים'ן. ער האָט אַרויסגעוואָרפן פון דער יידישער גאָטדינסט אויך די העברע־
אישע שפּראַך, אויך די נאַציאָנאַלע און משיח־תפלות. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן די
אויפגערעגטקייט ביי די אָרטאָדאָקסן, בפרט נאָך, אַז ער האָט גענומען פאַרשרייבן
אין די יידישע מעטריקעס נישט־קיין־געמל'טע קינדער. אויף אַלע פּראָטעסטן
(קעגן איינהאָרן'ען איז געווען פראַנץ דעליטש אויך, אַ קריסטלעכער טעאָלאָג,
אַ מיסיאָנער) האָט איינהאָרן שאַרף אָפּגעענטפערט: ער האַלט, אַז דער פעלשט
אין יידנטום, ווער ס'וויל אים אָנוואַרפן מילה, אַלס אַ תנאי, וואָס אָן דעם קאָן
מען נישט געהערן צום כלל־ישראל. דער שטרייט האָט געדויערט לאַנג, און דער
ראַדיקאַל דער רעפאָרמאַטאָר האָט געמוזט אָפּטרעטן דעם אַמט און אַריבער תחלת
קיין אונגאַרן, דערנאָך קיין אַמעריקע. די מחלוקת איז אָבער דערמיט נישט גע־
שטילט געוואָרן. די אָרטאָדאָקסן האָבן געזוכט שוץ קעגן דער רעפאָרם אונטער
די פליגל פון מעקלענבורגער רעאַקציאָנערער רעגירונג: די רעגירונג האָט זיך
אָנגענומען זייער קריוודע און געפּועל'ט ביי זיך ווירקן אויפן אויטאָנאָמישן יידישן
אויבער־ראַט (דאָס איז דער אויבער־ראַט, וואָס ווערט אויסגעקליבן פון אַלע
יידישע קהלות אין הערצאָגטום און ער ווידער קלויבט אויס דעם לאַנד־ראַבינער).
דאָס יאָר 1853 האָט דאָס מיניסטעריום פאַרעפנטלעכט אַזאַ געמיינעם צירקוליאַר:
„דאָס געהויבענע מיניסטעריום קאָן נישט צופרידן זיין מיט דעם איצטיקן רעלי־
גיעזן צושטאַנד ביי יידן; די טענדענציעזע פירונג פון די לאַנד־ראַבינער ד"ר
גאָלדהיים און ד"ר איינהאָרן האָט געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג ביי יידן און אַ סך
זענען אַרויס פון די קהלות. דאָס מיניסטעריום קאָן נישט דערלאָזן, אַזאַ ראַציאָ־
נאַליסטישע רעפאָרמערײַ זאָל ווייטער שטייגן.—יידן דאַרפן זיך האַלטן שטאַרקער
ביים היסטאָרישן יודאַאיזם, אויפפרישן אמת'ע רעליגיעזיטעט און געבן דער יוגנט
אַ רעליגיעזע דערציאונג. מ'קאָן נישט דערלאָזן, אַז יידן אין אונזער לאַנד זאָלן
זיך שפּאַלטן אויף צוויי טיילן. מ'דאַרף אויסקלויבן אַזאַ לאַנד־ראַבינער, וואָס זאָל
האַלטן מיטן היסטאָרישן יודאַאיזם און זאָל אימשטאַנד זיין צוריק צונויפפירן
ביידע צעשפּאָלטענע טיילן". צו דעם צוועק באַפֿילט דאָס מיניסטעריום די קהלות

אַז בײַ די נאָנטסטע װאַלן צום „אױבער־ראַט" זאָל מען אױסקלײַבן אַזױנע דעפּוטאַטן, װאָס מ'זאָל מיט זײ זיכער זײַן, אַז זײ װעלן אױסקלײַבן אַ קאָנסערװאַטיװן לאַנד־ראַבינער; װען נישט, װעט זיך דאָס מיניסטעריום טון זײַנס. ייִדישע קהלות זענען געװען שטאַרק אױפגערעגט פֿון אַזאַ גראָב מישן זיך אין זײער רעליגיעז לעבן, און דאָס פֿאַרגינט זיך טון אַ רעגירונג, װאָס אפֿילו נאָכן יאָר 1848 האַלט זי ייִדן אױף דער קײט! די קהלה־פֿאַרװאַלטונג פֿון דער רעזידענץ־שטאָט שװערין האָט דערלאַנגט דעם מיניסטעריום אַ שריפֿט, אָנגעװיזן, אַז ברענגען צו שלום אין ייִדישע קהלות איז אַ הײמיש־ייִדישע זאַך; ס'איז נישט די זאַך פֿון קריסטלעכע רעגירער אָנצװײַזן, װאָס פֿאַר אַ רעפֿאָרם שטימט מיטן „היסטאָרישן יודאַאיזם"; אגב קאָן זיך דאָס מיניסטעריום אפֿילו נישט פֿאַררופֿן אױף קײן פּונקט אין דער ייִדישער קהלה־אױטאָנאָמיע, פֿאַרװאָס זי שרעקט די קהלות. דערױף האָט מעקלענבורגער הערצאָג פֿרידריך־פֿראַנץ אָפּגעענטפֿערט מיט אַ רעסקריפּט, אַן אַקט פֿון געמײנעם דעספּאָטיזם: ייִדישע קהלות איז פֿאַרװערט צו קלײַבן דעם אױבער־ראַט, דעם אױבער־ראַט איז פֿאַרװערט צו קלײַבן לאַנד־ראַבינער. דער הערצאָג האָט אױף זײַן באַראָט געמאַכט דרײַ ייִדן סוחרים פֿאַרן אױבער־ראַט און דעם אָרטאָדאָקס י. ב. ליפּשיץ פֿאַר לאַנד־ראַבינער. ליפּשיץ האָט גענומען אױסװאָרצלען גאָלדהײם'ס און אײַנהאָרן'ס „אױפֿטוען". אַזאַ שענדלעך באַהאַנדלען די ייִדישע אױטאָנאָמיע האָט געדױערט אַ סך יאָרן. ערשט נאָכדעם װי ייִדן זענען עמאַנסיפּירט געװאָרן אין מעקלענבורג קעגן דעם װילן פֿון די רעגירער (1869), האָבן זײ װידער געקריגן רעכט אױסקלײַבן זײער אױבער־ראַט און אַ לאַנד־ראַבינער, נישט אָנגעפֿרעגט דער רעגירונגס שולחן־ערוך

סוף די 60־ער יאָרן, װען אין דײַטשלאַנד איז דער עמאַנסיפּאַציע־שטרײַט שױן געװען פֿאַרענדיקט, איז אױפֿגעקומען אַ געדאַנק פֿאַרײניקן אַלע רעפֿאָרמיסטן אָדער „ליבעראַלן" פֿון פֿאַרשידענע קהלות אין דײַטשלאַנד. אױף לודװיג פֿיליפּסאָנס איניציאַטיװ איז זיך דאָס יאָר 1868 צוזאַמענגעקומען אַ ראַבינער־צונױפֿפֿאָר אין קאַסעל. דער צונױפֿפֿאָר האָט געזאָלט פֿעסטשטעלן אײן באַשטימטן אַרט גאָטדינסט אין אַלע רעפֿאָרמירטע סינאַגאָגעס און זײַן שטעלונג צו דינים, װאָס שטאַמען פֿונעם תּלמוד. אָבער באַלד שױן בײַ די ערשטע װיכּוחים האָט זיך קלאָר אַרױסגעשטעלט, אַז קײן אײן באַשטימטע מײנונג װעגן די אַלע פֿראַגן איז בײַ ייִדישע טעאָלאָגן נישט פֿאַראַן (געװען איז אַ. גײגער אױך). די פֿאַרזאַמלונג האָט דעמאָלט באַשלאָסן צונױפֿרופֿן אַ ס י נ אָ ד (װעד) פֿון ראַבינער און כּלל־טוער מיט דער האָפֿנונג, אַז די װעלטלעכע דעלעגאַטן װעלן נישט דערלאָזן צו קײן שאַרפֿע טעאָלאָגישע װיכּוחים און װעלן אַװעקשטעלן אַלע פֿראַגן פּראַקטיש. דער צונױפֿפֿאָר האָט געזאָלט זײַן אַ כּלל־ייִדישער און גערופֿן האָט מען כּלל־טוער פֿון אַנדערע לענדער אױך, נישט בלױז פֿון דײַטשלאַנד. דעם 29 יוני דאָס יאָר 1869 איז זיך אין לײַפּציג צונױפֿגעקומען דער רעפֿאָרמיסטישער סינאָד. ס'זענען געקומען איבער 80 דעלעגאַטן, צװישן זײ אַזױנע באַװוסטע

מענער ווי: יוסף ווערטהיימער פון ווין, לעאָפּאָלד לעוו פון אונגאַרן און דער
בעלגישער לאַנדראַבינער אַסטריוק. פאָרזיצער איז געווען מ. ל אַ צ אַ ר ו ס, דער
באַרימטער לינגוויסט און פילאָזאָף, פּראָפעסאָר פון בערלינער אוניווערזיטעט. גע־
הילף־פאָרזיצערס זענען געווען גייגער און ווערטהיימער. קודם־כּל איז דאָ געווען
פיליפּסאָנס פאָרשלאָג וועגן „אויסשטימען יודאַאיזם מיט די יסודות פון דער מאָ־
דערנער קולטור". ס'זאָל הייסן אַזוי: היות ווי הייַנטיקע צייטן איז געוואָרן אויס
נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע שנאה צווישן פעלקער, מעג זיך דער יודאַאיזם אויך
אויסטון פון היסטאָרישע לבושים, פון פאַרשידענע מצוות עשה און לא תעשה,
וואָס דער צוועק זייערער איז געווען אָפּצושליסן דאָס פאָלק, דער יודאַאיזם זאָל
זיך באַווייזן פאַר דער אויפגעקלערטער וועלט אַלס אַ הומאַניסטישע לערע, וואָס
לערנט ברודערשאַפט צווישן מענטשן און רעליגיעז־מאָראַלישע שלמות לויט די
נבואהשע אידעאַלן. פיליפּסאָנס דעקלאַראַציע, וואָס האָט אָנגעמערקט דעם אַלגע־
מיינעם וועג פאַר דער רעפאָרם, האָט מען אָנגענומען איינשטימיק. מ'האָט נאָך
אָנגענומען באַשלוסן וועגן אייניקע ספּעציעלע פראַגן. אין דער גאָטדינסט זאָל
העברעאיש גילטן אין דער קריאת התורה און אין אייניקע תפילות, בכלל אָבער
ווערט אָנגענומען די מלוכה־שפּראַך; נאַציאָנאַלע און משיח־תּפילות ווערן אויסגע־
שלאָסן, טיילווייז ווערן זיי אויסגעטייטשט אַלס אַ רעליגיעזע שליחות פון יידן:
יידן זאָלן זיין די אָנזאָגער פון מאָנאָטעאיזם ביי פעלקער. וועגן אַנדערע פראַגן
האָט מען צו קיין באַשטימטן באַשלוס נישט געקאָנט קומען (למשל, צי איז מילה
אַ חוב, וועגן אייניקע חומרות, וואָס זענען נוגע שבת, כּשרות, גיטין און דעס־
גלייכן). דאָס אַלץ האָט מען אָפּגעלייגט אויף אַ צווייטן צונויפפאָר, וואָס איז באַ־
שטימט געווען דאָס יאָר 1870. דער פּרייסיש־פראַנצויזישער קריג האָט געשטערט,
און דער צווייטער צונויפפאָר איז זיך צונויפגעקומען ערשט אין יולי דאָס יאָר
1871 אין אויגסבורג ביי אַ קלענערער צאָל דעלעגאַטן (52). די פּאַטריאָטישע
שטימונג פון דייטשלאַנד דעמאָלט האָט זיך געלאָזט פילן אויפן צונויפפאָר אין
לאַצאַרוסעס (דעם פאָרזיצערס) רעדע: דאָס זאָל זיין אויסגעדרוקט די יידישע
פרייד וועגן דייטשלאַנדס פאַרייניקונג. דער צונויפפאָר האָט באַהאַנדלט אייניקע
פראַגן, וואָס זענען געבליבן פונם פריערדיקן צונויפפאָר, חוץ דעם האָט ער מתקן
געווען אייניקע ליבעראַלע אויפטוען: די בירגערלעכע חתונה איז אַ מוז, אויס
חליצה, אַ ייד אָן מילה איז אויך אַ ייד, שבת און יום־טוב מעג מען פאָרן צום
דאַוונען און גלאַט פון עונג־שבת וועגן. די דאָזיקע מעסיקע רעפאָרמעס האָבן
דאָך שטאַרק אויפגערעגט די אָרטאָדאָקסן. פרידלעך אַקעגן דער אָרטאָדאָקסיע
איז געווען די דעקלאַראַציע פונם אויגסבורגער סינאָד אויך: פאָרזיכטיק און אין
אַלגעמיינע אויסדרוקן איז דאָ פאָרגעבראַכט געווען דער געדאַנק פון דער דער־
מאָנטער פיליפּסאָנס דעקלאַראַציע: יודאַאיזם איז אַ רעזולטאַט פון אַ היסטאָרישער
אַנטוויקלונג, בכן קאָן ער זיך נאָך ווייטער אויך פאַרפייַנערן. ער וועט זיך צו־
פּאַסן צו דער הייַנטיקער קולטור און וועט גאָרנישט אָנווערן אין זיין עצם, וואָ־

רום דער צוועק פונם היינטיקן פראָגרעס שטימט גאָר און גאָר מיט די אידעאַלן פון יודאַאיזם: דאָס איז די מאָראַלישע שלמות און די סאָציאַלע רעפאָרם. אין דער דעקלאַראַציע פילט זיך אַ מונטערער אָפּטימיזם; דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך, ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין אַ צייט, ווען אין גאַנץ דייטשלאַנד האָט געהערשט אַ ליכטיקע שטימונג, ווען יידן האָבן זיך אָפּט געקאָנט זען גלייכגעשטעלט אפילו אין דער פּראַקטיק 1). די פירער פון דער רעפאָרם האָבן נישט געקאָנט פאָראויסזען, אַז דער יידנהאַס וועט זיך נאָך באַווייזן, זיי האָבן אָבער אויך פאַרזען, אַז אויב יידן וועלן זיך צונויפשמעלצן מיט אַרומיקע נאַציעס, ווי די פירער האָבן דאָס געוואָלט, איז נישט גענוג דער כוח פון אַלגעמיין-מענטשלעכע רעליגיעזע אידעאַלן אויף צו דערהאַלטן יידן אפילו אַלס „רעליגיעזע גרופע", וואָס זי האָט אַ געהויבענע שליחות. זיי האָבן נישט געוואָלט איינזען, אַז דאָס יידנטום צעפאַלט זיך איגעוויייניק, און דאָס קומט פון גרויסער אַסימילאַציע. דאָס לעבן האָט זיך געטון זיינס, צעשטערט די יידישע עדה, וואָס דער אויגסבורגער סינאָד זאָל נישט זאָגן. דער אויגסבורגער סינאָד איז געווען דער לעצטער פּרוּוו צו פאַרייניקן דעם פּראָגרעסיוון טייל פונם דייטשן יידנטום, וואָס זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשידענע וועגן, מייסטנס זייער ווייט פון יידישע גייסטיקע אינטערעסן. דאָס לעבן, וואָס האָט געבראָכן דאָס דייטשע יידנטום, האָט זיך אַרויסגעשטעלט שטאַרקער פאַר סינאָדן, וואָס האָבן געוואָלט שטאַרקן רעליגיע אָן דער נאַציע.

קעגן דעם דאָזיקן צעפאַלן-פּראָצעס האָט נישט געהאָלפן די ניי-אָרטאָדאָקסיע אויך, ווי ווייט זי האָט געשטרעבט צו קאָנסערווירן נישט מער ווי „אַ דייטש פון משה רבינוס גלויבן", איינהאַלטן דעם גאַנצן רעליגיעזן אַפּאַראַט פון יידישקייט אָן אַ נאַציאָנאַל געשטאַלט. די אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן געוואָלט ראַטעווען יידישקייט, האָבן זיך נאָר געמיט אָפּצוזאָמען זיך פון דער עדה „אַפּיקורסים" און מאַכן פאַר זיך ספּעציעלע רעליגיעזע חברות. מיטן די 70-ער יאָרן איז זיי אין פּרייסן געראָטן צו פאַרפעסטיקן די דאָזיקע „פּאַרטיי-אויטאָנאָמיע" אויפן סמך פונם אַלגעמיינעם מלוכה-געזעץ. פריילינג דאָס יאָר 1873, אין רעכטן ברען „קולטור-קאַמף", האָט מען אין פּרייסישן לאַנדטאַג באַהאַנדלט אַ געזעץ, יעדער זאָל

1) פאַר דעם צושטאַנד יענע צייט פּאַסט זייער אַזאַ פּרט: נאָכדעם ווי אין פּרייסן איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער געזעץ וועגן רעליגיעזער פרייהייט, האָבן זיך מגיר געווען אַסך קריסטינס, וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַר יידן. דעם פּרייסישן „אויבערקירכנראַט" האָט דאָס זייער געאַרט, האָט ער באַפוילן אַלע פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע. זיי זאָלן אין די קירכן מעלדן וועגן אַלע אַזוינע „כרוויריקע" צופאַלן, וואָס מענטשן קערן זיך אָפּ „פון ליכטיקייט צו פינסטערניש" און זיי זאָלן זאָגן ספּעציעל אַ תפלה: „גאָט זאָל זיך דערבאַרמען אויף דעם אָפּטריניקען און אים עפענען די אויגן אויפן פאַלשן וועג, וואָס ער גייט". אויף גייגער'ס איניציאַטיוו האָט די בערלינער יידישע קהלה פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטעסט קעגן אַזוינע פיינטלעכע אויסדרוקן; דערויף האָט זי באַקומען אַ סך פריינטלעכע צושריפטן פון די בעסטע פאַרטרעטער פון דער דייטשער געזעלשאַפט, אפילו פון גייסטלעכע אויך, וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם אומטאָלעראַנץ פון די אָפיציעלע קירך-פאַרטרעטער (1874).

מעגן אַרויס פון זײַן קירך און נישט אַרײַן אין קיין אַנדערע; ס'זאָל הייסן, אַז מ'הערט אויף צו זײַן אַ פּראָטעסטאַנט, אַ קאַטאָליק, אַ ייִד און מ'ווערט „קאָנפעסיאָנסלאָז". אַזאַ רעדאַקציע פונם געזעץ האָט אויפגערודערט די ייִדישע אָרטאָדאָקסן: זיי האָבן דאָך געאַרבעט, זיי זאָלן מעגן אַרויס פון ייִדישע רעפאָרמיסטישע קהלות נישט זײַן פרייגייסט ווערן, נאָר פאַרקערט מיט דעם מיין צו גרינדן נײַע פרומע קהלות, כּדי צו שטרייטן קעגן פרייגייסט. זיי האָבן געפאָדערט בײַ לאַסקערן, ער זאָל דערלאַנגען אַזאַ אויסבעסערונג צום געזעץ־פּראָיעקט, „ייִדן מעגן, מחמת רעליגיעזע טעמים, אַרויס פון אַ געוויסן רעליגיעזן פאַרבאַנד: און דערבײַ בלײַבן זיי ייִדן". קעגן דער דאָזיקער ספּעציעלער אויסבעסערונג האָבן פּראָטעסטירט ייִדן רעפאָרמיסטן: מ'וויל צעשפּאַלטן ייִדן אויף סעקטעס; דאָס איז אַן אומגליק פאַר קליינע קהלות, וואָרום אַז ס'גייט פון זיי אַוועק אַ גרופּע צאָלער, קאָנען זיי מער נישט אויסהאַלטן זייערע רעליגיעזע אַנשטאַלטן. ס'האָט זיי אָבער נישט געהאָלפן: לאַסקערס אויסבעסערונג האָט מען אָנגענומען, ערשט מיט אַ צײַט שפּעטער האָבן די רעפאָרמיסטן באַוויזן אויסצודינגען, אַז אַרויסטרעטן פון דער קהלה זאָל קאָסטן אַ שווערן אָפּצאָל. אין דער לעצטער רעדאַקציע איז דער געזעץ וועגן אַרויס פון אַ ייִדישער קהלה פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס יאָר 1876. אין דעם לײַדנשאַפטלעכן קאַמף איבער דעם דאָזיקן געזעץ האָבן ביידע צדדים פאַרזען דעם שאָטן פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס זיי האָבן ביידע באַגראָבן. מ'קאָן זיך מאַכן אַ ייִדן, וואָס פאַסירט זײַן רעליגיעזן פאַרבאַנד און דאָך בלײַבט ער אַ ייִד—דאָס איז אין דעם פאַל, אויב ער בלײַבט בײַם נאַציאָנאַלן ייִדישן קאָלעקטיוו: אַ ייִד אַ פרײַדענקער מעג נישט געהערן צו בעלי־בתּים פון קיין בית־מדרש, און דאָך בלײַבט ער אַ ייִד אין נאַציאָנאַלן זין, ער קאָן אַפילו בלײַבן בײַ די העכסטע רעליגיעז־עטישע אידעאַלן פון ייִדישקייט... אָבער אַזאַ באַגריף וועגן ייִדן און ייִדישקייט איז געווען צו פרעמד אַ דור, וואָס האָט געלייקנט, אַז ייִדן זענען אַ נאַציע.

ביסלעכווײַז האָט זיך דער רעליגיעזער שטרײַט געשטילט: ייִדישע קהלות האָבן זיך געזעצלעכערהייט צעשפּאַלטן אויף צוויי טייל, אָרטאָדאָקסן און „ליבעראַלן". „ליבעראַלן"—דאָס זענען די פריערדיקע „רעפאָרמיסטן" און אַזוי האָבן זיי זיך אַ נאָמען געגעבן זינט די „רעפאָרם" איז געוואָרן שטייגער. „אָרטאָדאָקסן" ווידער—מיינט מען אומעטום נײַ־אָרטאָדאָקסן; די אַלטע אָרטאָדאָקסיע, מיט יאַרמעלקעס און קאַפּאָטעס, וואָס האָט געלייקנט די מאָדערנע קולטור, די דײַטשע שפּראַך, די בילדונגס־שול א. אז. וו.—די דאָזיקע אָרטאָדאָקסיע איז נישט געבליבן מער אין דײַטשלאַנד. די נײַע אָרטאָדאָקסיע האָט נישט בלויז איבערגענומען די אויסערלעכע ציוויליזאַציע; זי האָט זיך שטאַרק אַסימילירט אין איר אינעווייניקסט לעבן אויך, און ווײַל אַזוי—דעריבער האָט זי זיך נאָך ציטעריקער געהאַלטן בײַ רעליגיעזע צערעמאָניעס, דער איינציקער אָנהאַלט, וואָס איז איר געבליבן פון ייִדישקייט אינעם ברויזנדיקן פרעמדן ים.

אינם דאָזיקן צעפאַל־פּראָצעס איז אָבער ניכּר אַ נטיה צו פאַרייניקן קהלות פאַר קעגנזייטיקער הילף. ס'האָבן זיך געהאַלטן אין פאַראייניקן די פאַרשידענע מלוכות פון דייטשלאַנד, האָבן אויך די יידן פון די דאָזיקע מלוכות גענומען זיך פאַראייניקן. דאָס יאָר 1869, אויפן לייפּציגער סינאָד, איז געוואָרן דער „דייטש איזראַעליטישער געמיינדע־בונד". קהלות פון פאַרשידענע מלוכות אין דייטשלאַנד, וואָס זענען אַריין אין „געמיינדע־בונד" (דאָס יאָר 1872 איז געווען 113 קהלות, שפּעטער איז געווען אַסך מער), האָבן זיך פאַראייניקט פאַר קעגנזייטיקער הילף אין קהלה־פירונג, צדקה, שול־אַרבעט, פאַר צוגרייטן ראַבינער און פּרעדיקער, אויך פאַר געמיינזאַמע אַקציעס צו פאַרבעסערן דאָס יידישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן. רעליגיעז־פּאַרטייאישע פראַגן זענען דאָ געווען אויסגעשלאָסן, דעריבער האָבן אין „געמיינדע־בונד" געקאָנט אַריין סיי רעפאָרמירטע, סיי אָרטאָדאָקסישע קהלות. די דאָזיקע פעדעראַציע האָט אָנגעהויבן רעגולער צו פונקציאָנירן דאָס יאָר 1872, מיט דער צייט איז זי אַלץ געוואַקסן און לסוף האָט זי פאַראייניקט עטלעכע הונדערט קהלות אין דייטשלאַנד. אויף די רעגולערע צונויפפאָרן האָט מען באַהאַנדלט חוץ קהלה־פראַגן נאָך יידיש־פּאָליטישע פראַגן אויך. דאָס ביוראָ פונם געמיינדע־בונד איז געווען תחלת אין לייפּציג, דערנאָך (פונם יאָר 1882) האָט זיך דאָס איבערגעטראָגן קיין בערלין.

## § 36. היסטאָריאָגראַפיע און נאַציאָנאַלע אידעע (גרעץ און העס)

דער דייטשיש־יידישער ליטעראַרישער אויפלעב, וואָס דעם אָנהויב זעען מיר דאָס צווייטע פערטל פונם XIX יאָרהונדערט, האָט זיך געגעבן צו־וויסן דאָס דריטע פערטל אויך. ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן זענען אין דער צאָל ווייניקער, דערפאַר אָבער רייפער, אַ גרויסע אַרבעט איז שוין אָפּגעטון געוואָרן פריער. אין צענטר שטייט דאָ ווי פריער די יידישע היסטאָרישע וויסנשאַפט, זי גיט דעם גרעסטן מאַטעריאַל פאַר אַלע מעגלעכע אידעאָלאָגישע פאָרמירונגען. קודם כּל זעען מיר דאָ ל. צונץ'ן דעם „פאָטער פון דער יידישער וויסנשאַפט". בעת דער רעוואָלוציאָנערער תּקופה, ווען ס'האָט גערוישט פון פּאָליטישע איבערקערענישן, האָט ער געשריבן זיינע דריי ווערק וועגן סינאַגאָגאַלער פּאָעזיע (§ 13), ער האָט סיסטעמאַטיזירט די מיטלאַלטערישע יידישע קדושים—געשיכטע, ניכּר, געהאַלטן דאָס פאַר אַ פאַרענדיקטן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס זאָל זיך שוין מער נישט אומקערן... גייגער, דער וואָרטפירער פון דער יידישער רעפאָרמאַציע, האָט זיך אויך פאַרטיפט אין דער יידישער וויסנשאַפט—נאָכדעם ווי דער רעפאָרמאַציע־ברען האָט זיך אָפּגעקילט. דאָס יאָר 1857

האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין גרעסט ווערק: „דער אורטעקסט, די ביבל־איבער־זעצונגען און די אַנטוויקלונג פון יודאַאיזם": ער האָט געוויזן די אינעווייניקסטע געבונדנקייט פון קאַנאַניזירן די ביבל מיט דעם שטרייט צווישן צדוקים און פרושים בעת דער גריכיש־רוימישער תקופה, און האָט העל באַלויכטן די היסטאָ־רישע תקופה, וואָס פאַרייניקט די תורה שבעל־פה מיט דער תורה שבכתב. אין עטלעכע מאָנאָגראַפיעס: וועגן יהודה הלוי, וועגן די קימחיס, לעאָן מאָדענאַ, יצחק טראָקער, האָט ער באַאַרבעט די שפעטערדיקע צייט (די דאָזיקע אַרבעט האָט ער געדרוקט אין „כרם חמד", „אוצר נחמד", „החלוץ" און אין זיין זשורנאַל „יידישע צייטשריפט פאַר וויסנשאַפט און לעבן"). זיין היסטאָרישן קוק בכלל האָט גייגער איבערגעגעבן אין זיינע לעקציעס און דרשות, וואָס ער האָט געהאַלטן משך די 60־ער יאָרן; דערנאָך האָט ער זיי געזאַמלט אין אַ בוך: „דאָס יידנטום און זיין געשיכטע" (3 בענד, 1871). דאָס איז נישט קיין פילאָזאָפיע פון יידי־שער געשיכטע, נאָר אַ ט ע אָ ל אָ ג י ש ע סיסטעם, ווי אַזוי יודאַאיזם האָט זיך אַנטוויקלט, וואָס דאָס איז ביי אים די גאַנצע יידישע געשיכטע; אייגנטלעך איז דאָס אַ האַנטבוך פאַר אַ ראַבינער — אַ רעפאָרמיסט. דער תוך פון דער סיסטעם איז אַזוי: אין אָנהויב איז געווען די אידעע, די געהויבענע אידעע מאָנאָטעאיזם; פאַר דער דאָזיקער אידעע האָט די השגחה באַשאַפן אַ לעבעדיקן טרעגער—דאָס פאָלק ישראל. היות ווי דאָס פאָלק ישראל איז באַשאַפן געוואָרן בלויז צו דעם צוועק צו פאַרווירקלעכן אין דער וועלט אַ געוויסע רעליגיעזע שליחות, האָט דאָס נישט געקאָנט בלייבן פאַרשפאַרט אין די ד' אמות פון אַ מלוכה, פון אַ נאַציע: דער גייסט האָט צעשטערט די דאָזיקע צוימען און האָט זיך אַרויסגעריסן. דאָס קריסטנטום האָט געפרובט איבערנעמען פאַר זיך די דאָזיקע שליחות, ס'איז אָבער נישט געווען אימשטאַנד דאָס אויסצופירן בשלמות און האָט אָנגעוואָרפן דער וועלט די אידעען פון דער ערשטער זינד, פון דרייאייניקייט און גאָטמענטש. דעריבער איז די עובדא פון יודאַאיזם איינצופירן אין דער וועלט די אַבסאָלוטע פאָרם מאָנאָטעאיזם, וואָס זאָל שטימען מיטן שכל און מיט דער לעבנסמאָראַל. אין דעם שטעקט דאָס גליק פון דעם גלות. דאָס נאַציאָנאַלע יידנטום, „אָפגע־שלאָסן" פאַר זיך, וואָלט נישט אימשטאַנד געווען אויסצופירן אַזאַ שליחות; פאַרקערט, דאָס צעזייטע און צעשפרייטע יידנטום,—„רעליגיעזע יידישע גרופעס" צווישן אַנדערע פעלקער,—פירט אויס די שליחות און וועט מיט דער צייט גאָר אויספירן. דער פועל־יוצא איז: דער איינציקער פאַרבונד ביי יידן אין גלות— איז זייער אמונה, געוויינטלעך, די רעפאָרמירטע אמונה, אָפגערייניקט פון אַלע נאַציאָנאַלע באַטייַלן.

דאָס איז געווען די הערשנדיקע אידעאָלאָגיע יענע תקופה, וואָס מיטן באַזייטיקן דעם נאַציאָנאַלן יסוד אין דער עוואָלוציע פון יידנטום—האָט זי פאַרקרומט די היסטאָרישע פערספעקטיוו. מ'דאַרף אָבער זאָגן, אַז נישט אַלע האָבן זיך דאָס געלאָזט איינרעדן. געלערנטע, וואָס יידישע וויסנשאַפט איז ביי זיי נישט געווען

קיין געווער אין רעליגיעזן פּאַרטיי־שטרייט, האָבן פון דער פאָרשונג אויסגעפונען אַנדערע וועגן פאַר דער יידישער געשיכטע. ז. פראַנקעל, דער אויפטוער פון דער „פּאָזיטיוו־היסטאָרישער" ריכטונג אין דער יידישער וויסנשאַפט, האָט באַוויזן אין זיינע ווערק („דרכי המשנה" 1859, „מבוא הירושלמי", 1870) די עוואָלוציע פון משנה און גמרא, נישט אַריינגעלייגט אין דער דאָזיקער עוואָלוציע קיין מאָדערנעם מיין. דער זשורנאַל „מאָנאַטסשריפט פיר געשיכטע און וויסנשאַפט דעס יודענטומס", וואָס ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פונם יאָר 1851 אָן, האָט אַריינגעבראַכט אַ לעבעדיקן שטראָם אין דער יידישער היסטאָרישער וויסנשאַפט, פריי פון טעאָלאָגיע. אַלס דירעקטאָר פונם „יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר" אין ברעסלוי (פונם יאָר 1854 אָן), האָט פראַנקעל אַ סך מער געזאָרגט פאַר צוגרייטן וויסנשאַפטלער, איידער טעאָלאָגן־ראַבינער. דאָ, אין דער סביבה פון וויסנשאַפט, האָט זיך געשליפט און איז רייף געוואָרן דער שטאַרקער טאַלענט פונם יידישן היסטאָריאָגראַף הענריך (הירש) גרעץ (1817—1891).

גרעץ איז געבוירן אין פרייסיש פוילן, אין דער יוגנט איז ער געוואַקסן אויף תורה און יראת שמים, דערנאָך ערשט איז ער געקומען צום אייראָפּעאישן וויסן. תחלת האָט ער געהאַלטן מער מיט דער ניי־אָרטאָדאָקסיע פון זיין לערערס שמשון רפאל הירשס חדר, אָבער זיין קריטישער חוש האָט אים אינגיכן אָפּגעצויגן פון דעם דאָזיקן גאַנג, וואָס באַהאַנדלט יודאַאיזם אַלס אַ מומיע מיט אַ מאָדערנעם סימבאָליש־רעליגיעזן לבוש. פאַרטיפט זיך אין שטודירן יידישע געשיכטע, האָט גרעץ דערפילט דעם פּאָלקס דופק, וואָס קלאַפּט אונטער אַלע לבושים פון רעליגיעזע סיסטעמעס. ער האָט פאַרקלערט אַ ריזיקע אַרבעט: געבן די גאַנצע יידישע געשיכטע אויפן גרונט פון קריטיש־קאָנטראָלירטע קוועלן. פריערדיקע מאָנאָגראַפּיעס וועגן איינצעלנע טיילן יידישע געשיכטע האָבן אים גרינגער געמאַכט די אַרבעט, אָבער אויף אויפצושטעלן דעם גאַנצן בנין פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע האָט מען באַדאַרפט פאַרמאָגן אַ טאַלענט פון אַ בוימייסטער. גרעץ איז דאָס געווען. זיין ווערק האָט ער אָנגעהויבן פון דער תלמוד'ישער תקופה (דער 4־טער באַנד פון זיין „געשיכטע דער יודען", איז אַרויס דאָס יאָר 1853), און דאָ האָט זיך מיט אַמאָל אַנטפּלעקט דער גרויסער חלוק פון אים ביז זיין פאָרגעגנגער יאָסט. אָנשטאָט בלייכע טעאָלאָגישע שאָטנס, האָבן זיך דאָ אַנטפּלעקט פאַרן לייענער לעבעדיקע פיגורן, די שעפער פונם תלמוד, אין אַ ראַם פון פּאָליטישע און געזעשאַפטלעכע קריזיסן פון זייער צייט. נאָך מער גלאַנץ האָט גרעץ באַוויזן אינם דערנאָכיקן באַנד „יידישע געשיכטע" פון דער תקופה חשמונאים און רוימישער הערשאַפט (1856). דער ליידנשאַפטלעכער קאַמף פון דער נאַציע פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט, דער שטרייט צווישן דער גריכיש־רוימישער קולטור און דער יידישער אין יהודה און אין די גלות־לענדער, דער אינעווייניקסטער פּאַרטיי־קאַמף און די לעצטע מלחמה קעגן רוים—דאָס אַלץ איז אָפּגעמאָלט מיט אַ מייסטערשאַפט פון אַ קינסטלער און דורכגענומען מיט אַ פיינעם

קריטישן אַנאַליז. יענע צייט האָט שוין גרעץ געלערנט היסטאָריש וויסן צווייערליי: מיט זיינע ווערק און מיט זיינע לעקציעס אין ברעסלויער סעמינאַר; דאָ איז ער געווען לערער פונם יאָר 1854 אָן ביזן טויט. מיט יעדן באַנד „יידישע געשיכטע" איז געוואַקסן די רייפקייט פון זיין היסטאָרישן געדאַנק. אין 5־טן באַנד, וואו ס'האַנדלט זיך פון דער תקופה אחרונים אין תלמוד און גאונים, געפינען מיר ביי גרעץ'ן דרך אגב אַזאַ באַגריף וועגן יידישער געשיכטע, וואָס שטימט שוין כמעט מיט דער נייער נאַציאָנאַלער קאָנצעפּציע: „די געשיכטע פון דער תקופה נאָך דעם תלמוד איז נאָך אַלץ נ אַ צ י אָ נ אַ ל; דאָס איז נישט בלויז די געשיכטע פון דער רעליגיע, דאָ האַנדלט זיך נישט בלויז פון דער אַנטוויקלונג פון אַ געוויסער לערע. דאָ זעען מיר אויך די אַנטוויקלונג פון אַ פאָלקס־שטאַם, וואָס האָט נישט קיין אייגענע טעריטאָריע, קיין אייגענע מלוכה־אָרגאַניזאַציע און פאַרבייט די דאָזיקע רעאַלע יסודות מיט גייסטיקע כוחות". אַזאַ געדאַנק איז אַ שטיק אפּיקורסות אַקעגן דעם אני־מאמין פון זיין דור, וואָס האָט געלייקנט גאָר און גאָר, אַז יידן אין גלות זענען אַ נאַציע; גרעץ האָט אָבער נישט דורכגעפירט דעם דאָזיקן געדאַנק גענוג קאָנסעקווענט. ער פאַרלירט אָפט די גרעניץ פון סאָציאַלע ביז ליטעראַרישע פאַקטן וואו איז די געשיכטע פונם פאָלק און וואו איז די געשיכטע פונם ספר: „דענקען און ליידן". דאָס איז אייגנטלעך פאַר גרעץ'ן אויך דער וויכטיקסטער דעוויז פון יידישער געשיכטע אין „גלות". מיטן קאָפּ האָט גרעץ נאָך נישט באַנומען קיין גרויסע סאָציאָלאָגישע קאָנצעפּציע פון יידישער געשיכטע, בחוש האָט ער אָבער דערשפירט דעם סוד פון יידישער פאָלקס־אַנטוויקלונג. דאָס זעט מען דערהויפּט פון דעם, ווי אַזוי ער באַשרייבט די נייסטע תקופה,—פון מענדעלסאָן ביזן יאָר 1848 (דער XI באַנד, אַרויס דאָס יאָר 1870). די דאָזיקע באַשרייבונג איז גאַנץ ווייט פון צו זיין היסטאָריש אָביעקטיוו, נאָר גראָד דערפאַר לאָזט זיך נאָך שטאַרקער פילן דעם אויטאָרס אידעאָלאָגיע בכלל. דער היסטאָריקער ווערט דאָ אַ שאַרפער פּראָקוראָר פאַר דער ריכטונג, וואָס אָנגעהויבן האָט זי זיך מיט הענריעטע הערץ'ס בערלינער סאַלאָן און אויסגעלאָזט האָט זי—מיט דער רעליגיעזער רעפאָרם. ער שטעלט צו שאַנד די אינטעליגענץ, וואָס זי האָט זיך מאַסנווייז אָפּגערוקט פונם פאָלק, אַלצאיינס, צי האַנדלט זיך דאָס פון שמד, אָדער פון לעצט־רעפאָרמיזם, וואָס דאָס איז דאָך פאָרט געווען אַ ווילן ראַטעווען יודאַאיזם פון פאַרפאַלן ווערן. דעם פריי־דענקענדיקן היסטאָריקער רעגט נישט אויף דאָס אָפּפאַלן פון רעליגיעזער טראַדיציע, נאָר דאָס אַוועקגיין פון אייגענעם פאָלק צו אַ פרעמדן. ביי גרעץ'ן טרעפט איר נאָך נישט די טערמינען „אַסימילאַציע" און „נאַציאָנאַל יידנטום", ער האָט זיך נאָך נישט קלאָר געמאַכט די שאַרפע סתירה צווישן די ביידע באַגריפן, אָבער די דאָזיקע סתירה פילט זיך שוין אין דעם, ווי אַזוי ער טייטשט אויס היסטאָרישע געשעענישן.

עפּיס האָט פאַר דעם היסטאָריקער געשוועבט אין נעפּל, אַלס אַן אומקלאָ־

דער סינטעז פון דער געשיכטע. אָבער געפונען דאָס ריכטיקע וואָרט און שאַרף דאָס אַרויסגעזאָגט, זאָל זיין אַז אַפילו איינזייטיק, האָט דער פובליציסט משה העס; ער, דער פובליציסט, האָט אונטערגעריסן אַלע אני-מאמינס פון זיין תּקופֿה. משה העס (1812—1875) איז אויסגעוואַקסן אין אַ פרום יידיש הויז, ער האָט זיך אָבער פרי אָפּגעקערט פונם יידישן שטייגער. ער האָט דורכגעמאַכט אַלע חוגן פונם אייראָפּעאישן דענקען זיין צייט: ער איז געווען אַ ספינאָזיסט, אַ העגעליאַנער, אַן אַנאַרכיסט, אַ קאָמוניסט, אַ סאָציאַליסט (אין זיינע ערשטע ווערק: „די הייליקע געשיכטע פונם כּלל-מענטשן", „די אייראָפּעאישע טריאַרכיע", 1837—1841 און אַנד.). ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע רעוואָלוציאָנערע קאַמף-שריפטן די 40-ער יאָרן און איז געווען היימיש אין מאַרקס-ענגעלס קרייז (דאָרט האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „דער קאָמוניסטישער רבי"); ער איז געווען דער פירער פון דער פּאָליטישער עמיגראַציע, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין פּאַריז נאָך דער מערץ-רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848; בכלל איז ער געווען דורך און דורך אינטערנאַציאָנאַליסט. פּלוצים האָט דאָס ביי אים מיט אַמאָל געבראָכן. אונטער דעם אינטערנאַציאָנאַלן אויבערדעק האָבן זיך אַנטפּלעקט פאַרשטעקטע נאַציאָנאַלע געפילן. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס פונם דמשקער עלילת-דם (1840): מיט אַמאָל האָט זיך אַנטפּלעקט אַ תּהום יידן-האַס אין דער ציוויליזירטער געזעלשאַפט. דאָס איז געווען אַ ריס אין האַרצן; נאָר העס האָט זיך געשטאַרקט און זיך אַ וואָרף געטון אין קריג קעגן דער „בורזשואַזער ציוויליזאַציע", אָבער דער לאַנגיאָריקער שטרייט אין דער מחנה פונם פּראָלעטאַריאַט האָט נישט פאַרהיילט די וואונדן ערשט דער נאַציאָנאַלער באַפרייַ-קריג אין איטאַליע (די יאָרן 1859—1861) האָט דעם יידישן מאַדזיני געוויזן דעם וועג: יידן זענען אַ נאַציע און זיי דאַרפן שטרייטן פאַר זייער באַפרייונג מיט אַלע געדריקטע נאַציעס גלייך. העס האָט זיך פאַרטיפט אין שטודירן יידישע געשיכטע. גרעצס „יידישע געשיכטע" (די ערשטע בענד זענען שוין דעמאָלט געהאַט אַרויס) האָט געמאַכט אויף אים אַ שמאַרקן רושם: ער האָט דערפילט, ווי פאַלש ס'איז דער וועג דענאַציאָנאַליזירן דאָס יידישע פאָלק. דאָס יאָר 1862 האָט העס פאַרעפנטלעכט אַ בוך „רוים און ירושלים"; מיט פרייד דערקלערט ער, אַז ער קומט צוריק צום פאָלק „נאָך 20 יאָר פאַרפרעמדקייט". זיין נייעם אני-מאמין דרוקט ער אויס אַזוי: „יידן זענען קודם-כּל אַ נאַציע, וואָס איר געשיכטע ציט זיך דורך יאָרטויזנטער נעבן דער געשיכטע פון דעם מענטשן-כּלל. די דאָזיקע נאַציע האָט אַמאָל געטון די גייסטיקע דינסט צו באַנייען די סאָציאַלע וועלט. איצט, ווען דער וועלט-היסטאָרישער פּראָצעס ברענגט קולטור-פעלקער צום אויפלעבן, איצט קאָן די דאָזיקע נאַציע אויך אויסגעלייזט ווערן. ביז ווי לאַנג אַ ייד וועט לייקענען זיין נאַציע, וועט זיך נישט איינשטעלן אָפּן אַרויסווייזן זיין אחדות מיט דעם געפּלאָגטן און פאַראַכטן פאָלק, אַזוי לאַנג וועט זיין (דעם יחידס) לאַגע ערגער און שווערער ווערן, וואָס אַ טאָג מער. טוט אָן טויזנטער מאַסקעס, בייט איירע נעמען, אמונה

און זיטן, זייטלט זיך דורך אַ וועלט פֿאַרשטעלט, מ׳זאָל אין אייך נישט דערקע־
נען דעם יידן—ס׳וועט נישט העלפֿן! יעדעסמאָל, ווען מ׳באַליידיקט דעם יידישן
נאָמען, וועט דאָס אייך אַ סך מער קרענקען, איידער דעם ערלעכן מאַן, וואָס
דערקענט אָפֿן זיין פֿאַמיליע און שטעלט זיך איין פֿאַר איר כבוד". העס ווענדט
זיין קוק צום יידישן קערן, צו די מיליאָנען מאַסן אין רוסלאַנד און אין פּוילן,
וואָס פֿאַרמאָגן נאָך אין האַרצן אַ ווײַ אויסגעלייזט צו ווערן און גיסן אויס דאָס
האַרץ אין די אַלטע „אומרעפֿאָרמירטע" תּפֿלות; ביי זיי איז נאָך שטאַרק דער
ווילן צו פּאָזיטיווער פֿרייהייט—צו „אויטאָנאָמער אַנטוויקלונג"; ביי זיי האָט
שוין אָנגעהויבן אויפֿלעבן אין דער ליטעראַטור די ביבל־שפּראַך. פֿאַרוואָס זאָלן
די דאָזיקע מאַסן נישט אויפֿלעבן מיט אַ פֿריי נאַציאָנאַל לעבן אין דער ביבלס
היים? אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז מען איצט שטאַרק באַשעפֿטיקט
מיט דער מזרח־פֿראַגע. פֿראַנקרייך בויט דעם סועצער קאַנאַל און וועט דעריבער
דאָ האָבן די גרעסטע דעה; זי קאָן דאָס פּראָטעזשירן אַ יידישע מאַסן־קאָלאָני־
זאַציע אין פּאַלעסטינע. מ׳דאַרף אויסנוצן די פּאָליטישע לאַגע, מ׳דאַרף מאַכן אַ
גרויסע אַגיטאַציע אין די דיפּלאָמאַטישע קרייזן און אין דער יידישער געזעל־
שאַפֿט, געווינען פֿאַר דער זאַך יידישע פֿינאַנסיסטן, די רויטשילדס און מאָנטע־
פֿיאָרעס, קומען צו הילף דער „געזעלשאַפֿט צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע", וואָס
ס׳האָט געהאַט פּראָיעקטירט דעמאָלט דער געוויסער טאָרנער רב, ר׳ הירש קאַ־
לישער (דער מחבר פֿון „דרישת ציון", 1862)... אַזוי איז איינצייטיק געבוירן
געוואָרן די אידעע צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע ביי דעם היץ־קאָפּ, ביים סאָציאַ־
ליסט־רעוואָלוציאָנער און ביי דעם פֿרומען רב. אייגער האָט געטרוימט פֿון אויפֿ־
שטעלן די פּאָליטישע נאַציע; דער אַנדערער—פֿון אויפֿלעבן דעם אַלטן רעליגיעזן
קולט. אָבער דער אויפֿטו פֿון דער נייער אידעאָלאָגיע, ווי מיר געפֿינען זי אין
„רוים און ירושלים", שטעקט נישט אין דער באַנייטער משיח־אידעאָלאָגיע; אַ סך
וויכטיקער איז דאָ דער שטרייט־אויסרוף פֿאַר דער נאַציאָנאַלער אידעע, וואָס
העס האָט געוואָרפֿן די אַלע „משה־רבינוס דייטשן", די באַגראָבער פֿון אַ לעבע־
דיקער נאַציע. דער דאָזיקער אויסרוף האָט געטראָפֿן. די מחנה אַסימיליאַטאָרן
האָט גענומען ציילן אַלע אירע פּאָליטישע פֿיילן אין דעם עזות־מאַן, וואָס האָט
זיך איינגעשטעלט צו לייקענען דעם אָנגענומענעם אני־מאמין פֿון נאַציאָנאַלן
זעלבסטמאָרד. גייגער שרייבט אין אַן אַרטיקל („אַלטע ראָמאַנטיק און נייע רע־
אַקציע"): ער פֿאַרשטייט נישט ווי קאָן מען פֿאָדערן בירגערלעכע עמאַנסיפּאַציע
פֿאַר יידן אין די גלות־לענדער, בעת מ׳האַלט פֿון נאַציאָנאַלער אָפּגעשלאָסנקייט:
אויס נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט! — דאָס איז דאָך די פּרייז פֿון עמאַנסיפּאַציע,
דאַרף מען צאָלן ערלעך! גייגער פֿאַלט אַריין אין פּאָלעמישער היץ און זאָגט
אויף העסן, אז ער איז ווייט פֿון יידנטום: „אַ באַנקראָט אין סאָציאַליזם און אין
אַנדערע ווילדע זאַכן, איז איצט געוואָרן אַ נאַציאָנאַליסט, וויל ווידער אויפֿוועקן
די יידנפֿראַגע, אַזוי ווי די פֿראַגע וועגן אַ זעלבסטשטענדיקער טשעכישער, מאָנטאָ־

נעבּרישער נאַציע וכדומה"[1]). העס האָט אָפּגעענטפערט פּונקט אַזוי שאַרף אין אַ ספּעציעלן פלוגבלאַט, וואָרום אין דייטשלאַנד האָט זיך נישט געפונען אַזאַ ר·אַקטאָר, וואָס זאָל אָפּדרוקן אַן ענטפער פון אַ ייִדן — אַ נאַציאָנאַליסט.

אויף גרעצן און העסן, די איינציקע, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן שטראָם, האָט מען געקוקט קרום אויבן־אָן אינם דייטשן ייִדנטום: דעם היס־טאָריאָגראַף האָט מען פאַרשוויגן, דעם פּובליציסט האָט מען פאַרשפּעט. ס'איז געווען די „זיבן גוטע יאָר", די קורצע צייט, ווען די עמאַנסיפּאַציע האָט אויס־בּ·ען פאַרווירקלעכט צו ווערן (די יאָרן 1869—1878), און די אידעע פון אַ נאַ־ציאָנאַל ייִדנטום האָט קנאַפּ געשמעקט. מאָריץ לאַצאַרוס, בערלינער פּראָפע־סאָר, דער געוועזענער פאָרזיצער פון די רעפאָרמיסטישע סינאָדן, האָט פאָרמו־לירט דעם קוק פון זיין דור אין זיין רעדע: „וואָס הייסט נאַציאָנאַל"? (1879): סיי · יטן אָביעקטיוון סימן, לויט דער שפּראַך, סיי לויט דעם סוביעקטיוון, — דאָס געפיל פון אַ היסטאָרישן און גייסטיקן פאַרבונד מיט אַ געוויס פאָלק — געהערן דייטשע ייִדן צו דער דייטשער נאַציע. „מיר זענען דייטשן, און נאָר דייטשן, ווען ס'האַנדלט זיך פון נאַציאָנאַליטעט; מיר געהערן נאָר צו איין נאַציע — צו ·ער דייטשער". דער עלטער פּאָפּולערער שרייבער בערטאָלד אויערבאַך 1817—1882) איז אויסער זיך געוואָרן, ווען ער איז דערגאַנגען, אַז זיין פריינט העס וויל דרוקן זיין „רוים און ירושלים" צו באַגריגדן די ייִדישע נאַציאָנאַלע אי־דעע. אויערבאַך האָט נאָך געקאָנט פאַרשטיין זיין פריינטס „ייִדישע סימפּאַטיעס", אָבער אַזוינס צו זאָגן אין דער הויך — דאָס האָט אים אויסגעזען אַזוי גוט ווי „אונטערצינדן". אין אויערבאַכן גופא האָט מלחמה געהאַט צוויי נשמות: אַ ייִדי־שע און דייטשע. אויערבאַך האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריער פון מאָלן דעם אידעענשטרייט אין ייִדישן פאָלק (די יאָרן 1837—1839 זענען אַרויס זיי־נע ראָמאַנען: „ספּינאָזאַ" און „דיכטער און קויפמאַן" — פון מענדעלסאָנס תקופה); אָבער שפּעטער, ווען ער האָט זיך גאָר פאַרטון אין דער דייטשער ליטעראַטור (זיינע „שוואַרצוואַלדער געשיכטן", „אין דער הויך", „אַ זומער־וואַנדערונג אויפן רהיין"), האָט ער אויך ציטעריק אין אויג געהאַט זיין פאָלק, ד. ה. איינס פון די צוויי פעלקער, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיינע. איבער דייטשן פּאַטריאָ־טיזם האָט אויערבאַך אָפּט געמוזט באַהאַלטן אין האַרצן זיינע ייִדישע געפילן, כּדי נישט איבערצופירן די האַרמאָניע פון זיין דייטשיש־ייִדישן וועזן. ערשט סוף

[1]) גייגער'ס אויסוואַרפן, אַז העס, אַלס סאָציאַליסט, האָט באַנקראָטירט, איז נישט ריכטיק. העס האָט זיך אָפּגעקערט פון מאַרקס דאָגמאַטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, אָבער יענע יאָרן (1862 — 1863) האָט ער זיך שטאַרק באַטייליקט אין אָרגאַניזירן לאַסאַל'ס אַרבעטער־פאַראיינען און איז זיך שטאַרק צונויפגעגאַנגען מיט דעם ייִדישן פירער פון דער דייטשער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע. זיינע לעצטע 12 יאָר האָט העס פאַרבראַכט אין פּאַריז, געשריבן פאַר דער אַלגעמיינער און ייִדישער פּובליציסטיק, דורכאַנאַנד אַנטוויקלט אין אַרטיקלען זיין קוק אויף ייִדישער געשיכטע און אויפן ייִדישן היינט.

די 70ער יאָרן, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך נאָר וואָס געגעבן צו הערן דער אַנטיסעמיטיזם, איז אין האַרצן ביים אַלטן אידעאַליסט פאָרגעקומען אַ שפּאַלט צווישן זיין יידישקייט און דייטשישקייט. „מ'דאַרף זיך ווייטער שטעלן אין דער שורה צווישן אייגענע שטאַמגענאָסן" — אַזוי האָט ער דערקלערט דאָס יאָר 1879. אין אַ יאָר אַרום, ווען דער אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט, האָט ער אויסגעשריגן מיט ווייטאָג: „אומזיסט מיין לעבן, אומזיסט מיין מי!"... דער דאָזיקער האַרץ-ריס האָט דערנענט אויערבאַכס טויט.

נישט געפילט אָט די ווייטאָקן פון גייסטיקער צעשפּאָלטנקייט האָבן נאָר אַזוינע, וואָס האָבן זיך גאָר אויסגעטון פון יידישע אינטערעסן. אויף פ ע ר-ד י נ אַ נ ד ל אַ ס אַ ל ן האָט אין דער יוגנט געמאַכט אַ גרויסן רושם דער שאָטן פון יידישער אינקוויזיציע, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דעם דמשק'ער עלילת-דם. פונם יאָר 1840 געפינען מיר איז זיין טאָגבוך אַ שטאַרקע אויפגערעגטקייט קעגן אַפּאָלק קדושים, וואָס לאָזט זיך פּייניקן, אָנשטאָט צו נוקם זיין זיך אין זיינע פיינט און אומקומען צוזאַמען מיט זיי, אַזוי ווי שמשון הגבור אין קאַמף קעג די פלשתים. שפּעטער איז פונם דאָזיקן העלדישן אינטערעס צום יידנטום קיין שפור נישט געבליבן. די דייטשע קולטור, דער פּאָליטישער שטורם דאָס יאָר 1848 און די סאָציאַליסטישע באַוועגונגען פאַרשלינגען גאָר לאַסאַל'ס קאָכעדיקע ענערגיע. ער ווערט דער פירער פון דער דעמאָקראַטיע און פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, פאָרמעל טרעט ער אָבער נישט אָפּ פונם יידישן פאָלק; ער ווייזט נישט אַרויס קיין פאַראַכטונג צום פאָלק, ווי מיר זעען דאָס ביי מאַרקס'ן, אָבער קיין אינטערעס אויך נישט[1]). פונקט דיזעלבע פאַרפרעמדט-קייט צום יידישן פאָלק זעען מיר ביי טאַלענטירטע יידן—פאַרלאַמענטאַריער. דער ראַדיקאַל יאָהאַן יאַקאָבי (געשטאָרבן דאָס יאָר 1877) האָט אין דער יוגנט אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור פאַר דער יידישער עמאַנסיפּאַציע (§ 5), שפּעטער אָבער האָט ער קיין איין פאַרלאַמענטאַרישע רעדע נישט געשענקט זיין פאָלק און קיין איין אַרטיקל פון זיין צאָלרייכער פּובליציסטיק. ביי דערזעלבער שוויג-פּאָ-

[1]) אין זיין „ודוי", בעשריבן צו'ן אַ געליבט רוסיש מיידל (1859), ברענגט לאַסאַל אַזוינע ראיות, פאַרוואָס קאָן ער זיך נישט שמדן צוליב התונה האָבן: „איך קאָן זיכער זאָגן, אַז איך בין קיין ייד נישט, אָבער איך וויל קיין ליגן נישט זאָגן, איך זאָל פאַרזיכערן, אַז איך וועל ווערן אַ קריסט. זיין אַ ייד—איז שוין ביי אונז גאָרנישט, ווייל ביי אונז אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד, פראַנק-רייך איז דאָס אַן אמונה-זאַך, נישט קיין נאַציאָנאַלע פראַגע. ווען מ'זאָגט ביי אונז אויף איינעם: ער איז אַ ייד, מיינט מען דערמיט נאָר זיין רעליגיע, אַזוי ווי ווען מ'זאָגט: ער איז אַ פּראָטעסטאַנט, אַ קאַטאָליק. אין רוסלאַנד איז דאָס אַנדערש; איר אַליין האָט מיר בעזאָגט: „יידן זענען אַ נאַציע, נישט בלויז אַ רעליגיע"... „איך האָב נישט קיין ליבשאַפט צו יידן, גיכער האָב איך זיי פיינט. אין מיינע אויגן זענען דאָס אומווירדיקע קינדער פון אַ גרויסן אָבער שוין פאַרשווינדענעם עבר. הונ-דערטער יאָרן זענען זיי געווען אין קנעכטשאַפט, און זיי זענען געוואָרן קנעכט. דעריבער זענען זיי מיר פרעמד". אַזאַ ודוי, וואָס איז נישט באמת פריי און נישט גאָר אויפריכטיק—דאָס איז דער זיכערסטער סימן פאַר דער שטימונג פון נישט-געשמדטע אָבער פאַרפרעמדטע יידן יענע צייט.

ליטיק האָט זיך געהאַלטן לאַסקער, אַן ערשטקלאַסיקער רײדער אין דײטשן רײכסטאַג; דער תּירוץ זאָל זײן, אַז ער איז אַ „צד" און ממילא פּאַסט נישט, ער זאָל זיך אָננעמען פֿאַר ײדן. דאָס זעלבע זעען מיר אויך בײ באַמבערגער׳ן. ער האָט זיך אויך נישט געוואָלט אָננעמען פֿאַר ײדישע אינטערעסן אין פּאַר־לאַמענט, װײל „ער האָט נישט געוואָלט זײן דער אַדוואָקאַט פֿון זײן אײגענער זאַך". ערשט אָנהויב די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אין דײטשלאַנד איז ער אַרויס מיט אַ נישטיקער בראָשור („דײטשלאַנד און יודנטום", 1880), כּדי „אַראָפּצונעמען דעם פלעק פֿון דער דײטשער פֿאָן" און דערווײזן, אַז דאָס דײטשע פֿאָלק ענט־פֿערט נישט פֿאַר אַ „קרײזל", װאָס העצט אויף ײדן. אין די פֿאָרשטײער פֿונם אַלטן דור, אין אַ ריסער, אין אַ אויערבאַך, האָבן נאָך געלעבט און געשטריטן צװײ נשמות — אַ דײטשע און אַ ײדישע. בײ ריסערן, װאָס איז געשטאָרבן אין אַליכטי־קערער צײט (1863), האָט לסוף גובר געווען דער דײטשישער יסוד; בײ אויערבאַך׳ן װאָס האָט דערלעבט צום טרויעריקן קריזיס, האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז דער ײד זאָל גובר זײן. בײ דעם דור אָבער, װאָס האָט זיך באַוויזן נאָכן יאָר 1848. האָט דער דײטשישער יסוד גאָר גובר געווען דעם ײדישן, װאָרום דער דור איז געווען נאָך װײטער אין פֿאַרפֿרעמדטער פֿון ײדישע היסטאָרישע קולטור־קוועלן, אײדער דער פֿריערקער.

## קאַפּיטל II

# די עמאַנסיפּאַציע אין עסטרייך־אונגאַרן.

### § 37. די מערץ־רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 און די מערץ־עמאַנסיפּאַציע דאָס יאָר 1849.

דעם 13־טן מערץ דאָס יאָר 1848 האָט ווין דערזען אויף די גאַסן די ערשטע שוואַלבן פון אַ פּאָליטישן „פרילינג”: דאָס איז געווען אַ היפּשע רעוואָלוציאָנערע פּראָצעסיע, וואָס האָט געפּאָדערט אָפּשאַפן די אַליינהערשונג. מיליטער האָט געשאָסן אויף דער גרויסער מחנה סטודענטן, בירגער און אַרבעטער, וואָס האָט באַלאַגערט דאָס „לאַנד־הויז” (דעם זעמסטווע־סיים), אָבער דאָס בלוט פון די קרבנות האָט ערשט צערייצט די רעוואָלוציע: מ׳האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען: „אַ קאָנסטיטוציע! אַראָפּ די יעזואיטן! אַראָפּ מעטערניך׳ן!” דאָס פּאָלק האָט זיך באַוואָפנט, ס׳איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. דעמאָלט האָט דער קייזער פערדינאַנד נאָכגעגעבן: ער האָט צוגעזאָגט אַ קאָנסטיטוציע, פּאָליטישע פרייהייטן און צונויפרופן איינגיכן פאָלקס־פאָרשטייער. דער עסטרייכישער קאַנצלער מעטערניך איז אַנטלאָפן פון ווין: ס׳איז צעשטערט געוואָרן דאָס נעסט פון דער גרויסער שפּין, וואָס האָט 33 יאָר געוועבט די נעץ פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע. אין דער רעכטער מיט רעוואָלוציע זענען געווען די קרבנות פונם פריערדיקן דעספּאָטישן רעזשים, ד. ה. יידן, אַזוי ווי אומעטום. די, וואָס האָבן נישט געטאָרט אַ נאַכט איבערנעכטיקן אין דער האַבסבורגישער רעזידענץ, און האָבן באַדאַרפט אויסבעטלען אָדער פאַר געלט קויפן זיך אַזאַ הינטיש רעכט ביי די מאַכט־האָבער—פונם קייזער ביזן פּאָליציייאישן באַאַמטן,—די האָבן גיכער פאַר אַנדערע פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ גליק ס׳איז די פּאָליטישע איבערקערעניש. איינער אַ פירער פון דער דעמאָנסטראַציע ביי דעם לאַנדהויז איז געווען אַ ייד אַ דאָקטאָר אַ ד אָ ל ף פ י ש ה אָ ף (1816—1893). ס׳איז געווען אַ מינוט, ווען די מחנה דעמאָנסטראַנטן האָט זיך געוואַקלט, דעמאָלט האָט זיך דערהערט פישהאָף׳ס שטים: „ווער ס׳פאַרמאָגט היינט קיין מוט נישט, דעמס אָרט איז אין קינדערשטוב!” פישהאָף, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן זיין שפּיטאָל—כדי צו היילן פּאָליטיש

עסטרייך, איז איגיכן געוואָרן דער אָנגעזעענסטער רעדנער פון דער ווינער
רעוואָלוציע. צווישן די קרבנות פונם 13 מערץ האָט נישט געפעלט קיין יידן
אויך: אַ זעלנערשע קויל האָט געטראָפן אגב אַ סטודענט—אַ פּאָליטעכניקער—שפּיצערי־
די געפאַלענע, קריסטן און יידן גלייך, האָט מען באַהאַלטן אין איין ברודער־
קבר, און די לויה איז געוואָרן אַ נייע פּאָליטישע דעמאָנסטראַציע. ביים ברודער־
קבר איז געשטאַנען דער ווינער ראַבינער מאַנהיימער אויך, צוגלייך מיט קאַ־
טוילישע און פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע. אין מאַנהיימער'ס הספד, דעם אַלטן
פירער פון דער פיל־געפּרובטער יידישער קהלה, האָט זיך געהערט די פאַרבי־
טערטקייט פון דעם שווער־איבערגעלעבטן און אַרויף צו אַ ניי לעבן. ער האָט
זיך געווענדט צו די דייטשן: „איר ווילט, אַז די געפאַלענע יידן זאָלן ליגן דאָ
צוזאַמען אין איין גרוב מיט אייערע קרבנות; דאַרפט איר אויך באַשטיין, אַז די
וואָס האָבן מיט אייך איניינעם דורכגעמאַכט דעם שווערן קאַמף, זאָלן קאָנען
לעבן דאָ פריי און גליקלעך גלייך מיט אייך! איר זענט איצט פרייע מענטשן,
איר פילט, ווי גרויס איז דאָס, וואָס איר האָט געווינען די לעצטע טעג, נעמט
זשע אונז אויך אויף אַזוי ווי פרייע מענטשן!"

אין אַ רעדע, גערעדט צו יידן אין יענע שטורמישע טעג (דעם 18 מערץ),
האָט מאַנהיימער איבערצייגט יידן, זיי זאָלן זיך נישט אויסטיילן באַזונדער פון
דער כלל־זאַך: „איר וועט פרעגן: וואָס זאָלן מיר איצט טון פאַר זיך? גאָרנישט!
מ'דאַרף אַלצדינג מקריב זיין פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד, אַזוי ווי איר האָט
דאָס געטון די לעצטע טעג. מיר דאַרפן פאַר זיך גאָרנישט מאָנען, קיין איין
וואָרט זאָלן מיר נישט דערמאָנען וועגן יידישער עמאַנסיפּאַציע, אויב אַנדערע
מאָנען דאָס נישט פאַר אונז! קיינע פּעטיציעס, קיינע ביטע־בריוו אדער פרעטענ־
זיעס דאַרף נישט זיין פון אונז! קודם כל איז—דאָס רעכט פון מ ע נ ט ש ן צו
לעבן, אָטעמען פריי, ריידן, דענקען, דאָס רעכט פון אַ ב י ר ג ע ר , דאָס רעכט,
פון אַ פרייעם מענטשן גלייך צו זיין,—דערנאָך ערשט גייט דער י י ד . זאָל מען
נישט האָבן קיין אויסרייד אונז אויסוואַרפן, אַז שטענדיק און אומעטום האָבן מיר
נאָר זיך אין זינען! גאָרנישט פאַר זיך—אונזער צייט וועט נאָך קומען!" די דאָזי־
קע רעדע—דאָס איז אַן אומדירעקטער שטאָך דער פּאָליטיק פון ווינער יידישע
קהל־לייט, וואָס האָבן פאַרעפנטלעכט אַ פּעטיציע צו דער רעגירונג, מ'זאָל יידן
געבן גלייכבאַרעכטונג. די פּעטיציע האָט מען אין טויזנטער עקזעמפּליאַרן גע־
שפּרייט אין אַלע האָטעלן, רעסטאָראַנען און זאַלן פאַר עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען.
אַקעגן האָבן זיך באַוויזן אַנטיסעמיטישע פלוגבלעטלעך מיט פּראָטעסטן קעגן יידי־
שער עמאַנסיפּאַציע. „יידן ווילן ווערן בירגער", „יידן פאַר צוויי קרייצער"—
דאָס זענען געווען די איראָנישע קעפּלעך פון אַזוינע בלעטלעך. צי איז מאַנהיי־
מער געווען גערעכט, ווען ער האָט געראָטן יידן נישט שטעלן קיין באַזונדערע
פאָדערונגען, כדי ליבעראַלן זאָלן נישט אויסוואַרפן, אַז יידן טיילן זיך אויס, און
דאָס שוואַרצע געזינדל זאָל נישט מאַכן קיין חוצפּהדיקן גוואַלט? די ערשטע טעג

פון דעם פּאָליטישן פּריִלינג איז געווען נאַטירלעך צו קלערן, אַז יידישע עמאַנ=
סיפּאַציע וועט איינגעפירט ווערן פון זיך אַליין, מחמת דעם נצחון פון פרייהייט;
אָבער די געשעענישן די ווייטערדיקע טעג האָבן געוויזן, אַז ס׳איז נישט אַזוי.
קייזער פערדינאַנד האָט אָנהויב רעוואָלוציאָנערן שטורם צוגעזאָגט דעם
פּאָלק צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פּאָלקס=פאָרשטייער, און ער האָט באַלד געבראָכן
זיין צוזאָג, ווי נאָר דער ערשטער איבערשרעק איז אַריבער. דעם 25 אַפּריל
דאָס יאָר 1848 האָט די רעגירונג, פאַרעפנטלעכט אַ היימיש=געבאַקענע מעסיק=
ליבעראַלע קאָנסטיטוציע; דאָרט איז געווען אַ פראַזע, אַז אַלע אמונות האָבן גליי=
כע בירגער=רעכט, אָבער מיטן אויסנאַם: וועגן אָפּשאַפן יידישע רעכטלאָזיקייט
דאַרף נאָך באַהאַנדלט ווערן אין געזעצגעבערישע אינסטאַנציעס. פונם אַלגעמיי=
נעם נצחון האָבן יידן געווינען נאָר איין זאַך: מ׳האָט נאָכגעגעבן אין דעם פּרט,
אַז יידן קריגן אַקטיוו און פּאַסיוו וואַל=רעכט אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. דעם
15=טן מאַי האָט אין ווין אויסגעבראָכן אַ נייער אויפשטאַנד, און די רעגירונג
האָט געמוזט געבן אַלגעמיין וואַל=רעכט. אויפגעהויבן דעם אויפשטאַנד האָט די
נאַציאָנאַלע גוואַרדיע און סטודענטישע לעגיאָנען. באַטייליקט האָבן זיך דאָ אַ סך
יידן פון ביידע אָרגאַניזאַציעס. פישהאָף איז דאָ אויך געווען אַ פירער, געהאַלטן
די אָרדנונג און דיסציפּלין ביי די רעוואָלוציאָנערע קעמפער. דעם 17=טן מאַי
האָט דער קייזער פּאַסירט ווין און איז אַריבער קיין אינסבּרוק; די רעזידענץ
איז געבליבן ביים פּאָלק אין די הענט, וואָס האָט אָנגעטרויט פישהאָפן דעם פּרע=
זידענט=פּאָסטן אין דעם „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער זיכערקייט". אין יולי
איז זיך אין ווין צונויפגעקומען דער „גרינדונג=רייכסטאַג"; אַהין זענען אַריין
עטלעכע יידן אויך: פישהאָף, מאַנהיימער, גאָלדמאַרק (אַ טוער אין רעוואָלוציאָ=
נערן סטודענטישן לעגיאָן); צוויי יידן דעפּוטאַטן, קוראַנדאַ און האַרטמאַן, האָט
מען דעלעגירט אין אַלדייטשישן פּאַרלאַמענט, אין פראַנקפורטער נאַציאָנאַלער
פאַרזאַמלונג. די רייסערייען דורכאַנאַנד צווישן די דייטשע און סלאַווישע דעפּו=
טאַטן אין ווינער רייכסטאַג האָט געשטערט צו באַהאַנדלען די גרונט=געזעצן פון
דער אימפּעריע. אין דעם פּראָיעקט עסטרייכישע קאָנסטיטוציע, וואָס אַ ספּעציעלע
פּאַרלאַמענט=קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט (סעפּטעמבער 1848), איז געווען פעסט=
געשטעלט גאָרע בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכשטעלונג פאַר יידן, פרייער
פּאַרקער, בירגערלעכע און געמישטע התונות. פונדעסטוועגן איז נאָך יידישע דע=
פּוטאַטן אויסגעקומען צו שטעלן זיך פאַר גלייכבאַרעכטונג בעת מ׳האָט אין רייכס=
טאַג באַהאַנדלט איינצלנע פראַגן. דעם 5-טן אָקטאָבער האָט מאַנהיימער געהאַלטן
אַ פּרעכטיקע רעדע, געפאָדערט מ׳זאָל אָפּשאַפן די שענדלעכע ספּעציעלע שטיי=
ערן פאַר יידן: דעם „טאָלעראַנץ=שטייער", די פלייש=טאַקסע און דעם ליכט=אָפּ=
צאָל, וואָס רואינירן יידישע קהלות אין עסטרייך. מאַנהיימער האָט אָפּגעענטפערט
די דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געוואָלט אָפּלייגן די דאָזיקע פראַגע אויף אַ האַלב יאָר,
אפילו אויף אַ יאָר: „יידן האָבן אַ סך איבערגעטראָגן הונדערטער יאָרן=לאַנג; זיי

האָבן איבערגעטראָגן ערגערס פאַר יידישע שטייערן: זיי זענען אויסגעשטאַנען יידנדאָס און וועלן זיכער נישט אומקומען, אויב זיי וועלן נאָך אַ יאָר צאָלן דעם טאָלעראַנץ-שטייער. אויב איך מאָן דאָך, מ'זאָל די זאַך באַלד באַשליסן, איז דאָס נישט פון יידנס וועגן, נאָר פון אייערט וועגן, פון וועגן דער ווערדע פון דעם גרינדונג-רייכסטאַג, דער ערשטער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג אין עסטרייך. פאַר אייך איז שוין נישט אַלצאיינס, צי וועט איר סאַנקציאָנירן אַן אומגעזעצלעכן און אומערלעכן שטייער, צי נעמט איר אויף זיך די פאַראַנטוואָרטונג פאַר דער פריערדיקער אומגערעכטיקייט, צי וועט איר צולייגן אַ האַנט צו יענער אומגערעכטיקייט". די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן צום אָפּשטימען און מיט אַ מערהייט 243 קעגן 20 האָט מען די שענדלעכע שטייערן אָפּגעשאַפט. אָבער צו באַשטעטיקן יידישע גלייכבאַרעכטיקונג בכלל איז דאָס נישט געקומען. דעם 6 אָקטאָבער, אויפן אַנדערן טאָג נאָך דער „יידישער זיצונג", האָבן אין ווין אויסגעבראָכן נייע אומרוען; דער קייזער האָט ווידער פאַסירט די רעזידענץ און איז אַריבער קיין מעהרען. סוף אָקטאָבער האָט ווינדישגרעצס אַרמיי גענומען ווין און די קאָנטר-רעוואָלוציע האָט גענומען טרייבן איר בלוטיקע שפּיל: קריגס-געריכטן און שיסן. מ'האָט אומגעבראַכט אגב הערמאַן יעלינעקן אויך, אַ פּובליציסט—אַ ראַדיקאַל. דעם ווינער ראַבינערס ברודער. ער האָט אויסגעהערט דעם פּסק פונם געריכט און רואיק אַ זאָג געטון: „אָבער מיינע געדרוקטע אידעען וועט אייער קויל דאָך נישט טרעפן"[1]. דעם רייכסטאַג האָט מען איבערגעזעצט פון ווין קיין קרעמזיר, אַ קליין שטעטל אין מעהרען. פערדינאַנד האָט זיך אָפּגעזאָגט פונם טראָן, און אויף זיין פּלאַץ איז אַרויף פראַנץ-יוסף (דעם 2-טן דעצעמבער 1848). אין דריי חדשים אַרום האָט דער נייער קייזער צעלאָזט דעם גרנדינג-רייכסטאַג. און די גרונד-געזעצן זענען געבליבן נישט באַהאַנדלט ביזן סוף. ביי דער געלעגנהייט, וואָס מ'האָט צעלאָזט אַ „רעוואָלוציאָנערן" רייכסטאַג, האָט מען אגב אַרעסטירט די ראַדיקאַלערע דעפּוטאַטן. פון יידן-דעפּוטאַטן זענען אָפּגעקומען צוויי: פישהאָפן האָט מען פאַרמשפט פאַר באַטייליקן זיך אין ווינער אויפשטאַנדן; 9 הדשים האָט ער געשמאַכט אין טורמע. דערנאָך האָט מען ביי אים אָפּגענומען אַלע פּאָליטישע רעכט. אַ צווייטן, גאָלדמאַרקן, פון די לינקסטע דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט, האָט מען פאַרמשפט טויט-שטראָף, נאָר ער איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

דעם 4-טן מערץ 1849 האָט פראַנץ יוסף פאַרעפנטלעכט אַ „געשענקטע" ליבעראַלע קאָנסטיטוציע. דאָרט איז געווען אַ פּונקט וועגן בירגערלעכער גלייכשטעלונג, קלאָר געזאָגט אויפן דייטשישן נוסח: „געניסן בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט איז נישט געווענדט אין דער אמונה". די ידיעה וועגן גלייכבאַרעכטיקונג האָבן יידן באַקומען פורים, און פאַר דער קהלה איז דאָס געווען אַ גרויסע

[1]) דאָס יאָר 1847 איז אַרויס פון דרוק יעלינעקס אַ ביכל וועגן אוריאל אַקאָסטאַ—אַן אַפּאָטעאָז פאַר דעם דאַזיקן אידעען-רעוואָלוציאָנער פון XVII יאָרהונדערט.

שמחה. ס׳זענען אָבער געווען סקעפּטיקער אויך, וואָס האָבן געמיינט, אַז „געשענקטס״ קאָן מען כאַפּן צוריק אויך. דעם 3־טן אַפּריל איז אַ דעפּוטאַציע פון ווינער יידישע קהלה געקומען צום קייזער קיין אָלמיוץ דאַנקען פאַר עמאַנסיפּאַציע. פראַנץ־יוסף האָט געענטפערט, אַז אים איז „ליב צוהערן טריי־אונטערטעניש געפילן פון דער יידישער ק ה ל ה אין ווין״. דאָס ערשטע מאָל איז דאָ אַרויס געבראַכט געוואָרן דאָס וואָרט „קהלה״, וואָס ביז איצט האָט מען דאָס דער ווינער יידישער קאָלאָניע פאַרווערט צו זיין. די רעגירונג האָט געוויינטלעך נישט געטראַכט צו פאַרווירקלעכן באַלד יידישע גלייכבאַרעכטונג מיט דער פולער מאָס, זי האָט אָבער נישט געשטערט, גלייכבאַרעכטונג זאָל איינגעפירט ווערן טיילווייז, דערהויבט בנוגע פרייעם פאַרקער און פאַרווערבן נחלות. יידן האָבן נישט דורכגעלאָזט די גוטע געלעגנהייט. ס׳זענען אַראָפּ די קייטן, וואָס האָבן צוגעשמידט יידן צו געוויסע ערטער. אין ווין און אין אַנדערע ערטער איז געוואָרן אויס „טאָלערירטע״ יידן, ס׳איז געוואָרן אויס געיעג אויף „אומטאָלערירטע״ יידן, וואָס האָבן קיין „וואוינרעכט״ נישט. איצט האָבן געהאַט „וואוינרעכט״ אַלע גלייך. אַ סך יידן פון דער פּראָווינץ האָבן זיך אָנגעהויבן איבערציען קיין ווין. יידן האָבן זיך באַוויזן אין די פאַרבאָטענע געגנדן: אין טיראָל, שטייער, קערנטן, האָבן פאַרוואָרבן נחלות, האָבן זיך באַזעצט אין דאָרף־געגנדן אויך. פאַר יידן־יוריסטן האָט זיך געעפנט אַדוואָקאַטור, מ׳האָט געהאָפט, אַז פאַר יידן וויסנשאַפטלער וועלן אָפן ווערן קאַטעדרעס אין אוניווערסיטעט. ס׳האָבן זיך געמאָלט ווייטע אויסזיכטן... אָבער צו קורץ איז געווען די דאָזיקע צייט פון ליכטיקע האָפנונגען: אויף עסטרייך האָט זיך אָנגערוקט אַ פּאָליטישע רעאַקציע; נאַציאָנאַלע רייסערייען אין דער פילפעלקערדיקער מאָנאַרכיע האָבן דער דאָזיקער רעאַקציע אַסך מיטגעהאָלפן: זיי האָבן געשפּאָלטן די קרעפטן ביי די פעלקער, וואָס האָבן געזאָלט קעמפן פאַר פּאָליטישער פרייהייט.

טראַגיש איז געווען די יידישע לאַגע, די לאַגע פון אַ פאַרלייקנטער נאַציע, צווישן פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָס האָבן געשטריטן צווישן זיך. אין ב ע ה מ ע ן זענען יידן געווען אין דער מיט צווישן צוויי פיינטלעכע מחנות: דייטשן און טשעכן. די אינטעליגענץ, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף דער דייטשער קולטור, און די יידישע מאַסע אויך, וואָס האָט גערעדט יידיש, האָט גיכער געצויגן צו דייטשן. דאָס האָט אויף זיי אויפגעבראַכט די טשעכן, וואָס האָבן יענע צייט דורכגעמאַכט די ערשטע שטופּע פון זייער נאַציאָנאַלן אויפלעב. די ערשטע טעג פון דער מערץ־רעוואָלוציע האָט מען נאָך די דאָזיקע שפּאַלטונג נישט אַרויסגעזען, פּראָגער סטודענטן און בירגער מאָנען אין זייערע פּעטיציעס גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן אויך (דעם 11 — 15 מערץ 1848). וואָס מער אָבער ס׳פאַרשאַרפט זיך דער קאַמף צווישן טשעכן און דייטשן, ווערט די באַציאונג צו יידן ערגער. סוף אַפּריל זענען אין פּראָג פאָרגעקומען אומרוען, און דער המון טשעכן איז באַפאַלן יידישע הייזער. מ׳האָט געוואָרפן שטיינער אין די פענסטער, מ׳האָט

געשלאָגן יידן־דורכגייער. ווער ווייסט צו וואָס ס'וואָלט געקומען, ווען די בירגערלעכע מיליציע זאָל זיך נישט געווען אַריינגלייגן און מאַכן אָרדנונג. די אויפרייצונג ביי טשעכן האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז פּראָגער יידן האָבן אַ צייט נישט געקאָנט זיך ווייזן חוץ זייער קוואַרטאַל. די אימפּעריאַלע קאָנסטיטוציע דעם 4־טן מערץ 1849 האָט באַפרייט יידן פון בירגערלעכער קנעכטשאַפטן אין בעהמען אויך. ס'זענען בטל געוואָרן די אַלטע פּרעה־געזעצן, וואָס האָבן שטרענג נאָרמירט די צאָל יידישע חתונות און געשטערט יידן מערן זיך „איבער דער נאָרם" די ספּעציעלע יידישע שטייערן זענען בטל געוואָרן נאָך פריער, מיט דעם פריערדערמאָנטן באַשלוס פונם גרינדונג־רייכסטאַג.

גלאַט איז אָפּגעגאַנגען יידן דער פאַרביטערט דייטשיש־סלאַווישער שטרייט אין גאַליציע. דער אָנגעזעענסטער טייל יידישע געזעלשאַפט אין די פּאָליטישע צענטערן אין לאַנד, אין לעמבערג און אין קראָקע, האָט געהאַלטן מיט דער פּוילישער מערהייט און באַוויזן אַ שטאַרקן פּוילישן פּאַטריאָטיזם. דערפון נעמט זיך, וואָס די פּוילן האָבן אין זייערע מערץ־פּעטיציעס געשטיצט יידישע גלייכבאַרעכטונג. די יידישע יוגנט אין לעמבערג און אין קראָקע איז אַריין אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, די אינטעליגענץ האָט זיך געחברט מיט די פּוילישע ראַדיקאַל־פּאַטריאָטישע קלובן אָדער זי האָט געמאַכט אייגענע אַזוינע פאַראיינען. ווען אין פּויזן האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע קעגן פּרייסן, האָט זיך דער יידישער קלוב אין קראָקע געווענדט צו פּויזנער יידן, זיי זאָלן צושטיין צו דער רעוואָלוציע (דעם 22 מאַי 1848). „דאָס אַדלדיקע פּוילישע פאָלק,—אַזוי שטייט אין אויפרוף, — האָט גאַסטפריינטלעך אויפגענומען אונזערע ברידער יענע צייט, ווען דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבן אונז שענדלעך געטריבן און פאַראומגליקט־ביים דאָזיקן פאָלק האָט מען פאַר אַכציק יאָרן אָפּגערויבט די פרייהייט און דאָס לאַנד און פון דעמאָלט אָן קעמפט דאָס פאָלק מיט אומגעהוירער עקשנות און מיט; דאָס דאָזיקע פאָלק האַלט איצט ערב אויספירן זיין אייביקן באַגער. מיר, יידן, קינדער פון דעמזעלבן לאַנד, זענען געבונדן מיט פּוילישער ערד, דאָ זענען מיר געבוירן, און מיר מיט די פּוילן האָבן איין היים. מיר האָבן געליטן גלייך מיט זיי דעם יאָך, גלות און שאַנד. ברידער! דאַרף מען דען נאָך קלערן, צי זאָלן מיר זיך אַריינטון אין דער דאָזיקער הייליקער זאַך, העלפן דעם דאָזיקן אַדלדיקן פאָלק און מקריב זיין אונזער פאַרמעג און לעבן? צי קאָן געמאָלט זיין, מיר זאָלן אפילו איין מינוט זיך וואַקלען, וועמעס צד מיר זענען, די פּוילנס, צי די דייטשנס?" פּויזנער יידן האָבן אויפן דאָזיקן פּאַטריאָטישן מזמור שאַרף אָפּגעענטפערט מיט אַ היציקן דייטשן פּאַטריאָטיזם. די פּויזנער האָבן מיט „פּאַטריאָטישן צאָרן" אָפּגעוואָרפן די „העצע" פון די קראָקעווער און האָבן זיך געמאָלדן פאַר דייטשן, וואָס האָבן וואָרצלען אין דער דייטשער נאַציע. „מיר האָבן שטענדיק געהאַט איין געפיל מיט דייטשן, געטיילט זייער לייד און פרייד". צוויי גרופּעס יידן האָבן זיך געריסן פאַר צוויי מינים נאַציאָנאַליזם, פאַרן פּוילישן און דייטשישן;

אין יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן האָבן ביידע גרופּעס אַסימילירטע אינטעליגענץ פאַרגעסן... איבעריקנס, אין גאַליציע זענען אַ סך יידן געווען שטאַרקע פּוילישע פּאַטריאָטן, אָרטאָדאָקסן אויך, נישט בלויז אַסימילירטע אינטעליגענטן. ב ע ר י ש מ ײ ז ל ס, קראָקעווער רב, האָט זיך שטאַרק באַטייליקט אין דער פּוילישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. האַרבסט דאָס יאָר 1848 איז מייזלס געוואָרן דעפּוטאַט פון קראָקע אין קרעמזיאַרער רייכסטאַג, דאָרט איז ער צוגעשטאַנען צו פראַנץ סמאָלקע'ס אָפּאָזיציאָנעלער פראַקציע[1].

דאָס ערשטע יאָר רעוואָלוציע האָט נאָך נישט באַפרייט יידן אין גאַליציע פון דער בירגערלעכער קנעכטשאַפט. זומער נאָך דאָס יאָר 1848 האָבן דעפּוטאַטן פון גאַליצישע יידישע קהלות געשיקט אַ פּעטיציע דעם גרינדונג-רייכסטאַג אין ווין, אויסגעגאָסן דאָס ביטערע פאָלקס-געפיל: יידן טאָרן נישט אַרענדירן קיין גיטער, קיין מילן, קיין גוראַלניעס, קיין קרעטשמעס, אויף יידן ליגט אַ שווערע לאַסט פון שטייערן בישט צו דערטראָגן, וואָס פרעסן אַרויס פונם אָרעמאַן דעם לעצטן ביסן, דעם לעצטן גראָשן. „מיר האָבן אַ סך געבעטן און געוויינט, אָבער אַלע מאָל האָט מען אונז אומברחמנות'דיק געהייסן שווייגן און וואַרטן". יידן מאָנען גלייכבאַרעכטונג פון וועגן געוויסן-פרייהייט: „צי קאָן דען אויסגעפירט ווערן גלויבן-פרייהייט, אַז מ'גיט אַ פּריווילעגיע די, וואָס קערן זיך אָפּ פון דער אמונה פון זייערע אבות?" דער ווינער פּאַרלאַמענט האָט אָבער נאָר טיילווייז פאַרגרינגערט די געפּלאָגטע אין גאַליציע: ער האָט אָפּגעשאַפט די „יידישע שטייערן" (זע פריער). פריי פאַרקערן און נעמען זיך פאַר פּראָפעסיעס האָבן יידן געקריגן ערשט לויט דער קאָנסטיטוציע דעם 4 מערץ 1849.

## § 38. רעוואָלוציע און פּאָגראָמען אין אונגאַרן.

טראַגיש האָט פּאַסירט דאָס יאָר רעוואָלוציע אין אונגאַרן: די נאַציאָנאַלע רייסערייען צווישן מאַדיאַרן, דייטשן און סלאַוון האָבן דאָ פאַרפלאָנטערט דעם פּאָליטישן קאַמף און דאָס האָט געבראַכט צו די ערגסטע רעזולטאַטן. די יידישע פראַגע איז אין אונגאַרן שוין פאַרשאַרפט געווען אָנהויב די 40-ער יאָרן (§ 17). איצט איז די פראַגע געקומען פאַרן פּאַרלאַמענט די מערץ-טעג דאָס יאָר 1848. אין אונגאַרישן סיים אין פּרעסבורג איז דער וואָרטפירער געווען לודוויג קאָשוט, דער שטרייטער פאַר נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט; דער סיים האָט אָנגענומען ערנסטע באַשלוסן וועגן אַ גרינדלעכער מלוכה-רעפאָרם, ער האָט אָבער געצויגן מיט דער פראַגע וועגן יידישער עמאַנסיפּאַציע; קאָשוט גופא האָט געהאַלטן

[1]) וועגן ר' בעריש מייזלס דערציילט מען, אַז מ'האָט אים אַמאָל געפרעגט, ווי קאָן דאָס אַ פרומער ייד צושטיין צו די לינקע. דערויף האָט ער געענטפערט מיט אַ ווערט: ווייל יידן האָבן קיין רעכט נישט.

די פּראַגע פּאַר „פּריציייטיק”. אונטער דעם דרוק פון דער רעוואָלוציע האָט דער סיים נאָכגעגעבן נאָר אין איין פּרט, ער האָט געגעבן יידן אַקטיוו און פּאַסיוו וואַל־רעכט (די זיצונג דעם 14־טן מערץ). אין דער אונגאַרישער רעזידענץ, אין פּעשט, איז דעמזעלבן טאָג פאָרגעקומען אַ גרויסע פאָלקספאַרזאַמלונג, וואָס האָט אגב אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג. דאָס דאָזיקע האַנטגעלט אויף עמאַנסיפּאַציע איז גענוג געווען, אַז יידן זאָלן זיך אַריינטון מיט דער גאָרער היץ אין דער אונגאַרישער רעוואָלוציע. זיי זענען אַריין אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, אייניקע אָנגעזעענע יידישע טוער אין פּעשט האָט מען אויסגעקליבן אינם „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער זיכערקייט”. די דאָזיקע אילוזיע האָט זיך אָבער אינגיכן געפּעלט. מיר האָבן שוין געזען, אַז אפילו אייניקע פּראָגרעסיווע מאַדיאַרן האָבן געהאַלטן עמאַנסיפּאַציע נאָך פאַר אַ פּריצייטיקער זאַך, ווער שמועסט שוין די אָפּגעשטאַנענע טיילן פאָלק, דערהויפּט ביי די קליינבירגער: זיי האָבן נישט געוואָלט ליידן קיין יידישן גלייכבאַרעכטונג. אייגענע נאַציאָנאַלע פרייהייט האָט ביי זיי געהייסן, אַז זיי מעגן פריי דריקן און שטיקן יידן, ד. ה. זייערע מאַרק־קאָנקורענטן. „אַנדערש, וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ נאַציאָנאַלע פרייהייט, אַז מ'טאָר אפילו קיין יידן נישט אַרויסטרייבן”; בכן האָבן די דאָזיקע יידנפרעסער באַשלאָסן צו מאַכן אַ שאַרפע דעמאָנסטראַציע אָנצושרעקן דעם ליבעראַלן סיים, וואָס האָט געגעבן יידן וואַל־רעכט. פון דער דעמאָנסטראַציע איז אַרויס אַ פּאָגראָם. דעם 19 און 20 מערץ 1848 זענען פּרעסבורגער גאַסן געווען אין די הענט ביי ווילדע פּאָגראָם־באַנדעס פון קליינבירגער און סטודענטן. מ'האָט געבראָכן און געריסן יידישע הייזער און קראָמען, דערהויפּט דאָרט וואו יידן האָבן זיך באַזעצט אָדער געהאַנדלט אויסער דעם אַלטן געטאָ, מ'האָט גערויבט און אַ תל געמאַכט סחורות און פאַרמעגען, געשלאָגן פאַר־ביי־גייער, צעשטערט ביזן יסוד די גרויסע שול. פּאָליציי און רעגולערע אַרמיי האָבן גאָרנישט געטון כדי צו איבעררייסן די גוואַלט־מעשים. אַ מיליטער־טייל האָט פאַרשטעלט דעם אַריינקום אין געטאָ, שוין נאָכדעם ווי מ'האָט דאָס טיילווייז באַרויבט; יידן אין די איבעריקע קוואַרטאַלן האָט מען געלאָזט אויף גאָטס באַראָט. סיים־דעפּוטאַטן האָבן דעם גרויל רויק צוגעזעען. קאָשוט האָט זיך גישט געשעמט זאָגן, אַז „ווען די מאַכט זאָל זיך דאָ ווערלן מישן (צעטרייבן דאָס שוואַרצע געזינדל), וואָלט דאָס געקומען צו'ן אַ שחיטה אויף יידן”. לסוף האָט דער מאַגיסטראַט באַוויליקט צו שיקן די בירגער־מיליציע, זי זאָל בײַשטײן יידן, אָבער בתנאי, יידן זאָלן זיך איבערציען פון די „קריסטלעכע” קוואַרטאַלן אין געטאָ אַריין, כדי צו שטילן דעם „פאָלקס צאָרן”. יידן האָבן נאָכגעגעבן אַזאַ שענדלעכע פאָדערונג, און דעם דריטן טאָג האָט דער פּאָגראָם אויפגעהערט. דעמאָלט איז קלאָר געוואָרן, אַז בירגער האָבן בכיון אָרגאַניזירט דעם פּאָגראָם כדי דער מאַגיסטראַט זאָל פאַרטרייבן יידן פונם צענטער שטאָט. פון פּעשט איז געקומען אַ קאָמיסאַר מיט אַ מיליטער־טייל, האָט פון דער רעגירונגס נאָמען אָפּ־

געשאַפט דאָס אומגעזועצלעך-אויפגעשטעלטע געטאָ און האָט פאַרגעלייגט יידן, זיי זאָלן זיך צוריק אומקערן אין זייערע שטאָטישע הייזער און געשעפטן. אָבער ערשט אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן איבערגעשראָקענע יידן אָנגעהויבן צוריקקערן אין די פאַרלאָזטע קוואַרטאַלן, ביסלעכווייז און מיט מורא, אַזוי ווי א'ין אַ שונא'ס לאַגער אריין.

אָבער דער פּרעסבורגער פאָגראָם האָט דאָך דערלאַנגט זיין פּאָליטיש צוועק. דער סיים האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר דער „פאָלקס-באַוועגונג" און האָט צוריקגענומען זיין ליבעראַלע רעזאָלוציע וועגן וואַל-רעכט פאַר יידן. פּרעסבורגער מעשה איז שטאַרק געפעלן יידנפרעסער אין אַנדערע ערטער, זיי זאָלן דאָס נאָכטון. משך אַפּריל און מאַי זענען פאָרגעקומען פאָגראָמען אין טירנוי, קאַשוי, שטולווייסנבורג, טעמעשוואַר און אין אייניקע אַנדערע שטעט; ס'איז געקומען צו דער רעזידענץ, פעשט אויך. דאָרט האָבן נאָך יידן הויך געהאַלטן דעם קאָפּ, זיי האָבן געדינט אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און האָבן זיך באַטייליקט אין באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד. דאָס איז געווען שוין נאָכדעם ווי פּרעסבורגער סיים האָט זיך פאַרמאַכט (דעם 11-טן אַפּריל), און די גאַנצע פירונג איז געווען ביי קאָשוט-באַטיאַני'ס רעגירונג אין די הענט. דעם 19 אַפּריל האָבן זיך אין פעשט אָנגעהויבן דעמאָנסטראַציעס קעגן יידן. אַ מחנה מאַדיאַרישע „פּאַטריאָטן" זענען זיך צונויפגעקומען צום מאַגיסטראַט און האָבן גענומען פאָדערן, מ'זאָל פאַרטרייבן פון פעשט יידן, וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט נאָכן יאָר 1840, און מ'זאָל אויסשליסן די יידישע יוגנט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. בעת דער המון האָט געשפאַרט אויפן מאַגיסטראַט, האָט איינער פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס האָט געהאַלטן די וואַך, אַ ייד, פאַרוואונדעט אין האַנט איינעם אַ דעמאָנסטראַנט. באַלד האָבן זיך געלאָזט הערן קולות: „יידן שלאָגן קריסטן!" דער המון האָט זיך צעשיט איבער די גאַסן, האָט זיך געוואָרפן אויף יידן פאַרבייגייער און געשלאָגן זיי, באַפאַלן יידישע הייזער, געראַבעוועט געשעפטן. די יידישע יוגנט האָט זיך געהאַלט באַוואָפנען אַקעגנשטעלן זיך קעגן דער באַנדע, אָבער די שרעקעדיקע פאָרשטייער פון דער יידישער קהלה האָבן נישט דערלאָזט אַזאַ „געפערלעכע" זאַך און האָבן זיך געווענדט נאָך הילף צום מיניסטער באַטיאַני. דער מיניסטער האָט זיי געראָטן נאָכגעבן דעם „פאָלקס" פאָדערונג, יידן זאָלן אַרויס פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. די דעפּוטאַטן האָבן צוגעשטימט; ערשט דעמאָלט האָט דער מיניסטער באַפוילן אַרויסשיקן מיליטער אָפּצושטעלן דעם פאָגראָם, וואָס אַגב איז ער צו יענער צייט איבערגעגאַנגען פון זיך אַליין. באַטיאַני האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַלשע פּראָקלאַמאַציע: הגם די רעגירונג טאָר נישט אָפּשאַפן קיין געזעץ, וואָס הייסט יעדן „פאָטערלאַנדס זון" דינען אין דער בירגערלעכער מיליציע, אָבער זי מוז „אַקעגנקומען יידישע פאָרשטייער", און דעריבער האָט זי גענומען באַפוילן „צו אַנטוואָפענען אויף אַ צייט יידן, וואָס די-

נען אין דער אונגאַרישער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע". יידן האָט מען פּאַריאָגט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע אין פּרעסבורג אויך.

אַזוי האָט מען געטריבן ביטערן שפּאַס פון דרייהונדערט טויזנט יידן אין לאַנד. באַפרייאונג האָט דאָ געהייסן: „אַלצדינג פאַר מאַדיאַרן, פאַר אַנדערע פעל־קער אין אונגאַרן גאָרנישט". אָנהויב יולי 1848 איז זיך אין פּעשט צונויפגעקו־מען דער נייער גרינדונגס־סיים; אַ ספּעציעלער יידישער קאָמיטעט אין פּעשט (אונ־טערן פּאָרזיץ פון האָללענדער) האָט אויסגעאַרבעט און דערלאַנגט דעם סיים אַ פּעטיציע פון „יידישע בירגער אין אונגאַרן". „אינם נאָמען פון אונגאַרישע יידן מאָנען מיר פון אייך, פאָרשטייער פונם לאַנד, גערעכטיקייט, פרייהייט און גלייכ־קייט. מיר מאָנען דאָס דערפאַר, וואָס מיר האָבן דערויף רעכט און קאָנען דאָס אָפן זאָגן פאַר גאָט און לייט. צי וואָלט דאָס דען נישט געהייסן שפּעטן פון גע־רעכטיקייט, פאַרקרומען דעם אידעאַל פרייהייט, לייקענען אין גלייכקייט, וואָס מ'האָט וועגן דעם אַזוי געדרעשט, נישט לאָזן דאָס אַלץ געניסן אַ טייל פאָלק, וואָס דעמס גאַנצע זינד איז, וואָס ס'איז שוואַך! פאָרשטייער פון פאָלק! זייטיקע און אייגענע שונאים לאָקערן אויף אונזער ליב פאָטערלאַנד. ס'איז אַ געפאַר פאַר דער פרייהייט פון דער אונגאַרישער נאַציע און פאַר איר עצם קיום. געפינען זיך איצט אונגאַרן, וואָס פאַרשאַפן אייגענע ברידער אַזוינס, וואָס זיי גופא זענען קוים ניצול געוואָרן דערפון, וואָס שטרייטן קעגן פיינט פון פרייהייט און זיי אַליין וואַרפן אומשולדיקע אין טורמע אַריין, — צי קאָנען אַזוינע אונגאַרן הייסן פּאַטריאָטן? געזעצגעבער! די בעסטע פּאָליטיק איז גערעכטיקייט! נאַציעס זענען נישט געבליבן, מלוכות זענען אומגעקומען באַר דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען צו זיין גערעכטיק. אונגאַרן, שטרעקט אונז אויס אַ ברידערלעכע האַנט! ס'איז אונזערע און אייערע אינטערעסן, אַז מיר זאָלן קאָנען אויסשטעלן אויף דיגען איינס דאָס אַנדערע און זיין פריינטלעך. מיר זענען געבוירענע קעמ־פער פאַר פרייהייט, אונזערע אבות זענען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט פאַר דער דאָ־זיקער זעלטענער גאַב. דאָס, וואָס אונזער טויזנט־יאָריקע געשיכטע דערציילט, האָבן מיר באַוויזן די לעצטע טעג אין געפאַר און אין אומרו. ס'ברענט אין אונז דער דאָרשט צו פרייהייט; קיין קלאַס קאָן אונז נישט איבערשטייגן אין ליבשאַפט צום פאָטערלאַנד. און מיר פאַרהאָפן, אַז איר וועט זיך אויך באַגיין מיט אונז מיט יושר, וואָס דאָס פאָדערט גלייכע רעכט פאַר אַלעמען, נישט קיין טובות, נישט קיין פּריווילעגיעס. מיט דער דאָזיקער גערעכטיקייט וועט איר געווינען. די ערלעכע זאַך, וואָס דאָס אונגאַרישע פאָלק קעמפט דערפאַר, וועט געווינען 400 טויזנט באַגייסטערטע, איבערגעגעבנסטע קעמפער"...

אָבער מאַדיאַרער פּאַטריאָטן האָבן זיך צו דער פּעטיציע נישט צוגעהערט. דער מיניסטער סעמערע האָט פּרינציפּיעל געהאַלטן פון עמאַנסיפּאַציע, אָבער איצט איז קיין צייט נישט; צו דער יידנפראַגע וועט מען קומען שפּעטער, ערשט ווען מ'וועט פאַרטיק ווערן מיט די גרינדלעכע מלוכה־פראַגן. פון ניין סעקציעס

אין סיים האָבן סך־הכּל דריי געשטימט פאַר עמאַנסיפּאַציע באַלד; זעקס סעקציעס האָבן געהאַלטן, אַז עמאַנסיפּאַציע דאַרף קומען בהדרגהוויי, אָבער בתּנאי פריער זאָלן יידן רעפאָרמירן זייער אינעווייניקסט לעבן.

דערווייל זענען פאַר אונגאַרן געקומען שווערע טעג. עסטרייך האָט ערנסט געשראָקן מיט אַ מיליטער־עקספּעדיציע פאַרן אָפענעם סעפּאַראַטיזם, און פון כאָרוואַטיע האָבן זיך אַ רוק געטון דעם באַן יעלאַטשיטש׳עס מחנות. דער אונ־גאַרישער סיים האָט פּראָקלאַמירט אונגאַרן׳ס גאָרע זעלבסטשטענדיקייט און האָט אָפּגעשאַפט די האַבסבורגישע דינאַסטיע. קאָשוט האָט זיך געשטעלט בראש דער דערווייליקער רעגירונג. דאָס לאַנד איז געוואָרן אַ קריגס־לאַגער. דעמאָלט האָט מען זיך דערמאָנט אין יידן—צו שלעפּן זיי אויף דער שחיטה. ביז ווילאַנג ד׳ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע איז געווען אַ שפּיל פאַר בירגער, האָט מען יידן געיאָגט פון דאָרט; אָבער ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט פון אַ מלחמה קעגן אויסערלעכן שונא, האָט מען די געיאָגטע גענומען שלעפּן אין דער אַרמיי, מ׳האָט זיי גע־לאָזט פאַרגיסן בלוט פאַרן פאָטערלאַנד. יידן, וואָס זענען גרינג מוחל, האָבן זיך אָפּגערופן אויפן פּאַטריאָטישן געשריי. טויזנטער פרייוויליקע האָבן זיך געשטעלט אין דער קאַמף־אַרמיי, אין רעזערוו, אין די גאַנוועדן. אין צוויי פרייוויליקע טיילן זענען געווען דער פּעשטער ראַבינער שוואַב און דער רעפאָרמאַטאָר—לעאָפּאָלד לעוו (§ 18). אין אייניקע ערטער האָבן זיך די סלאַוון (כאָרוואַטן און סערבן) אָפּגערעכנט מיט יידן פאַרוואָס זיי ציען צו מאַדיאַרן; אין דער שטאָט זענט איז ביי אַזאַ געלעגנהייט דערהרג׳עט געוואָרן דער ראַבינער אול־מאַן. יידישע קהלות האָבן זיך געלאָזט קאָסטן גרויסע סומעס אויף קריגס־צוועקן; אין אייניקע שטעט האָט מען צו דעם צוועק פאַרקויפט גילדענע און זילבערנע שול־חפצים. אָבער אינגיכן איז אַזאַ שטילער פּאַטריאָטיזם געוואָרן פונקט אַזוי געפערלעך, ווי באַטייליקן זיך אין שלאַכטן. ווינדישגרעץ, וואָס האָט געשטיקט דעם אויפשטאַנד, איז שוין אַריין מיט זיין מיליטער אין דער מיט אונגאַרן; ער האָט געשראָקן יידישע קהלות מיט גרויסע קאָנטריבוציעס, אויב זיי וועלן שטיצן די אונגאַרישע אַרמיי. אין פּעשט, ווי נאָר ער איז אַריין אַהין, האָט ער גע־שטראָפט די יידישע קהלה מיט אַ קאָנטריבוציע 40 טויזנט פלאָרין (פעברואַר 1849). נאָך גרויזאַמער האָט געהאַנדלט קאַט הייגוי, דער פירער פון דער שטראָף־עקספּעדיציע נאָך ווינדישגרעץ׳ן; דער גרויל פון זיינע מעשים ביים דערשטיקן אונגאַרן איז געבליבן איינגעקריצט אין דער געשיכטע; יידן האָט ער געהאַלטן פאַר שולדיק אין דעם אויפשטאַנד און האָט געשטראָפט פּעשטער און אָפע׳נער קהלות מיט אַ מיליאָן קאָנטריבוציע.

די ידיעות, אַז עסטרייכער זענען זיך נוקם אין יידן, פאַרוואָס זיי דינען געטריי דעם פאָטערלאַנד, האָט גערירט דאָס געוויסן ביי אונגאַרישע רעגירער און געזעצגעבער. דער גרינדונג־סיים איז יענע צייט אַריבער פון פּעשט קיין סעגעדין. דער מיניסטער־פּרעזידענט סעמערע, דער אייגענער, וואָס פאַראַיאָרן

האָט ער געהאַלטן עמאַנסיפּאַציע פאַר צו פרי, האָט זיך דעם 28 יולי דאָס יאָר 1849 געווענדט צום סיים מיט אַ פייערדיקער רעדע, אַז מ׳טאָר נישט אָפּלייגן: „אויב דאָס יידישע פאָלק איז אויך דאָרטן אויפן שלאַכט-פעלד; אויב דאָס פאַרגיסט בלוט פאַר אַ פאָטערלאַנד, וואָס האַלט זיי פאַר קיין בירגער נישט; אויב דאָס איז מקריב מיט פרייד זיין פאַרטעג און בלוט פאַר פרייהייט, וואָס עס קוקט ערשט אַרויס אויף איר, פאַר רעכט, וואָס עס האָט נאָך נישט,—איז מיין פליכט צו זאָגן, אַז גראָד איצט, ווען דער שונא דריקט און שטיקט דאָס דאָזיקע פאָלק ערגער פאַר אַנדערע, איז געקומען די צייט, וואָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג טאָר מער נישט ציען: זי דאַרף דעקלאַרירן דעם הייליקן פּרינציפּ, אַז יידן זענען בירגער און דאַרפן האָבן גלייכע רעכט און פליכטן מיט אַלע בירגער גלייך.״ דער סיים האָט איינשטימיק אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „יעדער איינוואוינער פון יידישן גלויבן, אַ געבוירענער אין אונגאַרן, אָדער אַזוינער, וואָס האָט זיך דאָ געזעצלעך באַזעצט, האָט דיזעלבע פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט, וואָס בירגער פון אַנדערע אמונות״. צו דער רעזאָלוציע איז נאָך געווען אַ צוגאָב, אַז דער אינערן-מיניסטער זאָל צונויפרופן אַ פאַרזאַמלונג פון גייסטלעכע און וועלטלעכע פאָרשטייער פון יידישע קהלות פעסטצושטעלן די פּרינציפּן פון יודאַאיזם און פון אַ געהעריקער רעפאָרם לויטן גייסט פון אונזער צייט. אין דעם צוגאָב שטעקט קאָשוט׳ס ווירקונג: ער האָט פון לאַנג אָן געהאַלטן אַ רעפאָרם פון דער יידישער אמונה פאַר אַ תנאי פאַר עמאַנסיפּאַציע.

דער אונגאַרישער סיים האָט אָבער פאַרשפּעטיקט מיט גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן. די חרטה פאַר דעם לאַנגאָניקן אומרעכט קעגן יידנטום איז געקומען די מאַדיאַרן ערב דעם אונטערגאַנג פון זייער אייגענער פרייהייט. אין צוויי וואָכן אַרום נאָך דער באַשריבענער סיים-זיצונג האָט די אונגאַרישע אַרמיי געהאַט די לעצטע מפּלה ביי ווילאַגאָש (דעם 13 אויגוסט). דעם נצחון האָט עסטרייך אַ סך צו פאַרדאַנקען דער רוסישער אַרמיי, וואָס ניקאָלאַי 1 האָט געהאַט געשיקט צו דערשטיקן די אונגאַרישע „בונטאַרעס״. דערמיט איז אין אונגאַרן געוואָרן אַ סוף סיי מיט דער נאַציאָנאַלער, סיי מיט דער פּאָליטישער פרייהייט. דעם הענקערס היינויס שטראָף-עקספּעדיציעס האָבן זיך געיאָגט איבערן לאַנד, געשאָסן מענטשן אין די טויזנטער, וויסט געמאַכט שטעט און דערפער, רואינירט מיט שווערע קאָנטריבוציעס. יידישע קהלות אין אונגאַרן, וואָס זענען אַזוי אויך רואינירט געוואָרן משך דער מלחמה, האָבן איצט געמוזט צאָלן שטראָף אַריבער 2 מיליאָן פלאָרין. פאַר פאַרשפּעטיקן דעם טערמין האָט מען געמאָנט אַ שווערן מעת-לעת-צינז אָדער מ׳פלעגט אַרעסטירן קהלשע פאָרשטייער. קייזער פראַנץ-יוסף האָט פאַרקלענערט די קאָנטריבוציע פון יידן ביז אַ מיליאָן; שפּעטער האָט ער געלאָזט פאַרנוצן די דאָזיקע סומע אויף אַ שול-פאָנד פאַר יידישע שולן מיט דער רעגירונגס השגחה.

## §39. רעאַקציע און בהדרג הדיקע עמאַנסיפּאַציע.

די אייראָפּעאישע רעאַקציע די 50ער יאָרן האָט נישט אויסגעמיטן עסטרייך אויך. נאָך נאַפּאָלעאָנס מלוכה־איבערקער אין פּאַריז, איז דאָס אייגענע געשען אין ווין אויך. דעם 31 דעצעמבער 1851 האָט קייזער פראַנץ־יוסף צוריקגענומען די געשענקטע קאָנסטיטוציע פונם 4 מערץ 1849, ווייל זי טויג נישט פאַר דער עסטרייכישער אימפּעריע, און האָט צוריק אויפגעשטעלט אַבסאָלוטיזם. כאָטש דערביי איז געזאָגט געווען, אַז די גלייכשטעלונג פון בירגער אָקעגן געזעץ בלייבט גילטיק, האָבן יידן דאָך דערשפּירט אַ געפאַר פאַר דער יונגער עמאַנסיפּאַציע. יידנפרעסער אין מאַגיסטראַטן האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, מ'זאָל ווידער פאַרשמעלערן דעם פרייעם פאַרקער פאַר יידן, וואָס האָבן געהאַט די העזה צו באַזעצן זיך אין די פריער־פאַרבאָטענע ערטער (אין ווין, אויסער דער געטאָ אין פּראָג און דעסגלייכן). די רעגירונג האָט גענומען רעווידירן די געזעצן וועגן יידן; און דער פועל־יוצא דערפון איז געווען אַ דעקרעט פונם 2 אָקטאָבער דאָס יאָר 1853 : יידן איז ווידער פאַרווערט געוואָרן צו פאַרווערבן גיטער אין די קרוין־לענדער. דעם קלאַפּ, וואָס מ'האָט דערלאַנגט יידן, האָט מען פאַרגרינגערט דערמיט, וואָס דער נייער דעקרעט זאָל גילטן אויף אַ צייט און זאָל זיך נישט אָנקערן צו אַזוינע, וואָס האָבן שוין פאַרווערבט גיטער די קורצע צייט עמאַנסיפּאַציע. אָבער די אַדמיניסטראַציע האָט אויסגעטייטשט דעם דעקרעט אַזוי, אַז מ'דאַרף ליקווידירן יידישע רעכט. מ'האָט ווידער גענומען פאַרשמעלערן דעם פרייעם פאַרקער. טיראָל, שטייער און אַנדערע אַלפּן־געגנדן זענען ווידער געוואָרן געשלאָסן פאַר יידן. אין ווין האָט אַ ייד געדאַרפט אויסבעטן ספּעציעל אַ דערלויב פונם קייזער צו קויפן אַ הויז. אַזאַ דערלויב האָט מען געקריגן ערשט נאָך אַ פּאָליצייאישער באַשטעטיקונג, אַז מ'איז פּאָליטיש כשר און מ'האָט פאַרדינסט'ן. (אגב, פּרייסישע יידן האָבן געמעגט פריי פאַרווערבן גיטער אין גאַנץ עסטרייך, לויטן צווישנפעלקערישן אָפּמאַך). יידישע רעכט זענען נאָך מער פאַרשמעלערט געוואָרן נאָכדעם, ווי ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער קאָנקאָרדאַט מיטן פּויפּסט (1855), און דער קלעריקאַליזם האָט זיך געשטאַרקט אין עסטרייך. אין אייניקע ערטער (אין גאַליציע) האָט מען ווידער אַרויסגעבראַכט דעם שטאָק־אַלטן פאַרבאָט, פאַר יידן צו האַלטן קריסטלעכע דינערשאַפט. מ'האָט ווידער אָנגעהויבן פאָדערן, אַז אַ ייד זאָל חתונה האָבן נישט אַנדערש, נאָר מיט אַ הסכם פון דער פּאָליציי. מ'האָט זיך ווידער דערמאָנט אין דער שענדלעכער „יידישער שבועה", וואָרום, אַזוי מיינט דער יוסטיץ־מיניסטער, „די מלוכה מוז פאָדערן ביי יידן אַ שטאַרקערע גאַראַנטיע פאַר אמת־זאָגן, איידער ביי קריסטן". יידן האָט מען גענומען אַרויסשטופּן פון דער אַדוואָקאַטור, פונם נאָטאַריאַט, פון לערערשאַפט אין אַלגעמיינע שולן. עסטרייכישע פירונג האָט מען אַריבערגעטראָגן קיין אונגאַרן אויך. דאָ

האָט די רעגירונג געשטרעבט צו גערמאַניזירן יידן, וואָס האָבן די רעוואָלוציאַ־נערע יאָרן באַוויזן צופיל מאַדיאַרישן פּאַטריאָטיזם. דעם מיליאָן קאָנטריבוציע־געלט האָט מען אויסגעגעבן אויף איינצופירן רעגירונג־שולן פאַר יידן מיט דייטש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך. וועגן פאַרווירקלעכן די גלייכבאַרעכטונג, וואָס דער אונגאַרישער רעוואָלוציאָנערער סיים האָט געגעבן יידן דאָס יאָר 1849, האָט איצט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

געבראָכן האָט די אינעווייניקסטע פּאָליטיק אין עסטרייך דאָס יאָר פון אירע קריג־מפּלות (1859). גרינדלעך צעקלאַפּט אין קריג קעגן איטאַליע, האָט עסטרייך אָנגעהויבן זוכן אַ רעטונג אין אינעווייניקסטע רעפאָרמעס. ס'האָט זיך געלאָזט פילן אַ נייער גייסט. פּאַמעלעך, פאַרזיכטיק, האָט זיך די עסטרייכישע רעגירונג גענומען אומקערן צום קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים, דערמיט צו יידישער עמאַנסיפּאַציע אויך. אויגוסט דאָס יאָר 1859, אין אַ חודש אַרום נאָך דער מפּלה פון דער עסטרייכישער אַרמיי ביי סאָלפערינאָ, האָט די רעגירונג געמעלדעט אין אַ מאַניפעסט, אַז אינגיכן וועט זי רעפאָרמירן די געזעצן וועגן יידן. פעברואַר 1860 איז אַרויס אַ געזעץ, אַז יידן מעגן פאַרווערבן בחלות אומעטום, חוץ אייניקע אויסנאַמען פאַר אַלפּן־געגנדן אין גאַליציע. מ'האָט אָפּגעשאַפט די באַגרעניצן, וואָס האָבן געשטערט יידן פריי צו פאַרקערן און באַשעפטיקן זיך מיט פּראָפעסיעס. ביסלעכווייז האָט זיך די געזעלשאַפטלעכע סביבה אויך אָפּגערייניקט פון דער שטיקענדיקער רעאַקציע. דער יידנהאַס האָט זיך אין עסטרייך גענומען פעלן די 60־ער יאָרן, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געזען אין דייטשלאַנד. מיט דער צייט איז קלאָר געוואָרן, אַז ס'פאָדערט זיך איין גרינדלעכע רעפאָרם, נישט קיין קליינלעכע רעפאָרמעס. געקומען דערצו איז מען ווידער פון מפּלות, וואָס עסטרייך האָט געהאַט דאָס יאָר 1866 אינם קריג קעגן פּרייסן. דאָס יאָר 1867 האָט עסטרייך פאַרענטפערט איר קאָנסטיטוציאָנעלע פּראַגע, טיילווייז די נאַציאָנאַלע פּראַגע אויך: ס'איז געוואָרן אַ דואַליסטישע מאָנאַרכיע עסטרייך־אונגאַרן און ס'איז איינגעפירט געוואָרן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים. לויט די נייע גרונד־געזעצן איז אין ביידע טיילן פעסטגעשטעלט געוואָרן בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטונג פאַר אַלע נאַציעס און אמונות.

אַ צוגאָב צו די גרונד־געזעצן איז אין עסטרייך געווען די „קאָנפעסיאָ־נעלע" געזעצן פונם יאָר 1868. ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער קאָנקאָרדאַט מיטן פּויפּסט. די שול איז פריי געוואָרן פון קלעריקאַלער אַפּוטרופּסות און ס'איז געוואָרן דאָרט מער יידן, שילער און לערער. ס'איז געוואָרן געזעצלעך די בירגערלעכע חתונה, ד. ה. געמישטע חתונות אויך. קריסטן און משומדים האָבן געמעגט ווערן יידן. פאָרמעל זענען פאַר יידן אָפן געווען אַלע מלוכה־אַמטן אויך, פּאַקטיש אָבער האָט מען זעלטן צוגעלאָזט אַ יידן צו'ן אַ פאַראַנטוואָרט־לעכן פּאָסטן. מיר זעען דאָ צו דאָס זעלבע, וואָס אין דייטשלאַנד יענע יאָרן:

פּעסט איז געווען דער פּ ר י נ צ י פּ גלייכבאַרעכטונג, אָבער אין דער פּראַקטיק איז אויסגעפירט געוואָרן נאָר בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג, נישט קיין פּאָליטישע. יידן זענען געוואָרן פריי אין פאַרקער און אין פּראָפעסיעס; יידן זענען געוואָרן שטאַרק אין דער אַדוואָקאַטור, מעדיצין, אין דער פּרעסע; מאַסן יידישע קינדער זענען אָנגעקומען אין מיטלשולן און אין הויכשולן. שווער איז אָבער צוגעגאַנגען יידישע פאַרטרעטונג אין דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג; מיט גרויס מי איז אויסגעקומען צו ברעכן דעם יידנהאַס ביי קריסטלעכע בירגער און נאַציאָנאַלע פאָראורטיילן (דערהויפּט אין גאַליציע). דאָס זעלבע אויך מיט פּאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטונג. יידן דעפּוטאַטן אין עסטרייכישן רייכסראַט און אין פּראָווינציעלע סיימען איז געווען זייער ווייניק. אַ מיליאָן יידן אין עסטרייך (אָן אונגאַרן) [1] האָט געהאַט סך־הכל צוויי דריי דעפּוטאַטן אין אימפּערישן פּאַרלאַמענט, אָבער די זענען אויך געווען פאָרשטייער פון פּאָליטישע לאַנדפּאַרטייען, נישט פון קיין יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. ס׳זענען נאָך געווען אַ פּאָר יידן באַשטימטע גלידער אין דער אויבערשטער קאַמער (די באַראָנען קעניגסוואַרטער און רויטשילד). דער טאַלענטירטסטער צווישן די יידן־דעפּוטאַטן, איגנאַץ קוראַנדא (1812—1884), האָט אָנגעהויבן זיין פּאָליטישע קאַריער אַלס פּובליציסט־ראַדיקאַל נאָך בעת מעטערניך׳ס רעאַקציע; אין לייפּציג האָט ער אַרויסגעגעבן אַן אָפּאָזיציאָנעל בלאַט „Grenzboten“. דאָס יאָר 1848 האָט ער זיך באַטייליקט אינם אַלגעמיין־דייטשן פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט, אַלס פאַרטרעטער פון ווין. פונם יאָר 1861 אָן איז ער געווען שטענדיק אַן אויסגעקליבענער אין נידער־עסטרייכישן לאַנדטאַג, און שפּעטער—אין רייכסראַט (פונם יאָר 1868 אָן). ער איז געווען אַן אָנגעזעענער דעפּוטאַט פון דער דייטשער ליבעראַלער פּאַרטיי וואָס האָט געהאַט אין איר פּראָגראַם אַ דואַליסטישע קאָנסטיטוציע (עסטרייך־אונגאַרן) און גערמאַניזירן די סלאַווישע פעלקער. יידן האָבן לויט דעמאָלטיקע באַגריפן פאַר קיין נאַציע נישט געהאַלטן, און קוראַנדא האָט געזען פאַר זיי איין אויסוועג: זיך פערשמעלצן גאָר און גאָר מיטן דייטשן פאָלק. אַזאַ אַסימיליאַטאָרישע פּראָגראַם האָט קוראַנדא געהאַט פאַר זיך אַלס פאָרזיצער פון ווינער יידישער קהלה אויך. פון דערזעלבער פּאָליטיק האָבן געהאַלטן יידן־דעפּוטאַטן אין די פּראָווינציעלע סיימען אויך (אין גאַליצישן סיים און אין בעהמישן): זייענען תמיד נאָכגעגאַנגען פרעמדע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען: דייטשן, טשעכן,

[1]) די צייט 1840—1880 האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין עסטרייך־אונגאַרן פאַרמערט אַריבער טאָפּלט: דאָס יאָר 1840 איז געווען 700.000 יידן (§ 15), דאָס יאָר 1869 איז שוין געווען 1.373 000; דאָס יאָר 1880—1.643.000. אין איינצלנע לענדער איז די צאָל געוואַקסן אַזוי (לויט די ציילונגען די יאָרן 1869 און 1880): אין גאַליציע און אין בוקאָווינע איז דאָס יאָר 1869 געווען 622 טויזנט; דאָס יאָר 1880—753 טויזנט יידן. אין אונגאַרן איז דיזעלבע יאָרן געווען 552 און 638 טויזנט. אין בעהמען און אין מעהרען 139 — און 147 טויזנט. אין נידער־עסטרייך (ווין) און אין די אַלפּן־געגנטן—60 און 105 טויזנט.

פּאָליאַקן; פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק האָבן זיי זיך אַפילו נישט דערוועגט צו קלערן.

אין דעם לעצט=נאַציאָנאַלן לאַנד אונגאַרן איז מיט דעם נייעם רעזשים פעסטגעשטעלט געוואָרן דער פּרינציפּ עמאַנסיפּאַציע בתנאי, יידן זאָלן זיך לחלוטין אָפּזאָגן פון זייער נאַציאָנאַלער אייגנאַרט און זאָלן זיך פאַרשמעלצן מיט מאַדיאַרן; אויף דעם אָפיציעלן נוסח האָט דאָס געהייסן: „אַ רעפאָרם פון יודאַאיזם". דער דאָזיקער פּרינציפּ איז שוין געווען פעסטגעשטעלט אין עמאַנסיפּיר=אַקט דאָס יאָר 1849, און דאָס האָט אַ סך פאַרגרינגערט די אַרבעט פון די עמאַנסיפּאַטאָרס איצט אין אויטאָנאָמען אונגאַרן דאָס יאָר 1867. ווען פראַנץ דעאַק, דער באַשעפער פון דער אונגאַרישער קאָנסטיטוציע, האָט זיך שטאַרק געשטעלט אין סיים פאַר דער יידישער גלייכבאַרעכטונג, איז דער טעם געווען: מ'דאַרף, אַז יידן זאָלן זיין צוגעבונדן צו מאַדיאַרן, זיי זאָלן נישט ציען צו עסטרייך, וואָס דאָרטן האָבן זיי שוין גלייכבאַרעכטונג. ביידע סיים=קאַמערן האָבן אָנגענומען דעאַק'ס פּראָיעקט און האָבן איינגעשלאָסן דעם פּונקט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטונג אין אונגאַרישע גרונד=געזעצן. קיין שום תנאי איז פאָרמעל דערביי נישט געשטעלט געוואָרן, אָבער שטילערהייט האָט מען דאָ אין זינען געהאַט דעם צוגאָב צו דעם פּונקט פון יאָר 1849 וועגן רעפאָרמירן יודאַאיזם. דער קולט=מיניסטער עטוועש, וואָס האָט געהאַלטן פון עמאַנסיפּאַציע מיט אַ תנאי, האָט ביי זיך באַשלאָסן אויספירן די דאָזיקע רעפאָרם ביי דער ערשטער גוטער געלעגנהייט. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט באַלד ביים פאַרעפנטלעכן די קאָנסטיטוציע, ווען די רעגירונג האָט גענומען רעאָרגאַניזירן די רעליגיעזע אַנשטאַלטן און שולן אין לאַנד. פעברואַר 1868 האָט עטוועש באַפוילן די פאָרשטייער פון די יידישע קהלות צונויפרופן אַ „קאָנגרעס" צו באַהאַנדלען די אינעווייניקסטע רעפאָרם ביי יידן. אַזאַ אַקציע פון דער אונגאַרישער רעגירונג האָט פאַרשאַרפט דעם לאַנגאָניקן קולטור=שטרייט אין די קהלות און האָט געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג.

## § 40. דער קולטור=שטרייט.

דער שטרייט צווישן רעפאָרמיסטן און אָרטאָדאָקסן, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין אונגאַרן די 40=ער יאָרן (§ 18), האָט נישט אויפגעהערט שפּעטער אויך. איצט איז דער רעליגיעזער שטרייט נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן מחמת פּאָליטישע סתירות און דער שנאה צווישן אַסימילאַטאָרן און קאָנסערוואַטיווע. פון איין זייט די אַלטפרענקישע אָרטאָדאָקסיע, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין פּראָגרעס; פון דער אַנדערער זייט די פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך אַ וואָרף געטון מיטן גאַנצן אימפּעט צו מאַדיאַריזאַציע; קיין מיטלשניט,

ווי אַ שטייגער די ניי־אָרטאָדאָקסיע אין דייטשלאַנד, איז דאָ נישט געווען. פאַנאַטיקער פונם חת״ם סופר׳ס שניט און אַסימילאַטאָרן פון לעאָפאָלד לעוו׳ס פאַרטיי האָבן נישט געקאָנט דורכקומען אין קיין פונקט כּלל־אַרבעט. דערפון נעמט זיך די שאַרפקייט פונם שטרייט און די פאַרביטערטקייט פון די שטרייטער. די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע זייט האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם פאַרטיי־האַס. די רעפאָרמיסטן האָבן נאָכגעגעבן דער רעגירונגס באַליידיקנדיקער פאָדערונג, אַז יידן זאָלן זיך אַליין „אויסלייטישן״, זיי זאָלן פאַרדינען גלייכבאַרעכטונג. באַלד ווי ס׳האָט זיך געעפנט דער גרינדונג־סיים דאָס יאָר 1849, וואָס האָט מיט זיין פאַרשפּעטיקטער אָפּשטימונג געשטעלט די דאָזיקע פאָדערונג, האָט די יידישע אינטעליגענץ געגרינדעט אין פּעשט אַ „צענטראַלן רעפאָרם־פאַראיין פון אונגאַרישע יידן״ צוצוגרייטן די מאַסן צו דער רעפאָרם. היות ווי די פאַראיין־גלידער האָבן געהאַלטן פון דער אונגאַרישער רעוואָלוציע, האָט די רעגירונג די רעאַקציע־צייט פאַרמאַכט דעם פאַראיין און איר רעפאָרמירטן טעמפּל (1852). דערביי האָט געליטן דער טעמפּל־פּריידיקער, דער געוויסער רעפאָרמיסט־ראַדיקאַל דוד איינהאָרן, וואָס איז דאָס יאָר 1851 אַנטלאָפן פון רעאַקציאָנערן מעקלענבורג קיין פּעשט און איז דאָ נאָך ערגער אַריינגעפאַלן (§ 35). אונגאַרער אָרטאָדאָקסן, וואָס קיין גרויסע איבערקלייבער אין מיטלען זענען זיי נישט געווען, האָבן דערלאַנגט דער עסטרייכישער רעגירונג, אַז איינהאָרן איז אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער. די אַדמיניסטראַציע האָט אים פאַרמאַכט דאָס מויל, דעם מענטשן, וואָס האָט נעטרוימט פון אַ רעוואָלוציע אין יידנטום, אָבער נישט אין פּאָליטיק. (זיין רעפאָרמאַטישע מיסיע האָט איינהאָרן אויסגעפירט שפּעטער אין אַמעריקע, אַהין איז ער אַוועק דאָס יאָר 1855). די 60־ער יאָרן האָט זיך די רעאַקציע געשטילט, די באַפריי־באַוועגונג האָט זיך ווידער באַנייט, און אונגאַרישע רעפאָרמיסטן האָבן ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט מאַדיאַרישע פּאַטריאָטן פון קאָשוט׳ס, דעאַק׳ס און עטוועש׳ס פאַרטיי, האָבן זיי אויף זייער שטייגער מיטגעהאָלפן דעם נצחון פון דער עמאַנסיפּאַציע (דאָס יאָר 1867), אָבער זיי האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט אויסצופירן די אינעווייניקסטע רעליגיעזע רעפאָרם מיט דער רעגירונגס הילף. זיי, די רעפאָרמיסטן, געהער די אידעע פון קהלה־קאָנגרעס, וואָס דער קולטן־מיניסטער עטוועש האָט דאָס יאָר 1868 איבערגעגעבן יידישע כּלל־טוער צונויפצורופן.

אַ שטאַרקע פאַרטיי־אַגיטאַציע האָט זיך געפירט אין לאַנד בעת די הכנות צום קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט איבערבויען דאָס גאָרע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע לעבן ביי אונגאַרישע יידן. די אָרטאָדאָקסן האָבן געוואוסט, אַז די רעגירונג איז אויף די רעפאָרמאַטאָרס צד, און האָבן געמאַכט אַליאַרם. דער פּעשטער רב ר׳ בנימין (דעם חת״ם סופרס אַ זון) און אַנדערע זיילן פון דער אָרטאָדאָקסיע האָבן געמאַכט אַ פאַרבאַנד „שומרי הדת״ נישט צו דערלאָזן קיין שום רעפאָרמעס אין אמונה־זאַכן און אין דער שול־פראַגע. דער פאַרבאַנד האָט

דורכגעפירט ביי די וואַלן אַ היבשע צאָל גלידער פאַר דעלעגאַטן, אָבער די מערהייט האָבן דאָך געהאַט די פּראָגרעסיסטן. דעם 14טן דעצעמבער 1868 האָט זיך אין פּעשט געעפנט דער קאָנגרעס מיט 220 דעלעגאַטן. דער מיניסטער עטוועש האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג מיט אַ רעדע, אַז די רעגירונג האַלט פון אויטאָנאָמיע פאַר יידישע „רעליגיעזע געזעלשאַפטן", נאָר בתנאי, אַז אַ געוויסע פאָרם זעלבסטפאַרוואַלטונג זאָל זיין פאַר אַלע קהלות גלייך, וואָס די רעגירונג זאָל איר קאָנען גרינג קאָנטראָלירן. וועגן דעם טיפּ זעלבסטפאַרוואַלטונג האָבן זיך צווישן די גלידער פון קאָנגרעס געוויזן צוויי מיינונגען: איין צד האָט געוואָלט האָבן צענטראַליזאַציע אויפן שטייגער פון דער פראַנצויזישער קאָנסיסטאָר-סיסטעם; דער אנדערער צד איז באַשטאַנען אויף אַ קאָנגרעגאַציע-סיסטעם, ד. ה. יעדע קהלה, יעדע שול אַפילו, זאָל נישט זיין געבונדן פון קיין צענטראַל-אָרגאַן. אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן מורא געהאַט, אַז די קאָנסיסטאָריעס זאָלן נישט איינפירן רעפאָרמעס מיט גוואַלד, האָבן געהאַלטן מיט דער צווייטער מיינונג; אָבער דערצו זענען צוגעשטאַנען אַ סך פּראָגרעסיסטן אויך, וואָס האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין אָפיציעלע „קירך" אין יידנטום. די צענטראַליסטן (לעוו'ס פּאַרטיי) האָבן מורא געהאַט גאָר צו שטעלן די דאָזיקע הויפּט-פראַגע צו באַהאַנדלען, וואָרום די דעבאַטן אַליין וועגן אַזאַ פראַגע וואָלטן „אויפגעריסן" דעם קאָנגרעס. מ'האָט דעריבער באַהאַנדלט די פראַגע ווי אַזוי צו רעאָרגאַניזירן די קהלה-פירונג לויט דער אַלטער סיסטעם דעצענטראַליזאַציע מיט פּעריאָדישע קהלה-קאָנגרעסן. מ'האָט דעבאַטירט וועגן דער אינעווייניקסטער קהלה-פירונג, וועגן קלייבן רבנים און וועגן די פונקציעס פון רבנים, וועגן קולטור- און צדקה-אַנשטאַלטן און וועגן דעם „שול-פאָנד" אַ ירושה פון הייגוי'ס צייטן. צו קיין הסכם וועגן אַלע פראַגן איז צווישן אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן נאַטירלעך נישט געקומען. אָרטאָדאָקסן זענען באַשטאַנען, אַז די קהלה זאָל האָבן איר אויטאָנאָמיע לויטן שולחן-ערוך: רבנים און פּרנסים זאָלן האָבן צו זאָגן נישט בלויז אויף אמונה-זאַכן, נאָר ס'זאָלן זיין אַ בית-דין אויך. אַ קעגן, די רעפאָרמיסטן האָבן געוואָלט האָבן, אַז די קהלה פאַרנעמט זיך בלויז מיט אמונה-זאַכן, דאָס איבריקע געהערט צו דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אָדער צו דער מלוכה. גאָר היציקע וכוחים זענען געווען וועגן גרינדן אַ סעמינאַר אויף צו גרייטן ראַבינער מיט אייראָפּעאישער בילדונג ביי די אָרטאָדאָקסן אין די אויגן איז דאָס געווען אַ פאַבריק צו פּראָדוצירן אפּיקורסים און מדיחים. גובר געווען האָבן די רעפאָרמיסטן מיט זייער רוב שטימען.

פאַרמאַכט דעם קאָנגרעס, וואָס האָט געאַרבעט אַריבער צוויי חדשים (ביז 24 פעברואַר 1869), האָט עטוועש צוגעזאָגט דערלאַנגען זיינע רעזאָלוציעס דעם קעניג און דעם פּאַרלאַמענט. ער האָט זיך אָבער נישט דערוואַרט קיין הסכם פונם סיים און האָט צעשיקט אַ צירקוליאַר, אַז די רעזאָלוציעס פונם קאָנגרעס

זענען אַ מוז פאַר אַלע יידישע קהלות מיט מלוכה־געזעצן גלייך. די אָרטאָדאָקסן האָבן גענומען שאַרף פּראָטעסטירן. דער פאַרבאַנד „שומרי הדת" האָט אָנגעהויבן קלייבן פּעטיציעס, און אָנהויב יאָר 1870 איז אין אונגאַרישן סיים אָנגעקומען אַריבער 300 פּעטיציעס. דאָ איז געזאָגט געווען, אַז די קאָנגרעס־רעזאָלוציעס זענען קעגן די יסודות פון דער יידישער אמונה, אַז דער גרעסטער פרומער רוב אונגאַרישע יידן קאָן זיי נישט סובל זיין, און מ'טאָר זיי נישט אָנוואַרפן יידישע קהלות, ווארום דאָס וואָלט געווען קעגן געוויסן־פרייהייט. דער סיים האָט קעגן דעם מיניסטערס מיינונג אָנגענומען, אַז די רעזאָלוציעס זענען נישט קיין מוז פאַר קיינעם (מערץ 1870), און עטוועש האָט געמוזט אָפּרופן זיין צירקוליאַר. אויפגעמונטערט פון אַזאַ נצחון, האָבן די אָרטאָדאָקסן צונויפגערופן אַ דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג פון זייער פאַרטיי און האָבן אויסגעאַרבעט פאַר זייערע קהלות ספּעציעל אַן „אָרגאַניזיר־סטאַטוט", נישט ווי דער סטאַטוט, וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען. די רעגירונג האָט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן אָרטאָדאָקסישן סטאַטוט (1871). בכן איז אין אונגאַרן געזעצלעך געוואָרן צוויי באַזונדערע קהלה־אָרגאַניזאַציעס: אַן אָרטאָדאָקסישע און אַ רעפאָרמיסטישע (אָדער אַ נעאָלאָגישע, ווי מ'פלעגט רופן די רעפאָרמיסטן). יעדע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געהאַט איר צענטראַל־אָרגאַן: די רעפאָרמיסטישע קהלות האָבן געגרינדעט אַ „לאַנד־קאַנצעלאַריע"; די אָרטאָדאָקסישע האָבן געמאַכט אַן „אויספיר־קאָמיסיע". דאָס יאָר 1877 האָבן די נעאָלאָגן (רעפאָרמיסטן) געגרינדעט זייער אַ ראַבינער־סעמינאַר אין בודאַפּעשט, אַ „נעסט פון אַפּיקורסים" ביי די אָרטאָדאָקסן אין די אויגן. די שפּאַלטונג איז געווען דער איינציקער אויסוועג פאַר די צוויי פאַרטייען, וואָס איינע האָט געוואָלט צופּאַסן יודאַאיזם צו מאַדיאַרישער קולטור און די אַנדערע איז געבליבן פאַרגליווערט ביי די מיטלאַלטערישע השגות, האָט געהאַלטן, אַז יידישקייט טאָר מען נישט אָנרירן, ד. ה. זיי האָבן געוואָלט פאַראייביקן בלויז איין באַשטימטע תקופה יידישע קולטור. אַסימיליאַציע אויף איין זייט און כינעזישע אָפּגעשטאַנענקייט אויף דער אַנדערער זייט האָבן שטאַרק פאַרהאַלטן דעם נאַציאָנאַל־קולטורעלן וואוקס ביי אונגאַרישע יידן.

אין אונגאַרן האָבן זיך די נאָוואַטאָרס געטראָפן מיט אַן אָרגאַניזירטער קראַפט פון קאָנסערוואַטיווער רבנות־יידישקייט (חסידים איז דאָרט געווען ווייניק), און אין גאַליציע איז דער שטער געווען דאָס פאַרשלאָפענע, פאַרדבקה'טע חסידות. די 40־ער יאָרן איז צו די אַלטע רבי'שע דינאַסטיעס אין גאַליציע און אין בוקאָווינע צוגעקומען אַ נייע: דאָס איז די סאַדאַגורער, די דינאַסטיע פון ר' ישראל'ציע רוזשינער, וואָס איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד (§ 26) און באַזעצט זיך אין סאַדאַגורע (בוקאָווינע). אינגיכען האָט זיך די סאַדאַגורער דינאַסטיע שטאַרק פאַרשפּרייט, אָנגעצויגן אַ סך חסידים צווישן גאַליצישע יידן און געוואָרן אַ לעבעדיקער שליוז קעגן דער בילדונגס־כוואַליע. דאָס ערשטע מאָל האָבן זיך גאַליצישע פּראָגרעסיסטן געפּרוווט אָרגאַניזירן אונטער דער פירונג פון אברהם

כּהן, אַ פּריידיקער — אַ רעפֿאָרמיסט אין לעמבערג, אָבער דאָס האָט געהאַט אַ שלעכטן סוף. חסידישע פֿאַנאַטיקער, וואָס האָבן פֿונם רעוואָלוציאָנערן יאָר פֿאַרשטאַנען זיך אָפּצולערנען בלויז איין זאַך—טעראָר—, האָבן אָפּגעסם׳ט כּהן׳ען (16 סעפּטעמבער 1848) און אַזוי אַרום אומגעבראַכט אַ יונג לעבן (§ 18). די רעפֿאָרמאַציע איז פֿון דעמאָלט אָן אויף לאַנג שטיל געוואָרן אין גאַליציע. ערשט נאָך דער עמאַנסיפּאַציע דאָס יאָר 1867 האָט זיך די שוואַכע פּראָגרעסיווע מינדערהייט געגעבן אַ ריר אין אַזוינע צענטערן ווי קראָקע און לעמבערג. דאָס יאָר 1869 איז געוואָרן אַ פֿאַרבאַנד „שומר ישראל" צו פֿאַראייניקן אַלע פּראָגרעסיסטן, וואָס האַלטן פֿון אַסימילאַציע מיט דייטשן; זייער אָרגאַן איז געוואָרן „דער איזראַעליט", אַ צוויי־וואָכעדיקער זשורנאַל אין לעמבערג. אַקעגן דעם דאָזיקן „אַפּיקורסישן" פֿאַרבאַנד האָבן די אָרטאָדאָקסן, מיטן קראָקעווער רב ר' שמעון שרייבער אויבן־אָן (דעם חת"ם סופֿר׳ס צווייטער זון), געמאַכט אַ פֿאַרבאַנד „מחזיקי הדת", אַ געזעלשאַפֿט קריגערישע קלעריקאַלן און פֿאַנאַטיקער. דאָ איז נאָך געווען אַ דריטע גרופּע — אַסימילאַטאָרן משה־רבינו׳ס „פּאָליאַקן"; שפּעטער (די 80־ער יאָרן) האָבן זיי אַרויסגעשטופּט די אַלטע גערמאַנאָפֿילן. בכן זעען מיר, אַז אין גאַליציע קומט פֿאָר אַ שטרייט צווישן דער אַסימילאַציע (מיט דייטשן אָדער פּאָליאַקן) און דעם פֿאַרגליווערטן ר ע ל י ג י ע ז ן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט נישט געוואָלט און נישט געקאָנט זיך צופּאַסן צו די נייע פּאָליטישע און קולטורעלע אומשטאַנדן. קיין מאָדערנע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע באַוועגונג איז נאָך נישט געווען. מ׳איז נאָך געווען פֿעסט זיכער, אַז אַלצדינג, וואָס איז יידיש־נאַציאָנאַל, קאָן נישט זיין פּראָגרעסיוו, און אַלץ, וואָס איז פּראָגרעסיוו, קאָן נישט זיין נאַציאָנאַל.

שטיל, אָן שטרייטערייען, איז צוגעגאַנגען דער פּראָצעס אַסימילאַציע אין ב ע ה מ ע ן און אין מ ע ה ר ע ן — די געוועזענע נעסטן פֿון תּורה און ברייטער קהלה־אויטאָנאָמיע. די באַפֿרייטע תּפֿוסים האָבן זיך אָפּגעטרייסלט נישט בלויז פֿון דער לייד פֿון דעם געטאָ, נאָר פֿון דער פֿרייד אויך. נאָכדעם ווי ס׳זענען אָפּגעשאַפֿט געוואָרן די פּרעה־געזעצן, האָט זיך די יידישע באַפֿעלקערונג אין בעהמען און אין מעהרען תּחלת פֿאַרמערט (פֿון 108 טויזנט דאָס יאָר 1848 ביז 133 טויזנט דאָס יאָר 1869); שפּעטער איז זי שוין מער נישט געוואַקסן (דאָס יאָר 1880 איז סך־הכּל געווען 138 טויזנט יידן). דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס יידן האָבן שטאַרק עמיגרירט פֿון די דאָזיקע פּראָווינצן קיין ו ו י ן, וואָס האָט זיך געעפֿענט פֿאַר יידן נאָך דער עמאַנסיפּאַציע. ווין האָט אויסגעזאַפּט די לעבעדיקסטע קרעפֿטן ביי דער פּראָווינץ. דאָס יאָר 1848 איז אין ווין געווען נישט מער פֿאַר 5 טויזנט יידן, דאָס יאָר 1860 איז שוין געווען 40 טויזנט און דאָס יאָר 1880—73 טויזנט. אין דער דייטשער קולטור־סביבה אין ווין איז דער נאַציאָנאַל־יידישער טיפּ נישט געבליבן, ס׳זענען אָפּגעווישט געוואָרן די סימנים פֿון אייגענע שטייגערס, וואָס מיט זיי האָט מען דערקענט דעם גאַליצישן, דעם

אונגאַרישן, דעם בעהמישן יידן. די סטיכישע אַסימילאַציע איז שטאַרקער געוואָרן פאַר דער אידייאישער. קודם־כל האָט אַסימילירט די שול, די העכערע און די מיטעלע, וואָס די יידישע יוגנט האָט זיך אַהין האַסטיק אַ לאָז געטון. ס'האָט גענומען שנעל וואַקסן אין ווין די צאָל געמישטע חתונות, דער שמד אויך. דער רעפאָרמיזם האָט אָנגעוואָרן זיין געוועזענעם רייץ. די מעסיקע ווינער רעליגיעזע רעפאָרם, ווי מיר קענען זי פון אַ תקופה פריער, איז גאָר געבליבן שטיין נאָך דער עמאַנסיפּאַציע. דער שטרייט צווישן נאָוואַטאָרן און אָרטאָדאָקסן איז דאָ גאָרנישט געווען דער קולטור־קאַמף, וואָס מיר קענען אים אין אונגאַרן און אין גאַליציע. די פּאַרטיי־שפּאַלטונג איז דאָ געגאַנגען לויט די שולן. אַראָלף יעליניק (דעם פריערדערמאַנטן רעוואָלוציאָנערס ברודער) און מאָריץ גידעמאַן, ווינער ראַבינער און פּריידיקער נאָך מאַנהיימערן, זענען געגאַנגען אין יענעמס וועג, געהאַלטן וואָג צווישן לעצט־רעפאָרמיזם און לעצט־אָרטאָדאָקסיע. ווינער קהלה, וואָס זי איז דאָס ערשטע מאָל אָפיציעל אָנערקענט געווען אויף דער דערמאָנטער אוידיענץ ביי פראַנץ־יוסף'ן דאָס יאָר 1849 (§ 37), האָט געהאַט אַ היפּשע אויטאָנאָמיע (לויטן סטאַטוט דאָס יאָר 1852), געוויינטלעך נאָר אין רעליגיעזע ענינים.

## § 41. ליטעראַטור.

דעם שטרייט צווישן דער נייער און אַלטער קולטור זעען מיר אויך צו אין אַן אייגנאַרטיקער פאָרם אין דער העברעאישער ליטעראַטור, וואָס האָט אויפגעלעבט אין עסטרייך אַ תקופה פריער (§ 19). די וויסנשאַפטלעכע קריטיק, וואָס ב. קראָכמאַל, ראַפּאָפּאָרט און אַנדערע האָבן פּאָרזיכטיק אָנגעווענדט צו דער געשיכטע פון יודאַאיזם, האָט שוין נישט געקאָנט צופרידנשטעלן די יונגע, וואָס האָבן געדענקט ראַדיקאַלער. די יונגע ליטעראַטור, וואָס אונגאַרישע און גאַליצישע אָרטאָדאָקסן האָבן זי געלייגט אין חרם אַריין, האָט זיך געלאָזט שטורמען די אַלטע פעסטונג יידישקייט, צעשטערט נישט בלויז דאָס אָפּגעלעבטע, נאָר פאַר איין וועג אַ סך לעבנספעאיקעס אויך. אַ געצייג איז דאָ געווען די „חכמת ישראל" אויף דעם נייעם השכלה־העברעאיש. אין גאַליציע האָט זיך דער קריטיציזם געבויט אַ נעסט אין די יאָרביכער „החלוץ", וואָס זענען אַרויס פון יאָר 1852 ביז 1880 מיט געוויסע הפסקות. דער רעדאַקטאָר, אַ בראָדער משכיל אַ גמרא־קאָפּ, יהושע העשל שאָר האָט זיך אונטערגעאַרטלט אויף אַ שטרייט מיט רבנות און גמרא־יידישקייט. דאָס איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער אויפשטאַנד פון אַ מאַן, וואָס איז אַמאָל געווען געפּענטעט ביים אַלטן פּלפּול און איצט ברעכט ער די קייטן. שאָרס און זיינע מיטאַרבעטערס קריטיק האָט נישט

געוואָלט וויסן פון קיין גרענעץ: זי האָט געגראָבן ביז אין די טיפסטע וואָרצלען פון תורה שבעל פה, האָט געהאַקט נישט בלויז די צווייגן, נאָר דעם שטאַם פון דער תּלמודישע־ טראַדיציע אויך. דאָ איז געווען אַ סך מער פּאָלעמישע היץ, איידער היסטאָרישער אַנאַליז. קעגן דער גמרא־יי ישקייט האָט מען דאָ געקעמפט אַזוי ווי קעגן אַ לעבעדיקן שונא; וואָרום חסידות אין גאַליציע איז באמת געווען דער פאַרביסנסטער פיינט, וואָס האָט געשטיקט יעדן פרייעם געדאַנק. דעם „החלוץ'ס" אָנפאַלערישע קריטיק האָט נישט קיין גרויסן וויסנשאַפטלעכן ווערט, וואָ־ום איר פעלט די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, זי האָט אַ פּובליציסטישן ווערט, דאָס איז אַ שטרייט פאַר אינטעלעקטועלער און רעליגיעזער עמאַנסיפּאַציע. פּראַקטיש קומט די דאָזיקע קריטיק צו דעם רעפאָרמיזם פון גייגער־גאָלדהיימס שניט, אָבער איר הויפּטצוועק איז פאַרפעסטיקן פרייגייסט, נישט די פּראַקטישע רעפאָרם פון דער רעליגיעזער יידישקייט. איינער פון די הויפּטמיטאַרבעטער פון שאָרס יאָרביכער, אברהם קראָכמאַל (1824—1895), איז אויפן קריטישן וועג אַוועק אַ סך ווייטער פאַר זיין באַרימטן פאָטער, דעם מחבר פון „מורה נבוכי הזמן". אַ ספּינאָזיסט און אַ קאַנטיאַנער, האָט קראָכמאַל דער זון געהאַלטן אין יידישקייט נאָר פון דער גרונד־אידעע — פון דעם עטישן מאָנאָטעאיזם. די דאָגמאַטיק און דאָס פּראַקטישע יידישקייט זענען לויט זיין מיינונג נאָך, נישט מער ווי די שאָלעכץ פאַר דער אידעע, און זיי זאָלן נישט בלייבן, ווי ווייט דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער פאַרשטאַנד וועט זיך אויפקלערן; „קריטיש־דענקענדיקע" מענטשן מעגן זיך שוין פון זיי אויסטון. די פילאָזאָפיע פון דער יידישער געשיכטע דריקט קראָכמאַל אויס אַזוי: „די ירידה פון דער נאַציע (מלוכהשקייט) איז אַ עליה פאַר דער רעליגיע". ערשט ווען יידן האָבן אָנגעוואוירן די מלוכה און דאָס לאַנד, האָט זיך געקאָנט פריי אַנטפלעקן דער גייסטיקער תּוך פון יידישקייט. דער גאַנצער זכות הקיום פונם יידישן פאָלק איז, וואָס דאָס פירט אויס אַ געוויסע שליחות — אויסצוהאַלטן דעם עטישן מאָנאָטעאיזם אין דער וועלט. א. קראָכמאַל פאַרמאָגט נישט די טיפקייט פון זיין פאָטער, און אין זיינע ווערק („דעת אלהים בארץ" „ירידת האומה" און אַנד.) איז ער נאָנט צו גייגערן, צו דעם פאַראיינפאַכטן ראַציאָנאַליסטישן קוק אויף יודאאיזם און יידישע געשיכטע.

אנשטאָט דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישן ראַציאָנאַליזם, וואָס בשעתו איז דאָס געווען די השפעה פונם קאַמף, וואָס רעפאָרמיסטן האָבן געפירט קעגן אָרטאָדאָקסן, האָט סוף כל סוף געמוזט קומען דער וויסענשאַפטלעך־עוואָלוציאָניסטישער קוק אויף דער יידישער געשיכטע געבויט אויף אָביעקטיווער פאָרשונג. אין דייטשלאַנד זענען דערצו געקומען פראַנקעל און גרעץ, אין עסטרייך — א י י ז י ק ה י ר ש ו י י ס (1815—1905). ווייס האָט געלערנט אין ישיבות אין מעהרן און אין אונגאַרן, פונם יאָר 1864 אָן איז ער געווען לערער פון תּלמוד אין ווינער ראַבינער־סעמינאַר („בית־המדרש"), ער האָט גרינדלעך געפאָרשט די

תּלמודישע און רבנישע ליטעראַטור לשמה, נישט מיט קיין שום פּאָלעמישן מיין. זיין „דור דור ודורשיו" אָדער „די געשיכטע פון דער יידישער טראַדיציע" (1871—1891) אין 5 בענד — דאָס איז אַ פּרוב צו אַנאַליזירן דעם גאַנצן מאַטעריאַל פון תּורה שבעל פּה פון עזרא הסופר ביזן סוף גלענצענדע תּקופה פון דער רבנישער ליטעראַטור אין שפּאַניע. ווייס גייט מיט דעם גאַנג, אַז תּורה שבעל פּה איז פון די עלטסטע צייטן אָן אַ צווילינג צו תּורה שבכתב, הונדערטער־יאָרלאַנג איז תּורה שבעל פּה אויסגעוואַקסן פון פאָלקס־באַדערפנישן, ביז דאָס איז סוף כּל סוף אַליין אויך געוואָרן הייליקע ספרים. ווייס איז ווייט סיי פון גאָר מבטל מאַכן די תּלמודיש־רבנישע טראַדיציע, סיי פון מאַכן זי פאַר דעם העכסטן אויטאָריטעט. ווייס אַנאַליזירט אויספירלעך דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער טראַדיציע, אירע מעטאָדעס, און באַווייזט אירע אינעווייניקסטע געבונדנקייט, וואָס צייטנווייז פלעגט זי פאַראייביקן דאָס פאָלק, צייטנווייז שמידן דעם פאָלקס גייסט. ער האַלט שטאַרק פון תּלמוד און פון רבנישער ליטעראַטור, ווי ווייט זיי האָבן געענטפערט אויף לעבעדיקע פאָלקס־באַדערפענישן געוויסע צייטן, ער איז אָבער שאַרף קעגן זיי, ווי ווייט דערפון איז געוואָרן אַ פּלפּול־זאַך. דער „דור דור ודורשיו" איז געווען, אַזוי ווי גרעץ'ס און פראַנקעלס ווערק, דער פרישער שטראָם אין דער צעגליטער פּאָלעמישער אַטמאָספער אַרום דעם תּלמודיש־רבנישן יודאַאיזם און האָט אַ סך מיטגעהאָלפן, אַז אָנשטאָט פּאַרטיי־פּאָלעמיק זאָל מען דערצו צוגיין מיט אַ היסטאָריש־וויסנשאַפטלעכער מעטאָדע.

אָבער מיט דער צייט טוט דער קולטור־קריזיס פון דער עמאַנסיפּיר־תּקופה אין עסטרייך דאָס זעלבע, וואָס מיר האָבן פריער צוגעזען אין דייטשלאַנד. העברעאיש, וואָס די טוער פון דער רענעסאַנס־תּקופה האָבן דאָס אַזוי געצערטלט, ווערט אָן די פּאָזיציעס און די ליטעראַטור ווערט פאַרדייטשט: ביי דער בייער יידישער אינטעליגענץ, ביי די לייענער, ווי ביי די שרייבער, איז שוין דייטש די מוטער־שפּראַך. אין גאַליציע האָט נאָך העברעאיש אַ חזוק, אָבער אין אַנדערע ערטער, דערהויפּט אין ווין, אינם גייסטיקן צענטער אין לאַנד, איז זעלטן ווער ס'שרייבט העברעאיש, סיידן ווייס, וואָס האָט געהאַט אין אויג לייענער דערהויפּט אין פּוילן און אין רוסלאַנד[1]. אַלע איבריקע געלערנטע, פּובליציסטן און בעלעטריסטן האָבן געשריבן אויף דייטש. אַדאָלף יעלינעק (1821—1893), ווינער פּרעדיקער, וואָס האָט פאַרעפענטלעכט אַ סך העברעאישע מאַנוסקריפּטן אין אָריגינאַל (אינם זאַמלבוך „בית המדרש" און אין אַנדערע), האָט געשריבן די אַריינפירן פון זיינע אייגענע פאָרשונגען אויף דייטש. די וויכ־

[1]) סמאָלענסקי'ס זשורנאַל „השחר", וואָס האָט זיך געדרוקט אין ווין פונם יאָר 1869 אָן, גייט ניט אַריין אין כּלל, ווארום דאָס האָט אַרויסגעגעבן אַ רוסישער ייד כּמעט נאָר פאַר רוסישע יידן; דאָס געהער צו דער ליטעראַטור־געשיכטע פון רוסישע יידן (וויטער, § 46).

טיקסטע ווערק זענען וועגן קבלה „Beiträge zur Geschichte der Kabbala"
„Moses de Leon", מאָריץ גידעמאַן, ווינער ראַבינער פונם יאָר 1868 אָן, האָט
געבראַכט פון דייטשלאַנד קיין עסטרייך די גרויסע מעטאָדע פון וויסנשאַפטלעכער
פאָרשונג. גרעץ'ס אַ תּלמיד פונם ברעסלער סעמינאַר, האָט ער פאַרגאַנצט דאָס
מאָנומענטאַלע ווערק פונם באַרימטן היסטאָריאָגראַף מיט אויסגעצייכנטע מאָנאָ-
גראַפיעס וועגן יידישער דערציונג-און קולטור-געשיכטע אין מיטלאַלטער.
(„Jüdisches Unterrichtswesen während der spanisch—arabischen Periode",
(1873), אין דריי בענד: „Geschichte d. Erziehungswesen und d. Kultur der
abendländischen Juden", 1880—1888). — אין דעם דאָזיקן אָביעקטיוון ווערק
פונם געזעצטן, מעסיק-ליבעראַלן היסטאָריקער איז נישט צו זען קיין שום
שפורן פון דעם אידעען-שטרייט זיין צייט. ערטערווייז נאָר איז דאָ צו באַמערקן
אַפּאָלאָגישע טענדענצן — דאָס שטרעבן צו באַווייזן דער אויסערער וועלט די
מעלות פון יודאַאיזם.

דער היפוך פון גידעמאַנען איז דער אונגאַרישער רעפאָרמיסט, סעגעדינער
ראַבינער לעאָפּאָלד לעוו (§ 18). זיין היציקער טעמפּעראַמענט האָט זיך נישט
געקילט נאָך די שטורמדיקע 40-ער יאָרן אויך און האָט זיך געלאָזט פילן אַפילו
אין זיינע וויסנשאַפטלעכע ווערק. לעוו, אַ היסטאָריקער אַ טעאָלאָג, האָט זיך אין זיינע
אַרטיקלען אין „בן חנניה" (אַ זשורנאַל אויף דייטש, סעגעדין 1858—1867) און אין ביכער
געפּרובט באַנעמען די גאַנצע יידישע רעליגיעזע געשיכטע פון די גאָר-אַלטע חסידים
ביז די נייע, פון דער „כנסת הגדולה" אין יהודה ביזן פעשטער „קהלה-קאָנגרעס",
וואָס האָט צעשפּאַלטן דעם אונגאַרישן יידישן קבוץ אויף צוויי טייל. ער פאַר-
טיפט זיך אין דער געשיכטע פון תּלמוד און פון דער ערשטער רבנישער ליטע-
ראַטור און ווייזט, אַז דאָס איז נישט געווען קיין שטייענדיק וואַסער, נאָר
ס'האָט זיך דורכאַנאַנד געענדערט, געביטן די פאָרם, — און דערום פאָדערט ער
פרייהייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם מאָדערנעם רעליגיעזן געדאַנק אויך.
זיין וויסנשאַפט איז אויפן גרעניץ פון פּובליציסטיק. ביזן טויט (1875) איז ער
געבליבן געטריי דעם געדאַנק וועגן מאַדיאַריזאַציע פאַר אונגאַרישע יידן און
האָט געלייקנט אין דער אייניקייט פון דער יידישער נאַציע. ער שרייבט וועגן
דעם: „פראַנצויזישע יידן זענען פונקט אַזוי פרעמד דייטשע יידן און דייטשע
יידן — איטאַליענישע אָדער ענגלישע, אַזוי ווי קריסטן אין די דאָזיקע לענדער
זענען זיך פרעמד". וועגן „רוים און ירושלים" זאָגט ער: „מיר האַלטן דעם
מחבר'ס באַגריף וועגן אַ יידישער נאַציע פאַר אַ פוסטן שאָטן: פון אַ בעמיש
דייטשע און גאַליצישע עלעמענטן ווערט נישט קיין נאַציע". אַזוינס האָט גע-
שריבן דאָס יאָר 1862 נישט איינער, וואָס איז פאַרפרעמדט צום יידנטום, נאָר
אַ גרינדלעכער קענער פון אַלע קוועלן יידישע קולטור. ער האָט געלייקנט אין
דער נאַציאָנאַלער אייגנהייט ביי יידן און האָט געגלייבט אין דער פעלזנשטאַרקייט
פון דעם יידישן „רעליגיעזן קבוץ", וואָס איז צעשפּאַלטן אויף אַזוי פיל נאַציאָ-

נאַלע גרופּעס, חיפּיל ס'איז נאָר פאַראַן פעלקער אויף דער וועלט, וואָס אַגב שלינגען זיי איין די דאָזיקע גרופּעס. אַזוי שטאַרק איז געווען דער כשוף פון אַסימיליאַציע.

דער כשוף האָט געווירקט אויף בעלעטריסטן יענע צייט אויך, ס'איז געווען אַ פאַרליבטשאַפט אין דער אַרומיקער קריסטלעכער סביבה. צוויי שריי־בער האָבן דעמאָלט געמאָלט דאָס געטאָ־לעבן: לעאָפּאָלד קאָמפּערט (1822—1886) און קאַרל עמיל פראַנצאָז (1848—1904). דער ערשטער האָט געמאָלט זיין בעה־מיש געטאָ, דער צווייטער דאָס גאַליציש געטאָ. קאָמפּערט איז אין די יינגע יאָרן אַרויס פון זיין אָרעמען נעסט און זיך באַזעצט אינם רעשיקן ווין; פונם יאָר 1848 אָן ווערט ער אַן אָנגעזעענער דייטשער זשורנאַליסט און ער מאָלט דעם אַלטן שטייגער פון זיינע לאַנדסלייט: „Geschichten aus dem Ghetto“ ,1848 „Böhmische Juden“, 1851; „Am Pfluge“, 1855, „Geschichten einer Gasse“ 1865 און אַנדערע נאָוועלן, וואָס האָבן באַצויבערט דעם לייענער מיט דעם פיין אידי־ליסטישן קאָלאָריט. אין קאָמפּערטס שטייגער־בילדער, באַשטראַלט מיט אַ שטילער בענקשאַפט פון יוגנט־זכרונות, געפינט איר שטענדיק אַ געזעלשאַפטלעכע אידעע, אויך אַזוי טרוימעריש. די ליבסטע טעמע אין זיינע נאָוועלן דאָס איז אַ ראָמאַן פון אַ יידן מיט אַ קריסטין אָדער פאַרקערט, און ער לאָזט זיך אויס אָדער מיט אַ צעשייד אָדער מיט אַ נצחון פון די פאַרליבטע. קאָמפּערט איז אַנטציקט פון געמישטע חתונות, פון צעזויפגיסן יידיש בלוט מיט קריסטלעכס, און מיינט נאַיוו, אַז ליבע קאָן אַ סך טון צו פאַרענטפערן די יידנפראַגע. ער האָט ליב איבערצע־לייגן בריקן איבער אַ היסטאָרישן תהום, וואָס צעשיידט ז'י יידישע און די קריסט־לעכע וועלט; ער טרוימט פון אַסימילאַציע און גלויבט דאָך, אַז יידן וועלן פון דעם ‬בישט פאַרשווינדן.

ביי פראַנצאָז'ן אין זיינע גאַליציע־בילדער געפינען מיר שוין נישט די אי־דיליע, נאָר טרויעריקע טראַגישע טענער. אין דער נאָוועלע „Die Juden von Barnow“ — 1877, זעען מיר די מלחמה צווישן פאָטערס און קינדער אין דער פאַנאַטישער חסידישער וועלט. אַ מיידל פאַרליבט זיך אין אַ הוזאַרן־אָפיציר און אַנטלויפט מיט אים פון דער היים (אַ סימבאָל פון אַ עמאַנסיפּירטער יידישער טאָכטער); דאָס דערשלאָגט דעם פרומען פאָטער און ער פאַרהאַקט די טיר פאַר דער זינדיקער טאָכטער, דערפאַר קריגט ער דעם נאָמען „באַרנאָווער שיילאָק“. אין דער נאָוועלע „אָן אַן אויפשריפט“ האָבן מיר אַ בילד, ווי אַ פאַנאַטישע עדה איז זיך נוקם אין אַ יונגער פרוי, דערפאַר וואָס זי קומט יום־כפור אין שול אַריין מיט די אייגענע האָר, אָן אַ פאַרוק. אויפן עלנדן קבר מיט אַ מצבה אָן אַן אויפשריפט באַקלאָגט דער מחבר זיין פאָלק, וואָס די שווערע דיסציפּלין פון מנהגים איז אים אַמאָל בייגעשטאַנען אין נויט און וואָס איצט איז שוין צייט געווען צו וואַרפן אַזאַ פאַנצער נאָכדעם ווי „אין מערב־זייט איז שוין טאָג“ און די פלאָג איז שוין פאַרביי. פראַנצאָז פאַרקליידט אין אַ פּאָעטישן שלייער די־

פריידענקער אין געטא, די גערודפטע אוריאל אַקאָסטאַס, בכלל אַלע, וואָס פאַ־
סירן די חורבות פון אַלטן יידנטום און פאַרבינדן זיך מיט דער „מענטשהייט”,
ד. ה. מיט דער אַרומיקער קריסטלעכער וועלט. אַ קולטורעלע יציאת מצרים פון
האַלב־אַזיע (אַזוי הייסט ביי אים גאַליציע) אין דער ווייטער וועלט אַריין צו
דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע — דאָס איז זיין אידעאַל. דעם ערשטן דור
עמאַנסיפּירטע יידן האָט אַזאַ פאַראייניפאַכט קעגנשטעלן די „פינסטערע” נאַציאָ־
נאַלע אָפּגעזונדערטקייט דעם „ליכטיקן” צונויפקומען זיך מיט דער מענשהייט —
אויסגעזען צו זיין אַ גרויסער היסטאָרישער אמת.

## קאַפּיטל III.

# דער איבערגאַנג צו רעפאָרמעס אין רוסלאַנד.

## § 42. די לעצטע יאָרן פונם אַלטן אומרעפאָרמירטן רוסלאַנד (1848 — 1855).

דער אָנהויב „צווייטע עמאַנסיפּאַציע" אין די מערב־לענדער — דאָס איז דער סוף פון דער תקופה רדיפות אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען שוואַרצע זיבן יאָר אין לאַנד בכלל, בפרט נאָך פאַר יידן. דער אַבסאָלוטיזם, וואָס די מערץ־רעוואָלוציע האָט אים פאַריאָגט פון די מערב־לענדער, האָט זיך אָפּגערעכנט נאָך מיט מער אכזריות אין לאַנד, וואָס דעמס רעגירונג האָט געשמט פאַרן „זשאַנדאַרם אין אייראָפּע". וואָס אָפענער ס'האָט געווינען די פּאָליטישע פרייהייט אויף יענער זייט מערב־גרעניץ, דאָס שטאַרקער האָט געווילדעוועט די רעאַקציע אויף דער זייט. מ'האָט נישט געקאָנט דערשטיקן קיין פּאָליטישע מעשים, ווייל אַזוינע זענען בכלל נישט מיגלעך געווען ביי דער אויבער־השגחה פון דעם „דריטן אָפּטייל" (דער שמירה־אָפּטייל), האָט מען געשטיקט דאָס פרייע וואָרט, דעם פרייעם געדאַנק. די צענזור האָט געווילדעוועט, אויסגעוואָרצלט פון דער־שלאָגענער ליטעראַטור אַלצדינג, וואָס האָט נישט געשטימט מיט פּאָליצייאישן געדאַנק („בוטורלינס קאָמיטעט"), פּאָליטישער שפּיאָנאַזש האָט גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך, אין אַלע שטילע קרייזלעך פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס האָט געהאַט די העזה צו טרוימען אין דער שטיל וועגן רעפאָרמירן דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן רעזשים, און אַרויסגעריסן קרבנות פאַר דער תליה, פאַר קאַטאָרגע און קאַזאַרמעס (די מעשה־„פּעטראַשעוועצעס"). מיט אַזוינע פלאָגן און אָנשיקענישן האָט מען דערהאַלטן דעם אַלטן רעזשים אין אַ לאַנד פון ביוראָ־קראַטיע און פאַנשטשינע די דאָזיקע יאָרן. אַפילו אַזאַ פּאַטריאָטישער פּאָעט, אַ סלאַוויאַנאָפיל, ווי כאָמיאַקאָוו, האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע רייד פאַר דעם רעזשים, ווי: „אין די געריכטן הערשט דער שקר שוואַרץ, דאָס לאַנד איז פול מיט קנעכטשאַפט, מיט מיאוסער חניפה, מיט גיפטיקער פאַלשקייט און ווי נאָר אַ נידעריקייט".

מער פאַר אַנדערע האָבן פון דער דאָזיקער קנעכטשאַפט און שוואַרצן שקר געליטן ייִדן, דער געפּלאָגטסטער טייל רוסישע אונטערטאַנען. דער סוף פון ניקאָלאַיס רעגירן איז געווען פאַר ייִדן פּונקט אַזוי פינסטער, ווי דער אָנהויב די מיטלסטע תקופה פון כלומרשט „רעפאָרמעס" אָנהויב די 40־יאָרן האָט נישט פאַרפירט דאָס פאָלקס־געפיל: אין „תחום" האָט מען געזען נישט נאָר די האַנט מיטן טייטל פון „קאַזיאָנער" בילדונג, נאָר די אַנדערע האַנט אויך מיטן שטעקן, מיט די ערגסטע פלאָגן. אינגיכן האָט די רעגירונג אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקע פון קולטור־מאַכערײַ און האָט גענומען אויספירן די רעזערוו־פראָגראַם, „אויסלייטישן" ייִדן מיט פאָליציי־מיטלען. דער הויפּטפּונקט פון דער דאָזיקער פראָגראַם איז געווען די גזרה פון „ראַזריאַדן" („ראַזבאָר"): אַלע ייִדן, וואָס האָבן נישט קיין געוויסן פאַרמעג און קיין באַשטימטע פראָפעסיע זאָלן גילטן אַלס „בראָדיאַגעס" און זיי זאָלן באַהאַנדלט ווערן אַלס פאַרברעכער. אַן אָנזאָג דערויף איז שוין געווען דאָס יאָר 1846, און דעמאָלט נאָך האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר וואָראָנצאָוו געוואָרנט קעגן „אַזאַ בלוטיקער אָפּעראַציע אויף אַ גאַנצן קלאַס" (23§). מ'האָט דעמאָלט געמעלדעט ייִדן, זיי זאָלן זיך איילן פאַרשרייבן אין די געהעריקע צעכן און שטאַנדן, „אַנדערש, וועט די רעגירונג אַליין מאַכן דעם איינטייל", ד. ה. „זי וועט אויסטיילן די ייִדן, וואָס טוען נישט קיין פראָדוקטיווע אַרבעט און וועט זיי באַגרעניצן אין די רעכט, אַלס לעסטיקע מענטשן פאַר דער געזעלשאַפט". דאָס אָנשרעקן האָט נאַטירלעך נישט געהאָלפן: וואָס האָט דען געזאָלט טון אַ רעכטע העלפט ייִדן, וואָס רעכטלאָזיקייט און די עקאָנאָמישע לאַגע בכלל האָט פון זיי געמאַכט לופטמענטשן? ווי אַזוי זאָלן זיי דאָס קומען צו פאַרמעג און צו באַשטימטע פראָפעסיעס? און דאָך האָט דער צאַר באַשטעטיקט די „דערווייליקע תקנות וועגן איינטיילן ייִדן" (23 נאָוועמבער 1851). ייִדן האָט מען איינגעטיילט אין פינף קאַטעגאָריעס („ראַזריאַדן"): סוחרים, ערדאַרבעטער, בעלי־מלאכות, שטאָטישע („מעשטשאַנעס") איינגעזעסענע און נישט קיין איינגעזעסענע. צו די ערשטע דריי קאַטעגאָריעס האָבן געהערט די, וואָס זענען געווען פאַרשריבן אין די געהעריקע צעכן און שטאַנדן; „איינגעזעסענע שטעטישע" — דאָס זענען אַזוינע, וואָס האָבן אַ נחלה אָדער זיי באַשעפטיקן זיך מיט „שטעטישן האַנדל" אויף געווערב־שיינען, און רבנים אויך; די גאַנצע איבריקע מאַסע געהער צו די „נישט־איינגעזעסענע שטעטישע", פון זיי דאַרף מען נעמען אַממייסטן רעקרוטן און זייערע רעכט זאָלן נאָך מער פאַרשמעלערט ווערן אַפילו אַקעגן די ערשטע פיר קאַטעגאָריעס ייִדן. די דאָזיקע אָרעמע מאַסע לופטמענטשן האָבן געזאָלט נאָך מער געפלאָגט ווערן, אַלס אַ קלאַס אויסוואורפן. ביזן 1־טן אַפּריל 1851 האָבן ייִדן פון די ערשטע פיר קאַטעגאָריעס געזאָלט מעלדן דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע זייערע געהעריקע דאָקומענטן; ווער ס'וועט דאָס נישט טון, דעם פאַררעכנט מען אין דער פינפטער פאַרברעכערישער קאַטעגאָריע „נישט־איינגעזעסענע שטעטישע". אין דער קורצער צייט האָבן ייִדן נישט באַוויזן

צוצושטעלן קיין דאָקומענטן, און אויף די גענעראַל־גובערנאַטאָרס איניציאַטיוו האָט מען דעם טערמין פאַרלענגערט ביז האַרבסט, אָבער צו דעם טערמין איז דאָס איינטיילן יידן אין קאַטעגאָריעס נאָך אַלץ נישט געווען פאַרענדיקט. די רעגירונג האָט שוין געגרייט פּלאַנען און אָנשיקעניש פאַר די „ליידיקגייער": פּאָליציי־השגחה און צוואַנג־אַרבעט אויך. אין מיטן אַזאַ וויכטיקער אַרבעט איז אָנגעלאָפן די קרימער מלחמה און האָט אָפּגעריסן די רעגירער פון דער מלחמה קעגן יידן. אָבער עטלעכע יאָר דורכאַנאַנד איז דער שרעק פון קאַטעגאָריעס געהאָנגען איבער צענער טויזנטער מענטשן, און אַ זכר איז דערפון געבליבן אין פאָלקסליד: „אוי אַ צרה אַ גזרה מיט די ראַזריאַדן".

דעמזעלבן אומזיסטיקן טומל האָט די רעגירונג אָנגעמאַכט מיט נאָך אַ פּונקט פון איר אַסימיליר־פּראָגראַם, אַז יידן זאָל פאַרווערט זיין זייער אַלטע טראַכט, זיי זאָלן טראָגן אַ רוסישן אָדער אַ דייטשן פאַסאָן קליידונג. דעם 1־טן מאַי 1850 איז אַרויס אַ קורצער צאַרישער באַפעל, אַז פונם 1־טן מאַי 1851 איז יידן פאַרווערט צו טראָגן זייער קליידונג: עלטערע יידן קאָנען פועל'ן ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל זיי זאָלן מעגן אָפּטראָגן זייערע קליידער. מ'האָט נישט פאַרגעסן קיין פאות אויך: אויס פאות! אין אַ יאָר אַרום האָט מען זיך דערמאָנט אין יידישע פרויען אויך: „דער קייזער האָט אַלער־העכסט באַווילִיקט צו הייסן פאַרווערן יידישע פרויען גאָלן די קעפּ צו דער חתונה" (אַפּריל 1851). שפּעטער איז געווען אַ פּירוש דערצו, אַז אַ פרוי פאַר גאָלן דעם קאָפּ צאָלט 5 רובל שטראָף. דער רב, וואָס האָט אַזוינס דערלאָזט, ווערט אָנגעקלאָגט אין געריכט (אָקטאָבער 1852). יידן סיי מענער, סיי פרויען, האָבן געוויינטלעך נישט געפאָלגט: נישט מענער האָבן זיך געוואָלט אָפּגעזעגענען מיט דער יידישלעכער קאַפּאָטע, נישט ביי פרויען האָט מען געקאָנט פועלן גיין מיט די אייגענע האָר, בכן האָט די אַדמיניסטראַציע געהאַט אַרבעט. די גענעראַל־גובערנאַטאָרס און גובערנאַטאָרס האָבן זיך שטאַרק אַריינגעטון אין דער זאַך. באַאַמטע האָבן געהיט די טריט, אויסגעשפּירט די ווידערשפּעניקע און זייערע מיטשולדיקע,—די רבנים, אַפילו שערערינס אויך, וואָס האָבן געגאָלט ווייבערשע קעפּ. פּאָליציי האָט רעווידירט פרויען, צי האָבן זיי נאָך האָר אונטער די פּאַריקן אָדער שלייערס. ס'האָבן נישט געפעלט קיין קאָמישע און קיין מיאוסע אויפטוען אויך. פּאָליציי האָט געשוירן יידן פאות אין גאַס, אונטערגעהאַקט קאַפּאָטעס. די „ווידערשפּעניקייט" איז דערהויפּט שטאַרק געווען אין פוילן: די חסידישע מאַסע איז גרייט געווען גיין אויף קדוש השם פאַר יעדן יידישן אייִנפּיר. לאַנג נאָך האָט געדויערט דער קאַמף, אָבער אויסגעפּירט האָט די מאַסע. אויב שפּעטער זעען מיר, אַז יידן האָבן זיך גענומען קליידן אייראָפּעאיש, איז דאָס שוין מיטן גוטן ווילן מחמת מ'איז שוין דערוואַקסן צו אייראָפּעאישקייט, אָבער נישט מחמת מורא פאַר פּאָליציי. די צוואַנג־אַסימיליאַציע מיט דער קליידונג איז דאָ געווען פּונקט דער היפּוך פון דער מיטלאַלטערישער סיסטעם: דאָרט האָט מען געוואָלט

יידן אָפּזונדערן מיט דער קליידונג, יידן זאָלן טראָגן די שפּיציקע היטל און די „געלע לאַטע״, — אָבער בעצם שטעקט איןביידע פאַלן חוזק און גוואַלט־צוואַנג.

אין איין פּרט האָט די מאַכט זיך געקאָנט פאַרמעסטן און שטיקן יידן ווי־פיל זי האָט געוואָלט — דאָס איז רעקרוטן־נעמען. דער דאָזיקער אָריגינעלער אויפטו פון דער רוסישער רעגירונג, וואָס האָט געזאָלט שטראָפן און אויסלייטישן יידן, דאָס „כאַפּן״ דערוואַקסענע און קינדער, דער רעזשים קאַנטאָניסטן, דאָס פאַרשיקן אויף אַ האַלב לעבן (25 יאָר) און מער אין דער ווייטער ווייט — דאָס אַלץ איז שוין געוואָרן נישט צו דערטראָגן. ניקאָלאַי׳ס רעקרוטשינע איז געווען אַ גרויל אַפילו פאַר׳ן רוסישן פּויער; אין די זכרונות פון יענעם דור שרייבער איז דערפון געבליבן אַ בילד ווי פון אַ קאַטאָרגע אויפן גאַנצן לעבן. פּויערים פלעגן אַנטלויפן פון רעקרוטן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, בפרט נאָך האָט דער גרויל באַדאַרפט זיין שרעקלעך פאַר יידן, וואָס פון זייערע געזינדן האָט מען אויסגעריסן סיי יונגע פאָטערס, סיי קליינע קינדער. פון דער דאָזיקער קאַטאָרגע האָט מען זיך געזעגנט אייסדרייען מיט אַלע מעגלעכקייטן. גובערנאַ־טאָרס פלעגן מיטטיילן אין זייערע ראַפּאָרטן „וועגן דער אומגעהייערער שוועריקייט אויסצופירן די רעקרוטן־פליכט ביי יידן״. אין איין אַזאַ ראַפּאָרט פונ׳ם יאָר 1850 געפינען מיר אַזוי: „חוץ מאַכן זיך מומים, וואָסערע מ׳קאָן נאָר צוקלערן, איז געוואָרן אַ געוויינטלעכע זאַך, אַז אַלע יידן, אָן אויסנאַם, וואָס טויגן צו דער דינסט, באַהאַלטן זיך אויס; ס׳טרעפט זיך אָפט, אַז צום רעקרוטן־מאָל געפינט מען נאָר קאַליקעס, אָדער אַזוינע, וואָס טויגן נישט לויט די יאָרן; און קיין איינציקער נישט, וואָס זאָל טויגן צו דער דינסט; אייניקע אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, אַנדערע באַהאַלטן זיך אויס אין די נאָענטע גובערניעס״. מ׳פלעגט זיך יאָגן נאָך די אויסבאַהאַלטענע אַזוי ווי נאָך חיות: „זייער לעבן איז געווען ערגער פון קאַ־טאָרגע״, וואָרום די בינדסטע מסירה האָט זיי געקאָנט אומברענגען. אַ סך פלעגן זיך מאַכן פאַר קאַליקעס, אַבי נישט אַריינפאַלן פאַר קיין רעקרוט: מ׳פלעגט זיך אָפּהאַקן פינגער, זיך בלינד מאַכן אָדער מאַכן זיך אַנדערע מומים. „די ציטער־דיקסטע מוטער פלעגט אונטערשטעלן אַ פינגער פונ׳ם ליבסטן קינד אונטערן מע־סער פון אַ היימישן אָפּעראַטאָר״ — אַזוי געפינען מיר וועגן דעם אין די זכרונות פון יענער צייט. דער פּועל־יוצא איז געווען — אַ גרויסער רעקרוטן־„דעפיציט״, וואָס דערפאַר האָבן די קהלות געטראָגן אחריות. אין פעטערבורג איז מען יעדעס מאָל אויפגעבראַכט געווען פון אַזוינע ראַפּאָרטן וועגן רעקרוטן־נעמען. דאָס, וואָס מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט צעשיידן כמעט אויף אייביק מיט אייגענע און נאָענטע, וואָס עלטערן האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן זייערע קינדער אויף פּלאָג און אויף שמד — אין דעם האָט מען איינגעזען אַ פאַרברעכערישן ווילן. בכן האָט מען צו די פריערדיקע מיטלען צו „פאַרהיטן״ און „אָנלערנען״ צוגעקלערט ביי. דעצעמבער 1850 האָט דער צאַר געהייסן: פאַר יעדן אויסגעפעלטן יידישן רעקרוט זאָל מען נעמען פאַר סאָלדאַטן דריי יידן נישט יונגער פאַר 20 יאָר;

פאַר יעדע 2 טויזנט רובל נישט דערצאָלטן שטייער, זאָל מען נעמען אַ רעקרוט. אַ יאָר שפּעטער (דעם 22 אָקטאָבער) האָט מען אויפגעטון נייע אַכזרישע כּללים „צו פאַרהיטן, יידן זאָקן זיך נישט אויסבאַהאַלטן פון רעקרוטן־דינסט": אַנטלאָפענע זאָל מען כאַפּן, שמייסן מיט ריטער און אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן נישט אין חשבון; שטראָפן די קהלות, וואו זיי באַהאַלטן זיך אויס; אָנשטאָט די אויסגעפעלטע רעקרוטן זאָל מען אָפּגעבן זייערע קרובים, אפילו פאַמיליע־מענטשן, אָדער קהל'ישע שטייער־זאַמלער און גבאים, אויב זיי האָבן נישט באַוויזן קיין פּינקטלעכקייט ביים צושטעלן רעקרוטן („די געשטראָפטע"). אין די קהלות האָט זיך געשטעלט אַן אמתער טעראָר נאָך אַזוינע באַפעלן. קהל־לייט (אַלס שטייער־אויפמאָנער זענען זיי געבליבן נאָכדעם ווי מ'האָט אָפּגעשאַפט קהל אויך) האָבן געהאַט פאַר זיך איינס פון דיביידע: „אָדער ווערן גזלנים, אָדער קדושים" (ווי איינער האָט זיך אויסגעדריקט יענע צייט); אָדער כאַפּן און פירן צו די רעקרוטן־אויפנעמער יעדעס יינגל, וואָס טרעפט זיך פאַרן אויג, אָדער אַליין אַריין אין „גרויען געוואַנט" און ביין פאַר אַ סאָלדאַט אַלס „געשטראָפטער". אין „תחום" איז געוואָרן אַן אמת געיעג אויף מענטשן: מ'פלעגט כאַפּן דערוואַקסענע, מ'פלעגט אָפּגעבן פאַר רעקרוטן איינציקע שפּייזער פון דער פאַמיליע, מ'פלעגט כאַפּן 8־יאָריקע קינדער און זיי מאַכן פאַר 12־יאָריקע; און דאָס אַלץ האָט דאָך נישט געהאָלפן: ס'האָט נישט געקלעקט קיין רעקרוטן, און „געשטראָפטע" קהל־לייט זענען געווען אַ היבשע צאָל.

אַ ביטערער יאָמער און וויי־געשריי איז געשטאַנען אין די גאַסן פאַר די פּריסוטסטוויעס, עלטערן און אייגענע האָבן זיך געזעגנט מיט קינדער, וואָס מ'פאַרשיקט זיי אויף אייביק פאַר סאָלדאַטן. די רעגירונג האָט זיך אָבער נאָך אַלץ נישט געקילט; דאָס יאָר 1853 האָבן זיי אַרויסגעגעבן „אויף אַ פּראָבע" נייע דערווייליקע כּללים: קהלות און איינצלנע מענטשן מעגן „צושטעלן פאַר זיך פאַר רעקרוטן יידן, וואָס מ'כאַפּט זיי אָן פּעסער", אַפילו פון אַנדערע שטעט. ווער ס'האָט זיך געלאָזט אָן אַ פּאַס פון דערהיים, האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז ווער ס'וויל נאָר וועט אים כאַפּן און אים אָפּגעבן פאַר אַ סאָלדאַט אָנשטאָט אַ רעקרוט פון זיין פאַמיליע. אַזאַ געכאַפּטן („פּאָימאַניק") האָט מען שטענדיק אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט וויפיל ער זאָל נישט אַלט זיין; דער כאַפּער האָט דערפאַר געקריגן אַ קוויטאַנציע, אַז ער האָט צוגעשטעלט אַ רעקרוט. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי געיעג; חוץ קהל'שע כאַפּערס, זענען געוואָרן נייע פּריוואַטע כאַפּערס, וואָס האָבן געוואָלט דערמיט אויסקויפן זיך אָדער אַ גליד פון זייער פאַמיליע אָדער סתם פאַרדינען אויף אַ קוויטאַנציע. ס'זענען געוואָרן כּנופיות יידן־באַנדיטן, וואָס האָבן געשנאָרט אויף וועגן און שטעגן, האָבן מיט גוואַלד אָדער מיט שווינדל אָפּגענומען די פּעסער ביי דורכפאָרער און האָבן זיי צוגעשטעלט אין פּריסוטסטוויע פאַר „פּאָימאַניקעס". קיינמאָל זענען יידן נאָך נישט געקומען צו'ן אַזאַ דעמאָראַליזאַציע און דאָס האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דער רע־

גירונג. איינער האָט געקוקט אויפֿן צווייטן אַזוי ווי אַ וואָלף. מ׳האָט מורא געהאַט די נאָז צו ווייזן אונטער דער שטאָט; ווען מ׳האָט נאָר באַגעגנט, האָט מען געהאַלטן פֿאַר אַ כאַפּער אָדער פֿאַר אַ באַנדיט. די רעקרוטן־אינקוויזיציע האָט דערלאַנגט די העכסטע מדרגה פֿייניקונג, זי האָט אָנגערייצט איין ייִדן אויפֿן אַנדערן און פֿאַראומווערדיקט דעם פֿאָלקס נשמה...

דאָס איז געווען די צייט פֿון קרימער מלחמה. די אַרמיי, וואָס 30 יאָר האָט זי געקאָסט אַזויפֿיל מענטשן קרבנות, איז איצט געגאַנגען רעטן „רוסלאַנדס כּבֿוד", דעם אַלטן רעזשימס כּבֿוד. איין דיוויזיע נאָך דער אַנדערער זענען געגאַנגען פֿון דער טיף רוסלאַנד קיין דרום אויף די שלאַכט־פֿעלדער, אַזוי ווי אָקסן צו דער שחיטה, אַקעגן ענגלענדער און פֿראַנצויזן, וואָס האָבן געוויזן, אַז צו נצחונות פֿאַרשפּאָרט מען אַ רוסישע רעקרוטשינע, מ׳פֿאַרשפּאָרט פּייניקן קינדער קאַנטאָניסטן. דער „זשאַנדאַרם אין אייראָפּע", באַוואָפֿנט פֿון קאָפּ ביז פֿיס, וואָס האָט מיט פֿאַראַכטונג געשראָקן „מיט איין האַנט" איבערקערן דעם שונא, איז געבליבן געפּלעפֿט אַקעגן דעם „צעפֿוילטן מערבֿ". טויזנטער רוסישע סאָלדאַטן זענען געפֿאַלן אונטער סעוואַסטאָפּאָלער ווענט, אויף די אינקערמאַנער בערג; הונדערטער ייִדישע סאָלדאַטן האָט מען דאָ באַגראָבן אין „ברידער־קבֿרים". ייִדן, קנעכט ביי דעם אַלטן רעזשים, האָבן בלוט פֿאַרגאָסן פֿאַרן פֿאָטערלאַנד, וואָס האָט קעגן זיי מלחמה געהאַלטן 30 יאָר. אינגיכן איז קלאָר געוואָרן, אַז די אומגליקלעכע קרבנות אונטער סעוואַסטאָפּאָליער ווענט האָבן אַנטפּלעקט רוסלאַנדס שאַנד, נישט קיין גרויסקייט. און דאָ פֿון אונטער דעם חורבן פֿון דער אַלטער קנעכטישער מלוכה האָט אָנגעהויבן שפּראָצן אַ זאָמען פֿון אַ ניי רוסלאַנד.

צו דעם דאָזיקן שרעקלעכן בילד, דער סוף פֿון ניקאָלאַי׳ס פּירונג זאָל נישט פֿאַרשעמען דעם אָנהויב, האָט נאָך געפֿעלט אַן עלילת־דם אַזוי ווי וועליזשער בלבול. איז דאָס געוואָרן. דעצעמבער 1852 און יאַנואַר 1853 זענען אין סאַראַטאָוו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן צוויי רוסישע ייִנגלעך, פֿאָלקסקינדער; די טויטע האָט מען געפֿונען אין 2—3 חדשים אַרום מיט סימנים פֿון פּייניקונג און מילה. דאָס לעצטע האָט געבראַכט די פֿאָרשער צום געדאַנק, אַז ייִדן זענען באַגאַנגען דעם פֿאַרברעך. אין סאַראַטאָוו, אויסער דעם „תּחום". איז דעמאָלט געווען אַ קליינע ייִדישע קאָלאָניע: באַשטאַנען איז זי אינגאַנצן פֿון פֿיר מנינים זעלנער אין אָרטיקן גאַרניזאָן און עטלעכע „פֿרייע" ייִדן הענדלער און בעלי־מלאכות, וואָס האָבן מיט פּאָליציים חסד געלעבט אין דער פֿאַרוועטער שטאָט ביי דער וואָלגע; געווען איז דאָ אויך עטלעכע משומדים. אויף דער דאָזיקער קאָלאָניע האָבן עס די אויספֿאָרשער געוואָרפֿן אַן אויג, פֿול מיט חשד. פֿון פּעטערבורג איז אַראָפּגעקומען אַ באַאַמ־טער דורנאָוואָ, און אַלס אָנפֿירער פֿון דער אויספֿאָרשונג האָט ער אַלע אונטער־זוכן געלאָזט אויפֿן וועג פֿון אַ בלוט־בלבול. ס׳האָבן זיך גלייך געפֿונען עדות

פון צווישן אומוויסנדיקע אָדער אומערלעכע מענטשן, וואָס זענען געווען אונטער דער ווירקונג פון דער יעזואיטישער לעגענדע. אַ זעלנער באָגדאַנאָוו, עפּעס אַ גע־ונד'ניק, און אַ גובערניע־באַאַמטער אַ שיכור קריוגער האָבן באַוויזן, אַז זיי זענען אַליין בייגעווען בעת יידן האָבן געצאַפּט בלוט פון די דערהרגעטע יינגלעך. זיי האָבן אויך אָנגעגעבן די הויפּטשולדיקע אינם מאָרד: דאָס זענען דער מוהל פון דער אָרטיקער יידישער קאָלאָניע, זעלנער שליפּערמאַן; דער פרומער פעל־העגדלער יאַנקעל יושקעוויטשער און זיין געשמדטער זון. די און אַנדערע אָנגעקלאָגטע האָט מען פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש, מ'האָט זיי אינ־קוויזיטאָריש געטון פּאַרהערן, אָבער אַלע האָבן זיי מיט אויפרעגונג געלייקנט, זיי זאָלן האָבן אַ שייכות צום מאָרד און אָפּגעוואָרפן די געמיינע ריטועלע בבא־מעשה בכלל. די אויספאָרשונג האָט זיך אַלץ מער געפּלאָנטעט, פאַרכאַפּט נייע מענטשן, א'ן אין יולי 1854 האָט ניקאָלאַי דער I־טער באַפוילן, עס זאָל באַשטימט ווערן אַ באַזונדערע „יורידישע קאָמיסיע", וואָס זאָל נישט אַליין דעם געגעבענעם פאַרברעכן אויפדעקן, נאָר אויך „אויספאָרשן די יסודות פון די רעליגיעזע רציחות ביי יידן." פון דער לעצטער טעאָרעטישער אויפגאַבע וועגן האָט מען דאָס יאָר 1855 געמאַכט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע ביים מיניסטעריום פאַר אינעווייניקסטע ענינים. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע זענען געזעסן טעאָלאָגן און העברעאיש־קענער, צווישן זיי אויך דער געטויפטער פּראָפעסאָר ד. כוואָלסאָן, וואָס האָט וויסנשאַפטלעך דערוויזן, אַז די ריטועלע לעגענדע האָט קיין שום גרונט נישט. צוויי יאָר האָט די יורידישע קאָמיסיע געפאָרשט די זאַך און נישט געפונען קיינע שום באַווייזן קעגן די אָנגעקלאָגטע; זי האָט דאַן באַשל'אָסן זיי באַפרייען, נאָר „האַלטן אונטער אַ פאַרשטאַרקטן חשד" (1856).

דאַן איז שוין געווען קייזער אַלכסנדר דער II־טער, די נאַכטשרעקן פון דער פאַרגאַנגענער תקופה האָבן שוין אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן, עס איז אויפגעגאַנ־גען די זון פון באַנייאונג. אָבער די אַלטע אַבערגלויבנס האָבן זיך נאָך פעסט געהאַלטן אין די מוחות פון אַ סך ביוראָקראַטן, און דעריבער איז ווען די רע־זאָלוציע פון דער יורידישער קאָמיסיע איז געקומען צום סענאַט, האָבן זיך דאָרטן אָנגעהויבן חלוקי־דעות. דער ענין איז דאַן אַריבער אין מלוכה־ראַט. דאָ האָבן די הויכע באַאַמטע געמאַכט אַ פּשרה: זיי האָבן יוצא געווען אי קעגן דעם מיטלאַלטערישן אַבערגלויבן אי פאַרן מוז נאָכצוגעבן דעם מאָדערנעם גייסט. עס האָט געהייסן: זיי גייען נישט אַריין אין דער עצם „פראַגע, וואָס איז נאָך אַלץ נישט פאַרענטפערט, צי יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט", אָבער „אָן שום ספקות אָנערקענען זיי, אַז דאָס פאַרברעכן גופא עקזיסטירט", זיי דערקלערן עס מיט רציחישע רעליגיעזע טעמים און איפן גרונט פון די געפונענע שפורן פון מילה ביי די טויטע יינגלעך — באַשולדיקן זיי אין דעם יידן. דער מלוכה־ראַט האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק פונם אינעווייניקסטן ווידערשפּרוך אין זיין רע־זאָלוציע, עס האָבן אויך נישט געהאָלפן די ערנסטע טענות פונם ליבעראַלן יוס־

טיק-מיניסטער זאַמיאַטין; שליפּערמאַנען און דעם אַלטן יושקיעוויטשער'ן מיטן זון האָט מען געפונען פאַר שולדיק, און דער מלוכה-ראַט האָט זיי פאַרמשפּט צו קאַטאָרגע; אַלכּסנדר דער II האָט אין מאַי 1860 דעם פּסק-דין באַשטעטיקט. פאָרשטייער פון פּעטערבורגער קהלה (באַנקיר י. גינזבורג און אַנד.) האָבן זיך געווענדעט צום צאַר מיט אַ ביטע, מ'זאָל אָפּשטעלן דעם פּסק-דין ביז די קאָמיסיע געלערנטע וועט ענטפערן אויף דער פראַגע, צי זענען ריטועלע מאָרדן אין הסכּם מיט די יסודות פון יודאַאיזם. דער פאָרזיצער פון מלוכה-ראַט פירשט אָרלאָוו האָט אָבער דעם קייזער פאָרגעשטעלט די זאַך אַזוי: מיט זייער בקשה זענען יידן אויסן „נאָר אָפּצושלעפּן אויף אַן אומבאַשטימטע צייט דעם באַשלוס איבערן ענין, וואָס אַלע זייערע מיטגלויביקע זענען צו אים שייך". אָרלאָוו איז באַשטאַנען, אַז די שטראָף זאָל תּיכף אויסגעפירט ווערן, און דער קייזער האָט אים געגעבן גערעכט. נאָך אַכט יאָר תּפיסה זענען די אויסגעמאַטערטע „פאַרברעכער" נישט געווען בכּוח צו גיין אויף קאַטאָרגע; דער אומשולדיקער מאַרטירער דער זקן יושקיעוויטשער האָט זיך נאָך משך זיבן יאָר געפּייניקט אין טורמע. דאָס יאָר 1867 האָט אַלכּסנדר דער II-טער פאַרבראַכט אין פאַריז, און קרעמיע, דער פאָרזיצער פון יידישן „אַליאַנס", האָט זיך צו אים געווענדעט מיט דער בקשה דערבאַרימען זיך אויפן אומגליקלעכן יושקעוויטשער; ערשט דאַן האָט אַלכּסנדר II באַפוילן אים צו באַפרייען. אָט אַזוי האָט זיך עס די ירושה פון חושכדיקן עבר אַריינגעריסן אינם אויסגעלייטערטן לעבן פון נייעם רוסלאַנד, וואָס האָט איבערגעלעבט „אַ תּקופה פון גרויסע רעפאָרמעס".

## § 43. צען יאָר רעפאָרמעס (1855—1865).

די קרימער מלחמה האָט אַנטפּלעקט די גאַנצע צעפּוילטקייט פונם אַלטן רעזשים; אין רוסלאַנד האָט זיך דערשפּירט אַ שטאַרק שטרעבן צו באַנייען דאָס לאַנד, ס'האָט געהאַלטן ערבֿ באַפרייען פּויערים, ערבֿ אַנדערע רעפאָרמעס. ביי אַזאַ לאַגע וואָלט באַטירלעך געווען, אַז די יידן-פראַגע זאָל דאָ גלייכגעשטעלט ווערן מיט די וויכטיקסטע רעפאָרמעס. אַ מלוכה, וואָס באַפרייט זיך פון קנעכטאייגנס, האָט געזאָלט באַפרייען אירע האַלב-פאַרשקלאַפּטע אויך,—דריי מיליאָן יידן, וואָס דער אַלטער רעזשים האָט געהאַלטן אין איין דריקן און שטיקן. ס'איז אָבער נישט אַזוי געווען: די יידן-פראַגע אין איר גאָרן פאַרנעם, יידישע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג, איז נישט געשטעלט געוואָרן צווישן די גרויסע רעפאָרמעס. די פראַגע איז אָפּגערוקט געוואָרן אויף שפּעטער, מ'האָט זי באַהאַנדלט גלידערווייז; מ'האָט נאָכגעלאָזט טראָפּנווייז. אין אַלע דעמאָלטדיקע „גנאָד-רעפאָרמעס" האָט געשטעקט אַ פעסטער מיין: נישט ווייטער פאַר אַ געוויסן גבול; פון יענער זייט גבול האָט שוין געשמעקט מיט „קאָנסטיטוציע", מיט

„פּאָליטישער פרייהייט", אַזוינס האָט נישט געטאָרט געדאַכט ווערן. דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען מיט דער יידן־פראַגע אויך: דאָ איז אויך געווען אַ געוויסער גבול: בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג, די פראַגע זאָל בעצם נישט ווערן אויס. דאָס אָפיציעלע רוסלאַנד פון אלכסנדר דעם וו־טנס תקופה האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר פּאָליטישע פרייהייט, פאַר בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג און האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף העלפט וועג. דער איבערגאַנג פונם אַלטפרעונקישן רע־זשים צום נייעם האָט דאָך שאַרף געענדערט סיי דאָס לעבן אין לאַנד, סיי דאָס יידישע לעבן. דער גייסטיקער קריזיס איז פאָרגעקומען אַ סך שאַרפער פאַרן פּאָליטישן. אין די ביוראָקראַטישע הויכע פענסטער האָט נאָך געבלאָזן אַ ווינטער־קעלט, די האַרטע צענזור האָט נאָך געהאַלטן אויף דער קייט דאָס געדרוקטע וואָרט, און דאָך האָט שוין אין אַלע קרייזן אין דער רוסישער געזעלשאַפט געברויזט און געשטורעמט אַ באַפרייטע סאָציאַלע ענערגיע און האָט אָפּט געבראָכן פּאָליצייאישע צוימען. יינג־רוסלאַנד האָט זיך מיט אימפּעט געריסן ווייט פאָר־אויס און האָט שטאַרק איבערגעיאָגט די קריכעריי פון דער גנאָד־רעפאָרם, מ׳האָט זיך פאַרמאָסטן אויפן אויסגעפרווטן פּאָליטישן מערב־אייראָפּעאישן וועג; דאָ איז ער אָבער געווען אַ סך שווערער, פּיינלעכער.

דאָס ערשטע אין יידישן לעבן, וואָס האָט זיך געמוזט וואַרפן אין אויג אַלכסנדר דעם וו־טנס רעגירונג, — דאָס איז געווען די רעקרוטן־פּלאָג. נאָך איידער די קרימער מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער קאָמיטעט פאַר יידישע ענינים אויפגעוויזן דעם צאַר, אַז מ׳מוז רעפאָרמירן דאָס יידישע רעק־רוטן־וועזן מיט די אַלע צען מכות: מיט דעם אָפּגעבן קינדער פאַר קאַנטאָ־ניסטן, מיט די שטראָף־רעקרוטן, מיט כאַפּן אָן פּעסער א. אַ. וו. די דאָזיקע נעבעך־רעפאָרם האָט מען אָבער אָפּגעלייגט אויף אַ יאָר, און ערשט צום קאָראָנאַציע־מאַניפעסט דעם 26 אויגוסט 1856 האָט מען דאָס געגעבן יידן פאַר אַ קייזערלעכער גנאָד. אין מאַניפעסט הייסט דאָס אַזוי: „כדי פאַרלייכטערן יידן צו טון זייער רעקרוטן־פליכט, באַפוילן מיר: 1) רעקרוטן זאָל מען נעמען ביי יידן מיט אַלע שטאַנדן גלייך, דערהויפּט פון דעם טייל, וואָס האָט נישט קיין שטענדיק וואוינאָרט און טוען נישט קיין פּראָדוקטיווע אַרבעט. 2) רעקרוטן זאָל מען נעמען ביי יידן דיזעלבע יאָרן און דיזעלבע אייגנשאַפטן וואָס ביי אַנדערע שטאַנדן, דערנאָך זאָל דאָס נעמען קינדער פאַר רעקרוטן אָפּגעשאַפט ווערן. 3) צו דעקן דעם אויספאַל פון רעקרוטן זאָל מען זיך פירן לויט די אַל־געמיינע געזעצן, דאָס נעמען שטראָף־רעקרוטן ביי יידישע קהלות פאַרן אויספאַל זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. 4) ס׳זאָלן אויך אָפּגעשאַפט ווערן די דערווייליקע פראָבע־תקנות פונם יאָר 1853, אַז קהלות און סתם־יידן זאָלן מעגן צושטעלן פאַר זיך פאַר רעקרוטן געכאַפּטע אָן פּעסער".

דערמיט האָט דאָס געזאָלט נעמען אַ סוף צו דער רעקרוטן־אינקוויזיציע, וואָס האָט געהאַלטן כמעט 30 יאָר און וואָס האָט איינגעבונדן אַ נייע בלאַט אין

דער יידישער גזרות־געשיכטע. יידן האָבן געקריגן כמעט גלייכבאַרעכטיגונג אין רעקרוטן־פליכט: דער אַלגעמיינער סטאַטוט פאַר מיליטער־פליכט זאָל גילטן פאַר יידן אויך מיט אייניקע אויסנעמען, אַ נשאר פון פריער. אין דעם אַרויפוואַרפן די גאַנצע רעקרוטן־לאַסט אויף דער קאַטעגאָריע „נישט אייגעזעסענע און אומ־פּראָדוקטיווע", להבדיל פון „ניצלעכע", ד. ה. פאַרמעגלעכע יידן, האָט זיך אין מאַניפעסט געלאָזט הערן דער אַלטער פּלאַן: איינטיילן יידן אין קאַטעגאָריעס („ראַזבאָר"). אויך האָט מען נישט געוואָלט פאַרגלעטן דעם היסטאָרישן פאַר־ברעך קעגן יידן: אין דעם גלייכצייטיקן מאַניפעסט וועגן פריילאָזן רוסישע קאַנטאָניסטן, סאָלדאַטישע קינדער, האָט מען ספּעציעל אָנגעוויזן, אַז אָפּגעשמדטע יידישע קינדער זאָל מען נישט אומקערן אַהיים, נאָר מ׳זאָל זיי אָפּגעבן אויף קריסטנס השגחה... פאַרן יידישן סאָלדאַט האָט נאָך געגאָלטן דער אַלטער כּלל: ווילסט שטייגן אין דער דינסט, שמד זיך, ערשט פונם יאָר 1861 אָן האָט מען אַ יידן געמעגט מאַכן פאַר אונטעראָפיציר מיט אַנדערע גלייך (פריער האָט מען באַדאַרפט באַווייזן גבורה אין דער מלחמה). העכער פאַר אַן אונטעראָפיציר האָט אַ ייד נישט געקאָנט דערלאַנגען בכלל.

נאָך דעם אָפּשאַפן די רעקרוטן־גזרה האָט מען געמוזט אַ קלער טון פון פאַרלייכטערן דעם קנעכטישן יאָך אויך, די ביטערע רעכטלאָזיקייט, וואָס האָט געוואָרגן דעם פאַרוואָרלאָזטן „תּחום". דער כמעט־ליבעראַלער הויכגעשטעלטער גראַף קיסעליעוו, געוועזענער פאַרזיצער אין „יידישן קאָמיטעט" פאַר ניקאָלאַי דעם I־טן, האָט נאָך זומער 1856 דערלאַנגט אַלכּסנדר דעם II־טן אַ שריפט, אָנ־געוויזן, אַז „פאַרשידענע דערווייליקע יידן־באַגרעניצן לאָזן נישט צושטאַנדקומען דעם אַלערהעכסטן צוועק צו פאַרשמעלצן יידן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג". דער צאַר האָט דאַן באַפוילן (דעם 31 מערץ): „איבערזען אַלע גילטיקע כּללים פאַר יידן, אויסצושטימען זיי מיט די אַלגעמיינע אויסזיכטן, אַז יידן זאָלן פאַרשמעלצט ווערן מיט דער תּושבים־באַפעל־קערונג, ווי ווייט דאָס איז מיגלעך ביי דעם מאָראַלישן צושטאַנד ביי יידן". בכן איז שוין אָנהויב אַלכּסנדר׳ס רעגירן געשטעלט געוואָרן דער צוועק: פאַר־שמעלצן יידן מיטן רוסישן פאָלק; פאַרלייכטערן זייער בירגערלעכע לאַגע — דאָס זאָל זיין די פּרעמיע דערפאַר. די מניעה צו אַזאַ „פאַרשמעלצן" האָט מען אייג־געזען אין דער היסטאָרישער אחדות פון דעם יידישן פאָלק: אויף דער אָפיציע־לער שפּראַך האָט דאָס געהייסן „אָפּשליסן זיך" און נעמען זאָל זיך דאָס פון דעם נידעריקן „מאָראַלישן צושטאַנד ביי יידן". און היות, ווי ס׳קאָנען זיך גע־פינען מער־„מאָראַלישע" יידן, וואָס ציען צו איינקויפן זיך אין רוסישן פאָלק, איז פאָראויסגעזען, אַז אַזוינע מעגן האָבן די בכורה אין בירגער־רעכט אַקעגן זייערע איינגעשפּאַרטע ברידער. אין די פּעטערבורגער ביוראָקראַטישע קרייזן האָט זיך פון דעם מאָמענט אָן איינגעוואָרצלט אַ געדאַנק, אַז מען זאָל פון דער גאַנצער יידישער מאַסע אויסטיילן באַזונדערע גרופּעס, וואָס האָבן אַ צענז פון פאַרמעגנס אָדער בילדונג, אַז זיי זאָל מען שענקען געוויסע רעכט און פּריווי־

לעגיעס. דאָס איז אייגנטלעך געווען די אַלטע מעטאָדע, איבערגעניצעוועט אויף דאָס ניי: פריער האָט מען געוואָלט שטראָפן די „אומניצלעכע" „נישט־איינגעזע־סענע שטעטישע", די שטראָף זאָל זיין — פּאַרמינערטע בירגער־רעכט; איצט זאָל מען דאָס אייגענע טון פון דער אַנדערער זייט: די „לייטישע", די „נוצלעכע" זאָלן באַקומען אַ פּרעמיע מער בירגער־רעכט, ריכטיקער, זיי זאָלן זיין ווייניקער פאַרקנעכט. די סיסטעם איינטיילן דאָס פאָלק אין קאַטעגאָריעס: פּראָטעזשירטע און פאַרוואָרלאָזטע — איז געבליבן ווי פריער; געביטן האָט זיך נאָר די טאַקטיק: אָנשטאָט דער בייטש איינצושרויפן וואָס מער דעם פּרעס פאַר איינגעשפּאַרטע — זאָל שוועבן די האָפענונג, דער פּרעס זאָל נאָכגעלאָזט ווערן פאַר פאָלגער.

אין פּעטערבורג האָט זיך געפונען אַ גרופּע „בכבודיקע יידישע סוחרים" (נעגאָציאַנט און באַנקיר י. גינזבורג און אַנד.) וואָס האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר דעם דאָזיקן אויפטו, פאַר די צוגעזאָגטע פּריווילעגיעס די פאַרמעגלעכע קלאַסן. יוני 1856 האָט די דאָזיקע גרופּע דערלאַנגט אַ ביטשריפט אַלכסנדר דעם II־טן; זי קלאָגט זיך אויף דער רעכטלאָזיקייט, וואָס וואַרגט אַלע יידן גלייך „פונם בעל־מלאכה ביזן פאָרנעמסטן סוחר, פונם לעצטן ביזן מאַגיסטער", וואָס האַלט זיי „ביי דער מדרגה פון אַ געפאַלענעם, חשודיקן שבט", און ווייזט אָן, אַז ס'איז נויטיק צו מאַכן אונטערשיידן אין דער יידן־מאַסע גופא. „אויב דער ייִנגער דור, דערצויגן אונטער דער רעגירונגס השגחה און אין רעגירונגס גייסט; אויב גרויסע סוחרים, וואָס האָבן אויפגעלעבט און רייכגעמאַכט די געגנט; אויב ערלעכע בעלי־מלאכות, וואָס אַרבעטן מיט שוויס אויפן שטיקל ברויט, אויב די אַלע וועלן אויסגעטיילט ווערן צום גוטן מיט מער רעכט איידער יענע, וואָס האָבן נאָך דערווייל נישט באַוויזן זייער גוטן ווילן, זייער נוצלעכקייט, אַרבעט־לוסט, — דעמאָלט וועט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איינזען פון די דאָזיקע געציילטע באַגליקטע, צו וועמען די רעגירונג איז גערעכט און גנעדיק, אַ מוסטער, וואָס פאַר אַ יידן די רעגירונג וויל האָבן, און דאָס גאַנצע פאָלק וועט זיך מיט פרייד אַ לאָז טון צו דערלאַנגען דער רעגירונגס צוועק. אונזער השתדלות איז איצט, אַז דער גנעדיקער מאָנאַרך זאָל אונז גוט זיין און באַווילקן אויסטיילן דעם קערן פון דער שטרוי, און זאָל מיט גנאָד שענקען אייניקע מעסיקע פּריווי־לעגיעס די פיינסטע, די געבילדעטסטע אונזערע". די פּריווילעגיעס זאָלן זיין: 1) „גלייכע רעכט ווי אַלע אונטערטאַנען אָדער ווי יידן־קאַראַאימען" פאַר אַלע געבילדעטע, ווירדיקע יידן, וואָס האָבן פאַרדינט דעם נאָמען בכבודיקע בירגער; פאַר סוחרים פון דער ערשטער גילדיע, וואָס האָבן אויסגענומען מיט זייער סוחרישער ערלעכקייט; פאַר סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך ערלעך אויסגעדינט אין מיליטער; 2) וואוינונג־רעכט אויסער דעם „תחום" — פאַר „די ווירדיקסטע בעלי־מלאכות", וואָס האָבן אַטעסטאַטן פון צעכן. די דאָזיקע פּריווילעגיעס „פאַר די בעסטע אונזערע" וועלן ברענגען, די רעגירונג זאָל אויספירן איר צוועק, „אַז די שאַרפע איינגעשאַפטן, וואָס טיילן אָפּ יידן פון איינגעבוירענע רוסן, זאָלן זיך

אויסוועבן און יידן זאָלן אין אַלצדינג צונויפוואַקסן מיט זייער (די רוסנס) אַרט דענקען און טון". אויף יענער זייט אָפּגעשלאָסענעם „תחום" וועלן יידן באַווייזן „זיך אויסלערנען ביי אמת׳ע רוסן זייערע מעלות" און „אומעטום וועט וואַקסן דער חשק צו בילדונג און נוצלעכער אַרבעט"...

די הכנעה׳דיקע שפּראַך האָט געפּאַסט פאַר מענטשן אויף דער גרעניץ צווישן קנעכטשאַפט און פרייהייט, פאַר מענטשן, וואָס זייער גאַנץ גייסטיק אייגנס האָט זיך אויסגעבילדעט ביי אַ רעזשים פון פּרעס און אומרעכט. פּעטערבורגער שתדלנים האָבן געטייט אויף די מערב־לענדער, דאָרט וואו גלייכבאַרעכטונג האָט מיטגעהאָלפן יידישער אַסימילאַציע, זיי אָבער האָבן קיין מוט נישט געהאַט צו בעטן פאַר אַסימילאַציע גאָרע גלייכבאַרעכטונג, זיי האָבן זי אָנגעבאָטן פאַר קלאָגעדיקע ברעקלעך רעכט און פּריווילעגיעס פאַר די „פאָרנעמסטע", און נישט באַמערקט אַפילו, ווי נידעריק ס׳איז זייער פּראָיעקט—איינטיילן אַ פאָלק אין פייגע און אומלייט, וואָס זאָלן ווערט זיין אַ מענטשלעכע עקזיסטענץ, אָדער נישט...

די רעגירונג האָט איינגיכן אָנגענומען דעם פּרינציפּ „אָפּקלייבן די בעסערע". יידישע רעכטלאָזיקייט זאָל פאַרלייכטערט ווערן טיילווייז, אָבער נישט לויט דער קאַטעגאָריע אומרעכט, נאָר לויט דער קאַטעגאָריע יידן. מ׳האָט אָנגעהויבן טראַקטירן ווי אָפּצושאַפן אָדער פאַרגלעטן די־יענע באַגרענעצן נישט פאַר דער גאָרער יידישער מאַסע, נאָר פאַר אייניקע אירע „נוצלעכע" גרופּעס, דריי אַזוינע גרופּעס האָט מען אָנגעמערקט: סוחרים פון דער ערשטער גילדיע, פערזאָנען מיט הויכבילדונג, צעך־בעלי־מלאכות. ס׳האָט ווידער אויפגעלעבט דער ביוראָקראַטישער „קאָמיטעט פאַר איינאָרדנען יידן" און ער האָט יענע צייט שטאַרק געאַרבעט (1856—1863). כמעט צוויי יאָר (1857—1859) האָט מען באַהאַנדלט אינם קאָמיטעט, דערנאָך אין מלוכה־ראַט, די פּראַגע וועגן וואוינרעכט פאַר יידן־סוחרים פון דער ערשטער גילדיע אין טיף־רוסלאַנד. זיצונגען דורכאַנאַנד האָבן זיך הויכגעשטעלטע ביוראָקראַטן מיטן גאַנצן ערנסט געאַמפּערט, ווי אַזוי מאַכט מען דאָס: אַריינציען יידישע קאַפּיטאַלן אין די רוסישע גובערניעס און ווידער פאַרהיטן די דאָזיקע גובערניעס פאַר אַ יידישער פאַרפלייצונג; ס׳זאָל נישט געשעען אַזוי, אַז יידן זאָלן זיך דאָרט גלאַט פאַרשרייבן פאַר סוחרים און מיטברענגען מיט זיך „אַ גאַנצן יידישן שבט", כלומרשט זייערע געזינדן. נאָך לאַנגע דעבאַטן איז געבליבן: לאָזן יידן סוחרים, וואָס זענען שוין פריער געווען אין דער ערשטער גילדיע, איבערציען אין די רוסישע גובערניעס מיט זייערע געזינדן און מיט אַ קליינער צאָל דינערשאַפט און אָנגעשטעלטע. די דאָזיקע סוחרים זאָלן דאָרט מעגן וואוינען און האַנדלען מיט רוסישע סוחרים גלייך בתנאַי, אויב זיי וועלן נאָכן איבערציען אויך צאָלן ערשטע גילדיע מינדסטנס 10 יאָר און דערצו נאָך אַ היפּשן אָפּצאָל. דעם 16 מערץ 1859 האָט דער צאַר באַשטעטיקט דעם מלוכה־ראַטס באַשלוס. פאַרן יידישן קאַפּיטאַל האָבן זיך געעפנט די טויערן פון די פאַרבאָטענע רעזידענץ־שטעט און פון די רוסישע גובער־

ניעס. נאָך די גרויסע האָבן זיך אַ לאָז געטון קלײנע קאַפּיטאַליסטן: די נויט האָט זײ געטריבן פונם „תּחום" אינם נײעם ישוב; פאַר דער דאָזיקער פּריווילעגיע האָבן זײ געהאַט צו צאָלן אַ לאַנגיאָריקן שווערן שטײער—די ערשטע גילדיע. אַ סך פּרטים האָט דאָס געשטימט מיט דער לאַגע פון „טאָלערירטע" יידישע סוחרים אין ווין ביזן יאָר 1848.

געשענקט „טאָלעראַנץ-רעכט" דעם פאַרמעגן, האָט מען גענומען באַגליקן מיט אײניקע זכיות יידן מיט אַ בילדונגס-צענז. די דאָזיקע פראַגע האָט מען אויף אַ צײט לאַנג באַהאַנדלט אין „יידישן קאָמיטעט", אין די מיניסטעריומס, אין מלוכה-ראַט. דער בילדונגס-מיניסטער נאָראָוו האָט נאָך דאָס יאָר 1857 דער-לאַנגט דעם „יידישן קאָמיטעט" אַ שריפט, געוויזן, אַז „רעליגיעזער פאַנאַטיזם און אַבערגלויבן ביי יידן" איז נישט אויסצוואָרצלען, סײדן די יידישע יוגנט זאָל אָנקומען אין די אַלגעמײנע שולן; „דאָס איז מיגלעך צו דערלאַנגען נאָר מיט שענקען זײ מער בירגעררעכט און מאַטעריעלע נוצן. נאָראָוו האָט פאָרגע-שלאָגן געבן וואוינרעכט אין דער גאָרער אימפּעריע יידן, וואָס ענדיקן אַ הויכשול אָדער אַ מיטלשול; אַקעגן אָבער זאָל פאַרמינערט ווערן דאָס רעכט צו פאַר-שרײבן זיך אין גילדיע פאַר אַזוינע, וואָס האָבן זיך גאָר נישט געלערנט אין קײן רוסישער שול. אין „יידישן קאָמיטעט" האָט מען שטאַרק דעבאַטירט, ווער ס'זאָל געניסן פון דער פּריווילעגיע וואוינרעכט אין גאַנצן לאַנד: יידן פון מיטל-שולן אויך, אָדער נאָר מיט הויכשולבילדונג? דער רוב פונם קאָמיטעט האָט געהאַלטן פון „גײן בהדרגהוויײז": דערווײל זאָלן קריגן וואוינרעכט נאָר די, וואָס ענדיקן דעם אוניווערסיטעט און אַנדערע הויכשולן מיט דעם טיטול דאָקטאָר, מאַגיסטער אָדער קאַנדידאַט; אַזוינע זאָלן מעגן אָנקומען אויף קרוינשטעלעס אויך. דאָס הײסט, אַז פון אַ יידן, וואָס ענדיקט דעם אוניווערסיטעט, האָט מען געפאָדערט דערלאַנגען אַ ווייסנשאַפטלעך ווערק אָדער אַ דיסערטאַציע אויף צו פאַרדינען וואוינרעכט ערגיץ אין טאַמבאָוו אָדער אַ שטעל פון אַ קאַנצעליאַריסט. אַזוי האָט די זאַך דערלאַנגט צום מלוכה-ראַט (1861). דאָ האָבן זיך די שטימען געשפּאָלטן אויף העלפט. 20 גלידער האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף „שענקען" וואוינרעכט געענדיקטע אין גימנאַזיעס אויך, וואָרום ווען אַ יידן אַ גימנאַזיסט „לאָזט זיך שוין טראַכטן, אַז אויב ער איז שוין נישט אויסגעהײלט גאָר, איז שוין אין אים געגנוג אָפּגעשוואַכט דער גראָבער פאַנאַטיזם און אַבערגלויבן, וואָס שטערט יידן צו ווערן אײנס מיט דער אײנגעבוירענער באַפעלקערונג". די קאָנ-סערוואַטיווע העלפט פון מלוכה-ראַט האָט געטענה'ט אַנדערש: „וואוינרעכט פאַר-דינען נאָר יידן מיט אַזאַ „בילדונג", וואָס זאָל גאַראַנטירן, אַז זײ האָבן זיך שוין אָפּגעזאָגט פון אַלע פאַנאַטישע פעלערן". אויף יענער זײט „תּחום" מעג מען דאַריבער לאָזן נישט מער ווי מענטשן מיט הויכבילדונג און מיט אַ געלערנטן טיטול. אַלכּסנדר דער ‖-טער האָט אָנגענומען די מײנונג פון דער קאָנסערוואַ-טיווער העלפט מלוכה-ראַט. אַזוי איז אַרויס דער געזעץ פונם 27 נאָוועמבער 1861:

„יידן, וואָס האָבן דיפּלאָמען אויף דאָקטאָר מעדיצין, כירורגיע, אָדער אויף דאָקטאָר, מאַגיסטער, קאַנדידאַט פון אַן אַנדער פאַקולטעט, מעגן אָנקומען אויף שטעלעס אין אַלע אַמטן נישט גראָד אין יידישן תחום. זיי מעגן אויך שטענדיק וואוינען אומעטום אין דער אימפּעריע און באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל און אינדוסטריע; חוץ זייערע געזינד, מעגן זיי האָבן ביי זיך נישט מער פאַר צוויי „הויזדינער פון זייער גלויבן".

די דאָזיקע רוסישלעכע עמאַנסיפּאַציע אויף אויסצאָלן האָט געבראַכט אַזאַ רעזולטאַט: אַ הייפל יידן מיט דיפּלאָמען פון געלערנטע האָבן באַקומען וואוינרעכט אין די רוסישע גובערניעס, ערגעץ וואו האָט מען זיי צוגעלאָזט צו קרוינשטעלעס אויך אַלס ציוויל- און מיליטער-דאָקטוירים. אַלע איבריקע מיט הויכבילדונג („מעדיצינער", „לעקאַר'ס" און „ווירקלעכע סטודענטן") האָבן נישט געהאַט נישט קיין וואוינרעכט אויסערן תחום, נישט קיין דינסט-רעכט. דאָס יאָר 1866 האָט דער בילדונגס-מיניסטער גאָלאָווגין געמעלדעט דעם מלוכה-ראַט וועגן אַזאַ געזעץ-שפּאַס: אַ ייד אַ סטודענט, בעת ער לערנט אין אוניווערסיטעט אין אַ רעזידענץ-שטאָט, מעג ער דאָרט וואוינען; טאָמער אָבער ענדיקט ער מיט אַ געוויינטלעכן דיפּלאָם, אָן אַ געלערנטן טיטול, ווערט ער אָן דאָס וואוינרעכט און מוז אַרויס אין „תחום". די רעגירונג האָט שווער נאָכגעגעבן, און געטין האָט זי דאָס איבער נויט. היות ווי אין מיליטער אין טיף-רוסלאַנד האָט געפעלט דאָקטוירים, האָט מען דערלויבט יידן-„לעקאַרס" (מעדיצינער) אָנצוקומען אויף קרוינישע שטעלעס אַלס מיליטער- און ציוויל-דאָקטוירים אומעטום, חוץ ביידע רעזידענץ-שטעט (באַפעלן פון די יאָרן 1865 — 1867). אָבער אויף סתם-וואוינרעכט אויסערן „תחום", אָן אַ קרוינשטעלע, האָט מען נאָך אַלץ באַדאַרפט האָבן אַ דיפּלאָם פון אַ געלערנטן. ערשט אין 20 יאָר אַרום (1879) האָט מען געגעבן וואוינרעכט אומעטום אַלע קאַטעגאָריעס יידן מיט הויכבילדונג, וואָס פאַר אַ דיפּלאָם זיי זאָלן נישט האָבן; וואוינרעכט האָבן באַקומען פאַרמאַצעווטן, דאַנטיסטן, פעלדשערס און אַקושאָרינס אויך.

פּריווילעגיעס פאַר גרויסע סוחרים און פאַר דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ האָבן געטראָפן נישט מער ווי אַ קליינע גרופּע פון דער יידישער געזעלשאַפט. וואָס זאָל זיין מיט דער גרויסער יידישער מאַסע? לויט די כּללים פון פּאָליטישער האָמעאָפּאַטיע האָט מען איצט אויך באַדאַרפט אויסטיילן פון דער דאָזיקער מאַסע אַ געוויסע גרופּע, וואָס זאָל ווערט זיין, מ'זאָל איר שענקען. די רעגירונג האָט זיך לאַנג געיִשובט, צי זאָל זי אַריינלאָזן יידן בעלי-מלאכות אין טיף-רוסלאַנד. דאָס יאָר 1856 האָט לאַנסקאָי, דער אינערן-מיניסטער, אָנגעפרעגט וועגן דעם ביי די גענעראַל-גובערנאַטאָרס און גובערנאַטאָרס פון די מערב-גובערניעס. דאָס רוב תשובות איז געווען — פאַר. פון דריי גענעראַל-גובערנאַטאָרס האָט נאָר איינער (דער ווילנער) געהאַלטן פאַר איבריק ענדערן די איצטיקע לאַגע. זיין קיעווער קאָלעגע, פירשט וואַסילטשיקאָוו מיינט, אַז ס'וואָלט

געווען זייער צוועקמעסיק אַריבערוואַרפן אין טיף־רוסלאַנד אַ טייל איבריקע בעלי־מלאכות פונם „תחום“, וואָס ליידן שטאַרק איבער דער גרויסער קאָנקורענץ, בעת דאָרט, אין די רוסישע גובערניעס, פעלן אויס בעלי־מלאכות[1]. נאָך ליבעראַלער האָט זיך אַרויסגעשטעלט דער נאָוואָראָסיער גענעראַל־גובערנאַטאָר, גראַף א. ג. סטראָגאַנאָוו. ער שרייבט אַזוי: „היינטיקע צייט זאָלן יידן געמיינערט זיין אין זייערע בירגערלעכע רעכט אַ קעגן קריסטן — דאָס שטימט נישט, נישט מיטן צייט־גייסט, נישט מיט דער רעגירונגס שטרעבן צו פאַרשמעלצן יידן מיט דער תּושבים־באַפעלקערונג אין דער אימפעריע“. „מ'דאַרף לאָזן יידן וואוינען אומעטום אין דער אימפעריע און באַשעפטיקן זיך, מיט אַלע גלייך, מיט מלאכות און פּראָפעסיעס, ווי זיי געפעלט, לויט זייערע זיטן און פעאיקייטן“.

אַזאַ איינגעשטעלטע מיינונג פון אַ רוסישן הויכגעשטעלטן ביוראָקראַט, וואָס האָט אין אַ ליכטיקער שעה אָנגעהויבן ריידן אייראָפּעאיש, איז געווען ווילדפרעמד דער פעטערבורגער ביוראָקראַטיע; אָבער דאָס גוטע וואָרט פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע פאַר יידישע בעלי־מלאכות האָט זיי שטאַרק געדינט. קאַנצעליאַרישע קריכעריי האָט נאָך פאַרהאַלטן די פראַגע אויף עטלעכע יאָר. די פראַגע איז נאָך אַמאָל געשטעלט געוואָרן אינם „יידישן קאָמיטעט“ (1863), וואָס האָט צייט 25 יאָר געמאַכט פאַרשידענע עקספּערימענטן מיט „איינאָרדנען יידן“. דערנאָך האָט דאָס דערלאַנגט צום מיניסטאָרן־קאָמיטעט און צום מלוכה־ראַט. וואַלויעוו, דער אינערן־מיניסטער, האָט געפאָדערט, מ'זאָל יידן בעלי־מלאכות און טעכניקער לאָזן איבערציען אין טיף־רוסלאַנד, אָבער מיט געוויסע תּנאים, „אָפּגעהיט, אַז די באַפעלקערונג אין טיף־רוסלאַנד זאָל מיט אַמאָל נישט פאַרפלייצט ווערן פון פרעמדע“. „יידן — זאָגט וואַלויעוו, — שטרעבן זיך אַריבערוואַרפן אין אַן עקאָנאָמיש־גינסטיקערער סביבה, און זיי וועלן געוויינטלעך נישט דורכלאָזן קיין איין געלעגנהייט צו עקספּלואַטירן די געגנטן אין דער אימפעריע, וואָס ביז איצט האָבן זיי אַהין קיין צוטריט נישט געהאַט“. דעם פּראָיעקט האָט מען אָנגענומען אין דער רעדאַקציע פונ'ם אינערן־מיניסטעריום מיט די אַלע וויטיקע פאָרזיכטן קעגן „יידישער עקספּלואַטאַציע“.

נאָך אַ ניינייאָריקן ישוב האָט אַלכּסנדר דער II־טער לסוף באַשטעטיקט דעם געזעץ וועגן לאָזן יידן בעלי־מלאכות, מעכאַניקער, בראָנפנמאַכער און לערנ־

---

[1]) לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק יענע צייט (בערך דאָס יאָר 1860) איז אין 15 גובערניעס פונם „תחום“ (אָן קעניגרייך פּוילן) און אין דער באַלטישער געגנט געווען 1.430.000 יידן, ד. ה. כּמעט 8% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין די דאָזיקע גובערניעס. בעלי־מלאכות אין די „יידישע“ גובערניעס איז געווען אַ סך מער. איידער אין די אינעווייניקסטע. אין קיעווער גובערניע, אַ שטייגער, איז אויף טויזנט אייגוואוינער געווען 2.06 בעלי־מלאכות. בשכנות אין קורסקער גובערניע איז געווען נישט מער ווי 0.8. באמת איז די צאָל יידן געווען אַ סך גרעסער פאַר דער בע־ניע, בראַכטער ציפער, וואָרום קיין ריכטיקע פאָלקסציילונגען זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען. די 70־ער יאָרן איז אין דער גאַנצער אימפעריע (מיט פּוילן) געווען בערך דריי מיליאָן יידן.

יינגלעך ביי בעלי־מלאכות וואוינען אומעטום אין דער אימפּעריע (28 יוני 1865). די פּריווילעגיע האָט מען אין געזעץ גופא, און נאָכמער דערנאָך אין דער פּראַקטיק, רעכט אַרומגעצוימט מיט פאַרשיידענע שוועריקייטן. אַ ייד אַ בעל־מלאכה, וואָס וויל איבערציען אויסערן „תחום", דאַרף צושטעלן, חוץ אַן אַטעסטאַט פונם צעך, אַז ער קען די מלאכה, נאָך אַ פּאָליציי־שיין אויך, אַז ער איז נישט אָנגעקלאָגט אין געריכט. אַ פּאַס דאַרף ער שטענדיק נעמען אין זיין געבוירן־שטאָט אין „תחום"; דאָ, הייסט דאָס, אויסערן „תחום", איז ער אויף אַ ווייל. ער מעג האַנדלען נאָר מיט אויסאַרבעט פון זיין אייגענעם וואַרשטאַט, זאָל ער אויפהערן צו אַרבעטן, ווערט ער פאַרטריבן צוריק אין „תחום". די רעגירונג האָט קוים געעפנט אַ לופטל אין דער „תחום"־שטיקעניש, אָבער שטאַרק געהיט, אַז ס'זאָל זיך פון דאָרטן נישט אַרויסרייסן צופיל מיט אַ כּיון־פאַרפּרעסטער ענערגיע. איינגעפּרעסטע מענטשן האָבן זיך שטאַרק געריסן דורכן דאָזיקן לעכל. בעלי־מלאכות זענען געפאָרן ווייניק, איבער די אָנגעוויזענע מניעות, אָדער מחמת פרומקייט; דערפאַר האָבן זיך אַ לאָז געטון לופט־מענטשן, פאַרשטעלט פאַר בעלי־מלאכות, אַהין „וואו ס'לוינט עקאָנאָמיש בעסער". די דאָזיקע לייט איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין: אַלס פיקטיווע בעלי־מלאכות זענען זיי געווען ביי פּאָליציי אין דער האַנט און געמוזט איר צאָלן מס. האָט מען „געכאַפּט" אַזאַ „פאַרברעכער" אויסערן „תחום", אַזוי האָט מען אים פאַרטריבן און קאָנפיסקירט זיין סחורה אויך.

די רעגירונג האָט זיך געהאַלטן ביי איין כּלל: וואָס מער איינהאַלטן דעם „שטראָם" יידן צו טיף־רוסלאַנד, וואָס קלענער די „פּריווילעגירטע" גרופּעס! דער צאַר גופא, געטריי דער אַלטער טראַדיציע, האָט אָפט געזאָגט „ניין" אויף אַ סך פּראָיעקטן צו פאַרברייטערן דעם יידישן „תחום". דער „יידישער קאָמיטעט" האָט פאָרגעשלאָגן, מ'זאָל געבן וואוינרעכט יידן אויסגעדינטע סאָלדאַטן, וואָס נאָך 25 יאָר דינסט פלעגט מען זיי טרייבן פון די דינסט־ערטער אין „תחום" אַריין. אלכּסנדר דער II־טער האָט דערויף געמאַכט אַ רעזאָלוציע: „פאַר קיין פאַל"! (1858). נאָך שטאַרקע השתדלות'ן האָט מען ביי אים געפועלט, „אַלס אויסנאַם", אַז אַ גרופּע אויסגעדינטע פון דער פּעטערבורגער גוואַרדיע זאָל מעגן בלייבן אין פּעטערבורג (1860). שפּעטער האָט מען אָבער געמוזט נאָכגעבן: דאָס יאָר 1867 איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער פאַרבאָט פאַר אויסגעדינטע סאָלדאַטן צו בלייבן אויסערן „תחום". נאָך אַ גרויס וואַקלעניש האָט מען געגעבן וואוינרעכט „ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטן" און זייערע קינדער—אַ קנאַפּער לוין פאַר דער רעקרוטן־אינקוויזיציע ביים אַלטן רעזשים.

דער ליבעראַלער צייט־גייסט האָט געטון זיינס: די רעגירונג האָט ביסלעכווייז אַליין נאָכגעגעבן, אָדער געמוזט נאָכגעבן. מ'האָט אַראָפּגענומען די געזעצן אויף צו כאַפּן יידן אין „תחום" גופא: מ'האָט געעפנט פאַר יידן די פאַרבאָטענע תחום־שטעט, ניקאָלאַיעוו, סעוואַסטאָפּאָל, מ'האָט פאַרלייכטערט יידן

קומען אין דער הייליקער שטאָט קיעוו, מ'האָט אָפּגעשאַפט די שענדלעכע פּרי־ווילעגיעס פון אַזוינע שטעט, ווי ווילנע און זשיטאָמיר, צו פאַרווערן יידן וואוינען אין געוויסע גאַסן. אין דאָרף־געגנטן האָט מען דערלויבט יידן קויפן ערד ביי אַזוינע פּריצים, וואָס זייערע פּויערים האָבן שוין ליקווידירט אַלע פליכטן קעגן זיי נאָך דער באַפרייאונג (1862). אָבער באַלד דערויף, נאָכן איינ־שטילן דעם פּוילישן אויפשטאַנד, האָט די רעגירונג גענומען רוסיפיצירן די מערב־געגנט און האָט שטרענג פאַרבאָטן יידן אין פּוילן צו פאַרווערבן גיטער אין 9 מערב־גובערניעס (ווילנער און קיעווער ראַיאָן 1864). דאָס, וואָס יידן האָבן געוויבען נאָכן באַפרייען די פּויערים, האָבן זיי פאַרלאָרן נאָכן פּוילישן אויפשטאַנד: זיי האָבן אָנגעוואָרן דאָס רעכט צו פאַרווערבן גיטער אויסער דער שטאָט אין גרעסטן טייל „תחום". אויף די איבריקע גרויסע רעפאָרמעס, די זעמסטווע און דאָס נייע געריכט, איז שוין נישט געווען דער שענדלעכער פלעק: „חוץ יידן". אינם „סטאַטוט פאַר די זעמסטווע־אַנשטאַלטן" (1864) איז נישט געווען קיין שום אויסנאַם פאַר יידן מיט אַ געהעריקן צענז (ערד אָדער האַנדל); יידן האָבן באַקומען אַקטיוו און פּאַסיוו וואַל־רעכט אין די זעמסטווע. אין די דרום־גובערניעס האָבן זיך יידן אָנגעהויבן באַטייליקן אין די זעמסטווע און פאַרנעמען שטעלעס. אין די נייע געריכט־סטאַטוטן (1864) איז אויך נישט געווען קיין וויכטיקע אויסנאַמען. אַ סך יידן־יוריסטן זענען אינגיכן געוואָרן אָנגע־זעענע אַדוואָקאַטן, אָבער צו ריכטער־אַמטן האָט מען זיי ווייניק צוגעלאָזט. ביסלעכווייז איז נישט געוואָרן די אַלטע פּלאָג: די אָפיציעלע מיסיאָנערישע התלהבות. אָנהויב אלכסנדר דעם וו־טנס רעגירן האָט מען נאָך פּראָטעזשירט שמד: משומדים פלעגן באַקומען אַ געלט־שטיצע (געזעץ פונם יאָר 1859); שפּע־טער (1864) האָט זיך די רעגירונג געכאַפּט, אַז ס'לוינט נישט קיין פּרעמיעס פאַר פאַרראָט: מ'האָט פריער אָפּגעשאַפט די געלט־שטיצע פאַר משומדים־סאָלדאַטן, דערנאָך האָט מען אויפגעהערט צו פאַרלייכטערן די שטראָף פאַר קרימינעלע פאַרברעכער, וואָס שמדן זיך בעתן פּראָצעס אָדער געריכט. איצט פּראָטעזשירט מען „יידן זאָלן זיך צונויפשמעלצן מיט דער תושבים־באַפעלקערונג" בירגערלעך און קולטורעל. אָבער אין פּרט קולטורעלע אַסימילאַציע, אָדער רוסיפיקאַציע, האָט נאָך די רעגירונג אָנגעווענדעט מעטאָדעס, גענומען ביי דער אָפּגעלעבטער סיסטעם פונם אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם.

די „קאַזיאָנע" בילדונג, וואָס מ'האָט איינגעפירט די 40־ער יאָרן, האָט זיך תחלת שלעכט אָנגענומען. דאָס יאָר 1848 האָבן זיך געעפנט די צוויי ספּעקטן פאַר אויפקלערער, ווילנער און זשיטאָמירער ראַבינער־שולן. צו יענער צייט איז אין אַ סך שטעט געוואָרן קרוינישע שולן פאַר יידישע קינדער. די ביטערע רדיפות די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַי'ס רעגירן האָבן געשפּילט אַ דאָפּעלטע ראָלע בנוגע די ראַבינער־שולן: איינס, איז ביי יידן געווען פאַרהאַסט די דאָזיקע בילדונג־מתנה פון די פּלאָגערס האַנט; אַקעגן אָבער האָט די רעקרוטן־אינקוויזיציע

מיט גוואַלד געטריבן יידישע יונגעלייט אין די שולן: זיי האָבן פאַרהיט פאַר
דער קאַזאַרמע. היות וויביידע, סיי די קאַזאַרמע, סיי די קרוין=שול, זענען געווען
שמד=פאַבריקן, האָבן אייניקע עלטערן שוין געהאַלטן פאַר גלייכער אָפּגעבן די
קינדער אין שול: דאָרט האָט מען ווייניקסטנס נישט געפייניקט אַזוי ווי אין די
קאַזאַרמעס. אַזוי האָבן געטון די אָרמסטע פאַמיליעס, וואָס אויף זיי פלעגט פאַלן
די גאַנצע רעקרוטן=פלאָג. ביסלעכווייז, ווי ווייט אַלכסנדר דעם וו=טנס רעגירונג
איז געגאַנגען מיט רעפאָרמעס, אָנשטאָט דער פריערדיקער סיסטעם רדיפות, האָט
זיך אויך געביטן די באַציונג ביי יידן צו די שולן. אָנשטאָט מיט גוואַלד האָבן
יידן אַליין אָנגעהויבן אָפּגעבן קינדער אין די שולן, זיי זאָלן זיך בילדן, אָדער
גרייטן זיך פאַר לערער, ראַבינער. פונדעסטוועגן האָט זיך די רעגירונג אָפּגע=
נאַרט אין איר האָפנונג, אַז די נייע שול זאָל אויף גיך צונישט מאַכן די אַלטע
חדרים און ישיבות: אין די קרוינשולן איז געגאַנגען אַ קליינער פּראָצענט
קינדער, און די זענען אויך פריער געווען אין חדר. דאָס ערשטע יאָר שוין פון
אַלכסנדר דעם וו=טנס רעגירן האָט מען גענומען מלחמה האַלטן קעגן דעם קאָנ=
קורענט דעם חדר. מאַי 1855 האָט דער צאַר באַשטעטיקט אַזאַ באַשלוס פונם
„יידישן קאָמיטעט": „אין 20 יאָר אַרום טאָר קיינער נישט ווערן קיין רב אָדער
אַ לערער פון יידישע למודים, חוץ די, וואָס האָבן געענדיקט אַ ראַבינער=שול
אָדער אַן אַלגעמיינע הויכשול, אָדער אַ מיטלשול". אין 20 יאָר האָט די רעגירונג
געוואָלט פאַרניכטן אַטויזנטיעריקן אינסטיטוט פון רבנים און מלמדים און האָט
אָפּט געפּאָכעט פאַר זיי מיט דער דאָזיקער בייטש. דאָס יאָר 1856 האָט מען
איינגעפירט אַ שטרענגן קאָנטראָל אויף חדרים און מלמדים. אין אַ יאָר אַרום
האָט מען שטרענג באַפוילן יידישע קהלות קלויבן פאַר ראַבינער נאָר אַזוינע,
וואָס האָבן געענדיקט אַ ראַבינער=שול, אָדער אַן אַלגעמיינע שול, אין ערגסטן
פאַל יידישע געלערנטע פון דייטשלאַנד. מיט די דאָזיקע שול=דעקרעטן האָט מען
נישט אויסגעפירט. דאָס יאָר 1859 האָט מען שוין געמוזט אַרויסגעבן אַ נייעם
באַפעל: דעם קאָנטראָל אויף חדרים האָט מען שוואַכער געמאַכט, דערפאַר איז
פאַר סוחרים געוואָרן אַ מוז אָפּגעבן זייערע קינדער אין אַלגעמיינע אָדער אין
יידישע קרוינשולן. מיטן אָפּיציעלן מוז וואָלט מען ווייניק וואָס אויסגעפירט
(יידן האָבן שוין פאַרשטאַנען, ווי פּטור צו ווערן פון דער „יונישער חכמה"),
אָבער צו יענער צייט האָט שוין דער קולטור=קריזיס אין געוויסע יידישע קרייזן
דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז די בילדונג=שול איז שוין געוואָרן זייער אָנגענומען.
מ'האָט אָנגעהויבן אָפּגעבן קינדער אין גימנאַזיעס, אין אוניווערסיטעטן, אָבער
וואָס האָבן געקלעקט הונדערטער געענדיקטע אַקעגן הונדערטער טויזנטער חדר=
און=ישיבה=לייט? ס'גייט שוין צום יאָר 1875, ד. ה. צו דעם טערמין, וואָס די
רעגירונג האָט געשטעלט מלמדים, זיי זאָלן זיך אַליין אָפּשאַפן, אָבער די גרויסע
מחנה מלמדים האָט אַפילו נישט געקלערט אָפּצוטרעטן: זיי האָבן געהאַט אַ
געוויסע פונקציע אין יידישן לעבן, ווער זאָל דאָס טון אָנשטאָט זיי? נאָכגעגעבן

האָט די רעגירונג. תחלת האָט מען דעם טערמין פאַרלענגערט, דערנאָך האָט מען זיך גאָר מיאש געווען און צורו געלאָזט מלמדים און חדרים (אַ באַפעל פונם יאָר 1879). צום סוף פון דער דאָזיקער תקופה האָט זיך די רעגירונג אָפּגעזאָגט כמעט פון דער גאַנצער סיסטעם און האָט איר ליקווידירט: דאָס יאָר 1873 האָט מען פאַרמאַכט ווילנער און זשיטאָמירער ראַבינער־שולן און אַלע „קאַזיאָנע" שולן. אָנשטאָט דער גרויסער בילדונג־סיסטעם, ווו מ'זאָל רעפאָרמירן דאָס גאַנצע יידנטום, איז איצט געוואָרן אַ הונדערט „אָנהויב־שולן" און צוויי באַשיידענע לערער־אינסטיטוטן אויסצובילדן לערער פאַר די שולן. די רעגירונג האָט פאַרשטאַנען, אַז די בעסטע מעטאָדע רוסיפיקאַציע איז די אַלגעמיינע שול און האָט אויסגעשטעלט אויף דעם איינגעווייניקסטן רוסיפיר־פּראָצעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי דער פּראָגרעסיווער יידישער אינטעליגענץ.

בעת אין פעטערבורג האָט נאָך אַלץ געהערשט די רוסיפיקאַטאָרישע דאָגמע, איז אין וואַרשע אַרויפגעשווימען — צוזאַמען מיטן פוילישן אויפשטאַנד — דער געדאַנק צו פּאָלאָניזירן יידן. אָנהויב אַלכסנדר דעם ‖־טנס רעגירן האָט די פעטערבורגער רעגירונג גענומען אויסגלייכן די יידישע לאַגע אין דער אימפּעריע און אין פוילן, אָבער די וואַרשעווער אַדמיניסטראַציע האָט געשטערט. די פוילישע געזעלשאַפט איז ביזן אויפשטאַנד געווען אַנטיסעמיטיש, כאָטש אין וואַרשע איז שוין געווען אַ גרופּע יידישע אינטעליגענץ, פויליש־פּאַטריאָטיש געשטימט, וואָס האָט געגאַרט זיך צונויפשמעלצן מיט פוילן. דאָס יאָר 1859 איז אין „וואַרשעווער גאַזעט" געווען געדרוקט אַן אַנטיסעמיטיש אַרטיקל: יידן, האָט דאָס דאָרט געהייסן, זענען פרעמדע אין לאַנד. האָבן יידן פוילישע פּאַטריאָטן (צווישן זיי אַ משומד, באַנקיר קראָנענבערג אויך) פּראָטעסטירט קעגן דעם. אין דער פוילישער פּרעסע האָט זיך פאַרפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק, און די אויסלענדישע ראַדיקאַלע עמיגראַנטישע בלעטער האָבן שאַרף פירגעהאַלטן דער פוילישער געזעלשאַפט איר אַנטיסעמיטיזם. דער גרייז־גרויער היסטאָריקער לעלעוועל האָט פאַרעפנטלעכט אין בריוסעל אַ בראָשור, געמאָנט די פוילן צו אייניקן זיך מיט אַ פאָלק, וואָס מ'לעבט מיט דעם בשכנות שוין 800 יאָר. שיינע ווערטער וואָלטן שווערלעך קלוגער געמאַכט די אַנטיסעמיטן, ווען נישט די מ ע ש י ם, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן יענע צייט: אויסצופירן די מעשים האָבן זיך די פוילן גענויטיקט אין יידנס מיטגעפיל און הילף. דער באַפריי־קאַמף, וואָס האָט פאַרכאַפּט רוסיש־פוילן די יאָרן 1860—1863, האָט געפאָדערט אָנציען אַלע קרעפטן ביי דער גאָרער באַפעלקערונג אין לאַנד; אַ האַלב מיליאָן יידן איז דאָ געווען נישט קיין קלייניקייט. מיט אַמאָל איז די פוילישע געזעלשאַפט שטאַרק צוגעלאָזט געוואָרן צו די אָט ערשט־„פרעמדע"; אַ געוויסער טייל יידישע געזעלשאַפט האָט זיך דערויף אָפּגערופן נישט בלויז מיט פּאַטריאָטישער התלהבות, נאָר מיט קרבנות אויך און מיט העלדנטאַטן פאַר דעם אַלגעמיינעם „פּאָטערלאַנד". אויבנאָן אין דער וואַרשעווער יידישער קהלה איז געשטאַנען דעמאָלט

אַ מאַן, וואָס אין אים האָט זיך מאָדנע געקניפּט פּוילישער פּאַטריאָטיזם מיט
רבנישער פרומקייט. פונם יאָר 1856 אָן איז רב אין וואַרשע געווען בעריש
מייזלס, געוועזענער קראָקעווער רב (§ 37), וואָס דאָס יאָר 1848 האָט מען אים
אויסגעקליבן פאַר דעפּוטאַט אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און ער איז געווען
צווישן פּוילישע פּאַטריאָטן אין גאַליציע. בעת דעם באַפריי־קאַמף אין פּוילן האָט
מייזלס געפירט זיין קהלה פּאַטריאָטיש. דרך ארץ פאַר זיין לומדות און פרומ־
קייט ביי דער יידישער מאַסע און באַוואונדערונג פאַר זיין פּאָליטישן טעמפּע־
ראַמענט ביי דער אינטעליגענץ האָט מיטגעבראַכט, אַז דער רב זאָל שפּילן אין
דער באַוועגונג אַזאַ פירער־ראָל, אַזוי ווי דעמאָלטיקע פּוילישע בישאָפן־פּאָליטי־
קער. ביי אַזוינע פירער, ווי דער רב מייזלס און דער פּרעדיקער מאַרקוס
יאַסטראָוו, האָבן וואַרשעווער יידן זיך באַטייליקט אין די גאַסן־מאַניפעסטאַציעס,
אין די פּאָליטישע פּראָצעסיעס די יאָרן 1860—1861. צווישן די פאַרוואונדעטע
פון קאָזאַקישע קוילן בעת דער מאַניפעסטאַציע דעם 27 פעברואַר 1861 זענען
געווען עטלעכע יידן אויך. די דאָזיקע שיסעריי אין אומבאַוואָפנטע און די אויפ־
רעגונג דערפון אין וואַרשע איז כידוע געווען אַ שטאַרקער גורם אין אויפשטאַנדי·
דער רב מייזלס איז געווען אין דער דעפּוטאַציע, וואָס איז דעמאָלט געגאַנגען
צום שטאַטהאַלטער גאָרטשאַקאָוו מאָנען אַ באַפרידיקונג פאַרן פאַרגאָסן בלוט. אין
דער דעמאָנסטראַטיווער לויה זענען צוזאַמען מיט קאַטוילישע גייסטלעכע גע־
גאַנגען יידישע אויך, מיט מייזלס אויבנאָן. אַ סך יידן זענען געווען אין די
קלויסטערס ביי די הזכרות מיט פּאַטריאָטישע רעדעס: ענלעכע טרויער־מאַניפעס־
טאַציעס זענען פאָרגעקומען אין די שולן אויך. אַ גרופּע יידישע פּאַטריאָטן אין
פּוילן האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, דערמאָנט יידן דעם האַס פון דער רוסי־
שער ביוראָקראַטיע און האָט זיי געמונטערט „מיט פרייד אַקעגנקומען דעם
חברשן פאַרלאַנג (פון די פּוילן) און זיך שטעלן אונטער דער פאָן פון אַ פאָלק,
וואָס זיינע גייסטלעכע רעדן פון אונז אין אַלע קאָסציאָלן מיט ליבשאַפט און
ברודערשאַפט”. דאָס גאַנצע יאָר 1861 האָבן זיך פּוילן און יידן „געחברט” אין
וואַרשע. אויף לעלעוועלס הזכרה אין שול האָט דער פּרעדיקער יאַסטראָוו גע־
זאָגט אַ פּאַטריאָטישע רעדע, ראש השנה האָט מען אין די שולן מתפלל געווען
פאַר דעם וואוילגיין פון דער פּוילישער „ספּראַווע”, מ׳האָט געזינגען דעם פּוי־
לישן נאַציאָנאַל־הימן. ווען קאַטוילישע גייסטלעכע האָבן פאַרמאַכט אַלע קאָס־
ציאָלן אין וואַרשע (אָקטאָבער), אַלס פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס רוסישע סאָלדאַטן
האָבן זיך אַהין אַריינגעריסן, האָבן רבנים און גבאים געהייסן פאַרמאַכן די שולן
אויך. דער נייער שטאַטהאַלטער לידערס האָט דערפאַר אַרעסטירט מייזעלסן,
יאַסטראָוון און דעם גמינע־פּאָרזיצער. דריי חדשים האָט מען זיי געהאַלטן אין
וואַרשעווער פעסטונג, דערנאָך האָט מען זיי אָפּגעלאָזט.

מאַרקיז וועלעפּאָלסקי, אַ פאַרמיטלער צווישן דער רוסישער רעגירונג און
דער פּוילישער געזעלשאַפט, האָט דערווייל געגרייט רעפאָרמעס פאַר פּוילן: אַ

פאַנצער קעגן אויפשטאַנד. אין די דאָזיקע רעפאָרמעס, וואָס האָבן געזאָלט טיילווייז אומקערן די פּוילישע אויטאָנאָמיע און פאַרבעסערן די לאַגע פון די פּויערים, איז געווען אַ פּונקט וועגן „יידישער גלייכבאַרעכטונג“ אויך. אַלס דירעקטאָר פון דער וואַרשעווער קאָמיסיע פאַר קולטן און בילדונג, דערנאָך אַלס הויפּט פון דער גאָרער ציוויל־פאַרוואַלטונג אין פּוילן, האָט וועלעפּאָלסקי אויסגעפירט אין פּעטערבורג אַ הסכם אויף זיין פּראָיעקט. דעם 24־טן מאי (5 יוני) 1862 האָט אַלכּסנדר דער II געחתמ'עט אַ באַפעל, אַז יידן מעגן: 1) פאַרווערבן גיטער אויף פּריצישער ערד, דאָרט וואו די פּויערים זענען שוין אַריבער פון פּאַנטשינע צום אָפּצאָל אָדער צינש; 2) פריי וואוינען אין פריער פאַרבאָטענע שטעט און גאַסן, אין דעם שוין—אין ערטער 21 וויאָרסט פון דער פּרייסיש־עסטרייכישער גרעניץ אויך; 3) עדות זאָגן אין געריכט מיט קריסטן גלייך און שווערן לויט אַ ווייניקער שענדלעכן נוסח. געגעבן פּוילישע יידן אַזוינע רעכט מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך צונויפשמעלצן מיט דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג, ווערט יידן פאַרבאָטן צו נוצן העברעאיש און „יידיש־דייטש“ אין געשעפטס־אַקטן: קאָנטראַקטן, צוואות, התחיבות'ן, אין האַנדלס־ביכער און אפילו אין האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ אויך. צום סוף ווערט אין באַפעל געזאָגט דעם אַדמיניסטראַטיוו־ראַט אין פּוילן, ער זאָל איבערזען אַלע איבעריקע געזעצן, וואָס פאַרמינערן יידישע רעכט אין מלאכה, אין געשעפט אָדער וואָס מאָנען ביי יידן ספּעציעלע שטייערן, און זאָל צושטעלן אַ פּראָיעקט, ווי די דאָזיקע געזעצן צו ענדערן. דעם דאָזיקן באַפעל, וואָס האָט איבעריקנס אָפּגעשאַפט נישט מער ווי די שענדלעכסטע נגישות אין עלעמענטאַר־רעכט, האָט מען געקרוינט מיט אַ קלינגנדיקן נאָמען „עמאַנסיפּאַציע“ פאַר יידן אין פּוילן. די אָפּגעשלאָסענע חסידישע מאַסע אין פּוילן האָט מיט פרייד אויפגענומען די געשענקטע פאַרלייכטערונגען, וועגן אַסימילאַציע אָבער האָט זי זיך נישט געקימערט. און אַקעגן, די אַסימילירטע יידישע אינטעליגענץ, וואָס איז צוגעשטאַנען צום פּוילישן אויפשטאַנד, האָט געטרוימט פון גאָרער גלייכבאַרעכטונג, אויב דער אויפשטאַנד זאָל געראָטן.

דער אויפשטאַנד האָט דערווייל געהאַלטן אין שטייגן (1863). איצט איז שוין דאָס נישט געווען בלויז מאַניפעסטאַציעס אין וואַרשעווער גאַסן: ס'האָט זיך שוין געגאָסן בלוט אין שלאַכטן צווישן אינסורגענטן און רוסיש מיליטער אין פּוילישע, ליטווישע וועלדער [1]). אין אויפשטאַנד האָבן זיך באַטייליקט אַ סך

[1]) די פּראָקלאַמאַציע פונם „פּאָלקס־זשאָנד“, אַרויס דאָס יאָר 1863 אויף פּויליש און העברעאיש, האָט געהייסן: „די נאַציאָנאַלע רעגירונג צו ברידער־יידן פון משה'ס גלויבן“. דאָרט האָט מען פאַרגלייכט די אַמאָליקע פּוילישע פּאָליטיק מיט דער „מאָסקווער“: „פּוילן האָט אייך נישט געטריבן פון קיין אָרט, מאָסקווע האָט זיך געוואָרפן מיט אייך, אין פּוילן איז נישט געווען קיין רדיפות און עלילות־דם(?)...; אין רוסלאַנד לאָזט נישט אָפּ קיין עלילת־דם ביז היינט“. דער סוף פונם אויפרוף איז געשריבן אין אַ נביאישן סטיל: „און ס'וועט זיין, אַז מיט גאָטס הילף וועלן מיר באַפרייען

יידישע יונגעלייט פון רוסיש און פרייסיש-עסטרייכיש פוילן! איינע זענען העלדיש געפאַלן אין די שלאַכטן, אַנדערע זענען גענומען געוואָרן געפאַנגען. בלויז אין ליטע איז דער אויפשטאַנד געווען פרעמד סיי דער יידישער מאַסע, סיי דער נייער יידישער אינטעליגענץ: דאָרט איז נאָך געלעגן גוט אין טעם די איינגעגעסענע פויליש-פריצישע שנאה צו יידן, און ווידער האָט מען דאָ שטאַרק אַרויסגעקוקט אויף גלייכבאַרעכטונג פון פעטערבורג און אויף גליקן פון רוסיפי- קאַציע. פאַר אַזאַ קאַלטקייט צום אויפשטאַנד האָט מען אין אַ סך ערטער אין ליטע געשראָקן יידן זיך צערעכענען מיט זיי. ערגיץ וואו האָבן די אינסורגענטן געהאַלטן וואָרט, אַזוי ווי דאָס יאָר 1831, געהאָנגען און געשאָסן יידן, וואָס זענען חשוד געווען אויף האַלטן מיט רוסלאַנד (אין גראָדנער גובערניע און אין אַנד. ערטער). די איינגעהאַלטענע באַציאונג צום אויפשטאַנד מצד ליטווישע יידן איז זיי נאָכדעם בייגעשטאַנען (נאָכן שטילן דעם אויפשטאַנד) פון דעם ווילדן מוראַוויאָוו'ס בלוטיקע רעפרעסיעס. אין פוילן גופא האָט דער יידישער אנטייל אין דעם באַפרייַ-קאַמף אויף אַ קליינער צייט אָפגעשוואַכט דעם יידן-האַס און דאָס ווידער האָט שטאַרק געצויגן די יידישע אינטעליגענץ צו פּאָלאָניזאַציע... אָבער אומדירעקט האָט דער פוילישער אויפשטאַנד פאַרערגערט די יידישע לאַגע אין גאַנץ רוסלאַנד. חוץ, וואָס דערמיט האָט זיך געשטאַרקט די רעאַקציע אין לאַנד בכלל, איז דאָס נאָך געווען אַ גורם צו דער היציקער רוסיפיקאַטאָרישער פּאָליטיק אין מערב-קאַנט, וואָס האָט יידן אַ סך געשאַדט, סיי אין בירגערלעכן סיי אין נאַציאָנאַלן לעבן.

## § 44. די רעאַקציע; די יידן-פראַגע אונטערן צייכן פון רוסיפיקאַציע (1880—1866).

די צווייטע העלפט פון אַלכסנדר דעם II-טנס רעגירן האָט זיך קלאָר אַ קער געטון צו פּאָליטישער רעאַקציע; דאָס האָט זיך געמוזט לאָזן פילן אין דער יידנפראַגע אויך, וואָס האָט זיך נישט געפעלט מיט די טיילווייזע רעפאָרמעס, מיט דעם „באַגנעדיקן" אַ טייל יידישע באַפעלקערונג. די רעאַקציע אין לאַנד בכלל האָט זיך קלאָר געמאַכט דערמיט, וואָס נאָך די ערשטע גרויסע רעפאָר- מעס,—(אויס פאַנשכשינע, איינגעפירט זעמסטווע און דעם נייעם געריכט), האָט די רעגירונג געהאַלטן, אַז רוסלאַנד איז שוין גענוג באַנייט, און האָט זיך

דאָס לאַנד פון מאָסקווער קנעכטשאַפט, וועלן מיר צוזאַמען געניסן פון פרידן; איר און אייערע קינדער וועלן געניסן אַלע בירגער-רעכט אַן אויסנאַם, וואָרום די פאָלקס-רעגירונג וועט נישט פרעגן קיין אמונה און אָפשטאַם, נאָר דאָס געבוירן-אָרט"... ס'איז נישט שווער אייַנצוזען, ווי מ'האָט איבערגעטריבן אידעאַליזירט דעם געכטן און דעם מאָרגן.

קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט „באַקרוינען דעם בנין", (ווי מ׳פלעגט דאַמאָלס זאָגן) ד. ה. איינפירן אַ קאָנסטיטוציע און פּאָליטישע פרייהייטן. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, וואָס דער תהום צווישן דער רעגירונג און דער פּראָגרעסיווער רוסישער געזעלשאַפט איז אַלץ געוואַקסן: די געזעלשאַפט האָט אַלץ געשטרעבט צו איר ענדצוועק: באַנייען דאָס גאַנצע לאַנד. פּאָליציי־אישע און צענזור־רדיפות האָבן פאַרטריבן די באַפריי־באַוועגונג אין דער פינסטער, די יוגנט איז געוואָרן רעוואָלוציאָנער, און די ביטערע רעפּרעסיעס פון דעם „דריטן אָפּטייל" האָבן זי געטריבן צו טעראָר, וואָס האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן די לעצטע יאָרן פון אַלכּסנדר דעם II־טנס רעגירן.

אין אַזאַ אַטמאָספער רעגירונגס־רעאַקציע האָט פון יידישער עמאַנסיפּאַציע קיין רייד נישט געקאָנט זיין. די ביוראָקראַטיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אין „גרויסע רעפאָרמעס" אין לאַנדלעבן, האָט נישט געוואָלט ציען ווייטער די קליינע רעפאָרמעס אין יידישן לעבן. דאָס שטרעבן „ביסלעכווייז" „בהדרגה׳דיק" פאַר בעסערן דאָס יידישע לעבן האָט זיך געפעלט; אָנשטאָט דעם זעען מיר ווידער די באַקאַנטע קאַנצעלאַריע־סיסטעם: אָן אַ שיעור און אָן אַ סוף טראַקטירט מען די יידנפראַגע אין רעגירונגס־קאָמיטעטן, אין קאָמיסיעס, מ׳פרעגט אָן מיינונגען ביי גענעראַל־גובערנאַטאָרס און גובערנאַטאָרס וועגן יידישער אויפפירונג א. ד. גל. מ׳האָט זיך ווידער גענומען פאַר דער פּאָליציי־אישער פראַגע: צי זענען יידן נוצלעך אָדער שעדלעך פאַרן לאַנד, אָנשטאָט צו שטעלן די פראַגע פונקט פאַרקערט: צי לוינט פאַר יידן די מלוכה, אַזוי ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ טייל בירגער, וואָס די מלוכה וויל דעם דינען? פאַר ניקאָלאַי דעם I־טן האָט מען אין די קאַנצעלאַריעס צוגעטראַכט מיטלען, ווי צו קעמפן קעגן יידישער אָפּגעשלאָסנקייט און קעגן זייערע „שעדלעכע געשעפטן". די ערשטע יאָרן אַלכּסנדר דעם II־טנס האָט מען אויפגעהערט צו האַלטן דעם האַנדל פאַר אַ שעדלעכער זאַך. אָבער ווי נאָר יידן האָבן, אַדאַנק די פאַרלייכטערונגען אין וואוינרעכט און אין פּראָפעסיעס, זיך צעפירט עקאָנאָמיש די הענט, און האָבן אָנגעהויבן קאָנקורירן דעם „אַלטגעזעסענעם" סוחרים־שטאַנד, איז געוואָרן מיט אַמאָל אַ געשריי פון „יידישער עקספּלואַטאַציע" און אַז מ׳מוז דאָס פאַרהיטן.

דאָסווירטשאַפט־לעבן פון יידן האָט זיך בכלל געענדערט משך די עפּאָכע רעפאָרמעס. חוץ געזעץ־הנחות פאַר יידן, זענען נאָך געווען אַלגעמיינע סבות, וואָס האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן דערביי. דאָס באַפרייען די פּויערים האָט שטאַרק אָנגערירט פּריצים און האָט רואינירט אַ סך יידן הענדלער, וואָס האָבן זיך געריבן אַרום פּריץ. דערפאַר אָבער איז אויסגעוואַקסן אַ גרויס־אינדוסטריע. די אויסגעוואַקסענע אינדוסטריע, דערהויפּט אָבער די באַן־גרינדעריי די 60־ער און די 70־ער יאָרן,—האָבן געעפנט אַ ברייט אַרבעט־פעלד פאַר דער געשעפט־ענערגיע פון יידישע קאַפּיטאַליסטן. מיטן אָפּשאַפן די בראָנפן־אַרענדע דאָס יאָר 1861 איז אַ טייל יידישער גרויס־קאַפּיטאַל אַריבער פון דער בראָנפן־אַרענדע צו

באַן=גרינדעריי: אָנשטאָט „אַקציזניקעס״ איז געוואָרן „באַן=גרינדער״—אַקציאָנערן,
צושטעלער, אָפּנעמער. ס׳איז געוואָרן אַ נייע יידישע געלט=אַריסטאָקראַטיע, און
איר וואוקס האָט אַרויסגערופן קנאה און מורא ביי רוסישע אונטערנעמער. די
רעגירונג איז געווען פאַרטון אין גרינדעריי און ס׳איז איר נישט אָנגעגאַנגען
די נאַציאָנאַליטעט פונם גרויסקאַפּיטאַל; זי האָט זיך אָבער אָנגעהויבן צוהערן
צו די געשרייען פון „היימישע״ וועגן יידישער קאָנקורענץ אין קליינהאַנדל,
דאָס הויפּט=געשעפט פון דער יידישער מאַסע. היות ווי די רעגירונג האָט זיך
נישט אָפּגעזאָגט פון דער גראַדאַציע: פּראָטעזשירטע בירגער און „טאָלערירטע״,
האָט זי גענומען צוקלערן מיטלען ווי איינצוצוי... די „טאָלערירטע״.
דערנאָך האָט מען זיך געכאַפּט פאַר נאָך אַ פראַגע: ווי ווייט איז מקוים געוואָרן
די האָפענונג אויף דער „פאַרשמעלצונג פון יידן מיט דער היימישער באַפעלקע=
רונג״? פונם ענטפער האָט מען נישט געקאָנט צופרידן זיין. ס׳איז נישט מקוים
געוואָרן די באַאיווע האָפענונג, אַז ווייז נאָר יידן אַ פינגער,—די קליינע הנחות,—
וועלן זיי זיך אָנהויבן מאַסנווייז „צונויפשמעלצן״ מיט רוסן. ווי דער ברען צו
רוסיפיקאַציע איז נישט געווען שטאַרק ביי דער יידישער אינטעליגענץ די
60=ער יאָרן, האָט דאָס דער מאַסע נישט גענומען. איז מען ווייטער געבליבן
אָפּהענדיק: אפשר וועלן די קלוגעטשקע יידעלעך אָפּנאַרן און וועלן נישט באַ=
צאָלן (מיט צונויפשמעלצונג) פאַר די געשענקטע „פּראַוועס״? האָבן ביוראָקראַ=
טישע קאַנצעלאַריעס באַקומען נייעם שטאָף אויף יאָרן, אויף צענדליקער יאָרן...
אינדעם זענען פאָרגעקומען אייניקע זאַכן, וואָס האָבן באַוואויגן די רעגירונג
צו נעמען זיך גריבלען אינם אינעווייניקסטן יידישן לעבן. סוף 60=ער יאָרן האָט זיך
אין ליטע געלאָזט הערן איינער, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָגן דער רעגירונג פאַר אַ נאָכ=
שפּירער אַ מסור. דאָס איז געווען י ע ק ב ב ר אַ פ מ אַ ן, אַ מינסקער ייד, וואָס האָט
זיך געשמדט די לעצטע יאָרן פון ניקאָלאַי׳ס רעקרוטן=גזרה, בעת ער האָט זיך געמוזט
אויסבאַהאַלטן פאַר די קהל׳ישע „כאַפּערס״, וואָס האָבן געהאַט אויף אים אַן
אויג. פאַרביטערט קעגן קהל׳ס אַגענטן, וואָס זענען געוואָרן פּאָליציייאישע שפּיר=
הינט, האָט זיך בראַפמאַן גענומען נוקם זיין אין קהל בכלל, אין דער עצם
אידעע פון יידישער קהלה=אָרגאַניזאַציע. ווען פון פּעטערבורג האָט זיך געהערט
דער פּאַראָל „פאַרשמעלצונג״, האָט דער געשיקטער משומד גענומען מאַכן
אַ קאַריערע מיט אויפדעקן די סבות, וואָס שטערן דער אַסימילאַציע. דאָס יאָר
1858 האָט ער אין מינסק דערלאַנגט אַלכסנדר דעם װ=טן עפּיס אַ מעמאָראַנדום,
דערמיט האָבן זיך פאַר אים געעפנט די טירן פונם הייליקן סינאָד: מ׳האָט אים
געמאַכט פאַר לערער פון העברעאיש אין אַ פּראַוואָסלאַווער סעמינאַריע און
מ׳האָט אים געהייסן צוקלערן מיטלען צו באַזייטיקן די מניעות, וואָס יידן, גרייט
צו שמד, האָבן מצד זייערע גלויבנסברידער. די שליחות צו פאַרלייכטערן שמד
איז בראַפמאַנען נישט געראָטן; זיינע דינסטן אין שפּיאָנאַזש ביי יידן האָט מען
נאָך יענע ליבעראַלע יאָרן נישט שטאַרק געשעצט. אָבער מיט דער רעאַקציע

די 60־ער יאָרן האָט ער אָנגעהויבן צונויז קומען. בראַפמאַן איז אַריבער קיין ווילנע צו מוראַוויאָוון אין דער נעסט פון דער שאָוויניסטישער רעאַקציע, און האָט דאָרט אָנגעהויבן „מגלה זיין דעם אָפּגעשלאָסענעם יידישן שטייגער" פאַר דער העכסטער אַדמיניסטראַציע אין דער געגנט. ער האָט געוואָלט איינריידן, אַז „קהל", וואָס מ׳האָט קאַסירט דאָס יאָר 1844, עקזיסטירט נאָך פאַקטיש און האָט נאָך שטאַרק־פאַרצווייגטע אַדמיניסטראַטיוו יורידישע פונקציעס, אַז דאָס איז אַ געפערלעכע אָרגאַניזאַציע און זי הערשט דעספּאָטיש אין די קהלות מיט אַזוינע בייטשן ווי „חרם" און „חזקה", זי פירט די יידישע מאַסע קעגן דער מלוכה, קעגן דער רעגירונג, קעגן דער קריסטלעכער רעליגיע און זי דערהאַלט ביי יידן פאַנאַטיזם און אַ „שעדלעכע" נאַציאָנאַלע אָפּגעשלאָסנקייט. אויסוואָרצלען אַזאַ יידישע „שטילע רעגירונג" לאָזט זיך, לויט בראַפמאַנס מיינונג, נישט אַנדערש, סיידן פאַרניכטן דעם לעצטן נשאר פון יידישער קהלה־זעלבסטפירונג; בכן דאַרף מען פאַרמאַכן אַלע יידישע צדקה־אָרגאַניזאַציעס און חברות, קאַסירן די יידישע קהלה און צושרייבן יידן צו שטעטישע און דאָרפישע געמיינדעס; קורץ, יידן, אַלס נאַציע, דאַרפן ווערן אויס...

די העכערע אַדמיניסטראַציע אין ליטע האָט געשלינגען יעדעס וואָרט פון דעם נייעם פעפערקאָרנס פינסטערער נבואה. אין אַ סעריע אַרטיקלען אין דער אָפיציעלער צייטונג „ווילנער אָנצייגער", דערנאָך אין אַ ספּעציעל ווערק „קהל־בוך" (1869—1871), האָט בראַפמאַן איבערגעפלאָכטן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל מיט ציטאַטן פון תלמוד און פון דער רבנישער ליטעראַטור און האָט דאָס אַזוי אָפּגעאַרבעט, אַז די רעגירונג האָט געמוזט איינס פון דיביידע: אָדער פאַרניכטן די יידישע קהלה און אַלע אירע אינסטיטוציעס, אָדער לאָזן רוסלאַנד איינגעשלונגען ווערן פון דעם „וועלט־קהל". צום „וועלט־קהל" האָט מען געוויינטלעך פאַררעכנט דעם „אַליאַנס" אויך, די פאַריזער פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע צו שטיצן יידן אין אַלע לענדער. דאָס „קהל־בוך" האָט מען געדרוקט אויף קרוויניש געלט און מ׳האָט דאָס צעשיקט אין אַלע קאַנצעלאַריעס אין דער אימפּעריע, רוסישע „טשינאָווניקעס" זאָלן וויסן, ווער איז דער „אינעווייניקסטער שונא" און ווי אַזוי קעגן אים צו האַנדלען. יידישע שרייבער האָבן אין בראָשורן און אין דער פרעסע געוויזן בראַפמאַנס עם־הארצות אין דער רבנישער ליטעראַטור און זיין בכיוונדיק פעלשן די ראָלע פון קהל פריער און איצט; קעגן דעם מסור׳ס ווילדע פּראָיעקטן האָבן געקעמפט יידישע דעלעגאַטן אין דער קאָמיסיע, וואָס ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אַוועקגעזעצט אויף צו באַטראַכטן די דאָזיקע פלענער, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געהאָלפן. אין פּעטערבורג האָט מען זיך שטאַרק אָנגעכאַפּט אין ווילנער אַנטפּלעקונג: דאָס זאָל זיין אַ באַווייז, ווי ווייט יידן זענען אָפּגעשלאָסן און ווי ווייט „געהיט" מ׳דאַרף זיין מיט יידישער גלייכבאַרעכטונג.

גראָד איז יענע צייט פאָרגעקומען אַ פאַל, וואָס האָט אין די הויכע פענס־

טער זיכער באַשטעטיקט ייִדישע „אָפּגעשלאָסנקייט". אויף דער רייזע איבער פּוילן (1870) האָט אַלכּסנדר דער II־טער דערזען די חסידישע מאַסע מיט לאַנגע פּאות און מיט לאַנגע קאַפּאָטעס. דער צאַר איז געווען שטאַרק אויפֿגעבראַכט און האָט געהייסן שטרענג האַלטן אין פּוילישע גובערניעס דעם פֿאַרבאָט אויף ייִדישע קליידונג. גובערנאַטאָרס האָבן נאָכדעם געהאַט אַן אַרבעט אויסוואָרצלען חסידישע „מיאוסע קאָסטיומען און פּאות". אינגיכן האָט די פֿראַגע וועגן „ייִדישער אָפּגעשלאָסנקייט" אָנגעשפּאַרט אין מלוכה־ראַט. שטאַרק באַאײַנפֿלוסט פֿון בראַפֿמאַנס אָנטפּלעקונגען, האָט דער מלוכה־ראַט געפֿונען, אַז „מיט פֿאַרבאָטן דעם אויסערלעכן חלוק אין קליידונג דערלאַנגט נאָך נישט די רעגירונג איר צוועק אויסצוראָטן ייִדישע אָפּגעשלאָסנקייט און כּמעט־פֿײַנטלעכע באַציִונג צו קריסטן מצד ייִדן", וואָס „זענען ביי אונז אַ געשלאָסענע רעליגיעז־בירגערלעכע קאַסטע אָדער כּמעט אַ מלוכה אין דער מלוכה". דעריבער לייגט דער ראַט פֿאָר איבערגעבן אַ ספּעציעלער קאָמיסיע „צו באַהאַנדלען די פֿראַגע וועגן מיטלען אָפּצושוואַכן דעם געזעלשאַפֿטלעכן צונויפֿבונד ביי ייִדן" (דעצעמבער 1870). דאָס יאָר 1871 איז געוואָרן אַזאַ קאָמיסיע מיט פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשידענע מיניסטעריומס אונטער דעם פֿאָרזיץ פֿונם געהילפֿמיניסטער לאָבאַנאָוו־ראָסטאָווסקי („די קאָמיסיע צו איינאָרדנען ייִדן").

בעת די רעגירונג האָט זיך צום הונדערטן מאָל געגרייט קלאָר צו מאַכן די פֿראַגע וועגן ייִדישער אָפּגעשלאָסנקייט, איז פֿאָרגעקומען פֿאַר יענער צייט אַן אומגעוויינטלעכער פֿאַל: דער אָדעסער פּאָגראָם פּסח 1871. אין אָדעס, דער קרוין פֿון דער דרום־געגנט, וואָס האָט צו פֿאַרדאַנקען איר האַנדל־בליִונג ייִדן און גריכן, איז שוין לאַנג געווען צווישן דיביידע אַ שלעכט לעבן מחמת דער קאָנקורענץ אין ברויט־עקספּאָרט און אין קאָלאָניאַל־האַנדל. פֿאַרנוצער, ד. ה. דער גרויסער עולם, האָט פֿון דער דאָזיקער קאָנקורענץ געווינען, אָבער גריכן־סוחרים איז זי געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז. ס'פֿלעגט שוין פֿאָרקומען פֿריִער אויך, אַז אין די קריסטלעכע פּסח־טעג זאָלן גריכן שרעקן ייִדן מיט זייער ווילדן מנהג: שיסן פֿון רעוואָלווערס נעבן זייער קירך, וואָס איז אינמיטן דעם ייִדישן קוואַרטאַל. צו פּסח 1871 האָבן די גריכן אָרגאַניזירט אַן אמת'ן פּאָגראָם. אויפֿצורייצן דעם עולם האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, כּלומרשט האָבן ייִדן אַוועקגעגנבעט אַ צלם אין קירך־הויפֿל און האָבן געוואָרפֿן שטיינער אין דער קירך. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן זונטאָג דעם ערשטן טאָג קריסטלעכן פּסח (28 מערץ): מ'האָט געשלאָגן ייִדן, געבראָכן און געראַבעוועט זייערע הייזער און געשעפֿטן, תּחילת אין קירך־ראַיאָן, דערנאָך איבער דער גאָרער שטאָט. דריי טאָג דורכאַנאַנד האָבן מחנות גריכן און רוסן געווילדעוועט, געבראָכן, געצינדן, געראַבעוועט, געשענדעט שולן, געשלאָגן ייִדן אין דער גאָרער שטאָט פֿאַר פּאָליציי און מיליטער אין די אויגן, וואָס האָבן גאָרנישט געטאָן צו מאַכן אַ סוף צו דער ווילדקייט. ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג, ווען הונדערטער וואונדעטע און געשעפֿטן זענען שוין געווען

חריב, ערשט דעמאָלט האָט די אַדמיניסטראַציע גענומען „באַרואיקן“ אויף אַן אָריגינעלן שטייגער: אויפֿן מאַרק־פּלאַץ האָט מען צושטעלט סאָלדאַטן מיט וואָגנס ריטער, און ווען מ׳האָט געכאַפּט פֿון די באַנדיטס, האָט מען געשמיסן דאָ אויף אָן אָרט. מיט אַזאַ „פֿאָטער־שטראָף“ פֿאַר יינגלעך, וואָס האָבן „געשייגעצט“, האָט אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר קאָצעבו ליקווידירט דעם פּאָגראָם. אין פּעטערבורג האָט תּחילת אינטערעסירט די פֿראַגע, צי קער זיך דער פּאָגראָם נישט אָן מיט דער באַהאַלטענער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס הייבט הויבט זי אָן מיט יידן, און מאָרגן וועט זי אָנרייצן דעם המון אויף פּריצים און רוסישע קאַפּיטאַליסטן. די אויספֿאָרשונג האָט נישט געוויזן אין דער דאָזיקער געשעעניש קיין שום פּאָליטישע מאָטיוון. האָט מען זיך אין פּעטערבורג באַרואיקט און מ׳האָט גערן אָנגענומען די ראַפּאָרטן פֿון די אָרטיקע סאַטראַפּן, אַז די באַוועגונג קעגן יידן איז נישט מער, ווי אַ גראָבער פּראָטעסט פֿון די מאַסן קעגן די עקספּלואַטאַטאָרס.

בכן איז צו איין יידישן „פֿאַרברעך“ — אָפּגעשלאָסנקייט — צוגעקומען אַ צווייטער: עקאָנאָמישע „עקספּלואַטאַציע“ צו שאָדן דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג אין תּחום. די דערמאָנטע לאָבאַנאָוו׳ס קאָמיסיע האָט באַקומען דעם אויפֿטראַג שטרענג אויספֿאָרשן ביידע פֿאַרברעכנס. פּראַקטיש האָט די קאָמיסיע געזאָלט פֿאַרענטפֿערן צוויי פֿראַגן: וועגן „קהל“ אָדער וועגן „איינאָרדנען דעם יידישן גייסטיקן שטייגער“ און צי לויגט שיטערער מאַכן דעם „תּחום“—אָפּצושוואַכן די עקאָנאָמישע קאָנקורענץ. מאַטעריאַל האָט די קאָמיסיע געהאַט, חוץ דעם פּוסק בראַפֿמאַן, נאָך אַ „מעמאָראַנדום וועגן די וויכטיקסטע פֿראַגן אין דער פּאַרוואַלטונג פֿון דעם דרום־מערב־קאַנט“, וואָס דער קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר דאָנדוקאָוו־קאָרסאַקאָווסקי האָט דערלאַנגט דעם צאַר דאָס יאָר 1871 און וואָס האָט, ניכּר, געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די הויכע פֿענסטער. דער גענעראַל־גובערנאַטאָר ווייזט, אַז „די וויכטיקסטע זאַך פֿאַר דער רעגירונג איז די יידן־פֿראַגע“. יידן ווערן אַ גרויסע עקאָנאָמישע קראַפֿט אין דער געגנט: זיי קויפֿן, אַרענדירן מאַיאָנטקעס, „פֿאַרכאַפּן“ די פֿאַבריק־אינדוסטריע, דעם ברויט־און וואַלד־האַנדל, דאָס בראָנפֿן־געשעפֿט [1]) און דערמיט רייצן זיי אויף די קריסטלעכע באַפֿעלקערונג, די יידישע מאַסע פֿאָלגט נישט פֿונדעסטוועגן דער רוסיפֿיצירטער אינטעליגענץ, לעבט אָפּגעשלאָסן פֿאַר זיך, חושכט אין תּלמודישן פֿאַנאַטיזם און חסידישער פֿאַרגרעבטקייט, „האָט זיך איר אייגענע זעלבסטפֿירונג קהל, איר אייגענע פֿינאַנץ־סיסטעם—די טאַקסע,—איר אייגענע צדקה־חברות“, איר אייגענע נאַציאָנאַלע שול—דעם חדר (חדרים איז אין געגנט 6000). ס׳איז פֿאַראַן אַ וועלט־

[1]) לויט דער אָפֿיציעלער סטאַטיסטיק, וואָס דער מעמאָראַנדום ברענגט, איז אין דריי גובערניעס (קיעווער, וואָלינער און פּאָדאָליער) געווען 721000 יידן; דערפֿון אין דאָרף־געגנטן $14^{3}/_{0}$, די איבריקע 86% האָבן געוווינט אין שטעט און שטעטלעך. אין יידישע הענט שטייט איין 27 צוקער־פֿאַבריקן (פֿון 105), 619 גוראַלניעס (פֿון 712), 5700 מילן (פֿון 6353).

קהל אויך: דער אינטערנאַציאָנאַלער יידישער פאַרבאַנד אין פּאַריז, וואָס זיין
פּאָרזיצער, קרעמיע, פאַרגינט זיך, דערלאַנגען פּראָטעסטן דער רוסישער רעגירונג
ווען מ׳באַעוול׳ט יידן. דער גענעראַל-גובערנאַטאָר מיינט דעריבער, אַז „ס׳ווערט
ה׳כסט נויטיק איבערזעען די גאָרע געזעצגעבונג וועגן יידן״. אַזוי בערך איז
צונויפגעשטעלט דער גאַנצער קאַנצעליאַרישער מאַטעריאַל, וואָס מ׳האָט דער-
לאַנגט דער „קאָמיסיע צו איינאָרדנען יידן״. אין אַלע גובערנאַטאָרישע ראַפּאָרטן,
אין אַלע מיטטיילונגען פון די קאָמיסיע-גלידער, זעט מען איין האַנט, איין גילטיקן
פּרינציפּ, — דאָס איז דער געדאַנק, וואָס שטעקט בעצם אין בראַפמאַנס „קהל-
בוך״. באַאַמטע, וואָס האָבן באַקומען צוגעשיקט דאָס בוך פון פּעטערבורג „צו
וויסן ווי צו פירן זיך״, האָבן פונם דאָזיקן בוך געשעפּט זייער גאָרע מלוכה-
חכמה וועגן דער יידן-פראַגע, און האָבן זיך געמיט צוטרעפן דער דערמאָנטער
אינסטרוקציע פונם מלוכה-ראַט: „אויסגעפונען מיטלען אָפּצושוואַכן דעם געזעל-
שאַפטלעכן צונויפבונד ביי יידן״. גובערנאַטאָרס אין די פּוילישע גובערניעס
האָבן ראַפּאָרטירט, אַז דאָרטיקע יידן, נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען „גלייכבאַ-
טונג״ דורך וויעלעפּאָלסקי׳ן, האָבן נאָך אַלץ נישט מקים געווען דעם תּנאי, וואָס
מ׳האָט זיי געשטעלט אין דעם אַקט: „פאַר דעם חסד, וואָס מ׳האָט זיי געטון,
זאָלן זיי פאַסירן אין בירגער-לעבן זייער שפּראַך און שריפט: חוץ אַ הייפל אַסי-
מילירטע „יידן-פּאָליאַקן״, וואָס זענען אָנגעשטעקט מיט פּוילישן סעפּאַראַטיזם, איז די
גאַנצע חסידישע מאַסע אָנגעזאַפּט מיט לעצט-יידישן סעפּאַראַטיזם, וואָס שטיצט זיך
אויף „קהל — די גמינעס, אויף חדרים, רבנים און אַלערליי ספּעציעלע חברות״.
אויפן סמך פון אַזוינע מאַטעריאַלן האָט מען געשריבן ראַפּאָרטן,
ריכטיקער געזאָגט, אָנקלאַג-אַקטן; יידן האָט מען באַשולדיקט אין אַ שרעקלעכן
פאַרברעך: זיי זענען „אַ רעליגיעז-פּאָליטישע סעקטע״, ד. ה. אַ נאַציע. דער
אויספיר פון די דאָזיקע ראַפּאָרטן איז געווען דער, וואָס די אינסטרוקציע פונם
מלוכה-ראַט האָט פאָראויסגעזען: מ׳דאַרף פאַרניכטן דאָס לעצטע רעשטל יידישע
זעלבסטפירונג: די קהלה, די שול, די חברות, קורץ—אַלצדונג, וואָס האַלט איין
דעם „געזעלשאַפטלעכן צונויפבונד ביי יידן״. דער תּירוץ פאַר אַזוינע ווילדע
פּראָיעקטן איז געווען כלומרשט „אויפקלערונג״: אַז די „פינסטערע״ יידישע
מאַסן וועלן ווערן איינס מיט די הויכקולטורעלע רוסישע מאַסן, דעמאָלט וועט
ממילא ווערן אויס יידנפראַגע; דערווייל אָבער קאָן מען זיך אָן אַ צוים—רעכט-
לאָזיקייט—פאַר יידן נישט באַגיין. וו. גריגאָריעוו, רעפערענט אין דער קאָמיסיע
וועגן „תּחום״, זאָגט אָפן: „דאָ איז נישט וויכטיק, צי יידן וועט זיין בעסער, ווען
מ׳זאָל זיי לאָזן פריי וואוינען אין דער גאָרער אימפּעריע; וויכטיק איז, ווי וועט
אַזאַ אויפטו ווירקן אויפן עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד פון דעם גרעסטן רוב רוסיש
פאָלק״. פון דעם קוק אַרויס האַלט דער רעפערענט, אַז ס׳איז אַ געפאַר אַריינ-
לאָזן יידן אויסערן „תּחום״, וואָרום דעמאָלט וועט די „קרענק, וואָס טרעפט איצט
באָר די איינע מערב-גובערניעס, פאַרכאַפּן די גאָרע אימפּעריע״.

אַ צייט לאַנג איז די קאָמיסיע געבליבן שטעקן ביי דער דאָזיקער ביוראָקראַטישער חכמה, נישט גערירט זיך פון אָרט. ערשט ערב איר סוף האָט זיך דאָרט געלאָזט הערן אַן אַנדער שטים, אַ גלגול פונם לאַנג-פאַרשטאָרבענעם ליבעראַליזם. דאָס יאָר 1880 איז אין דער קאָמיסיע אָנגעקומען אַ מעמאָראַנדום פון צוויי גלידער אירע (נעקליודאָוו און קאַרפּאָוו). דאָ איז געווען פאָרגעבראַכט דער אַפּיקורסישער געדאַנק פון „יידישער גלייכבאַרעכטונג", אַ שפּראַך וואָס די רוסישע רעגירונג האָט שוין לאַנג נישט געהערט. פון „מאָראַל און יושר"-וועגן — פאָדערן די מחברים פונם מעמאָראַנדום, די רעגירונג זאָל זיך אָפּזאָגן פון איר גראָב-אוטיליטאַרן קוק, אַז אַ ייד דאַרף זיין געדריקט אַזוי לאַנג, ביז ער וועט זיך נישט אַרויסווייזן פאַר נוצלעך דער „אַלטהיימישער באַפעלקערונג". זיי האָבן אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון די טיילווייזע רעפאָרמעס יענע ליבעראַלע יאָרן: געמיינט האָט מען דערמיט נישט העלפן דעם יידן, נאָר אים אויסנוצן. סוחרים פון דער ערשטער גילדיע, דאָקטוירים, יוריסטן, בעלי-מלאכות האָט מען אַריינגעלאָזט אין די אינערע גובערניעס מיט דעם מיין אויפצולעבן דאָרט דעם האַנדל, ממלא זיין דאָרט דעם אויספעל אין בעלי-מלאכות און אין אינטעליגענטע פּראָפעסיעס. „ווי נאָר מ'האָט באַדאַרפט האָבן די יענע קאַטעגאָריעס יידן פון דער רוסישער געזעלשאַפטס וועגן, האָט מען פון אַזוינע קאַטעגאָריעס אַראָפּגענומען דעם יאָך פון אויסנאַם-געזעצן, — אַגב, נישט גאָר, — און מ'האָט זיי צוגעלאָזט צו דער הערשנדיקער באַפעלקערונג אין דער אימפּעריע". אָבער די מיליאָנען-מאַסע יידן, וואָס די אינטעליגענץ האָט זיך פון זיי אָפּגעקערט, האָט מען געלאָזט שמאַכטן אינם שטיקעדיקן „תחום"[1]). ביי דער יידישער מאַסע האָט מען אָפּגערויבט די עלעמענטאַרע רעכט: פריי צו אַרבעטן, פריי צו פאַרקערן און פאַרווערבן ערד, וואָס דער געריכט נעמט געוויינטלעך אָפּ נאָר ביי פאַרברעכער. פון דער דאָזיקער באַליידיקטער מאַסע לאָזט זיך שוין הערן אַ פּראָטעסט-שטים: „יידישע יוגנט הויבט זיך שוין אָן באַטייליקן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס ביז איצט איז דאָס איר געווען פרעמד". מ'דאַרף זיך אָפּזאָגן פון דער פּרעס-סיסטעם. אַלע יידישע חסרונות: בירגערלעכע איזאָלירטקייט, איינזייטיקע עקאָנאָמישע טועכטס — דאָס זענען אַ רעזולטאַט פון דער פּרעס-סיסטעם. דאָרט, וואו דער געזעץ האָט נישט קיין צוטרוי צו דער באַפעלקערונג, איז

---

[1]) נאָך אַ סימן פון אַ ריין-אוטיליטאַריסטישער רעגירונגס-פּאָליטיק אין דער יידן-פראַגע האָט מען בעקאָנט זען אין דער באַציונג צו איינפלאַנצן ערד-אַרבעט ביי יידן. פאַר אַלכסנדר דעם I-טן און ניקאָלאַי דעם I-טן האָט מען פּראָטעזשירט יידישע קאָלאָניזאַציע אין די פּוסטע דרום-סטעפּעס. אָבער פאַר אַלכסנדר דעם II-טן, ווען נאָוואָראָסיע האָט שוין נישט באַדאַרפט מער קיין פּראָטעזשירטע קאָלאָניזאַציע, און מ'האָט שוין באַדאַרפט האָבן ערד פאַר „אייגענע" פּויערים, האָט די רעגירונג אויפגעהערט פּראָטעזשירן יידישע קאָלאָניזאַציע. לויט אַ באַפעל פונם יאָר 1866 האָט מען אויפגעהערט קאָלאָניזירן יידן. אין אַ צייט אַרום האָט מען פון די יידישע קאָלאָניעס אין דרום-מערב-געגנט אָפּגעריסן דעם גרעסטן טייל ערד און זי צעגעבן קריסטן-פּויערים.

אומפאַרמיידלעך, אַז די באַפעלקערונג זאָל נישט געטרויען דעם געזעץ, דאָרטן מוז זיין אַ האַס צום רעזשים. „דער פאַרשטאַנד באַנעמט נישט אַזוינע טעמים, וואָס איבער זיי זאָל מען מעגן אַוועקשטעלן מיליאָנען יידן אויף אַזאַ מדרגה, ווי קרימינעלע פאַרברעכער", מ'דאַרף באַלד געבן יידן וואוינרעכט אומעטום, דאָס זאָל זיין דער ערשטער טריט צו גאָרער גלייכבאַרעכטונג.

אָבער אַזוינע איינגעשטעלטע רייד: יידן זענען די אָנקלאָגער, נישט די אָנגעקלאָגטע, זענען געווען פונקט דער היפוך פון דער קאָמיסיעס הויפט־צוועק, וואָרום זי, די קאָמיסיע, האָט לויט דער ערשטער אינסטרוקציע געזאָלט צושטעלן אַ פּראָיעקט פון רעפּרעסיעס. צו שפּעט איז דאָס געזאָגט געוואָרן: ס'איז שוין געווען ערב אַ תקופה, וואָס האָט געפּרוווט פאַרענטפערן די יידן־פראַגע מיט אַזוינע מעטאָדעס, וואָס וואָלטן געווען אַ גרויל אפילו ביי די קאָנסערוואַטיווסטע מלוכה־מענער פון די 70־ער יאָרן אין די אויגן...

היות ווי מ'האָט אַלץ אַרויסגעקוקט אויף אַ גרינדלעכער „רעוויזיע", האָט זיך די געזעצגעבונג וועגן יידן קוים גערירט פון אָרט די לעצטע צען יאָר פון אלכסנדר דעם וו־טנס רעגירן. אָבער אין אַלע פאַלן, ווען מחמת אַלגעמיינע רעפאָרמעס האָט מען געמוזט ענדערן די ספּעציפישע געזעצן וועגן יידן אויך, האָט זיך שוין געלאָזט פילן די רעאַקציע. ביים אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַ נייעם סטאַטוט פאַר שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג (1870) איז אין דער קאָמיסיע ביים אינערן־מיניסטעריום (מיט „עקספּערטן"—בירגערמייסטערס) געוואָרן אַ דיסקוסיע: צי דאַרף בלייבן די פריער באַגרענעצטע צאָל יידן־ראַטמענער אין די שטאָט־דומעס, נישט מער פאַר אַ דריטל ראַטמענער בכלל? געהאַנדלט האָט זיך דאָ וועגן די „תחום"־שטעט, וואו יידן זענען געווען דער רוב איינוואוינער, און מ'האָט געזוכט מיטלען, ווי אָפּצושוואַכן די צו גרויסע ווירקונג פון דער יידישער מער־הייט אויף שטאָט־זאַכן און מאַכן פאַר בעל־הבית די קריסטלעכע מינדערהייט. פאַר אָפּשאַפן די יידישע נאָרם האָט גערעדט נאָר איינער (אָדעסער בירגער־מייסטער נאָוואָסעלסקי), אָבער מיט איין באַגרעניץ־תנאי: ביי יידן־ראַטמענער זאָל מען מאָנען אַ בילדונגס־צענז, וואָרום געבילדעטע יידן „זענען נישט אַזוי שעדלעך", ווי פּשוטע יידן. די מינדערהייט אין דער קאָמיסיע האָט געהאַלטן, אַז יידן־ראַטמענער דאַרף מען צולאָזן נישט מער פאַר אַ העלפט, דער רוב האָט געהאַלטן מיט דער אַלטער נאָרם—אַ דריטל. די פאַרטרעטער פון דער מערהייט (דערהויפּט דער מאָסקווער „גאָלאָוואַ" פירשט טשערקאַסקי) האָבן געטענהט, אַז יידן זענען נישט בלויז אַ רעליגיעזע, נאָר אַ נאַציאָנאַלע קאָרפּאָראַציע אויך, אַז זיי זענען נאָך ווייט פון רוסיפיצירט צו זיין, אַז מיט בילדונג ווערן זיי נישט רוסישער, נישט מער—זיי ווערן שטאַרקער אין קאָנקורענץ; דעריבער טאָר מען נישט „איינשטעלן מיט דער רוסישער באַפעלקערונג, זי זאָל אונטערפאַלן דער יידישער הערשאַפט". אַזוי האָט דאָס אויסגעזען מיט מוניציפּאַלער גערעכטיקייט: דער רוב שטייער־צאָלער דאַרף האָבן אויף זיך אַ פאַרוואַלטונג פון דער מינ־

דערהייט! דער נייער שטאָט־סטאַטוט פון 1870 האָט פיקסירט די נאָרם אַ דריטל ראַטמענער פאַר „נישט־קריסטן" און האָט באַשטעטיקט דעם פאַרבאָט צו קלייבן אַ ייִדן פאַר אַ בירגערמייסטער.

דער סטאַטוט וועגן אַלגעמיינער מיליטער־פליכט (פאַרעפנטלעכט דאָס יאָר 1874), וואָס האָט געמאַכט אַ סוף מיט דער אַלטער רעקרוטן־סיסטעם, איז געווען דער ערשטער אַקט, וואָס האָט פאַרגלייכט ייִדן מיט אַלעמען אין פ ל י כ ט ן, איידער נאָך מ׳האָט זיי גלייכגעשטעלט מיט רעכט. פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג אין גאַנצן גענומען איז די נייע סיסטעם געווען אַ געוויסע פאַרלייכטערונג: די שווערע פליכט, וואָס איז פריער צו לאַסט געווען נאָר דעם אָרעמען קלאַס, האָט מען איינגעטיילט אַלע שטאַנדן גלייך; די פליכט גופא איז גרינגער געוואָרן, ס׳איז פאַרקירצט געוואָרן די דינסט; אנשטאט דער פריערדיקער ערבות פון דער קהלה פאַר צושטעלן רעקרוטן, מיט „כאַפּערס" און אַנדערע גרוילן, איז איצט יעדער איינאונצוואַנציקער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך. אָבער די אַלע מעלות האָבן נישט געקאָנט מיטאַמאָל ענדערן די באַציאונג פון ייִדן צו מיליטער־פליכט. דער סוחרים־שטאַנד האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן זיינע אַמאָליקע פּריווילעגיעס און זיך נישט געקאָנט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז ער דאַרף אויך געבן סאָלדאַטן. דער אָרעמער קלאַס האָט נאָך צו זיך נישט געקאָנט קומען פון דער ביזאַהעריקער רעקרוטן־פּלאָג. די, וואָס ערשט נעכטן האָבן זיי „כאַפּערס" געשלעפּט אַזוי ווי צו דער שחיטה אין די „פּריסוטסטוויעס", האָבן נישט געקאָנט היינט ווערן אַזוי גוט און פרום און אַליין קומען זיך שטעלן. דער סוף איז געווען, אַז צו די ערשטע „פּריזיוון" איז נישט געקומען אַ היפּשע צאָל איינאונצוואַנציקער, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַלד, אַז ייִדן „מיידן אויס" די דינסט, אַז פאַר פאַרפעלטע ייִדן מוזן גיין קריסטן. די קאַנצעלאַריעס האָבן ווידער אָנגעהויבן סקריפּען מיט די פּענעס. דאָס קריגס־מיניסטעריום האָט געפאָדערט די שטרענגסטע שטראָפן קעגן דעם „אויסמיידן". מ׳האָט אָנגעהויבן ציילן די גאָרע ייִדישע מיליטערפליכטיקע יוגנט (1875). אין די „פּריסוטסטוויעס" האָט מען געשאַצט יונגעלייט די יאָרן לויט דעם אויסערן אויסזען, נישט געגלויבט די צוגעשטעלטע מעטריקעס. לסוף, אום „צו פאַרהיטן, ייִדן זאָלן ריכטיק אָפּריכטן מיליטערפליכט", האָט מען פאַרריכט דעם אַלגעמיינעם סטאַטוט מיט נייע אויסנאַם־נאָרמעס פאַר ייִדן (1876—1878): פאַר מיליטער־אומפּעאיקע ייִדן דאַרפן גיין אַנדערע ייִדן, אָבער נישט קיין קריסטן; אַ ייִד טויג צו דינסט אַפילו ביי אַ קלענערן וואוקס און אַ שמאָלערער ברוסט, איידער מ׳פאָדערט דאָס ביי אַנדערע; פעלן אויס אומפּריווילעגירטע, מעג מען נעמען פּריווילעגירטע (לגאָטנע) אויך פון ערשטן גראַד, ד. ה. מ׳מעג צונעמען ביי עלטערן אַ בן־יחיד אויך.

אַזוי שטרענג אומדערבאַרמדיק האָט די רעגירונג „פאַרהיט" די שווערסטע פליכט פאַר ייִדן. זיך נישט געקימערט דאָס מינדסטע פאַר די רעכט פון אַ דריימיליאָן־מאַסע, וואָס מ׳האָט איר געהייסן פאַרגיסן בלוט פאַרן פאָטערלאַנד.

אין דער רוסיש־טערקישער קריג (1877) האָט מען געבראַכט פאַר אַ קרבן אַ סך יידישע לעבנס פאַר באַפרייען די „ברידער סלאַוון". אָבער אין דער הויפּט־קוואַרטיר (הויפּט קאָמאַנדיר איז געווען דער קינפּס־יקער צאַר, אַלכסנדר III) האָט מען די דאָזיקע קרבנות נישט דערזען; דאָרט האָט מען נאָר געהאַט צו טון מיט אַ יידישער פירמע „גרעגער, האָראָוויץ עט קאָמפּ", וואָס האָט צוגעשטעלט פּראָ־וויאַנט פאַר דער אַרמיי און האָט געגנבעט מיט אַלע אינטענדאַנט־צושטעלער גלייך. די רוסישע רעגירונג האָט געצילט אַ סך ווייטער, ווי אין אייגן לאַנד: אויפן בערלינער קאָנגרעס (1878) האָט מען באַהאַנדלט די פראַגע, מ'זאָל פאַר־פליכטן רומעניע, סערביע און בולגאַריע געבן יידן גלייכבאַרעכטונג. פאַרטרע־טער פון אַלע מלוכות (וואַדינגטאָן, ביקאָנספילד, ביסמאַרק און אַנד.) האָבן שטאַרק געשטיצט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג. איין רוסישער קאַנצלער גאָרטשאַקאָוו האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ פּרינציפּיעלן קעגנער פון גלייכבאַרעכטונג. צו פאַרהיטן רוסלאַנדס פּרעסטיזש, וואָס האָט געהאַלטן אין קנעכטשאַפט אירע יידן, האָט דער קאַנצלער געזאָגט: „מ'קאָן נישט גלייכן בערלינער, פּאַריזער, לאָנדאָנער און ווינער יידן, וואָס זיי פאַרדינען געוויס גלייכע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, מיט סערבער, רומענער און רוסישע יידן, וואָס זיי זענען אַן אמתע פּלאָג פאַר דער אָרטיקער באַפעלקערונג". ביסמאַרק האָט דערויף באַמערקט, אַז „אפשר איז דערפאַר דאָרט דער יידישער צושטאַנד אַזוי קלאָגעדיק, ווייל מ'גיט זיי נישט קיין בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט". דערויף האָט גאָרטשאַקאָוו גע־ענטפערט, אַז „צו פאַרהיטן די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג האָט די רו־סישע רעגירונג געמוזט מאַכן פאַר יידן אין אייניקע גובערניעס אַן אויסנאַם־רעזשים". דער רוסישער קאַנצלער האָט שעמעוודיק אויסבאַהאַלטן פאַר דער וועלט, אַז נישט אין „אייניקע גובערניעס", נאָר אין אַלע 25 גובערניעס אין „תחום" (מיט פּוילן) זענען יידן געמינערט אין זייערע רעכט, און אויסער דעם „תחום" לאָזט מען קיין יידן בכלל נישט אַריין, חוץ אייניקע קאַטעגאָריעס. די באַפרייער פון באַלקאַנער סלאַוון האָבן זיך גאָר נישט געקימערט צו באַפרייען זייערע אייגענע יידן.

דער יידנהאַס סיי אין רעגירונגס־קרייזן, סיי אין געוויסע קרייזן פון דער רוסי־שער געזעלשאַפט, האָט זיך געלאָזט שטאַרק פילן דערהויפּט סוף די 70־ער יאָרן. אַ סך אַוואַנטוריסטן האָבן זיך מתקנא געווען אין בראַפמאַנען, וואָס האָט געמאַכט נישט קיין שלעכט געשעפט מיט זיין „מגלה זיין יידישע סודות". דאָס יאָר 1876 איז אַרויס אַ נייער „מוכיח", איפּאָליט ליוטאָסטאַנסקי, אַ מענטש מיט אַ שענדלעכער ביאָגראַפיע. אַ געוועזענער קאַטוילישער קסיאָנדז אין קאָוונער גובערניע, וואָס די קאָנסיסטאָריע האָט ביי אים אָפּגענומען זיין גייסטיקע ווירדע פאַר „אומגעהערטע פאַרברעכן און פאַר אַ פאַרדאָרבן לעבן", — איז ער נאָכדעם אַריבער צו פּראַוואָסלאַוויע, געוואָרן אַ מאָנאַך אין טראָאיצער לאַוורע, דערנאָך אַ סטודענט אין מאָסקווער גלחים־אַקאַדעמיע. פאַר אַ דיסערטאַציע האָט דער אומ־

וויסנדיקער מאָנאַך גענומען אַ סענסאַציע־טעמע: „וועגן פאַרנוצן קריסטלעך בלוט ביי יידן״. דאָס איז געווען אן עם־הארצישער פאַמפלעט, איבערגעקייט (נישט אָנגעוויזן די קוועל) אַ קאַנצעליאַרישע שריפט פון ניקאָלאַי דעם I־טנס צייטן וועגן דער ריטועלער לעגענדע און געפרווט דאָס פאַרפעסטיקן מיט פאַלשע ציטאַטן פונם תלמוד און פון רבנישע ספרים, וואָס ער האָט נישט געקענט, ווייל ער האָט די שפראַך נישט געקענט. נויטיק געהאַט געלט, איז דער אַפעריסט געקומען מיט זיין מאַנוסקריפט צום מאָסקווער ראַבינער מינאָר, און געמעלדעט, אַז ער איז גרייט נישט צו דרוקן זיין חבור, וואָס קאָן יידן אַ סך שאָדן ברענגען, אויב יידישע גבירים וועלן אים באַצאָלן 500 רובל. ווען מינאָר האָט דעם שאַנטאַזש־פאָרשלאַג אָפגעוואָרפן, האָט ליוטאָסטאַנסקי אָפגעדרוקט זיין בוך (1876), איז אַוועק קיין פעטערבורג און דאָרט דערלאַנגט זיין בוך דעם טרוינפאָלגער (שפעטער אַלכסנדר III). דער זשאַנדאַרמען־שעף האָט אָפגעקויפט אַ סך עקזעמפלאַרן און האָט צעשיקט דער פאָליציי איבער גאַנץ רוסלאַנד. געזען, אַז ס׳איז אים אַזוי געראָטן, האָט ליוטאָסטאַנסקי אינגיכן אַרויסגעלאָזט אַ נייעם פאַמפלעט אין 2 בענד „דער תלמוד און יידן״ (1879), פונקט אַזאַ עם־הארציש שטיק לויט אינהאַלט און שפראַך אַזוי ווי דער ערשטער. צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ״, האָט אים געכאַפט אין געפעלשטע ציטאַטן און אַרויסגעפאָדערט צו אַן עפנטלעכן דיספוט, אָבער ער האָט זיך אָפגעזאָגט (1880). פונדעסטוועגן האָט די אַגיטאַציע געהאַט אַ געוויסע ווירקונג. דאָס יאָר 1878 האָט מען אין קוטאַאיסער גובערניע, אויף קאַווקאַז, געפונען טויט אַ גרוזיניש מיידעלע שרה מאָדעבאַדזע, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן ערב פסח — דאָס איז גענוג געווען, אַז די אויספאָרשער זאָלן פאַרפירן אן עלילת־דם־פראָצעס קעגן ניין אָרטיקע יידן; דעם עלילת־דם האָט מען אָבער אין אָנקלאָג־אַקט נישט אָנגערופן אָפן ביים נאָמען. דער פראָצעס איז פאָרגעקומען אין קוטאַאיסער קרייז־געריכט. די פאַרטיידיקער האָבן אין אויסגעצייכנטע רעדעס צונישט געמאַכט נישט בלויז דעם פאַקטישן מאַטעריאַל, נאָר די פינסטערע ריטועלע לעגענדע אויך; אַלע אָנגעקלאָגטע האָט מען פרייגעלאָזט (1879). פונדעסטוועגן איז אין דער רוסישער פרעסע געבליבן פון דער דאָזיקער „ריטועלער״ אַגיטאַציע אַ שלעכטער נאָכטעם. ווען ד. כוואָלסאָן, אַ געטויפטער ייד, פראָפעסאָר אין פעטערבורגער גלחים־אַקאַדעמיע, אויטאָר פון אַ וויסנשאַפטלעכער אַפאָלאָגיע („וועגן מיטלאַלטערישע אָנקלאַגן קעגן יידן״), האָט אָפגעדרוקט אַ בראָשור: „צי פאַרנוצן יידן קריסטלעך בלוט?״ (1879), אַ שריפט קעגן דער ריטועלער לעגענדע, איז קעגן אים אַרויס אין דער צייטונג „נאָוואָיע ווּרעמיאַ״ דער ליבעראַלער רוסישער היסטאָריקער קאָסטאָמאַראָוו און האָט געוואַגט זיך איינשטעלן פאַר דעם ווילדסטן פאָלקס אַבערגלויבן. די דערמאָנטע צייטונג גופא, פריער שטאַרק ליבעראַל, האָט יענע יאָרן אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש באַפאַלן יידן, זיך צוגעהערט צו דער שטימונג אין די הויכע פענסטער און אַליין פון זיך גערייצט די געמיינסטע ליידנשאַפטן. די גאַנצע לופט איז שוין

געווען אָנגעשטעקט מיט יידנהאַס, דאָס האָט מען סיסטעמאַטיש געפירט צו דער
מגפה פּאָגראָמען פון די 80=ער יאָרן.

## § 45. דער קולטור=קריזיס די השכלה=צייט.

אין אינעווייניקסטן לעבן ביי רוסלענדער יידן איז יענע צייט פאָרגעקו=
מען אַ שאַרפער קולטור=בראָך. אָנגערירט האָט דאָס נישט די מאַסע אין דער
טיף, נאָר די אויבערשטע שיכטן, די אינטעליגענץ, אָבער די האַפּט און די
קראַפט פונם גייסטיקן בראָך זענען געווען ענלעך צו דעם שטורם ערב=עמאַנסי=
פאַציע ביי דייטשע יידן. דער אימפּעט פון רייסן זיך אויף נייע וועגן אינע=
ווייניק האָט גאָרנישט געשטימט מיט דער קריכעריי דאָרט אין אויסן, וואָס האָט
געזאָלט ברענגען עמאַנסיפּאַציע יידן. אָבער די נייסטע געשיכטע פון די מערב=
לענדער האָט אַ סך מאָל געוויזן, אַז גראָד די ערב=עמאַנסיפּאַציעס זענען מער
פאַר אַלץ עלול צו פאַרשאַפן די טיפסטע אינטעלעקטועלע און קולטור=קריזיסן.
רוסלענדער יידן האָבן געקריגן אַן אויפגאָב אויף עמאַנסיפּאַציע גאָר אומגעריכט
נאָך דער וויסטער תקופה פון ניקאָלאַי דעם ו=טן. וואָס האָט זיך געטון שטי=
לערהייט אין פעטערבורגער קאַנצעלאַריעס די צען יאָר רעפאָרמעס — האָט מען
אין „תחום" אויף קלאָר נישט געוואוסט, אָבער דעם מערקווירדיקן שנוי אין
דער רעגירונגס האַלטונג האָבן אַלע געזען און געפילט. מ'האָט אַרויסגעלאָזט
פריי די קרבנות פון דער רעקרוטן=אינקוויזיציע—די קאַנטאָניסטן; מ'האָט אַראָפּ=
גענומען דעם קאָרדאָן דעם „תחום" פאַר יידן „מיט מעלות" (געלט, בילדונג,
מלאכה); מ'האָט פריינטלעך געשמייכלט פון די הויכע פענסטער צו געבילדעטע
יידן: דאָס זאָל זיין דאָס געצייג פאַר „פאַרשמעלצונג", די פאַרמיטלער צווישן
דער רעגירונג און דער יידישער מאַסע. דעם פאַרוואָרלאָזטן פאָלק האָט אַ שיין
געטון דיזעלבע זון פונם רוסישן פרילינג, וואָס האָט אַ וואַרם געטון דאָס גאַנצע
לעבן אין לאַנד, באַפרייט דאָס לאַנד פון פאַנשטשינע און האָט געוועקט די
ליכטיקסטע האָפנונגען אין האַרצן. כאור=שיין, תחיה=קלאַנגען האָבן זיך געגעבן
צו פילן ביי יידן פון די בעסטע קרייזן רוסישע געזעלשאַפט. ס'האָבן זיך באַ=
וויזן אַזוינע הומאַניסטן ווי דאָקטאָר פּיראָגאָוו, שפּעטער קוראַטאָר פון אָדעסער
און קיעווער לערן=ראַיאָנעס, וואָס האָט אַ סך געטון פאַר יידישער בילדונג;
אַזוינע פרייהייטס=קעמפער, ווי גערצען און טשערנישעווסקי און די גאַנצע גרופּע
ראַדיקאַלע שרייבער פון די 60=ער יאָרן. אין דער רוסישער פרעסע האָט מען
זיך די צען יאָר רעפאָרמעס ווייניק אָפּגעגעבן מיט יידן, אָבער דאָס ביסל וואָס
האָט זיך געדרוקט, איז געווען פיין=הומאַניסטיש. דאָס פריערדיקע חוזק=מאַכן
פונם „זשיד" האָט איצט געהערט צום שלעכטן טאָן. ווען דאָס יאָר 1857 האָט
זיך באַוויזן אין אַ פעטערבורגער זשורנאַל „אילוסטראַציע" אַ יידנפיינטלעך אַר=

טיקל „וועגן מערבֿ־רוסישע זשידעס" — זענען אַקעגן דעם אַרויס צוויי געבילדעטע ייִדן טשאַצקין און האָראָוויץ (אין די זשורנאַלן „רוסישער וועסטניק" און „אַטעניי"). „אילוסטראַציע" האָט דערויף אָפּגעענטפערט מיט זידלעריי, מיט שפּאָט געטיטלט די צוויי שרייבער: „רבי טשאַצקין" און „רבי האָראָוויץ" און געגעבן אָנצוהערן, אַז זייער „ייִדנ־ליבשאַפט" נעמט זיך פון גראָב עגאָאיסטישע אינטערעסן. אַזאַ שטיק האָט אויפֿגערעגט די רוסישע ליטעראַרישע קרייזן אין ביידע רעזידענץ־שטעט. זיי האָבן פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטעסט קעגן „אילוסטראַציע" געחתמעט פון 140 שרייבער, צווישן זיי אַ סך אָנגעזעענע נעמען (קאַוועלין, היסטאָריקער סאָלאָוויאָוו, אי. טורגעניעוו, כאָמיאַקאָוו, טשערנישעווסקי, שעווטשענקאָ). אין פּראָטעסט איז געזאָגט געוואָרן, אַז „מיט האָראָוויץ'ן און טשאַצקין איז באַליידיקט די גאַנצע רוסישע געזעלשאַפט, די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור", וואָס טאָר נישט דערלאָזן קיין „עזות־דיקע רכילות" אונטערן שלייער פֿאַלעמיק. די פּראָטעסט־שרייבער זענען אויסן געווען נישט מער ווי פאַרהיטן די מאָראַלישע ריינקייט פון דער רוסישער ליטעראַטור, צו דער ייִדנפראַגע האָט דאָס נישט. אָבער ייִדישע כלל־טוער זענען געווען אַנטציקט פון דער דאָזיקער דעקלאַראַציע: אומדירעקט האָט זי זיי באַהעפט צו דער רוסישער געזעלשאַפט. אַ פּאָר אַרטיקלען אין אָנגעזעענע זשורנאַלן („סאָווערעמעניק", „רוסקי וועסטניק") פריינדלעך פאַר ייִדישער עמאַנסיפּאַציע, האָבן די שמחה נאָך גרעסער געמאַכט.

די פרייד פון דער ייִדישער אינטעליגענץ מיט דער רוסישער ליטעראַטור האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. פיינטלעכע טענער האָבן זיך געלאָזט הערן אין דער רוסישער פרעסע נאָך איידער די צען גוטע רעפאָרם־יאָר האָבן זיך געפעלט. איוואַן אַקסאַקאָוו, אַ ליבעראַלער סלאַוויאַנאָפיל, האָט מורא, אַז אויב מ'זאָל צולאָזן ייִדן צו מלוכה־שטעלעס „אין אַלע אַמטן", קאָנען זיי נאָך פאַרפולן דעם סענאַט, דעם מלוכה־ראַט, זיי קאָנען אַפילו אַרויסשטעלן אַ ייִדן פאַר־אָבער־פּראָקוראָר פונם הייליקן סינאָד (די צייטונג „דיען", 1862). אַקסאַקאָוו האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן איבערקייען אַן אָפּגעלעבטע מערבֿ־טעאָריע, אַז ייִדנטום און קריסטלעכע ציוויליזאַציע זענען ווילד־פרעמד. די ייִדנפראַגע טייטשט ער אויס אַזוי: „ווי אַזוי זאָל זיך אַ קריסטלעך פאָלק פאַרהאַלטן צו אַ נאַציע, וואָס איר גאַנצער מהות איז — קעגנערשאַפט צו קריסטנטום?" שפּעטער לאָזט זיך אַקסאַקאָוו אַראָפּ פונם הימל אויף דער ערד; די ייִדנפראַגע איז אַן עקאָנאָמישע פראַגע: „נישט וועגן עמאַנסיפּירן ייִדן דאַרף זיך דאָס האַנדלען, נאָר וועגן עמאַנסיפּירן רוסן פון ייִדן". די 70־ער יאָרן איז אין ער רוסישער פּובליציסטיק געוואָרן אַ מאָדע אויף אַזוינע טעמעס, ווי „ייִדישע אָפּגעשלאָסנקייט", „קהל", „עקספּלואַטאַציע", (אין דער ליבעראַלער צייטונג „גאָלאָס" און אַנד.). פ. דאָסטאָיעווסקי, דער גרויסער רוסישער קינסטלער, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט איבערגעבויגן צו דער רעאַקציע, האָט באַוויזן אין זיין „אַ שרייבערס טאָגבוך" (1876—1877) אַן איינגעגעסענעם ייִדנהאַס. דער קינסטלער, וואָס האָט באַוויזן צו פאַרבינדן

אין זיינע טיפן דאָס הייליקע און דאָס פאַרברעכערישע, האָט פאַרוואָרפן מיט שמוץ די יידישע נשמה. „זשיד“ און דאָס „זשידישע“ איז אין זיינע ווערק, דערהויפּט אין דער פּובליציסטיק, — אַ סימבאָל פון גראָבן מאַטעריאַליזם, פון געלטפּרעסעריי, פון פיינטשאַפט צו אַנדערע פעלקער. אייניקע רוסיפיצירטע יידישע אינטעליגענטן, באַליידיקט פון דאָסטאָיעווסקי׳ס שטיק, האָבן זיך געווענדט צו אים מיט אַ פּראָטעסט־שריפט. דערויף האָט ער אָפּגעענטפערט מיט אַן אַרטיקל „די יידנפראַגע“ (1877). איינס, פאַרענטפערט ער זיך, אַז ער איז גישט קיין יידנפיינט, און ווידער צילט ער אין יידנטום אַזוינע גיפטיקע פיילן: „סימנים פון אַ יידישער מלוכה אין דער מלוכה דאָס איז: פאַרפרעמדקייט, אַלס אַ רעליגיעזער דאָגמאַט; אָפּגעשלאָסנקייט, אַ פאַרגלויבטקייט, אַז אויף דער וועלט איז פאַראַן נאָר איין פאָלקס־מהות — דער ייד, אַנדערע פאָלקס־מהות׳ן זענען אפשר פאַראַן, אָבער מ׳דאַרף האַלטן כמו זיי זענען נישטאָ. טייל זיך אויס פון פעלקער, בילד אויס דיין מהות, און ווייס, אַז דו ביזט איינער ביי גאָט; אַלע איבעריקע פאַרטיליק אָדער מאַך פאַר קנעכט, אָדער צאַפּ אויס. גלויב, אַז דיר איז באַשערט איינצונעמען די גאַנצע וועלט, זאָל דיר אַלץ זיין אומווערדיק און חבר זיך נישט מיט קיינעם“. אַזוי האָט דאָסטאָיעווסקי אָפּגעענטפערט דער יידישער אינטעליגענץ; ער האָט פיין דערשפּירט דעם פאַר־זיך פון דער מאַסע אונט״ר דעם אַסימילאַטאָריש־אינטעליגענטישן שלייער; אָבער די גאַנצע כאַראַקטעריסטיק פון יידן בכלל שטאַמט ביי אים פון זיין קראַנקער פאַנטאַזיע מיט איר נטיה צו שילדערן דאָס פאַרברעכערישע. דער יידישער נאַציאָנאַלער אידייע, וואָס באַשטייט טאַקע אין געזעצלעכן און נאָרמאַלן „נישט־צענויפגיסן זיך“, אינם אומווילן פון פאָלקס קערן זיך צענויפצוגיסן מיט אַנדערע און צו פאַרשווינדן, — אָט דער אידייע האָט דאָסטאָיעווסקי אָנגעוואָרפן רויבערישע אַפּעטיטן פון אַ הערשער־פאָלק מיט אָנפאַלערישן נאַציאָנאַליזם, וואָס דאָסטאָיעווסקי גופא האָט דעם געדינט אין דער רוסישער פּאָליטיק

יענע צייט, די 60־ער, די 70־ער יאָרן, האָט זיך די פּראָגרעסיווע יידישע געזעלשאַפט נאָך ווייניק געקימערט וועגן אַזוינע רעאַקציע־אָנזאָגער: צו באַגייסטערט איז זי געווען פאַר די באַפריי־אידעען, וואָס האָבן נאָך געוועלטיקט אין דער רוסישער אינטעליגענץ. די יידישע יוגנט האָט גערופן צו נייע וועגן און דאָס איז ביי איר געווען אַזוי גוט ווי אַסימילאַציע. דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פאַר אַ קולטור־אויפלעבן איז דאָ געווען די אַלגעמיינע רוסישע שול און די „קאַזיאָנע“ יידישע. באַגייסטערט פאַר אַ שיין מענטשלעך לעבן צווישן אַ פריי רוסיש פאָלק, האָבן יידישע ייִנגעלייט פון אַלע ווינקעלעך „תחום“ אַ שטראָם געטון אין די גימנאַזיעס, אין אוניווערסיטעטן, וואָס האָבן זיך פאַר זיי פריי געעפנט. נעכטיקע געטאָ־קינדער האָבן איינגעזאַפּט אידעאַלן פון דער רוסישער יוגנט, באַגייסטערט געווען פאַר דער רוסישער ליטעראַטור. די פירער־גייסטער פון יענעם דור: טשערנישעווסקי, דאָבראָלובאָוו, פּיסאַרעוו, באָקל, דאַרווין, מיל, ספּענסער —

זענען געוואָרן אָפּגעטעה ביי דער יידישער יוגנט אויך. יידישע קעפּ, וואָס ערשט
נעכטן זענען זיי געווען פאַרטיפט אין דער גמרא אין חדרים, אין ישיבות, האָבן
זיך אַ וואָרף געטון צו נייע אידעען: פּאָזיטיוויזם, עוואָלוציאָניזם, סאָציאַלע רעפאָר־
מעס. צו שאַרף איז געווען דער שפּרונג פון רבנישן פּלפּול, פון פאַרשלעפערישער
חסידישער מיסטיק צו דער נייער אידייען־וועלט מיט איר וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע,
צו דער נייער נבואה פון אַ פרייען מענטשלעכן געדאַנק, פון צערייסן די קייטן
פון דער אַלטער טראַדיציע, פון פאַרניכטן אַלע רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע צוימען
פון אַ פאַרברידעטער וועלט... ס'האָבן אָנגעהויבן פאַלן די אַלטע געטער, ס'האָט
זיך אָנגעהויבן אַ טראַגישער שטרייט צווישן „פאָטערס און קינדער", אַ שטרייט,
וואָס האָט צו קיין שלום נישט געקאָנט ברענגען, וואָרים איין צד איז געווען
פאַנאַטיש־אָרטאָדאָקסיש, דער אַנדערער האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין היסטאָ־
רישער יידישקייט, פון דער נאַציאָנאַלער אַזוי ווייניק ווי פון רעליגיעזער. צווישן
לעצט־רעכטן און לעצט־לינק; לאַגער איז געווען דער איבערגאַנגס־דור, יענע
„משכּילים" פון מענדעלסאָנס און י. ב. לעווינזאָנס חדר, וואָס זענען נאָך צו
זייער צייט אַ סך אויסגעשטאַנען פון פאַנאַטיקער פאַר זייער נייעם וועג און
איצט האָבן זיי געוואָלט שלום מאַכן צווישן אמונה און השכּלה. מיטן וואוקס
פון די נייע אידעען זענען די משכּילים דרייסטער געוואָרן אין זייער שטרייט
קעגן די פאַנאַטיקער, זיי האָבן שאַרף קריטיקירט די פאַנאַטישע פירער און פאַר־
פירער און האָבן געגעבן אָנצוהערן, אַז מ'דאַרף איינפירן מעסיקע רעפאָרמעס.
אויפלעבן די העברעאישע ליטעראַרישע שפּראַך און באַנייען דעם אינהאַלט גופא
פון דער ליטעראַטור — דאָס איז געווען זייער וויכטיקסטע אויפגאַבע. נאָכטון די
עמאַנסיפּירטע יידישע קאָלעקטיוון אין די מערב־לענדער האָבן זיי געוואָלט נאָר
ביז אַ געוויסער גרעניץ, נישט אָפּצורייסן זיך פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, פון
נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אידעאַלן. אָבער דער טייל פונם יונגער דור, וואָס האָט
דורכגעמאַכט די רוסישע שול, האָט פון קיין שום גרעניץ נישט געוואָלט וויסן;
מיט אַ אימפּעט־קראַפט האָט דאָס אים געטראָגן אויפן וועג צו אַסימילאַציע.

„איינס מיטן רוסישן פאָלק" — דאָס איז געוואָרן דאָס שטרעבן פון יענעם
דור אינטעליגענץ, אַזוי ווי רוסיפיקאַציע איז געווען די פאָדערונג פון דער רוסי־
שער רעגירונג. איין צד האָט געוואָלט פאַררוסישט ווערן, דער אַנדערער האָט
געוואָלט רוסיפיצירן דערמיט; איז געוואָרן דער הסכּם צווישן דער נייער יידי־
שער אינטעליגענץ און דער רעגירונג. אינם אידעאַל רוסיפיצירן זיך זענען
געווען פאַרשידענע גראַדאַציעס, אָנגעהויבן פון פאַר וואָס נישט אַביסל רוסיש קע־
נען, און אויסגעלאָזט מיט דורך און דורך רוסיש: רוסישע קולטור, רוסישע
אידעאַלן. די מעסיקע האָבן נישט פאָראויסגעזען, אַז דער נייער וועג וועט ווייט
פאַרפירן; די לעצטע פרייע האָבן נישט געהאַלטן פאַר קיין אומגליק, אַז יידן
זאָלן זיך גאָר אַסימילירן אַזוי ווי אין די מערב לענדער. אַסימילאַציע האָט פאַר
אַ סך געהייסן אַזוי גוט ווי אָפּשאָבן דאָס ווילדפלייש, וואָס דאָס פאָלק איז דער־

מיט פאַרוואַקסן געוואָרן, נישט אָבער פאַרניכטן דעם עצם שטאַם פון דער נאַציע. די גאָרע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט האָט מיט רעכט שוין נישט געקאָנט מער פאַרטראָגן דעם פאַרשימלטן לעבנסשטייגער, וואָס האָט נישט געלאָזט מער וואַקסן; די אינטעלעקטועלע פאַרשלאָפנקייט פון דער חסידישער מאַסע און די לומדישע פאַרשטיינערטקייט, וואָס שטיקט דעם איידלסטן ווילן צו פרייגייסט. אָבער דעם שטרייט קעגן דער פאַרעלטערטער טראַדיציע האָט מען אָפט געפירט צוזאַמען מיט דעם דריטן צד, וואָס דעמס צוועק איז געווען גאָר אָבצווישן דעם פאָלקס אייגנס, ד. ה. אָפיציעלע רוסיפיציר-פּראָגראַם. אַ בונד צווישן דער בייער יידישער אינטעליגענץ און דער רוסישער רעגירונג איז פאַר יענער צייט געווען אַ זיכערערע פאַקט. „קאַזיאָנע” ראַבינער און שול-לערער, געוועזענע תלמידים פון ווילנער און זשיטאָמירער ראַבינער-שולן, האָבן זיך געהאַלטן ווי רעגירונגס-באַאַמטע, און געשטיצט זיך אויף פּאָליציי אין קאַמף קעגן דער אָרטאָדאָקסיע. אָפט פלעגן זיי דעמאָנסטראַטיוו באַליידיקן דאָס רעליגיעזע געפיל ביי דער יידישער מאַסע, מיט אַ כיון געפירט זיך אַפּיקורסיש, געפּילט זיך שטאַרק מיט „נאַטשאַלסטוועס” שטיץ. פלעגן קהלות נישט וועלן קלייבן אַזוינע פאַר ראַבינער, איז — אָדער די אַדמיניסטראַציע פלעגט זיי אַליין אַוועקזעצן אויפן בענקל, אָדער זי פלעגט זיי הייסן קלייבן. די „אויפקלערונג”, וואָס אַזוינע געטרייע רעגירונג-אַגענטן האָבן געפירט, האָט נישט געקאָנט אויסנעמען ביי די פרומע יידישע מאַסן. די אינטעליגענץ האָט זיך לחלוטין נישט גערעכנט מיט דער שטימונג פון דער מאַסע און גערופן די פּאָליציי צו הילף קעגן חסידות און צדיקים. די רעגירונג האָט דאָ גערן צוליב געטון: דאָס יאָר 1864 האָט מען געמאַכט אַ שטרענגע צענזור פאַר חסידישע ספרים, אַ שטאַרקן קאָנטראָל אויף יידישע דרוקן: גוטע יידן האָט מען פאַרווערט אַרומפאָרן; ביי דער יידישע מאַסע זענען זיי געוואָרן קדושים און מ'האָט אָנגעהויבן פאָרן מאַסנווייז צו רביים. דער אומצוטרוי צו דער אָפיציעלער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ איז איבער דעם נאָך מער געוואַקסן ביי דער מאַסע; איר פּרעסטיזש איז געפאַלן ביז גאָר, און דאָס האָט אַ סך שאָדן געבראַכט דער אויפקלערונגס-אַרבעט, וואָס זי האָט געטון.

אַ באַזונדער מין אַסימילאַציע איז דעמאָלט געוואָרן ביי דער יידישער געזעלשאַפט אין פּוילן, דערהויפּט אין וואַרשע. דאָס איז געווען דער ערגסטער מין אַסימילאַציע: קנעכטישע קריכעריי פאַר פּוילן איז דאָ געווען אַ סך מער, איידער קולטור-קאַמף. „פּוילן פון משה רבינוס גלויבן”, אַזוי האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן די דאָזיקע אַסימילאַטאָרן, האָבן זיך געריסן אָנגענומען צו ווערן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט אין אַ צייט, ווען די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט זיך נאָך געוואָרפן מיט זיי. בעת'ן אויפשטאַנד (1861—1863) האָט מען זיי גערן צוגעזען פאַר מיטקעמפער, בפרט, אַז יידן האָבן אַזוי מאַניפעסטירט זייער פּוילישן פּאַטריאָטיזם. אין „Jutrzenka“ (אויפגאַנג), אַ פּויליש-יידיש וואָכנבלאַט

אין וואַרשע, האָט מען געהאַלטן אין איין קייען די אָפּגעשמאַקטע טעאָריע געני=
מען בײַ די מערב=יידן, אַז יידן זענען נישט מער ווי אַ רעליגיעזער קבוץ, נישט
קיין נאַציאָנאַלע איינהייט. איינער פון די הויפּטטוער אין זשורנאַל, ליודוויג
גומפּלאָוויטש, (געשריבן אַ היסטאָרישע מאָנאָגראַפיע וועגן יידן אין פּוילן, דער=
נאָך אַ באַוואוסטער סאָציאָלאָג, אַ משומד, פּראָפעסאָר אין אַן עסטרייכישן אוני=
ווערסיטעט), האָט אָנגעהויבן זיין סעריע היסטאָרישע אַרטיקלען מיט אַזאַ אַריינ=
פיר: „דאָס, וואָס יידן האָבן געהאַט אַ געשיכטע, דאָס איז געווען זייער אומ=
גליק אין איראָפּע, ווארום דער מהות פון זייער געשיכטע איז אַן אָפּגעזונדערט
לעבן, אָפּגעשלאָסן פון אַלע פעלקער, — און דאָס איז דער אומגליק". נאָכן
אויפשטאַנד איז די פּאָלאָניזאַציע פאַרגאַנגען גאָר ווייט. דער אויבערשטער שיכט
יידישע געזעלשאפט איז באַשטאַנען כמעט נאָר פון „משה=רבינו׳ס פּאָליאַקן",
וואָס האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון יעדן סימן יידישע קולטור, בעת די פּאָלקס=
מאַסע, פאַרטון אין דער גוט=יידישער עבודה=זרה, האָט מיט אַ שרעקלעכן פאַנאַ=
טיזם אָפּגעוואָרפן אַלע עלעמענטן פון איראָפּעאישער קולטור. בײַ אַזוינע פאַר=
ביסענע עקסטרעמען האָט פון נאָרמאַלער אַנטוויקלונג קיין רייד נישט גע=
קאָנט זיין.

ווי אינטענסיוו די קולטור=באַוועגונג איז נישט געווען אין דער יידישער
געזעלשאַפט, האָט דאָך נישט געקלעקט קיין קרעפטן צו פירן אַן אָרגאַניזירטע
פּלאַנמעסיקע אַרבעט. די איינציקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע יענע צייט איז
געווען „די געזעלשאַפט צו פאַרמערן אויפקלערונג בײַ יידן"; געגרינדעט די
געזעלשאַפט האָט דאָס יאָר 1863 אַ קליינע גרופּע פּעטערבורגער גבירים און
אינטעליגענטן. די נייגעוואָרענע יידישע קאָלאָניע אין פּעטערבורג פון גרויס=
סוחרים און „דיפּלאָמירטע" (לויט די געזעצן פון 1859 און 1861 האָבן זיך
דאָרט געמעגט באַזעצן נאָר די פּריווילעגירטע קאַטעגאָריעס), האָט נאָך נישט
פאַרמאָגט קיין גענוג טוער פאַר אַן אויטאָריטעטן קאָמיטעט (די ערשטע צען
יאָר זענען אין קאָמיטעט געווען צוזאמען מיט די גרינדער, די באַראָן גינזבורגס
און ל. ראָזענטאַל, — ג ע וו ע ז ע נ ע יידן אויך: פּראָפעסאָר ד. כוואָלסאָן
און לייבמעדיק י. בערטנסאָן). איינער פון די גרינדער, ל. ראָזענטאַל, האָט
אָפנהאַרציק דערציילט, וואָס מ׳איז אויסן געווען מיט גרינדן די געזעלשאַפט: „פון
הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, וואָס מיר פלעגן זיך מיט זיי טרעפן, האָבן מיר
שטענדיק געהערט אויסוואַרפן יידן, אַז זיי זענען אָפּגעשלאָסן, פאַנאַטיש, פאַר=
פרעמדט צו יעדער רוסישער זאַך. מ׳פלעגט אונז פאַרזיכערן, אַז ווי נאָר די דאָ=
זיקע חסרונות וועלן זיך פעלן, וועט די לאַגע פון אונזערע ברידער אין רוסלאַנד
בעסער ווערן און מיר וועלן אַלע ווערן גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אין לאַנד.
דאָס האָט אונז באַוואויגן צו גרינדן אַ פאַרבאַנד פון געבילדעטע לייט אויף
אויסצוואָרצלען די דערמאָנטע חסרונות דורך דעם, וואָס מ׳זאָל יידן לערנען
רוסיש און נוצלעכע קענטעניש". בכן זעען מיר, אַז די געזעלשאַפט „מפיצי

השכלה" האָט גענומען אויף זיך די ראָליע פון אַ פאַרמיטלערין צווישן דער רעגירונג און דעם פאָלק צו רוסיפיצירן יידן. אין דעם פרט האָט זי איר זאַך געטאָן. „בילדונג לשם גלייכבאַרעכטונג" איז געוואָרן דער צוועק פון דער געזעלשאַפט. מ'האָט פראָטעזשירט הויכבילדונג ביי יידן, מ'האָט געגעבן סובסידיעס סטודענטן, מ'האָט אָבער גאָרנישט געטון צו שאַפן אַ נאָרמאַלע פאָלקסשול, צו רעפאָרמירן חדרים און ישיבות. שטיצן „נוצלעכע קענטענישן" האָט געהייסן סובסידירן עטלעכע יידישע שרייבער, וואָס האָבן איבערזעצט אויף העברעאיש געשיכטע און נאַטורוויסן. נאָך אוטיליטאַריסטישער איז געווען דער אָדעסער אָפטייל „מפיצי השכלה", געגרינדעט דאָס יאָר 1867 [1]). דאָ איז דער צוועק געווען פאָרמולירט אָפן: „אויפקלערן יידן אויף רוסיש אין רוסישן גייסט". די רוסיפיקאַציע זאָל דערלאַנגט ווערן מיט איבערזעצן די ביבל און דעם סידור אויף רוסיש, „וואָס דאָס זאָל ווערן די נאַציאָנאַלע שפּראַך ביי יידן". אָדעסער פּאָגראָם דאָס יאָר 1871 האָט די גרינדער אונטערגעהאַקט די אַסימילאַטאָרישע פליגל. ווי דער פאָרזיצער דערציילט, „האָבן זיך ביי זיי אָפּגעלאָזט די הענט, מ'האָט אָנגעהויבן צווייפלען, צי האָט מען זיך געשטעלט דעם ריכטיקן צוועק. וואָרום, ווי ס'זעט אויס, וועט פון אונזערע ברידער'ס אַלע באַמיונגען צו ווערן רוסן גאָר נישט זיין, ביז ווילאַנג די רוסישע מאַסע וועט פאַרבלייבן פאַרגרעבט ווי איצט און זי וועט פיינט האָבן יידן". דער פּאָגראָם האָט אויף אַ צייט פאַרהאַלטן די אַרבעט פון דעם אדעסער אָפטייל. דער צענטראַל-קאָמיטעט ווידער אין פעטערבורג האָט זיך אויך געפילט אָפּגענאַרט. ווי די געזעלשאַפט האָט זיך נישט געמיט זיך צופּאַסן צו דער „רעגירונגס אויסזיכטן", האָט זי דאָך נישט געהאַט קיין צוטרוי ביי דער ביוראָקראַטיע; ס'איז גענוג געווען, אַז בראַפמאַן זאָל פאַררעכענען די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע צו דעם באַהאַלטענעם „יידישן קהל", וואָס שטרעבט אָפּצוזונדערן יידן, „שונאים דער קריסטלעכער וועלט". רוסיפיקאַטאָרס, וואָס מיט אַ מאָל האָט מען זיי געמאַכט פאַר סעפּאַראַטיסטן, — דאָס איז געווען זייער אַ טראַגישע לאַגע. די גאַנצע אַרבעט צו שטיצן גימנאַזיסטן און סטודענטן איז נישט כדאי געווען די מי, בעת אָן דעם זענען אויך גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן איבערפולט געווען מיט יידן. צו דעם פריערדיקן פּראַקטישן צוועק, — אַ דיפּלאָם צו בירגער-רעכט, איז איצט (נאָכן מיליטער-סטאַטוט פונם יאָר 1874) צוגעקומען נאָך איינער: אַ פּריווילעגיע („לגאָטע") צו מיליטער דינסט. איבער דער דאָזיקער פּריווילעגיע האָבן אַ סך עלטערן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין שולן, דערהויפּט סוחרים, וואָס האָבן דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל דערפילט דעם טעם פון מיליטער-דינסט. די „מפיצי השכלה" האָבן געטון נישט מער, ווי געבן שטיצע אָרעמע שילער, ס'איז געוואָרן אַ מין „משכיל אל דל"

[1]) צווישן די גרינדער זענען געווען די געוועזענע אַרויסגעבער פון „ראַזסוויעט" און „סיאָן" — א. ראַבינאָוויטש, ע. סאָלאָווייטשיק און ד"ר ל. פּינסקער, שפּעטער דער פירער פון די „חובבי ציון".

(בילדונגס־פילאַנטראָפּיע). ערב דעם קריזיס פון די 80־ער יאָרן איז די אָרגאַניזאַציע געשטאַנען אויפן שיידוועג. נאָכדעם האָט זי זיך גענומען פאַר דער פ א ל ק ס־ש ו ל.

ביי דעם מאַנגל אין אַ בריים־פאַרצווייגטער נעץ געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, איז די פ ע ר י א ד י ש ע פ ר ע ס ע געוואָרן די אַקטיווע קראַפט אין דעם קולטור־קאַמף יענע צייט. אָנהויב די 60־ער יאָרן זענען געוואָרן בלעטער אויף העברעאיש און רוסיש: אַ סימן פון דערוואַקסנקייט פאַר יענער צייט. ביידע גרופּעס שרייבער: די העברעאישע און די רוסישע, האָבן זיך גענומען פאַר דער גרויסער אויפקלער־אַרבעט צו באַנייען דאָס יידישע לעבן, יעדע גרופּע פאַר איר עולם. די אויסגאַבן אויף העברעאיש, טיילווייז אויף „זשאַרגאָן", האָבן געהאַט אין אויג דירעקט דאָס פאָלק, זיי האָבן געפּרעדיקט אייגנטלעך השכלה: קריטיקירט די פינסטערניש און פאַנאַטיזם ביי יידן, זיי האָבן צוגערעדט לערנען רוסיש און בילדן זיך בכלל, האָבן אונטערגעריסן די אַלט־פרענקישע דערציונג. אַקעגן, די יידישע אויסגאַבן אויף רוסיש, וואָס זענען געווען אויסגערעכנט פאַר דער אינטעליגענץ, פאַר דער יידישער ווי פאַר דער רוסישער, האָבן זיך געשטעלט אַ פּאָליטישן צוועק: קעמפן פאַר גלייכבערעכטונג און פאַרטיידיקן יידן קעגן פאַרשידענע אָנפאַלן. ביי ביידע גרופּעס האָט מען געקאָנט צוזען ווי ס'וואַקסט דער געזעלשאַפטלעכער פאַרשטאַנד: פון עלעמענטאַרע געדאַנקען, אָפט זייער פּרימיטיווע, איז מען געקומען צו קאָמפּליצירטערע. ביידע העברעאישע וואָכנבלעטער, וואָס זענען אויפגעקומען דאָס יאָר 1860 [1], דער ווילנער „הכרמל" (רעדאַקטאָר ש. י. פין) און דער אָדעסער „המליץ" (רעדאַקטאָר א. צעדערבוים), האָבן די ערשטע יאָרן געשריבן אַזוי ווי פאַר דערוואַקסענע קינדער, זיי האָבן גערימט די מעלות פון השכלה און די „חסדים" פון דער רעגירונג. „הכרמל" איז געשטאָרבן אויך אין די קינדערשע יאָרן (1870; שפּעטער זענען אַרויסגעגאַנגען אונטער דעם נאָמען צופעליקע ביכלעך מיט אַ ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכן אינהאַלט). דער „המליץ" אָבער איז אינגיכן געוואָרן אַ לעבעדיקער קריטישער אָרגאַן, וואָס האָט געשאַרפט זיינע פיילן קעגן חסידות און גוטע יידן, אַמאָל זיך איינגעשטעלט אָנצורירן לומדות אויך. דאָס וואָכנבלאַט „קול־מבשר", אַ יידישע ביילאַגע צום „המליץ" (1862—1871), האָט שוין גערעדט דירעקט צו דער מאַסע און דאָט אין פּובליציסטישע אַרטיקלען און אין הומאָריסטישע פעליעטאָנען שאַרף קריטיקירט דעם אַלטפרענקישן יידישן שטייגער. אַ מדרגה העכער איז שוין געווען דער חודש־זשורנאַל „השחר", וואָס פּ. סמאָלענסקין האָט אָנגעהויבן דאָס יאָר 1869 אין ווין און איז געגאַנגען דערהויפּט אין רוסלאַנד. „השחר" האָט שוין

[1]) דאָס איינציקע העברעאישע וואָכנבלאַט ביז דעמאָלט איז געווען דער „המגיד"; אָנגעהויבן זיין דאָס יאָר 1856 אין אַ פּרייסיש שטעטל ליק, ביי דער רוסישער גרעניץ, און געמאַכט באַקאַנט רוסישע יידן מיט די פּאָליטישע געשעענישן אין אייראָפּע.

געקעמפט אויף צוויי פראָנטן: קעגן דעם פאַנאַטיזם פון דער פינסטערער מאַסע און קעגן אינטעליגענטישן נאַציאָנאַלן אינדיפערענטיזם, און ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דער חדר־און־ישיבה־יוגנט. ישיבה־בחורים האָבן דאָ געפונען אַזוינס, וואָס זיי האָט טיף גערירט, זיי האָבן זיך אויסגעלערנט עלעמענטאַר־קריטיש צו דענקען, אָפשיידן דאָס אייביקע פונעם צופעליקן אין יידישקייט. פאַרן איבערגאַנגס־דור, אויף דער שוועל צווישן נייעם און אַלטן יידנטום, איז דאָס געווען באמת גייסטיק ברויט.

אויף וויפיל די נייע, מער וויניקער רוסיפיצירטע, אינטעליגענץ איז אויסגעוואַקסן, האָט מען געקאָנט זען פון דעם, ווי עס האָבן זיך געביטן די ריכטונגען אין דער פעריאָדישער פרעסע אויף רוסיש. די פובליציסטיק האָט דאָ אויסגעזען אַ סך אייראָפעאישער. די דריי אָדעסער בלעטער „ראַזסוויעט" (1860), „סיאָן" (1861), און „דיען" (1869—1871) האָבן געהאַט פאַר זיך פאַרטיקע מוסטערן פון דער פרעסע ביי מערב־יידן, מ׳האָט זיך געלערנט ביי די ריסער׳ס און פיליפסאָנס: מ׳דאַרף קעמפן פאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג, אָפוועדן אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן און דערצו נאָך שטרעבן צו רעפאָרמירן דעם אייגענעם יידישן שטייגער. אָבער ווען רוסלענדער ריסערס האָבן גענומען אויספירן אַזאַ אַרבעט, האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַן אייזערנע וואַנט. ווען „ראַזסוויעט", געפירט פון אַ טאַלענטירטן פובליציסט אָסיפ ראַבינאָוויטש, האָט גענומען אויפדעקן די אייגענע שאַנד אינעם יידישן לעבן, זענען אויף אים יידישע כלל־טוער ברוגז געוואָרן: אין אַ בלאַט אויף רוסיש פאַסט נישט זיך אַליין צו שאַנד מאַכן; דאָ דאַרף מען נאָר אַרבעטן פאַר גלייכבאַרעכטונג. אָבער אויף גלייכבאַרעכטונג האָט געהאַט אַ דעה נאָך אַ צד — די רוסישע צענזור, וואָס האָט נישט געלאָזט. אין זיינע אַרטיקלען וועגן עמאַנסיפאַציע איז דער „ראַזסוויעט" געווען זייער איינגעהאַלטן, און דאָך האָט די צענזור געהאַלטן, אַז זיי שטימען נישט מיט דער „רעגירונגס אויסזיכטן". ס׳איז אַפילו געווען אַ צענזור־צירקוליאַר, אַז מ׳טאָר נישט „רעדן פון גלייכבאַרעכטיקן יידן מיט אַנדערע בירגער גלייך"; און אַז דער רעדאַקטאָר האָט זיך געקלאָגט אין פעטערבורג אויף אַדעסער צענזור־פלאָג, האָט ער זיך געמוזט פאַרענטפערן, אַז אין די פאַרבאָטענע אַרטיקלען האָט זיך אייגנטלעך גערעדט פון וואוינרעכט פאַר יידן, נישט פון גלייכבאַרעכטונג בכלל. אַ יאָר האָט זיך דער „ראַזסוויעט" געראַנגעלט מיט דער צענזור און מיט דעפיציטן (אַ רוסיש־יידישער זשורנאַל האָט נאָך געהאַט ווייניק לייענער) און האָט זיך אָפגעשטעלט. „סיאָן", וואָס איז אַרויס באַלד נאָך דעם (רעדאַקטאָרן: ע. סאָלאָווייטשיק און ל. פינסקער), האָט געפרובט אַן אַנדער טאַקטיק: אויפצוקלערן די גערעכטיקייט פון יידישע פאָדערונגען אין דער פאָלעמיק קעגן יידנפרעסער און דורך באַקענען דעם רוסישן עולם מיט יידישער געשיכטע, אָבער ער האָט אַפילו קיין גאַנץ יאָר נישט אויסגעהאַלטן. אין זיבן יאָר אַרום האָט אין אָדעס אָנגעהויבן גיין אַ טאָגבלאַט „דיען", וואָס האָט שוין געהאַט מער מיטאַרבעטער

(אָרשאַנסקי, מרגליות און אַנד.). די יידישע דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ איז שוין געווען דעמאָלט גרויס. דאָס נייע בלאַט האָט פרייער געמאָנט גלייכבאַרעכטיגונג, אָבער שוין אַוועק אַ סך ווייטער פאַר די פריערדיקע אין פּראָפּאַגאַנדירן רוסיפיקאַציע. דער „דיען׳ס" גרונד־געדאַנק איז געווען: „גאָר און גאָר פאַרשמעלצן יידישע אינטערעסן מיט די אינטערעסן פון אַלע בירגער". די יידנפראַגע איז „נישט קיין נאַציאָנאַלע פראַגע, דאָס איז אַ געזעלשאַפטלעכע, אַן עקאָנאָמישע זאַך", און דער ענטפער איז פשוט: גלייכבערעכטיקן „אַ טייל רוסיש פאָלק" (יידן) מיטן גאַנצן פאָלק גלייך. אָדעסער פּאָגראָם (1871) האָט געמוזט אָפּקילן די „דיען"־שרייבערס וועגן „אַלצאיינע אינטערעסן". אָבער דאָס בלאַט האָט זיך אינגיכן אָפּגעשטעלט איבער צענזור־נגישות. אויף עטלעכע יאָר איז די רוסיש־יידישע פּרעסע פאַרשוויגן געוואָרן (אויב נישט רעכענען אַ. לאַנדויס פּעריאָדישע זאַמלביכער „יידישע ביבליאָטעק" אין פּעטערבורג — די 70־ער יאָרן); זי האָט אָנגעוואָרן אירע לייענער: דער דורכשניטלעכער אינטעליגענט האָט געפּאָלגט, ער האָט זיך „פאַרשמעלצט" און מער האָט ער שוין קיין ספּעציעל בלאַט נישט באַדאַרפט. דער בעסטער טייל אינטעליגענץ האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם שטייגעדיקן אינדיפערענטיזם ביי דער יוגנט, וואָס האָט דורכגעמאַכט די רוסישע שול, און האָט געפּרובט סוף תקופה (1879—1880) באַנייען די רוסיש־יידישע פּרעסע. אין פּעטערבורג זענען אויפגעקומען וואָכנבלעטער „רוסקי יעווריי", „ראַזסוויעט", דערנאָך דער „וואָסכאָד", וואָס האָבן געזוכט נייע וועגן צו דער נשמה פון דער יידישער אינטעליגענץ. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט געטראָפן די אינטעליגענץ דער שווערער קריזיס פונם יאָר 1881; דער קריזיס האָט שוין אַרויסגעפירט די יידישע זשורנאַליסטיק אויף נייע וועגן.

די רוסישע שול און ליטעראַטור האָבן באַהעפט די יידישע יוגנט מיט די אידעען־באַוועגונגען אין דער רוסישער געזעלשאַפט. אַ טייל פון דער דאָזיקער יוגנט האָט זיך גאַט־רלעך אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די 70־ער יאָרן, וואָס איז געווען בעצם אידעאַליסטיש, נישט געקוקט אויף דער „מאַטעריאַליסטישער" דאָקטרין פון די וואָרטפירער. יידן האָט דאָס אַהינגעצויגן נישט אַזוי פיל פאַר אויפרעגונג קעגן יידישער רעכטלאָזיקייט, כאָטש אַ ביסל אַ צוגעגלעטער, ווי פאַר אומצופרידנקייט מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטישער רעאַקציע. דאָס איז געווען די צייט פון „נאַראָדניטשעסטוואָ" („באַהעפטן זיך מיטן פאָלק" א. ד. גל.). יידן סטודענטן, געוועזענע שילער פון די ראַבינער שולן און לערער־אינסטיטוטן, אָדער פשוט אויטאָדידאַקטן געוועזענע ישיבה־בחורים האָבן זיך „באַהעפט מיטן פאָלק", מיטן רוסישן געווינטלעך, נישט מיטן יידישן; האָבן געפירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן פּויערים און אַרבעטער, וואָס מ'האָט זיי געקענט פון ביכער. ס'האָט געהייסן, אַז באַם ס'וועלן מקוים ווערן די אַלגעמיין־רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן, וועט שוין ממילא בטל ווערן די יידנפראַגע אויך און אַלע אַנדערע פּרט־פראַגן, און דעריבער לוינט זיך נישט זיך

אָפּגעבן מיט די דאָזיקע פּרטים. פאַר דער יידישער יוגנט איז די גאַנצע באַ־
וועגונג געווען אַ טעאָרעטישע זאַך: מיט דער רוסישער יוגנט האָט זי באַהעפט
גייסטיקע אינטערעסן, דאָס זוכן נייע וועגן, „אויסאַרבעטן אַ וועלטקוק”. קאָסמאָ־
פּאָליטיזם איז געווען די גרונדאידעע ביי יידישע סאָציאַליסטן: אין „נאַראָדני־
טשעסווע” האָבן זיי פאַרזען דעם שטילן עלעמענט פון אַ ר ו ס י ש ע ר נאַציאָ־
נאַלער באַוועגונג. יידן זענען ביי זיי אין די אויגן קיין נאַציע נישט געווען,
און אַלס רעליגיעזע גרופּע זענען זיי געווען אַן אָפּגעלעבטע זאַך אין דער גע־
שיכטע, וואָס זאָל אינגיכן פאַרשווינדן. איין פּרוב אויסצושטימען סאָציאַליזם מיט
יידישער קולטור איז דאָך געווען. אָנהייב 70־ער יאָרן איז אין ווילנע אויפגע־
קומען אַ יידישע רעוואָלוציאָנערע גרופּע, דערהויפּט זענען דאָ געווען באַטיי־
ליקט שילער פון דער ראַבינער־שול און לערער־אינסטיטוט. די פּאָליציי האָט
זיי געכאַפּט און אַרעסטירט אייניקע, די איבעריקע זענען זיך צעלאָפן (1875).
איינער פון זיי, אהרון ליבערמאַן, איז אַוועק קיין לאָנדאָן, געוואָרן אַן אייגע־
נער אין לאַוראָוו'ס גרופּע און אין דער רעדאַקציע פון ם רעוואָלוציאָנערן זשור־
נאַל „וופּעריאָד” (פאָראויס). ליבערמאַן איז אָבער דערביי נישט געבליבן; ער
האָט באַשלאָסן צו פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן און געגרינדעט אין לאָנדאָן
אַ „פאַריין פון יידישע סאָציאַליסטן” (1876). דאָס איז געווען אַ קליינע גרופּע
אַרבעטער און לערניונגען; די הויפּט־אַרבעט איז דאָ געווען — געשפּרעכן און
דיסקוסיעס אויף סאָציאַליסטישע טעמעס, און פּראָקלאַמאַציעס אויף העברעאיש
וועגן פאַרייניקן אַרבעטער. דער פאַריין איז אינגיכן צוניִשט געוואָרן, און לי־
בערמאַן, אונטערן נאָמען פ ר י מ א ן, איז אַריבער קיין ווין און האָט אָנגע־
הויבן אַרויסגעבן אַ סאָציאַליסטישן זשורנאַל „האמת” אויף העברעאיש. תחלת
האָט מען דעם זשורנאַל דורכגעלאָזט קיין רוסלאַנד, אָבער צום דריטן ביכל
שוין האָט זיך די צענזור געכאַפּט און קאָנפיסקירט דאָס (1877). דער זשורנאַל
האָט אינגיכן אויפגעהערט. דאַן איז אויפגעקומען דאָס בלעטל „אספת־חכמים”
אין קעניגסבערג (רעדאַקטאָר: מ. ווינטשעווסקי), אַ ביילאַג צו ראָדקינסאָנ'ס
לעגאַלער צייטונג „הקול” (1878), אָבער דאָס האָט אויך לאַנג נישט אויסגע־
האַלטן. מ'האָט אַרעסטירט ליבערמאַנ'ען אין ווין און זיינע חברים אין בערלין
און מ'האָט זיי אַרויסגעשיקט פון פּרייסן און פון עסטרייך (1879). דער גרעס־
טער טייל האָט עמיגרירט קיין ענגלאַנד און קיין אַמעריקע און איז אָפּגעריסן
געוואָרן פון רוסלאַנד. אין רוסלאַנד גופא זענען יידן רעוואָלוציאָנערן געווען
פּאַרטיון אין דער אַ ל ג ע מ יי נ ע ר באַוועגונג. נעכטיקע געטאָ־קינדער האָבן
באַוויזן אַ סך העלדנמוט און אָפּפערוויליקייט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַ־
וועגונג די 70־ער יאָרן: יידן האָבן פיגורירט אין אייניקע גרויסע פּאָליטישע
פּראָצעסן און עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס (די דעמאָנסטראַציע ביים קאַזאַנער
סאָבאָר, 1876), האָבן געשמאַכט אין די טורמעס און פאַרוואָגלט געוואָרן קיין
סיביר. אין דעם דאָזיקן אידעאַליסטישן קאַמף פאַר אַלגעמיינער פרייהייט איז

געוויס געווען אַ פאַרבאַהאַלטענע ענערגיע פון יידישן פּראָטעסט, אָבער עס האָט געפעלט דער יידישער מאָטיוו: דאָס שטרעבן צו באַפרייען דירעקט דאָס פאַרקנעכטעטע פאָלק.

## § 46. די באַנייטע ליטעראַטור.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער פאַר אַלע זייטיקע צוקומענישן, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך די צייטן פון שאַרפע קריזיסן; ס'איז געווען אַ גרונדליניע, אַ מיטלוועג פון דער גאָרער קולטור-באַוועגונג, וואָס האָט געפירט דאָס פאָלק צו אַ געזונטן פּראָגרעס. דער פּאָזיטיווסטער רעזולטאַט איז דאָ געווען — די נייע העברעאישע ליטעראַטור. דאָ האָט זיך פאַרפעסטיקט און פאַרפיינט דער רענעסאַנס, וואָס מיר האָבן אים געזעען שוואַך, אָנהויבנדיג נאָך אַ תקופה פריער. די גערודפטע השכלה האָט איצט געקאָנט פריי אַרויסברענגען, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. דאָס, וואָס צו י. ב. לעווינזאָנס צייט האָבן געוואַגט צו טון עטלעכע ריזיקאַנטן ערגיץ אין אַ געשלאָסענער ווילנער גרופּע אָדער אין אַ וואָלינער העק, איז איצט אַרויס אויף דער פרייער וועלט. אויב פריער זענען געווען יחידים שרייבערס, אָנזאָגער פון אַ נייער ליטעראַטור, איז איצט האָט זיך באַוויזן די ליטעראַטור גופא — ניי, סיי לויטן אינהאַלט, סיי לויט דער פאָרם. באַנייען די העברעאישע שפּראַך, דעם תנ"ך — סטיל, געריייניקט פונם רבנישן זשאַרגאָן, — דאָס איז פאַר אייביקע געווען אַ צוועק פאַר זיך, פאַר אַנדערע איז דאָס געווען אַ מיטל צו אויפקלערונג. ס'האָט אויפגעבליט די „מליצה", די סטיליזאַציע, — דאָס בויגן דעם מאָדערנעם אינהאַלט פאַר אַ פּסוק תנ"ך. לויטן אינהאַלט איז די נייע ליטעראַטור די ערשטע צייט געווען פּרימיטיוו און נישט אָריגינעל[1]. דאָ איז מען נישט דערוואַקסן צו שאַפן אַזאַ „יידישע וויסנשאַפט", ווי מיר האָבן דאָס געזעען אין דייטשלאַנד. אַ העברעאישער שרייבער אין רוסלאַנד האָט דעמאָלט געקאָנט זיין אָדער אַ פּאָעט אַ בעל עטריסט, אָדער אַ פּובליציסט. היסטאָרישע פאָרשטע-לונגען האָט מען דאָ איינגעפּאַסט אין אַ פּאעמע אָדער אַ נאָוועלע, אָדער מ'האָט דאָס אויסגענוצט פאַר אידעאישער פּובליציסטיק, פאַר יהדות-קריטיק. אָביעקטיווע וויסנשאפט האָט זיך דאָ נישט אָנגענומען, ווי ווייט עפּעס האָט זיך געוויזן, איז דאָס געווען אַרכעאָלאָגישע חקירות, נישט קיין לעבעדיקע היסטאָריאגראַפיע (שמחה פּינסקער, הרכבי). קיין שטרענגע גרעניץ צווישן פּאָעזיע און פּובליציס-

[1]) מ. א. גינזבורגס מיסיע (§ 24) האָט דאָ איבערגענומען ק. שולמאַן. די יאָרן 1850—1880 האָט ער פאַרפלייצט די יידישע ליטעראַטור מיט איבערזעצונגען און קאָמפּילאַציעס, פון עזשען סיו'ס „מסתרי פּריז" ביז וועבער'ס „אַלגעמיינע געשיכטע". אָבער שולמאַנס מליצה, בעת ער רעדט פון וואָכעדיקע זאַכן, מאַכן אָפט אַ קאָמישן איינדרוק.

טיק איז דאָ אויך נישט געווען, דערהויפּט די הייסע קריזיס=צייט: אַ פּאָעט אָדער אַ ראָמאַניסט פלעגט זיך אָפט נעמען פאַר דער פּובליציסטישער פען, געוואָרן אַ מוכיח און אַ דרשן פאַר נייע אידעען.

נאָך יענעם פאַרטאָג, ווען די רעאַקציע האָט נאָך געווילדעוועט, סוף ניקאָלאַי דעם 1=טנס רעגירן, האָט זיך שוין אין ליטע געלאָזט הערן דער ייִנגער יידישער פּאָעט מיכה יוסף לעבענזאָן, דעם גראַמענמאַכער אד״ם׳ס אַ זון (אברהם=בער לעבענזאָנס פּסעוודאָנים), אַ פאַרחלומטער ווילנער ייִנגערמאַן, וואָס האָט געקרענקט אויף וועלט=צער און אויף שווינדזוכט. ער האָט אָנגעהויבן פון איבערדיכטן ווירגיליי׳ס „ענעאידע״ די צווייטע ליד (1849), אָבער אינגיכן איז ער אַריבער צו יידישע מאָטיוון. אין מוזיקאַלישע סטראָפעס פון „שירי בת ציון״ (1851) איז אויסגעגאָסן די גאָרע בענקשאַפט פון אַ נשמה, וואָס זוכט אַ סינטעז צווישן גלויבן און וויסן (די פּאָעמע „שלמה וקוהלת״), וואָס רעוואָלטירט קעגן דעם אויסערדיקן יאָך („יאל וסיסרא״), וואָס קלאָגט אויף דעם פּיין פון אַ וואַנדער=פאָלק („יהודה הלוי״). די שווערע קרענק האָט אונטערגעהאַקט דעם דיכטער צו 24 יאָר (1852). די קליינע לירישע זאַמלונג „כינור בת ציון״, וואָס איז אַרויס נאָך זיין טויט, ווייזט, וואָס פאַר אַ גרויסע פּאָעטישע קראַפט האָט געשטעקט אין דעם פרי=פאַרשטאָרבענעם דיכטער, וואָס אויף דער שוועל פון קבר האָט ער אַזוי רירנד געזונגען פון ליבע, שיינקייט און ריינער לעבנס=פרייד.

אין אַ יאָר אַרום נאָכן ייִנגן דיכטער׳ס טויט איז אין ווילנע אַרויס אַ היסטאָרישער ראָמאַן „אהבת ציון״. דער מחבר אַברהם מאַפּו (1808—1867), אַ קאָוונער מלמד, וואָס האָט זיך דורך זעלבסטבילדונג אַרויפגעאַרבעט צו אַ מאָדערנעם העברעאישן לערער, — האָט געלעבט אין צוויי וועלטן: אין דעם יאָמערטאָל פון ניקאָלאַי דעם 1=טנס צייטן, און אין שטראַלנדיקע זכרונות פון וייטן אַמאָל. פאַרחלומט האָט ער געשפּרייזט ביים ברעג ניעמאַן אויף די בערג אַרום קאָוונע, געמאָלט זיך בילדער פון׳ם שיינענדיקן עבר פון דער יידישער נאַציע און דערלאַנגט דעם עולם די דאָזיקע ליכטיקע בילדער פון אוראַלטן יהודה די פינסטערע צייט פון דער רעקרוטן=גזרה. געטאָ=קינדער, וואָס זאָגן דעם רוקן געבויגן איבער שווערע גמרא׳ס, האָט געצויגן צום דאָזיקן ביכעלע, וואָס דערפון האָט זיך געהערט אַ פרילינג=אַראָמאַט. מ׳האָט זיך אויסבאַהאַלטן און געלייענט דאָס ביכעלע בחדרי=חדרים (אָפן לייענען אַ „טרף=פּסול״ האָט מען נישט געוואַגט), אַנטציקט פון דער זיסער אידיליע פון חזקיהו׳ס צייטן, פון׳ם רוישיקן ירושלים=לעבן, פון׳ם שטילן בית=לחם, ציטעריק נאָכגעפאָלגט אמנון און תמר׳ס ליבע און מיטן געדאַנק זיך אויסגעטון פון דער ביטערער ווירקלעכקייט. די תמימות פון דעם ראָמאַן איז דאָ געווען אַ קנאַפּער חסרון פאַר ייִנגעלייט, וואָס האָבן דאָס ערשטע מאָל געלייענט אַ ראָמאַן בכלל. מאַפּוס סטיל, דער תנ״ך=סטיל, האָט נאָך גרעסער געמאַכט די אילוזיע פון אַן אויפגעלעבט אלטערטום.

נאָכן אהבת-ציון האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ ראָמאַן „עיט צבוע" אין 5 טייל פֿונעם מאָדערנעם לעבן (1857—1869). מיט זיין נאַאיוון שטייגער, פֿאַרפּעפּערט מיט אַ פֿאַרוויקלטער פֿאַבול פֿון אַ פֿראַנצויזישן ראָמאַן, מאָלט דער אויטאָר דאָס לעבן פֿון אַ פֿינסטער ליטוויש שטעטל מיט קהל-לייט בלוט-צאַפּער און גאָטס-סטראַפּטשעס, מיט רבניב-פּאַנאַטיקער, טאַרטיופֿן פֿונעם „תחום", וואָס רודפֿן השכלה. נעבן די דאָזיקע שאָטנס פֿונעם פֿינסטערן עבר מאָלט מאַפּו מיט ליבשאַפֿט די ערשטע שפּראָצן פֿון אַ ניי לעבן: אַ משכּיל, וואָס שטרעבט אויסצושטימען רעליגיע מיט וויסן, אַ נעפּל-בילד פֿון אַ יינגעמאַן וואָס איז אַריין אין דער רוסישער שול מיט דעם געדאַנק צו דינען זיין פֿאָלק, סילועטן פֿון „אויפֿגעקלערטע" סוחרים און „אַריסטאָקראַטן" פֿון די נייע געלט-מאַכער. די לעצטע יאָרן זיינע האָט זיך מאַפּו אומגעקערט צום היסטאָרישן ראָמאַן (אשמת-שומרון 1865); אָבער דער דאָזיקער ראָמאַן, וואָס איז אַרויס אין רעכטן ברען קולטור-קאַמף, האָט שוין נישט געמאַכט דעם איינדרוק, וואָס „אהבת-ציון", כאָטש דער זעלטענער ביבל-סטיל האָט נאָך אַלץ באַצויבערט „מליצה"-ליבהאָבער.

דער טומל פֿון אַ באַנייט לעבן האָט זיך אַלץ מער אַריינגעריסן אין דער ליטעראַטור, און פּאָעטן האָבן אויך נישט געקאָנט אויסמיידן קיין טאָג-פֿראַגן. דער אָנגעזעענסטער פּאָעט פֿון יענער צייט י ה ו ד ה ל י י ב ג א ָ ר ד א ָ ן (1830—1892) האָט אָנגעהויבן פֿון עפּישע פּאָעמעס אויף ביבלישע טעמעס און פֿון משלים („אהבת דוד ומיכל" 1856, „משלי יהודה" 1860). אָבער אינגיכן איז ער אַריבער צו „אידעאישער פּאָעזיע"; ער איז געוואָרן דער השכלה-טריבון, דער שאַרפֿער קריטיקער פֿונעם אַלטן שטייגער. דאָס יאָר 1863, ווען ער איז נאָך געווען לערער אין אַ יידישער קרוין-שול אין ליטע, האָט ער געמאַכט די ביל-דונגס-מאַרסעליעזע: „הקיצה עמי" (וואַך אויף מיין פֿאָלק): די זון איז אויפֿגעגאַנגען אין „גן-עדן-לאַנד", פֿונעם פֿאַרקנעכטן נעמט מען אַראָפּ דעם יאָך, אַ ברידערלעך האַרץ איז אָפֿן פֿאַרן נייעם יידן. זאָל דער ייד אַריין אין דער מחנה רוסישע בירגער, צווישן געבילדעטע, וואָס רעדן אויף דער לאַנדשפּראַך, און זאָל פֿאַר אים גילטן דער כּלל „היה אדם בצאתך ויהודי באהלך" ד. ה. זיי אַ רוס אויף דער גאַס, אַ ייד אין שטוב. זיין אייגענע ראָליע אין דער גרויסער רעפֿאָרם-אַרבעט פֿאַרשטייט דער פּאָעט אַזוי: אויפֿדעקן די אינעווייניקסטע וואונדן פֿונעם יידישן לעבן, קעמפֿן קעגן דער רבנישער אָרטאָדאָקסיע, קעגן דער מצוות-יידישקייט. די דאָזיקע טענדענץ, געריכטעט קעגן גאַנצן אַנטוויקלונג-גאַנג פֿון יודאַיזם, זעט מען שוין אין די היסטאָרישע פּאָעמעס („שירי-יהודה" 1868), וואָס איבערראַשן מיט דעם פֿיינעם העברעאישן סטיל.

די 70-ער יאָרן ציט גאָרדאָן איבער קיין פּעטערבורג, ער ווערט דער סעקרעטאַר פֿון דער חברה „מפיצי השכלה" און אָפּיציעלער טוער אין השכלה-לאַגער. אין „השחר" דרוקט ער אַ סעריע שירים צייט-זאַכן, וואו ער גיסט אויס זיין שווער האַרץ צו דער פֿאַרשטיינערטער יידישקייט. אין „קוצו של י״" מאָלט

פֿאַר די טראַגעדיע פֿון דער יידישער פֿרוי, וואָס האָט נישט קיין יוגנט־פֿרייד, וואָס איר האַרץ מוז זיין פֿאַרשלאָסן פֿאַר ליבע; פֿאַר איר יוגנט־ווײַ זאָרגן שוין שדכנים, און רבנים פֿאַרדאַרבן איר גאַנץ לעבן איבער אַ עק פֿון אַ י׳. ער פֿייערט אויף די אָרטאָדאָקסישע אינקוויזיטאָרס, די אָפֿיציעלע קהל־לייט, וואָס פֿאַרכאַפּן אין זייער נעץ דעם יינגן השכלה־פּיאָנער („שני יוסף בן שמעון״). זיך פֿאַרנומען העכער און פֿאַרקלערט זיך איבער יידישער געשיכטע, פּראָטעסטירט דער פּאָעט קעגן דער אויבערהערשאַפֿט פֿון גייסטיקייט איבער וועלטלעכקייט אין יידישן לעבן. ער פֿאַלט אָן אויף ירמיהו הנביא, וואָס פּרעדיקט אין באַלאַגערטן ירושלים הכנעה קעגן בבל און שטרענגע תורה־טריישאַפֿט; אַ נביא, איבערגעטון אין אַ רבנישער קאַפּאָטע, האָט געמוזט דינען דער פֿאַרשטיינערטער פֿאָרמול: די תורה איז העכער פֿאַרן לעבן („צדקיהו בבית הפקודות״ 1879). דער אויספֿיר פֿון די דאָזיקע פּאָעטישע פֿייערדיקע שטראָף־רייד איז קלאָר: מ׳מוז ברעכן די הערשאַפֿט פֿון דער אָרטאָדאָקסיע, מ׳מוז פֿאַרוועלטלעכן דאָס יידישע לעבן. אָבער אין דער זעלבער צייט זעט דער פּאָעט, דער „פּראָקוראָר פֿון דער באַציע״, ווי ער אַליין רופֿט זיך, די וואונד פֿונם נייעם, אויפֿגעקלערטן דור אויך: ער זעט, ווי די געבילדעטע יוגנט אַנטלויפֿט פֿון יידן, ווי זי ווערט פֿאַרפֿרעמדט צו דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, צו דער שפּראַך פֿונם פּאָעטס שירים, און ס׳רייסט זיך אַרויס ביי אים אַ ליד־אַ קרעכץ: „למי אני עמל?״ (פֿאַר וועמען האָרעווע איך). ער זעט, ווי דער קינפֿטיקער דור, פֿאַרפֿרעמדט צו די קוואַלן פֿון נאַציאָנאַלער קולטור, איז שוין נישט אימשטאַנד צו לייענען די „שירי ציון״; ער איז דער לעצטער העברעאישער פּאָעט, און זיין דור זענען די לעצטע לייענער.

גאָרדאָן האָט דאָס געשריבן ערב די 80־ער יאָרן. דער יידישער נעקראַסאָוו האָט דערלעבט די פּאָגראָם־שרעקן, אָבער ער האָט אויך דערלעבט דעם געפֿילדיקן פֿאַרטאָג פֿון דער נייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און ער האָט געקאָנט זען, אַז ער איז נישט געווען דער לעצטער פּאָעט פֿון לעצטן דור.

נאָך אַ שרייבער האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: „פֿאַר וועמען?״; דאָס איז געווען ש. י. אַ ב ר אַ מ אָ וו י ט ש, וואָס זיין טאַלענט איז געוואַקסן מיט די יאָרן פֿון זיין לאַנג לעבן. ער האָט אָבער די פֿראַגע אַנדערש געשטעלט און אַנדערש פֿאַרענטפֿערט. אַבראַמאָוויטש (1835—1917) האָט די ערשטע צייט אויסגעפּרובט פֿאַרשידענע זשאַנרן: ער האָט געשריבן אויף העברעאיש קריטישע מאמרים, קאָמפּילירט ביכער פֿון נאַטור־געשיכטע, אַרויסגעלאָזט אַ העברעאישן ראָמאַן „האבות והבנים״ (פֿאָטערס און קינדער); אָבער דאָס אַלץ האָט אים נישט צופֿרידנגעשטעלט. שפּעטער האָט ער זיך אויף דער פֿראַגע: „פֿאַר וועמען?״ געענטפֿערט, אַז אַרבעטן דאַרף מען נישט בלויז פֿאַר יחידי סגולה, נאָר פֿאַרן גאָרן פֿ אָ ל ק. אַ שאַרפֿער קענער פֿונם פֿאָלקסלעבן ביי זיך אין ליטע און אין וואָלין, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס רעאַלע לעבן

פון דער יידישער מאַסע איז מעגלעך צו געבן נאָר אויף דער לעבעדיקער אומ־
גאַנגסשפּראַך, אויף „זשאַרגאָן״, וואָס איז כמעט ביי אַלע משכּילים געווען פאַר־
אַכט. מ׳דאַרף שרייבן נישט בלויז פאַר געציילטע ביכער־מענטשן, וואָס לייענען
העברעאיש, נאָר פאַר טויזנטער „פּאָלקסמענטשן און פרויען״, וואָס קענען קיין
העברעאיש נישט. אַבראַמאָוויטש האָט אָנגעהויבן שרייבן (אונטערן פּסעוודאָנים
„מענדעלע מוכר ספרים״) אויף דער פּאָלקס־שפּראַך מעשיות פון קליינע מענ־
טשעלעך און קהל׳שע בלוטצאַפּערס („דאָס קליינע מענטשעלע״, 1865), פון
אָרעמעלייט און וואָגל־מענטשן („פישקע דער קרומער״), פון דעם שפּינוועבס,
וואָס בעלי־טאַקסעס און „די באַנדע שטאָט־בעלי־טובות״ האָבן דערמיט אַרומגע־
נומען יידישע קהלות („די טאַקסע״). די שאַרפע סאַטירע „די טאַקסע״ האָט גע־
טראָפן אין קאַרב, און די געטראָפענע וואָלטן דאָס אים נישט פאַר־
שוויגן, ווען ער זאָל נישט געווען אָפּטרעטן פון זיין וואויבאָרט,
בערדיטשעוו, און איבערציען קיין זשיטאָמיר. דאָ האָט ער אָנגעשריבן איינס
פון זיינע רייכסטע ווערק „די קליאַטשע, אָדער צער בעל־חיים״ (1873). אַלע־
גאָריש איז דאָ געגעבן אַ בילד פון אַ פאַרוואָרלאָזטער קליאַטשע (די יידישע
מאַסע), וואָס שטאָט־בעלי־בתים (די „אַלטהיימישע באַפעלקערונג״) טרייבן זי,
לאָזן איר נישט זיך פיטערן צוזאַמען מיט דער שטאָט־טשערעדע אויף דער שטאָט־
לאָנקע, רייצן אויף איר אָן שקצים־יינגלעך און הינט. די „חברה צער־בעלי־חיים״
(די רעגירונג) קאָן אַלץ נישט קלוג ווערן, צי דאַרף מען באַהאַנדלען די קליאַטשע
מיט אַלטהיימישע פערד גלייך (גלייכבאַרעכטונג), אָדער ס׳קומט איר נישט, און
מ׳גיט דאָס איבער אַ קאָמיסיע צו באַטראַכטן. אין דעם באַווייזן זיך די פּאָלקס־
בעלי־טובות, כאַפּן זיך אַרויף אויף דער צעהרגעטער, אויסגעהאָרעוועטער קליאַ־
טשע, און פאָרן אויף איר רייטענדיק און צאַפּן ביי איר אויס דעם לעצטן מאַרך
פון די ביינער. שפּעטער האָט אַבראַמאָוויטש אַרויסגעלאָזט אַ הומאָריסטישע דער־
ציילונג „מסעות בנימין השלישי״ (1878), אַ מעשה מיט אַ יידישן דאָן־קיכאָט
און מיט אַ יידישן סאַנטשאָ־פּאַנסאָ, וואָס לאָזן זיך אויף קדוש השם צו די „רויטע
יידלעך״ ביים טייך סמבטיון, צווישן בערדיטשעוו און קיעוו. די ערשטע תקופה
פון אַבראַמאָוויטשעס שאַפן — דאָס איז אַ געמיש פון קינסטלערישע איינדרוקן און
פּובליציסטישע כּוונות. די צווייטע תקופה (די 80־ער יאָרן) ווערט ער שוין קינסטלע־
ריש שטאַרקער און פרייער אין אינהאַלט; אין דער פאָרם באַשאַפט ער אַ סינטעז
פון דער פּאָלקסשפּראַך און דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, ער שרייבט אויף ביידע
שפּראַכן גלייך און דערלאַנגט אַ גרויסע מייסטערשאַפט.

אַ שרייבער אַ קינסטלער איז אָבער געווען אַ זעלטענער אויסנאַם אין דער
השׂכּלה־ליטעראַטור. אין אַ צייט פון אַ געזעלשאַפטלעכן און קולטור־קריזיס איז
דער אידעאָלאָגישער מאָטיוו געווען דער שטאַרקסטער, אין פאַר דעם האָט זיך
געמוזט בויגן נישט בלויז דער פּובליציסט, נאָר דער בעלעטריסט אויך. אַזאַ
אידעאָלאָג איז געווען אין זיינע ראָמאַנען פּ ר ץ ס מ אָ ל ע נ ס ק י ן (1842—1885),

דער רעדאַקטאָר פֿונם פּאָפּולערן „השחר". אַ ישיבֿה־בחור, וואָס איז נאָכדעם מגולגל געוואָרן אין דער לעבעשטאָט אָדעס, דערנאָך קיין ווין, האָט ער גופֿא דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן קריזיס. פֿונם קריזיס איז ער אַרויס גאַנץ, אָבער אַרום זיך האָט ער צוגעזען „פּגרים פֿון בילדונג, אַזויפֿיל וויפֿיל קרבנות פֿון אומוויסן". ער האָט געזען אַ יוגנט, וואָס טיילט זיך אָפּ פֿונם פֿאָלק און פֿאַרגעסט די נאַציאָנאַלע שפּראַך; ער האָט געזען אַ מערבֿ־יידנטום, וואָס פֿון דער גאָרער יידישער קולטור איז ביי דעם געבליבן נישט מער ווי אַ סינאַגאָגאַלע דעקאָראַציע אויף אַ נייעם שטייגער. סמאָלענסקין האָט זיך פֿון אָנהויב אָן פֿירגענומען קעמפֿן אויף צוויי פֿראָנטן: מיט אָרטאָדאָקסאַלע פֿאַנאַטיקער—פֿאַר פּראָגרעס, מיט אַסימילאַטאָרן—פֿאַר נאַציאָנאַלער קולטור, דערהויפּט פֿאַר העברעאיש. ער ווענדט זיך צו אַסימילאַטאָרן: „איר זאָגט, לאָמיר זיין ווי אַלע פֿעלקער, שיין! לאָמיר זיין ווי אַלע פֿעלקער, געבילדעט, אָן פֿאָראורטיילן, געטרייע בירגער, אָבער לאָמיר זיך אויך לערנען ביי זיי, אַז מ'טאָר זיך נישט שעמען פֿאַרן אָפּשטאַם, אַז מ'דאַרף טייער האַלטן די נאַציאָנאַלע שפּראַך און די נאַציאָנאַלע ווערדע". אין זיין ערשטן גרויסן ראָמאַן „התועה בדרכי החיים" (1876—1869) פֿירט סמאָלענסקין זיין העלד דורך אַלע סטאַדיעס קולטור, פֿון אַ פֿינסטער רייסיש שטעטל ביז די ציוויליזירטע צענטערן, לאָנדאָן און פּאַריז, און נאָך אַלע „וואַקלענישן" לאָזט ער אים קומען צו אַ סינטעז פֿון נאַציאָנאַליטעט און פּראָגרעס און שטאַרבן אין אָדעס, זיך איינשטעלנדיק פֿאַר יידן בעתן ערשטן פּאָגראָם דאָס יאָר 1871. אין סמאָלענסקינס אַנדערע טענדענציעזע ראָמאַנען („קבֿורת חמור", „גמול ישרים" און אַנד.) זעט מען דעם דאָזיקן קאַמף אויף צוויי פֿראָנטן: קעגן אָרטאָדאָקסישער פֿאַרשטיינערטקייט, דער חסידישער און דער לומדישער, און קעגן די וואַקלענישן פֿון די „אויפֿגעקלערטע". זיינע גרונד־אידעען האָט סמאָלענסקין איבערגעגעבן אין צוויי פּובליציסטישע ווערק „עם־עולם" (1872) און „עת־לטעת" (1877—1875). קעגן דער דעקאָראַטיווער רעליגיעזער רעפֿאָרם ביי מערבֿ־יידן שטעלט ער אַרויס דעם פּרינציפּ פֿון עוואָלוציע, וואָס זאָל אויסשטימען דאָס נאַציאָנאַלע און הומאַניסטישע אין יידישקייט. סמאָלענסקין נעמט זיך שטאַרק אָן פֿאַר דער יידישער משיח־אידעע, וואָס מערבֿ־יידן האָבן צונישט געמאַכט, ווייל לויט זייער מיינונג שטימט דאָס נישט מיט דער אידעע פֿון בירגערטום אין די „גלות"־לענדער: ביי סמאָלענסקינען איז דאָס אַ סימבאָל פֿון איין נאַציע. דער צענטראַל־פּונקט פֿון דער דאָזיקער סיסטעם איז דער קולט פֿון העברעאיש: „אָן דעם איז קיין יודאַאיזם נישט". סמאָלענסקין האָט גענומען צעשמעטערן די אַסימילאַציע מיט אַ שטורם אויף איר וויגעלע, אויף מענדעלסאָנס אויפֿקלער־סיסטעם און אויף איר דאָגמע, אַז „יידן זענען אַ רעליגיעזע גרופּע, נישט קיין נאַציע", אָבער אין דער דאָזיקער צעשטער־אַרבעט פֿאַרלירט ער אָפּט דאָס געפֿיל פֿאַר היסטאָרישער אָביעקטיווקייט. אין ביידע מאמר'ים אַנטפּלעקט זיך אין אומקלאָרע קאָנטורן די טעאָריע פֿון אַ „גייסטיקער נאַציע", אָבער סמאָלענסקין האָט נישט באַוויזן צו אַנטוויקלען

און פאַרפעסטיקן די דאָזיקע טעאָריע, ווי אין אים איז פאָרגעקומען אַ אידעען־
קריזיס נאָך די פּאָגראָמען דאָס יאָר 1881 און נאָך דעם גרויסן „יציאת־רוסלאַנד״,
די פראַגע פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג אין די „גלות־לענדער״ לאָזט ער אין
אַ זייט, און ער נעמט מיט היץ פּרעדיקן „חבת־ציון״. אינמיטן דער דאָזיקער
נייער פּראָפּאַגאַנדע פאַרשטאַרבט דער טאַלענטירטער פּובליציסט פּריצייטיק.

צו „חבת־ציון״ איז נאָך אַ שווערן קאַמף מיט זיך געקומען נאָך איינער:
מ. ל. ל י ל י ע נ ב ל ו ם (1843—1910), וואָס איז אין דער יוגנט אַזוי פיל
אויסגעשטאַנען פאַר השכלה; אָבער פאַר אונזער תקופה איז ער נאָך אַ משכיל
פון די ראַדיקאַלע. געטרודפט פון זיינע היימישע ליטווישע פאַנאַטיקער פאַר זיין
נאַאיווער פרײַדענקעריי, קומט ער צום געדאַנק, אַז ס׳איז נויטיק צו רעפאָרמירן
די יידישע רעליגיע. להבדיל פון מערב־יידן, שטאַמט ביי אים דער דאָזיקער
רעפאָרם־דראַנג נישט פון אָפּאָרטוניסטישע מאָטיוון צופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער
סביבה, נאָר פון אַן אינעווייניקסטן, טיף־אויסגעקרענקטן קוק, אַז די גילטיקע
אָרטאָדאָקסיע אין איר מיטלאַלטערישער פאָרם — דאָס איז נישט דער מהות פון
יידישקייט. מיט דער רעליגיעזער רעפאָרם האָט ליליענבלום געמיינט עוואָלוציע,
נישט קיין רעוואָלוציע: אַזוי ווי דער תלמוד האָט אַמאָל רעפאָרמירט יידישקייט
פאַר די צוועקן פון זיין צייט, אַזוי דאַרפן מיר דאָס איצט טון פאַר אונזער
צייט. ווען דער ייִנגער ליליענבלום האָט געפרוווט אַנטוויקלען אַזוינע געדאַנקען
אין אַ סעריע אַרטיקלען אין „המליץ״ („אורחות התלמוד״, 1868—1869), האָט
דאָס אַזוי אויפגערייצט די אָרטאָדאָקסיע, אַז בלייבן אין זיין געבוירן־
אָרט אין ליטע האָט ער שוין נישט געטאָרט, און ער האָט געמוזט
איבערציען קיין אָדעס. דאָ האָט ליליענבלום אָפּגעדרוקט אַ סאַטירע
אין פערזן „קהל רפאים״ (1870), געוויזן אויף יענער וועלט די פינס־
טערע געשטאַלטן פון אַ יידיש שטעטל: קהל־לייט, רבנים, גוטע יידן
און אַנד. אין אָדעס איז ליליענבלום אַריין אין דער רוסיפיצירטער
שטודיר־יוגנט, האָט זיך אָנגעגומען מיט טשערנישעווסקי׳ס, פּיסאַרעוו׳ס אידעען
און איז געוואָרן אַ „ניהיליסט״. דער געדאַנק וועגן אַ רעליגיעזער רעפאָרם האָט
איצט אויסגעזען איבריק ביי דער נייער מאַטעריאַליסטישער דאָקטרין, און ביים
שרייבער איז געוואָרן אַ פוסטקייט אין האַרצן. אונטערן דאָזיקן איינדרוק האָט
ליליענבלום אָנגעשריבן זיין ודוי „חטאות נעורים״ (1876), אַ טרויעריקע געשיכטע
פון איינעם אַ קרבן פונם אידעען־קריזיס די 60־ער יאָרן. דאָס בוך האָט געמאַכט
אַ שטאַרקן רושם, וואָרום דאָס איז געווען אַ געשיכטע פון אַ סך אַזוינע ייִנגע־
לייט, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם קריזיס; אָבער דער אַקאָרד צום סוף, דער
געשריי פון אַ פאַרחרובטער נשמה, וואָס האָט צעבראָכן אַלטע אָפּגעטער און
קיין נייע נישט געפונען, האָט שוין באַטייט אַן ענדערונג. אינגיכן האָט דער
וואָגל־גייסט געפונען זיין רו. די פּאָגראָמען און די רדיפות אָנהויב די 80־ער
יאָרן, וואָס האָבן צעבראָכן די פּראָגרעסיווע יידישע אינטעליגענץ, האָבן אויס־

געהײלט לײַענבלומס קראַנקן גײַסט: ער האָט געפֿונען אַ װעג פֿאַרן ײדנטום: פֿרײַער אין חבת ציון, װאָס ער איז געװאָרן איר פּאַטרענער, דערנאָך אין פּאָליטישן ציוניזם.

דער לינקער פֿלאַנג השכלה — דאָס איז געװען די רוסיש־ײדישע ליטעראַטור, װאָס האָט יענע צײַט נאָך געגעבן עטלעכע אָנגעזעענע שרײַבער. אינ־טערעסאַנט איז אַזאַ פּרט: בעת אַלע העברעאישע שרײַבער שטאַמען פֿון דער שטאַרק־נאַציאָנאַלער ליטע, זענען אַלע רוסיש־שרײַבער (חוץ לעװאַנדאַ'ן) — פֿון אוקראַאינע, דאָס אָרט פֿון חסידות און רוסיפֿיקאַציע. אַ אוקראַאינער איז געװען דער פֿאָטער פֿון דער רוס'ש־ײדישער ליטעראַטור, דער רעדאַקטאָר פֿון אױבנ־דערמאָנטן „ראַזסװיעט" אין אָדעס — אָסיפּ ראַבינאָװיטש (1818 — 1869), װאָס האָט, חוץ פּובליציסטיק, געשריבן גרעסערע נאָװעלן אױך. אין זײַנע רירנדיקע „בילדער פֿון אַמאָל" („דער געשטראָפֿטער" און „דער ירושה־לײַכטער", 1859—1860) האָט ער געװיזן דער װעלט אינם פּרימאָרגן פֿון דער רעפֿאָרם־עפּאָכע פֿינסטערע בילדער פֿון דער נאָר װאָס פֿאַרגאַנגענער נאַכט: די אינקװיזיציע פֿון דער רעק־רוטן־גזרה און די שענדלעכע עגױים פֿון רעכטלאָזיקײט. קעגן ײדישער רעכטלאָ־זיקײט האָט ראַבינאָװיטש דער פּובליציסט געקעמפֿט אַלע זײַנע יאָרן, נאָך פֿאַרן „ראַזסװיעט", אין דער רוסישער ליבעראַלער פּרעסע „רוסקי אינװאַליד" און „אָדעסקי װעסטניק". אינעװײניקסטע רעפֿאָרמעס אין ײדישן לעבן האָבן אים קנאַפּ אינטערעסירט: אַזױ װי ריסער האָט ער געהאַלטן גלײַכבאַרעכטונג פֿאַר דעם באַלזאַם, װאָס זאָל אױסהײלן אַלע ײדישע װאונדן; ער איז געשטאָרבן פֿרײַער, אײדער ער האָט זיך באַװיזן געפֿילט אָפּגענאַרט. די פֿאָן האָט נאָך אים איבער־גענומען דער ײנגער פּובליציסט אליהו אָרשאַנסקי פֿון יעקאַטערינאָסלאַװ (1846—1875), דער הױפּט־טוער אין אָדעסער „דיען" און אין דער „יעװרעיסקאַיאַ ביבליאָטעקאַ". קעמפֿן פֿאַר רעכט, נישט קײן אַפּאָלאָגיע; פֿאָדערן און נישט בעטן גלײַכבאַרעכטונג, —דאָס איז איז געװען דאָס נײַע בײַ אָרשאַנסקי'ן, װאָס האָט שטאַרק אימפּאָנירט („ײדן אין רוסלאַנד" — 1872). זײַן אױסגעצײכנטער יורידישער אַנאַליז אין בוך „די רוסישע געזעצגעבונג פֿאַר ײדן" — דאָס איז די גאַנצע אַנאַטאָמיע פֿון ײדישער רעכטלאָזיקײט אין רוסלאַנד, פֿון יעקאַטערינע דער II־טער ביז אַלכסנדר דעם II־טן. אָבער דאָך האָט אָרשאַנסקי געהערט צו זײַן צײַט און האָט איבער־גענומען אַלע נעגאַטיװע אידעאַלן פֿון זײַן צײַט. אַ ײד טיף אין האַרצן, האָט ער דאָך פּראָפּאַגאַנדירט „רוסישקײט", אמת, נישט געלײקנט די נאַציאָנאַלע קול־טור. דער אָדעסער פּאָגראָם דאָס יאָר 1871 האָט שטאַרק פֿאַרקלעמט דעם פֿײַנ־פֿילנדיקן גײַסט: אָרשאַנסקי האָט זיך קײן אָרט נישט געפֿונען, געזוכט אַן אױס־װעג פֿאַר אַ פּראָטעסט־געשרײ, אָבער אומעטום איז ער געבליבן שטײן פֿאַר פּאָ־ליצײ־ און צענזור־צאַמען. װאָלט ער נאָך געלעבט, איז װאָלט ער מסתמא גע־קומען צום נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיװן סינטעז אַזױ װי סמאָלענסקין, אָבער אַ ביטע־רע שװינדזוכט האָט אים אונטערגעשניטן אױפֿן 29 יאָר. די עפּיגאָנען פֿון דע־

מאָלטיקער פּובליציסטיק (מ. מרגליות און אַנד.), זענען געבליבן טריי אָרשאַנסקי'ס ירושה, זיי זענען אָבער געבליבן פאַרגליווערט, און אַריבער אין דער נייער תּקופה מיט פאַרגלטערטע אידעאַלן.

אַ סך קאָמפּליצירטער איז געווען ל ע ו ו ל ע ו ו אַ נ ד ע'ס ליטעראַרישער שאַפן (1835—1888). ער האָט דורכגעמאַכט ווילנער ראַבינער שול, געווען פריער אַ לערער אין אַ יידישער קרוינשול אין מינסק, דערנאָך „אוטשאָני יעווריי" (רעפערענט פאַר יידישקייט) ביים ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, אין צענטער פון „קאַזיאָנער" אויפקלערונג און מוראַוויאָווס רוסיפיקאַציע. דאָס האָט געהאַט אַ באַזונדער ווירקונג אויף זיינע ווערק. אין זיין ערשטן ראָמאַן, קינסטלעריש זייער אַ שוואַכן, (אַ „דעפּאָ פון באַקאַליי-סחורות", 1860), איז ער נאָך דער נאַאיווער זינגער פון דער אויבערפלאַכיקער אויפקלערונג, וואָס איר גאַנצער יחוס שטעקט אין אייראָפּעאישער קליידונג, אין אַ קלינגנדיקן דייטשן אָדער רוסישן נאָמען, אין טרייבן פריינטשאַפט מיט קריסטן און חתונה-האָבן פאַרליבט, נישט דורך קיין שדכן. יענע צייט איז לעוואַנדע געווען זיכער, אַז „אַ געבילדעטער ייד מוז זיין אַ קאָסמאָפּאָליט". שפּעטער לאָזט זיך שוין אינם קאָסמאָפּאָליטהערן דער רוסיפיצירער. אינם ראָמאַן „די הייסע צייט" (1871—1872, פונם פוילישן אויפשטאַנד) טרייסלט זיך לעוואַנדע אָפּ פון אַלע זיינע פּוילנסימפּאַטיעס און מיט זיין העלד סאַרינס מויל קינדיקט ער, אַז ס'גייט אַ נייע תּקופה יידישע געשיכטע: יידן אַסימילירן זיך מיט רוסן. אויסגעצייכנט חוזקט ער אָפּ דעם פּרומצייטיקן יידישן שטייגער אין זיינע „אַמאָליקע בילדער" („מיין מלמד'ס פּאות", „פּחד פאַר שקאָלעס" און אַנד., 1870—1875). ער האָט זיך נישט געקימערט פון דער יידנפיינטלעכער רעאַקציע שוין סוף די 60-ער יאָרן אין די הויכע פענסטער, וואָס ער, דער „אוטשאָני יעווריי", האָט דאָרט פאַרקערט און בראַפמאַן איז דאָרט געווען דער אויטאָריטעט אין דער יידנפראַגע (לעוואַנדע'ן איז אויסגעקומען צו באַטייליקן זיך אין דער קאָמיסיע וועגן דער יידנפראַגע ביים ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר צוזאַמען מיט בראַפמאַנען; זע § 44). דער קריזיס דאָס יאָר 1881, וואָס האָט צעבראָכן לעוואַנדען, האָט אונטערגעשווענקט זיין אַלטן אָפּגאָט, די אַסימילאַציע, אויך. ער האָט נישט באַוויזן צו געווינען קיין נייע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע, אָבער ער איז די לעצטע יאָרן צוגעשטאַנען צו חבת-ציון און מיט אַ צעבראָכן געמיט איז ער אַוועק פון דער וועלט.

געבליבן איז ביי דער אַלטער אַסימילאַטאָרישער דאָגמע ג. ב אָ ג ר אָ ו (בערך 1810 — 1885). אַליין שטאַמט ער פון אַ רבנישער פאַמיליע אין פּאָלטאַווע; דעם וועג „פון פינסטער צו ליכט" האָט ער דורכגעמאַכט דורך דעם אָריגינעלן אויפקלער-חדר אין ניקאָלאַי'ס צייטן, דורך דעם אַקציזניקס קאַנטאָר. דער אויפגעקלערטער אַקציזניק האָט זיך שפּעט געכאַפּט, אַז ער פאַרמאָגט ליטעראַרישן מאַלאַנט. זיינע „שריפטן פון א יידן" האָבן זיך באַוויזן אינם גרויסן רוסישן זשורנאַל „אָטעטשעסטווענייע זאַפּיסקי" ערשט די יאָרן 1870 — 1873. דאָ שטעקט אַ

סך אויטאָביאָגראַפישער מאַטעריאַל, אָבער צוגלייך איז דאָס אַ שניידנדיקע כאַראַקטעריסטיק פונם יידישן לעבן פאַר ניקאָלײַ דעם I-טן. קיין איין יידישער שרייבער האָט נאָך נישט געמאָלט מיט אַזוינע שוואַרצע פאַרבן, מיט אַזאַ פאַרביטערטקייט דאָס יידישע לעבן אין „תּחום‟, מיטן דעמאָראַליזירטן קהל די צייטן פון דער רעקרוטן-גזרה, אַזוי ווי באָגראָוו האָט דאָס געטון (שפּעטער האָט ער דאָס פאַרשפּיצט אין דער נאָוועלע „פּאָימאַניק‟ (דער געכאַפּטער, וואָס ער האָט אײַנגיכן אַרויסגעגעבן). דער אויטאָר זעט נישט אין זיין קינדהייט און יוגנט קיין ליכטיקן שטראַל, חוץ אַ געשטאַלט פון אַ ר ו ס י ש מיידל. דאָס גאַנצע קליינשטעטלדיקע לעבן יענע צייט איז ביי אים אַ גיהנום, פול מיט פאַרברעכער אָדער טפשים. צוויי וועגן פירן פונם דאָזיקן גיהנום צו דער ליכטיקער וועלט: אָדער אַריבער צו קאָסמאָפּאָליטן-ראַציאָנאַליסטן, אָדער צום רוסישן פאָלק. באָגראָוו גופא איז געשטאַנען אין דער מיט צווישן די צוויי וועגן. לעוואַנדע'ן שרייבט ער (1878), אַז אַלס „עמאַנסיפּירטער קאָסמאָפּאָליט‟ וואָלט ער שוין לאַנג „אַריבער אויף יענער זייט‟, וואו „אַנדערע סימפּאַטיעס און אידעאַלן שטראַלן אים‟; ביי יידישקייט דערהאַלטן אים „פיר מיליאָן יידן, וואָס קומען אָפּ אומזיסט און אומנישט‟ פון רדיפות אָן אַ שעור. דעם האַס צו די פּלאָגער האָט ער אויסגעגאָסן אין „יידישן מאַנוסקריפּט‟ (1876), אַ היסטאָרישע נאָוועלע פון כמעלניצקיס צייטן; אָבער אַפילו דאָ אין דעם „גערעַנגל פון דער שפּין מיט דער פליג‟ זעט דער אויטאָר אין דער פליג (יידן) קיין איין סימפּאַטישן שטריך נישט, חוץ ליידן. דאָס יאָר 1879 האָט באָגראָוו אָנגעהויבן שרייבן אַ ראָמאַן פון דער נייער יידישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, אָבער די האַנט, וואָס האָט פאַרשטאַנען צו מאָלן דעם גרויל פון דער רעקרוטן-פּלאָג, איז געווען צו אומגעשיקט צו מאָלן אַ סביבה פון רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, פרעמד דעם אויטאָר, און דער ראָמאַן איז געבליבן נישט פאַרענדיקט. די רעאַקציע אָנהויב די 80-ער יאָרן האָט גאָר נישט געענדערט אין באָגראָווס שטימונג. ער איז געשטאָרבן אין אַ פאַרוואָרפן רוסיש דאָרף און באַהאַלטן אויף אַ רוסישן בית-עולם. שווערע פאַמיליע-אומשטענדן האָבן אים קורץ פאַרן טויט געבראַכט צו טויפן זיך.

פאַרן ייִנגן דור, וואָס איז געוואָרן לעבנסצייטיק אָנהויב די 80-ער יאָרן, זענען געלעגן צעבראָכן די לוחות פון דער רוסיש-יידישער ליטעראַטור. ס'האָט געזאָלט קומען אַ נייע צען-געבאָט, טיילווייז צו ממלא זיין די ירושה פון דער אויפקלער-תקופה, טיילווייז אויסצובעסערן אירע פעלערן.

---

# קאַפּיטל IV

# די קלענערע יידישע צענטערן.

## § 47. פראַנקרייך די צייט פון דער צווייטער רעפובליק און דער צווייטער אימפּעריע.

די עפּאָכע „צווייטע עמאַנסיפּאַציע” האָט ווייניק וואָס געהאַט אויפצוטון אינם פאָטערלאַנד פון דער „ערשטער עמאַנסיפּאַציע”. די דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848 האָט נאָר אונטערגעטריבן צו פאַרווירקלעכן די פּאָליטישע גלייכבאַרעכטונג, וואָס פריער „איז זי געשטאַנען אין געזעץ, זי האָט זיך אָבער נישט איינגעפלאַנצט אין די זיטן”. יידן האָבן גענומען זיך שטאַרקער באַטייליקן אין פּאָליטישן לעבן אין לאַנד. אין דער צייטווייליקער רעגירונג, וואָס די פעברואַר־רעוואָלוציע האָט געשאַפן, זענען געווען צוויי יידן רעפּובליקאַנער: דער פריער באַוואוסטער אַדאָלף קרעמיע איז געווען יוסטיץ־מיניסטער, דער געוועזענער וויצע־פּרעזידענט פון דער יידישער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע מישעל גודשאָ איז געווען פינאַנץ־מיניסטער. פאַר דער קורצער צייט פון זיין מיניסטער־אַרבעט האָט קרעמיע באַוויזן אויסצופירן צוויי הומאַנע דעקרעטן: ער האָט אָפּגעשאַפט טויט־שטראָף פאַר פּאָליטישע פאַרברעכנס און נעגערשע קנעכטשאַפט אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס. אָבער בעת אין פּאַריז האָבן יידן מיניסטאָרן געטון צווישן אַנדערע קאָלעגן איבערצובויען פראַנקרייך מיט רעפּובליקאַנישער פרייהייט, האָבן זייערע ברידער אין דער פּראָווינץ געהאַט אויסצושטיין שרעקן פון די צעיושעטע רעאַקציאָנערן.

די ערשטע ידיעות שוין פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע האָבן אָנגעמאַכט אַ גערודער אין אַלטן נעסט פון יידנהאַס, אין עלזאַס. דעם 26־טן פעברואַר האָט זיך אין פּאַריז געצויגן אַ פייערלעכע פּראָצעסיע מיט אַ פאָן אויפגעשריבן: „אחדות פון רעליגיעס, אַלע זענען ברידער!” אונטער דער פאָן איז געגאַנגען דער הויפּטראַט פון דער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע, ענערי, צוזאַמען מיט קאַטוילישע גלחים און פּראָטעסטאַנטישע פּאַסטאָרס. אויפן אַנדערן טאָג איז אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל בריומאַט אין עלזאַס אַ מחנה קריסטלעכע בירגער באַפאַלן רייכע יידישע הייזער, און גערויבט און געשראָקן די אייגנטימער מיט טויט. פאַר דעם פּאָגראָם האָט דיזעלבע מחנה דעמאָנסטרירט קעגן די שטייער־אָפּנעמער; דאָס זאָל זאָגן, אַז די באַוועגונג איז עקאָנאָמיש געפאַרבט, וואָס מער אין פּאַריז האָט זיך געהויבן דער שאָטן פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס מ'האָט דאָס אין די יולי־טעג דערטרונקען אין בלוט פון אויפגעשטאַנענע אַרבעטער, דאָס מער איז אין

דער פראָווינץ געוואַקסן דער פויערים־אויפשטאַנד; אין עלזאַס האָט דאָס געמוזט טרעפן דעם פויערס שכן דעם יידן. אַפריל 1848 האָט אַ מחנה בירגער און אַרומיקע פויערים אין מוציג און אין קאַנצנהיים (אין עלזאַס) געבראָכן שויבן אין יידישע הייזער. די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט מיט דער הילף פון מי־ליטער איינגעשטילט די צעווילדעטע, אָבער אָנגעשראָקענע יידן האָבן זיך שוין געקליבן לויפן בשכנות קיין שווייץ אַזוי ווי אַמאָל דאָס יאָר 1789. די נייע ווענדונג אין דער מלוכה־פירונג, דאָס אויסקלייבן לואי נאַפאָלעאָנען פאַר פרע־זידענט (דעצעמבער 1848) איז פאַר עלזאַסער המון געווען ווידער אַ געלעגנהייט צו פאָגראָם־פראָבעס. דער נאָמען פון נייעם נאַפאָלעאָן האָט אויפגערודערט עלזאַס, און יידן אין סונדגוי האָבן זיך געקליבן לויפן קיין שווייץ. דער אינערן מיניסטער האָט באַפוילן דעם פרעפעקט פון נידעררייִן אָנווענדן ענערגישע מיט־לען צו דערשטיקן יעדע פאָגראָם־פראָבע און פאַרזאָגן דער באַפעלקערונג, אַז „אויב אין דער רעגירונג בייטן זיך פערזאָנען, איז בלייבן דאָך פרינציפן, וואָס קיין רעגירונג אין דער וועלט קאָן זיי נישט איגנאָרירן". דעם פאַרזאָג האָט מען פאַרשטאַנען, און די פאָגראָם־אַגיטאַציע האָט זיך געשטילט.

די נאָוועמבער־קאָנסטיטוציע דאָס יאָר 1848 האָט אַזוי ווייט פאַרשטאַרקט די פרינציפן פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג, אַז אפילו לואי נאַפאָלעאָנס רעזשים האָט גאָרנישט געקאָנט ענדערן אין דער יידישער לאַגע. פערזענלעך האָט דער קינפטיקער קייזער אויך נישט געהאַט קעגן צוזאַמענאַרבעט מיט יידי־שע פאָליטישע טוער, פאַרשטייט זיך, אַז נישט מיט קיין רעפובליקאַנער און דעמאָקראַטן. ווען דער רעפובליקאַנער גודשאָ האָט זיך אָפגעזאָגט פונם פאָסטן פינאַנץ־מיניסטער, האָט דעם אַמט פאַרנומען אַ געוועזענער דעפוטאַט צום סוף פון דער יולי־מאָנאַרכיע אַ ש י ל פ ו ל ד, אַ קנאַפער ייד, נאָר אַ גוטער מאָ־נאַרכיסט. פולד האָט געפירט די פראַנצויזישע פינאַנץ־פאָליטיק די שענדלעכע טעג פון דעם מלוכה־איבערקער (1851) און האָט דערמיט אַ סך געטון פאַר נאַפאָלעאָן דעם III־טן, דערנאָך איז ער געווען צווישן די זיילן פון דער צוויי־טער אימפעריע, און עטלעכע מאָל האָט ער פאַרנומען מיניסטער־פאָסטנס ביזן יאָר 1867. דעם פראַנצויזישן יידנטום, וואָס האָט געגעבן אַזאַ קרעמיע, האָט מען געקאָנט מוחל זיין, וואָס ס'האָט געגעבן אַ פולד... די יידישע בירגערלעכע לאַגע האָט זיך בכלל נישט געענדערט נאָך דעם „קליינעם נאַפאָלעאָנס" Coup d'etat, אָבער דער קלעריקאַליזם, וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט אין לאַנד, האָט זיך ערגעץ־וואו געגעבן צו הערן. מ'האָט זיך געפרואווט דורכפירן אַ געזעץ, אַז יידן זאָלן אויסגעשלאָסן ווערן פון שולראַטן, אָבער די פאַריזער צענטראַלע קאָנסיס־טאָריע האָט פראָטעסטירט (פאַר וויצע־פרעזידענט האָט זי דעמאָלט געהאַט דעם פראָפעסאָר־פילאָזאָף אַדאָלף פראַנק) און זי האָט אָפגעשריגן דעם געזעץ־פראָיעקט, פונדעסטוועגן האָבן קאַטוילישע גייסטלעכע אָפט נישט צוגעלאָזט יידן אַלס לערער אין גימנאַזיעס, קעגן דער קאָנסטיטוציע; די רעגירונג האָט געשוויגן, נישט

געוואָלט איינרייסן מיט דעם קלער. אויף אַנדערע מלוכה־שטעלעס זענען יידן געווען אַ סך, אויף העכערע מיליטער־אַמטן אויך. אין דער אומגליקלעכער מלחמה דאָס יאָר 1870 האָבן פראַנצויזישע יידן באַוויזן נישט ווייניק פּאַטריאָטיזם. ס׳האָט זיי טיף געקרענקט, וואָס על־זאַס־לאָטרינגען ווערט אָפּגעריסן פון פראַנק־רייך, און אַ סך יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט געוואָלט בלייבן אונטער דייטשלאַנדס הערשאַפט, האָבן פאַסירט על־זאַס און זיך איבערגעצויגן קיין פּאַריז און קיין טיף־פראַנקרייך בכלל.

די מפּלה פון דער צווייטער אימפּעריע און דער אָנהויב פון דער דריטער רעפּובליק האָבן ווידער אַרויסגעבראַכט אויפן פּאָליטישן אויבנאָן דעם רעפּובלי־קאַנער קרעמיע. אין דער רעגירונג פון נאַציאָנאַלער שוץ (סעפּטעמבער 1870) האָט ער באַקומען דעם פּאָרטפעל פון יוסטיץ־מיניסטער און איז געוואָרן איינער פון די ענערגישסטע גאַמבעטאַ׳ס מיטקעמפער. יענע צייט האָט ער אויסגעפירט אַ וויכטיקן עמאַנסיפּאַציע־אַקט: אַ געזעץ וועגן יידישער גלייכבאַרעכטונג אין דער פראַנצויזישער קאָלאָניע אַ ל ז ש י ר, דאָרט וואו יידן האָבן שווער געליטן אונטערן אָרטיקן יאָך. פערציק טויזנט אַלזשירער יידן, צווישן דער גרויסער מאַסע יידנפיינטלעכע מוסולמענער, וואָס האָבן אַגב געהאַסט די פראַנצויזישע באַצווינגער אויך, האָבן געזעען פאַר זיך נאָר איין אויסוועג: בירגערלעך און קולטורעל ווערן איינס מיט פראַנצויזן. יידן האָבן זיך אַ סך מאָל געווענדעט מיט ביטבריוו וועגן „נאַטוראַליזאַציע", ד. ה. מ׳זאָל זיי אָנערקענען פאַר גלייכ־באַרעכטיקטע פראַנצויזישע בירגער, אָבער די רעגירונג פון דער צווייטער אימ־פּעריע האָט זיך נישט געאײַלט. גאָר צום סוף אימפּעריע האָט אָליוויע׳ס קאַבינעט שוין געהאַלטן ביי אַרויסגעבן אַ געזעץ וועגן נאַטוראַליזירן אַלזשירער יידן, גע־שטערט האָט די מלחמה. אויפגעטון האָט דאָס קרעמיע. לויטן דעקרעט, אונטער־געשריבן פון אים מיט אַנדערע גלידער פון גאַמבעטאַ׳ס קאַבינעט (דעם 20 אָקטאָבער 1870), זענען אַלזשירער יידן געוואָרן פראַנצויזישע בירגער מיט אַלע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט. מיט דעם דאָזיקן געזעץ זענען אַלזשירער יידן געשטעלט געוואָרן אין אַ בעסערער לאַגע, איידער אָרטיקע אַראַבער, וואָס דער מוסולמאַנישער פאַנאַטיזם האָט ... ווייט געהאַלטן פון בירגערלעכער נאַטו־ראַליזאַציע; דאָס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט זייער האַס צו יידן. אָבער אין דערזעלבער צייט האָט „קרעמיע׳ס געזעץ" אָפּגעשאַפט די אויטאָנאָמיע פון אַל־זשירער יידישע קהלות. די אויטאָנאָמיע איז נאָך פריער פאַרשמעלערט געווען, ווען מ׳האָט איינגעפירט די קאָנסיסטאָריאַלע סיסטעם. איצט איז זי גאָר בטל געוואָרן: אַלזשירער רבנים זענען אונטערגעוואָרפן געוואָרן דער פּאַריזער קאָנ־סיסטאָריע, וואָס האָט בכלל געשטרעבט צו פאַרשמעלערן יידישע זעלבסטפירונג אויף רעליגיעזע און צדקה־זאַכן.

אין פראַנקרייך גופא האָט זיך ווייטער געצויגן דער פּראָצעס פון אַסימי־לירן זיך מיט דער אַרומיקער סביבה, וואָס זיינע בולטע רעזולטאַטן האָבן מיר

שוין געווען אַ עפּאָכע פריער. די יידישע באַפעלקערונג אין פראַנקרייך האָט אויפגעהערט צו וואַקסן[1], און איר נאַציאָנאַלער מהות איז אויך געפאַלן. די פאַרטרעטונג פון יידישע אינטערעסן האָט זיך קאָנצענטרירט אין פאַריזער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע. פונם יאָר 1848 אָן האָט זיך די קהלה-סיסטעם עטוואָס דעמאָקראַטיזירט: פריער האָבן אַ הייפל נאָטאַבלען אין יעדער קרייז געקליבן די קהלה-פאַרוואַלטונגען אָדער קאָנסיסטאָריעס, איצט איז דאָ אויך איינגעפירט געוואָרן אַלגעמיין וואַלרעכט. אַלע גלידער פון דער קהלה האָבן באַקומען וואַל-רעכט אָן יעדער פאַרמעגנס-צענז. אָבער דעמאָקראַטישע וואַלן האָבן אויך נישט געקאָנט איינגעבן חשק צו אַ יידישער אויטאָנאָמיע אין אַ סביבה, וואו מ'איז פון אויבן ביז אונטן געזינקען אין אַסימילאַציע. דער הויפט-ראַבינער (איזידאָר, דערנאָך צדוק כהן) און די וועלטלעכע פירער פון דער צענטראַלער קאָנסיסטאָריע (אַד. פראַנק און אנד.) האָבן אימפּאָנירט מיט זייער פאַרטרעטונגס-פעאיקייט אַקעגן דער וועלט אָבער אינעווייניק האָט זיך געזען נישט מער ווי די פּוסטע זייט פון דעם שיינעם מעדאַל. ווי ווייט דער סם פון אַסימילאַציע איז טיף אַריין אין פראַנצויזישן יידנטום, איז צו זען פון דעם, וואָס אַפילו דער בעסטער פראַנצויזישער ייד, אַדאָלף קרעמיע, געוועזענער וויצע-פרעזידענט אין דער קאָנסיסטאָריע, האָט אָפּגעשמדט זיינע קינדער. ערגיץ אין די מוחות ביי איינציקע דענקער האָט נאָך נעפּלדיק געשוועבט די אידעע פון אַ „יידישער שליחות", אָבער די האָבן זיך דאָס אויך נישט פאָרגעשטעלט אַנדערש ווי אַ געמיש פון אידעען און קולטור-טיפּן. דער היסטאָריקער-פילאָזאָף סאַלוואַדאָר (§ 27) האָט פאַרענדיקט זיין ליטעראַרישע קאַריערע (1860) מיט אַ בוך אין אַ בריוו-פאָרם מיט דעם נאָמען: „פאַריז, רוים, ירושלים" (Paris, Rome, Jerusalem). דער אויטאָר זעט אין דער גייסטער געשיכטע דריי סטאַדיעס: פאַריז איז די רעוואָלוציע (1789 — 1815), רוים איז די רעאַקציע (1815 — 1848); ירושלים, ד. ה. דאָס יידנטום, צעפירט אין דער קריסטלעכער סביבה, איז באַרופן צו שאַפן אַ נייעם טיפּ קולטור: דאָס וועלטלעכע פאַריז און דאָס גייסטיקע רוים זאָלן דאָ פאַראייניקט ווערן דורכן גייסט פונם ביבלישן יודאַאיזם. איצט, ווען ס'ווערט ווידער געשטעלט די מזרח-פראַגע (פראַנקרייכס ראָליע אין סיריע און אין פּאַלעסטינע, די קרימער מלחמה), זאָל ירושלים אויסגעבויט ווערן און ווערן די גייסטיקע רעזידענץ פון אַ באַנייטער וועלט. די דאָזיקע נעפּלדיקע אַבסטראַקציעס, וואָס קריטיקער האָבן אומזיסט געפּרוּווט טרעפן, זאָלן הייסן אַזוי גוט, אַז תחלת דאַרפן זיך יידן צעגיין אין דער קריסטלעכער וועלט, און דערנאָך וועלן זיי זי אומקערן צום געלייטערטן ביבלישן יודאַאיזם. אַזוי האָט אויסגעטייטשט סאַלוואַדאָרס פילאָזאָפיש-היסטאָריש רעטעניש אַזוינער ווי משה העס, וואָס האָט געטרוימט אויפצושטעלן פּאַלעסטינע

[1]) בעת דער צווייטער אימפּעריע איז אין איין פּאַריז געווען ביז 30 טויזנט יידן, בערך אַזוי פיל אין דער פּראָווינץ אויך, חוץ 40 טויזנט יידן אין אַלזשיר. דער אָפּפאַל פון עלזאַס-לאָטאַרינגען אין 1871 האָט תחלת פאַרקלענערט די צאָל יידן, אָבער דער דאָזיקער דעפיציט האָט זיך נאָכדעם בעדעקט מיט צוגעקומענע עמיגראַנטן פון אַנדערע לענדער.

פאַר אַ פּאָליטישן צענטר פאַר דער צעזייט-און-צעשפּרייטער נאַציע. העס האָט געזען אין דעם פראַנצויזישן שרייבערס טעאָריע אַ טענדענץ צו „באַשאַפן אַ נײַ ירושלים, אַלס אַ רעזידענץ פון פּוזיאָניסטן", וואָס האַלטן פון גאָרן פאַרשמעלצן רעליגיעס און קולטורן. סאַלוואַדאָר האָט זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פונם „פּוזיאָניזם", וואָס איז ביי אים געווען אין בלוט, און ער האָט באַנייט דעם אַלטן סינקרעטיזם פון אַ יודעאָ-עליניזם און יודעאַ-קריסטנטום

און דאָך איז אין דעם פראַנצויזישן אַסימילירטן יידנטום אויפגעקומען אַ לעבנס-שטאַרקע אידעע, וואָס וואָלט מיט דער צייט געקאָנט דינען פאַר אַ בריק צו דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ: די אידעע פון יידישער א ח ד ו ת אויף דער גאָרער וועלט. פראַנצויזיש-יידישע טוער האָבן שוין לאַנג געשטרעבט בייצושטיין יידן אין די דעספּאָטישע לענדער (§ 31, 27); איצט האָבן זיי געשאַפן די געהע-ריקע אָרגאַניזאַציע פאַר פּלאַנמעסיקער אַרבעט אין דעם פּרט. פרילינג 1860 האָט אַ גרופּע יידישע טוער אין פּאַריז: איזידאָר כהן — רעדאַקטאָר פון Archives Israelites, ראַבינער אַסטריוק, פּראָפעסאָר מאַנועל, אינזשיניער קאַרוואַלאָ, אַד-וואָקאַט נארסים לעווען (קרעמיעס סעקרעטאַר), נעגאָציאַנט שאַרל נעטער —, באַשלאָסן צו גרינדן אַ חברה „כל ישראל חברים" פאַר קולטורעלער און פּאָלי-טישער קעגנזייטיקער הילף. די גרינדער זענען געגאַנגען מיט דעם גאַנג, אַז איינציקווייז קאָן מען נישט קעמפן קעגן יידישע גזרות אין איינע לענדער און קעגן זייער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט אין אַנדערע לענדער; מ'דאַרף שאַפן איין פאַרטרעטונג פאַר אַלע צעוואָרפענע טיילן יידן. די פּראַקטישע פּראָגראַם פון דער חברה איז באַשטאַנען אין צוויי הויפּט-פונקטן: 1) „מיטהעלפן אומעטום יידישער עמאַנסיפּאַציע און גייסטיקן פּראָגרעס ביי יידן; 2) שטיצן מיט אַלע מעגלעכקייטן אַלע, וואָס ליידן דערפאַר, וואָס זיי זענען יידן". מיט די פּרינציפּן איז סוף 1860 געגרינדעט געוואָרן דער „יידישער וועלט פאַרבאַנד" (Alliance Israelite universalle) מיט אַ צענטראַל-קאָמיטעט אין פּאַריז. אַ באַגייסטערטן אויפרוף „צו יידן אין אַלע לענדער" שרייבן די גרינדער אַזוי: „אויב איר צעוואָר-פענע אין אַלע עקן וועלט און אויסגעמישט מיט אַנדערע פעלקער, בלייבט דאָך אין האַרצן טריי דער אוראַלטער רעליגיע פון אייערע אבות, ווי שוואַך דער דאָזיקער בונד זאָל נישט זיין; אויב איר זענט זיכער, אַז פאַראייניקונג איז אַ מעלה, אַז, כאָטש צעטיילט צווישן פאַרשידענע פעלקער, האָט איר דאָך עפּעס איינס אין אייערע געפילן, פאַרלאַנגען און האָפנונגען; אויב איר גלויבט, אַז דער גרעסטער טייל אייערע מיטגלידער וואָס ליידן 2 טויזנט יאָר פּיין, באַליידיקונג און נגישות, קאָנען דאָך אומקערן זייער מענטשלעכע ווערדע און פאַרווערבן דעם נאָמען בירגער; אויב איר האַלט, אַז ס'וואָלט געווען אַ כבוד פאַר אייער רעליגיע און אַ מוסר פאַר פעלקער אַזאַ אַנטפּלעקונג — אַ פאַראייניקונג פון אַלע לעבעדיקע קרעפטן אין יידנטום, אין צאָל קליין, אָבער גרויס אין ליבשאַפט, אין שטרעבן צו גוטס; אויב איר גלויבט אין דעם כוח פון די פּרינציפּן פונם יאָר 1789 און איר ווילט, אַז דער גערעכטיקייט-גייסט פון די דאָזיקע פּרינציפּן זאָל זיך אָננעמען אומעטום —

אויב איר, יידן פון דער גאָרער וועלט, זענט איבערצייגט אין דעם אַלעמען, — איז דערהערט אונזער אויסרוף און גיט אונז אייער שטיץ!" אויפן פּלאַמענדיקן אויסרוף האָבן זיך תּחלת אָפּגערופן ווייניק: דאָס ערשטע יאָר האָט „אַליאַנס" געהאַט בערך 850 גלידער, פון זיי זענען 700 געווען פון פראַנקרייך. שפּעטער איז די דאָזיקע צאָל אויסגעוואַקסן, ס'זענען צוגעקומען נייע גלידער פון דייטש־לאַנד, פון עסטרייך און ענגלאַנד, אָבער דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די שפּאַל־טונג אין אַליאַנס. אַסך האָבן נישט געקאָנט מודה זיין דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע, די מאַניפעסטאַציע פון וועלט־אחדותביים גאָרן יידישן פאָלק, וואָס באמת, לויט די אַסימילאַטאָרס מיינונג, באַשטייט דאָס פון טיילן אַנדערע נאַציעס, פון דייטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער פון יידישער אמונה. די גרופּעס אויסער פראַנקרייך האָבן איבער אייגענעם לאַנד־פּאַטריאָטיזם נישט געוואָלט מיטגיין אונטער דער פאָן פונם פראַנצויזישן יידנטום, דערהויפּט דייטשע יידן נאָכן קריג דאָס יאָר 1870. פונם פּאַריזער אַליאַנס האָט זיך אָפּגע־טיילט די ענגלישע גרופּע, געגרינדעט אין לאָנדאָן די „ענגליש יידישע אסאָציאַ־ציע" (Anglo-Jewish Association„ 1871). דערנאָך די עסטרייכישע, וואָס האָט געגרינדעט אין ווין דעם „איזראַעליטישן אַליאַנס" (Israelitische Allianz, 1873). דייטשע יידן האָבן זיך דאָך נישט אויסגעטיילט, זיי זענען געבליבן אין פּאַריזער „אַליאַנס", אָבער זייער קנאַפּע מיטאַרבעט האָט כּלל נישט געשטימט מיט זייער הויכער קולטור־ראָלע אין יידנטום.

די ערשטע צוויי צענדליק יאָר האָט פּאַריזער אַליאַנס אַרויסגעוויזן אַ היפּש־אינטענסיווע פּאָליטישע אַרבעט. פון 1863 ביז 1880 איז דאָרט פּרעזידענט געווען (מיט אַ קורצער פּויזע) אַדאָלף קרעמיע, וואָס האָט געהאַלטן, אַז די הויפּטאַרבעט פונם אַליאַנס איז צו קעמפן פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע אין די דעספּאָטישע לענדער. קרעמיע, אַ געניטער פּאָליטיקער, האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג די דאָזיקע לענדער און פלעגט אינטערווענירן אַלע מאָל, ווען יידן זענען דאָרט געשטאַנען אין אַ געפאַר אָדער ווען ס'איז געווען אַ מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן זייער בירגערלעכע לאַגע. אַליאַנס האָט פּראָטעסטירט קעגן יידישן פּיין אין דער קירך־געגנט (מעשה מאָרטאַראַ), האָט געווירקט אויף דער פראַנ־צויזישער רעגירונג, זי זאָל נישט שליסן קיין האַנדל־אָפּמאַך מיט שווייץ, ביז שווייץ וועט נישט גאַראַנטירן קיין גלייכבאַרעכטונג אָנגעקומענע פראַנצויזישע יידן. אַליאַנס האָט ענערגיש געקעמפט קעגן רומענישער יידנפיינטלעכער פּאָ־גראָם־פּאָליטיק, און מיט זיין אינטערווענץ בעת די דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנד־לונגען נאָך דער רוסיש־טערקישער קריג האָט ער אויסגעפירט, אַז אין בערלי־נער טראַקטאַט (1878) זאָל צוגעגעבן ווערן אַ פונקט וועגן יידישער גלייכבאַ־רעכטונג אין די באַלקאַן־לענדער[1]. דער פּרוב צו ווירקן אויף דער רוסישער

[1]) זע וויטער, § 48, 50, 51.

רעגירונג אינם סאַראַטאָווער עלילת־דם און אַנד. איז דאָ קיין סך ניש̈ט אויסנ־
געוועזן, וואָרום יענע צייט (אַלכסנדר דעם II־טנס רעגירן) האָט מען אין די
מערב־לענדער געגלויבט, אַז רוסישע יידן וועלן אינגיכן קריגן עמאַנסיפּאַציע־
און ערב פּאָגראָמען האָט דער אַליאַנס אָנגעוואָרן זיין קאַמף־פּרעזידענט קרע־
מיע (געשטאָרבן 1880) און זיין גרויסע פּאָליטישע פּראָגראַם. פון דער צייט אָן
פאַרנעמט זיך אַליאַנס דער עיקר מיט פאַרשפּרייטן אייראָפּעאישע בילדונג צווישן
יידן אין אַזיע און אין צפון־אַפריקע. פון פּאָליטישער אַרבעט אין מערב־לענדער
גיט זיך אַליאַנס אַ קער צו קולטור־אַרבעט אין די מזרח־לענדער. אַזאַ פאַר־
שמעלערן די פּאָליטישע פּראָגראַם נעמט זיך אַגב פון די אָנפאַלן אין דער אַנ־
טיסעמיטישער פּרעסע אין אַלע לענדער, די דאָזיקע פּרעסע האָט געמאַכט פונם
אַליאַנס אַ שרעק־בילד פון אַ יידישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס שטרעבט צו געבן
יידן די ממשלה איבער דער גאָרער וועלט. מיט דער שאַרפסטער העצע איז די
דאָזיקע אַגיטאַציע געטריבן געוואָרן אין רוסלאַנד די 70־ער יאָרן: בראַפמאַן
און אַ טייל רוסישע פּרעסע האָבן געשטורמט קעגן ביגפערלעכן „וועלט־קהל" און
האָבן פאַרסמט די רוסישע רעגירונג מיט אומצוטרוי צום אַליאַנס.

בכן זעען מיר, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סעפּאַראַטיסטישע פּאָליטיק פון
ענגלישע און עסטרייכישע יידן האָט שווער געטראָפן די ערשטע אידעע, די
יידישע וועלט־אחדות, און די מורא פאַר אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע קעגן יידישן
אינטערנאַציאָנאַליזם האָט גאָר אונטערגעהאַקט די פּאָליטישע פּראָגראַם פונם
אַליאַנס. אָבער אין דער געשיכטע וועט בלייבן דער מערקווירדיקער פאַקט, אַז
אין דעם קאָסמאָפּאָליטישן צענטער, אין רעכטן ברען פון דער אַסימילאַציע אין
אייראָפּע, איז מאַניפעסטירט געוואָרן די אידעע פון יידישע אחדות — איינע אַ
דאָגמע פונם נאַציאָנאַלן יידנטום, וואָס פאָרמעל האָט מען דאָס דאָ נישט
געוואָלט וויסן. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן די קראַפט פון היסטאָרישער עוואָלוציע,
וואָס האָט געפירט דעם בלאָנדזשנדיקן געדאַנק פונם אַנאַציאָנאַלן יידנטום צום
נאַציאָנאַלן דורך אינטערנאַציאָנאַל.

## § 48. יידישע עמאַנסיפּאַציע אין דער פאַראייניקטע איטאַליע.

יידישע עמאַנסיפּאַציע אין איטאַליע איז זייער ענלעך צו דער עמאַנסי־
פּאַציע אין דייטשלאַנד אין דעם פּרט, וואָס איןביידע לענדער איז דאָס גע־
ווען אַ רעזולטאַט נישט בלויז פון דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848; דאָ האָט
נאָך געהאַט אַ סך צו זאָגן דער פּראָצעס נאַציאָנאַל־פּאָליטיש צו פאַראייניקן די
דאָזיקע צעריסענע מלוכות, וואָס ער שטאַמט פון דער רעוואָלוציע. אין איטאַליע
האָט דער פּראָצעס עמאַנסיפּאַציע אויך געדויערט אַריבער צוואַנציק יאָר
(1848—1870), פונקט אַזוי פיל, וויפיל ס'האָט געדויערט פאַראייניקן איטאַליע.

קודם כּל האָט מען ייִדן גלייכבאַרעכטיקט אין פּיעמאָנט, אָדער קעניגרייך סאַרדיניע, דער קאַמף־צענטער פאַר פאַראייניקונג. אָנהויב מערץ 1848 האָט דער סאַרדינישער קעניג קאַרל אַלבערט געמוזט נאָכגעבן דער באַפרייִ־באַוועגונג און איינפירן אין זיין לאַנד אַ קאָנסטיטוציע; פאַר נישט־קאַטוילן האָט געגאָלטן נישט מער ווי „טאָלעראַנץ", אָבער סוף מערץ דאָס זעלבע יאָר האָבן ייִדן לויט אַ קעניגלעכן דעקרעט געקריגן בירגער־רעכט, און אין יוני פּאָליטישע רעכט אויך. אַזאַ שנעלע עמאַנסיפּאַציע משך עטלעכע חדשים נעמט זיך דערפון, וואָס גראָד יענע חדשים איז סאַרדיניע אַריין אין אַ קריג מיט עסטרייך צו באַפרייען לאָמבאַרדיע און ווענעציע (דערפון הויבט זיך אָן דער קאַמף פאַר פאַראייניקן איטאַליע), און ייִדן האָבן אַרויסגעשטעלט די אָפּפערפעאיקסטע קעמפער אין דער באַפרייִ־אַרמײ. פאַר אַזאַ שווערער זאַך, ווי פאַראייניקן איטאַליע און באַפרייען אַ גרויסן טייל אירן פונם עסטרייכישן יאָך, איז זייער וויכטיק געווען די סימפּאַטיע פון ייִדן, וואָס זענען צעוואָרפן צווישן די קריג־מלוכות, און אָן בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג וואָלט די דאָזיקע סימפּאַטיע גיך אָפּגעקילט געוואָרן. דאָס איז דער סוד, פאַרוואָס אין די לאָמבאַרדיש־ווענעציאַנישע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן קעגן עסטרייך, זענען ייִדן אויך פאַקטיש געוואָרן גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פונם ערשטן מאָמענט רעוואָלוציע אָן. אין דער ווענעציאַנער רעפּובליקאַנער רעגירונג זענען געווען צוויי ייִדן, האַנדלס־מיניסטער לעאָן פּינקערלע און פינאַנץ־מיניסטער יצחק מאַוראָגאָנאַטאָ; אין ווענעציאַנער פּאַרלאַמענט (1848) איז געווען אַכט ייִדן דעפּוטאַטן. די ייִדישע יוגנט האָט זיך געריסן אין דער מלחמה קעגן עסטרייך, און ייִדן באַנקירן האָבן געגעבן גרויסע סומעס אויף קריגס־הוצאות. אויטאָמאַטיש האָט זיך ייִדישע גלייכבאַרעכטונג איינגעשטעלט אין אַנדערע געגנטן אין איטאַליע אויך, אין טאָסקאַנע און אין מאָדענע, צוזאַמען מיט דער ליבעראַלער קאָנסטיטוציע דאָס ערשטע יאָר רעוואָלוציע.

דאָס אומגליקלעכע יאָר 1849 אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע האָט אין איטאַליע אויך אָפּגעשטעלט דעם באַפרייִ־פּראָצעס. לאָמבאַרדיש־ווענעציאַנישע פּראָווינצן זענען נאָך אַ שווערן קאַמף ווידער אַריבער צו עסטרייך מיט נאַפּאָלעאָנס שטיץ. ייִדן־רעוואָלוציאָנערן האָבן טייער באַצאָלט פאַר זייער איינשטעלערישקייט, אַזוי ווי זייערע איטאַליענער חברים; ביי ווענעציאַנער ייִדן האָט מען אָפּגענומען פּאָליטישע גלייכבאַרעכטונג, בירגעררעכט האָט מען זיי דאָך געלאָזט, שטאַרק פאַרשמעלערט. די רעאַקציע האָט זיך פאַרפעסטיקט אין אַנדערע איטאַליענישע געגנטן אויך, אָבער אַ מעסיקע רעאַקציע, נישט די צערייצטע, וואָס אין עסטרייך און אין אייניקע טיילן דייטשלאַנד יענע צייט. אָבער אין פּיעמאָנט, אונטער וויקטאָר עמנואל דעם II־טנס ליבעראַלן רעגירן (פון 1849 אָן), האָט מען אַפילו נישט געפּרואווט צו פאַרמינערן ייִדישע רעכט. פּרעמיער־מיניסטער איז געווען דער פּובליציסט מאַסימאָ ד׳אַזעליאָ, וואָס ערב רעוואָלוציע האָט ער אַרויס־

געגעבן אַ בראָשור פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע (§ 28). נאָך אים איז פּרעמיער
געווען דער באַרימטער קאַוואור, וואָס האָט פאַראייניקט איטאַליע; ער האָט
געהאַט ביי זיך פאַר אַ סעקרעטאַר אַ יידן, דעם יינגן יוריסט יצחק אַרטאָם, שפּע־
טער אַן אָנגעזעענער פּאָליטישער טוער. אין דער דאָזיקער סביבה, וואָס האָט
די שווערסטע צייט רעאַקציע הייליק געהאַלטן דעם אידעאַל פון פאַראייניקטן
איטאַליע, האָט מען דערהאַלטן דעם געבאָט פון יידישער עמאַנסיפּאַציע אויך.
אין צען יאָר אַרום, ווען די רעאַקציע האָט זיך געפעלט און נאָך גרויסאַרטיקע
נצחונות (1859) איז די באַפרייטע לאָמבאַרדיע פאַראייניקט געוואָרן מיט פּיע־
מאָנט, האָט די עמאַנסיפּאַציע געווינען דאָ אויך. פרייע יידן האָבן געקעמפט אין
גאַריבאַלדיס לעגיאָנען אין סיציליע, אין נעאַפּאָל (1860). 1861 איז וויקטאָר
עמנואל געוואָרן קעניג אין איטאַליע און באַלד דערויף זענען יידן עמאַנסיפּירט
געוואָרן אין דער גאָרער פאַראייניקטער איטאַליע. שפּעטער האָט מען יידן אומ־
געקערט עמאַנסיפּאַציע אין ווענעציע (אָפּגענומען ביי עסטרייך, 1866). איין רוים,
די רעזידענץ פון דער היפּש אַרומגעפליקטער קירך־געגנט, איז געבליבן אָפּגע־
זונדערט פון דער פרייער איטאַליע ביזן יאָר 1870. די געשיכטע פון יידן אין
רוים פאַר די 20 יאָר (1848—1870),—דאָס איז דער לעצטער אַקט פון אַ טראַ־
געדיע הונדערטער יאָרנלאַנג.

יענעם היסטאָרישן פרילינג פונם יאָר 1848 האָט דער ליבעראַלער גייסט
„פאַרפירט" דעם פּויפּסט פּי IX און האָט אים אַריינגעגעבן אַ גוטע דעה וועגן
די פאַרשפּאַרטע אין רוימער געטא (§ 28). דעם נייעם פּויפּסטס ליבעראַליזם האָט
פאַרבלענדט אפילו די קעמפער פאַר איטאַליעס פרייהייט אויך, און ס'איז געווען
אַ מאָמענט, ווען רוים אין אַ פּאַטריאָטישן פיבער האָט געזען דעם „הייליקן פּאָטער"
פאַר אַ גייסטיקן פירער פון דער באַפריי־מחנה, וואָס איז געגאַנגען פון סאַרדיניע
און אַנדערע איטאַליענישע געגנטן קעגן עסטרייך. די פּאָליטישע אויפוואַכונג
האָט זיך איבערגעגעבן רוימער יידן אויך, און אַ גרופּע יידישע פרייוויליקע,
באַפּוצט מיט אַ וואָלאָנטיאָר־צייכן (אַ צלמל מיט נאַציאָנאַלע קאָלירן), האָט זיך
אַרויסגעטאָן קיין לאָמבאַרדיע צו דער סאַרדינישער אַרמעע (מערץ). אין רוים
איז געווען יום־טובדיק, און פּי דער IX האָט געפונען דעם מאָמענט פאַר פּאַסיק
אויסצופירן זיין אַלטן מיין: אַראָפּנעמען די טורמע־ווענט פון דער רוימער געטאָ.
דאָס איז געווען אַ פּסח־אָוונט (17 אַפּריל), יידן זענען געזעסן ביים סדר, דער־
מאָנט יציאת־מצרים; מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ האַמערקלאַפּן אין די ווענט
און אין די טויערן פונם יידישן קוואַרטאַל. תחלת האָט מען זיך דערשראָקן:
צי איז דאָס נישט איינער פון די געוויינטלעכע המון־אָנפאַלן אויף דער געטאָ?
אָבער אינגיכן האָט מען דערזען אַ וואונדערלעך בילד: אַרבעטער האָבן מיט
דער אויפזיכט פון פּויפּסטס פּאָליציי געבראָכן די ווענט, וואָס האָבן אָפּגעטיילט
דעם יידישן קוואַרטאַל פונם צענטער שטאָט, די ווענט, וואָס האָבן געהאַלטן
פאַרשפּאַרט צענדליקער טויזנטער מענטשן צענדליקער דורות לאַנג. דאָ זענען

בייגעווען רוימער בירגער אויך און זיי האָבן פרייִנטלעך באַגריסט די באַפרייִטע. אויף מאָרגן איז שוין אַ היפּשער טייל וואַנט געווען איינגעבראָכן, און ס'איז געוואָרן אַ פרייִער דורכגאַנג אין אַלע שטאָט-טיילן. די געטאָס תּפֿוסים האָבן זיך געוויזן אויף Ave Maria און אין די צענטראַלע גאַסן, דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי אומגעריכט, אַז יידן גופא האָבן זיך געוואונדערט אויפן פרייִנטלעכן סיור-פּריז. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך נישט געקאָנט מיט אַמאָל צוגעוואוי-נען צום פרייִעם יידן: אַ ייד פרייִ אין די הויפּטגאַסן האָט געררייצט די פאַנאַטיקער. ס'זענען אַפילו געווען איינצעלנע אָנפאַלן אויף יידן-דורכגייער און אַפילו אויף יידישע הייזער אין געטאָ, איצט שוין אָן אַ וואַנט-שוץ. די נאַציאָ-נאַלע גוואַרדיע האָט געהיט דעם יידישן קוואַרטאַל. אין דער דאָזיקער גוואַרדיע (civica) זענען געווען אַ סך יידן אויך, אָבער נאָר אין איינציקע באַטאַליאָנען. כּדי ס'זאָל נישט קומען צו קיין צוזאַמענשטויס מיט קאָלעגן-יידנפיינט, האָבן יידן געמאַכט אַ ספּעציעלן טייל נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. דער דאָזיקער יידישער מיליץ איז אויסגעקומען נישט איין מאָל צו פאַרהיטן יידן פאַר אָנפאַלן פונם ווילדן רוימער המון.

פּי דעם IX-טנס „קאָנסטיטוציאָנעלער" רעזשים, — אַ געמיש פון איינזיקע פרייהייטן מיט פּאָליציייאיש-קלעריקאַלע פּאַרוואַלטונגס-מעטאָדעס, — האָט נישט געקאָנט האַלטן די אָרדנונג אין רוים. נאָוועמבער האָט אויפגעפלאַקערט אַ רע-וואָלוציע, דער פּויפּסט איז אַנטלאָפן פון רוים, די צונויפגערופענע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג (געווען דאָרט צוויי יידן דעפּוטאַטן) האָט פּראָקלאַמירט אין רוים אַ רעפּובליק (פעברואַר 1849); דער רעגירונגס-פירער איז געוואָרן דער באַרים-טער יוסף מאַדזיני. די דאָזיקע רעגירונג האָט, מיטן הסכם פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, דערקלערט יידן פאַר גלייכבאַרעכטיקטע. אין רוימער שטאָט-מאַגיס-טראַט זענען אַריין דריי יידן, געקליבן פון דער באַפעלקערונג, צווישן זיי דער הויפּט פון קהלה—שמואל אַלאַטרי. די נייַע רעפּובליק האָט אָבער לאַנג נישט אויסגעהאַלטן: די אַנאַרכיע האָט איר אונטערגעריסן. אין די נידריקע קלאַסן איז פאַרלאָרן געגאַנגען די גרעניץ צווישן רעפּובליקאַנער פרייהייט און פרייהייט צו רויבן און שלאָגן, די שטאָט איז פול געוואָרן מיט באַנדיטישע עלעמענטן, וואָס זענען אָנגעלאָפן אַהער פון אַלע עקן איטאַליע, כּלומרשט רעוואָלוציאָנערן, און האָבן געהאַלטן אין מורא די גאַנצע שטאָט. די פראַנצויזישע אַרמעע האָט זיך באַוויזן אונטער די טויערן פון רוים. זי האָט לאַנג באַלאַגערט די שטאָט, לסוף זי איינגענומען (יוני 1849) און אומגעקערט דער „געזעצלעכער רעגירונג" — דער רוימישער קוריע; לואי נאַפּאָלעאָן, דער פּרעזידענט פון דער פראַנצויזי-שער רעפּובליק, האָט זי שוין דעמאָלט געהאַט געשטיצט. די נייַע רעגירער פון דער קאָלעגיע קאַרדינאַלן האָבן זיך מיט דער הילף פונם פראַנצויזישן גאַרניזאָן ביטער אָפּגערעכנט מיט די רעפּובליקאַנער, דערהויפּט מיט יידן: זיי, זי יידן זאָלן דאָס זיין די שולדיקע, וואָס האָבן געשטיצט די רעוואָלוציאָנערע רעפּובליק.

מיט דער רוימער געטאָ איז פאָרגעקומען דאָס, וואָס מיט 50 יאָר פריער (1799—1798) [1], און מיט דעם זעלבן ביטערן סוף: ווידער דער פויפסט און ווידער דער רעאַקציאָנערער רעזשים.

פּי IX איז צוריקגעקומען קיין רוים (אַפּריל 1850) גאָר אַ נייער. פון זיינע פריערדיקע ליבעראַלע מיינען איז קיין שפור נישט געבליבן. די פּאָליטיק פונם „הייליקן פאָטער", וואָס זאָל רעפּרעזענטירן די רעליגיע פון הוילע מחילה, איז געווען אָנגעזאַפּט מיט שנאה און נקמה. יידן זאָלן געשטראָפט ווערן דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיטן פויפּסטס חסד, מיט צעברעכן די געטאָ-ווענט, און זיי האָבן פאַרלאַנגט מער בירגער-רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען אין מאַדזיניס צייט, איצט זאָלן זיי צוריק אומגעקערט ווערן צום געטאָ-רעזשים. צוריק אַלע אַלטע אויסנאַם-געזעצן: יידן זאָלן זיך נישט טאָרן באַזעצן אויסער דעם געטאָ, פאַרווערבן נחלות, פריי האַנדלען און אַרבעטן (יידן דאָקטוירים טאָרן נישט היילן קיין קריסטן). מ'האָט ווידער איינגעפירט ספּעציעלע שטייערן פאַר יידן, און צווישן זיי דעם שענדלעכן שטייער פאַר דעם „קאַטעכומען-הויז", ד. ה. פאַר דער שמד-פאַבריק, די נייע רעגירונג האָט ווידער גענומען פלייסיק שמדן יידן. ס'איז געווען גענוג עמיצער זאָל אויף איינעם אָנווייזן, אַז יענער וויל זיך שמדן, האָט מען שוין יענעם געשלעפּט אין קאַטעכומען-הויז אויף פּראָבע. אויב משך 40 טעג האָט זיך יענער נישט געלאָזט שמדן, פלעגט מען אַזוי-געם פריילאָזן, אָבער בתנאי, אַז די יידישע קהלה זאָל באַצאָלן פאַר אויסהאַלטן אים די 40 טעג. קליינע יידישע קינדער פלעגט מען פשוט גנב'ען ביי די על-טערן פאַר דעם „קאַטעכומען-הויז", אָדער מ'פלעגט באַגיין אַזאַ פאָרטל: אויף אַ מאָנאַכס אָדער אַ גלח'ס אַ וואונק, פלעגט די קאַטוילישע דינסט אין אַ יידיש הויז מעלדן פּאָליציי, אַז זי האָט שטילערהייט אָפּגעשמדט אַזאַ און אַזאַ קינד, פלעגט מען שוין דאָס קינד צוגעמען אין קאַטעכומען-הויז אָדער אין קלויסטער, די על-טערן זאָלן אים נישט „פאַרפירן". איינער אַזאַ פאַל איז באַוואוסט געוואָרן דורך דער פּרעסע און האָט אָנגעמאַכט אַ רעש אין גאַנץ אייראָפּע. דאָס איז געווען די געוויסע „מעשה-מאָרטאַראַ".

יוני 1858 זענען פויפּסטלעכע זשאַנדאַרמען באַפאַלן דעם יידן מאָרטאַראַ'ס הויז אין באָלאָניע און אַוועקגעפירט זיין זעקסיאָריק יינגל, עדגאַר. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די קאַטוילישע דינסט האָט דערציילט דעם גלח אויף דער ודוי, אַז זי זאָל איינמאָל בעת'ן קינדס קראַנקהייט האָבן שטילערהייט געשמדט דאָס קינד, כדי אויסצולייזן זיין נשמה. דער גלח האָט דאָס איבערגעגעבן פּאָליציי, און דאָרט האָט מען געהייסן אָפּנעמען דאָס „קריסטלעכע" יינגל ביי די עלטערן און דערציען דאָס אין דער קאַטוילישער רעליגיע. די מיאוסע קלעריקאַלע שטיק איז דערגאַנגען צו דער פּרעסע, און אין גאַנץ אייראָפּע האָט זיך אויפגע-

---

1) זע פריערדיקן באַנד § 26.

הויבן אַ פּראָטעסט־שטורם: ס'האָבן פּראָטעסטירט איטאַליענישע ייִדן אין פֿרייעם
פּיעמאָנט. דייטשע ראַבינער מיט ל. פֿיליפּסאָן אויבנאָן האָבן געשיקט דעם
פּויפּסט פּי דעם IX אַ פּראָטעסט־פּעטיציע. אין לאָנדאָן איז פֿאָרגעקומען אַ פּראָ־
טעסט־מיטינג, און משה מאָנטעפֿיאָרע איז געפֿאָרן קיין רוים בעטן דעם פּויפּסט
אומקערן דעם קליינעם געפֿאַנגענעם צו די באַרויבטע עלטערן. אַפֿילו מאָנאַרכן
דעם פּויפּסטס פֿריינט, נאַפּאָלעאָן III און פֿראַנץ־יוסף, האָבן געראַטן דעם פּויפּסט
נאָכגעבן דער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג. נאָר פּי דער IX איז געבליבן האַרט
און נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף קיינע השתדלותן. פֿעברואַר 1859 האָט
דער פּויפּסט אויפֿגענומען אַ ייִדישע דעפּוטאַציע פֿון דער פֿאַריאָכטער רוימישער
קהלה, וואָס האָט אַפֿילו נישט געוואַגט צו בעטן פֿאַר מאָרטאַראַ'ן, און איז זי
באַפֿאַלן מיט די געמיינסטע זידלערייען. „אַזוי באַווייזט איר אייער טרייע אונ־
טערטאַנשאַפֿט, אַז איר האָט פֿאַראיאָרן אויפֿגעהויבן גאַנץ אייראָפּע איבער מאָר־
טאַראַ'ן! איר האָט געגאָסן אייל אין פֿייער, איר האָט דאָס פֿייער צעבלאָזן, איר
האָט אָנגערייצט אַלע רעדאַקציעס. אָבער זאָלן זיך צייטונגען שרייבן, וואָס זיי
ווילן, איך לאַך פֿון זיי!" דער קהלה־סעקרעטאַר, וואָס דער פּויפּסט האָט אים
אויסגעזידלט מיט „נאַר", האָט זיך מיאוס פֿאַרענטפֿערט, באַדויערט, וואָס צײַ־
טונגען האָבן צעשמירט די מעשה־מאָרטאַראַ קעגן ווילן פֿון רוימער ייִדן,
לסוף האָט ער זיך צעוויינט אויך, אָבער דעם פּויפּסט האָט דאָס נישט גערירט.
שפּעטער, ווען באָלאָניע איז פֿאַרייניקט געוואָרן מיט סאַרדיניע, האָבן די על־
טערן נעפּרובט אומקערן זייער קינד מיט דער הילף פֿון דער נייער רעגירונג,
אָבער דאָס יינגל האָט מען שוין געהאַט פֿריער אַוועקגעפֿירט קיין רוים, און
קיינע מיטלען אויסצורייסן דעם רויב פֿון דער קאַטוילישער קוריעס הענט האָבן
נישט געהאָלפֿן. די „הייליקע פֿאָטערס" האָבן אַזוי דערצויגן דעם יונגן עדגאַר
מאַרטאַראַ, האָבן אין אים אַרייַנגעזעצט אַזוי פֿיל שנאה צו ייִדן, אַז שוין אַ
דערוואַקסענער, האָט ער אַליין נישט געוואָלט צוריקקומען צו דער אמונה פֿון
זיינע אבות, און ער איז געבליבן אַ פֿאַנאַטישער גלח — אַ מיסיאָנער זיין לעבן
לאַנג.

ביי אַזאַ האַלטונג פֿון פּי IX האָט פֿון פֿאַרבעסערן די ייִדישע לאַגע קיין
רייד נישט געקאָנט זיין. יאָר איין יאָר אויס זענען ייִדישע דעפּוטאַציעס געגאַנ־
גען צום פּויפּסט מיט הכנעהדיק געבעט — און אַלע מאָל צוריקגעקומען מיט
ליידיקע הענט. גאַנץ איטאַליע איז שוין געווען פֿאַראייניקט אונטער וויקטאָר־
עמנואל'ס הערשאַפֿט, איין רוים איז געבליבן דער נעסט פֿון פֿינסטערניש און
קנעכטשאַפֿט אינם פֿרייעם לאַנד. אָבער ס'איז געקומען די צייט פֿאַרן קאַטוילישן
בבל אויך. דאָס ביטערע יאָר (1870) פֿאַר דעם פּויפּסטס מאַכט. אין וואַטיקאַנער
קלויסטער איז מען נאָך געווען פֿאַרנומען מיט פֿעסטשטעלן דעם דאָגמאַט, אַז
דער פּויפּסט קאָן נישט זיין זינדיק, די געטאָ־פּרנסים האָבן געגרייט אַ נייע פּע־
טיציע, דער פּויפּסט זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זיינע 4800 קנעכט און זאָל

זיי באַפרייען פון דער שטיקעניש און ענגשאַפט אינם יידישן קוואַרטאַל, וואו ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען, און די פינסטערע און נאַסע הייזער זע־נען אַ נעסט פון קראַנקהייטן (יוני 1870); אָבער די דאָזיקע געוויינשריפט האָט מען שוין נישט באַוויזן צו דערלאַנגען: מ'האָט שוין געהערט די טריט, וואָס קומען באַפרייען רוים. דעם 20־טן סעפטעמבער 1870, אין רעכטן ברען פון דער פראַנצויזיש־פרייסישער קריג, איז אין רוים אַריין וויקטאָר עמנואל'ס נצחון־חיל. ס'איז אָפגעשאַפט געוואָרן די וועלטלעכע מאַכט פון פויפסט, וואָס איז באַ־פלעקט געוועזן מיט אַזוי פיל פאַרברעכן, און רוים איז געוואָרן די רעזידענץ פון דער פאַראייניקטער פרייער איטאַליע. מיט רוים זענען אויפגעריכט געוואָרן יידן אויך: זיי האָבן געקריגן בירגערלעכע און פאָליטישע גלייכבאַרעכטונג. נאָך איידער די נייע קאָנסטיטוציע איז איינגעפירט געוואָרן, האָט די יידישע קהלה אין רוים דערלאַנגט וויקטאָר עמנואל'ן אַן אַדרעס (דעם 25 סעפטעמבער), באַ־גריסט דעם גליקלעכן איבערקער אַלס „איטאַליענער, רוימער און יידן". דער אַדרעס לאָזט זיך אויס מיט אַזוינע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „מיר דערמאָנען איצט דאָס לעצטע מאָל דאָס וואָרט ייד (איזראַעליט). דעם מאָמענט, ווען מיר גייען איבער צום הייליקן רעזשים פון בירגערלעכער גלייכשטעלונג, איז דאָס אַ חוב פון דאַנקבאַרקייט. אונטער דער פירונג פון אייער מאַיעסטעט וועלן מיר איצט, אויסער אונזער שול, געדענקען נאָר דאָס, אַז מיר דאַרפן זיין איטאַליע־נער, און אַנדערש וועלן מיר נישט זיין". מענטשן, וואָס האָבן נאָר וואָס איבער־געשפרייזט די שוועל פרייהייט, האָבן נישט געפילט, אַז אין זייערע רייד שטעקט די ירושה פון נעכטיקער קנעכטשאַפט. די, וואָס ערשט נעכטן האָבן זיי געבעטן רחמים ביים דעספאָט דעם פויפסט, האָבן נישט פאַרשטאַנען צו רעדן אויף אַ נייער שפראַך מיט דער נייער מאַכט. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז ס'איז נישט פאַראַן אַזאַ „חוב פון דאַנקבאַרקייט", וואָס זאָל פאָדערן נאַציאָנאַלן זעלבסט־מאָרד ביי אַ פאָלק, וואָס אַ רעכטלעכע מלוכה האָט אומגעקערט בירגערלעכע גלייכשטעלונג.

אָנהויב אָקטאָבער איז אַ דעפּוטאַציע פון רוים געגאַנגען צו וויקטאָר עמנואל'ן איבערגעבן אים דעם רעזולטאַט פון אַ פאָלקס־פלעביסציט וועגן פאַר־אייניקן רוים מיט איטאַליע; אין דער דאָזיקער דעפּוטאַציע איז געווען אַ פאַרטרע־טער פון דער יידישער קהלה, שמואל אַלאַטרי. לויט אַקעניגלעכן דעקרעט דעם 13 אָקטאָבער, דערנאָך לויט אַ באַשלוס פון דעם איטאַליענישן פאַרלאַמענט (15 דעצעמבער), זענען אָפגעשאַפט געוואָרן אַלע אויסנעמען, וואָס זענען פאַר־בונדן מיט רעליגיע און נאַציע. די עמאַנסיפּאַציע אין רוים איז געווען אַזוי גוט ווי באַפרייען תפוסים פון דער טורמע ממש. יידן זענען אַרויס פון דער געטא און באַזעצט זיך אין אַלע טיילן שטאָט. אינם אַלטן יידישן קוואַרטאַל אויף דעם זומפּיקן ברעג טיבר זענען געבליבן דערהויפּט אָרעמעלייט. מיט דער צייט האָט מען דאָ צעבראָכן אַ סך אַלטע הייזער; געבליבן זענען נאָר אייניקע געסלעך

לזכרון פונם אַלטן „נעסט קנעכטשאַפט". יידן זענען זיך צעלאָפן פון דער געטאָ און דערמיט איז די ערשטע צייט צעפאַלן געוואָרן די קהלה. פון דער אַמאָליקער קהלה־אויטאָנאָמיע האָבן זיך די עמאַנסיפּירטע אָפּגעטרייסלט פון דער ערשטער מינוט פרייהייט אָן. נאָך אין אָקטאָבער 1870 האָבן די פּרנסים פון דער רוימער קהלה געמעלדעט אין אַ ספּעציעלן צירקוליאַר, אַז איבער דעם שנוי אין דער בירגערלעכער לאַגע מוז געענדערט ווערן די יידישע זעלבסטפירונג אויך: פון היינט אָן געהער צו דער קהלה נישט מער ווי רעליגיעזע און צדקה־זאַכן. אָבער אַפילו אין אַזאַ פאַרשמעלערטער פאָרם האָט זיך געפילט אַ גאָרע דעזאָרגאַניזאַציע: געוועזענע געטאָ־מענטשן האָבן זיך גענומען איינאָרדנען אין נייע ערטער, יעדער האָט געקלערט פון זיך, רעפאָרמירן די קהלה איז קיינעם אין זינען נישט געלעגן. ערשט מיט דער צייט איז אויפן חורבן פון דער אַלטער קהלה אויפגעקומען אַ נעץ נייע צדקה־חברות. די קליינע יידישע קאָלאָניע אין איטאַליע (35 טויזנט) איז בכלל בטל בששים געוואָרן אין דער גרויסער אַרומיקער מאַסע. אין דער דאָזי־קער סביבה, וואָס איז מיט אַמאָל אַריבער פון קנעכטשאַפט צו אמת'ער, נישט קיין פאַפּירענער, גלייכגעשטעלטקייט, האָט זיך די אַסימילאַציע שטאַרק צעבליט. יידן זענען גיך אַריין אין בירגערלעכן לעבן אין לאַנד: אין פּאַרלאַמענט, אין דער רעגירונג, אין מוניציפּאַליטעט, און האָבן פאַרגעסן אַז חוץ אַלגעמיין־בירגערלעכע אינטערעסן האָבן זיי נאָך אייגענע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסן אויך. רוימער יידן האָבן געהאַלטן וואָרט: דער „ייד" האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט פאַרן „איטאַליענער". אויפגעשטאַנען תחית־המתים אַלס בירגער, זענען איטאַליענער יידן פאַרשטיינערט געוואָרן אַלס נאַציע—ביז ס'וועט קומען אַ נייע תקופה נאַציאָ־נאַלע אויפלעבונג, אַ זיכערער עטאַפּ אין דער יידישער היסטאָרישער ראָד.

## § 49. דער לעצטער אַקט פּאָליטישע עמאַנסיפּאַציע אין ענגלאַנד.

דער קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אַזוי טראַגיש אין רוים, האָט אויסגעזען אַ ביסל קאָמיש אין לאָנדאָן. די וויכטיקסטע עטאַפּן עמאַנ־סיפּאַציע זענען שוין דאָ געווען דורכגעמאַכט אַ תקופה פריער: יידן האָבן געהאַט סיי בירגערלעכע, סיי פּאָליטישע רעכט, יידן האָט מען געמעגט קלייבן פאַר דעפּוטאַטן אין פּאַרלאַמענט; די גאַנצע יידנפראַגע איז דאָ געווען, צי מעגן די דאָזיקע אויסגעקליבענע דעפּוטאַטן פאַרנעמען זייער פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט, אויב זיי געבן נישט די פאַרעלטערטע קריסטלעכע שבועה. רויטשילד, וואָס לאָנדאָן האָט אים אויסגעקליבן פאַר דעפּוטאַט, איז געשטאַנען ביי דער שוועל פון דער אונ־טערשטער קאַמער און האָט נישט געקאָנט אַריבער נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט שווערן לויט זיין איבערצייגונג, נישט לויטן קריסטלעכן שאַבלאָן. ס'איז געווען אַ פרום־קריסטלעכער שבועה־נוסח, אַ נשאר פון דורות. ליבהאָבער פון אַלטע

אַנטיקן האָבן אין דעם געוואָלט איינזען אַ סימבאָל פֿון אַ „קריסטלעכער מלוכה". אָבער דער דאָזיקער נוסח האָט שוין נישט געשטימט מיט די נייע באַגריפֿן, וואָס האָבן ייִדן גלייכגעשטעלט מיט קריסטן. דאָס יאָר פֿון די גרויסע איבערקערן (1848), האָט אין ענגלאַנד גאָרנישט נישט געענדערט: ענגלאַנד איז נישט אָנגערירט געוואָרן פֿונם קריזיס אויפֿן קאָנטינענט, אָבער אין איין צענדליק יאָר איז די קאָנסערוואַטיווע עקשנות געוואָרן צום נאַר, און ייִד. עמאַנסיפּאַציע איז געקומען צו איר לעצטן אַקט.

פֿרילינג 1848 האָט די אונטערשטע קאַמער ווידער אָנגענומען דעם ביל וועגן אָפּשאַפֿן די שבֿועה, און די לאָרדנקאַמער האָט דאָס אָפּגעוואָרפֿן (§ 29). אָבער די קעמפֿער פֿאַר עמאַנסיפּאַציע זענען נישט געבליבן אָפּהענדיק. יאָר איין יאָר אויס פֿלעגן זיי דערלאַנגען דער קאַמער ענלעכע בילן — מיט געוויסע שינויים אין דער פֿאָרם און אין דעם פֿאַרנעם פֿון די פֿאָדערונגען, פֿון טאַקטישע טעמים וועגן. דאָס יאָר 1849 האָט דער ליבעראַלער פּרעמיער דזשאָן ראָסעל דערלאַנגט דעם פּאַרלאַמענט אַ ביל וועגן רעפֿאָרמירן דעם שבֿועה־נוסח פֿאַר דיסענטערן, קוואַקערס און ייִדן, אָבער דער דאָזיקער ביל האָט אויך געהאַט דאָס אייגענע מזל, וואָס אַלע פֿריערדיקע: די אונטערשטע קאַמער איז געווען פֿאַר דעם, די אויבערשטע — קעגן. דאָס לעבן האָט ווידער אָפּגעענטפֿערט מיט אַ פּראָטעסט קעגן דער עקשנות פֿון די אַנטיקליבהאָבער: באַראָן ליאָנעל רויטשילד, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זײַן מאַנדאַט דערפֿאַר, וואָס מ׳האָט אים נישט אַרײַנגעלאָזט אין פּאַרלאַמענט, איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן פֿון לאָנדאָנער סיטי (1850). רויטשילד איז געקומען אין דער קאַמער און געבעטן, מ׳זאָל אים לאָזן שווערן אויף אַ תּנ״ך; נאָך קורצע דעבאַטן האָט מען דאָס אים דערלויבט. אַז דער באַראָן איז געקומען צום סוף שבֿועה (abjuration), האָט ער דורכגעלאָזט די ווערטער: „אַזוי ווי אַן אמתער קריסט גלויבט", ער האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע ווערטער זענען: „קעגן זײַן געוויסן". דערויף האָט דער ספּיקער געענטפֿערט דעם נײַעם דעפּוטאַט: דאָס הייסט, אַז ער האָט קיין שבֿועה נישט געגעבן און אים געבעטן פֿאַסירן די קאַמער. די אַנדערע סעסיע (1851) האָט לאָרד ראָסעל נאָך אַמאָל געפּרוּווט דורכזעצן דורך ביידע קאַמערן אַ ביל וועגן אָפּשאַפֿן דעם סוף פֿון דער פּאַרלאַמענט־שבֿועה. דאָס מאָל האָבן זיך אין דער לאָרדנקאַמער אויך געפֿונען אַזוינע, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַרן פּראָיעקט. לאָרד־קאַנצלער טרוראָ האָט אַזוי געזאָגט: „אַמאָל האָט גאָט פֿאַרהאַרטעוועט פּרעה׳ס האַרץ, ער זאָל נישט אַרויסלאָזן ייִדן פֿון מצרים. איך פֿאַרהאָף, אַז גאָט וועט נישט פֿאַרהאַרטעווען די הערצער פֿון די ענגלישע פּערן אַזוי ווייט, אַז זיי זאָלן נישט אַרײַנלאָזן ייִדן אין די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן אין לאַנד". אָבער דער רובֿ פֿון דער לאָרדנקאַמער איז דאָך געווען „פֿאַרהאַרטעוועט" און האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם ביל. דערווײַל איז צוגעקומען אַ צווייטער ייִד אַ דעפּוטאַט, דער ראַטמאַן דוד

סאַלאָמאָנס, אויסגעקליבן אין גרינוויטש. דער דאָזיקער ענערגישער טוער האָט באַשלאָסן שטרייטן ביז גאָר פאַר זיין דעפּוטאַטן־רעכט. דעם 18 יולי 1851 איז סאַלאָמאָנס געקומען אין דער קאַמער, געשוואָרן אויף אַ תנ״ך און דורכגעלאָזט די לעצטע ווערטער „אַזוי ווי אַן אמת'ער קריסט גלויבט". דער ספּיקער האָט אים געבעטן אַרויסגיין, אָבער סאַלאָמאָנס האָט נישט געפאָלגט און האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ צווישן די דעפּוטאַטן. דער ספּיקער האָט געבעטן אַ צווייט מאָל, דאַן איז סאַלאָמאָנס אַרויס פון זאַל און איבערגעגעבן דעם דעפּוטאַט, וואָס האָט אים אַריינגעפירט, יענער זאָל פאַרטיידיקן זיין רעכט צו זיצן אין דער קאַמער. אין דריי טאָג אַרום האָט די קאַמער גענומען באַהאַנדלען דעם דאָזיקן אינצידענט. סאַלאָמאָנס איז געקומען אויף דער זיצונג און האָט זיך געזעצט צווישן דעפּוטאַטן. דער ספּיקער האָט אים געבעטן אַרויסגיין, סאַלאמאָנס האָט נישט געפאָלגט; דאַן האָט דער ספּיקער פאָרגעלייגט דער קאַמער זאָגן איר מיינונג וועגן דעם. מ'האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז וויבאַלד אַ דעפּוטאַט האָט געשוואָרן לויט זיין געוויסן, מעג ער טון זיין דעפּוטאַטן־רעכט. דעם פאָרשלאַג האָט מען אָפּגעוואָרפן; סאַלאָמאָנס האָט ביי דער אָפּשטימונג צווייטמאָל גערעדט „צו געשעפטס־אָרדנונג". פונם ווידערשפּעניקער האָט מען געפאָדערט רעכנונג, און סאַלאָמאָנס האָט געענטפערט מיט ווערדע, אַז ער איז נישט אויסן געווען צו עובר זיין אויפן געזעץ, זיין האַנדלונג נעמט זיך פון טיפער איבערצייגונג, אַז ער האָט רעכט צו באַטייליקן זיך אין די פאַרלאַמענט־זיצונגען. ווען דער אָרדנער איז צו אים צוגעגאַנגען און אים אָנגערירט מיט דער האַנט, האָט ער געמוזט פאָלגן און אַרויסגיין. פאַר זיין „וויל איך אַזוי" (באַטייליקן זיך אין דער זיצונג אָן אַ שבועה) האָט סאַלאָמאָנס געמוזט באַצאָלן 500 פונט שטראָף לויט אַ פּסק פון אַ ספּעציעל געריכט. ס'איז געווען אַ געפאַר, ער זאָל נאָך פאַרלירן אייניקע בירגעררעכט אויך, אָבער די רעגירונג האָט דורכגעזעצט דורכן פאַרלאַמענט, אַז אין אַזוינע פאַלן זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די שטראָף; דער דאָזיקער באַשלוס זאָל גילטיק זיין אויף צוריק אויך, סאַלאָמאָנס זאָל נישט באַשטראָפט ווערן.

אין ענגלאַנד האָט געקאָכט מיט דער פאַרלאַמענטאַרישער יידנפראַגע: ס'זענען אַרויס אַ סך פּאָליטישע פּאַמפלעטן, מייסטנס זענען געווען געשטימט יידנפריינטלעך1). די אומרויקע צייט פון דער קרימער מלחמה איז די יידנפראַגע פאַרשוויגן געוואָרן, די פאַרלאַמענטאַרישע אַקציע האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס יאָר 1857. פּאַלמערסטאָנס קאַבינעט האָט דורכגעזעצט אין דער אונטערשטער קאַמער אַ ביל וועגן דער שבועה־רעפאָרם מיט אַ צוגאָב, אַז אַ ייד טאָר נישט זיין קיין מלוכה־רעגענט, קיין פּרעמיער, קיין לאָרד־קאַנצלער, קיין שטאַטהאַלטער אין אירלאַנד און בכלל אין קיין אַמט, וואָס האָט צו טון מיט קירך־אינסטיטוציעס. דער דאָזיקער צוגאָב זאָל דאָס זיין אַ פאַרגיטיקונג פאַר די

1) זע די „הוספות" צום סוף באַנד, נומער 3.

לאָרדן אין דער אויבערשטער קאַמער, וואָס האָבן נישט געוואָלט צוזען קיין יידן פאַר הויכגעשטעלטע מלוכה־מענער, ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן: די לאָרדן האָבן זיך פאַרשטייפט ביי זייערס. די געדולד האָט געפּלאַצט ביי ביידע קאַמערן; ס׳איז קלאָר געווען, אַז אָן אַ קאָמפּראָמיס וועט מען דאָ נישט אויסקומען. אַזאַ קאָמפּראָמיס האָט מען דערלאַנגט בעת דער סעסיע דאָס יאָר 1858. די לאָרדן־קאַמער האָט אָנגענומען דזשאָן ראָסעל׳ס אַלגעמיינעם ביל „וועגן אייניקע ענדערונגען אין דעם שבועה־נוסח״, אָבער אָן דעם פּונקט, אַז יידן מעגן דורכלאָזן די לעצטע „קריסטלעכע״ פראַזע. די אונטערשטע קאַמער האָט דאַן אויסגעקליבן אַן אויסגלייך־קאָמיסיע. אין דער קאָמיסיע איז אַריין לויט אַ באַשלוס פון דער קאַמער באַראָן רויטשילד אויך, אַ דעפּוטאַט אָן אַ פּלאַץ אין דער קאַמער. לאַנג האָט מען זיך געדונגען, לסוף איז מען דורכגעקומען אויף אַזאַ פּשרה: יעדע קאַמער פאַר זיך מעג יעדעס מאָל באַשליסן צו ענדערן דעם נוסח פאַר אַ דעפּוטאַט אַ יידן. מיט אַזאַ צוגאָב איז דער ביל וועגן דער שבועה דורך—ביידע קאַמערן; דעם 23 יולי 1858 האָט דער קעניג געגעבן זיין סאַנקציע און דער ביל איז געוואָרן אַ געזעץ. אויפן סמך פונם דאָזיקן געזעץ האָט די קאַמער אין דריי טאָג אַרום באַשלאָסן (מיט אַ מערהייט 69 קעגן 37) צולאָזן ליאָנעל רויטשילד׳ן אויף די זיצונגען, ער זאָל געבן אַ שבועה אָן דער לעצטער פראַזע „אַזוי ווי אַן אמת׳ער קריסט גלויבט״. רויטשילד האָט געשוואָרן און פאַרענדיקט: „אַזוי זאָל מיר יהוה העלפן!״

אַזוי אַרום האָט נאָך אַ 11־יאָריקן געראַנגל דער דעפּוטאַט פון סיטי פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער קאַמער. פרומע נשמות אין דער ענגלישער געזעלשאַפט זענען געווען אויפגערעגט, וואָס דער פּאַרלאַמענט האָט נאָכגעגעבן; אייניקע גלחים האָבן פאַררעכנט דעם אַקט צו ענגלאַנדס „נאַציאָנאַלע זינד״ און אָפּגעריכט תפלות, גאָט זאָל מוחל זיין די זינד. דאָס לעבן איז זיך אָבער געגאַנגען זיין וועג, נישט געקימערט זיך אויף די מוזיי־לייט. אין די וואַלן דאָס יאָר 1859 האָט גרינוויטש ווידער אויסגעקליבן סאַלאָמאָנסן אין דער קאַמער; איצט האָט אים די קאַמער צוגעלאָזט אָן קאַמף. אָבער נאָך אַ צייט לאַנג פלעגן יידישע דעפּוטאַטן פאַרנעמען זייערע פּלעצער אין דער קאַמער ערשט נאָך אַ ספּעציעלן וואָטום וועגן דעם נוסח פון דער שבועה פאַר יעדן באַזונדער. די דאָזיקע סיסטעם, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף אַ קאָמפּראָמיס־אַקט, איז אָפּגעשאַפט געוואָרן ערשט דאָס יאָר 1866. דאָס יאָר האָבן ביידע קאַמערן אָנגענומען אַ ביל וועגן ענדערן דעם נוסח פון דער פּאַרלאַמענט־שבועה בכלל, אַזוי אַז דער נוסח זאָל נישט שטערן נישט קיין קאַטוילן, נישט קיין דיסידענטן, נישט קיין יידן. פון דעמאָלט אָן האָבן יידן נישט באַדאַרפט מער קיין ספּעציעלן זכות.

די יידישע קאָלאָניע אין ענגלאַנד (50 טויזנט) איז געוואָרן די פּאָליטיש־אַקטיווסטע גרופּע אין גאַנצן מערב־יידנטום. יידישע טויער האָבן באַקומען אַ פרייעם צוטריט צו מלוכה־ און מוניציפּאַלע שטעלעס. יידן האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען די חשובסטע פּאָסטנס פון לאָנדאָנער לאָרד־מערן (דער ערשטער ייד אַ לאָרד־

מער איז געווען דער דערמאָנטער דוד סאַלאָמאָנס). מיט דער צייט האָבן זיי
אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיניסטער־פּאָסטנס אויך, דערהויפּט אין ליבעראַלע קאַ־
בינעטן. די 70־ער יאָרן, ווען בנימין דיזראעלי, שפּעטער גראַף ב י ק אָ נ ס ־
פ י ל ד, איז געוואָרן פּרעמיער פון אַ קאָנסערוואַטיוון קאַבינעט, האָט זיך אַ
היפּשער טייל יידישע פּאָליטישע טוער אַ קער געטון צו דער קאָנסערוואַטיווער
פּאַרטיי. די לעצטע יאָרן זיינע האָט ביקאָנספילד אויפגעטון פאַרן יידישן פאָלק.
אויפן בערלינער קאָנגרעס איז ער בייגעשטאַנען גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן אויף
דעם באַלקאַנער האַלבאינזל.

דער לעצטער אַקט עמאַנסיפּאַציע האָט אין יידישן לעבן אין ענגלאַנד קיין
ערנסטן קריזיס נישט פאַרשאַפט. ס'איז נאָר עטוואָס שטאַרקער געוואָרן דער
אַסימיליר־פּראָצעס, אָבער דאָ האָט זיך די אַסימילאַציע פאַרהאַלטן קאָנסערוואַ־
טיוו צו דער אמונה. דער הויפּט־ראַבינער נ ת ן אַ ד ל ע ר (1845—1890) האָט
געהיט די טראַדיציאָנעלע יידישקייט, דערלאָזט נאָר מעסיקע רעפאָרמעס אין דער
גאָטדינסט. ער האָט געהאַט צו זאָגן אויף אַלע לאָנדאָנער סינאַגאָגעס, וואָס האָבן
זיך פאַראייניקט אין אַ פאַרבאַנד (United Synagogues, 1870); דאָס האָט נישט
דערלאָזט קיין שפּאַלטונג צווישן אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן אין די קהלות.
דאָ איז נישט געווען קיין שטאַרקער אידעען־קאַמף, וואָרום דאָס גאָרע גייסטיקע
לעבן האָט שוואַך פּולסירטביים ענגלישן יידנטום. די אַלטע טוער, משה מאָנ־
טעפיאָרע (געשטאָרבן 1885, הונדערט יאָר אַלט), די גאָלדסמידס זענען שוין גע־
ווען באַרג אַראָפּ, נייע טוער זענען צוגעקומען קנאַפּ. די דאָזיקע קליינע טוער
האָבן באַשאַפן די „ענגליש־יידישע אַסאָציאַציע” (Anglo-jewish Association) אויפן
מוסטער פון פּאַריזער „אַליאַנס”, אָבער מיט אַ דעמאָנסטראַטיוון ע נ ג ל י ש ־
יידישן קאָליר, אַקעגן דער א ו נ י ו ו ע ר ס אַ ל ־ יידישער אידעע. די אידעע
פון אַחדות און קעגנזייטיקער הילף ביי יידן אויף דער גאָרער וועלט האָט גע־
שטעקט אינם יסוד פון דער ענגלישער אָרגאַניזאַציע אויך; דער לאָנדאָנער פאַר־
באַנד פלעגט אויסשטימען זיינע אַקציעס מיטן פּאַריזער „אַליאַנס” (אין דער
פראַגע וועגן רומעניער יידן א. ד. ג.). אָבער אָפט פלעגט דאָס קומען צו
קאָנקורענץ אויך.

אין דער ענגליש־יידישער ליטעראַטור יענע צייט איז נישט צו זעען קיין
וויכטיקע קרעפטן. דער פאַרדינסט פון עטלעכע קינסטלערישע געשטאַלטן, אויס־
געשטראַלט פון אַ פאַרטיפטן קוק אין דער יידישער געשיכטע, געהערט אַ קריסט־
לעכער פרוי. אַזוי ווי בייראָן האָט אַמאָל אויסגעגאָסן אין זיינע „יידישע מעלאָ־
דיעס” דאָס בענקשאַפט פון אַ צעוואָרפענע נאַציע, אַזוי האָט די ענגלישע ראָ־
מאַניסטין ד ז ש אָ ר ד ז ש ע ל י אָ ט פאַראייביקט דעם יידישן נאַציאָנאַלן און
משיח־טרוים אינם ראָמאַן „דניאל דעראָנדע” (1876). עליאָט האָט שטודירט יידי־
שע געשיכטע און העברעאיש (זי האָט געקענט צונץ'ס און גרעץ'ס ווערק) און
האָט דערזען פאַר זיך אַ גאַנצע וועלט געהויבענע אידעאַלן און געפילן, וואָס

זעלטן ווען זיי טרעפן זיך אין אַזוינע קאָמבינאַציעס ביי אַנדערע פעלקער. זי האָט געהאַט דעם טיפן רעספּעקט פאַר דער קדושים־געשיכטע פונם אַלטן יידנטום, פאַר זיין פיינעם אידעאַליזם אונטער דעם גראָבן שיכט וואָכעדיקייט, פאַר דעם טויזנטיאָריקן חלום אויסגעלייזט צו ווערן. דעם דאָזיקן טרוים האָט עליאָט געוויזן אין אידעעלע בילדער פון אַ יידיש מיידל, וואָס האַלט הויך איר נאַציאָנאַלע פאָן אין אַ קריסטלעכער סביבה, און פון אַ ייד אַ ענטוזיאַסט, וואָס איז באַגייסטערט פאַרן טרוים אויפצוריכטן זיין פאָלק אין זיין היסטאָרישער היים — אין פאַלעסטינע. עליאָט האָט זיך שטאַרק אָנגענומען פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע אין אַן אַרטיקל „דער היינטיקער העפּ־העפּ!", 1880. די געהויבנקייט פונם יידנטום זעט זי איין אין דעם, וואָס טויזנטער יאָרן לאַנג „האָבן זיינע בעסטע קרעפטן געזוען צו פאַרהיטן זיין נאַציאָנאַל אייגנס קעגן דער דעמאָראַליזירנדיקער אַסימילאַציע". זי איז אַנטציקט פון די „בריונים" אין יהודה און פון זייערע נאָך־דורות, וואָס „האָבן נישט נאָכגעגעבן אויף רדיפות און זיך נישט אַסימילירט". זי זאָגט: „ווען יידן זאָלן זיך געוועלט אָפּזאָגן פון זייער אָפּגעשלאָסנקייט, וואָס מ'וואַרפט זיי אויס, וואָלטן זיי נאָך געקאָנט אַריינפאַלן אין קאָסמאָפּאָליטישן אינדיפערענטיזם, וואָס דאָס איז אַזוי גוט ווי ציניזם". צי האָט עליאָט געוואוסט, אַז אין אַ גרויסן טייל מערב־יידן איז איר שרעק־נבואה שוין מקוים געוואָרן?

## § 50. עמאַנסיפּאַציע איבער נייט אין שווייץ. סקאַנדינאַוויע.

מער פאַר אַנדערע האָט די פרייע שווייץ באַוויזן עקשנות קעגן יידישער בירגערלעכער פרייהייט. אין דער דעמאָקראַטישער פעדעראַציע פון אַ פּאָר צענדליק קאַנטאָנען האָט מען יידן געליטן נישט מער ווי אין קאַנטאָן אַאַרגוי, און דאָס אויך נאָר אין צוויי שטעט: אין ענדיגען און אין לענגנוי. אַ געזעץ נאָך פונם יאָר 1809 האָט רעגולירט דאָס לעבן פון צוויי טויזנט יידן אין דעם שווייצאַרישן געטאָ, וואָס זענען דאָ געווען לעצט־רעכטלאָז. 1) אונטערן דרוק פון דער רעוואָלוציע אין אייראָפּע 1848 האָט שווייץ אויך געמוזט ענדערן איר קאָנסטיטוציע, אָבער אויך אין דער נייער קאָנסטיטוציע, מיט בירגערלעכער גלייכשטעלונג, איז געווען אַ פונקט, אַז די פעדעראַציע גאַראַנטירט וואוינרעכט אין גאַנץ שווייץ פאַר „קריסטן". די סותר'דיקע פונקטן אין דער קאָנסטיטוציע האָט מען געקאָנט טייטשן אַזוי, אַז אינווייניק אין שווייצאַרישן „תחום" האָבן יידן אַלע רעכט, מיט שווייצער גלייך, און אויסער דעם „תחום" האָבן זיי ווייניקסטנס פאַרקער־רעכט, רעכט צו פאַרברענגען אַ געוויסע צייט. אָבער ווען אַאַרגויער יידן האָבן גענומען פאָרן אויף ירידים אין די שכנותדיקע קאַנטאָנען, ציוריך

1) פריערדיקער באַנד, § 27.

און לוצערן, האָט מען זיי פון דאָרט געטריבן (1849). אַאַרגויער קאַנטאָנאַל־אַדמיניסטראַציע האָט פראָטעסטירט, אָבער אירע קלאָגן פון אַנדערע קאַנטאָנען האָב זיי מיט רעכט אָפגעענטפערט, אַז יידן אין אַ אַרגוי גופא מעגן דאָך וואוינען נישט מער ווי אין צוויי שטעט. לאַנג האָט מען זיך געאַמפערט וועגן דעם אין שווייצאַרישן בונדעסראַט, לסוף האָט מען אָנגענומען אַ באַשלוס, וואָס זאָל אויסטייטשן די קאָנסטיטוציע אַזוי, אַז שווייצאַרישע יידן מעגן קומען אומעטום פון געשעפט וועגן, אין זייער היים־קאַנטאָן האָבן זיי אַלע בירגער־רעכט (1856).

לויט דעם דאָזיקן באַשלוס האָבן אַרגויער יידן געקריגן וואַל־רעכט אין געמיינדע־ראַטן און אין קאַנטאָנאַל־ראַט, אָבער קעגן דעם האָט פראָטעסטירט די קריסטלעכע באַפעלקערונג. דער נעכטיקער קנעכט זאָל היינט ווערן אַ גלייכבאַרעכטיקטער בירגער — דאָס איז שוין געווען צו פיל פאַר אַרגויער קריסטלעכער דעמאָקראַטיע; צו שטאַרק זענען נאָך דאָרט געווען אַלטע פאָראורטיילן, און קלעריקאַלן, לוטעראַנער און קאַטוילן, האָבן צוגעגעבן היץ. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן די קאַנטאָנאַלער רעגירער געהאַלטן אין איין ישובן זיך, ווי אַזוי אויסצופירן אַזאַ „ריזיקאַלישע" רעפאָרם. לסוף האָט שוין די קאַנטאָן־רעגירונג כמעט געפועלט ביי זיך, האָט זי געשיקט קיין ענדינגען אַ קאָמיסאַר אויסצופאָרשן די לאַגע אויף אַן אָרט, אָבער די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט געמאַכט דעם קאָמיסאַר אַ שלעכטן קבלת־פנים. צו באַווייזן דער רעגירונג, ווי זי פאַרהאַלט זיך צום פראָיעקט, האָט זי געמאַכט אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע און קודם כל האָבן דערפון געליטן יידישע שויבן (אָקטאָבער 1861). ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע קעגן יידן אויף פאַרזאַמלונגען און אין דער פרעסע. דאָך האָט זיך די רעגירונג נישט איבערגעשראָקן און האָט אַריינגעטראָגן איר פראָיעקט וועגן גלייכבאַרעכטונג אין קאַנטאָנאַלן „גרויסן ראַט". דעם 15 מאַי 1862 זענען אין אַרגויער פאַרלאַמענט פאָרגעקומען היציקע דעבאַטן וועגן דער יידנפראַגע. פאַר דעם פראָיעקט האָבן זיך געשטעלט די ליבעראַלע דעפוטאַטן הערצאָג און קעלער. „שליסט אויף די אַאַרגויער געטאָ, — זאָגט הערצאָג, — לאָזט יידן פריי וואוינען, גיט זיי אַקטיוו און פאַסיוו וואַל־רעכט אין קאַנטאָן־ענינים, וועט ווערן אויס גערודער, איר וועט אַריינציען יידן אין אַלע פראָפעסיעס און איר וועט אַסימילירן זייער אַרט דענקען און טון מיט אייערן. אַ דעמאָקראַטישע מלוכה איז נישט בלויז פאַראינטערעסירט צו עמאַנסיפירן יידן: זי איז דאָס מחויב צו טון". אַנטיסעמיטישע דעפוטאַטן האָבן געשראָקן, אַז די ווייל‏ער וועלן אָפנעמען די מאַנדאַטן ביי די דעפוטאַטן, וואָס וועלן שטימען פאַר עמאַנסיפאַציע; ערויף האָט הערצאָג געענטפערט: „איך זאָג דאָ אָפן, אַז אויב איבער דעם נעמט מען ביי מיר אָפ דעם מאַנדאַט, וועל איך דאָס האַלטן מיין לעבנלאַנג פאַר אַ כבוד". קעלער האָט אָפגעענטפערט אויף אַן אַנטיסעמיטישער פעטיציע אַזוי: „אין דער פעטיציע טענה'ט מען, אַז יידן דאַווענען נישט מיט אונז צוזאַמען. יאָ, מיינע הערן, אָבער מיר דאַווענען דאָך מיט זיי. מיר זינגען דאָך אין דער קירך, אין

דער שול, אין דער היים זייערע גרויסאַרטיקע תהלים-געזאַנגען". דער ראַט האָט אויסגעהערט מיט סימפּאַטיע די רעדעס פֿון די עמאַנסיפּאַטאָרס און האָט אָגבענומען דער רעגירונגס פּראָיעקט מיט 113 שטימען קעגן 2. לויט דעם דאָזיקן באַשלוס זאָלן יידן אין די אַלטע קהלות ענדינגען און לענגנוי ווערן אָרטיקע בירגער און באַקומען גאָרע וואַל-רעכט.

דאָ האָבן זיך ערשט צעקאָכט פּאָליטישעליידנשאַפֿטן. די קעגנער פֿון עמאַנסיפּאַציע האָבן פֿאַרפֿירט די שאַרפֿסטע אַגיטאַציע, אַז די ווײלער זאָלן אָפּרופֿן דעם גרויסן ראַט, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט שטימען פֿאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג. דערויף האָבן זיי באַדאַרפֿט האָבן 6000 ווײלער-שטימען, די געשיקטע אַגיטאַטאָרס האָבן דאָס באַוויזן. דעם 27 יולי האָט די ווײלער-פֿאַרזאַמלונג אין קאַנטאָן אַאַרגוי באַשלאָסן אָפּצורופֿן די דעפּוטאַטן פֿונם גרויסן ראַט און באַשטימען נייע וואַלן. די אַנטיסעמיטן זענען אַריין אין אַזאַ התפּעלות פֿון זייער נצחון איבער דער גערעכטיקייט, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ אילומינאַציע: צעלייגט פֿייערס אויף די שפּיץ-בערג. ביי די נייע וואַלן אין גרויסן ראַט האָבן די ליבעראַלן ווידער באַקומען אַ מערהייט. אין דער ערשטער זיצונג האָט דער ראַט אָנגענומען נישט צו ענדערן דעם געזעץ פֿונם 15 מאַי און דאָס לעצטע וואָרט זאָל דאָ זאָגן אַ פֿאָלקס-רעפֿערענדום. נאָוועמבער 1862 איז פֿאָרגעקומען דער רעפֿערענדום; די עמאַנסיפּאַטאָרס האָבן געקריגן אַ מפּלה: פֿאַר אָפּשאַפֿן דעם געזעץ פֿונם 15 מאַי האָבן געשטימט 26.702 ווײלער, קעגן האָבן געשטימט 7733; יידישע עמאַנסיפּאַציע איז געוואָרן אויס (27 יוני 1863). דאָס האָט שטאַרק איפּגערעגט שווייצאַרישע און אויסלענדישע ליבעראַלע קרייזן. דער היסטאָריקער מ. קייזערלינג, ראַבינער אינם שווייצאַרישן געטאָ און פֿאַרטרעטער פֿון יידישע קהלות האָבן זיך געווענדעט צו דער העכסטער פֿאַרטרעטונג פֿון דער שווייצאַרישער פֿעדעראַציע, צום בונדעס-ראַט, מיט אַ פּעטיציע, דער בונדעסראַט זאָל רעווידירן דעם ענין אַלס אַ געלעגנהייט פֿון דער פֿעדעראַטיווער פֿאַרוואַלטונג. דער בונדעסראַט האָט איינגעזען, אַז אָפּנעמען ביי יידן בירגער-רעכט אין זייער „תחום" איז קעגן דעם פֿריערדערמאָנטן פֿעדעראַל-געזעץ פֿונם יאָר 1856. די פֿראַגע האָט מען באַהאַנדלט אין ביידע קאַמערן פֿון בונדעס-ראַט און מ'האָט באַשלאָסן (דעם 30 יולי): פֿאָדערן ביים קאַנטאָן אַארגוי, „ער זאָל מער נישט שטערן יידן געניסן זייערע פּאָליטישע רעכט אין פֿעדעראַלע און קאַנטאָנאַלע ענינים". דער קאַנטאָן אַארגוי האָט געמוזט פֿאָלגן דער פֿעדעראַציע. דעם 27 אויגוסט 1863 האָט דער קאַנטאָנאַלער גרויסער ראַט אָנגענומען אַ געזעץ, אַז אָרטיקע יידן, אַלס שווייצאַרישע בירגער, האָבן אַקטיווע און פּאַסיווע וואַלרעכט. פֿאַר גאַנץ שווייץ איז אָבער נאָך די פֿראַגע געבליבן אָפֿן. אויסער אַארגוי איז אָדער מ'האָט יידן גאָרנישט געלאָזט, אָדער מ'האָט זיי געלאָזט זייער ווייניק. די גאַרע עמאַנסיפּאַציע איז געקומען שפּעטער, און געווירקט האָבן דאָ אינטערנאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען.

שווייץ האָט פֿון שטענדיק אָן געהאַט אויסצושטיין פֿאַר איר ווילדער פֿאַר-

האַלטונג קעגן יידן. דאָס יאָר 1835 האָט פראַנקרייך אָפּגעהאַקט איר האַנדלס־
אָפּמאַך מיט באַזעלער קאַנטאָן פאַר נישט אַריינלאָזן פראַנצויזישע יידן (27).
דאָס יאָר 1850 איז פאָרגעקומען אַ קאָנפליקט ביי שליסן אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיט
אַמעריקע. די שווייצאַרישע רעגירונג האָט אָנגעוויזן אין אָפּמאַך, אַז לויט
דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע האָבן נאָר קריסטן שטענדיק וואוינרעכט אין
אַלע קאַנטאָנען. אַמעריקאַנער רעגירונג האָט נישט געוואָלט ראַטיפיצירן אַזאַ
אָפּמאַך, וואָס שטעלט איין צד אין אַן ערגערער לאַגע, איידער דעם אַנדערן,
און האָט געפאָדערט, אַז שווייץ זאָל נישט מאַכן קיין חלוק צווישן אַמעריקאַנער
בירגער לויט דער רעליגיע. מ'האָט זיך לאַנג געשפּאַרט און לסוף האָבן אַמע־
ריקאַנער פאַרטרעטער מסכּים געווען אַריינשטעלן אין אָפּמאַך סתּם אַ פּונקט, אַז
בירגער פון איין לאַנד מעגן קומען אין אַנדערן לאַנד, לויט ווי דאָס שטימט
מיט די געזעצן פון ביידע רעפּובליקן: ווען דער אָפּמאַך איז ראַטיפיצירט געוואָרן,
האָבן זיך אין אַמעריקע אָנגעהויבן פּראָטעסטן (1857), וואָרום שווייץ האָט אויס־
געניצט דעם דערמאָנטן פּונקט און נישט אַריינגעלאָזט קיין אַמעריקאַנער יידן:
ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיפּלאָמאַטישער געראַנגעל: שווייץ האָט געטענה'ט, אַז זי
איז סובערען אין אירע אינעווייניקסטע אַנגעלעגנהייטן און זי קאָן נישט אי־
בער אַמעריקאַנער יידן איבערטרעטן אַ געבאָט פון איר קאָנסטיטוציע. אַקעגן
האָט אַמעריקע געענטפערט, אַז זי פאַרמעסט זיך נישט אויף שווייצס זעלבסט־
שטענדיקייט, זי פאָדערט נאָר, אַז יידן אַמעריקאַנער בירגער זאָל מען באַ־
האַנדלען אין שווייץ נישט ערגער ווי אין דערהיים. ס'האָט זיך נאָך נישט אָפּ־
געשטאַרקט מיטן דאָזיקן שטרייט, האָט זיך דאָסזעלבע אָנגעהויבן מיט האָלאַנד.
אָנהויב 1863, ווען אין שווייץ האָט געהערשט פאַר און קעגן עמאַנסיפּאַציע, האָט
זיך די האָלענדישע רעגירונג קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט שליסן אַ האַנדלס־אָפּמאַך
מיט שווייץ, אויב שווייץ וועט נישט גאַראַנטירן האָלענדישע יידן פריי צו וואוי־
נען און האַנדלען דאָרט. די פעדעראַלע רעגירונג האָט ווידער אָראָפּגעשלונ־
גען אַ פּאַטש און איז אַלץ געבליבן ביי איר יידנפיינטלעכער כּאַרטיע. אָבער דאָ
האָט איר געטראָפן אַ נייער אומגליק: פראַנקרייך האָט זיך אָנגערופן. מיט דער
ווירקונג פונם פּאַריזער „אַליאַנס" האָט די פראַנצויזישע רעגירונג געמעלדעט
דער שווייצאַרישער, אַז זי וועט באַנייען דעם האַנדלס־אָפּמאַך נישט אַנדערש
נאָר ווען שווייץ וועט גאַראַנטירן יידן גלייכע רעכט מיט אַנדערע. צערייסן דעם
האַנדלס־אָפּמאַך מיט פראַנקרייך, דאָס האָט געהייסן פאַר שווייץ אַזוי גוט ווי
באַגראָבן איר האַנדל. די שווייצער איז געוואָרן ענג. דער בונדעס־ראַט האָט
שוין דערזען, אַז שווייצאַרישע קאָנסטיטוציע איז גאָר נישט געשריבן פאַר
אויסלענדישע יידן, וואָרום זייער לאַגע איז געווענדט אין אינטערנאַציאָנאַלע
אָפּמאַכן. אָבער דאָ האָט זיך שוין ממילא געבעטן אַ קלערן טון: פאַרוואָס זאָלן
פרעמדע יידן מעגן וואוינען און האַנדלען אין שווייץ און אייגענע נישט? די
דאָזיקע סתירה האָבן טאַקע אָנגעוויזן די עמאַנסיפּאַטאָרס אין פעדעראַלן פאַר־

פּאַמענט בעת די דעבאַטן וועגן האַנדלס־אָפּמאַך מיט פראַנקרייך (1864): דובס, פּרעזידענט פון דער שווייצאַרישער רעפּובליק, האָט זיך אויסגערופן: „ס'איז אַ שאַנדע, אָבער מ'מוז מודה זיין, אַז אין דער יידנפראַגע זענען מיר איזאָלירט, אָדער מיר זענען אין אַ קאָמפּאַניע, וואָס איז נאָך ערגער פאַר איזאָלירטקייט (אַן אָנצוהערעניש אויף רוסלאַנד). מיר זענען געהאָרן צו שאַנד און צו שפּאָט ביי דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט אין די אויגן, און מ'הערט אונז אויף צו אַכטן". דער פּאַרלאַמענט האָט געמוזט נאָכגעבן פראַנקרייך, און ממילא שוין שפּעטער די איבעריקע לענדער אויך. דעמאָלט איז שוין אַלע קלאָר געוואָרן, אַז מ'מוז ענדערן די פעדעראַלע קאָנסטיטוציע און עמאַנסיפּירן יידן, „אייגענע בירגער זאָלן נישט זיין אין קיין ערגערער לאַגע, איידער פרעמדע" (דעם שווייצאַרישן היסטאָריקערס, קורטיס, ווערטער). פון בערן האָט מען אָנגעפרעגט אַלע קאַנטאָנאַלע רעגירונגען, ס'איז געקומען צו'ן אַ רעפערענדום, און מ'האָט באַשלאָסן אָפּשאַפן אַלע באַגרענצן פאַר יידן אין וואוינרעכט (יאַנואַר 1866). דער „תחום" אין אַרגוי איז געוואָרן אויס, און יידן האָבן זיך באַזעצט אין אַלע קאַנטאָנען. אין דער נייער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע (1874) האָט מען שוין אויסגעשלאָסן אַלע אויסנאַמען פאַר נישט־קריסטן.

די גלייכבארעכטונג איז אין דער פראַקטיק נאָך נישט גילטיק געוואָרן מיט אַמאָל. די אָפּגעשטאַנענע מאַסן, פאַרגליווערט אין אַלטן יידן־האַס, האָבן זיך נאָך געראַנגלט קעגן איינפירן באמת יידישע גלייכבאַרעכטונג, דערהויפּט אין קאַנטאָן אַרגוי, אָבער די פעדעראַלע רעגירונג האָט געהייסן, און קאַנטאָנען האָבן געמוזט פאָלגן דער קאָנסטיטוציע. אַזוי זעען מיר, ווי אין דעמאָקראַטישסטן לאַנד אין אייראָפּע האָבן פאָלקס־מאַסן געקעמפט קעגן דער באַמיאונג פון אַ הייפל בעסטע מענטשן איינצופירן בירגערלעכע גלייכשטעלונג, — דער עלעמענטאַרער יסוד פון יעדער רעכטלעכער מלוכה. אַ דעמאָקראַטישער רעזשים איז נישט געווען אימשטאַנד בייצוקומען איינגעוואָרצלטע לאַנגאָניקע איינריידעניש; מ'האָט געמוזט מיט גוואַלט הויבן די פינסטערע מאַסע צו דער מדרגה פאָליטישן פאַרשטאַנד, וואָס בעסטע פאַרטרעטער פונם פאָלק האָבן פאַרמאָגט.

שטיל, אָן רעש איז פאָרקומען די עמאַנסיפּאַציע פון די קליינע יידישע קאָלאָניעס אין די ס ק אַ נ ד י נ אַ װ י ש ע דריי לענדער. אין ד אַ נ י ע איז דער איבערגאַנג צו בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג נישט געווען אַזוי שאַרף ניכּר, וואָרום דאָרט איז די יידישע לאַגע נאָך פאַרן יאָר 1848 געווען צו דערליידן. לויט אַ דעקרעט פון קעניג פרידריך VI (1814) האָט די קליינע יידישע קאָלאָניע, וואָס האָט זיך געענגט דערהויפּט אין קאָפּענהאַגן, געקריגן וואוינרעכט און באַשעפטיגונגס־רעכט בתנאי, אַז יידישע קהלות זאָלן „אויסלייטישן" זייער אינעווייניקסטע פירונג, רעפאָרמירן דעם רעליגיעזן קולט און די שול־באַציונג אין מאָדערנעם גייסט. יידן (אין אָפיציעלע אַקטן: „מאָזאַאיסטן") האָבן געזוכט אַקעגנקומען דער רעגירונג. היות ווי זיי האָבן מייסטנס געשטאַמט פון דייטשלאַנד

האָבן זיי איבערגענומען אין קאָפּענהאַגן „בערלינער" אידעען און האָבן זיך גיך דענאַציאָנאַליזירט. אָבער זיי האָבן איבערגענומען דייטשע קאַמפּמעטאָדעס פֿאַר רעכט אויך און מיט פּעטיציעס האָבן זיי אונטערגעטריבן די רעגירונג אויף ווייטערע הנחות. די גאָרע עמאַנסיפּאַציע איז פֿאָרגעקומען דאָס יאָר 1849; אין דער נייער דענישער קאָנסטיטוציע זענען יידן גלייכגעשטעלט געוואָרן אין רעכט מיט קריסטן, אַפילו אין וואַלרעכט צום פּאַרלאַמענט אויך. די קליינע דעניש־יידישע קאָלאָניע (בערך 4000 מאַן), וואָס האָט שטענדיק געהאַט אויף זיך די השפּעה פֿון דייטשלאַנד, אַזוי ווי דאַניע גופא, איז געווען אַן אויסגעגאָסענע דייטשיש־יידישע רעפֿאָרמירטע קהלה, קאָפּענהאַגן איז געווען אַ מיניאַטור פֿון בערלין; דער חלוק איז געווען, וואָס דאָ האָבן זיך נישט באַוויזן אַזוינע אָנגעזעענע יידישע וויסנשאַפֿטלער און שרייבער, ווי דאָרט. דער איינציקער אָנגעזעענער דענישער שרייבער אַ ייד געאָרג־כהן ב ר אַ נ ד ע ס (געבוירן 1842) איז באַרימט געוואָרן אַלס קריטיקער פֿון דער גאָרער וועלט־ליטעראַטור, חוץ דער יידישער. דורך און דורך אַסימילירט, האָט זיך בראַנדעס שאַרף אָפּגעצאָמט פֿון יידן, ברוגז, ווען מ׳פֿלעגט אים דערמאָנען זיין אָפּשטאַם, „שלעפּן קיין ירושלים (צו יידן) אַזאַ דענער „וואָס האָט שאַרפֿער פֿאַר אַלע אַנדערע געצויגן קיין אַטען" (צום עליניזם).

לאַנגזאַמער, מיט גרויסע מניעות, איז פֿאָרגעקומען די עמאַנסיפּאַציע אין ש וו ע ד ן און נ אָ ר וו ע ג ן. אין שוועדן האָבן יידן לויט אַן אַלטן געזעץ געמעגט וואוינען נישט מער ווי אין דריי פֿיר שטעט (שטאָקהאָלם, געטעבאָרג, נאָרקעפּינג, קאַרלסקראָנע). די איניציאַטיוו צו עמאַנסיפּאַציע שטאַמט דאָ פֿון קאַרל XIV, אַ קעניג פֿון פֿראַנצויזישן אָפּשטאַם (געוועזענער מאַרשאַל בערנאַדאָט). דאָס יאָר 1838 האָט דער קעניג אויף זיין אייגענער אחריות (נישט באַראַטן זיך מיט די שטאַנדן־פֿאַרטרעטער) אַרויסגעלאָזט אַ דעקרעט, אַז יידן זענען שוועדישע בירגער, זיי מעגן פֿריי וואוינען און אַרבעטן. אַ ספּעציעלן הסכם דאַרפֿן זיי נאָר אויף פֿאַרווערבן גיטער. די דאָזיקע טיילווייזע גלייכבאַרעכטונג האָט אַרויסגעבראַכט פּראָטעסטן מצד דער שוועדישער געזעלשאַפֿט, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט דורך און דורך מיט לוטעראַנישן אָרטאָדאָקסיזם. דעם יידנפֿיינטלעכן אונטערשלאַק פֿון די דאָזיקע פּראָטעסטן האָט מען דאָ פֿאַרשלייערט מיט אַ פֿאָרמעל־ריכטיקן מאָטיוו, אַז דער דעקרעט איז אַרויס אָן דעם הסכם פֿון די שטאַנדן־פֿאַרטרעטער. דער קעניג האָט געמוזט אַרויסלאָזן אַ צוגאָב־„דעקלאַרעציע", אָפּשאַפֿן דאָס וויכטיקסטע פֿון דער פֿריערדיקער פּריווילעגיע און אומקערן יידן צוריק צום פֿריערדיקן מצב. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע אין נאָרוועגן: דאָרט איז געווען אַ געזעץ, וואָס האָט אַפילו פֿאַרווערט יידן צו קומען אין לאַנד. קעגן דעם דאָזיקן שענדלעכן געזעץ האָט יאָרנלאַנג (1834—1842) געקעמפֿט דער נאָרוועגישער פּאָעט וו ע ר ג ע ל אַ נ ד, פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט. ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ שריפֿט פֿאַר יידישער גלייכבאַרעכטונג און האָט דער-

לאַנגט דעם סטאַרטינג אַ פּאַרשלאַג אַפּצושאַפן דעם אַנטיסעמיטישן פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע. דער רוב דעפּוטאַטן האָבן געשטימט פאַר דעם פאָרשלאַג, ס'האָט זיך אָבער נישט געפונען קיין צוויי דריטל שטימען, וואָס מ'דאַרף האָבן צו ענדערן אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, און דער פּאָעט דער קעמפער איז געשטאָרבן, נישט דערלעבט צו זען אָפּגעשאַפט אַזוינס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרשטענדלעך פאַר זיין לאַנד. ערשט נאָכן יאָר 1848 האָט מען אָנגעהויבן געבן יידן רעכט לעפּלוויז אין שוועדן און אין נאָרוועגן. דאָס יאָר 1860 האָט מען יידן אין שוועדן דערלויבט פאַרווערבן ערד אין דאָרפגעגנטן אויך. דאָס יאָר 1865 האָבן זיי באַקומען אַקטיוו וואַלרעכט צום ריקסדאַג, אָבער נישט קיין פּאַסיוו וואַלרעכט (אַזאַ אויסנאַם האָט געגאָלטן פאַר קאַטוילן אויך); דאָס יאָר 1870 דאָבן זיי געקריגן פּאַסיוו וואַלרעכט אויך. ביסלעכוויז זענען יידן גלייכ־באַרעכטיקט געוואָרן חוץ אין אייניקע פּרטים: יידן האָבן נאָך נישט געטאָרט זיין קיין דעפּוטאַטן אין דער אויבערשטער קאַמער; קינדער פון געמיש־חתונות האָט מען געמעגט דערציען נישט־לוטעריש נישט אַנדערש, סיידן ביי די עלטערן איז פריער געווען אַזאַ הסכם. ס'זענען נאָך געווען אייניקע אויסנאַמען בנוגע מלוכה־שטעלעס פאַר נישט לוטעראַנער בכלל. די קליינע שוועדיש־יידישע קאָלאָניע (ביז 3000 מאַן) האָט זיך קאָנצענטרירט דערהויפּט אין שטאָקהאָלם; אין קולטו־רעלן פּרט האָבן זיי געהאַט די השפעה פון דייטשע יידן.

## § 51. רומעניע און די נייע באַלקאַנישע מלוכות

אין צוויי האַלב־באַרבאַרישע דונאַי־פּראָווינצן וואַלאַכיע און מאָל־דאַוויע האָט ביז די 60-ער יאָרן געלעבט אַ מאַסע פון 200 טויזנט יידן צווישן אַן אומקולטורעלער פּראַוואָסלאַווער באַפעלקערונג ביי אַ רעזשים — אַ געמיש פון רוסלאַנד און טערקיי. אין די דאָזיקע פּראָווינצן, וואָס ביז מיטן דעם XIX יאָרהונדערט זענען זיי געווען פאָרמעל אונטער טערקיי'ס אויבערהערשאַפט און פּאַקטיש אונטער רוסלאַנדס השפעה, זענען יידן געווען דער מיטל־קלאַס, דער האַנדלס־עלעמענט, צווישן פּריצים באָיאַרן און פאַרקנעכטע פּויערים. זיי זענען געווען צעוואָרפן איבער שטעט (בוקאַרעסט, יאַסי, גאַלאַץ און אַנד.) און דער־פער, און אין קולטורעלן פּרט זענען זיי געשטאַנען אויף דער נידריקער מדרגה, וואָס די נידריקסטע יידישע קלאַסן אין פוילן און אין אונגאַרן (פון דאָרט שטאַ־מען די דונאַי־יידן), און וואָס די אָרטיקע סביבה. ביז אין וואַלאַכיע און אין מאָלדאַוויע האָט זיך געהאַלטן דער אַלטער רעזשים, האָבן יידן געהאַט אויסצו־שטיין נאָר רעכטלאָזיקייט; מ'האָט זיך געוואָרפן מיט זיי, ווי מיט „אויסלענדער"; ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין פאַרמעגן אָדער קיין גוט געשעפט, דעם האָט מען באַהאַנדלט ווי אַ ציגיינער. אָבער זינט אין די דאָזיקע פּראָווינצן האָט זיך

אָנגעהויבן אַ נאַציאָנאַל־פאַרפאַרבטע באַפריי־באַוועגונג (פון מיטן דעם XIX יאָר־
הונדערט) און ס׳זענען געוואָרן נייע קאָנסטיטוציאָנעלע אינסטיטוציעס אויף אַ
האַלב־באַרבאַרישן פונדאַמענט, איז דאָ געוואָרן דער באַקאַנטער רעזולטאַט, —
אַ געמיש פון ציוויליזאַציע און ווילדקייט. דער ייד איז געוואָרן דער קרבן פון
פּאָליטישע רייסענישן, צו רעכטלאָזיקייט זענען צוגעקומען פּאָגראָמען.

דאָס יאָר 1848 האָט זיך דאָס ביסל רומענישע אינטעליגענץ אָנגעשמעקט
מיט קאָנסטיטוציאָנעלע מערב־אידעען. רומענער יוגנט — פּאַריזער סטודענטן
און ליבעראַלן — האָבן געלייגט דעם יסוד פאַר אַ באַפריי־באַוועגונג; באַטייליקט
האָבן זיך דאָ אייניקע יידן אויך (דער מאַלער דניאל ראָזענטאַל און אַנד.).
אין דער פּראָגראַם פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער פּאַרטיי איז געווען אַ פּונקט
וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אויך, אָבער רוסלאַנד און טערקיי האָבן זיך דאָ
אַריינגעמישט און נישט דערלאָזט קיין קאָנסטיטוציאָנעלע רעפאָרמעס. אין דער
יידנפראַגע האָט די רעגירונג נישט דערלאַנגט ווייטער פאַר איין רעפאָרם: מ׳האָט
אויפגעהערט פאַררעכענען פאַר „ציגיינער" אַזוינע, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין
גוט געשעפט, אָדער אַ פאַרמעגן פון 5000 פּיאַסטער. (דאָס איז געווען דאָס יאָר
1851, ווען אין רוסלאַנד האָט מען ערשט פאַרעפנטלעכט דעם באַפעל וועגן יידי־
שע קאַטעגאָריעס („ראַזריאַדן") און מ׳האָט אויסגעקלערט אַ קאַטעגאָריע „נישט
יינגעזעסענע שטעטישע" — אַ מין ציגיינער). נאָך דער קרימער מלחמה, וואָס
האָט אַ סוף געמאַכט צו רוסלאַנדס פּראָטעקטאָראַט איבער די דונאַי־פּראָווינצן,
האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג — מאַכן פון וואַלאַכיע און
מאָלדאַוויע איין רומענישע מלוכה. בעת דעם קאַמף צווישן די פאַראייניקער און
די קעגנער פון דער אוניע (1857—1858) האָט יעדער צד געוואָלט אַריבערציען
צו זיך יידן און צוגעזאָגט זיי פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט. די פּראָווינצן
האָבן זיך פאַראייניקט אונטער דער הערשאַפט פונם ליבעראַלן גאָספּאָדאַר קוזאַ
(1859) און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רעפאָרמעס. צווישן די וויכטיקסטע מלוכה־
פראַגן איז געווען די פּויערים־רעפאָרם (באַפרייען פּויערים פון פּאַנ־
שטשינע) און די יידן־פראַגע. פירשט קוזאַ האָט זיך ערנסט גענומען פאַר דער
רעפאָרם באַפרייען די פּויערים, אָבער די גרופּע באָיאַרן, דעפּוטאַטן פון דער
קאַמער, האָבן נישט געלאָזט; דאָס האָט געבראַכט צו׳ן אַ פּאַרלאַמענטאַרישן קריי־
זיס. קוזאַ האָט צעלאָזט די קאַמער (1864), און האָט געזוכט די גרופּעס אין
דער געזעלשאַפט, וואָס ער זאָל זיך קאָנען אויף זיי שטיצן. ער האָט געזאָגט אַ
יידישער דעפּוטאַציע, אַז ער איז גרייט צו עמאַנסיפּירן יידן און געבן זיי וואַל־
רעכט, ער האָט אָבער נישט אויסבאַהאַלטן, אַז ער קוקט אַרויס אויף יידישער
און אַרמענישער געלט־שטיץ. יידן און אַרמענער זענען אָבער נישט געקומען צו
קיין הסכם בנוגע דער פינאַנץ־הילף פאַרן אָרעמען פירשט. אין יידישע אָרטאָ־
דאָקסאַלע קרייזן האָט מען בכלל געהאַלטן, אַז יידן דאַרפן נישט קיין פּאָליטישע
רעכט, וואָרום דאָס וועט אָראָפּפירן יידן פונם רעכטן וועג. קוזאַ האָט דעמאָלט

חרטה געקריגן און האָט אַריינגעשטעלט אין דעם פּראָיעקט קאָנסטיטוציע אַ פּונקט, אַז פּאָליטישע רעכט האָבן נאָר קריסטן. דערווייל האָבן קוזאַ׳ס אונטערהאַנדלונגען מיט יידן געגעבן דער אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי אַן אויסרייד פאַר אַ געפערלעכער אַגיטאַציע: יידן זאָלן האָבן געשטיצט דעם גאָספּאָדאַר אין דער פויערים-רעפאָרם פון עגאָאיסטישע צוועקן וועגן, זיי זאָלן האָבן פרייע אַרבעטסהענט צו עקספּלואַטירן.

ווען מ׳האָט קוזאַ׳ן אַראָפּגעוואָרפן און אויסגעקליבן אָנשטאָט אים דעם פירשט קאַרל האָהענצאָלערן (1866), האָט די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע אויפגעטון אירס. ס׳האָט געהאַלטן ביי רעווידירן די קאָנסטיטוציע; די רעגירונג האָט פאָרגעלייגט אַריינשטעלן אַ פּונקט וועגן גלייכבאַרעכטונג פאַר אַלע אמונות און צוזאַמען דערמיט האָט מען געזאָלט אין פּאַרלאַמענט באַהאַנדלען די פראַגע וועגן „באַטוראַליזירן“ יידן, ד. ה. מ׳זאָל יידן אָנערקענען פאַר רומענישע בירגער און נישט פאַר אויסלענדער, ווי דאָס איז געווען אין דער אַלטער געזעצגעבונג. קיין בוקאַרעשט איז דעמאָלט געקומען קרעמיע, פּרעזידענט פון פּאַריזער „אַליאַנס“, צו ווירקן אויף מלוכה-מענער פאַר עמאַנסיפּאַציע. אין אַ פאַרזאַמלונג פון רומענישע מיניסטאָרן און דעפּוטאַטן האָט ער געזאָגט: „דער דעקרעט צו עמאַנסיפּירן נעגערס האָט געחתמ׳עט דערזעלבער פראַנצויזישער ייד, אַ גליד פון דער דערווייליקער רעגירונג (1848), וואָס ער שטייט איצט פאַר אייך און בעט טון דאָס זעלבע פאַר רומענישע יידן, וואָס ער האָט אַזוי גערן געטון פאַר נעגערס אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס“. קרעמיע האָט געפּועלט אין די רעגירישע קרייזן, אָבער מאָלדאַווער יידנפרעסער האָבן גענומען שרייען, אַז די מיניסטאָרן „ווילן פאַרקויפן רומעניע צו יידן“. כדי אָנצושרעקן די רעגירונג האָבן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרס אָנגערייצט דעם המון אויף יידן: ס׳זענען פאָרגעקומען אַנטיסעמיטישע דעמאָנסטראַציעס, וואָס האָבן זיך ערטערווייז אויסגעלאָזט מיט פּאָגראָמען, מיט שלאָגן און רויבן יידן. איינע אַזאַ דעמאָנסטראַציע האָט מען אָרגאַניזירט אין יאַסי, דעם טאָג ווען פירשט קאַרל איז אַהין געקומען. אין בוקאַרעשט האָט זיך די באַנדע אַריינגעריסן אין דער גרויסער שול, צעריסן די ספר-תורה׳ס, צעבראָכן אַלץ, וואָס דאָרט איז געווען. די באַנדע איז אַפילו אַריין אין פּאַרלאַמענט אויך, געשראָקן אַלע פריינט פון עמאַנסיפּאַציע. דערמיט האָט מען דערלאַנגט דעם צוועק: די רעגירונג האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר דער „פאָלקס-באַוועגונג“ און האָט אָנשטאָט דעם פריערדיקן ליבעראַלן פּונקט אַריינגעשטעלט אינם פּראָיעקט אַ נייעם פּונקט, אַז נאַטוראַליזירן זיך מעגן נאָר אויסלענדער-קריסטן, נישט קיין יידן. אַזוי זענען די כלומרשטע „אויסלענדער“, געבוירענע אין לאַנד, אַוועקגעשטעלט געוואָרן נידריקער פון די, וואָס זענען באמת דאָ געווען פרעמדע אָנגעקומענע. צוליבן שקר פון דער „נאַטוראַליזאַציע“ איז פאַרלוירן געגאַנגען יעדע האָפנונג אויף עמאַנסיפּאַציע. פירשט קאַרל, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרזיכערט קרעמיע׳ן, אַז ער איז גרייט צו קעמפן קעגן רומענישן

„שענדלעכן" אַנטיסעמיטיזם און שטיצן די עמאַנסיפּאַציע, האָט איצט אין נייעם
„פאָטערלאַנד" איינגעזען, אַז ס'לוינט אים בעסער פאַרהיטן זיין קרוין און זיין גע-
האַלט איידער יידישע גלייכבאַרעכטיגונג. קרעמיע, וואָס האָט צוגעזען דעם אַנ-
טיסעמיטישן ווילדן טאַנץ, האָט דעמאָלט געשריבן אין דער פּאַריזער פּרעסע:
„איך מוז זאָגן, אַז די ליבעראַלע פּאַרטיי אין רומעניע, וואָס פּוצט זיך מיט
פּראָגרעס, וואָס דערקלערט איר סימפּאַטיע פאַר דער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1848, פירט
אין רעליגיעזע, אין סאָציאַלע פראַגן אַ פּאָליטיק פונם XV און XVI יאָר-הונדערט".

קרעמיע האָט קיין טעות נישט געהאַט: רומענער פּאָליטיקער האָבן אינ-
גיכן געוויזן, ווער זיי זענען. אָנהויב 1867 איז פּרעמיער-מיניסטער געוואָרן דער
פירער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי איוואַן בראַטיאַנאָ, אַ מערדערישע נאַטור
פון אַ שאָוויניסט — אַ יידן-פרעסער אונטער אַ ליבעראַלן שלייער. דאָס איז גע-
ווען פון די ערגסטע עקזעמפּלאַרן פון די מאָלדאַוואַנער המן'ס. די אַלטע געזעצן
האָט ער אויסגענוצט אויף צו טרייבן יידן פון דערפער; די, וואָס האָבן זיך
איבערגעצויגן אין די שטעט, האָט ער געטריבן פון לאַנד, אַלס „ציגיינער" אָדער
אויסלענדער לויט אַ שטאָק אַלטן געזעץ. בראַטיאַנאָ'ס אַגענטן פלעגן באַגיין די
ווילדסטע רציחות; איינמאָל האָבן זיי געטריבן פון גאַלאַץ אַ גרופּע רומענער
יידן, כלומרשט אויסלענדער, דורכן דונאַי צום טערקישן ברעג; די טערקישע
וואַך האָט די געטריבענע נישט אַריינגעלאָזט, האָט זיי די רומענישע פּאָליציי
דערטרונקען אין דונאַי (יולי 1867). די ידיעה פון דער דאָזיקער רציחה האָט
אויפגעבראַכט גאַנץ אייראָפּע. פּאַריזער „אַליאַנס" האָט געמאַכט אַ שטאַרקע אַגי-
טאַציע, די רעגירונג זאָל אינטערווענירן אין דער פאַרברעכערישער מלוכה. אין
ענגלישן פּאַרלאַמענט האָט מען וועגן דער אָנגעלעגנהייט אָנגעפרעגט דעם אויס-
סערן-מיניסטער. דיפּלאָמאַטישע אַגענטן אין בוקאַרעשט האָבן פּראָטעסטירט פאַר
דעם פירשט קאַרל. דער איינציקער רעזולטאַט דערפון איז געווען, וואָס
בראַטיאַנאָ האָט געמוזט דימיסיאָנירן (1868). אַנדערע אויף זיין אָרט, פון דער
קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, האָבן אַ שטיקל צייט איינגעהאַלטן די באַנדעס, אָבער
זיי האָבן אויך נישט אויפגעהערט צו שטיקן יידן „גאַנץ-געזעצלעך". די יאָרן
1871—1872, אין דעם קאָנסערוואַטיוון קאַטאַרדזשי'ס צייטן, האָבן זיך ווייטער
אָנגעהויבן פּאָגראָמען: אין איזמאַאיל, קאַגול, באַקאַאו און אין אַנדערע שטעט.
אין איזמאַאיל (שפּעטער אַריבער צו רוסלאַנד) האָט מען אויסגעקלערט, אַז יידן
האָבן געשענדעט קריסטלעכע הייליקייטן אין קירך, ס'איז פאָרגעקומען אַ שרעק-
לעכער פּאָגראָם, מ'האָט נישט געשוינט קיין פרויען און קיין קינדער; יידיש
געגזלט גוטס האָט מען נאָכדעם אָפן פאַרקויפט אין די גאַסן. ביי אַלע פּאָג-
ראָמען האָט די פּאָליציי געשוויגן, און דאָס געשיקטע מיליטער איז עפּעס שטענ-
דיק געווען נישט גענוג איינצושטילן דעם פּאָגראָם. פּאַריזער „אַליאַנס" האָט
ווידער פאָרגענומען אַן אַקציע פאַר די גערודפטע. אין ברוסעל איז פאָרגעקומען
אַ קאָנפערענץ פון אַליאַנס-טוער אונטער קרעמיע'ס פאָרזיץ און מען האָט באַשלאָסן

אַרבעטן דורך דער אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע. באַלד דערויף האָבן אויסלענדישע קאָנסולן דערלאַנגט פּראָטעסטן דער רומענישער רעגירונג. אַמעריקע האָט געשראָקן, אַז זי וועט פֿאָדערן ביים טערקישן סולטאַן, ער זאָל אויסנוצן זיין אויבערהערשאַפֿט צו פֿאַרהיטן די בירגערלעכע זיכערקייט אין רומעניע. דאָס האָט געווירקט, און פּאָגראָמען האָבן אויפֿגעהערט ביז דער רוסישער-טערקישער קריג (1877).

אין דער דאָזיקער מלחמה האָט רומעניע אויסגעפֿירט זעלבסטשטענדיקייט מיט רוסלאַנדס הילף. מ'האָט געקאָנט לייכט פֿאָראויסזען, אַז די זעלבשטענדיקע רומעניע וועט זיך איצט אָפּרעכענען מיט אירע יידן פֿרייער, איידער פֿריער, בעת ס'איז נאָך געווען אַ שאָטן פֿון טערקישן סובערעניטעט. „אַליאַנס" האָט געוואָלט פֿאַרהיטן די דאָזיקע געפֿאַר. צום בערלינער קאָנגרעס (1878), וואָס האָט געהאַט צו זאָגן וועגן די נייע באַלקאַן-מלוכות, האָט מען געשיקט אַ דעפּוטאַציע (נעטער, ווענעציאַני און כהן) און זי האָט דערלאַנגט די פֿאַרטרעטער פֿון די גרויסע מלוכות אַ מעמאָראַנדום וועגן דער יידישער לאַגע אין די באַלקאַן-לענדער, דערהויפּט אין רומעניע. „אין רומעניע,—שטייט אין מעמאָראַנדום,— איז די לאַגע פֿון דער גרויסע„ יידישער מאַסע שרעקלעך. שוין צען יאָר, אַז יידן שטייען דאָרט-אויס די ערגסטע רדיפֿות. יאָר איין יאָר אויס דערלאַנגען צו אייראָפּע ווייגעשרייען פֿון פּאָגראָמען, רציחות, מאַסן-גרושים. צו די דאָזיקע רציחות דאַרף מען נאָך צורעכענען געזעצן, וואָס שליסן אויס יידן פֿון מלוכה-און געזעלשאַפֿטלעכע שטעלעס, פֿון פֿרייע פּראָפֿעסיעס, פֿון אַ סך צווייגן האַנדל און אינדוסטריע". די דעלעגאַציע בעט דעם קאָנגרעס באַשטיין, אַז אין דער קאָנסטיטוציע אין רומעניע און אין אַנדערע באַלקאַן-מלוכות זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אַ פּונקט וועגן יידישער גלייכבאַרעכטונג. דער בערלינער קאָנגרעס, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אייראָפּעאישע פּרעמיערן און פֿון געזאַנדטע, — ביקאָנספֿילד, ביסמאַרק, וואַדינגטאָן און גאָרטשאַקאָוו,—האָט זיך פֿאַרהאַלטן מיט סימפּאַטיע צו דער יידישער השתדלות. דער פֿראַנצויזישער אויסערן-מיניסטער וואַדינגטאָן האט פֿאָרגעלייגט, אַז דער קאָנגרעס זאָל אָנערקענען רומעניעס זעלבשטענדיקייט נישט אַנדערש, נאָר בתנאי, אַז אַלע רומענישע אונטערטאַנען זענען גלייכבאַרעכטיקט אָן קיין אויסנאַם. ביסמאַרק און די פֿאַרטרעטער פֿון עסטרייך און איטאַליע האָבן צוגעשטימט. ביקאָנספֿילד האָט געמעלדעט פֿון דער ענגלישער רעגירונג, אַז ער קאָן זיך גאָרנישט פֿאָרשטעלן, מ'זאָל אָנערקענען רומעניע אָן דעם תנאי וועגן גלייכבאַרעכטונג. קאַנצלער גאָרטשאַקאָוו, דער רוסישער פֿאַרטרעטער האָט געמוזט נאָכזאָגן (רוסלאַנד האָט אַגב געקריגן פֿונם קאָנגרעס פֿאַר זיך בעסאַראַביע און געוויינטלעך שטילערהייט געלאָזט זיך די „פּריווילעגיע" פֿון יידישער רעכטלאָזיקייט). אַזוי האָט מען אָנגענומען דעם פּונקט 44 פֿונם בערלינער טראַקטאַט: „דער אונטערשיד אין רעליגיע קאָן אין רומעניע נישט דינען פֿאַר קיין מאָטיוו נישט צו דערלאָזן געניסן בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט".

רומענישע רעגירער זענען געוואָרן אויסער זיך, דערזען, אַז זעלבשטענדיקייט ווערט זיי געגעבן מיט אַ תּנאַי: די פֿאַרהאַסטע יידישע גלייכבארעכטונג! רומענער דיפּלאָמאַטן האָבן אָנגעהויבן לויפן איבער אייראָפּעישע הו׳ מיט אַ געבעט, מ׳זאָל נישט נויטן רומעניע „נאַטוראַליזירן" מיט אַמאָל אַ פֿערטל מיליאָן יידן, „אויסלענדער" לויטן געזעץ. די גרויסע מלוכות האָבן צוגעשטימט אַז יידן זאָלן נאַטוראַליזירט ווערן גרופּעסווייז. אָבער דער רומענישער פּאַרלאַמענט האָט באַשלאָסן נאַטוראַליזירן יעדן איינציקווייז, לויט דעם פּאַרלאַמענטס איינזען. רומעניע האָט געמוזט נאָכגעבן אין איין פּרט: נאַטוראַליזירן בערך 800 יידן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער רוסיש-טערקישער קריג (1879), און דערביי איז דאָס געבליבן. די ווייטערדיקע נאַטוראַליזאַציע האָט מען איבערגעגעבן אַ ספּעציעלער פּאַרלאַמענט-קאָמיסיע, און זי האָט שוין פֿאַרשטאַנען צו נאַטוראַליזירן צו עטלעכע יידן אַ יאָר; ד. ה. זי האָט צו נישט געמאַכט די התחיבות, וואָס רומעניע האָט אויף זיך גענומען אויפֿן בערלינער קאָנגרעס. ענגלאַנד און פֿראַנקרייך איז נמאס געוואָרן צו דערמאָנען אין דעם תּנאַי. דייטשלאַנד איז יענע יאָרן אַליין קראַנק געוואָרן אויף אַנטיסעמיטיזם; רוסלאַנד, וואָס האָט געהאַלטן יידישע רעכטלאָזיקייט פֿאַר אַ געבאָט, האָט נאַטירלעך נישט געקאָנט מאָנען גלייכבארעכטונג ביי רומעניע. אַזוי האָבן אומפֿאַרשעמטע רומענישע פּאָליטיקער אָפּגענאַרט אייראָפּע און געבראָכן איינעם פֿון די תּנאים, וואָס אויף זיי האָט רומעניע געקריגן זעלבשטענדיקייט. אַ פֿערטל מיליאָן יידן האָט מען געלאָזט שמאַכטן אין אַ מצב פֿון שענדלעכסטער קנעכטשאַפֿט מיט דעם אויסרייד, אַז דאָס זענען „אויסלענדער", קאָנען זיי נישט ווערן קיין רומענישע בירגער, בעת זייערע פֿאָטערס און זיידעס האָבן שוין געלעבט אין רומעניע און זייערע זין האָבן געדינט אין דער אַרמיי. מיר וועלן נאָך זען, ווי צענדליקער יאָרנלאַנג וועט מען טרעטן מיט די פֿיס מלוכה-און אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, און די נאָנסטע תּקופֿה וועט רומעניע און רוסלאַנד זיין דער צווילינג, וואָס אויף צו להכעיס דער גאָרער וועלט מיט איר עמאַנסיפּאַציע וועט מען זיך דאָ האַלטן ביי דעם געבאָט: רעכטלאָזיקייט פֿאַר יידן.

בערלינער קאָנגרעס האָט באַוויזן צו גאַראַנטירן בירגערלעכע גלייכבארעכטונג נאָר אין צוויי באַלקאַן-מלוכות, אין סערביע און אין בולגאַריע, וואָס זענען פֿריי געוואָרן פֿונם טערקישן יאָך. אין סערביע איז די לאַגע פֿון דער קליינער יידישער קאָלאָניע (בערך 5 טויזנט נפֿשות) געווען פֿאַרשידן משך דעם XIX יאָרהונדערט; ס׳איז געווען געווענדט אין די רעגירער פֿון די דינאַסטיעס אבּרענאָוויטשעס און קאַראַגעאָרגיעוויטשעס. פֿונם מיטן דעם יאָרהונדערט, זינט ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ סערבישער האַנדלס-קלאַס, האָט מען אָנגעהויבן באַגרענעצן יידן אין וואוינונג- און האַנדלס-רעכט. די דאָזיקע יידנפֿיינטלעכע פּאָליטיק איז געווען אַקעגן דעם באַשלוס פֿון פּאַריזער קאָנגרעס (1856.

נאָך דער קרימער קריג), וואָס האָט פאַרפליכט סערביע צו געבן בירגערלעכע רעכט אַלע אירע בירגער גלייך. פאַריזער אַליאַנס האָט אויף דעם סמך געפרובט ווירקן אויף דער סערבישער רעגירונג, דורך טערקיי און דורך אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע, מ'זאָל גלייכבאַרעכטיקן יידן (1867—1869), ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן. ערשט נאָך דער קריג דאָס יאָר 1877 האָט אַליאַנס אויסגעפירט, דער בערלינער קאָנגרעס זאָל שטעלן סערביע „רעליגיעזע פרייהייט" (ד. ה. בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג) אַלס איינעם פון די תנאים פאַר זעלבשטענדיקייט. קעגן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג האָט גערעדט נאָר איין פירשט גאָרטשאַקאָוו, דער רוסישער קאַנצלער; ער האָט דאָס אויסגעבראַכט (יוני 1878) די באַקאַנטע פראַזע, אַז מ'קאָן נישט גלייכן מזרח-יידן צו מערב-יידן (§ 44). דערפאַר האָט ער געמוזט אָראָפּשלינגען וואַדינגטאָנס אָנצוהערעניש, אַז „אויב סערביע וויל ווערן אַן אייראָפּעאישע מלוכה, מוז זי אויך איינפירן ביי זיך די פרינציפּן, וואָס אויף זיי איז געבויט די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע אין אַלע אייראָפּעאישע מלוכות". סערביע האָט געפאָלגט און האָט אינגיכן אַריינגעשטעלט אין איר קאָנסטיטוציע אַ פונקט, אַז אַלע בירגער זענען גלייכבאַרעכטיקט, און האָט אָפּגעשאַפט אַלע אויסנאַמפונקטן פאַר יידן. דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען מיט בולגאַריע אויך. בעת דער רוסיש-טערקישער קריג האָט מען דאָ אין אייניקע ערטער (סיסטאָוואָ, ווידין, קאַזאַנליק) געשלאָגן און גערויבט יידן: בולגאַרן האָבן זיי חושד געווען, אַז זיי האַלטן מיט טערקיי. אָבער אינגיכן האָט מען זיך אין דער פרייער בולגאַריע איבערצייגט, אַז יידן זענען שטאַרק איבערגעגעבן דעם נייעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים; זענען טאַקע צען טויזנט בולגאַרישע יידן פאַקטיש געוואָרן גלייכבאַרעכטיקט, ווי דער בערלינער קאָנגרעס האָט דאָס געפאָדערט (1879). אין די יידישע קהלות אין סערביע און אין בולגאַריע איז ספרדים,—נאָכדורות פון שפּאַנישער גולים, — געווען מער, איידער אַשכנזים; עספּאַניאָליש (לאַדינאָ—שפּאַניש-יידיש) איז דאָ געווען די אומגאַנגשפּראַך, אַזוי ווי ביי אַלע ספרדים אין אייראָפּעאישער טערקיי.

נאָך אין אַ באַלקאַן-מלוכה, אין ג ר י כ נ ל אַ נ ד, וואָס איז נאָך פריער באַפרייט געוואָרן, איז די יידישע לאַגע תחילת געווען נישט פון די בעסטע. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג דאָס יאָר 1821 האָט, כידוע, געבראַכט יידן אַ בלוטיקן פּאָגראָם (§ 31). די לעבנגעבליבענע יידן זענען אַנטלאָפן אויפן אינזל קאָרפו. פונם איינגעוואָרצלטן יידנהאַס און פון שנאה צו קאָנקורענטן האָט מען יידן נישט אַריינגעלאָזט קיין אַטען און אין די גרויסע שטעט. דאָס דריטע פערטל פונם XIX יאָרהונדערט האָט די יידישע באַפעלקערונג אין גריכנלאַנד אָנגעהויבן וואַקסן און ביסלעכווייז האָט מען זיך מיט זיי אָנגעהויבן צו באַגיין ווי מיט בירגער.

## § 52. צוויי מדרגות ציוויליזאַציע: טערקיי און אַמעריקע.

די מזרח־פראַגע, וואָס איז יענע צייט געווען דער צענטר פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס האָט געבראַכט צו צוויי מלחמות, — צו דער קרימער (1854—1855) און צו דער באַלקאַנער (1877—1878), — האָט געבראַכט אויך צו זייער וויכטיקער רעזולטאַטן אין דער יידישער לאַגע אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע[1]. טערקיי איז פּאַקטיש אונטערגעפאַלן אונטער דער אַפּוטרופּסות פון אייראָפּעאישע מלוכות, זי האָט געמוזט גאַראַנטירן די רעכט פון אירע קריסטלעכע אונטערטאַנען, אגב האָט זי דאָס שוין געטון פאַר יידן אויך, ווי ווייט דאָס איז בכלל מעגלעך געווען אין אַ מוסולמענישער דעספּאָטישער מלוכה. ווי באַלד ס'איז געבראָכן געוואָרן די טראַדיציע, אַז פרעמדגלויביקע זענען נישט גלייך צו אייגענע, און די טערקישע רעגירונג האָט געמוזט פאַרברייטערן די געמיינדע־אויטאָנאָמיע פון אירע גריכישע, אַרמענישע און סלאַווישע אונטערטאַנען, איז פאַרוואָס זאָלן נישט געניסן דערפון יידן אויך, וואָס זענען געווען אַ סך פּאַטריאָטישער איידער יענע. יידישע פּאָליטישע טוער אין אייראָפּע האָבן אַרויסגעוויזן אַ פיינעם חוש, ווען זיי האָבן פאַר די מזרח־לענדער נישט אָפּגעטיילט די יידנפראַגע פון דער קריסטנפראַגע, ד. ה. ווען זיי האָבן געהאַלטן די יידנפראַגע פאַר אַ פּרט פון דער פראַגע וועגן דער נישט־מוסולמענישער באַפעלקערונג בכלל. אַלבערט כהן, אַ פאַרטרעטער אין טערקיי פון פאַריזער באַנקהויז רויטשילד, האָט אַזוי פאָרמולירט פאַרן סולטאַן און פאַרן וויזיר דעם ענטפער אויף דער יידנפראַגע אין טערקיי: „אַלע רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס מ'האָט געגעבן און מ'וועט נאָך געבן קריסטן, דאַרפן ממילא געגעבן ווערן יידן אויך" (1854). סולטאַן אַבדול־מעדזשיד האָט אין אַן אוידיענץ אויסגעהערט אַלבערט כהן'ען און האָט צוגעשטימט. נאָך דער קרימער קריג האָט אַבדול מעדזשיד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל (1856), באַשטעטיקט זיין אַ פריערדיקן מאַניפעסט וועגן גאַראַנטיעס פאַר נישט־מוסולמענער (געזעץ פונם יאָר 1839, § 31) און געהייסן דער רעגירונג זען פאַרווירקלעכן די רעכט, וואָס ס'קומען „קריסטלעכע געמיינדעס און אַנדערע נישט־מוסולמענישע אמונות". דער הויפּט־רב אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געקריגן די זעלבע רעכט צו פאַרטרעטן יידן ביי דער רעגירונג, וואָס דער

1) יענע צייט איז אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע געווען ביז 200.000 יידן; אַ העלפט דערפון האָט געוואוינט אין דער אייראָפּעאישער טערקיי. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט זיך גערעכנט ביז 40.000 יידן (30.000 ספרדים און 10.000 אשכנזים), דאָס אייגענע אין סאַלאָניק, אין ספרדישן צענטר. קלענערע קהלות זענען געווען אין אַדריאַנאָפּאָל, סמירנע, באַגדאַד. אין פּאַלעסטינע איז דעמאָלט געווען זייער ווייניק יידן: אין ירושלים האָט זיך דאָס יאָר 1875 גערעכנט 13000 יידן (6 טויזנט ספרדים און 7 טויזנט אשכנזים).

גריכישער פּאַטריאַרך האָט געהאַט. יידישע קהלות האָבן געקריגן רעכט, אַזוי ווי די גריכישע און אַרמענישע, צו האָבן זייערע אויסגעקליבענע פאַרטרעטער ביי אַלע מוניציפּאַלע און אַדמיניסטראַטיווע ראַטן אין די ווילייעטן. די אַלע זכיות האָט מען פאָרמעל געהאַלטן פאַר גילטיק פאַרן סולטאַן אַבדול־אַזיז אויך (1861—1876); אין דער כּלומר׳שטער טערקישער קאָנסטיטוציע, וואָס אַבדול־האַמיד האָט געשענקט דאָס יאָר 1876, איז די גלייכשטעלונג ווידער באַשטעטיקט געוואָרן. פאַקטיש איז אַזאַ גלייכשטעלונג פאַר דעם געזעץ אין טערקיי געווען גאָר נישט דאָס, וואָס בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג אין אַן אייראָפּעאיש לאַנד: דאָרט אין אייראָפּע האָט דאָס געהייסן בירגערלעכע און פּאָליטישע פרייהייט; דאָ אין טערקיי איז דאָס נישט געווען.

קריסטן אין טערקיי, דערהויפּט די אַלטע יידנפרעסער די גריכן, זענען געווען שטאַרק אומצופרידן מיט יידישער, ד. ה. מיט זייער קאָנקורענטס גלייכשטעלונג. צו קעמפן קעגן יידן האָט מען אויפגעפרישט די אַלטע בלוטיקע לעגענדע, דעם עלילת־דם, וואָס איז אונז שוין באַקאַנט פונ׳ם שענדלעכן דמשקער פּראָצעס (1840). דער בלוטיקער שאָטן האָט נאָך געשוועבט איבערן מזרח, און קיינע סולטאַנס באַפעלן האָבן נישט געהאָלפן. יאָר איין יאָר אויס פלעגט ווערן אַ „ריטועלע" מהומה, אַמאָל אין סמירנע, אַמאָל אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און אין אַנדערע שטעט מיט אַ גרויסער גריכישער באַפעלקערונג. אָנהויבן פלעגט זיך דאָס, ווי נאָר ס׳פלעגט פאַרפאַלן ווערן אַ קריסטלעך קינד און ס׳פלעגט זיך אויסלאָזן, ווען דאָס קינד האָט זיך ווידער אָפּגעזוכט, און אַגיטאַטאָרס האָבן פאַרשפּילט אַ געלעגנהייט צו רויבן יידישע הייזער אָדער וויניקסטנס צו פּייניקן יידן מיט אַ פּראָצעס. נישט תמיד איז דאָס אָבער אַזוי גלאַט אָפּגעגאַנגען. אין סמירנע, אינם נעסט פון דער בלוטיקער לעגענדע, האָבן עטלעכע אויסוואורפן גריכן געפּרובט אינסצענירן אַן עלילת־דם (1872). זיי האָבן אָפּגעזוכט אַ דערטרונקען גריכיש ייִנגל, וואָס דערים האָט דאָס אַרויסגעוואָרפן, צעשטאָכן דעם שאַרבן און געבראַכט די מציאה צו דעם יינגלס עלטערן: זעט, וואָס יידן האָבן געטון פאַר זייערע ריטועלע צוועקן! דאָס איז געווען אַן אויסרייד פאַר די אָרטיקע גריכן, מ׳זאָל גיין מיט מעסערס אויפן יידישן קוואַרטאַל. די פּאָליציי האָט דאָס נישט דערלאָזט, האָבן זיי וויניקסטנס אונטערגעצינדן יידישע הייזער. די פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך צעגאָסן איבער די גריכישע אינזלען אויך (כיאָס און אַנד.), אייראָפּעאישע קאָנסולן האָבן זיך אַריינגעמישט און מ׳האָט אָפּגעהאַלטן די אָנפאַלן אויף יידן; מ׳האָט געפונען די אמת׳ע פאַרברעכער און מ׳האָט זיי פאַרמשפּט אויף „קאַטאָרגע". פאַריזער אַליאַנס האָט געפועלט ביים גריכישן פּאַטריאַרך יאָאַקים II, ער זאָל זיך ווענדן צו זיינע פּראַוואָסלאַוונע קריסטן, דערמאָנען זיי, אַז זיי דאַרפן לעבן בשלום מיט שכנים יידן און זיך נישט לאָזן אויפרייצן פון יעדער פאַלשער ידיעה. דאָס איז געשען מערץ 1874, און אין דריי חדשים אַרום האָט זיך די אייגענע מעשה איבערגעחזרט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל גופא. ביים ברעג באָספאָר, נישט ווייט פון יידישע הייזער, האָט מען געפונען אַ טויט אַכט־יאָריק גריכיש ייִנגל. די אַנטיסעמיטישע

גריכישע צייטונג Typos האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט אָנצורייצן דעם המון אויף יידן. אַ מעדיציניש̈ע רעוויזיע האָט פעסטגעשטעלט דעם שווינדל פון דער צייטונגס בלבולים, אָבער די זאַך איז שוין געווען אָפּגעטון: באַנדעס גריכן האָבן זיך צעלאָזט איבער פּערא און גאַלאַט, געשלאָגן און גערויבט יידן. פּאָליציי האָט אָפּגעהאַלטן די ווילדע באַנדעס און האָט געמעלדעט, אַז פאַר דער מינדסטער עולה, וואָס וועט באַגאַנגען ווערן קעגן יידן, וועלן די שולדיקע שווער געשטראָפט ווערן. דער גריכישער רעדאַקטאָר, דער אויפטוער פונם גאַנצן בלבול, האָט געהאַט אויף זיך אַ פּראָצעס און געקריגן טורמע. אָבער נישט אַזוי גרינג איז דאָס אָנגעקומען אויסצופועלן סיי דעם הויפּט־רב, סיי דעם פּאַריזער אַליאַנס.

אין טערקיי איז קיין פּאָליטישע פרייהייט נישט געווען, דערפאַר האָבן נישט־מוסולמענער בכלל, און יידן בפרט, גענאָסן פרייהייט פון זעלבסטפירונגען אין די אייגענע געמיינדעס. די ברייטע קהלה־אויטאָנאָמיע, וואָס טערקישע יידן האָבן שוין פון לאַנג געהאַט, האָט זיך יענע צייט פעסט איינגעאָרדנט, ס׳איז געוואָרן אַ ריכטיקע קהלה־סיסטעם. לויטן סטאַטוט, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דאָס יאָר 1864, איז דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער הויפּט־רב (חכם־באַשי) — דער הויפּט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין טערקיי און איר אָפיציעלער פאַרטרעטער ביי דער רעגירונג. ער פירט די קהלות מיט דער הילף פון צוויי ביראָטן: אַ וועלטלעכן פאַר מאַטעריעלע אינטערעסן (שטייערן וכדומה), און אַ רבנישן פאַר רעליגיעזע ענינים. דעם חכם־באַשי און פאַרטרעטער אין די ביראָטן קלייבט אויס אַ „פאָלקספאַרזאַמלונג" פון די פני אין דער רעזידענץ און אין די גרעסערע פּראָווינציעלע קהלות. אין אַ קלענערן פאַרנעם איז דאָס געווען אַ מוסטער פאַר גרויסע פּראָווינציעלע קהלות (סאַלאָניק, סמירנע, אַדריאַנאָפּאָל, ירושלים, אלכסנדריה). וואָלטן יידן אין טערקיי געשטאַנען אויף אַ העכערער קולטור־מדרגה, איז וואָלטן זיי ביי אַזאַ אויטאָנאָמיע באַשאַפן אַ שטאַרקן נאַציאָנאַל־יידישן צענטער. אָבער די שטאַרקע סאָציאַלע און קולטורעלע אָפּגעשטאַנענקייט פון טערקישע יידן האָט געבראַכט דערצו, אַז די אויטאָנאָמיע זאָל פעסטהאַלטן דעם קאָנסערוואַטיזם, נישט זי זאָל הויבן יידן. דער „וועלטלעכער ביראָט" האָט נישט איינמאָל געפּרובט אָפּפרישן די יידישע שול און אַנדערע קהלשע אינסטיטוציעס, אָבער די אויבערהאַנט האָט געהאַט די קלעריקאַלע פּאַרטיי און זי האָט נישט געלאָזט. ס׳איז געווען אַ פאַל ווען אַ ייד אַ פילאַנטראָפּ אברהם קאַמאָנדאָ האָט געעפנט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ שול, וואו חוץ יידישקייט האָט מען נאָך געלערנט דקדוק, פראַנצויזיש און טערקיש; האָבן רבנים געשראָקן מיט אַ חרם און האָבן געצווינגען עלטערן אָפּנעמען זייערע קינדער פון דער „אַפּיקורסישער" שול. אַקריש, אַ רב — אַ פאַנאַטיקער, האָט זיך אָבער דערמיט אַליין נישט צופרידנגעשטעלט, ער איז אַריין צו קאַמאָנדאָ׳ן אין הויז און אים אַרייַנגעלייגט אין חרם (1852). אויפן חכם־באַשי׳ס באַפעל האָט מען אַקריש׳ן אַרעסטירט, אָבער דער המון האָט אים געהאַלטן פאַר אַ קדוש און האָט אויסגעפועלט

ביים סולטאַן, מ׳זאָל דעם „אַ משולדיקן קרבן״ פריילאָזן, אַזוינס פלעג פאָרקומען אין אַנדערע קהלות אויך, דערהויפט זינט פאַריזער אַליאַנס האָט אָנגעהויבן מאַכן מאָדערנע שולן פאַר יידישע קינדער אין טערקיי. אָרטאָדאָקסן האָבן געפייערט אויף די דאָזיקע שולן נישט בלויז דערפאַר, וואָס דאָרט האָט מען געלערנט אויף פראַנצויזיש, נאָר דערהויפט דערפאַר, וואָס דאָרט האָט מען געלערנט אַפיקורסישע „חכמות חצוניות״.

מער ווי אומעטום האָט די אָרטאָדאָקסיע געווילדעוועט אין ירושלים און אין די דריי פרומע שטעט צפת, טבריה און חברון. דער רוב יידן אין יענע שטעט זענען געווען פרושים און אַסקעטן, יידן, וואָס קומען פון דער גאָרער וועלט שטאַרבן אין הייליקן לאַנד. דאָ האָבן זיי געלעבט פון דער „חלוקה״, יעדער כולל פאַר זיך, און האָבן פאַרבראַכט טעג און יאָרן אין דאַווענען און אין לערנען. ממילא האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר די ממונים אויף יידישקייט אין ארץ־ישראל. אַלע שולן, וואָס אַליאַנס און די רויטשילדס האָבן געעפנט אין יענע שטעט, זענען געווען אונטער אַ חרם. אין די שולן פלעגן שיקן די קינדער בלויז אַ קלייגער טייל אָרטיקע ספרדים, וואָס זענען נישט געווען אַזוי פאַנאַטיש ווי די אָנגעקומענע אשכנזים.

די זעלבע צייט האָט אין אַן אַנדער עק וועלט געבראַוזשעט און געקאָכט אין יידישן לעבן. אין די פאַרייניקטע שטאַטן אין צפון־אַמעריקע האָט דער יידישער צענטער געהאַלטן אין איין וואַקסן. סוף די 70־ער יאָרן איז שוין דאָרט געווען 300.000 יידן (דערפון 80 טויזנט אין איין ניו־יאָרק). די יאָרן, ווען אין אייראָפּע האָבן יידן געקעמפט אָדער פאַר דעם עצם־פּרינציפּ עמאַנסיפּאַציע, אָדער פאַר פאַרווירקלעכן די פּאַפּירענע עמאַנסיפּאַציע, האָבן גלייכבאַרעכטיקטע יידן אויף יענער זייט ים געקעמפט צוזאַמען מיט אַמעריקאַנער פאַר און קעגן עמאַנסיפּירן די נעגערס. ווען די אַמעריקאַנער רעפּובליק האָט זיך גענומען אָפּרייניקן פונם שענדלעכן פלעק, פון שוואַרצע קנעכט, און דאָס לאַנד האָט זיך געשפּאָלטן אויף צוויי לאַגערס, אויף אַבאָליציאָניסטן־רעפּובליקאַנער אין די צפון־שטאַטן און אויף „דעמאָקראַטן״—פּלאַנטאַטאָרס אין די דרום־שטאַטן, זענען יידן געווען אין ביידע לאַגערס. די עלטסטע עמיגראַנטן אין אַמעריקע, דערהויפּט שפּאַנישע יידן האָבן איבער־גענומען די פּלאַנטאַטאָרס טראַדיציע און האָבן זיך פעסט געהאַלטן פאַר דער דאָזיקער טראַדיציע צוזאַמען מיט זייערע קריסטלעכע שכנים. די נייע עמיגראַנטן, וואָס זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע משך דעם XIX יאָרהונדערטס, דערהויפּט דייטשע יידן, האָבן געהאַלטן מיט די קעמפער קעגן דער נעגערשער קנעכטשאַפט. אין די בלוטיקע שלאַכטן צווישן די צפון־און דרום־שטאַטן (1861—1865) האָבן זיך אין ביידע אַרמעען באַטייליקט עטלעכע טויזנט יידן, סאָלדאַטן און פרייוויליקע. בעת אין די צפון־שטאַטן האָבן יידן שטאַרק געאַרבעט אויסצוקלייבן פאַר אַ פרעזידענט אברהם לינקאָלן, דעם שטאַרקסטן קעגנער פון נעגערשער קנעכטשאַפט,— האָט זיך אין די דרום־שטאַטן געפינען אַ ייד יהודה בענדזשאַמען,

אַ טאַלענטירטער אַדוואָקאַט און אַ סענאַטאָר, וואָס האָט געדינט פאַר אַ מלוכה־סעקרעטאַר ביים פּרעזידענט פון דער דרום־קאָנפעדעראַציע, דזשעפערסאָן דעוויס. די עמאַנסיפּאַטאָרס האָבן אויסגעוואָרפן בענדזשאַמענען און זיינע קאָלעגן: „יידן מיט פּרעה'ס פּרינציפּן". אָבער דער פּראָצענט אַזוינע פּרעה'ס איז ביי יידן זיכער געווען קלענער, איידער ביי קריסטן.

ג

די יידישע עמיגראַציע אין אַמעריקע איז געוואַקסן פון פאַרשידענע שיכטן. די צייט רעאַקציע אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך (1849—1860) האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט די יידישע עמיגראַציע פון די דאָזיקע לענדער קיין אַמעריקע (אַ סך האָט געצויגן דאָס אַנטפּלעקטע גאָלד־לאַנד קאַליפאָרניע). פון די 60־ער יאָרן אָן, זינט אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך האָט זיך די עמאַנסיפּאַציע פאַרפעסטיקט, האָט זיך די דאָרטיקע יידישע עמיגראַציע פאַרקלענערט, דערפאַר האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער עמיגראַנטישער שטראָם פון רוסלאַנד. די עמיגראַציע האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אין רוסיש־פּוילן. דאָס יאָר 1845 האָט פון דאָרטן עמיגרירט אַ גרופּע ייִנגעלייט, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן 25 יאָר לעבן פאַר דער רוסישער מיליטער־דינסט; גראָד דעמאָלט האָט מען איינגעפירט מיליטער־פליכט פאַר פּוילישע יידן (§ 25). סוף 60 יאָרן האָט זיך מיט אַמאָל אַלאָז געטון קיין אַמעריקע אַ מאַסע ליטווישע יידן, וואָס זענען רואינירט געוואָרן איבער די הונגער־יאָרן אין געגנט. טויזנטער יידן האָבן עמיגרירט דערהויפּט דאָס ביטערע יאָר 1869; געהאָלפן האָט זיי דעמאָלט פאַריזער אַליאַנס. אָבער די דאָזיקע נייע פּויליש־רוסישע פאָרמאַציע איז געווען נישטיק אַקעגן דעם אַלטן גרויסן שיכט יידישע עמיגראַנטן פון דייטשלאַנד, וואָס האָבן זיך שוין דאָ איינגעבירגערט און האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין די קהלות. דייטשע יידן האָבן שוין באַוויזן צו „מאַכן אַ לעבן" און פאַרנעמען פעסטע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס. איצט האָבן זיי אָנגעהויבן ערנסט צו בויען קהלות. די דייטשיש־יידישע קאָנגרעגאַציעס זענען געווען די רייכסטע און איינגעפונדעוועטסטע. די דאָזיקע קאָנגרעגאַציעס האָבן געהאַט פאַר פירער אָנגעזעענע ראַבינער־רעפאָרמיסטן, טיילווייז פון די ראַדיקאַלן, וואָס האָבן זיך קיין אָרט נישט געפונען אין אייראָפּע. דאָ זעען מיר דוד איינהאָרנען: נאָך זיינע נסיונות אין מעקלענבורג און אין אונגאַרן האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ ברייט פעלד פאַר רעפאָרמאַטאָרישע אויפטוען אין באַלטימאָרע, פילאַדעלפיע און אין ניו־יאָרק (1855—1879). אין דער מיט אין דער רעפאָרמאַטאָרישער אַרבעט איז געשטאַנען ציננציננאַטער ראַבינער יצחק ווייז, איינער פון די אויפטוער פון דער אַמעריקאַניש־יידישער פּרעסע („Israelite", „Deborah").

ד

אַזוינע זענען געשטאַנען איינס קעגן אַנדערן אין פאַרשידענע עקן צוויי יידישע צענטערן: דער פרומפאַרצייטיקער נעסט אין אַ מזרח־לאַנד, וואָס האָט זיך פאַרשפּאַרט און פאַרריגלט קעגן דעם שטראָם אייראָפּעאישע קולטור, און

דער שפּאָגל־נייער קאָלעקטיוו אין אַמעריקע, דער יונגסטער יידישער ישוב, וואָס האָט זיך גרינג געלאָזט פאַרפלייצן פון דער דאָזיקער קולטור. ביידע נעסטן האָבן זיך נאָך דעמאָלט גערעכנט צווישן די קליינע, מינדערוויכטיקסטע יידישע צענטערס. אָבער ביידע זענען זיי געשטאַנען אויף דער שוועל פון אַ נייער קריטישער תקופה. באַלד וועט זיך אויפהויבן אַ שטאַרקע כוואַליע, וואָס וועט אריבערוואַרפן צענדליקער טויזנטער אין איין צענטר, מיליאָנען — אין אַנדערן, און דאָס פאָלק וועט שטיין פאַר אַ פּראָבלעם צו מאַכן פון די דאָזיקע גלות־פונקטן גרויסע מאַגנעט־צענטערס, יעדער פון זיי זאָל שפּילן זיין ראָליע אינם גורל פון דער נאַציע.

---

# הוספות[1]

## 1. יידנפראַגע אויפן ווינער קאָנגרעס
(צום § 1)

דאָס יאָר 1920 זענען אין ווין אַרויס צוויי ביכער: 1) ס. באַראָן — Die Judenfrage auf dem Wiener Kongress, auf Grund von zum Teil ungedruckten Quellen dargestellt, 211 זייטלעך; 2) נ. געלבער — Aktenstücke zur Judenfrage am Wiener Kongress, 1814—1815. 41 ז. ז. באַראָנס בוך — דאָס איז אַ סיסטעמאַטישע אויספאָרשונג אויפן גרונט פון גאַנצן ביזאהעריקן מאַטעריאַל, און טיילווייז אויך פון ניי־אַנטדעקטן. געלבערס בראָשור האָט אין זיך 12 אַקטן, באַקומען אין ווינער מלוכה־אַרכיוו; אַלע זענען זיי אַרויסגענוצט אין באַראָנס מאָנאָגראַפיע, וואָס איז גלייכצייטיק אַרויס, און דאָס איז אַ מין דאָקומענטאַלער צולאָג צו איר. די נייע מאַטעריאַלן געבן זייניק צו צו דער רייכער אַקטן־זאַמלונג, וואָס קליובער האָט אַרויסגעגעבן (געלעבט די צייט פון ווינער קאָנגרעס, Aktenstücke der Wiener Congresses, 1815—1819). די אויספאָרשונג פון ס. באַראָן פּרעטענדירט נישט אויף קיין נייעס, זי גיט אָבער אַ גאַנץ בילד פון יענעם מאָמענט און קלערט אויף דאָס, וואָס איז ביז איצט פאַרבליבן אין שאָטן. אויפן גרונט פון ביידע קוואַלן, אין צוזאַמענבונד מיטן פריערדיקן, קאָנען מיר דאָ פאַרשטעלן אַ כראָנאָלאָגישע סכעמע פון די געשעענישן די יאָרן 1814—1815 — דאָס וועט זיין אַ דערגאַנצונג צו דעם, וואָס איז גאָר בקיצור איבערגעגעבן אין § 1 פון דאָזיקן באַנד.

שוין זומער דאָס יאָר 1814 איז ביי פראַנקפורטער יידן, וואָס די אַרטיקל מאַכט האָט געוואָלט שטעלן אונטער אַ ספק זייערע „געקויפטע גלייכבאַרעכטונג“ פון 1811 יאָר, אויפגעקומען אַ געדאַנק צו שיקן קיין ווין באַפולמעכטיקטע פאַרטיידיקן אויפן קאָנגרעס זייערע רעכט. סעפּטעמבער חודש זענען קיין ווין אָפּגעפאָרן צוויי דעלעגאַטן פון דער יידישער קהלה אין פראַנקפורט: דער געבילדעטער נעגאָציאַנט יצחק גומפּרעכט און יעקב באַרוך (לודוויג בערנעס פאָטער), וואָס האָט צוליב פינאַנץ־געשעפטן געהאַט פאַרבינדונגען מיטן ווינער הויף און מיט מעטערניכן. פון דיפּלאָמאַטישע טעמים וועגן האָבן ביידע דעלעגאַטן לכתחילה באַהאַלטן דעם צוועק פון זייער קומען, און אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז זיי זענען געקומען געשעפטלעך. אָבער ווינער געהיים־פּאָליציי האָט זיך דערוויסט דעם אמתן צוועק פון די דעלעגאַטנס קומען און האָט געשטעלט די פראַגע וועגן אַרויסשיקן זיי פון שטאָט. בייגעשטאַנען איז די דעלעגאַטן ביי דער אומאַנגענעמער מעשה—די פּראָטעקציע פון מעטערניכן און באַרוך'ס הויף־באַשיצער. אין אָקטאָבער האָבן זיי דערלאַנגט דעם קאָנגרעס אַ באַריכותדיקע בּיטשריפט; דאָ האָבן זיי זיך געקלאָגט אויף דער מאַכט פון פריישטאָט פראַנקפורט, וואָס האָט געוואָלט אויפן סמך פון דער נייער שטאָט־קאָנסטיטוציע אָפּנעמען ביי יידן די בירגער־רעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען בעתן פראַנצויזישן רעזשים. אין נאָוועמבער האָבן די יידישע קהלות פון דריי האַנזא־שטעט — האַמבורג, ליובעק און ברעמען — אויך צוגעשיקט זייערס אַ דעלעגאַט קיין ווין — דעם יידן־פריינט קאַרל־אויגוסט בוכהאָלץ, אַ קריסט. אין די האַנזא־שטעט איז יידישע גלייכבאַרעכטונג געווען איינגעשטעלט דירעקט דורך די פראַנצויזישע אָקופּאַציע־

---

1) איבערגעזעצט — ה. ש. קאַזדאַן

הערשער, און דעריבער האָט דאָ יידישער גלייכבארעכטונג געדראָט נאָך א גרעסערע סכנה ווי
אין פראנקפורט. בוכהאָלץ האָט דאָס געדארפט פארטיידיקן און צוליב דעם האָט ער דעם 9 דעצעמ=
בער 1814 דערלאנגט דעם קאָנגרעס א ביט, וואָס האָט אוועקגעשטעלט די פראגע נישט אויף א
יורידישן, נאָר אויף א פאָליטישן יסוד: יידן פון גאַנץ דייטשלאנד דארפן באקומען בירגער=רעכט
נישט צוליב די אָדער אַנדערע אַרטיקע אקטן, נאָר פשוט ווי בירגער, וואָס פירן אויס אַלע פליכטן
לגבי דער מלוכה. אין דעם אייגענעם גייסט האָט דער דאָזיקער „אדוואָקאט פון דייטשן יידנטום"
אָנגעשריבן א בוך, וואָס איז ארויס דאָס יאָר 1815 אונטערן נאָמען: „Aktenstücke die
Verbesserung des bürgerlichen Zustandcs des lsraeliten betreffend"
(בוכהאָלצס בוך, וואָס איז דערמאָנט אין טעקסט, ז. 6, „וועגן צולאָזן יידן צו בירגער=רעכט" —
איז געווען פארעפנטלעכט פריער, דאָס יאָר 1814, אין ליובעק, און שפּעטער איז ארויס א צווייטע
אויפלאגע אין לייפּציג, דאָס יאָר 1816).

אָקטאָבער 1814 האָבן זיך אויפן קאָנגרעס אָנגעהויבן די זיצונגען פונם „פינפער=קאָמיטעט"
ד. ה. פון פינף גרעסערע דייטשע מלוכות (עסטרייך, פּרייסן, בייערן, האנאָווער, וויורטעמבערג);
זיי האָבן באדארפט באטראכטן די נייע קאָנסטיטוציע פון דייטשישן בונד. די יידנפראגע איז דאָ
אויפגעשוואומען בעתן באהאנדלען דעם פונקט וועגן בירגער=רעכט פאר אַלע „קלאסן=נאציע" אָן
אונטערשיד פון אָפּשטאַם אָדער גלויבן. דער בייערישער דעלעגאַט האָט געטענהט, אז אזא פּאַרמו=
לע גיט אויך יידן גלייכבארעכטונג, און דאָס איז, נאָך זיין מיינונג, נישט צו דערלאָזן. וויורטעמ=
בערגער דעלעגאַט האָט געמאָלדן, אז די פראגע וועגן גלייכשטעלן בירגער איז בכלל אָן אינעווי=
ניקסטער ענין פון יעדער מלוכה, און אין דעם פּ״ט קאָנען נישט באזונדערע הערשער זיין געבונדן
מיט דעם בונדס קאָנסטיטוציע. עסטרייכער פאָרשטייער, מיט מעטערניכן אויבנאָן, האָבן אין דעם
מאָמענט ארויסגעוויזן ליבעראַלע טענדענצן און זיך איינגעשטעלט פארן פרינציפּ פון גלייכבארעכ=
טונג אויפן פּאַפּיר. גאָר אויפריכטיק האָבן זיך איינגעשטעלט פאָר גלייכבארעכטונג פּרייסנס פאָר=
שטייער—קאַנצלער הארדענבערג און ווילהעלם הומבאָלדט. אָבער די אַלע וכוחים האָבן צו גאָרנישט
געבראַכט. נאָר א חודש צייט האָט עקזיסטירט דער „פינפער קאָמיטעט" און איז זיך צעפאַלן, ווייל
די אַנדערע דייטשישע מלוכות האָבן דערלאנגט א פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס זיי ציט מען נישט
צו צום אויסאַרבעטן דעם פּראָיעקט פון בונדס קאָנכטיטוציע.

די הויפּט=שלאַכט אויפן קאָנגרעס איבער דער יידן=פראגע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף א
האַלב יאָר, ביז פרילינג 1815, אָבער פאר דער צווישן=צייט האָט די פּארטיזאנישע מלחמה נישט
אויפגעהערט. אין האמבורג, ליובעק און ברעמען האָט זיך די מאַכט מיט ענערגיע גענומען אָפּנעמען
ביי יידן רעכט, צו וועלכע זיי האָבן דערלאנגט די יאָרן פון פראנצויזישער אָקופּאציע. יידישע
באַפעלקערונג פון די „פרייע שטעט" האָט דורך איר באַפולמעכטיקטן אין ווין בוכהאָלצן פּראָ=
טעסטירט, און דאָס האָט געצווינגען הארדענבערגן זיך אָננעמען פאָר די באַליידיקטע. דעם 4
יאנואר 1815 האָט ער אוועקגעשיקט א בריוו צו גראָטע — דעם פּרייסישן געזאנדטן אין האמבורג:
ער בעט אים אָנווייזן די רעגירונגען פון די פרייע שטעט, אז זייער פּאָליטיק קעגן יידן איז
שעדלעך: זי רייסט אונטער דעם קרעדיט פון פאַרשידענע רעגירונגען, וואָס באַנוצן זיך מיט יידישע
פינאנסיסטן, און דאָס קאָן נישט נושא=חן זיין ביים קאָנגרעס; אונטער דער ווירקונג פון עמאנסיפּאַ=
ציע האָבן יידן אין פאַרשידענע מלוכות שוין באוויזן צו ווערן נוצלעכע גלידער פון דער געזעל=
שאַפט און פּאַטריאָטן, וואָס האָבן געבראַכט פיל קרבנות אין לעצטן באַפריי=קריג, אָבער די רעפּרע=
סיעס דעמאָראַליזי׳רן יידן; אזוי ווי יידן פון פאַרשידענע דייטשישע לענדער זענען צווישן זיך ענג
צוזאַמענגעבונדן, קאָנען די רעפּרעסיעס אין די האַנזא=שטעט שעדלעך ווירקן אויף יידן אין פּרייסן.
מעטערניך האָט פון זיין זייט צוגעשיקט דעם עסטרייכישן פאָרשטייער אין האמבורג העפּערן — א
גאָטע מיט א פּראָטעסט קעגן אונטערדריקן יידן (25=טן יאנואר). מעטערניך האָט געשריבן: „מיין
חוב איז נאָך מער צו נעמען אָנטייל אין זייער גורל דערפאַר, וואָס אין דער עסטרייכישער מאָנאַר=
כיע, און אויך אין אייניקע אַנדערע דייטשישע מלוכות פאַרנעמען יידישע קהלות שוין לאַנג אזא

לאגע, וואָס איז אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון מעגטשלעכקייט, צייט-באַדערפעניש און פּאָטער=
לעכער רעגיר=סיסטעם; אָבער דאָס, וואָס איינציקע משפּחות פון דער נאַציע װערן געפּייניקט אין
אויסלאַנד, מוז האָבן אַ שעדלעכע ווירקונג אויף יענע יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען פאַרבונדן מיט
זיי בעשעפטלעך און וואוינען אונטערן שוץ פון עסטרייכישער קרוין". לייענענדיק אַזעלכע שורות,
האָט מען געקאָנט מיינען, אַז עסטרייכישע רעגירונג האָט געטון כסדר טובות יידן, אָבער דאָס איז
געווען אַ דיפּלאָמאַטישע צביעות: יידן אין עסטרייך האָבן ביז אַהער געהאַט דעם פאַפירענעם „טאָ=
לעראַנץ=עדיקט" יוסף דעם II=טנס, און איצט — גאָרנע בירגערלעכע אומרעכט. נישט מער די קאָנ=
גרעס=דעקאָראַציע, וואו מעטערניך איז געווען הויפּט=פיגור, האָט יענעם מאָמענט (ביז באַשאַפן דעם
„הייליקן בונד") געפאָדערט, ער זאָל זיך אײַנוויקלען אין אַ ליבעראַלן שלייער.

די סענאַטן און מאַגיסטראַטן פון די האַנזאַ=שטעט האָבן, אַפּנים, פאַרשטאַנען דעם דעקאָ=
ראַטיוון זינען פון די װינער פּראָטעסטן, און זיי האָבן געענטפערט — איינע אין דעם זעלבן ליבע=
ראַלן טאָן, וואָס איז באמת צו קיין זאַך נישט מחייב; אַנדערע—אין טאָן פון באַליידיקטער גערעכ=
טיקייט. דער קאָנגרעס=דעלעגאַט פון שטאָט ברעמען, שמיד, האָט צוגעשטעלט דעם קאָנגרעס אַ מע=
מאָראַנדום, וואו ער דערווייזט, אַז יידן, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין ברעמען משך דער פראַנ=
צויזישער אָקופּאַציע, מוזן פון דאָרט אַרויסגעשיקט ווערן, אַ חוץ עטלעכע רייכע סוחרים, וואָס קאָ=
נען ברענגען נוצן דער שטאָט: אַנדערש וועט דאָן ברעמענס „פרייקייט" געבראָכן ווערן. די זעלבע
צייט (מערץ 1815) איז צו די פאָרשטייער פון דריי האַנזאַ=שטעט אויפן קאָנגרעס נאָך צוגעקומען
דער פאָרשטייער פון פראַנקפורט ביים מיין, דאַנץ. פאַרבינדונגען און געלט איז געלאָזט געוואָרן אין
גאַנג, כדי צו ווירקן אויפן קאָנגרעס לטובת דעם דייטשן בירגערטום אין די פריי=שטעט, וואָס האָט
זיך געשראָקן פאַר יידישער האַנדלס=קאָנקורענץ. יידישע דעלעגאַטן האָבן אין קאַמף פאַר זייער קיום
אָנגעווענדט די אייגענע מיטלען. זיי האָבן געזוכט שוץ און השפּעה אין די ווינער יידישע סאַלאָ=
נען—פון באַראָנעסע פאַני אַרנשטיין, „ריטער" בערנאַרד עסקעלעס און באַנקיר פאָן=הערץ. דאָ, דער
עיקר ביי אַרנשטיין, פלעגן זיך אָפט צוזאַמענקלויבן מיניסטאָרן און דיפּלאָמאַטן, אַלע יענע גלידער
פון „טאַנץ=קאָנגרעס", וואָס פלעגן זיך אין ווין מער ווײַלן איידער באַשעפטיקן מיט ענינים.

ווינער באַנקיר=הייזער אַרנשטיין=עסקעלעס און הערץ זענען געווען פאַרבונדן מיט מעטער=
ניכן אין פינאַנץ=געשעפטן, און זיי האָבן געקענט האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויפן עסטרייכישן קאַנצ=
לער אויסצובעסערן די יידנלאַגע אין עסטרייך, אָבער זייערע שעפן האָבן ווייניק אויסגענוצט דעם
איינפלוס. נאָר איין מאָל, אַפּריל דאָס יאָר 1815, האָבן זיי זיך געווענדעט צום קייזער פראַנץ מיט
אַ ביטע אין נאָמען פון „יידישע קהלות אין ווין, בעהמען און מעהרן". מיט אַ נוסח פון גאָרע קרי=
כערישקייט איז געווען אָנגעשריבן די ביט=שריפט: היות, צוזאַמען מיטן באַשאַפן דעם דייטשישן
בונד שטייט פאַר צו באַטראַכטן אויפן קאָנגרעס די יידנפראַגע, דריקן זיי אויס זייער פרייד, וואָס זיי
„האָבן דאָס גליק" צו לעבן אונטער דער הערשאַפט פון אַ מאָנאַרך (פראַנץ), וואָס זיין לאַנג=אויסגע=
פרוּווטע „קלוגשאַפט" און „גרויסע ליבשאַפט צו די אונטערטאַנען" גיט זיי זיכערקייט, אַז זייער
השתדלות וועט געלונגען. זיי פאַררופן זיך אויפן קעניגס צוזאָג אינם עדיקט פון 1797 פאַר די
בעהמער יידן (זע ב. 1 § 37), אַז מיט דער צייט וועלן אָפּגעשאַפט ווערן אונטערשיידן אין געזעץ
צווישן יידן און קריסטן. פון יענער צייט אָן, — ווערט געזאָגט אין ביטשריפט, — האָבן יידן שוין
באַוויזן זייער פּאַטריאָטישקייט, פעאיקייט צו מיליטער=דינסט און גרייטקייט צו שטאַרבן פאַרן פאָ=
טערלאַנד בעת די יאָרן פון באַפריי=קריגן; זיי האָבן פאַרבעסערט די דערציונג פון זייערע קינדער
און שטרעבן צו באַזייטיקן די לעצטע צאָמען, וואָס טיילן זיי אָפּ אין בירגערלעבן פון קריסטן.
אויב דער הייניטיקער קאָנגרעס וועט נישט באַווייזן, ווייל אים וועט אויספעלן צייט צו פאַרענטפערן
די פראַגע פון יידישער גלייכבאַרעכטונג בכלל, דאַן וואַרטן „די דייטשע יידן אין עסטרייך" פון
זייער מאָנאַרך „יענץ גרויס וואָרט, וואָס וועט זיי אויף אייביק מאַכן גליקלעך". אין אַ צוגאָב=בריוו
צו מעטערניכן, צווישן הניפה=קאָמפּלימענטן "דעם גרויסן מלוכה=מאַן", בעטן אים די מחברים פון
ביטשריפט, ער זאָל זיי שטיצן אויפן קאָנגרעס, אָבער גלייכצייטיק דריקן זיי אויס די האָפנונג, אַז

דער גרויסמוטיקער אימפּעראַטאָר וועט אַליין, אָן דעם אַריינמישן זיך פון קאָנגרעס, קענען עמאַנסיפּירן יידן: „צי דען נויטיקט זיך די עסטרייכישע מאָנאַרכיע אויף איינאָרדנען דאָס גליק פון אירע אונטערטאַנען — אין אַ דערמאָנונג פון דרויסן?” די באַנקירן האָבן נישט געהאַט די דרייסטקייט צו זאָגן דעם קייזער און מעטערניכן דעם אמת: אַז עסטרייך, וואָס האָט דאַן עטלעכע דייטשע מלוכות דערמאָנט וועגן גערעכטיקער באַציונג צו יידן, האָט אַליין נישט געהיט בנוגע יידן די פאָדערונגען פון עלעמענטאַרסטער גערעכטיקייט. די ביטשריפט פון יידישע פּני (חוץ די דריי ווינער באַנקירן אַרנשטיין, עסקעלעס און הערץ, האָבן איר אונטערגעשריבן די באַפולמעכטיקטע פון בעהמער און מעהרענער יידן סימאָן פּאָן לעמעל און לאַזאַר אויספּיץ) איז, אַפּנים, געבליבן אָן ענטפער און מ׳האָט זי אַפילו אינגאַנצן געהאַלטן בסוד: די עסטרייכישע רעגירונג האָט זיך נישט געקאָנט אָראָפּרייסן פון זיך פאַר אייראָפּע איר מאַסקע פון הומאַנישקייט. די ווינער באַנקירן האָבן זיך באַרואיקט; זיי האָבן ווייטער אויפגענומען דיפּלאָמאַטן און מיניסטאָרן אין זייערע סאַלאָנען, און גאָר ווייניק זיי באַאומרואיקט מיט השתדלות פאַר זייערע „אָרימע מיטגלויביקע”. אַליין האָבן זיי זיך נאָך געהאַלטן פאַר יידישקייט, אָבער זייערע קינדער און אייניקלעך האָבן זיך שוין ס׳רובֿ באַהאָפטן מיט דער דייטשער נאַציע דורך שמד. און די סאַלאָן־העלדין פאַני אַרנשטיין האָט שוין געמוזט אין איר צוואה בעטן די טאָכטער הענריעטע, זי זאָל אירע געשמדטע קינדער צוגעוואוינען „זיך באַציען מענטשלעך צו יידן”.

פרילינג 1815 האָבן די דייטשע מיטגלידער פון ווינער קאָנגרעס זיך דערשראָקן פאַר נאַפּאָלעאָנס אַנטלויפן פון עלבע און זיין נייעם אַרויסשפּרינגען — און זיי האָבן זיך ווידער גענומען פאַר דער אַרבעט צו באַשאַפן דעם דייטשן בונד. ביים באַטראַכטן דעם בונדס קאָנסטיטוציע — איז דאָ ווידער אויפגעשוואומען די יידן־פראַגע. סוף אַפּריל און אָנהויב מאַי האָט מען דעם קאָנגרעס צוגעשטעלט צוויי פּראָיעקטן פון אַ באַזונדער פּונקט וועגן יידן: אַ פּרייסישן און אַ עסטרייכישן. דער פּרייסישער פּראָיעקט האָט געשטאַמט פון האַרדענבערגן און הומבאָלדטן און האָט אַזוי געהייסן: „די דריי קריסטלעכע אמונה־גרופּעס האָבן גלייכע רעכט אין אַלע דייטשע מלוכות; די, וואָס געהערן צום יידישן גלויבן, וועלן באַקומען בירגער־רעכט, ווי ווייט זיי וועלן יוצא זיין אַלע בירגערלעכע פליכטן”. דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז געווען אַ קלאָרער; להיפּוך, דער עסטרייכישער פּראָיעקט האָט שוין געמאַכט אָפּהענגיק די גלייכבאַרעכטונג נישט נאָר פון גלייכע פליכטן, נאָר אויך פון דער פריערדיקער געזעצגעבונג: „די, וואָס האַלטן זיך ביי דער יידישער אמונה, האָבן ווייטער יענע רעכט, וואָס זיי האָבן פאַרוואָרבן פון פריער אין די דייטשע ערטער; באַקומען בירגערלעכע רעכט וועלן זיי קענען אויף אַזוי פיל, ווי ווייט מען וועט זיי צווינגען טאָן אַלע בירגערלעכע פליכטן”. די עסטרייכער האָבן דאָ אָפן געוואָלט איינהאַלטן פאַר זיך דאָס רעכט צו לאָזן יידן ווייטער אָן רעכט, ביז עס וועט אָנערקענט ווערן די בירגערלעכע „רעכטספעאיקייט פון יידן”. (דער מחבר פון דערמאָנטן בוך, ה׳ באַראָן האָט נישט באַנומען די מאָטיוון פון דער עסטרייכישער פאָרמולע און ער איז נישט גערעכט, ווען ער שרייבט, אַז די עסטרייכישע פאָרמולע איז געווען פאַר יידן די גינסטיקסטע, ז. 151). די דעלעגאַטן פון האַנאָווער זענען צוגעשטאַנען צו דער פּרייסישער רעדאַקציע, נאָר מיט אַזאַ באַוואָרעניש, אַז אין פאַל אויב דער געגעבענער פּונקט וועט סותר זיין דער קאָנסטיטוציע פון לאַנד, „דאַרפן די מניעות ווי מעגלעך באַזייטיקט ווערן”.

ווי אַזוי די מערהייט קאָנגרעס־גלידער האָט זיך באַציגן צום פּונקט וועגן יידן, קאָן מען זען דערפון, וואָס עס דערציילט וועגן דער פלענום־זיצונג פון די פאָרשטייער פון אַלע דייטשע מלוכות (23 מאַי) איינער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין איר. אַז מעטערניך איז ביים לייענען דעם פּראָיעקט פון דער בונד־קאָנסטיטוציע צוגעקומען צום פּונקט וועגן יידן, האָט גראַף רעכבערג (בייערנס פאָרשטייער) דער ערשטער אָנגעהויבן לאַכן, און דער געלעכטער איז געווען אַזוי אָגשטעקנדיק, אַז ער איז אַוועק איבער אַלע רייען פון די, וואָס זענען געזעסן. אויף דער צווייטער זיצונג פון דייטשן פלענום (26 מאַי) האָט שוין דער „יידישער פּונקט” אַרויסגערופן אַ שטורמישן ווידערשטאַנד: קעגן אים זענען אַרויס די דעלעגאַטן פון בייערן, העסן־דאַרמשטאַדט און די פיר פרייע

שטעט; זיי האָבן באַוויזן, אַז דער דאָזיקער פּונקט באַגרעניצט די פרייהייט פון יעדער בונד־מלוכה אין איר אינעווייניקסטער פאַרוואַלטונג. נאָך לאַנגע וכּוחים האָבן די אָנהענגער פון פּראָיעקט געמוזט נאָכגעבן דער אָפּאָזיציע: מען וועט דאָך נישט ריזיקירן צוליב דער יידן־פראַגע מיטן גאַנצן ענין פון באַשאַפן דעם דייטשן בונד. דעמאָלסט האָט מען עס אויסגעאַרבעט די פאָרמולע, וואָס איז אויבן אָנגעוויזן אין טעקסט (ז. 5) און וואָס לאָזט איבער דאָס פאַרענטפערן די יידן־פראַגע פאַר דער קינפטיקער בונד־פאַרזאַמלונג, מיט אַ הוספה, אַז יידן בלייבן ביי די רעכט, וואָס זיי האָבן שוין איצט אין די בונד־מלוכות (1 יוני). אָבער די דאָזיקע הוספה האָט געשראָקן די דעלע־גאַטן פון יענע רעגירונגען, וואָס האָבן געשטרעבט אָפּצוּוואַרפן די גלייכבארעכטונג, וואָס יידן האָבן באַקומען בעת דער פראַנצויזישער אָקופּאַציע. דאַן איז עס אַוועק די הינטער־קוליסן־שפּיל. וואָס האָט געבראַכט די טרויעריקע ענדערונג: אינם פונקט 16 פון די בונדעס־אַקטן איז דאָס וואָרט „אין" פאַרביטן געוואָרן מיט „פון" (די זיצונג פון 8 יוני 1815). אינם פּראָטאָקאָל פון דער זי־צונג (דעם 8 יוני) שטייט, אַז דאָס וואָרט „אין" איז פאַרביטן געוואָרן מיט „פון" — אָן שום ז'עבאַטן. אַפּנים, די כּוהנים פון קאָנגרעס האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן וואונק: נישט כּדאַי געווען צו פאַרהאַלטן די קאָנסטיטוציע פון דייטשישן בונד צוליב דעם יידישן פונקט. צווישן אַלע באַטיי־ליקטע איז געבליבן אַ שטיל־שווייגנדיקער היסכּם בנוגע דער אומבאַמערקלעכער הוספה, וואָס האָט גאַראַנטירט פרייהייט פון מעשים פאַר אַלע קעגנער פון יידישער עמאַנסיפּאַציע.

## 2. יידנפראַגע די ערשטע יאָרן רעאַקציע אין פּרייסן

(צום § 4)

אין דער פּרייסישער רעגירונג האָט זיך יידן־פיינטלעכע רעאַקציע אָנגעהויבן תּיכּף נאָכן שליסן דעם ווינער קאָנגרעס. דעם קאַנצלער האַרדענבערגס ליבעראַליזם האָט זיך נישט געקאָנט אַנטקע־גנשטעלן די רעאַקציאָנערע ריכטונגען אויפן קאָנגרעס, און אויך ביי זיך אין לאַנד האָט ער זיי נישט געקאָנט ביי־קומען: דער קעניג פרידריך ווילהעלם III און כּמעט די גאַנצע ביוראָקראַטיע זענען דאָ געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון דייטש־קריסטלעכער רעאַקציע. נישט לאַנג זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרכיוו־מאַטעריאַלן, 1) וואָס געבן אַ בולט בילד פון דער דאָזיקער נייער ווענדונג אין דער געזעלשאַפטס שטימונגען.

אייניקע יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין באַפריי־קריג און אַפילו באַקומען דעם אייזערנעם קרייץ פאַר העלדישקייט, האָבן זיך דאָס יאָר 1815 געווענדעט צו דער רעגירונג מיט דער בקשה מען זאָל זיי צולאָזן אויף מלוכה־שטעלעס. האָבן מיניסטאָרן באַטראַכט די פראַגע און באַשלאָסן אָפּזאָגן. פינאַנץ־מיניסטער ביולאָוו האָט נאָך מסכּים געווען, אַז יידן־פרייוויליקע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער מלחמה און זענען דעריבער „מאָראַליש נישט אַזוי שעדלעך ווי די איבעריקע פון זייער שטאַם, זאָל מען אַלס יוצא מן הכּלל און מיט אַ באַזונדער דערלויב־ניש פון קיסר—יאַ צונעמען אויף מלוכה־שטעלעס; אָבער דער אַלטער געגנער פון עמאַנסיפּאַציע יוסטיץ־מיניסטער קירכאייזן (ער האָט זיך נאָך דאָס יאָר 1812 אַנטקעגנגעשטעלט דעם עדיקט עמאַנסיפּאַציע, זע די ביילאַגע צום פריערדיקן באַנד), האָט זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט געגען דעם. ער האָט געשריבן: „איך בין ביינעווען בעת מ'האָט דעם קעניג פאָרגעשטעלט דעם עדיקט וועגן נאַטוראַליזאַציע (דאָס יאָר 1812), און איך האָב באַמערקט ווי זיין מאַיעסטעט איז גאָר נישט בּטה געווען צו דערלאָזן יידן אויף מלוכה־שטעלעס. עס איז געווען דערצו זייער וואַגיקע טעמים,

---

1) Freund, Die Emanzipation der Juden in Preussen, Berlin, 1912 Bd I, 231—240; Bd II, 465—493.

און די בלייבן אין קראַפט אַפילו בנוגע פערזאָנען, וואָס האָבן באַקומען דעם אייזערנעם קרייץ. מ'דאַרף אָננעמען, אַז דעם יידן פעלט מאָראַלישקייט, און דאָס לאָזט זיך נישט באַזייטיקן אין איט מיט צייטווייליקן העלדנמוט", אין דעם זעלבן זינען האָבן זיך ארויסגעזאָגט די מיניסטאָרן פון אינעווייניקסטע ענינים און פאָליציי (דעצעמבער 1815). דער פרווו פון יידן-פּאַטריאָטן אַריינצודרינגען אין בית-המקדש פון פּרייסישער ביוראָקראַטיע איז אינגאַנצן דורכגעפאַלן.

די שפּעטערדיקע יאָרן איז די רעאַקציע נאָך ווייטער אַוועק. מ'האָט אויפגעהויבן די פּראַגע וועגן איבערקוקן דעם צו ליבעראַלן עדיקט פון 1812. דער אינערן-מיניסטער שוקמאַן האָט זיך ארויסגעזאָגט (דעם 4 מאַי 1816), אַז אויב מען זאָל זיך האַלטן ביי די קריסטלעכע פּרינציפּן פון הייליקן בונד, דאַרפן יידן אינגאַנצן שטיין מחוץ דער בירגערלעכער געזעלשאַפט. „דאָס דאָזיקע פאָלק האָט אַזאַ כאַראַקטער: תמיד נישטיק-אומרואיק, שמוציק, איינגענוציק און ליגנעריש. אוממיגלעך, אַז אַ פאָלק מיט נאַציאָנאַלער אָליינאַכטונג זאָל אַזעלכע מענטשן האַלטן גלייך מיט זיך. אויב מען וועט אים צוזינגען דערציִ, וועט מען מוזן אָדער דערנידריקן דאָס דייטשע פאָלק ביז דער מדרגה פון יידן, אָדער די פאַראַכטונג וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין האַס און פאַרפאָלגונג, ווי מיר זעען דאָס טאַקע פונם נאָכפּרעג אויף דער קאַריקאַטורישער פּיעסע „אונזער האנדל" (זע אין טעקסט § 2, ז. ז. 7—8). רעכענענדיק זיך מיט דעם אַלעם, האָט איינער פון די באַאַמטע אין פינאַנץ-מיניסטעריום, וואָלפראַט, צוגעגרייט אַ פּראָיעקט פונאַנדערטיילן יידן אויף דריי קלאַסן: צום נידריקסטן קלאַס זאָל מען פאַררעכענען „די גרויסע אַרמעע" קליינהענדלער, אויך די פאַרשידענע תורה-לייט, וואָס „באַמיען זיך מיט אַלע כוחות אייבצוהאַלטן יידישקייט און שטערן דער מלוכה-מאַכט אַסימילירן יידן"; צום מיטעלן קלאַס זאָל מען פאַררעכענען די גרויס-סוחרים, קאַפּיטאַליסטן און ערדבאַזיצער, וואָס פירן פּערזענלעך לאַנדווירטשאַפט; צום העכערן קלאַס — מענטשן פון וויסנשאַפט, קונסט און „בירגערלעכע פּראָפעסיעס". די לעצטע מעג מען שענקען אַלע רעכט פונם עדיקט דאָס יאָר 1812, און דאָס אויך נאָך דריי יאָר אויספּרווון זיי; אויף דעם מיטעלן קלאַס דאַרף מען אַרויפלייגן חוץ אַלגעמיינע שטייערן, נאָך אַ באַזונדער „שוצגעלט", אַזוי ווי די צייט ביז דער רעפאָרמע; אויף יענע ווידער, וואָס בעהערן צום נידריקסטן קלאַס, דאַרף מען אַרויפלייגן אַ שטייער פון יעדן קאָפּ, זיי דאַרפן וואוינען אָפּגעזונדערט פון קריסטן און דאָס—נישט אין אַלע שטעט, זיי האָבן נישט קיין רעכט צו פאַרווערבן אומבאַוועגלעך פאַרמעגן און קאָנען נישט אַריין אין האנדלס-קלאַס, — בכלל דאַרפן זיי זיך געפינען אונטער פּאָליציייאישער אויפזיכט, באַגלייך מיט פאַרברעכערישע געזעלשאַפט-גלידער (נאָוועמבער 1816). דער פּאָליציי-מיניסטער פירשט וויטגענשטיין האָט אינגאַנצן מסכים געווען מיט דעם פּראָיעקט (יולי 1817).

די אַלע ביוראָקראַטישע פּלענער האָבן נישט געבראַכט דערציִ, אַז דער „עדיקט עמאַנסיפּאַציע" זאָל אינגאַנצן אָפּגערופן ווערן. אָבער זייערע טענדענצן זענען געוואָרן דער יסוד פון אַ גאַנצער רייע קעניגלעכע באַפעלן און רעגירונגס-פאַראָרדנונגען, מיט וועלכע דאָס אָנווענדן פון פּרייסישן הכב-עמאַנסיפּאַציע-עדיקט איז שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן.

## דיזראַעליס רעדע אין ענגלישן פּאַרלאַמענט (1854)

(צום § 49).

דאָס יאָר 1854 האָט דער אומדערמידלעכער לאָרד ראָססעל ווידער אַריינגעטראָגן אין פּאַרלאַמענט אַ ביל וועגן גלייכבאַרעכטונג. אין דער אונטערשטער קאַמער האָט דער פאַרטיידיקער פון ביל דזשאָן בראַיט אין זיין רעדע (15 אַפּריל) דערמאָנט, אַז שוין 14 מאָל האָט די אונטערשטע קאַמער אָנגענומען דעם דאָזיקן ביל, אָבער צוליב דער עקשנות פון דער לאָרדן-קאַמער איז עס נישט געוואָרן קיין געזעץ. אָבער די לאָרדן-קאַמער האָט זיך געמאַכט נישט [illegible] און אויך

דאָס מאָל אָפּגעוואָרפן דעם ביל. דיזעלבע געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט אויף דאָס יאָר 1854, בעת דער קרימער מלחמה, ווען מ׳האָט געשטעלט דעם ביל ווי א פראגע וועגן רעפאָרמירן די פּארלאמענט־שבועה. אין די דעבאטן האָט דעמאָלסט גענומען א וואָרט אויך בנימין דיזראעלי. אין דער זיצונג פון דער אונטערשטער קאמער דעם 25 מאַי האָט ער געהאט אן אויסגעצייכנטע רעדע. דיזראעלי האָט אנטוויקלט דעם אייגענעם געדאנק, וואָס ער האָט אין דער פראגע ארויסגעזאָגט אין 1847 יאָר (אויבן, § 29), און צוגעגעבן צו דעם אזא כאראקטעריסטישן לויבגעזאנג פארן יידנטום: „איך פארטיידיק די גלייכשטעלונג פון יידן דערפאר, ווייל איך גלויב, אז די יידישע ראסע איז איינע פון יענע, וואָס דער כּלל מענטשן איז איר א סך שולדיק. און ווען איך הער, אז דאָס צולאָזן יידן אין פארלאמענט דראָט דעם קריסטלעכן כאראקטער פון דער קאמער און דער גאנצער געזעלשאפט, דאן וויל איך זאָגן: טאָקע דערפאר וואָס די דאָזיקע פארזאמלונג און אונזער געזעלשאפט גלויבן אין קריסטנטום—איז אוממעגלעך נישט צו באפרידיקן די פאָדערונג פון בירגערלעכער און פאָליטישער גלייכבארעכטונג. ווען איך דערמאָן מיך, אז מיר האָבן פאר דעם פאָלק א חוב זיך נישט אויסצוצאָלן, וואָס פאר א ברכה ער האָט געבראכט דעם גאנצן כּלל מענטשן; ווען איך באטראכט זיך, אז אונזער לעבן ווערט געהייליקט דורך דער געשיכטע פון יידן, דורך זייער פּאָעזיע און געזעצן,—דענסטמאָל טאָקע ווי א קריסט — קאָן איך זיך נישט אנטקעגנשטעלן די פאָדערונגען פון יענע, וואָס קריסטנטום איז זיי אזא גרויסער בעל-חוב“... „מיר מוזן געדענקען,— האָט דיזראעלי פארענדיקט זיינע רייד,—אז דאָס יידישע פאָלק איז נישט קיין יונג פאָלק, וואָס איז ערשט ארויס אויף דער וועלט-ארענע, וואָס אויב מיר וועלן אים נישט געבן די מעגלעכקייט—וועט עס אונטערגיין. דאָס איז א דורות-אַלט, בארימט פאָלק, וואָס האָט פיל געליטן און וועט זיך סוף כּל סוף דערשלאָגן זיינס. איך האָף, אז דער ענגלישער פּארלאמענט וועט עקזיסטירן אייביק, אָבער איך קאָן נישט ניט דערמאנען, אז יידן האָבן איבערגעלעבט די קיסרים פון אשור, די פּרעהס פון מצרים, די רוימישע צעזארס און אראבישע קאַליפן“[1].

Познер — Парламентскія рѣчи по еврейскому вопросу. Спб. 1914, 243—264.

# ביבליאָגראַפיע

## קוועלן און ליטעראַטור

## די תקופה ערשטע רעאַקציע

### קאַפּיטל I.

§ 1.—Klüber, Aktenstücke des Wiener Congresses, I—VII 1815—19; Buchholz, Aktenstücke, die Verbesserung des bürgerlichen Zustandes der Israeliten betreffend, 1815; Rönne u. Simon, Verhältnisse der Juden in Preussen etc., 19-20, 41; Sulamith, IV/1, 366—76; IV/2, 44—48 (1815—16); Jost, Neuere Geschichte der Israeliten (1846), Bd. I, 26...; Graetz, Gesch. der Juden, XI, Note 7; Baron, Die Judenfrage auf dem Wiener Kongress, Wien 1920; Gelber, Aktenstücke zur Judenfrage am Wiener Kongress, Wien 1920.

§ 2.—Sulamith, IV/2, 48; VI/1, 33; Jolowicz, Gesch. d. Juden in Königsberg, 127—28; Fr. Rühs, über die Ansprüche der Juden an d. deutsche Bürgerschaft

לכתחילה געדרוקט אין פעברואַר-ביכל פון דער „צייטשריפט פיר נייעסטע געשיכטע" 1815; אַ באַזונדער אויסגאַבע מיט הוספות, בערלין 1816. —

I. Fries, Über die Gefährdung des Wohlstandes und Charakters der Deutschen durch die Juden, Heidelberg, 1816.

די איבריקע פּאָלעמישע ליטעראַטור פון די יאָרן 1815—17 איז אָנגעוויזן ביי יאָסט, I, ז. 47—67. וועגן דער פּאָגראָם-באַוועגונג פון 1819 איז דאָ ביי יאָסט, 104—106, אָבער די ידיעות זענען אָרעמע און בכיון אָפּגעשוואַכט; אַביסל גענויער ביי גרעצן, XI, 356 און ווו. (אויסגאַבע פון 1870); עס גיט גאָרנישט די בראָשור פון פרידלענדער אונטערן שרייענדיקן קעפּל:

„Beitrag zur Geschichte der Verfolgung der Juden im 19. Jahrhundert durch Schriftsteller", Berlin, 1820.

צוגאָב־ידיעות וועגן 1819 יאָר איז צעשפּרייט אין די מאָנאָגראַפיעס איבער דער געשיכטע פון באַזונדערע קהילות אין דייטשלאַנד.

§ 3,—Aktenmässige Darstellung des Bürgertums d. Israeliten zu Frankfurt a. M., 1816; Börne, Gesamm. Schriften II, 381...; Bender, Der frühere und jetztige Zustand d. Israeliten zu Frankfurt a. M., ,1833;

אלע אקטן פונם קאמף די יאָרן 24—1814 און די קוועלן פון יענער צייט זענען אָנגעוויזן ביי יאָסטן I, 68—98; דאָרט איז אויך איבערגעגעבן דער פאקטישער טייל.

G. Riesser, Gesamm. Schriften. Bd. I, 151—158 (Leipzig 1867) ibid. 41—33; וועגן האמבורג:

Jost, I, 32 — 33; Carlebach — : וועגן ליובעק און ברעמען Geschichte d. Juden in Lübeck, 1898.

§ 4.—Rönne und Simon, Verhältnisse d. Juden in Preussen (כראָנאָלאָגישער רעגיסטער) Riesser, Betrachtungen über d. Verhältnisse der jüd. Untertanen d. Preussischen Monarchie (1833), Gesamm. Schrift. III, 32, 38, 40, 138—142; Jolowicz, Gesch d. Jud. in Königsberg, 128...; Jost, I, 271; I. Freund, Emanzipation der Juden in Preussen, Bd. I, 231—46; Bd. II, 463—97 (Berlin, 1912); L. Auerbach, Das Judentum u. seine Bekenner in Preussen (Berlin, 1890), 201, 248, 251; Samter, Judentaufen im 19. Jahrhundert, 18 fg. Berlin 1906.

§ 5. — Riesser, Über die Stellung der Bekenner des Mosaischen Glaubens in Deutschland (1830—31); idem, Verteidigung der bürgerlichen Gleichstellung d. Juden gegen die Einwürfe des Herrn Dr. Paulus (1831)—ביידע אין די Gesamm. Schriften II, 1—194; idem, Betrachtungen etc. (4 § זע); idem, Besorgnisse und Hoffnungen für die künftige Stellung d. Juden in Preussen (1842) – Gesamm. Schrift. II, 417—505.

Jost I, 289-301; III, 53-63, W. Freund, zur Judenfrage in Deutschland, 1843—1844 Philippson, Allgem. Zeitung des Judentums 1837—1843; Jolowicz, l. c. 137—158 וועגן דער פּאָליטישער ליטעראַטור (קאַמפּסזשורנאַל פון די עמאַנסיפּאַטאָרס אין ברעסלוי), (וועגן יאַקאָבי א. א. וו.; כאַראַקטעריסטיש איז דעם קעניגסבערגער פּאָליציי־פּרעזידענט'ס מעמאָראַנדום צו דער רעגירונג וועגן דער נויטיקייט פון גלייכבאַרעכטיגונג צוליב פּאַרדייטשן און אָפּשמדן יידן, (1842); ש. ברנפלד — גבריאל ריסר (ביאָגראַפיע אויף העברעאיש, ווארשע 1900).

